פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט זיך!

צ. פרידלאַנד, א. סלוצקי

# געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מערב-אייראָפּע

## 1789—1923

לערנבוך און כרעסטאָמאַטיע

## דריטער טייל

1848 — 1871

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע
1927

# דער עקאנאמישער צושטאנד פון אייראפע אין דער צווייטער העלפט 19-טן יארהונדערט

אין דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרהונדערט דערוועבט זיך דער אינ-דוסטריעלער קאַפּיטאַליזם, ווי אַ נייער מיטל צו פּראָדוצירן געזעלשאַפטלעכע גיטער, און איינעם דערמיט אויך פון נייע פּראָדוקציאָנס באַציאונגען, אַ פעסטע פּאָזיציע אין די מאַירעוו-לענדער און ער ווערט די עקאָנאָמישע גרונט-סיסטעם. טריט נאָך טריט, אַרויסשטויסנדיק די מאַנופאַקטור און מעלאָכע אין די וויכטיקסטע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, ווערט די מאַשין-טעכניק די הער-שערן.

אָנטרעפנדיק אַף אַ רייכן באָדן אַנטוויקלט דער אינדוסטריעלער קאַ-פּיטאַל, די פּראָדוקציאָנס קויכעס פון לאַנד, שנעל וואַקסט די באַפעלקערונג פון די שטעט, וואָס ווערט דערפילט, מיט אָנקומער פון די דערפער — די פּראָלעטאַריזירטע דאָרף-איינוואוינער. אַזוי, לעמאָשל, איז די באַפעלקערונג פון לאָנדאָן אויסגעוואַקסן פון 959 טויזנט נעפאַשעס אין 1800-טן יאָר ביז 2 מיליאָן 363 טויזנט אין 1850 יאָר. פאר דעמזעלביקן פעריאָד איז די באַפעל-קערונג פון פּאַריז אויסגעוואקסן פון 547 טויזנט ביז 1.053 טויזנט און פון ניו-יאָרק — פון 64 טויזנט ביז 612 טויזנט איינוואוינער. די שטעט צעוואקסן זיך און פאַרבינדן זיך צווישנאַנאַד מיט אַ שטאָלענער סטענגע פון באַנען און וואַ-סער-וועגן. אַזוי, לעמאָשל, איז די לענג פון די אייזנבאַנען איבערן גאַנצן ערד-קויל אין 1840 יאָר געווען 7700 קילאָמעטער, אין 1850 יאָר — 36.600 און אין 1870 יאָר האָט זי שוין דערגרייכט ביז 221.859 קילאָמעטער.

אינאיינעם מיטן וואוקס פון דער אייזנבאַן-נעץ איז געוואַקסן אויך די שנעלקייט פון דער צירקוליאַציע פון סכוירעס, און איינצייטיק איז אויך געוואַקסן דער אינעווייניקסטער מאַרק. דער קאַפּיטאַליזם האָט אָבער צונויפגע-בונדן ניט נאָר די שטעט פון באַזונדערע מעלוכעס. ער האָט אויך גוירעם גע-ווען, עס זאָל גרעסער ווערן דער אויסטויש צווישן לענדער, איינשטעלנדיק אַ פעסטן עקאָנאָמישן צוזאמענבונד פון פאַרשיידענע מעלוכעס צווישנאַנאַנד, אַנטוויקלענדיק אַ צווישנפעלקערלעכע אַרבעט-צעטיילונג.

דער קאַפּיטאַל פאַרכאַפּט אַלץ נייע און נייע מערק, אַריינציענדיק אין זיין אָרביטע די קאָלאָניאַלע לענדער. „ביז מע האָט צוגעטראָכט מאַשינעס איז די אינדוסטריע פון יעדן לאַנד געווען געווענדט, דעריקער, אַף צו באַאַרבעטן

די רוי-מאַטעריאַלן, וואָס דער אייגנער באָדן האָט פּראָדוצירט. אַזוי האָט ענגלאַנד באַאַרבעט וואָל, דייטשלאַנד — ליין, פראַנקרייך — זייד, אינדיע און לעוואַנט — באַוול א. א. וו. אַדאַנק דער אָנווענדונג פון דער מאַשין און דאַמף האט די צעטיילונג פון אַרבעט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז די גרויס-פּראָדוקציע האט זיך אָפּגעריסן פון דעם נאַציאָנאַלן באָדן און הענגט שוין אָפּ דורכויס פון דעם אַלוועלטלעכן מאַרק, פון דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעט-צעטיילונג״. (מ אַ ר ק ס, „אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע״).

אינײנעם דערמיט איז אויך געוואַקסן דער אויסערלעכער מאַרק און דער אומזאַץ פון זיין האַנדל. אַלע סכוירעס, וואָס מע פלעגט אַמאָל אַריבערפירן איבערן גאָטאַרד, אין דער בליאונג-עפּאָכע פון דעם מיטלאַלטערלעכן האַנדל, וואָלט מען גרינג געקאָנט אַריינפּאַקן אין צוויי פראַכט-צוגן. נאָך אין 1800 יאָר האָט דער אומזאַץ פון דעם אַלוועלטלעכן האַנדל אָנגעטראָפן 6.050 מיליאָן, אין 1820 יאָר — 6.820, אין 1840 יאָר — 11.500 און אין 1850 יאָר שוין — 16.550 מיליאָן מאַרק״.

דער עקספּאָרט פון דעם פאַראייניקטן קיניגרייך איז געוואַקסן אָן אַן אָפּשטעל. אַזוי האָט דער דורכשניטלעכער יערלעכער ווערט פון די עקספּאָרט-פּראָדוקטן אָנגעטראָפן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין די יאָרן | 1821 — 1830 . . . . . . | 36,6 | מיליאָן פונט |
| „ „ „ | 1841 — 1850 . . . . . . | 57,2 | „ „ |
| „ „ „ | 1861 — 1870 . . . . . . | 166,2 | „ „ |

אין פראַנקרייך האט זיך דער אומזאַץ פון דעם אויסערלעכן האַנדל פאַרגרעסערט פון 1.119 מיליאָן פראַנק אין 1851 יאָר ביז 4.009 מיליאָן פראַנק אין 1869 יאָר און דער אימפּאָרט איז פאַר דעמזעלביקן פעריאָד אויסגעוואַקסן פון 1.435 מיליאָן פר. ביז 3.393 מיליאָן.

## ענגלאַנד

אין די 60—70-ער יאָרן פון דעם 19-טן יאָרהונדערט איז ענגלאַנד, וואָס איז פריער פון אַנדערע אַרויף אָפן וועג פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, נאָך אַלץ געבליבן דער מאָנאָפּאָליסט אָפן וועלט-מאַרק. די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם לעצטן דריטל 18-טן יאָרהונדערט (זע קאַפּיטל 1), האָט זיך אין אַלגעמיינע שטריכן פאַרענדיקט צו דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרהונדערט. דערביי זיינען די יאָרן פון נאָך דעם 48-טן ביזן 68-טן—דער פעריאָד פון גרעסטן עקאָנאָמישן אויפבלי אין לאַנד.

עס וואַקסן שנעל די אינדוסטריעלע שטעט, עס ווערט גרעסער דער פּראָצענט פון שטאָטישער באַפעלקערונג, וואָס דערגרייכט שוין אין 1851 יאָר ביז 50% פון דער גאַנצער צאָל איינוואוינער, אין אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט איז אין ענגלאַנד געווען די איין-איינציקע שטאָט לאָנדאָן מיט אַ באַפעלקערונג

פון איבער 100.000 נעפּאַשעס און סאַכאַקל 5 שטעט מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער 50.000. צו די 70-ער יאָרן אין שוין פאראַן 28 אַזעלכע שטעט, ווי די לעצטע. די אנטדעקונג פון גאָלד-זאַמדן אין קאַליפאָרניע און אַווסטראַליע, דער וואוקס פון די קאָלאָניאַלע מערק ווערן מעכטיקע פאַקטאָרן פון דער עקאָנאָמי-שער אַנטוויקלונג פון ענגלאנד. אין 1800 יאָר האט מען אין דעם פאַרייניקטן קיניגרייך אַרויסגעקראָגן 10.000.000 טאָן שטיינקוילן, אין 1855 יאָר — שוין 61.453.079 טאָן און אין 1864 יאר — 92.787.873 טאָן. די אויסשמעלצונג פון טשוהון האט אין 1840 יאָר אָנגעטראָפן 1.390.000 טאָן אין 1855 יאר — 3.218.154 טאָן און אין 1864 יאר דערגרייכט זי ביז 4.767.951 טאָן.

נאָר באַזונדער שטארק אַנטוויקלט ענגלאנד איר מאָנאָפּאָליע אין דער באַוול-אינדוסטריע. אין 1832 יאָר איז געווען 9.000.000 שפינדלען, און אין 1885 יאָר דערגרייכט זייער צאָל ביז 44.000.000. פאַרן פעריאָד פון 1854 ביז 1864 איז די לענג פון דער אייזנבאַן-נעץ פארגרעסערט געווארן פון 8.054 מייל ביז 12.789, און דער אַריינגעלייגטער קאפּיטאל האט זיך פארגרעסערט פון 286.068.794 פונט סטערלינג ביז 425.719.613 פונט סטערלינג. פון דעם יאָר 1854 ביז 1865 איז די אלגעמיינע סומע פון דעם אימפּאָרט און עקספּאָרט אויסגעוואקסן פון 268.210.145 פונט סטערלינג ביז 489.923.285 פונט סטערלינג.

אינאיינעם מיטן וואוקס און דער פארשטארקונג פון דעם פאבריק -אויפן פון פּראָדוקציע איז אין דעם פאַרייניקטן קיניגרייך פאָרגעקומען אַ קאָנצענט-רירונג פון קאפּיטאל, ווי מע קאָן עס איינזען פון אָט דער טאַבעלע:

| | אין 1858 יאר | אין 1861 יאר | אין 1868 יאר |
|---|---|---|---|
| צאל פאבריקן . . . . . . . . | 2.210 | 2.887 | 2.549 |
| „ דאמף-וועבשטולן . . . . | 298.847 | 399.992 | 379.329 |
| „ שפינדלעך . . . . . . . | 28.010.217 | 30.387.494 | 32.000.014 |

פון דעם יאָר 1861 ביז 1868 זיינען פארשוואונדן 338 באַוול פאַבריקן, דערפאַר איז אָבער אויסגעוואָקסן די צאָל שפינדלעך אף 1.612.540 און אויך די פּראָדוקציע זייערע. „די מאַשינעס זיינען געוואָרן פּראָדוקטיווער און גרע-סער, ווען זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די הענט פון אַ קלענערער צאָל קאַפּיטאַליסטן".

עס איז אפּגעשטארבן דאס אַלטע לאנדווירטשאפטלעכע באַלמעלאָכישע ענגלאנד, אָנשטאָט דעם איז געקומען די גרויס-אינדוסטריעלע און האַנדלסבור-זשואַזיע און דער פאַבריק-פּראָלעטאַריאַט.

# פ ר א נ ק ר י י ך

פראַנקרייך שטעלט זיך אויך אין דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרהונ-דערט אַפן פעסטן באָדן פון קאַפּיטאַליסטישע באַציאונגען און ביסלעכווייז ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנד דעריקער פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. עמעס, דער קאַפּיטאַליזם אין פראַנקרייך אַנטוויקלט זיך מיט אַ לאַנגזאַמען טעמפּ. אין לאַנד האָבן נאָך א לאַנגע צייט די אויבערהאַנט דאָס קליינע פּויערשע ערד-אייגנטום און די קליין-באַלמעלאָכישע באַארבעטנדיקע אינדוסטריע, אָבער דער דאַמף און די מאַשין דרינגען אויך דאָ אריין אין אַלע שפּעלטעלעך פון דער ווירטשאַפט פון לאַנד און צעשטערן די אַלטע פּאַטריאַרכאַלע באַציאונגען, מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט וועגן דעם וואוקס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אין פּאַריז.

אַף איטלעכע 100 איינוואוינער אין פראַנקרייך איז אויסגעקומען דאָרפישע באַפעלקערונג אין 1846 יאָר—75,58 און אין 1878, — 68,88, פאַר וואָסערע 25 יאָר איז, הייסט עס, די דאָרפישע באַפעלקערונג פאַרקלענערט געוואָרן קימאַט אַף 7°/₀, און אַף דעם כעשבן איז פאַרגרעסערט געוואָרן די באַפעלקערונג פון די אינדוסטריעלע שטעט. אַזוי איז די צאָל איינוואוינער פאַר די יאָרן 1836—1861 פאַרגרעסערט געוואָרן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין ליאָן פון | 244.000 | ביז | 323.000 |
| אין מאַרסעל „ | 198.000 | „ | 300.000 |
| אין באָרדאָ „ | 131.000 | „ | 194.000 |

אינאיינעם מיטן וואוקס פון די גרויסע שטעט—די האַנדלס צענטרען, איז געוואַקסן אויך די נעץ פון די אייזנבאַנען אין פראַנקרייך, פאַרשטאַרקנדיק די צירקולאַציע פון סכוירעס אין לאַנד:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1830 יאָר איז די לענג פון דער אייזנבאַן-נעץ געווען | 38 | קילאָמעטער |
| אין 1848 „ „ „ „ „ „ „ „ | 1.832 | „ |
| אין 1860 „ „ „ „ „ „ „ „ | 9.439 | „ |
| אין 1870 „ „ „ „ „ „ „ „ | 17.440 | „ |

עס האָט זיך געעפנט אַן אינעווייניקסטער און אַן אויסערלעכער מאַרק.

דאס וואָס פראַנקרייך איז אויסגעקומען צו טרעפן זיך אַף די מערק מיט אַזאַ גרויס-קאַפּיטאַליסטישער מעדינע, ווי ענגלאַנד, פון איין זייט, און דער האַנדל-אָפּמאַך מיטן זעלביקן ענגלאַנד פון 1860 יאָר, וואָס איז געווען געבויט אַפן פּרינציפּ פון פרייען האַנדל, פון דער אַנדערער זייט, דאָס האָט גוירעם געווען, אַז פראַנקרייך זאָל זיך האַלטן בא א פּראָגרעסיווער טעכניק.

אין לאַנד האָט אָנגעהויבן וואַקסן די צאָל אונטערנעמונגען מיט דאַמף-מאָטאָרן. אַזוי, איז אין 1862 יאָר געווען אַזעלכע 15 טויזנט, און צום 1872 יאָר איז שוין געווען ביז 23.400 דאַמף-מאָטאָרן.

די אָנווענדונג פון מאַשין טעכניק, דער איבערגאַנג פון האַלק-הייצונג צו שטיינקוילן פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע פון לאַנד.

אַזוי, האָט די אויסאַרבעטונג פון שטיינקוילן, טשוהון און אייזן אויסגע-דריקט זיך (אין טאָנען) אין אָט די ציפערן:

| | אין 1789 יאר | אין 1830 יאר | אין 1848 יאר | אין 1872 יאר |
|---|---|---|---|---|
| שטיינקוילן . . . . . | 295.000 | — | 4.200.000 | 16.000.000 |
| טשוהון . . . . . . . . | 61.000 | — | 405.000 | 1.218.000 |
| אייזן . . . . . . . . | — | 148.000 | 362.000 | 1.025.000 |

איינייעם מיטן וואוקס פון דער אינדוסטריע איז פאָרגעקומען אויך די קאָנצענטרירונג אירע. אין 1865 יאָר האָט דער ווערט פון דער גאַנצער אינ-דוסטריעלער פּראָדוקציע אין פראַנקרייך אָנגעטראָפן 12 מ י ל י אָ ן פראַנק, דערביי איז א העלפט פון דערדאָזיקער סומע אויסגעקומען אפן כיילעק פון דער גרויס-אינדוסטריע.

די קאָנצענטראַציע פון דער אינדוסטריע אין פראַנקרייך איז אָבער אזוי ווייט ניט פאַרגאַנגען, ווי אין ענגלאַנד. לויט די ציפערן פון דער פּאַריזער האנדל-קאַמער איז געווען: 7.492 אדער 7% אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט א צאָל אַרבעטער מער פון 10, 31.480 אונטערנעמונגען אדער 31,1% מיט א צאָל אַרבעטער פון 2 ביז 10, און 62.199 ווירטשאַפטן אדער 61,2% מיט 1 ארבעטער. לויט דיזעלביקע ציפערן האָט זיך אין 1860 יאר געציילט אין פּאַריז 416.811 אַרבעטער אף 1.171 באלעבאטים אדער אין דורכשניט 4 אַרבעטער אף אן אונטערנעמער. איינייעם מיטן וואוקס פון דער אינדוסטריע איז געוואקסן אין פראנקרייך דער ארבעטער-קלאַס. אבער, ווי מיר זעען, איז דאס געווען דעריקער א באלמעלאכישער פּראָלעטאריאט, וואָס איז געווען באַ-שעפטיקט מערסטנס אין דער בוי-אינדוסטריע, אין דער אויסאַרבעטונג פון לוקסוס-אַרטיקלען, שפּייז-אַרטיקלען, קליידער, ד. ה. אזעלכע צווייגן פון פּראָ-דוקציע, וואו די גרויסע מאשין, וואס קאָנצענטרירט און אָרגאניזירט די אר-בעטער-מאסע, דרינגט אריין שווערלעך.

## דייטשלאנד

דייטשלאנד איז שפּעטער, איידער פראַנקרייך, ארויף אפן קאַפּיטאַליס-טישן וועג, אָבער, מאַכמעס א גאנצער ריי סיבעס, האָט עס ניט נאָר גיך דער-יאָגט פראַנקרייך, נאר עס האָט עס אפילע אריבערגעיאָגט, און אין געוויסע געביטן פון פּראָדוקציע האָט דייטשלאַנד זיך געשטעלט אף איין שטאפּל מיט ענגלאַנד.

אויפגעטרייסלט פון דער רעוואָלוציע פון 48-טן יאָר, שטעלט זיך דייטש-לאנד אין די 50—60-ער יאָרן ענדגילטיק אפן קאַפּיטאַליסטישן וועג, און פון דערדאָזיקער צייט אָן באַמערקט זיך אַ שנעלער וואוקס פון די פּראָדוקציאָנס-קויכעס אין לאַנד. דער אָנהויב פון דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרהונדערט איז דער ערשטער עטאַפּ אפן וועג פון דייטשלאַנדס עקאָנאָמישער פאנאנדערבליאונג.

עס וואקסן די שטעט, וואָס ווערן אינדוסטריעלע צענטרען, און איניינעם מיט זיי פארגרעסערט זיך אויך די נעץ אייזנבאַנען. אַזוי, איז די לענג פון די אייזנבאַנען געווען: אין 1840 יאָר—469 קילאָמעטער, אין 1850—5.822 קילאָ-מעטער, און אין 1879—18.537. די באַוועגונג פון פּאַסאַזשירן פאַר דער צייט פארגרעסערט זיך העכער ווי אין דריי מאָל, און די באַוועגונג פון פראַכטן—אין 12 מאָל. די פארביליקערונג פון טראַנספּארט אף 75% האט געבראַכט צו אַ פארגרעסערונג פון דער שנעלקייט פון אָפּזאַץ און אומזאַץ. אַזוי, לעמאָשל, האָט דער פאַרנוץ פון רוי-באַוול אין די גרענעצן פון דעם טאריף פארבאנד אויפגעהויבן זיך פון 500.000 צענטנער אין 1834 יאָר ביז 1.500.000 אין 1860 יאר.

פאַר אָט דעם פעריאָד פון אנטוויקלונג אין דער פּראָדוקציע ביז דעם יאָר 1866, ווען עס הויבט זיך אָן אַ קריזיס, און אַ שטילשטאנד, פילן אויס א באזונדערע ראָליע די ניי-געעפנטע קרעדיט-אינסטיטוציעס, בענק, וואָס זאַמ-לען אָן דורך דעפּאָזיטן פינאנץ-מיטלען פאר די אינדוסטריעלע און טראנספּארט-אונטערנעמונגען. עס וואקסט די צאָל אקציאָנער-געזעלשאַפטן. אַזוי, איז ביז דעם יאָר 1850 געווען 54 אַקציאָנער-געזעלשאַפטן, און אין 1871 יאר—429.

עס איז געוואקסן און געשטאַרקט זיך די גרויס-אינדוסטריע. פאַר אַ פּע-ריאָד פון 20 יאָר האָט זיך די פּראָדוקציע און דער פאַרנוץ פון די גרונט-פּראָ-דוקטן פון אינדוסטריע אף א נעפעש פון דער באַפעלקערונג פארגרעסערט:

| | אין 1850 יאר | אין 1870 יאר |
|---|---|---|
| שטיינקוילן און ברוינקוילן . . . . . . . | 191 קילאגראם | 717 קילאגראם |
| טשוהון . . . . . . . . . . . . . . | 6,9 „ | 38,8 „ |
| באַוול . . . . . . . . . . . . . | 0,85 „ | 2,84 „ |

נאָך גאָר מיט א שנעלן טעמפּ האט זיך דייטשלאַנד אָנגעהויבן צו אינ-דוסטריאַליזירן נאָך דער פראַנצויזיש-דייטשישער מילכאָמע פון 71-טן יאָר. דער גילדענער רעגן פון די פראַנצויזישע מיליאַרדן, וואָס האָט זיך אַ שאָט געטאָן אין דער געשטאַלט פון קאָנטריבוציע, האָט באַפרוכפּערט די דייטשישע אינדוסט-ריע. דערדאָזיקער פעריאָד איז באַקאַנט אונטערן נאָמען פון „גרינדערשאַפט״.

די וואַקכאַנאַליע פון ספעקולאַציעס האָט דער בורזשואַזיע פאַרדרייט דעם קאָפּ. פון דעם יאָר 1870 ביז 1873 איז געגרינדעט געוואָרן 958 אקציאָ-

נער-געזעלשאַפטן מיט אַ קאַפּיטאַל פון 3.600 מיליאָן מאַרק. אַדאַנק דער פּראָ-טעקציאָניסטישער סיסטעם, וואָס די מעלוכע פירט דורך אין דער געשטאַלט פון אָפּצאָלן אַף עקספּאָרט און אימפּאָרט, וואָס ווערן איינגעשטעלט אין די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע, וואַקסן שנעל די גרונט-צווייגן פון פּראָדוקציע. אזוי, לעמאָשל, האָט מען טשוהון אויסגע-שמאָלצן אין 1860 יאָר—530.000 טאָן, און אין 1880 יאָר—2,7 מיליאָן טאָן.

אַף אזאַ אופן זיינען אין דייטשלאַנד צום מיטן פון דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרהונדערט בוילעט קלאָר געוואָרן די קאַפּיטאַליסטישע באַציאונגען, און די הויפּט-קלאַסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָבן געקראָגן דייט-לעך אויסגעשפּראָכענע פאָרמען.

## די אויסבילדונג פון דער בורזשואזער מעלוכע

איניינעם מיטן וואוקס און דער פארפעסטיקונג פון דעם קאפיטאליזם אין די מאירעוו-לענדער איז אין דעמזעלביקן פעריאָד געוואקסן און געפאָרמירט זיך די מעלוכע, ווי די פּאָליטישע מאכט פון דעם נייעם הערשנדיקן קלאס. אין אַלע לענדער איז איניינעם מיט דער מאַשין, וואס האט אנשטאט דער פע-אָדאלער צעכן-אָרדענונג געבראכט נייע פראדוקציאָנס באציאונגען צווישן קאַ-פיטאליסט און פראלעטאריער, געקומען צו דער מאַכט די בורזשואזיע און האט פארכאַפּט די מעלוכע-מאשין. אנשטאט די אינטערעסן פון דעם פעאָדאלן אַדל און די פריצים זיינען געקומען די אינטערעסן פון דעם אינדוסטריעלן און האנדל-קאַפּיטאל אָדער קאמבינאציעס פון די מיט יענע. „די מעלוכע ווערט פארוואנדלט אין אַן אַקציאָנערן-געזעלשאפט פון דער בורזשואזיע, און די רע-גירונג — אין אַ קאמיטעט, וואס פארוואלטעט מיט די געשעפטן פון דער בור-זשואזיע“. אין איינע לענדער, ווי אין פראנקרייך און ענגלאנד, איז די בור-זשואזיע געקומען דירעקט צו דער מאכט נאָך אַ דריי רעוואלוציעס. די עפּאכע פון נאפּאלעאָן דעם דריטן אין פראנקרייך איז אַן עפּאכע פון דער הערשאפט פון דעם פינאנץ-קאפּיטאל. אין אנדערע לענדער, ווי אין דייטשלאנד, האט די בורזשואזיע, ווי אַ קלאס, וואס האט אויפגעהויבן דעם קאפּ נאך דער פראנצוי-זישער רעוואלוציע, דערשראקן זיך פארן רויטן שאטן פון 48-טן יאר און האט געמאכט א פשרע מיטן פעאדאַל-יונקערשן קלאס.

אבער סאי אין דעם ערשטן סאי אין דעם צווייטן פאַל ווערן צו אט דער צייט אויסגעבויט און אויסגעפארמירט נאציאנאל-בורזשואזע מעלוכעס, וואס זיינען צוגעפאסט צו די אינטערעסן פון דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג. די רעגירונגען סאַי פונם פארלאמענטארישן ענגלאנד, סאי פון דעם רע-וואלוציאנערן פראנקרייך, סאי פון דעם פעאדאל-פריצישן דייטשלאנד — זיי אַלע רעכענען זיך אָפּ, ווי געהעריק, מיט די ארבעטער.

## דער צושטאנד פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין דער 2-טער העלפט 19-טן יארהונדערט

מיטן וואוקס און דער פארשטארקונג פון דעם קאפיטאליזם איז אויך גע-וואקסן און האט זיך אנטוויקלט דער ארבעטער-קלאס, איבערלעבנדיק פאַר-שיידענע באַזיסן פון קלאסנקאמף. פון סטיכישע בונטן און קאַמף קעגן דער מאַשין, קעגן דעם נייעם אויפן פון פראָדוקציע, פון אַ פארבאנד מיט דער בורזשואזיע לעשעם נעפלהאפטיקע „פאָלקס-אינטערעסן”, איז ער לעסאָף געקו-מען צום באַוואוסטזיין פון זיינע באַזונדערע אינטערעסן, צום אויספיר, אַז „די באַפרייאונג פון די אַרבעטער איז די זאַך פון די ארבעטער גופע”, צום פאַר-שטיין די נויטווענדיקייט צו פאריייניקן די קויכעס אַפן יעסאָד פון גע-מיינזאַמע עקאָנאָמישע אינטערעסן. ווען ער האט זיך געשטעלט אַפן וועג פון קאָאַליציע, קעדיי צו פאַרטיידיקן זיין פארדינסט, האט ער זיך שוין אין דעם גאנג פון דעם קלאַסנקאַמף צוגעוואוינט צו שאַצן די אָרגאניזאציע פון זיין קלאַס.

באַ פארשיידענע היסטאָרישע באדינגונגען איז פאָרגעקומען דער קאַמף פון די אַרבעטער אין פארשיידענע לענדער, אָבער פריער אָדער שפעטער האבן זיי זיך אַלע געשטעלט אַף דעמזעלביקן וועג — דעם וועג פון קאָאַליציע. דערביי איז די פאָרם פון קאַמף, די פאָרם פון אָרגאניזאציע באשטימט געווארן דורך דער ווירקונג פון פארשיידענע היסטאָרישע פאַקטאָרן 1) דורך דער מאדרייגע פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, 2) דורך דער פאָליטישער סיטואַציע, באַ וואָסערער דער קאַמף איז געגאנגען. 3) דורך דער מאַדרייגע פון דער אַנטוויקלונג פון דעם קלאסן-באוואוסטזיין און לעסאָף 4) דורך דעם געבוי פון דעם אַרבעטער-קלאַס גופע, דער קעגנזייטיקער ווירקונג פון זיינע עלעמענטן. אָט די אַלע פאקטאָרן האָבן געפורעמט די אַרבעטער באַווע-גונג פון פארשיידענע לענדער און דאבן געשאפן יענע טיפּישע באַזונדערקייטן, וואָס שיידן אָפּ דעם ענגלישן טרייד-יוניאָניזם פון דעם דייטשישן און פראַנ-צויזישן טיפּ.

## ענגלאנד

די גינסטיקע עקאנאמישע לאגע פונם לאַנד, באזונדערס אינם פעריאָד פון די יאָרן 50 — 60 פון 19-טן יאָרהונדערט, וואס איז באגלייט געווארן מיטן קאָלאסאלן וואוקס פון ענגלאנדס קאָלאָניאַלן און האנדלס-פארמעגן, האט מיט-געהאָלפן דעם אָפּשטייג פון דער טשאַרטיסטישער רעוואלוציאָנערער כוואַליע — אָט דער ערשטער ברייטער פאָליטישער באוועגונג פונם ענגלישן ארבעטער-קלאַס. די ברייטע עמיגראציע קיין אַמעריקע און אַוסטראַליע אין אָט דעם פעריאָד, מ צאַד די אַקטיווסטע און אונטערנעמונג-פעאיקסטע פונם אַרבעטער-קלאס, וואס האבן זיך געלאזט אין די גאָלד-גרובן מיטן צוועק שנעל ניס-

אַשער צו ווערן, האָט געבראַכט צו דער אויפלעבונג פונם ארבעטער-קלאַס, און די לעפּערעכדיקע פאַרבעסערונג פון זיין מאַטעריעלער לאַגע — צום איינשלע-פערן זיין פּאָליטישן באַוואוסטזיין. די אָרגאַניזאַציע „ברידערלעכע דע-מאָקראַטן" אין אָנהויב פון די 60-ער יאָרן און דער „אינטערנאַציאָנאַלער קאָמי-טעט" בעאייס דער קרימער מילכאָמע (1853—1855-טע יאָרן) זיינען אין טאָך געווען דער לעצטער שווענק פון דער כוואַליע פון דער פּאָליטישער באַוועגונג. פון אָט דער צייט גייט די ארבעטער-באַוועגונג פון ענגלאַנד, — באַזונדערס די סאַמע קוואַליפיצירטע גרופּן אין דער מעטאַלורגישער און טעקסטיל-אינדוסטריע, — מיטן וועג פון אויסבילדן קאָלעקטיווע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָרגאַני-זאַציעס.

אין ענגלאַנד איז דער אַרבעטער-קלאַס פריער פון זיינע ברידער אַפן קאָנטינענט אַרויף אַפן וועג פון קאָאָליציע. שוין צו די 60 — 70-ער יאָרן פון דעם 19-טן יאָרהונדערט האָבן די ענגלישע טרעד-יוניאָנס געהאַט הינטער זיך אַ דערפאַרונג פון קימאַט אַ האַלבן יאָרהונדערט. צו אָט דער צייט האָט זיך דער אַלטער טרעד-יוניאָניזם, ווי עס איז אָנגענומען צו רופן אים, שוין אויס-געפורעמט ווי אַ פאַרענדיקטע זאַך. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעם אַלטן טרעד-יוניאָניזם איז דאָס, וואס ער פלעגט פאַרכאַפּן די קליינע שיכטן הויך-קוואַליפיצירטע און גוט באַצאָלטע אַרבעטער. די ענגלישע בורזשואַזיע, וואס איז אַרויס אַפן וועלט-מאַרק, ווי אַ מאָנאָפּאָליסט, האָט געקאָנט אויסטיילן „אַ קליין ביסל פון איר שעפע" פאַר די אַרבעטער. אָט דאָס באַשטימט דעם כאַראַקטער און דעם גייסט פון דעם טרעד-יוניאָניזם. באַפרידיקן די קליינע, טאָג-טעגלעכע קאָנקרעטע עקאָנאָמישע פאָדערונגען — דאָס איז די אואוודע פון דעם טרעד-יוניאָניזם.

ער שטייט דורכויס אַפן באָדן פון קאַפּיטאַליסטישע באַציאונגען און מאַנטשעסטעריזם, אויסנוצנדיק די פאָרצוגן, וואס עס ברענגט דער גינסטי-קער צושטאַנד פון דעם מאָנאָפּאָליסטישן ענגלישן מאַרק. דערפון נעמען זיך די קאָלעקטיווע אָפּמאַכן, די סיסטעם פון אַ גליטש-שקאַלע * א פרידלעכע בוירע-רימשאַפט פון קאָנפליקטן; פון דאַנען נעמט זיך אויך די קעגנזייטיקע הילף, וואָס פאַרנעמט אַ היפּש אָרט אין דער סיסטעם פון טרעד-יוניאָניזם. „די אידעאָ-לאָגן פון דעם טרעד-יוניאָניזם באַשטימען זיין מעהוס אַף אַזאַ אויפן: „די טרעד-יוניאָנס זיינען לויט זייער מעהוס נאָך גופע אַן אָרגאַניזאַציע אַף צו באַ-זאָרגן געוויסע קאָנקרעטע און באַשטימטע נוצן פאַר אַלע מיטגלידער, נוצן, וואס האבן אַ פאַרשיידענע געשטאַלט אין פאַרשיידענע צווייגן פון אינ-דוסטריע, אָפּהענגיק פון זייערע טעכנישע פּראָצעסן, זייער עקאָנאָמישער לאַגע, און עפשער פון די געאָגראַפישע צענטערן" (וועב, „געשיכטע פון טרעד-יו-ניאָניזם"). קעדיי צו פאַרשטיין דעם מעהוס פון טרעד-יוניאָניזם איז כאַראַקטע-

* אַן אַווטאָמאַטישע פאַרקלענערונג און העכערונג פון דעם ארבעטסלוין אנטשפּרעכנדיק די ענדערונגען פון די מעקאָכים פון די אויסגעארבעטע סכוירעס אַפן מאַרק.

ריסטיש דער סטאַטוט פון דער אַסאָסיאַציע פון די באַוול-וועבער (מאַט. און דאָק. נומ. 5).

די צווייטע אייגנשאפט, וואס צייכנט אָפּ דעם טרעד-יוניאָניזם, איז דער שטרענג אָפּגעשלאָסענער כאַראַקטער פון פאַרייניקונג, זייער שמאָלער פראָפעסיאָנאַליזם, וואס האט ארויפגעלייגט אַ בוילעטן שטעמפּל אָף דער גאנ-צער באַוועגונג. דידאָזיקע צעכן-אַרטיקייט האט אַריינגעבראַכט אַ פארשיידנאַר-טיקייט פון מיינונגען בענוגייע די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון דער באַוועגונג, האָט אָפט געפירט צו קאָנקורענץ און קאַמף מיט די ניט-קוואַליפיצירטע אַר-בעטער, וואס זיינען אין קיין פארבאנד ניט פאריייניקט, זי האט אָבער געזאָרגט פאַר די אינטערעסן פון דער „אַריסטאָקראַטיע פון אַרבעט". די טרעד-יוניאָנס האָבן נאָכן טשאַרטיזם, ביכלאל, וויניק וואס אינטערעסירט זיך מיט פּאָליטיק, אָבער אויך צו פּאָליטיק גייען זיי צו פון דעם שטאַנדפּונקט פון זייערע שמאָלע פראַקטישע אינטערעסן פון אַ קאָרפּאָראַטיווע רבאַוועגונג. אַזוי האבן די טרעד-יו-ניאָנס געקעמפט פאַר זייער פולער יורידישער אנערקענונג, דערשלאָגנדיק זיך דעם געזעץ פון די יאָרן 1871—1875; אַזוי האבן זיי זיך פארהאלטן אויך צום אינטערנאציאָנאַל, ווי מיר וועלן שפעטער זען.

עמ׳עס דער עקאָנאָמישער קריזיס פון די יאָרן 1857 — 1858, וואָס האָט מיטגעבראַכט אַ מאַסן אַרבעטסלאָזיקייט און פארקלענערונג פונם אַרבעטסלוין, האָט איבעראַנייס אויפגערירט די באַוועגונג, באזונדערס פון די אַרבעטער פון דער פאנאנדערגעוואַקסענער בוי-אינדוסטריע און אירע שכיינעסדיקע צווייגן. די ברייטע שטרייק-באוועגונג פון 1859 יאָר אין דער בוי-אינדוסטריע וואס איז געווען אונטערשטיצט דורך די אַרבעטער פון אַנדערע צווייגן, האט געבראכט צו דער אויסבילדונג, פריער אין לאָנדאָן און דערנאָך אויך אין אַנדערע שטעט, פון ראַטן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען, וואס האבן זיך געפרואווט צו ווערן אונטער דער טאַלאנטפולער אָנפירונג פון דער גרופּע אַרבעטער-טוער — אָדזשער, קרעמער, האָוועל און אנד. צוקונפטיקע טוער פון דער „אינטערנאציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע" — די צענטרען פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַוועגונג.

## פראנקרייך

אין פראַנקרייך, וואו דער אַרבעטער-קלאַס, איז אַרויסגעטראָטן אָף דער היסטאָרישער אַרענע אינייגעם מיט דער בורזשואַזיע, וואָס איז דאַן געווען רעוואָלוציאָנער, איז ער אַפּן יעסאָד פון דער דערפארונג געקומען צום באַ-וואוסטזיין פון זיינע אייגענע אינטערעסן. נאָך דער רעאַקציע פון די פופציקער יאָרן האט ער זיך אָנגעהויבן אָפּגרענעצן, באַפרייען זיך פון דער ווירקונג פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. דער „מאַניפעסט פון 60" (מאַט. און דאָק. נו-מער 1) — דאס זיינען דער ערשטער פונק פון זעלבשטענדיקן באַוואוסטזיין,

אַ שעמעוודיקער פּרואוו אויסצובויען אַן אייגענע פּראָגראַם, אַ ווילן אַרויסצושטעלן די אינטערעסן פון די אַרבעטער קעגן די אינטערעסן פון אַנדערע קלאַסן, אַ ווילן צו פאַרטיידיקן זיי אין די געזעצגעבנדיקע פארזאמלונגען פונם לאַנד דורך אַ פארטרעטערשאַפט פון דעם אייגענעם קלאַס.

קאָאַליציע פון אַרבעטער איז דער באַגלייטער פון דער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. מיט דער אַנטוויקלונג פון די קאפּיטאַליסטישע באַציאונגען זיינען אויך די אַרבעטער פון פראַנקרייך אַרויף אַפן וועג פון קאָאַליציע — די סינדיקאַטן. אָבער דער דראַקאָנישער געזעץ פון לע-שאַפּעליע, וואס האט פאַרווערט קאָאַליציעס, דאָס אַכזאָריעסדיקע פארפאָלגן פון די סינדיקאַלע קאמערן מיצאַד דער רעגירונג, וואס דער רעזולטאט דערפון איז געווען, אַז מע האט איבערגעגעבן צום געריכט 3.902 אַרבעטער פאַר באַטייליקן זיך אין 749 פאַריינען, — דאָס אַלץ האָט געשטערט דער נאָרמאַלער אנטוויקלונג פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג, די בורזשואַזיע האט אָבער ניט געקאָנט לאַנג שטעלן זיך אנטקעגן זייער נאַטירלעכן וואוקס און האט געמוזט לעגאַליזירן די פאַריינען אין דער אומגעלומפּערטער פאָרם פון דעם געזעץ פון 1864 יאָר. דאָס איז געווען דער ערשטער ניצאָכן פון די פראַנצויזישע אַרבעטער אַפן וועג צום קלאַסן-קאמף.

דאָס געזעץ וועגן פארזאמלונגען פון 1868 יאָר, וואס נאַפּאָלעאָן דער 3-ער האט אַרויסגעגעבן לויט דער דירעקטער פאָדערונג פון די אַרבעטער-פאָרשטייער, האט לייכטער געמאַכט די אָרגאַניזאַציע פון סינדיקאַטן. פון יענער צייט אָן הויבט זיך אָן דער וואוקס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואס האט אין 1869 יאָר שוין נויטיק געמאַכט צו פאַרייניקן אַלע סינדיקאַטן אַרום אַן אַלגעמיינער פעדעראַלער קאַמער. ווען מיר זאָלן א קוק טאָן אַפן פּראָעקט פון דעם סטאַטוט פון דערדאָזיקער קאַמער און פאַרגלייכן אים מיטן סטאַטוט פון די טרעד-יוניאָנס (מאַט. און דאָק. נומער 5), וועט גלייך קלאָר ווערן דער כילעק פון די שמאָל קאָרפּאָראַטיווע צילן פון די טרעד-יוניאָנס (דאָרט פעלן אינגם טאָגסיידער פון דער באַוועגונג די אַלגעמיינע קלאַסן-פּראָבלעמען. — דאָס באַפרייען די געדונגענע אַרבעט.

שטעלנדיק זיך אַפן וועג פון סינדיקאַליזם, האָט זיך דער פראַנצויזישער אַרבעטער-קלאַס געפונען אונטערן איינפלוס פון פּרודאָנען, פון איין זייט, און פון אָ. בלאַנקי — פון דער אַנדערער. פּרודאָן (1809 — 1865), אָט דער טיפּישער אידעאָלאָג פון קליין-אייגנטום און קליינבירגערטום, „האָט ניט פאַרשטאַנען די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אין איר פאַרבינדונג", און דעם וואָרצל פון אַלע צאָרעס האָט ער געזען אין דעם גרויס-אייגנטום, וואָס ער האָט באַקרוינט מיטן נאָמען — גנייווע. אַרויסטרעטנדיק ווי אַ קריטיקער פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, לייגט פּרודאָן פאָר אומצוענדערן זי — באָטל מאַכן געלט און פּראָצענט און אין דעם יעסאָד פון די באַציאונגען צווישן מענטשן און געזעלשאַפט אַוועקלייגן אַ נייע סיסטעם פון אויסטויש פון גיטער, וואָס

זאָל זיין געבויט אַף קעגנזייטיקייט (mutuus — קעגנזייטיקער, דערפאַר רופט מען די סיסטעם מוטואַליזם), אַף אַ פרייען אָפּמאַך צווישן זעלבשטענדיקע פּראָדוצירער. באַפרייען דעם אויסטויש פון עקספּלואַטאַטאָרישן מיסכער הייסט באַפרייען די אַרבעט פון פּאַראַזיטישע עלעמענטן. צוליב דעם איז נויטיק צו אָרגאַניזירן אַ פאָלקס-באַנק, וואָס האָט די פונקציעס פון אַן אַפּאַראַט אַף אויסטוישן די פּראָדוקטן צווישן די פּראָדוצירער. פּרודאָן איז אַ קעגנער פון יעדער מאָנאָפּאָליע, פון יעדער אַווטאָריטאַרישקייט. דערפאַר איז ער אויך קעגן מעלוכע און קאָמוניזם, וואָס איז, ווי ער מיינט, „ניט אַנדערש ווי אַן עקל-געפיל צו אַרבעט, אַן אונטערדריקונג פון געדאַנק, דער אונטערגאַנג פון פּערזענלעכקייט, אַ פאַרגעזעצלעכונג פון אַלץ, וואָס איז נישטיק” (פּרודאָן, „עקאָנאָמישע סטירעס”). האַגאַם ער איז אַן אידעאָלאָג פון זעלבשטענדיקע סכוירע-פּראָדוצירער, רעקאָמענדירט ער דאָך פאַר די אַרבעטער פּראָדוציר-כעווערעס. ניט פאַרשטייענדיק דעם באַדייט פון קלאַסנקאַמף, האַלטנדיק דעם קאַמף פאַר פּאָליטישער מאַכט פאַר דורכויס שעדלעך, האָט פּרודאָן רעקאָמענדירט די אַרבעטער אויסשליסלעך פרידלעכע עקאָנאָמישע אויפגאַבן פון קאַמף, וואָס באַצוועקן צו פאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם מיט אַ סיסטעם פון פּראָדוציר-כעווערעס, וואָס שליסן אַ פעדעראַציע אַפן יעסאָד פון פרייען אָפּמאַך (מאַט. און דאָק. נומער 2).

לואי אָגיוסט בלאַנקי (1805 — 1881 יאָר), אַ געבאָרענער רעוואָלוציאָנער, אַ מיטגליד פון פאַרשיידענע סאָציאַליס.ישע פאַרשווערונג-געזעלשאַפטן. האָט ניט באַשאַפן קיין זעלבשטענדיקע אָריגינעלע דאָקטרינע. ער האָט איבערגענומען די קריטיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט בא די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן און בא פּרודאָנען, ער האָט אָבער אַרויסגעשטעלט אַנטקעגן זייער פרידלעכער טאַקטיק — איבערענדערן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג אַפן וועג פון קאָאָפּעראַציע — דעם מעטאָד פון רעוואָלוציע און דיקטאַטור, אָבער בלאַנקיס דיקטאַטור איז ניט די דיקטאַטור פון דעם אַרבעטער-קלאַס, ווי מיר פאַרשטייען עס איצטער, נאָר די מאַכט פון אַן איבערגעגעבענעם הייפל רעוואָלוציאָנערן — פאַרשווערער, וואָס פאַרכאַפּן דעם מעלוכע-אַפּאַראַט און בויען איבער די געזעלשאַפט לויט די פּלענער, וואָס זיי ווילן; דערביי גיט ער צו אַ גוואַלדיקע באַדייטונג דער אויפקלערונג פון די פאָלקס-מאַסן, וואָס אנדערשן איבער די מעלוכע. די באַוועגנדיקע קראַפט פון דער רעוואָלוציע זעט בלאַנקי אינם פּראָלעטאַריאַט און אין דער דעקלאַססירטער אינטעליגענץ. א. בלאַנקיס אויסשליסלעכע אייגנשאַפט באַשטייט אין זיין אומבעשאָלעמדיקייט, אינם קעסיידערדיקן קאַמף מיט די ענג-לעגאַלע פאָרמען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון עקאָנאָמישן פּראַקטיציזם, וואוהין די פּרודאָניסטן האָבן געשלעפּט די אַרבעטער. אַנטקעגן דעם עקאָנאָמיזם פון די פּרודאָניסטן האָט בלאַנקי און זיינע נאָכפאָלגער קעגנגעשטעלט די ברייטע פּאָליטישע אויפגאַבן פון פאַרכאַפּן די מעלוכישע מאַכט.

א. בלאַנקיס היסטאָרישע ראָלע באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט דעם פרידלעכן פּרודאָניזם קעגנגעשטעלט די מעטאָדן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די אַרבעטער-באַוועגונג פון פראַנקרייך פון אָט דעם פעריאָד איז אָנגעפילט מיטן קאַמף פון די פּרודאָניסטן און בלאַנקיסטן. דערביי דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז ניט די, ניט יענע האָבן ניט פאַרטראַטן די ברייטע מאַסן-באַוועגונג, נאָר זייַנען געווען גרופּן, סעקטעס אָפּן איבערפלאַך פון דער אַרבעטער-באַוועגונג (דאָק. און מאַט. נומער 3).

## דייטשלאַנד

מיטן וואוקס פון דעם קאַפּיטאַליזם וואַקסט די ספּעציפישע וואָג פון דער בורזשואַזיע. אָבער די דייטשישע בורזשואַזיע, אָנגעשראָקן פון דעם 48-טן יאָר, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די פּרעראָגאַטיוועס פון מאַכט. די בורזשואַזיע האָט זיך באַפרידיקט מיט די רעוואַכים, וואָס עס האָבן איר געגעבן די 50-ער יאָרן — די צייט פון דעם אינדוסטריעלן אויפשטייג פון דייטשלאַנד. אָבער גיך איז געקומען אַ קריזיס (57-ער יאָר) און האָט איר שמערצהאַפט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן בייטל און האָט אונטערגעשטופּט דעם קאָנפליקט מיט די אַגראַר-יונקערישע קרעפטן אין דער געשטאַלט פונעם פּרייסישן קיניג.

די אידעאָלאָגישע אויסדריקערן פון די שטרעבונגען פון דער בורזשואַזיע און איר אָפּאָזיציאָנעלער שטימונג איז געווען די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט, בעערעך, אין 61-טן יאָר. ליידנדיק פון דעם ניט קאָנטראָלירטן באַלעבאַטעווען מיט די פינאַנצן פון לאַנד און פון די נייַע שטייערן, האָט זי געפאָדערט פרייהייט פון אַנטוויקלונג פאַר די פּראָדוציר-קויכעס, די מעלוכע זאָל זיך ניט מישן אין די באַציאונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, זי איז אָבער געווען קעגן אַלגעמיינעם וואַלרעכט און האָט זיך באַנוגנט אין פּאָליטיק דערמיט, וואָס זי איז געווען פאַר אָפּהיטן די קאָנסטיטוציע, פּאַרטיידיקנדיק דאָס ביודזשעט-רעכט פון דעם פּאַרלאַמענט. די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט געשריען וועגן קאָנסטיטוציע, האָט אָבער אָפּגעוואָרפן דעם פּאַרלאַמענטאַריזם.

אין קאַמף מיט די קויכעס, וואָס זייַנען געווען פייַנטלעך דער בורזשואַזיע, האָבן די פּראָגרעסיסטן געפּרוווט אָנשפּאַרן זיך אויף די אַרבעטער. דערביי האָבן זיי זיך געיאָגט נאָך צוויי צילן: פאַרגרעסערן די אייגענע קויכעס און אָפּציען די אַרבעטער פון זייער קלאַסן-וועג. גרינדנדיק פאַרשיידענע אַרבעטער-געזעלשאַפטן פאַר זעלבסטבילדונג, האָבן די פּראָגרעסיסטן געפּרוווט דורכפירן זייערע ליבעראַלע און פריטרעדערישע געדאַנקען. די אַגיטאַציע פון שולצע-דעליטשן פאַר כעוורעס פון קרעדיט, פון רוי-מאַטעריאַלן און פון פּראָדוקציע, אונטערגעהאַלטן פון די פּראָגרעסיסטן, איז געווען דער אידעאָלאָגישער

אויסדריק פון די קליינבירגערלעכע אינטערעסן פון דער פאלנדיקער מעלאכע און האט געפונען אן אפקלאנג צווישן דעם באלמעלאכישן פראלעטאריאט. אבער די ארבעטער, וואס זיינען אריינגעצויגן געווארן אין דער באוועגונג, האבן ניט געקאנט פארבלייבן לאנג אונטער דער אפעטראפסעס פון די פרא-גרעסיסטן, ניט קריגנדיק פון זיי קיין ענטפער אף די ברענענדיקע סאציאלע פראגן. „אפשפארונגען און זעלבסטהילף", אין דעם גייסט פון קאאפעראציע פון די פראגרעסיסטן, האבן ניט באפרידיקט די ארבעטער, מיטגלידער פון די פאר-שיידענע אויפקלערונגס-געזעלשאפטן. די אויפגעוועקטע זעלבסטעטיקייט האט געזוכט אן אויסוועג, און דעם גאנצן ווייטערדיקן פעריאד פון דער ארבעטער-באוועגונג אין דייטשלאנד קאן מען כאראקטעריזירן, ווי די ארויסבאפרייאונג פון אונטער דער אפעטראפסעס פון דער בורזשואזער אידעאלאגיע און די אויספארמירונג פון אן אייגענער קלאסן-פאזיציע און פראגראם.

אין דעם פראט האט א גרויסן פארדינסט, ניט אפצושאצן — ל א ס א ל (1825—1864 יאר), וואס האט אנגעוויזן די דייטשישע ארבעטער אף דער נויטווענדי-קייט פון א זעלבשטענדיקער פאליטישער ארבעטער-באוועגונג. אין זיין פארטראג „וועגן דעם באזונדערן צוזאמענבונדן פון דעם היינטיקן היסטארישן פעריאד און דער אידייע פון דעם ארבעטער-שטאנד" און אין דעם „אפענעם בריוו" (מאט. און דאק. נומער 6) צום צענטראל-קאמיטעט האט ער אנגעוויזן אף די באזונדערע אינטערעסן פון דעם „ארבעטער-שטאנד" און דעריבער אויך אף דער נויטווענדיקייט צו ארגאניזירן אן אייגענע פארטיי. די כעוורעס פון שולצע-דעליטש, וואס זיינען געבויט אף די יעסוידעס פון זעלבסטהילף, וועלן ניט אומענדערן די לאגע פון די ארבעטער, ווארום זי ווערט באשטימט דורך דעם „אייזערנעם געזעץ פון ארבעט-לוין", וואס ברענגט זי צו א דורכשניט-לעכער הויך, וואס איז נויטיק אף אפצוהאלטן דאס לעבן און פארמערן זיך. באר ארגאניזירנדיק זיך, ווי א פראדוצירער, אין געזעלשאפטן, קאן דער אר-בעטער-קלאס מיט דער הילף פון מעלוכע-קרעדיט אומענדערן זיין לאגע. די בורזשואזע מעלוכע קאן ניט קומען צו הילף די ארבעטער. דארפן די ארבע-טער קעמפן פאר דער מאכט, פאראייניקנדיק זיך אין א פארטיי אונטערן לאזונג פון אלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן וואלרעכט. די פארם, אין וואסערער עס האט זיך אויסגעגאסן די באוועגונג פאר זעלבשטענדיקייט פון דער ארבעטער-ארגאניזאציע בענויגייע די פראגרעסיסטן, איז געווען דער אלגעמיינער דייט-שישער ארבעטער-פארבאנד, וואו ש וו יי צ ע ר איז נאך לאסאלס טויט געווען פארזיצער. אינם דאזיקן זינען קאן מען לאסאלן האלטן פארן גרינדער פון דער ארבעטער-פארטיי.

די אַנדערע שטרעמונג פון דעם אַרבעטער-געדאַנק, בעראָש מיטן אַלטן רעוואָלוציאָנער ל י ב ק נ ע כ ט און דעם טשעסלער ב ע ב ע ל, איז אַרויס פון דערזעלביקער בורזשואַזי-פּראָגרעסיסטישער באַוועגונג — די אַרבעטערשע אויפ-קלערונג-פאַריינען. אָבער אין דעם קאַמף מיטן לאַסאַליאַניזם האָבן זיך די

פירער פון אָט דער באַוועגונג אויסגעצייכנט מיט דער קלאָרקייט פון געדאַנק, און גיך זיינען זיי געקומען צו די אידייען פון דעם וויסנשאפטלעכן סאָציאַליזם. די הויפט-כעלוקעדייעס צווישן זיי זיינען געווען בענוגייע דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אין דער באַציאונג צום צאָפּן-דייטשישן פארבאַנד און אין דער אָפּשאַ־צונג פון דעם באַטייט פון דער פּאַרלאמענטארישער טעטיקייט פאַר די אַרבע־טער, פון די אויפגאַבן פון די פּראָפּאַריינען און פון די פּראָדוציר-געזעל־שאפטן.

אין 1869 יאָר איז אָפּן צוזאמענכאָר אין א י י ז ע נ אַ ך געלייגט געוואָרן דער פונדאמענט פון דער ס.-ד. פּאַרטיי לויט בעבעלס פּלאַן און עס איז אָנ־גענומען געוואָרן די פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, וואס אין איר יעסאָד זיינען געלעגן די פּרינציפּן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע (דאָק. און מאַט. נומער 8). אַזוי אַרום האט די אַרבעטער-באַוועגונג אין דייטשלאנד, ווי זי איז אַרויס אָפּן זעלבשטענדיקן וועג, גלייך אין אָנהויב זיך צעשפּאָלטן אַף צוויי לאַגערן — לאַסאליאַנער און אייזענאַכער, וועלכע האבן נאָך אַ פּאַרבי־טערטן קאַמף אין די שווערע באַדינגונגען, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן אַדאַנק דעם אויסשליסלעכן געזעץ קעגן די סאציאַליסטן, זיך פאַראייניקט אַף אַן אַלגעמיינער קאָמפּראָמיס-פּראָגראַם אין גאָטאַ אין 1875 יאָר. (זע דאָק. און מאַט. נומ. 8).

מיר האָבן גאָר אין אַלגעמיינע שטריכן געפּרואווט נאָכפאָרשן די עוואָ־לוציע פון דעם אַרבעטער-קלאס אין די וויכטיקסטע מאַירעוו-לענדער און מיר האָבן געזען, ווי באַפרייענדיק זיך פון די קייטן פון דער בורזשואַזער אידעאָ־לאָגיע, איז ער געקומען צו דער דערקענטעניש פון זיינע אייגענע אינטערעסן און האט זיך געשטעלט אָפּן וועג פון קלאסנקאַמף. דאָס איז געווען דער אָנ־הויב פון אַ נייעם בלעטל אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. די באוועגונג הויבט אָן אַרויסצוגיין פון די גרענעצן פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן און ווערט דורכ־געדרונגען מיטן גייסט פון אינטערנאציאָנאליזם. מאַשלים געווען דעמדאָזיקן פּעריאָד האָט די אָרגאניזאציע פון דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער-געזעל־שאַפט — דער א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל, אין לאָנדאָן אין 1864-טן יאָר.

## די פארגייער פון דעם אינטערנאציאנאל

דער געדאנק פון אינטערנאציאָנאלער סאָלידאַריטעט פון אַרבעטער איז געלייגט געוואָרן אין פונדאַמענט פון דעם I אינטערנאציאָנאַל. אָט דער געדאַנק איז, ווי יעדער געניאַלע אידייע, געווען די שאַפונג ניט פון אַ יאָכיד. ער איז שוין אַזוי אַלט, ווי דער אַרבעטער-קלאַס גופע. און יעדן מאָל, ווען עס פלעגן זיך אויפהויבן די כוואַליעס פון רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, פלעגט דידאָזיקע אידייע ווערן באַזונדער בוילעט און קאָנקרעט. די פארשיידענע „פאר־באַנדן פון גערעכטיקע", „פאַרבאנדן פון פארטריבענע", „דעמאָקראטישע

ברודערשאַפטן״ פלעגן נאָך שרייבן אַף זייערע פאָנען נעפלדיקע לאָזונגען: „אַלע מענטשן זיינען ברידער״. אַזוי איז געווען אויך פאר דעם 48-טן יאָר, ווען די עמיגראַנטן—רעוואָלוציאָנערן פון אַלע לענדער האבן זיך פאראייניקט אין לאָנדאָן אין אַ קאָמוניסטישן פאַריין און האבן אַרויסגעגעבן דעם בארימטן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״, וואָס מאַרקס און ענגעלס האבן אָנגעשריבן. אין אים האבן שוין די געדאנקען פון דעם אַרבעטערשן אינטערנאַציאָנאַליזם געטראָגן אַ פאַרענדיקטן קלאַסן כאַראַקטער. נאָר די אַלע רעוואָלוציאָנערע פאַרבאנדן און קרייזלעך, וואס האבן אַרויסגערוקט דעם געדאנק פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט, פריער אין דער פאָרם פון אַ נעפלהאפטן קאָסמאָפּאָליטיזם, און דערנאָך ווי אַ קלאָר אָפּגעצייכנטע אידייע פון פראָלעטאַרישער ברידערלעכקייט, האָבן ניט געקאָנט באשאפן קיין ברייטע באַוועגונג, דעריקער דערפאר, ווייל דאַן איז נאָך ניט געווען קיין באָדן פאַר איר וואַקסן. און ערשט דאַן, ווען אַף דער אַרענע איז אַרויסגעטראָטן דער פראָלעטאריאַט, ווי אַ מעכטיקער קלאַס, ווען ער האט דערפילט זיינע באַזונדערע אינטערעסן, ווי אַ קלאס פון לוין-אַרבעטער, דאַן איז דער לאָזונג „פראָלעטאריער פון אַלע לענדער פאראייניקט זיך״ געווארן אַקטועל און פראַקטיש, און „דער סטיכישער אינטערנאַציאָנאליזם האט זיך פארוואנדלט אין אַ באוואוסטזיניקן״.

געשטויסן דערצו די אַרבעטער האָבן אַכוץ אַנדערע מאָטיוון, אָט די צוויי זאַכן: 1) דער באוואוסטזיין, אַז זייער לאַגע איז אין אַלע לענדער דיזעלביקע, ווי פון אַ קלאס אַן עקספּלואַטירטן, און די נויטווענדיקייט צו קעמפן, קעדיי צו פארבעסערן אָט די לאגע דורך אַן אינטערנאַציאָנאלן אָפּמאַך פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער און 2) דער באוואוסטזיין, וואס האט זיך אויסגעארבעט אין דעם פּראָצעס פון קאמף, אַז די סאָציאַלע באפרייאונג פונם אַרבעטער-קלאַס קאָן פארווירקלעכט ווערן נאָר דורך די אָנשטרענגונגען פון אַלע לענדער.

אָט דער באוואוסטזיין איז געבאָרן געווארן צווישן די אַרבעטער גופע פון מאירעוו-אייראָפּע, און נאָך דער רעאַקציע פון 48-טן יאָר, אין די 60-ער יאָרן, אַז דער אַרבעטער-קלאס הויבט ווידער אויף דעם קאָפּ, קריגט די אידייע פון אינטערנאציאָנאַליזם אַ לעבנסקראַפט.

דער עקאָנאמישער קריזיס פון 1857 יאָר האט אויפגערודערט די אַרבעטער-באַוועגונג, אונטערשטרייכנדיק די ניט שטאנדהאפטיקייט און ניט באַזאָרגטקייט פון די אַרבעטער-מאַסן אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, און דער פּאָליטישער קריזיס פון 1859 יאָר, וואס האט געבראכט צו דער עסטרייכישאיטאליעניש-פראנצויזישער מילכאָמע, האט געגעבן אַ שטויס דער פּאָליטישער באַוועגונג, אַרויסרוקנדיק די נויטווענדיקייט אַוועקצושטעלן אַנקעגן דער פּאָליטיק פון די קאפּיטאליסטן — די פּאָליטיק פון דעם אַרבעטער-קלאַס: סאָלידאַריטעט פון אינטערנאציאָנאלע אינטערעסן. דער בירגער-קריג אין אַמעריקע, וואס האט אָפּגעשטעלט דעם צופלוס פון רוי-מאַטעריאל פאר דער טעקסטיל-

אינדוסטריע אין ענגלאנד, האט זי אוועקגעשטעלט אין א שווערער לאַגע. אָט דער עקאָנאמישער קריזיס פון איין זייט, דער אלגעמיינער אָנגריף פון די קאַ-פיטאליסטן אַף די רעכטן פון די טרעד-יוניאָנס און די מוירדע פאר אַ צופלוס פון ביליקערע אַרבעטס-הענט פון קאָנטינענט, פון דער אנדערער זייט, האבן גע-שטויסן די פירער פון דעם ענגלישן טרעד-יוניאָניזם, זיי זאָלן דערקענען די נויטווענדיקייט פון א פאַרייניקונג פון די אינטערנאציאָנאלע אָנשטרענגונגען פון דעם ארבעטער-קלאס אין קאמף מיטן קאפיטאל. אַן ענלעכע לאַגע האט מען געקאָנט זען אויך אין פראנקרייך און אין אנדערע לענדער. אַזוי, איז די אי-דייע פון אַן ארבעטער-אינטערנאציאָנאל איצטער ארויסגעטראטן, ווי אַן עקאָ-נאָמישע נויטווענדיקייט, און דעריבער האט זי געקראגן גאָר אַ באזונדערע לעבנס-קראפט.

## די ארגאניזאציע פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער-אסאָ-ציאציע

אַלס אַ געלעגנהייט צו דער פאַרייניקונג האָט געדינט די אינטערנאַציאָ-נאַלע אויסשטעלונג אין לאָנדאָן אין 1862 יאָר און די פוילישע פראַגע. נאָך אַדאַנק אַ היסטאָרישער צופעליקייט האָבן דידאָזיקע פאַקטן גוירעם געווען, עס זאָל באַשאַפן ווערן דער אינטערנאַציאָנאַל; זיי זיינען געווען „אַ פונק אָבער דער אומגעהויערער ברען-מאַטעריאַל, וואס האט געגעבן דער באַוועגונג אַ מעג-לעכקייט אַזוי שטאַרק זיך פאַנאנדערצוברענען, האט געהאט אַן אינטערנאַציאָ-נאַלן סאָציאַלן כאַראַקטער“ (י ע ק. „אינטערנאַציאָנאַל“). אין 1862 יאָר איז אַ פראַנצויזישע אַרבעטער-דעלעגאציע, אין דער צאָל פון עטלעכע הונדערט מענטשן, געקומען אין לאָנדאָן אַף דער אינטערנאציאָנאלער אויסשטעלונג, אַהין זיינען געקומען אויך פאָרשטייער פון די דייטשישע אַרבעטער. אַף דעם אינטערנאַציאָנאלן מיטינג דעם 5-טן אַווגוסט, וואס די טרעד-יוניאָנס האָבן איינגעאָרדנט, איז פאָרגעקומען די באַגעגעניש און אַ מיינונג-אויסטויש מיקויעך דער פראַגע וועגן אַן אינטערנאַציאָנאלער פאַרייניקונג. די ענגלישע אַרבעטער האבן זיך געווענדט צו די פראַנצויזן מיט אַן אַדרעס, וואו זיי האבן געזאָגט, אַז אַדאַנק דער פארפולקומונג פון דער מאַשין און דער איינפירונג פון דאַמף און עלעקטריע, האט זיך פאַר די אַרבעטער געשטעלט אַ נייע פראָבלעם — די באַנייאונג פון אַרבעט און די ענדערונג פון די פראָדוקציאָנס באדינגונגען... „מיר רעכענען, אַז דורך אַן אויסטויש פון געדאנקען און מיינונגען מיט די אַר-בעטער פון פאַרשיידענע לענדער, וועלן מיר זיין בעקויעך גיכער אויפצודעקן דעם סאָד פון דעם עקאָנאמישן לעבן פון דער געזעלשאפט און געפינען אַ מיטל צו באַפרייען די אַרבעטער פון דער עקספּלואַטאציע פון קאַפּיטאַל“. די פראנצויזישע דעלעגאַטן האבן אין זייער ענטפער אויסגעדריקט זייער וואונש, צו „בלייבן גוטע פריינט און פאַרייניקן זיך מיט די ברידער פון ענגלאנד און

אַנדערע לענדער צו פאַרטיידיקן די געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן" און האבן פאָרגעלייגט צו אָרגאניזירן אַ צייטווייליקן „אַרבעטער קאָמיטעט פאַר אינטער־נאַציאָנאלע פארבינדונגען". דערדאָזיקער פאָרשלאג איז אָנגענומען געוואָרן, און אַזוי איז אין פּרינציפּ געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער אינטערנ־ציאָנאלער אַסאָציאַציע. אין 1863 יאָר זיינען אין פּאַריז און לאָנדאָן געגרינדעט געוואָרן אַרבעטער־קאָמיטעטן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין דעמזעלביקן יאָר האט מען אין לאָנדאָן ווידער איינגעאָרדנט אַ באַגעגעניש פון דעלעגאטן אַפן מיטינג אין סענט־דזשיימס האָל לעקאָוועד פוילן. דאָ האט מען גערעדט וועגן דער נויטיקייט פון פאַרייניקונג, דערביי האבן די ענגלענדער צוגעגעבן דעם איניען אַ באַזונדערן באַטייט, קעדיי ניט צו דערלאָזן, אַז אויסלענדישע אַר־בעטער זאָלן אַריינפאָרן בעאיים אַ שטרייק. לעסאָף, אין 1864 יאָר האבן די ענגלענדער באַשלאָסן, קעדיי אויסצוודריקן מיטגעפיל דער פּוילישער רעוואָלוציע, צונויפצורופן אין לאָנדאָן אַף דעם 28־טן סענטיאבר אַן אינטערנאַציאָנאַלן מיטינג אין סענט־מאַרטין האָל. אַף דעמדאָזיקן מיטינג, אונטערן פאָרזיץ פון דעם לי־בעראַלן פּראָפעסאָר ביסלי, איז אַרויסגעטראָטן דער פאָרשטייער פון די ענגלישע טרעד־יוניאָנס אָ ד ז ש ע ר ס מיט אַן אַדרעס צו די פראנצויזישע אַרבעטער (דאָק. און מאַט. נום. 9). אַלס אַן ענטפער דערויף האט ט אָ ל ע ן, דער פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער דעלעגאציע, איבערגעלייענט אַ באַגריסונג, וואו ער האט גע־זאָגט: אַרבעטער פון אַלע לענדער, מיר מוזן מאכן יאַד־אַכעס, קעדיי ארויס־צושטעלן אַן אומדורכדרינגלעכן צוים אַנקעגן דער שעדלעכער סיסטעם, וואס צעטיילט די מענטשהייט אַף צוויי קלאסן" (דאָק. און מאט. נום. 10). נאָך די רעדעס איז לויטן פאָרשלאג פון דעם טרעד־יוניאָניסט וועילער, באשלאסן גע־וואָרן צו אָרגאניזירן אַן אינטערנאציאָנאלע אַסאָציאַציע פון אַרבעטער. מע האט אויסגעקליבן אַ צייטווייליקן קאָמיטעט, וואוהין עס זיינען אַריין אַסאַך טרעד־יוניאָניסטן (אָדזשערס, אָסבאָרן, וועילער און אַנד.), צוויי—דריי פראַנ־צויזן, וואס האָבן געוואוינט אין ענגלאנד, ווי פאָרשטייער פון די אַרבעטער פון פראַנקרייך, צוויי פון איטאליע, קאַרל מארקס און עקאַריוס פון דייטש־לאַנד. אַזוי איז געלייגט געוואָרן דער פונדאמענט פון דער אינטערנאציאָנאַלער אַרבעטער אָרגאניזאציע. פאר דער רעזידענץ פון דעם קאָמיטעט האט מען באַ־שטימט לאָנדאָן. פארשטייט זיך, ניט קיין צופעליקייט איז דאָס, וואס לאָנדאָן איז געוואָרן דער צענטר פון דער אינטערנאציאָנאלער אַרבעטער־אָרגאניזאציע, און וואס אין דעם צוזאמענשטעל פון דעם קאָמיטעט האָבן איינע פון די אָנ־פירנדיקע ראָלעס גענומען שפּילן די טאַלאַנטפולע פירער פון די טרעד־יוניאָ־ניסטן. ענגלאנד איז דאַן געווען אַ פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע מעדינע, דער אַרבעטער־קלאס אירער איז געווען דער אַוואנגארד, וואס איז געווען פארהארטעוועט אין קלאסן־קאַמף, האָט געהאט הינטער זיך אַ געשיכטע און אַ טראַדיציע, אַ שטאַט פון דערפארענע אָנפירער. מארקס האט זייער הויך גע־שאַצט דעם אָנטייל פון די פירער פון די טרעד־יוניאָנס אין דעם אינטערנאַ־

ציאָנאַל, ווייל ער האט זייער הויך געהאלטן דעם עקאנאמישן און פּאָליטישן באַטייט פון ענגלאנד, ווי פון אַ מאָנאפּאליסטישער קאפּיטאליסטישער מעלוכע, און האט אף איר געקוקט, ווי אַף אַ הויב - שטאנג פון דער סאָציאַלער רע-רעוואָלוציע (דאָק. און מאט. נומער 4).

דער צייטווייליקער קאמיטעט האט קאָאָפּטירט פארשטייער פון נאך אַנ-דערע נאציעס און האָט אויסגעטיילט אַ סובקאָמיסיע אַף אויסצוארבעטן סטאַ-טוטן און פּראָגראמען. דער פּראָעקט פון אַ מאניפעסט און אַ סטאטוט, וואס מארקס האט צוגעשטעלט, איז דורך דער קאמיסיע אָנגענומען געווארן איינ-שטימיק. אין אַ בריוו צו ענגעלסן מיקויעך דעם האט מאַרקס געשריבן: „איך האָב אָנגעשריבן אַ ווענדונג צו די אַרבעטער-קלאסן, — אַ מין איבערבליק פון דעם שיקזאַל פון די אַרבעטער-קלאַסן פון 1845 יאר אָן; איך האב איבערגע-אַנדערשט דעם גאנצן ארייננפיר, האב ארויסגעווארפן די „דעקלאראציע פון פּרינציפּן". די סובקאמיסיע האט אָנגענומען אַלע מיינע פארשלאגן. מע האט מיך נאָר פארפליכטעט אַריינצושטעלן אין דעם אַריינפיר צום סטאטוט צוויי פראַזן, וואו עס רעדט זיך וועגן „פליכט" און „רעכט" און אויך וועגן „עמעס, אומ-אָפּהענגיקייט און גערעכטיקייט", זיי זיינען אָבער אריינגעשטעלט אַף אַזאַ אויפן, אַז קיין שום שאָדן קאנען זיי ניט ברענגען".

## די ראלע פון מאַרקסן אין דעם אינטערנאציאנאל

אַף פאַרשיידענע שטופן האָט זיך דאַן געפונען די אַרבעטער באַוועגונג אין פאַרשיידענע לענדער. פאַרשיידן האָבן די פירער אָפּגעשאַצט די אויפגאַבן און דעם באַטייט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. די פראַנצויזן און די איטאַליענער, אָנגעשטעקט מיט פּרודאָנס מוטואַליסטישע אידייען, האָבן אין אים געוואָלט זעען קוידעמקאָל אַ פרידלעכע אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע פון אויסטויש און פון אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, וואָס גיט קרעדיט און אָרגאַניזירט פאַר-שיידענע כעוורעס. די ענגלענדער האָבן אים געשאַצט ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס דינט די צוועקן פון די טרעד-יוניאָנס. און עס האָט זיך געפאָדערט די גאַנצע געניאַליטעט פון מאַרקסן, קעדיי צו פאַרייניקן די אַלע פאַרשיידנאַר-טיקע שטרעבונגען פון דעם אַרבעטער געדאַנק און באַשאַפן אַ ווירקלעכע אָר-גאַניזאַציע פון דעם אַרבעטער-קלאַס צוליב זיין קאַמף. „עס איז געווען זייער שווער אַוועקצושטעלן די זאַך אַזוי, שרייבט מאַרקס צו ענגעלסן, אַז אונזערע מיינונגען זאָלן אָנעמען אַזאַ פאָרם, וואָס זאָל זיי מאַכן אָנעמבאַר פאַר דעם איצטערדיקן שטאַנדפּונקט פון דער אַרבעטער באַוועגונג. עס פאָדערט זיך צייט, ביז וואַנען די פונדאָסניי אויפגעלעבטע באַוועגונג וועט מעגלעך מאַכן דעם אַלטן געוואַגטן לאָשן. מע מוז זיין שטאַרקער אין מאַסים, און מעסיקער אין דער פאָרם". מאַרקס פלעגט שטענדיק אַרויסטרעטן ווי דער גרויסער טאַקטיקער, וואָס מיט זיין געניאַלן סייכל זעט ער פאָרויס די היסטאָרישע

סיטואַציע און די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס. אַרויס-
רוקנדיק אָט דאָס אַלגעמיינע, וואָס קאָן צונויפשמידן די אַרבעטער באַוועגונג
פון פאַרשיידענע לענדער, שטרייכט ער דאָך אונטער אַלעמאָל די נויטיקייט
פון קלאַסנקאַמף און אָרגאַניזאַציע, און קעמפט אומבעראַכמאָנעסדיק מיטן אָר-


קאַרל מאַרקס


פרידריך ענגעלס

טאָפּיזם און פיליסטערישקייט (דאָק. און מאַט. נומער 12). דער קאָנסטיטואירנ-
דיקער אַדרעס האָט געלייגט די פונדאַמענטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָ-
ליטיק פון דעם אַרבעטער-קלאַס, ער האָט קלאָר פאָרמולירט זיינע צוועקן, באַ-
טראַכטנדיק זיי, ווי אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

## די פאָרמירונג פון אינטערנאַציאָנאַל

ביז דעם 1-טן קאָנגרעס אין זשענעווע אין 1866 יאָר איז געווען דער
פּעריאָד פון אָרגאַניזאַציע פאַרן אינטערנאַציאָנאַל אַליין. פין אָנהויב איז דאָס
געווען אַ שטאַב פון איבערגעגעבענע רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשיידענע לענ-
דער און מע האָט געדאַרפט אונטערפירן אונטער אים אַ פונדאַמענט פון אַ
ברייטער אַרבעטער באַוועגונג. די לאָנדאָנער קאָנפערענץ פון 65-טן יאָר האָט
געגעבן אַ מעגלעכקייט אָנצוצייכענען די הויפּט וועג-ווייזערס פון די נאָענטסטע

פראַקטישע אויפגאַבן. די פּאָליטישע קאַמפּאַניע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אין ענגלאַנד פאַר דער אויסברייטערונג פון דעם וואַלרעכט האָט דערנעענטערט צו אים די טרעד-יוניאָנס, וואָס האָבן זיך פריער באַצויגן קאַלט. זייער קאָנ-פערענץ אין שעפילד אין 1864 יאָר האָט רעקאָמענדירט די פאַריינען אָריינ-צוטרעטן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע. נאָכדעם ווי דער אינטער-נאַציאָנאַל האָט זיך דערוואָרבן די סימפּאַטיעס פון די טרעד-יוניאָנס, איז אים געווען גרינגער דורכצושלאָגן זיך אַ וועג אַפן קאָנטינענט אין די ראָמאַנישע און דייטשישע לענדער. דערביי האָט ער זיך באַנוצט מיט פאַרשיידענע עקאָ-נאָמישע מיטלען, באַדינגענדיק די נויטן פון די אַרבעטער, קעדיי אַף אַזאַ אויפן צו פאַרבינדן די פּראָפּאַגאַנדע פון די אידייען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל און די רעקרוטירונג פון מיטגלידער מיט די פּראַקטישע פאָדערונגען פון די אַרבעטער מאַסן. דאָס שטיצן שטרייקן, מאַטעריעלע הילף, דאָס אָרגאַניזירן פאַרשיידענע פּראָדוציר- און געברויך-כעוורעס, דאָס אַלץ האָט מיטגע-האָלפן, דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל ווערן פּאָפּולער, און האָט צו אים צוגע-צויגן נייע מיטגלידער. אַפן זשענעווער קאָנגרעס אין 1866 יאָר זיינען שוין געווען פאָרגעשטעלט 25 סעקציעס און 11 קאָאָפּעראַטיווע כעוורעס פון ענג-לאַנד, פראַנקרייך, שווייץ מיט ראָמאַנישע און דייטשישע סעקציעס, און דייטש-לאַנד. דער באַטייט פון דעם זשענעווער קאָנגרעס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט ענדגילטיק אויסגעפורעמט די אָרגאַניזאַציע פון דעם אינטערנאַ-ציאָנאַל, באַשטעטיקנדיק דעם סטאַטוט און די גרונט-פּרינציפּן פון זיין פּראָ-גראַם. דער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען געבויט לויטן פּרינציפּ פון דעמאָ-קראַטישן צענטראַליזם. דער גרונט זיינער זיינען געווען די סעקציעס, פאַריי-ניקטע אין נאַציאָנאַלע אָדער געגנטלעכע פעדעראַציעס. דער העכסטער אָרגאַן איז געווען דער יערלעכער קאָנגרעס (דאָק. און מאַט. נומער 11).

## די שטרעמונגען אינעווייניק אין דעם אינטערנאַציאָנאַל

שוין דער זשענעווער קאָנגרעס האָט באַוויזן, אַז אין די רייען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל זיינען פאַרבאָרגן כעלוקע-דייעס, אַז ער טראָגט אין זיך עלע-מענטן פון באַהאַלטענעם קאַמף. דאָס האָט זיך געענומען דערפון, וואָס די אַר-בעטער באַוועגונג אין פאַרשיידענע לענדער האָט זיך געפונען אַף פאַרשיידענע מאַדרייגעס פון קלאַסן-באַוואוסטזיין און האָט זיך נאָך ניט אויסגעגאָסן אין אַ ברייטער מאַסן אָרגאַניזאַציע, טראָגנדיק אַ סעקטאַנטישן כאַראַקטער. באַפרייען די אַרבעטער באַוועגונג פון די סעקטאַנטישע קייטן, צוגעבן איר אַ ברייטן שלאַכטפעאיקן מאַסן-באַזיס, אָט די גרויסע פּראָבלעם איז געשטאַנען פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל. מאַרקס האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע, ווען ער האָט געשריבן צו זאָרגע: „די געשיכטע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איז געווען אַן אומאויפהערלעכער קאַמף צווישן דעם גענעראַל-ראַט מיט די סעקטעס און

דילעטאַנטישע עקספּערימענטן, וואָס האָבן געפּראוואוט צו פאַרפעסטיקן זיך אי־נעווייניק אין דעם אינטערנאַציאָנאַל גופא קעגן דער ווירקלעכער באַוועגונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס״. דערדאָזיקער קאַמף האָט זיך געפירט אַפן קאָנ־גרעס, נאָך נאָך מער אין די פּריוואַטע אונטערהאַנדלונגען צווישן די באַזונ־דערע סעקציעס. דער קאַמף פון דעם מאַרקסיזם, אַרום וואָסערן עס האָבן זיך גרופּירט די ענגלישע און דייטשישע סעקציעס, מיטן פּרודאָניזם און באַקוני־ניזם פון די ראָמאַנישע סעקציעס פילט אָן די גאַנצע געשיכטע פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַל.

## די פּרודאָניסטן

די הויפּט־פראַגע, וואָס האָט צעשיידט די פּרודאָניסטן און די פאָרשטייער פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם — די מאַרקסיסטן, איז געווען די פראַגע וועגן דעם פּאָליטישן קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס. די פּרודאָניסטן — סאָנים פון יעדער מעלוכישקייט — האָבן געטייטשט דידאָזיקע האַנאָכע אַזוי, אַז דער אַר־בעטער־קלאַס דאַרף זיך ניט אַריינמישן אין קיין פּאָליטיק, אַז יעדער פּאָליטישע מאַכט איז געוואַלט, און אַריינמישן זיך אין דעם קאַמף פון דער קאַפּיטאַליס־טישער מעלוכע הייסט — אָפּווענדן זיך פון די דירעקטע אויפגאַבן. זיי האָבן פאַרזען דעם רעוואָלו־ציאָנערן און אָרגאַניזירנדיקן באַ־טייט פון מעלוכע. זיי באַציען זיך נעגאַטיוו צו שטרייקן, ווי צו אַן אומפּראָדוקטיוון פאַטערן ענערגיע, וואָס איז אומגעזעצלעך פונם שטאַנדפּונקט פון די צדאָדים אין אָפּמאַך, איז סויסער די עקאָ־נאָמישע וויסנשאַפט און פירט צו אַרבעטסלאָזיקייט; דערפאַר לייגן זיי פאָר צו שטעלן זיך אַפן וועג פון קאאָפּעראַציע, וואָס איז אַ סגולע צו אַלץ, פון אויסטויש־בענק אַפן יעסאד פון „קאָנסטרואירטן דורכשניטלעכן ווערט״. אַן אַנאַלאָגישן שטאַנדפּונקט האָבן די פּרודאָניסטן אַנט־וויקלט אַפן זשענעווער קאָנגרעס אויך בענוגייע דער פראַגע וועגן פאַרקירצן דעם אַרבעטס טאָג, וועגן פרויען־ און קינדער־אַרבעט, וועגן קאָאָפּעראַציע. אַ טייל פון דער ראָמאַנישער דעלעגאַציע האָט געזען די עמאַנ־



פּ. זש. פּרודאָן

ציפּאַציע פון דער פרוי אין דעם, וואס זי חעט זיך אומקערן צוריק צו דער היים און פאַמיליע. זיי האבן פאַרורטיילט די היינטיקע טענדענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אַריינצוציען פרויען- און קינדער-אַרבעט אין דער פּראָדוקציע.

די ערשטע יארן, ביזן סאַמע לאָזאַנער קאנגרעס אין 1867 יאר, האט זיך דער אינטערנאַציאנאל ניט אַרויסגעשיילט אין אַ פאַרענדיקטער פארם ניט אין אידעאלאגישן, ניט אין פאליטישן זין. קימאט אַף אַלע רעזאלוציעס ליגט נאך אַ שטעמפּל פון פּרודאָניסטישער פּראַזעאלאגיע.

## דער ניצאכן פון מארקסיזם

ערשט אין די יארן 1867 און 1868 אַף די קאנגרעסן אין לאָזאַן און בריוסעל איז דער מאַרקסיזם ענדגילטיק מענאַצייעך, און דער אינטערנאַציא-נאַל ווערט דער צענטער פון קלאַסנקאַמף. דער ערשטער ניצאכן, וואס איז אפּ-געהאַלטן געווארן איבער די פּרודאָניסטן אין לאזאַן, איז געווען אין דער גרונט-פראַגע וועגן די פּאליטישע אויפגאַבן פון דעם אַרבעטער-קלאַס. דער פּארטרעגער וועגן דער פראגע, „צי איז דאס אויספעלן פון פּאליטישע פריי-הייטן ניט קיין מעניע צו דער סאציאַלער באַפרייאונג פון די אַרבעטער, און אויך יא, איז וואס פאַר אַ מיטלען קאנען זיין, וואס זאלן פאַרגיכערן די דער-ווערבונג פון פּאליטישער פרייהייט”, האט קאנסטאַטירט, אַז „ניט האבנדיק באַזארגט די אַרבעטער מיט פּאליטישער פרייהייט, איז די אינטערנאציאנאלע אַסאציאַציע קימאַט ניט בעיעכוילעס אויסצופירן אירע הויפּט-אויפגאַבן — פאר-שפרייטן זיך, אַרומכאַפּן גאַנץ אייראפּע און ווערן דאס, וואס זי דאַרף זיין, — אַ מעכטיקע און שטארקע פאַרייניקונג פון אַרבעטער, וואס זיינען באַרופן אויפצובויען די סאציאלע ארדענונג פון דער וועלט. דעריבער איז קוידעמקאל נויטיק צו דערשלאגן זיך פּאליטישע באַפרייאונג”... און די רעזאלוציע, וואס איז אנגענומען געווארן, פארמולירט קלאר די אויפגאַבן פון דעם פּראלעטא-ריאַט אַף דעמדאזיקן געביט (דאק. און מאַט. 13).

נאך אַ גרויסער ניצאכן, וואס דינט ווי אַן אידעאלאגישער וועג-ווייזער, איז די רעזאלוציע וועגן אייגנטום אַף דעם בריוסעלער קאנגרעס אין 1868 יאר. (דאק. און מאַט. נומער 14). מיטן באַשלוס וועגן דעם רעכט פון קאלעק-טיוון אייגנטום אַף שאַכטן, אַרץ-גרובן, אייזנבאַנען און ד. גל., און אויך פון געזעלשאַפטלעכן אייגנטום אַף ערד און מאַיאנטקעס, האט זיך דער אינטערנאַ-ציאנאַל געשטעלט אינגאַנצן אַף אַ קאמוניסטישן און קאלעקטיוויסטישן שטאַנד-פּונקט. די פּרודאָניסטן האבן אויך דאָס מאל קאַטעגאריש פּראטעסטירט קעגן דעם אַגראַרן קאמוניזם, אַרויסגעבנדיק דערמיט זייערע אינדיווידואַליסטישע שטרעבונגען פון קליין-פּויערים. מיט דעמדאזיקן באַשלוס האט דער אינטער-נאַציאנאַל איינמאל פאַר אלעמאל אפּגעגרענעצט זיך פון דעם פּרודאָניזם, און

„די קאמוניסטישע אידייען האבן אפגעהאלטן אַ פולן ניצאכן". די באַשלוסן האבן געהאַט דעם געוואלטיקן אידעאישן באַטייט, וואס „זיי האבן צעטרייסלט דעם פולן גלויבן אין פרודאנס אַוטאריטעט און האבן צעשטערט די גאַנצקייט פון זיין פראגראַם" (זאַסוליטש).

## די באציאונג צו מילכאמע

אַ העכסט וויכטיקע פראַגע, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל האט זיך ניט איינמאָל מיט איר פאַרנומען, איז געווען די פראַגע וועגן מילכאָמע. אין אַ רעזאלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין לאָזאַן, ווערט אַריינגעשטעלט אַ פרינציפיעלע שייד-ליניע צווישן דער פראָלעטאַרישער נעגאַטיווער באַציאונג צו מילכאָמע און דעם בורזשואַז-פּאַציפיסטישן כאָלעם וועגן שאָלעם, און עס ווערט באַשטימט די באַציאונג צו דער בורזשואַזער „שאָלעם-ליגע", וואָס האָט דאַן אפגעהאַלטן אירע זיצונגען אין זשענעווע. אין דערדאָזיקער רעזאָלוציע ווערט אָנגעמערקט די פראָגראַם פון אינטערנאַציאָנאַל אין דער פראַגע פון מילכאָמע. שאָלעם קאָן זיין אַ פּויעל יוצע נאָר פון אַ נייער עקאָנאָמישער סיסטעם פון אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן, אַ פאַרבאַנד פון פרייע מעלוכעס קאָן קומען נאָר נאָך דעם, ווי עס וועלן אפגעשאַפט ווערן די שטענדיקע אַרמייען. נאָך אַ רעזאָלוציע וועגן מילכאָמע — אַפן בריוסעלער קאָנגרעס אין 1868 יאָר — פאָרמולירט שוין די קאָנקרעטע היסכאַיוועסן פון די אַרבעטער פון פאַרשיי-דענע לענדער אין פאַל פון אַ מילכאָמע. דאָרט ווערן אָנגעמערקט פרואוון צו פאַרוואַנדלען די מילכאָמע צווישן פעלקער אין אַ בירגערלעכער קלאַסן-מיל-כאָמע, ווי דער ריכטיקסטער מיטל פון קאַמף פאַר שאָלעם (דאָק. און מאַט. נומ. 15). דער בעלגישער דעפּוטאַט דע-פּאַפּ אַנטוויקלט דעמדאָזיקן שטאַנדפונקט אף אזאַ אופן: „קעדיי אָפּצושטעלן א מילכאָמע איז פאַראַן צוויי מעטאָדן: דער ערשטער באַשטייט אין דירעקטער קעגנווירקונג קעגן מילכאָמע דורך אָפּזאָגן זיך פון מיליטער-דינסט און אָפּשטעלן די אַרבעט, דער צווייטער מעטאָד באַשטייט אין אָפּשטעלן די מילכאָמע דורך דער לייזונג פון דער סאָ-ציאַלער פראַגע גופע... באַ דעם ערשטן מעטאָד קומט אויס יעדער מאָל אָנ-הויבן פון אָנהויב. בלויז דער צווייטער מעטאָד צעשטערט די צאָרע אין וואָרצל גופע". הייַנטיקס מאָל האָט דער אינטערנאַציאנאל אין אַ מער באַשטימטער פאָרם פעסטגעשטעלט זיין באַציאונג אויך צו דער פאַציפיסטישער „ליגע פון שאָלעם און פרייהייט", וואָס האָט צונויפגערופן א 2-טן קאָנגרעס. צוליב א ווירקלעכן קאַמף פאַר שאָלעם האט ער פאָרגעלייגט אירע מיטגלידער אריינ-טרעטן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. אזאַ מין פארשלאג האט גאָר ניט גע-שמעקט די בורזשואַזע הערעלדן פון שאלעם.

אינגיכן איז די מיטגלידער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אויסגעקומען צו באַווייזן אין דער פראַקטיק זייער אינטערנאַציאנאליזם. עמעס, די קריכעס פון

דעם אינטערנאציאָנאל זיינען געווען שוואַך, קעדיי צו פאַרמיידן די פראַנצויזיש-פרייסישע מילכאָמע. אָבער די אויפירונג פון איינצלנע מיטגלידער פון די סעקציעס און פון דעם גענעראַל-ראַט אליין בעאייס דער מילכאָמע האט באַוויזן, אז די אידייען פון אינטערנאציאָנאַליזם האבן טיפע וואָרצלען. מיט עטלעכע טעג פריער איידער ס'איז דערקלערט געוואָרן די מילכאָמע, האָט די פאַריזער סעקציע פון דעם אינטערנאַציאנאל ארויסגעלאָזן א פראָטעסט-אויפרוף, וואו זי האָט געזאָגט: „ברידער, דייטשן! אין נאָמען פון שאלעם, הערט ניט די אונטערגעקויפטע קנעכטישע קוילעס, וואס ווילן אַייך פאַרפירן... זייט טויב צו פראָוואָקאציעס, ווייל אַ מילכאָמע צווישן אונז וואלט געווען א שכיטע צווישן ברידער... א צעברעקלונג צווישן אונז וועט מיטהעלפן דעם ניצאָכן פון דעספאטיזם סאי אף דער סאַי אף יענער זייט ריין". ווי אַן ענטפער דערויף, האָט געשריבן די בערלינער סעקציע: „באַגייסטערט פון אַ ברידערלעכן געפיל, שטרעקן מיר אויס צו אייך די הענט און דערקלערן הויך, אַז אין אונזער סעקציע איז ניט פאַראן קיין ברעקל האַס און אז מיר וואַרפן זיך אונטער נאָר דער מעגושעמדיקער געוואַלט, וואָס צווינגט אונז אריינצוטרעטן אין די רייען פון די קריגערישע באנדעס, וואָס טראָגן מיט זיך דאַלעס און כורבן". די מיטגלידער פון רייכסטאַג, די אינטערנאַציאָנאליסטן בעבעל און ליבקנעכט, האָבן זיך אפגעהאַלטן באַ דער אָפשטימונג פון די קרעדיטן אף צו פירן די מילכאָמע.

די פראַנצויזישע אינטערנאַציאָנאַליסטן האָבן זיך ניט באַנוגנט דערמיט, וואָס זיי האבן ארויסגעלאָזן דעם פראָטעסט-אויפרוף, זיי האָבן באשלאָסן אויסנוצן די אויסלענדישע מילכאָמע, קעדיי אומצואווארפן די אימפעריע, דערקלערן אַ סאָציאַלע רעפובליק און פאָרלייגן די דייטשן שאָלעם, און אויב די דייטשישע רעגירונג וועט זיך אָפזאָגן, דערקלערן איר אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע. דער אָנגעמערקטער פלאַן איז ניט דורכגעפירט געוואָרן מאכמעס דעם פלוצימדיקן ארעסט פון דעם אָנפירער פון דער באוועגונג פ ע נ ד י. די אַרבעטער-פאריינען פון כעמניץ, לייפציג, דרעזדען, קרעפעלד, עבערפעלד און אנדערע שטעט פון דייטשלאנד האָבן זיך דערקלערט סאָלידאַריש מיט דעם ארויסטריט פון דער בערלינער סעקציע.

דעם 23-טן יולי האָט דער גענעראַל-ראַט פון אינטערנאַציאנאל פארעפנטלעכט אַן אויפרוף, וואו, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס, פאַרפירט דורך ביסמארקס שווינדלערשע טעלעגראַמעס פון עמס, האַלט ער דעם קריג פאר אַ פארטיידיקונג-מילכאָמע מיצאַד דייטשלאנד, וואָרנט ער דאָך וועגן דעם עמעסן זינען פון די געשעענישן. „אויב דער דייטשישער ארבעטער-קלאַס וועט דערלאזן, אז דידאָזיקע מילכאָמע זאָל אָנווערן איר פארטיידיקונג-כאראַקטער און זאל זיך פארוואנדלען אין א קריג קעגן דעם פראנצויזישן פאלק, דאן איז סאי אַ ניצאָכן, סאי אַ מאפאלע וועלן אלצייגס זיין אן אומגליק פאר דעם דייטשישן ארבעטער-קלאַס". אינם דאָזיקן אויפרוף, וואס מארקס האָט אָנגעשריבן, ווערן

געשמיסן אלע אייראָפּעאישע רעגירונגען, וואס זיינען שולדיק אין דער איצטי-קער מילכאָמע. דעם 9-טן סענטיאַבר איז ארויסגעלאָזן געוואָרן א מאניפעסט צו אלע סעקציעס פון דעם אינטערנאציאָנאַל, וואו עס איז געווען אָנגעוויזן אף דער סאַקאַנע פון דער פּרייסישער מיליטערישער קאָמאַרילייע, וואס האט באשלאסן צו פארוואנדלען דעם קריג אין א דערווערבונג מילכאָמע. איצטער האט דער גענעראל-ראט אקטיוו גערופן אלעמען אויפצושטיין צו פארטיידיקן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. די דייטשישע ארבעטער האט מען פארגעלייגט צו פאָדערן אַן ערן-פרידן מיט דער רעפּובליק, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן אין פראַנקרייך. די פראַנצויזישע אַרבעטער האָט מען רעקאָמענדירט אכטונג צו געבן אף די מאַיסים פון זייער בורזשואזער רעגירונג און אויסנוצן די רע-פּובליק אין די אינטערעסן פון זעלבסטארגאַניזירונג. אזוי האָט זיך דער אינ-טערנאַציאָנאַל ארויסגעוויזן בעאייס דער פראַנצויזיש-פּרייסישער מילכאָמע.

## די באַציאונג צו פּראפעסיאָנעלע פאריינען און שטרייקן

צום שלום לאָמיר זיך אפּשטעלן אף דער באַציאונג פון דעם אינטער-נאַציאָנאַל צו פּראָפפאריינען און שטרייקן. די קאָנגרעסן פון דעם אינטערנאַצי-אָנאַל האָבן ניט איינמאָל פאַרנומען זיך מיט דידאָזיקע פראַגן, ווייל די עקאָ-נאָמישע באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אין פאַרשיידענע לענדער, איז גע-ווען דער וועג, וואָס האָט געפירט די אַרבעטער צום אינטערנאַציאָנאַל. ניט געקוקט אף דער נעגאַטיווער באַציאונג פון די פּרודאָניסטן צו שטרייקן, האט דער אינטערנאַציאָנאַל פון אָנהויב אָן הויך געשאַצט דידאָזיקע פאָרם פון עקאָ-נאָמישן קאמף פון די ארבעטער, אונטערשטרייכנדיק זייער וויכטיקע ראָליע אין דער באַפרייאונגס-באַוועגונג. נאָך אפן ערשטן קאָנגרעס פון דעם אינטער-נאַציאָנאל אין זשענעווע איז אין אַ מעמאָראַנדום פון דעם גענעראל-ראט, וואס איז ארויס פון אונטער מאַרקס פען, און אין דער רעזאָלוציע, וואס איז מע-קויעך דעם אנגענומען געוואָרן (דאָק. און מאט. נומ. 17), פעסטגעשטעלט גע-וואָרן די גרונט-אויפגאבן פון די פאַריינען אלס צענטער פון די אנשטרענגונגען מיצאַד די ארבעטער אינם קאַמף, וואָס איז „געווענדעט קעגן דער סיסטעם גופע פון לוין-אַרבעט". „די ערשטע צייטן האָבן די פּראָפעסיאנעלע פאריינען געשטרעבט אָפּצושוואכן די קאָנקורענץ צווישן ארבעטער און האבן זיך גע-שטעלט פאר אַן אויפגאַבע—דעם קאמף פאר דער באפרייאונג פון ארבעט. פון דער אַנדערער זייט, זיינען די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אומבאַוואוסטזיניק געווען די שוועפּונקטן פאַר די אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַרבעטער-קלאַס. אויב די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען, אַדאַנק דער טענדענץ זייערער (אָפּצושאַפן קאָנקורענץ), געוואָרן אַ נויטווענדיקייט אין דעם טאָג-טעגלעכן פאַרטיזאַנישן קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, האָבן זיי נאָך א גרעסערן באטייט, אדאנק זייער צווייטער טענדענץ, ארויסטרעטנדיק ווי אַן ארגאניזירטער פאַקטאָר



ווען דער ריז רוט (אַ גראַווויר פון יענער צייט)

פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער סיסטעם פון לוין-אַרבעט און דער הערשאַפט פון קאפיטאל... די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן זיך צופיל אריינגעטאָן די-רעקט אין דעם קאַמף קעגן קאַפּיטאַל... זיי דאַרפן זיך אויסלערנען צו טאָן באַוואוסטזיניק, ווי גרויסע צענטרען פון די אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַרבעטער-קלאַס, דאַרפן אונטערהאַלטן יעדער סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס איז געווענדט צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל, און רעכענען זיך אליין פאַר טעטיקע פיאָנערן פון זייער גאַנצן קלאַס".

אַפן לאָזאַנער קאָנגרעס איז איבערגעכאַזערט געוואָרן אינגאַנצן די רע-זאָלוציע פון דעם זשענעווער קאָנגרעס, און אין 1868 יאָר איז אין בריוסעל מיקויעך דידאָזיקע פראַגן אָנגענומען געוואָרן א רעזאָלוציע, וואָס קאָנקרעטי-זירט די אויפגאַבן פון די פאַריינען (דאָק. און מאט. נומער 16).

## דער וואוקס און די פארשטארקונג פון דעם אינטערנאציאנאל

דער פעריאָד פון דעם זשענעווער ביזן באַזעלער קאָנגרעס (1869 י.) איז געווען אַ פעריאָד פון וואוקס, פאַרשטאַרקונג און אויספורעמונג פון דעם אי-דעאָלאָגישן מעהוס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. פון אַ קליינעם שטאַב רעוואָלו-ציאָנערן פון פאַרשיידענע לענדער ווערט ער גיך דער צענטער פון דעם באַ-פרייאונגס-קאמף פון דעם פּראָלעטאַריאט, מאַכנדיק אַן אנהויב צום וואוקס און דער אויספאָרמירונג פון דער סאָציאליסטישער באַוועגונג אין נאַציאָנאַלע און מעלוכע-גרענעצן.

דער אַלוועלטלעכער קריזיס פון 1866 יאָר, די אומגערעטעענישן פון די ווייטערדיקע יארן זיינען דורכגעלאָפן ווי אַ ספּאַזמע איבערן ווירט-שאַפטלעכן קערפּער פון אייראָפּע, האָבן פּאַראַליזירט זיינע גלידער, האבן גע-בראכט אַרבעטסלאָזיקייט און אַ פארקלענערונג פון אַרבעטס-לוין. דאס האט געבראַכט צו אַ כוואַליע פון מאַסן-שטרייקן אין אַלע לענדער, דעריקער אין ענגלאנד, און אַ גאנצע ריי בלוטיקע אומרוען. אַריינמישנדיק זיך אין דער שטרייק-באוועגונג, פון איין זייט, ריכטנדיק זי — פון דער אַנדערער, פלעגט דער אינטערנאציאָנאל ארויסטרעטן, ווי אַ נייער פאַקטאָר פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. אונטערשטיצנדיק מאַטעריעל, ווי בעאייסן שטרייק פון די בראָנזי-רער אין פאַריז, פון די בוי-אַרבעטער אין זשענעווע און ד. גל.; ניט דער-לאָזנדיק, מע זאָל אַריינפירן אויסלענדישע אַרבעטער אין דער צייט פון אָפּע-נעם קאַמף, ווי לעמאָשל, אין לאָנדאָן בעאייסן שטרייק פון די קאָרב-מאַכער; רעאַגירנדיק אַפן גאַנג פון די פּאָליטישע געשעענישן, ווי לעמאשל, די בלוט-באָד אין שאַרל-רואַ, סאָראָזשע און באַלינאַק (בעלגיע),—פלעגט דער אינטערנאציאָנאל אַרויסטרעטן, ווי אַ פראנט פון די אַרבעטער, אַרויסווייזנדיק אַן אַנטשיידנדיקע באַטייטונג פאַרן רעזולטאט פון דעם קאַמף. זייער טיפיש




This is to Certify that Cit. H. Jung was admitted a Member of the above Association in September 1864 and paid as his Annual Subscription for the year 1869 ...

R. Shaw Corresponding Secretary for America.

Bernard Cor. Sec. for Belgium. Jules Johannard Italy.

Eugene Dupont France. Anthony Zabicki Poland.

Karl Marx Germany. [illegible] Switzerland.

Cowell Stepney Treasurer. J. George Eccarius Sec. to Gen. Council.

The emancipation of the working classes must be accomplished by the working classes themselves, the struggle for their emancipation means a struggle for equal rights & duties and the abolition of all class rule. The economical subjection of the man of labour to the monopolizer of the means of labour lies at the bottom of servitude in all its forms of social misery, mental degradation and political dependence. The economical emancipation of the working classes is therefore the great end to which every political movement ought to be subordinate as a means. All efforts aiming at that great end have hitherto failed from the want of solidarity between the manifold divisions of labour in each country and from the absence of a fraternal bond of union between the working classes of different countries. The emancipation of labour is neither a local nor a national but a social problem embracing all countries in which modern society exists & depending for its solution on the concurrence practical and theoretical of the most advanced countries.

L'émancipation des travailleurs doit être l'œuvre des travailleurs eux mêmes. Les efforts des travailleurs pour conquérir leur émancipation ne tendent qu'a établir pour tous des droits et des devoirs égaux et a anéantir la domination de toute classe. L'assujettissement économique du travailleur aux détenteurs des moyens de travail, c'est-a-dire des sources de la vie est la cause première de sa servitude politique, morale, materielle. L'émancipation économique des travailleurs est conséquemment le grand but auquel tout mouvement politique doit être subordonné comme moyen. Tous les efforts faits jusqu'ici ont échoué faute de solidarité entre les ouvriers des diverses professions dans chaque pays et d'une union fraternelle entre les travailleurs des diverses contrées. L'émancipation du travail n'étant un problème ni local ni national mais social, embrasse tous les pays dans lesquels la vie moderne existe et nécessite pour sa solution leur concours théorique et pratique.

Die Emancipation der Arbeiterklasse muss durch die Arbeiterklasse selbst erobert werden, der Kampf fuer die Emancipation der Arbeiterklasse ist kein Kampf fuer neue Klassenvorrechte, sondern fuer die Vernichtung aller Klassenherrschaft. Die oekonomische Unterwerfung des Arbeiters unter den Aneigner der Arbeitsmittel, d. h. der Quellen des Lebens liegt der Knechtschaft in allen ihren Formen zu Grunde, dem socialen Elend, der geistigen Verkuemmerung und der politischen Abhaengigkeit. Die oekonomische Emancipation der Arbeiterklasse ist daher das grosse Ziel, dem jede politische Bewegung als Mittel dienen muss. Alle nach diesem Ziel strebenden Versuche sind bisher gescheitert aus Mangel an Einigung under den verschiedenen Arbeitszweigen jeden Landes und unter der Arbeiterklassen der verschiedenen Laender. Die Emancipation der Arbeiter ist weder eine lokale noch eine nationale sondern eine gesellschaftliche Aufgabe. Sie umfasst alle Laender worin die moderne Gesellschaft besteht. Sie kann nur geloest werden durch das planmaessige Zusammenwirken dieser Laender.

**Mitgliedskarte der Internationale**

Vorder- und Rückseite

**מיטגליד-קאַרטע פונם 1-טן אינטערנאַציאָנאַל**

(פאָדערשטע און הינטערשטע זייטן)

אין דעם זינען איז דער שטרייק פון די בוי-אַרבעטער אין זשענעווע אין
1868 יאר. וואס פאַר אַ סאָף די שטרייקן האָבן ניט געהאט, פלעגט דער אינ-
טערנאציאָנאל אַלציינס דערביי געווינען. אַרבעטער פון פארשיידענע לענדער
האָבן זיך אין דער פּראקטיק איבערצייגט אין דערווירקלעכער מאַכט פון דעם
אינטערנאציאָנאל, די פאראייניקונגען און אָרגאניזאציעס פון נייע סעקציעס אין
מעשעך פון אָט דעם פעריאָד זיינען געווען נאר די אָפּפּורעמונג פון די עק-
זיסטירנדיקע שטרעמונגען. דער אינטערנאציאָנאל איז געווארן אַ מין אומגע-
זעענע, איבערנאטירלעכע באשעפעניש פאר די ארבעטער, אַ סטראַשידלע פאַר
דער בורזשואַזיע. פון דעם באַזעלער קאָנגרעס ביז דעם פאלן פון דער פּאַרי-
זער קאָמונע האט די אינטערנאציאָנאלע אַרבעטער-אסאָציאַציע דער-
גרייכט צו צעבליאונג. די שטרייק כוואליע האט זיך אַלץ צעוואקסן, און איניי-
נעם מיט איר איז געוואקסן אויך די ווירקונג פון דעם אינטערנאציאָנאל. אַפן
באַזעלער קאנגרעס זיינען שוין געווען פארגעשטעלט: ענגלאנד, פראנקרייך,
דייטשלאנד, בעלגיע, עסטרייך, שווייץ, איטאליע, שפּאניע און די Union
Nation Labour פון צאָפן אַמעריקע. עס איז אומעגלעך געווען צו געבן
א גענויעם כעשבן פון זיינע מיטגלידער. דער צוזאמענשטעל זייערער איז גע-
ווען אַ פליסנדיקער. און די הויפּט-קראפט איז געווען ניט אין דער צאָל, נאָר
אין דעם אַווטאָריטעט פון דעם איינפלוס, וואס דער אינטערנאציאָנאל האט געהאַט.

## די סיבעס פון דער צעפאלונג פון דעם אינטערנאציאנאל

אָבער איניינעם מיטן וואוקס און דער פארשטארקונג פון דעם אינטער-
נאַציאָנאַל האָבן זיך אינעווייניק אין אים גענומען ווייזן די פּאַטאַלע אָנזאָגער
פון גיכער צעפאלונג. די צעבליאונג פון דעם אינטערנאציאָנאל פאר דער פּאַ-
ריזער קאָמונע איז געווארן די האַסכאָלע פון זיין פּאַלן נאָך איר. דעם ערשטן
קלאַפּ האט אים געבראכט די פראנצויזיש-פּרייסישע מילכאָמע, דעם צווייטן —
די מאַפּאָלע פון דער פּאַריזער קאָמונע. ביז דער פּאריזער קאמונע, ווי מיר
האבן געזען, האט די טעטיקייט פון דעם אינטערנאציאָנאל געהאט אַלפּי נויט-
ווענדיקייט דעריקער אַן עקאָנאמישן כאראקטער. די מילכאמע און די קאָמונע
האבן דערוויזן, אַז עס איז נויטיק דער ארבעטער-קלאס זאָל זיך אָרגאניזירן
אין אַ פּאָליטישער פּארטיי. „צו יענער צייט האט די בורזשואזע געזעלשאפט
אליין געעפנט פאר דעם פּראלעטאריאט אַ פּאָליטישע אַרענע פון קאמף דער-
מיט, וואס זי האט געגעבן, אונטערן דרוק פון דער נ י ט ו ו ע נ ד י ק י י ט,
דאס פּאליטישע בירגער-רעכט, פון א ווייל ער". און די וועגן פון דער ווי-
טערדיקער אנטוויקלונג פון דער סאציאליסטישער באוועגונג האט ריכטיק פּא-
רויסגעזען בעבעל, ווען ער האט דערקלערט אפן אייזענאכער קאנגרעס פון
דער סאָציאל-דעמאָקראטישער פּארטיי: „בא אלע באדינגונגען מוז די
ס.-ד. פּארטיי קוידעמקאָל אליין קאָנסטרואירן זיך אין דייטשלאנד, ווארום גלייך

מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער איז נויטיק אויך א נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, און די ערשטע אָן דער צווייטער וואלט געווען ניט מער ווי אַ דימיען!״

די געשיכטע האט געשטעלט פאַרן ארבעטער-קלאַס א נייע פּראָבלעם: אנטוויקלען אַן אָרגאַניזירטע מאַסן-ארבעטער-באַוועגונג אין נאַציאָנאַלע און מעלוכע גרענעצן. דער איבערגאַנג צו נייע מעטאָדן פון קאַמף האט געפאָדערט א נייע פאָרם פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. די אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג אין נאַציאָנאַלע גרענעצן האט געפירט אומפאַרמיידלעך צו א געוויסער אָפּ-שוואַכונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע בענדער. צו א פאַרשטאַרקונג פון די נאַ-ציאָנאַלע קעגנזאַצן, וואָס נעמען זיך פון די היסטאָרישע באַזונדערקייטן פון לאַנד, פון די פאַרשיידענע טיפּן פּאָליטישע אינסטיטוציעס. צוזאַמען מיט דעם האט די פּאַריזער קאָמונע באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז ניט נאָר איז די געמיינ-זאַמקייט פון די צילן פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע גרופּן מיט א פאַר-שיידענער טאַקטיק ניט גענוג פאַרן דערפאָלג פון דער ארבעטער-באַוועגונג, נאָר רופט זיך שעדלעך אָפּ אויף איר. דער אינטערנאַציאָנאַל, אלס שלאַכט-צענטר, קאָן זיך אַנטוויקלען אויפן יעסאָד פון אַן איינהייטלעכן באַנעמען די קאַמף-מעטאָדן. די פאַרשיידענע גרופּקעלעך און סעקטעס האָבן נאָר געשטערט דער מאַסן-באַ-וועגונג, און עס איז נויטיק געווען זיי אויסצולעבן אינם שאַרפן קאַמף.

פון דער פּאַריזער קאָמונע הויבט זיך אָן אַ נייער עטאַפּ פון קלאַסנ-קאַמף אין נאַציאָנאַל-מעלוכעשע גרענעצן, דעריקער אויף דער פּאָליטישער אַרע-נע. דאָס האט אומפאַרמיידלעך געפירט צו א פאַרשאַרפונג פון יענע אידעאָ-לאָגישע סטירעסדיקע טענדענצן, וואָס זיינען פון אָנהויב אָן געווען פאַרבאָרגן אינעווייניק אין דעם אינטערנאַציאָנאַל און זיינען ניט אַרויסגעטראָטן, קאָלזמאַן ער האט זיך פאַרנומען מיט פראַגן פון עקאָנאָמיק, שטרייקן און קאָאָפּעראַציע. זיי האָבן געבראַכט צו א צעפאַלונג, ווען די געשיכטע האט אַוועקגעשטעלט אויפן טאָג-סיידער נייע פּראָבלעמען (דאָק. און מאַט. נומ. 20).

דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם—מאַרקסיזם האט געדאַרפט א לעצט און אַנטשיידן מאָל צונויפשטויסן זיך מיט דער שמאָלער אויטאָפּיסטישער סעקטאַנטישקייט, וואָס ציט איר מאַקער פון פּרודאָנען. וואָס אין גאַנג פון דעם קאַמף האלט זי שוין באַ אויסלעבן זיך. הייגטיקס מאָל האט זיך די פּרו-דאָניסטישע אידעאָלאָגיע, א באַנייטע און דערפירט ביז די עקסטרעמען פון אַנאַרכיזם, אויסגעגאָסן אין דעם אַזוי גערופענעם באַקוניניזם. איר באַשעפער איז געווען באַקונין.

## באַקוניניזם

באַקונינס אידייען האָבן זיך געפורעמט אין דעם פּעריאָד פון די 40-ער יאָרן פון 19-טן יאָרהונדערט — אין דעם פּעריאָד פון בורזשואַזע געזעלשאַפט-

לעכע קאטאקליזמען, בא אן אומשטאנדהאפטיק״יט פון די סאציאל-עקאנאמישע באציאונגען. דער קאפיטאליזם האט מיט אן אומבערעכענעסדיקער האנט געריסן די אלטע פאטריארכאלע צוזאמענבונדן פון דעם באלמע-לאכע און פויער, ער האט גע-טראגן א כורבן, דעם דרוק פון קאפיטאל און אומשטאנדהאפטי-קייט פון דער לאגע דעם זעלב-שטענדיקן סכוירע-פראדוצירער. די בורזשואזיע האט זיך געגרייט צום 48-טן יאר, קעדיי איינמאָל פאר אלעמאל באהערשן די מע-לוכע-מאשין און אויספארמירן די נאציאנאלע מעלוכעשאפט. דאס אלץ האט באשטימט און גע-שפייזט די רעבעלישע, מוירדישע אידעאלאגיע פון באקונינען. ניט פארשטייענדיק די געזעלשאפטלע-כע באציאונגען און דעם גאנג פון קלאסנקאמף, האט דער באקוניניזם איבערגענומען פון פרודאנען די סינע צו דעם קאפיטאליסטישן



מיכאאיל באקונין

סיידער און איינזעענדיק אין דער מעלוכע א „קאפיטאליסט און א טיראן”, האט ער גענומען לייקענען אין איר, האלטנדיק זי פאר דער הויפט-צאָרע און רופנ-דיק טייקעף צו פארניכטן זי (דאק. און מאט. נום. 18).

## דער קאמף פון דעם מארקסיזם מיטן באקוניניזם

דער ערשטער צוזאמענשטויס צווישן דעם מארקסיזם און אַנארכיזם איז פארגעקומען אַפן באַזעלער קאָנגרעס אין 1869 יאָר איבער דער פראגע פון רעכט אַף יערושע. באקונין האט געהאלטן, אַז דאס רעכט אַף יערושע פירט צו דער אַנטוויקלונג פון פריוואַט-אייגנטום, שאַפט סאָציאלע אומגערעכטיקייט און שטערט דער פארווירקלעכונג פון „סאָציאלער גלייכהייט”; דעריבער איז די אָפשאפונג פון רעכט אַף יערושע אַ גרונט-טנאַי פאר דער באפרייאונג פון אַרבעט. עקאַריוס, אויסדריקנדיק דעם שטאַנדפונקט פון מארקסן, האט אין זיין וואָרט דערוויזן, אַז דאס רעכט פון יערושע איז ניט קיין סיבע פון סאָציאלער אומגלייכהייט, דאס איז ניט קיין קאטעגאָריע פון געזעלשאפטלעכע באציאונגען און דעריבער שאַפט עס ניט, אין טאָך גענומען, די מאכט פון דער קאפיטא-

ליסטישער עקספּלואַטאַציע, דאס איז נאָר א רעכטלעכער איבערבוי פון דער
היינטיקער געזעלשאפט. דעריבער ליגט די הויפּט-פּראבלעם אין דער פלאַך
פון איבערבויען די געזעלשאפט גופא. די כעלוקע-דייעס וועגן דערדאזיקער
פראגע זיינען געווען נאָר איינער פון די קליינע פונקטן פון די צוויי פיינט-
לעכע אידעאָלאָגיעס, וואס האבן אָנגעהויבן אויסצופאָרמירן זיך. די פּרינציפּיעלע
גרונט-פראגע אין די מאכלויקעסן איז געווען די באציאונג צו מעלוכע, פּאָלי-
טיק, אַווטאָריטאריזם און פעדעראליזם. פון דאנען האט זיך גענומען אַ פארשיי-
דענע אָפּשאצונג פון די אויפגאבן פון דעם אינטערנאציאָנאל. האלטנדיק, אַז
יעדער אנטייל פון דעם אַרבעטער-קלאס אין פּאָליטיק פירט צו דער פאר-
שטארקונג פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, האט באקונין אנערקענט פאַר
דער העכסטער פּאָליטיק — די פּאליטיק, וואס פירט צו דער צעשטערונג פון
דער היינטיקער מעלוכע, און האט גערופן אָפּצוזאגן זיך פון יעדער אַנדערער
פּאָליטיק. דידאזיקע מוירדים-אידעאָלאגיע האט געפירט צו „ראַקעטן-שיסעריי“
און האט אָפּגעצויגן די אַרבעטער פון זייערע דירעקטע פליכטן, דעריבער האט
מאַרקס און זיינע אָנהענגער איינגעזען אין באַקונינען אַ סוינע, און זיי האבן
באַשלאָסן צו „מאכן אַ סאָף מיט דער סעקטאנטישקייט און די אינטריגעס
פון דילעטאנטישע גרופּן“ (מארקס).

## דער „אַליאַנס“

זיין דעזאָרגאניזאטאָרישע טעטיקייט האט באקונין אָנגעהויבן אַרויסצוווייז
זינט ער האָט אָרגאניזירט דעם „אַליאַנס“ אָדער „אינטערנאציאנאלער פארבאנד
פון דער סאָציאַלער דעמאָקראטיע“ (דאָק. און מאַט. נומער 18), דעם טאָג, וואס
ער איז אַרויס פון דעם קאָנגרעס פון דער „ליגע פון שאָלעם און פרייהייט“
אין 1868 יאָר. דידאָזיקע אָרגאניזאציע, אַ האַלב פארבאָרגענע, האַלב-אָפענע,
איז געווען געבויט אַף אַ ריין פאַרשווערונגס-סיסטעם, און אַכוץ דער לעגאלער
אָרגאניזאציע, וואס איז געווען צוטריטלעך פאַר אַלע וואס אנערקענען די פראָג-
ראַם פון „אַליאַנס“, האט זי געהאט נאָך אַ פאַרקאָנספּירירטן געהיימען קאָ-
מיטעט פון „אינטערנאציאָנאלע ברידער“, אָנגעפירט און דערמוטיקט פון באַקו-
נינען. דער לעגאַלער „אַליאַנס“ האט זיך געווענדעט צום גענעראַל-ראַט מיט
אַ באַקאָשע אַריינצונעמען אים אין דעם אינטערנאציאָנאַל, איבערלאָזנדיק אים
דאס רעכט צו האבן אַן אייגענעם סטאַטוט, אַן אייגענע פּראָגראַם און אָרגאַ-
ניזאַציע. דער גענעראַל-ראַט האָט די באַקאָשע אָפּגעוואָרפן. דאַן האט דער
„אַליאַנס“ באַשלאָסן זיך פאַנאנדערצולאָזן און געווען גרייט אַריינצוטרעטן אין
אינטערנאַציאָנאל מיטן טנאַי, עס זאָל בלייבן זיין טעאָרעטישע פּראָגראַם. דאס
איז געווען באַקונינס אַ טאַקטישער גאנג. מאַרקס שרייבט וועגן דעם צו ענ-
געלסן: „באַקונין מיינט, אַז אויב מיר וועלן מאַסקים זיין אַף זיין ראַדיקאלער
פּראָגראַם, וועט ער זי קענען צעפּויקן אומעטום, און אַף אַזאַ אויפן אונז

קאָמפּראָמעטירן; וועלן מיר זיך ארויסזאָגן קעגן, וועט מען אונז מאכן אַ
נאָמען פון קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן" דעריבער האט דער גענעראַל-ראַט אויסגע-
מיטן צו געבן אַן אַלגעמיינע אָפּשאצונג פון דער פּראָגראַם און האט מאַס-
קים געווען אָנצונעמען די איינצלנע סעקציעס פון דעם „אַליאַנס" אַף אַלגע-
מיינע יעסוידעס. האַגאם דער „אַליאַנס" איז אָפיציעל געווען פאנאנדערגעלאָזן,
אָבער זיין געהיימע אָרגאניזאציע איז געבליבן און האט שטענדיק אינספּירירט
קעגן דעם גענעראַל-ראַט, מיטן צוועק צו פארכאפּן אים אין די אייגענע הענט.
דער קאַמף צווישן מארקסיזם און באַקונינגיזם האט ניט אויפגעהערט קיין מי-
נוט און האט דערגרייכט צו אַ באזונדערער אינטענסיווקייט אין דער שווייצאַרי-
שער יורע, וואו ער האט געבראַכט צו אַ שפּאלטונג. דידאָזיקע שפּאלטונג
האט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אין אינטערנאציאָנאל. די אנקומענדיקע לאָנ-
דאָנער קאָנפערענץ האט געדארפט געבן אַן ענטפער. די רעזאָלוציע פון דער-
דאזיקער קאָנפערענץ וועגן פּאָליטישער ארבעט (דאָק. און מאַט. נומ. 21) האט
שאַרף און קלאָר פעסטגעשטעלט די נויטיקייט פאַר דעם אַרבעטער-קלאס צו
אָרגאניזירן אַן אייגענע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס שטייענדיק אַנקעגן אַלע פּאַרטייען
פון די פארמעגלעכע קלאסן, וועט זי קאָנען צוגרייטן דעם ניצאָכן פון דער
סאָציאַלער רעוואָלוציע. די רעזאָלוציע שטרייכט אונטער די אומצעטיילטקייט
פון דעם עקאָנאמישן און פּאָליטישן קאמף פון דעם אַרבעטער-קלאס. קעדיי
גרינגער איינצושטיין קעגן די דעזאָרגאניזירנדיקע טענדענציעס, איז נויטיק גע-
ווען צו צענטראליזירן די קויכעס פון דעם גענעראַל-ראט, פּינקטלעך באַשטי-
מען די קאָמפּעטענץ פון די נאציאָנאלע פעדעראלע ראטן און סעקציעס. אַף די
אַלע אָרגאניזאציאָנעלע פראגן האט די קאָנפערענץ געגעבן דעם גענעראל-
ראַט די נויטיקע דירעקטיוון. די קאָנפערענץ האט זיך באַשעפטיקט אויך מיט
די פראגן פון דער אָנוואקסנדיקער שפּאלטונג, מיטן קאמף צווישן דער באַקו-
נינשער יורער פעדעראציע, וואס האט איר צענטר אין לעקלע און לאַ-שאַ-
דע-פאָן און פרעטענדירט אַפן נאָמען פון אַ צענטראלער דייטשישער, מיט דער
אַלטער פעדעראציע מיטן צענטר אין זשענעווע. דער קאנגרעס האט זיך גע-
שטעלט אַפן צאד פון דער אַלטער ראָמאַנישער פעדעראציע, אנערקענענדיק
זשענעווער קאָמיטעט פארן צענטראלן. ווי אַן ענטפער אַף דעמדאזיקן באַ-
שלוס, האבן די באַקוניסטן צונויפגערופן א צוזאמענפאָר פון זייערע אָנהענ-
גער אין דער שווייצאַרישער פעדעראציע, וואו זיי האבן דערקלערט, אַז די
אלטע ראָמאנישע פעדעראציע איז פאנאנדערגעלאזן און די נייע געשאפענע,
די יורער — איז די צענטראלע. דער צוזאמענפאר האט אויסגעארבעט טאַקאָ-
נעס, געבויט אַפן פרינציפּ פון פולער אַווטאָנאמיע פון די סעקציעס, וואָס גייען
אריין אין דער פעדעראציע. לעהייפעך צום באשלוס פון דעם קאָנגרעס פון
אינטערנאציאָנאל האט דער צוזאמענפאָר אָנגענומען א רעזאלוציע „וועגן דער
באַציאונג צו די רעגירונגען", וואו עס שטייט: „דער קאָנגרעס פון דער ראָ-
מאנישער פעדעראציע רעקאָמענדירט אַלע סעקציעס פון אינטערנאציאָנאל

אָפּצוזאגן זיך פון יעדער טעטיקייט, וואס האט פאר א צוועק א סאָציאלע אומ־ענדערונג מיט דער הילף פון פּאָליטישע רעפארמען". פון דאן אָן איז די יו־רער פעדעראציע געוואָרן א באזע פאר אלע דעזארגאניזאטאָרישע פּרואוון. דער אויפרוף צו אלע סעקציעס פון דער אינטערנאציאָנא־לער ארבעטער-אסאָציאציע, וואס די יורער פעדעראציע האט ארויסגעגעבן, מאכט אן אָנהויב צום אפענעם קאמף מיטן גענעראל-ראט.

## די לעצטע שריט פון דעם אינטערנאַציאנאל

אַפן האַאַגער קאָנגרעס האָט געדארפט פאָרקומען אַן אַנטשיידענער צו־זאַמענשטויס צווישן די מאַרקסיסטן און באַקונינגיסטן. „אין קאָן שטייט דאָס לעבן אָדער דער טויט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל",—האָט מאַרקס געשריבן צו קוגעלמאַנען. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם גורל פון דער אַרבעטער-באַ־וועגונג, און מאַרקס האָט געפונען פאַר נויטיק צום ערשטן מאָל זיין אַליין אַפן קאָנגרעס. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווענדט אַף צוויי גרונט-פראַגן: וועגן די פולמאַכטן פון דעם גענעראַל-ראַט און וועגן די פּאָלי־טישע אויפגאַבן פון דעם אַרבעטער-קלאַס. די באַקוניניסטן, אין דער פּערזאָן פון גיליאָמען, האָבן געפאָדערט אָפּצושאַפן די פולמאַכטן פון דעם גענעראַל־ראַט און פאַרוואַנדלען אים אין אַ „צענטער פאַר שריפטלעכע פאַרבינדונגען און אַף פירן סטאַטיסטיק". „דער גענעראַל-ראַט האָט קיין שום איינפלוס ניט אַף די סאָציאַלע קאָנפליקטן... צוליב פּאָליטישן קאַמף איז דער גענעראַל-ראַט אויך גאָר ניט נויטיק... אַזוי, הייסט עס, קומען מיר צום אויספיר, אַז די עקזי־סטענץ פון דעם גענעראַל-ראַט איז אומניצלעך... מיר לייגן פאָר צו באַגרענעצן זיין ראָלע און מאַכן אים פּאָשעט פאַר אַ ביוראָ צוליב קאָרעספּאָנדענץ און סטאַטיסטיק"—האָט געטאַינעט גיליאָם. נאָך לאַנגע דעבאַטן איז אָנגענומען געוואָרן דער פּאָרשלאַג פון דעם גענעראַל-ראַט אומצוענדערן די אַרטיקלען 2 און 6 פון דעם אַלגעמיינעם רעגלאַמענט (דאָק. און מאט. נומער 22) און געבן דעם גענעראַל-ראַט ברייטע רעכטן און פולמאכטן. דער ווייטערדיקער שריט אַף צו באַשיצן דעם אינטערנאַציאָנאַל פון די אינטריגעס פון די באַקוניניסטן, וואָס האָבן דאַן פאַרפלייצט לאָנדאָן נאָך דער קאָמונע, איז געווען דאָס, וואָס מע האָט אַריבערגעפירט דעם גענעראַל-ראַט אין ניו-יאָרק.

וועגן דער פראַגע מיקויעד די פּאָליטישע אויפגאַבן איז אָנגענומען גע־וואָרן וואַליאַנס רעזאָלוציע, וואָס האַלט די פּאָליטישע טעטיקייט פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט פאַר אַ גרונט-באַדינג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דורך אַ באַ־שלוס פון דעם קאָנגרעס זיינען באַקונין און גיליאָם, ווי אנטיילנעמער פון דעם געהיימען „אַליאַנס", אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אינטערנאציאָנאַל. די אַלע מיטלען האָבן אָבער ניט געראטעוועט דעם אינטערנאציאָנאַל פון נאטירלעכן טויט. דאס וואס מע האט דעם גענעראַל-ראט אריבערגעפירט אף אַמעריקאנער

ערד האט אין אים קיין לעבן ניט אריינגעאָטעמט, און דער האַאַגער קאנגרעס איז אייגנטלעך געווען דער לעצטער.

זינט דער צענטער איז אַריבערגעפירט געווארן אין ניו-יארק, האט זיך דער גענעראל-ראט פאקטיש איזאלירט פון דער סאציאליסטישער און רעוואָלוציאנערער באוועגונג פון אייראפּע און האט שוין מער ניט געוויזן קיין אָרגאנישע אנפירנדיקע ארבעט. דער אלטער אינטערנאציאנאל האט געגויסעט. דער זשענעווער צוזאמענפאר אין 1873 יאר האט עס פאקטיש דערוויזן. זיין ווייטערדיקע עקזיסטענץ איז געווען א לאנגזאמע אגאניע, ביז ער האט אף דער קאנפערענץ דעם 15-טן יולי 1876 יאר, סאפקאלסאף, זיך פאנאנדערגעלאזן, ארויסלאזנדיק אן אויפרוף צו די ארבעטער פון דער גאנצער וועלט (דאק. און מאט. נומער 23).

## דער באטייט פון דעם 1-טן אינטערנאציאנאל

„דער אלטער אינטערנאציאנאל האט זיך אליין איבערגעלעבט". און די ארגאניזאציע פון א נייעם, פון דעמזעלביקן טיפּ, ד. ה. די ארגאניזאציע פון אַ פארבאנד פון אלע פּראלעטארישע פארטייען פון דער וועלט מיינט, סע זאלן פריער זיין אומעטום פארפאלגונגען פון דער ארבעטער-באוועגונג, ווי דאס איז געווען אין דעם פעריאד פון די יארן 1849 — 1864", — האט ענגעלס געשריבן צו זארגע. — דער אַלטער אינטערנאציאנאל איז געשטארבן. עס האט אבער ניט געקאנט אפשטארבן די ארבעטער-באוועגונג, וואס איז באגייסטערט געווארן און האט געקראגן א געשטאלט פון אים. דער אינטערנאציאנאל איז פארשוואונדן פון דעם אויבן-אויף, מאכנדיק אן אנהויב צום וואוקס פון סאציאליסטישע מאסן-פארטייען: אין דייטשלאנד, עסטרייך, שווייץ, פראנקרייך, האָלאנד, אמעריקע און אנדערע לענדער. אין דעם איז באשטאנען זיין היסטארישע אויפגאבע. „דער אינטערנאציאנאל איז געגרינדעט געווארן, קעדיי צו פארבייטן די סאציאליסטישע און האלב-סאציאליסטישע סעקטעס דורך א ווירקלעכער ארגאניזאציע פון דעם ארבעטער-קלאַס צוליב זיין קאמף" (מארקס). די דאזיקע אויפגאבע זיינע האט ער אויסגעפירט גלענצנדיק. איצטער האט זיך אנגעהויבן א נייע ערע פון דער ארבעטער-באוועגונג: אפן נאציאנאל-מעלוכישן באזיס באשאפן געוואָרן שטארקע מאסן-ארבעט.-פארטייען, וואס אפן יעסאד פון זיי וועט אויסוואקסן א צווייטער אינטערנאציאנאל. ליבקנעכט האט מיט פולן רעכט געקאנט זאגן אפן ערשטן קאנגרעס פון דעם 2-טן אינטערנאציאנאל אין 1889 יאר אין פאריז: „די אינטערנאציאנאלע ארבעטער-אסאציאציע האט אויסגעפירט איר שליכעס. דער אינטערנאציאנאל איז ניט געשטארבן, ער איז איבערגעבארן געווארן אין אַ מעכטיקער ארבעטער-באוועגונג אין די באזונדערע לענדער און לעבט אין איר. ער לעבט אויך אין אונז: אט דער איצטיקער קאנגרעס—איז אַ באַשעפעניש פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער-אסאציאציע".

# דאָקומענטן און מאַטעריאַלן

## 1. די אַרבעטער באַוועגונג אין פראנקרייך

### „מאניפעסט פון די 60“ *

... אין אַ לאַנד, וואס זיין קאנסטיטוציע איז אויסגעבויט אַף די יעסוידעס פון וואַל-רעכט, אין א לאנד, וואו יעדערער דערמאָנט און לויבט יעדע מינוט די פרינציפּן פון 1789 יאָר, קומט אונז אויס צו באַרעכטיקן די ארבעטער-קאַנדידאַטורן, לאנג און אויספירלעך צו ברענגען אַלע אַרגומענטן צו זייער גונסטן און דאס אַלץ איז צוליב דעם, קעדיי אויסצומיידן ניט נאָר די אומגערעכטע באַשולדיקונגען מיצאַד די פּאַכדאַנעסדיקע מענטשן און רוטינערן, נאָר אויך די פּאָרזיכטיקע און נעגאַטיווע באַציאונג מיצאַד אונזערע פריינט.

בּיכלאַל האַט אונז דאס וואַל-רעכט געמאכט פּאָליטיש רייף. אָבער מיר דאַרפן זיך נאָך דערשלאָגן די סאָציאַלע באַפרייאונג. די פרייהייט, וועלכע דער דריטער שטאַנד האָט באַוויזן צו דערשלאָגן זיך מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט און איינגעשפּאַרטקייט דאַרף פאַרשפּרייט ווערן אין פראַנקרייך, אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, אַף אַלע בירגער אָן אויסנאַם. די פּאָליטישע גלייכבארעכטיקונג מוז קוילעל זיין אין זיך די סאָציאַלע גלייכבארעכטיקונג.

אָן אַ סאָף ביז עקל פלעגט מען איבערכאַזערן: עס איז ניטאָ מער קיין קלאַסן. פון יאָר 1789 זיינען אַלע פראַנצויזן גלייך פאַרן געזעץ. אָבער מיר, וואס האָבן ניט קיין אַנדער אייגנטום, אַכוץ אונזערע הענט, מיר, וואָס וואַרפן זיך טאָג-טעגלעך אונטער די קאָלערליי געזעצלעכע און ווילקירלעכע פאָדערונגען פונם קאַפּיטאַל, מיר, וואָס לעבן אונטערן דרוק פון די אויסשליסלעכע געזעצן, ווי דאס געזעץ וועגן די קאָאַליציעס און דער פּאַראגראַף פון 1781 יאָר, וואס ברענגען שאָדן סאַי אונזערע מאַטעריעלע אינטערעסן און סאַי אונזער ווירדע, מיר קאָנען מיט גרויס מי גלויבן אַזא באַהויפּטונג.

---

* געווען פארעפנטלעכט דעם 17 פעווראל 1864 יאָר אין דער צייטונג „Opinion Nationale“

מיר, וואס לעבן אין אַ לאנד, וואו אונז איז געגעבן געווארן דאס רעכט אויסצואויילן דעפּוטאַטן און האבן ניט שטענדיק קיין מעגלעכקייט אויסצולערנען זיך לייענען, מיר, וואס זייגען ניט בעקויעך צוליב דעם פארבאָט פריי צונויפזאמלען און פאַרייניקן זיך, צו אָרגאניזירן די פּראָפעסיאָנעלע בילדונג און דארפן זעען, ווי אָט דאָס קאָסטבארע ווערקצייג פונם אינדוסטריעלן פּראָגרעס איז די מאָנאָפּאָל פונם קאַפּיטאַל, — מיר קאָנען ניט האבן דידאָזיקע אילוזיעס.

מיר, וואָס אונזערע קינדער פארברענגען זייערע יונגע יאָרן אין אַן אויסגעלאסענער און אומגעזונטער פאַבריק-אַטמאָספער אדער אין דער שילעריי, וועלכע שיידט זיך קנאַפּ-וואס אונטער אינם איצטיקן מאָמענט פון דער הויזקנעכטשאַפט, מיר וואס אונזערע פרויען זיינען געצוואונגען צו פארלאָזן זייער הויז און פארנעמען זיך מיט אויסצערנדיקער אַרבעט, וואס איז קעגן זייער פיזישער נאטור, און צעשטערן אַזוי אַרום די פאמיליע, מיר, וואס האבן ניט קיין רעכט צונויפריידן זיך, צוליב דער פרידלעכער באשיצונג פון אונזער ארבעטלוין, קעדיי צו באוואָרענען זיך פון אַרבעטלאָזיקייט, — באהויפּטן, אַז די גלייכהייט, וואָס דער געזעץ האָט פּראָקלאמירט, עקזיסטירט נאָך ניט אין די זיטן און דאַרף נאָך מעקויעם ווערן אין דער ווירקלעכקייט. דער וואָס פארמאגט ניט קיין קאפּיטאל און בילדונג און איז ניט בעקויעך צו קעגנשטעלן זיך מיט דער הילף פון פרייהייט און סאָלידארישקייט קעגן די אייגנוציקע און אונטערדריקנדיקע פאָדערונגען — יענער דאַרף, קעגן זיין ווילן, זיך אונטערווארפן דער הערשאפט פונם קאפּיטאל און ווערן אונטערטעניק פרעמדע אינטערעסן.

מיר ווייסן אויסגעצייכנט, אַז די אינטערעסן לאָזן זיך ניט רעגלאַמענטירן, אַז זיי מיידן אויס דאס געזעץ און אַז אַן אויסגלייך צווישן זיי איז מעגלעך נאָר מיט דער הילף פון פריוואטע אָפּמאכן, וועלכע זיינען באוועגלעך און ענדערלעך ווי אָט די אינטערעסן גופא. דערדאזיקער אויסגלייך איז אַן אומזין, ווען מע גיט ניט אַלע בירגער קיין פרייהייט. מיר וועלן שטרעבן צו דעראָבערן אונזערע רעכט מיט פרידלעכע און געזעצלעכע מיטלען, אָבער ענערגיש און אַקשאנעסדיק. אונזער באפרייאונג וועט איינגיכן בוילעט אויפדעקן דעם פראָגרעס, וואס איז פארגעקומען אין דער גייסטיקער אנטוויקלונג פון די ארבעטנדיקע קלאסן, פון אָט דער אומגעהויערער מאסע, וועלכע ווערט פארשווארצט אין אַ צושטאנד, וואס ווערט באצייכנט מיטן נאָמען פּראלעטאריאַט, אָבער וועלכן מיר וועלן אָנרופן, באנוצנדיק א מער יוישערדיקן אויסדריק, — סאָלאריאַט*.

די, וואס הויבן אָן צו ווארטן מיט מוירע אַף אַן אויסבראָך פון קאַמף און שטרייקן, ווי נאָר מיר הויבן אָן צו דערשלאגן זיך צו פרייהייט, וועלן

* לוין-ארבעט.

מיר זיי זאגן: „איר קענט ניט די אַרבעטער: זיי פאַרפאָלגן אַסאך אַ גרעסערן און מער פּרוכטבארן ציל, איידער די אויסצערונג פון זייערע קרעפטן אינם טאָג-טעגלעכן קאמף, וואס איז סאָפּקאָלסאָף אַן אומגליק פאר ביידע קעמפנדיקע צדאָדים און שטעלט איינעם פון זיי אין געפאר צו רואינירט ווערן, דעם צווייטן — צו פאראָרעמט ווערן. דער דריטער שטאנד פלעגט זאָגן: וואס איז אזוינס דער דריטער שטאנד? גאָרניט! וואָס דארף ער זיין? אַלץ! מיר וועלן אָבער זאָגן: די בורזשואזיע, אונזער עלטערע שוועסטער אין דער באפרייאונגס-זאך האט אין יאָר 1789 באוויזן איינצושלינגען דעם אַדל און צו מאכן אַ טעל פון די אומגערעכטע פּריווילעגיעס. אונזער אויפגאבע איז ניט מעוואטל צו מאכן די רעכט, וואס עס האבן מיט רעכט די מיטל-קלאסן. נאָך צו דעראָבערן פונקט אַזאפרייהייט פון טאָט. אין פראנקרייך, אינם דעמאקראטישן לאנד par excellence קאָן קיין איין פאָליטישע רעכט, קיין איין סאָציאַלע רעפארם, קיין איין געצייג פונם פראגרעס ניט פארבלייבן קיין פּריווילעגיע פון א קליינער צאָל מענטשן. די נאַציע וואס איז טיף דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון גלייכהייט, שטרעבט אַדאנק דעם נאטירלעכן גאנג פון איר אנטוויקלונג, צו פארוואנדלען יעדע דעראָבערונג אין אַ אַלגעמיין אייגנס.

... זאָל מען גאָרניט טראַכטן צו באַשולדיקן אונז, אַז מיר שטרעבן צו אגרארע געזעצן, צו כימערישער גלייכהייט, וואס לייגט אויס פארשיידענע פערזאָנען אין פּראָקרוסטעס בעט, צו דער צעטיילונג פונם פארמעגן, ארויפלייגן מאקסימאלע און צוואַנג-שטייערן אף די רייכע א. א. וו. ... — ניין! עס איז שוין לאנג צייט צו מאכן אַ סאָף צו אָט די רעכילעס, וואס אונזערע סאָנים פארשפרייטן און די אומ-ווייסנדיקע פערזאנען גלויבן דאס אַפן וואָרט. פרייהייט פון ארבעט, קרעדיט, סאָלידארישקייט, אָט דאס זיינען אונזערע טרוימען. אין דעם טאָג, ווען זיי וועלן פארווירקלעכט ווערן צום רום און גליק פונם לאנד, וואס איז אונז טייער, וועט נעלעם ווערן די טיילונג אַף בורזשואַ און פראלעטאריער, אַף באלעבאטים און ארבעטער. אַלע בירגער וועלן זיין גלייך אינם רעכט.

אָבער, זאגט מען אונז, אָט די אלע רעפאָרמעס, וואס אין זיי נויטיקט איר זיך, קאָנען די דעפּוטאטן אויסקעמפן פונקט אזוי ווי איר, און אפילע נאָך בעסער, ווי איר: זיי זיינען דאך די פארשטייער פון אלע בירגער און זיינען דורך אלעמען אויסגעוויילט.

דערויף ווען מיר ענטפערן: ניין! מיר האבן ניט אונזערע פאָרשטייער, און אָט דעריבער רוקן מיר ארויס די פראגע וועגן ארבעטער-קאנדידאטורן. מיר ווייסן אויסגעצייכנט, אַז קיינער רעדט ניט וועגן אינדוסטריעלע, קאמערציעלע, מיליטערישע, זשורנאליסטישע א. א. וו. קאנדידאטורן. אָבער אויב דאס איז ניט אפן פּאַפּיר, איז עס אבער פאקטיש בעפיירעש אזוי. צי באשטייט דען

ניט די איבערוועגנדיקע מערהייט פונם „געזעצגעבערישן קארפוס” פון גרויסע ערדבאזיצער, פאבריקאנטן, סאָכרים, גענעראלן, זשורנאליסטן א. א. וו., וועלכע וואָטירן שטיל-שווייגנד אָדער עפענען דאס מויל בלויז אָף די זיצונגען פון די קאמיסיעס אי דאס בלויז איבער פראגן, וואס האבן א שאיכעס צו זייער ספעציאליטעט.

בלויז די סאַמע נישטיקע צאָל דעפוטאַטן טרעט ארויס איבער אלגעמיינע פראַגן. מיר רעכענען, פארשטייט זיך, אז די ארבעטער-דעפוטאַטן וואָלטן געדאַרפט און געקאָנט פאַרטיידיקן די אלגעמיינע אינטערעסן פון דער דעמאקראטיע, נאָר ווען אפילע זיי וואָלטן זיך באַגרענעצט מיט דער פאַרטיידיקונג פון די באַזונדערע אינטערעסן פונם גרעסטן קלאַס, וואס פאר א ספעציאַליטעט וואָלט דאָס געווען, וואס פאר א ברייט פעלד!!! זיי וואָלטן אויסגעפילט דעם בלויז אינם „געזעצגעבערשן קאָרפוס”, וואו די פויערשע קראַפט איז לאַכלוטן ניט פארטראטן. מיר, וואס האָבן ניט אין אונזער רעשוס קיין איינעם פון אזוינע מיטלען, ווי רייכקייט, פארבינדונגען, מעלוכישע אַמט, צייטונגס-עפנטלעכקייט,—מיר זיינען געצוואונגען צו געבן אונזערע קאנדידאַטורן א קלאָרן און אויסדרוקפולן נאָמען און ווי ווייט מעגלעך אנרופן די זאַכן מיט זייערע ריכטיקע נעמען.

מיר האָבן ניט אונזערע קיין פאָרשטייער: און ווירקלעך, אף איינער פון די לעצטע זיצונגען פונם „געזעצגעבערשן קאָרפוס” איז איינמוטיק אויסגעדריקט געוואָרן סימפאַטיע דעם ארבעטער-קלאַס, אבער עס האָט זיך ניט געלאָזט הערן קיין איין שטים, וואָס זאָל מעסיק אבער פעסט פאָרמולירן אונזערע שטרעבונגען, אונזערע פארלאַנגען און אונזערע רעכט, אזוי ווי מיר פארשטייען זיי.

מיר האָבן ניט אונזערע קיין פאָרשטייער, מיר, וואָס זאָגן זיך אָפּ צו אנערקענען, אז ארעמקייט איז באַשטימט פון גאָט. די פילאַנטראָפּיע, אָט די קריסטלעכע גוטע מידע, האט אנשוילעך דערוויזן און האָט אליין אנערקענט איר אנמעכטיקייט אלס א סאציאלע אינסטיטוציע.

פארשטייט זיך, אז אין די גוטע אלטע צייטן, אין דער עפּאָכע פון „גאָטס כעסעד”, ווען די קעניגן און די אדעליקע, וואָס זיינען געגאנגען מיט גאָטס וועג, האבן אף זיך געקוקט, ווי אף די פּאָטערס און עלטערע ברידער פונם פאלק, ווען גליק און גלייכהייט זיינען געווען אן אוילעמהאבע-זאַך,—האָט די פילאנטראפּיע געדארפט שפּילן די ראליע פון א סאָציאלער אינסטיטוציע.

אָבער אין די צייטן פון פאָלקס-סואווערעניטעט און אלגעמיינע וואלרעכט איז דאָס און קאָן ניט זיין קיין אנדער זאַך אכוץ פערזענלעכע מאיסים-טויווים. ליידער ווערן די כעסרוינעס און שוואכקייטן פון דער מענטשלעכער נאַטור שטענדיק איבערלאָזן פארן ברידערלעכקייט-געפיל א גענוג ברייט פעלד אף צו טאָן טויוועס. אָבער די ניט פארדינטע ארעמקייט, אט די ארעמקייט, וואָס אין דער פאָרם פון קראנקייט, ניט גענוגנדיקן ארבעט-לוין און ארבעטלאָזי-

קייט, פארשליסט זי די איבערוועגנדיקע מערהייט ערלעכע און האָרעפּאַשנע מענטשן אין א פארקישעפטן קרייז, פון וואנען זיי קאָנען זיך בעשום אויפן ניט ארויסכאפּן, אט די ארעמקייט קאָן, לויט אונזער טיפער איבערצייגונג, פאר-שוואונדן ווערן—און זי וועט פארשוואונדן ווערן. פארוואס האָט קיינער ניט אנגעוויזן אף אט דעם אונטערשייד. מיר ווילן ניט זיין קיין אפּהענ-גיקע מענטשן אדער אזוינע, וואס לעבן פון צדאָקע. מיר ווילן ווערן גלייכע, מיר וואַרפן אפּ נעדאָוועס, מיר פאָדערן גערעכטיקייט.

מיר האָבן ניט אונזערע קיין פאָרשטייער, ווייל קיינער האָט ניט דער-קלערט, אז דער גייסט פון אנטאגאניזם ווערט מיט יעדן טאָג אלץ מער אפּ-געשוואכט אין דער פאלקס-מאַסע. זייענדיק אנגעלערנט פון דער דערפארונג, פילן מיר ניט קיין האַס צו מענטשן, נאָר מיר ווילן ענדערן די פּאָראָנדקעס. קיינער האט קיין ווארט ניט געזאגט וועגן דעם, אַז דאס געזעץ וועגן די קאאליציעס איז פארוואנדלט געווארן אינם איצטיקן מאָ-מענט פּאָשעט אין א סטראשידלע און ניט ב׳ויז וואָס עס באזייטיקט ניט די צאָרע, נאָר עס פארייביקט זי נאך און לאזט ניט איבער קיין שום אויסגאנג פאר די מענטשן, וועלכע באטראכטן זיך פאר די אונטערדריקטע.

מיר האָבן ניט אונזערע קיין פארשטייער, ווייל בעשאס מע האט בא-האנדלט די פראגע וועגן סינדיקאלע קאמערן, האט זיך ארויסגעוויזן א מאָדנער פלאנטער אין די קעפּ פון די לייט, וואס האבן רעקאמענדירט דידאזיקע אינ-סטיטוציע. לויט זייער מיינונג דארף די סינדיקאלע קאַמער צונויפגעשטעלט ווערן פון באלעבאטים און אַרבעטער און דארף זיין א מין פראפעסיאנעלער ראט פון ריכטער און פריודאָמען, וואס פארנעמען זיך טאג-איין און טאָג אויס מיט פאסקענען דינטוירעס. מיר פאדערן אַ סינדיקאלע קאמער, וואס זאל בא-שטיין אויסשליסלעך פון ארבעטער, וועלכע זיינען אויסגעווילט דורך אַן אל-געמיינער אָפּשטימונג, מיר פאָדערן צו גרינדן, וואלטן מיר געקאנט זאגן, אַן ארבעטער-פאלאטע, ווי עס עקזיסטירט א האנדלס-פאלאטע, און אונז ענטפערט מען מיט דעם, וואס מע שלאגט אונז פאָר אַ טריבונאל.

מיר האבן ניט אונזערע קיין פארשטייער, ווייל קיינער האט זיך מיט קיין איין ווארט ניט ארויסגערעדט וועגן דער ברייטער שטרעבונג, וואס באמערקט זיך צווישן דעם אַרבעטער-קלאַס, צו אָרגאַניזירן פאָלקס-קרעדיט. ווער ווייס דערפון, וואס אינם איצטיקן מאָמענט פונקציאָנירן אומבאקאנט אין פּאַריז 35 געזעלשאפטן פון קעגנזייטיקן קרעדיט? אין זיי זיינען אַריינגעלייגט פרוכט-באַרע שפּראָצונגען. אָבער פאַר זייער פולשטענדיקן אויפבלי נויטיקן זיי זיך אין דער פרייהייטס-זון.

די אָפּשטימונג פון 31-טן מאַי אין פּאַריז האט אומבאַשטרייטבאַר גע-לייזט די גרויסע פראַגע וועגן פרייהייט. דאָס לאַנד איז רואיק: צי וואָלט ניט געווען פאַרנינפטיק און פּאָליטיש שוין איצט אויספּרואוון די ווירקונג פון די

פרייע אינסטיטוציעס, וועלכע דאַרפן פאַרלייכטערן דעם ביסלעכווייזן איבערגאַנג פון דער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס איז געגרינדעט אַף לוין-אַרבעט, צו דער נייער געזעלשאַפט, וואס וועט זיין געגרינדעט אַפן אַלגעמיינעם רעכט? צי איז ניט ריזיקאַליש אָפּצואוואַרטן אַף די מאָמענטן פונם קריזיס, ווען די ליידנשאפטן זיינען אויפגערעגט פונם אומגליק פונם גאנצן פאָלק?

צי וועט דען דער דערפאָלג פון די אַרבעטער-קאַנדידאטורן ניט האבן אַ קאָלאָסאַלע מאָראַלישע ווירקונג? ער וועט דערווייזן, אַז אונזערע אידייען האָט מען באַנומען, אַז אונזערע בעשאָלעמדיקע שטרעבונגען האט מען אָפּגעשאַצט, און לעסאָף, אַז די געזעלשאפט זאָגט זיך ניט אָפּ צו פאַרווירקלעכן אין דער פראַקטיק דאָס, וואס זי אנערקענט פאַר גערעכט אין דער טעאָריע.

אין 1848 יאָר האט די אויסוויילונג פון אַרבעטער פאַקטיש סאַנקציאָנירט די פאָליטישע גלייכהייט. אין יאָר 1864 האט די דאָזיקע אויסוויילונג סאַנקציאָנירט די סאָציאַלע גלייכהייט.

אויב מע זאָל ניט באַשטרייטן די באַשיימפערלעכקייט, איז נויטיק צו אַנערקענען, אַז עס איז פאַראַן אַ ספעציעלער קלאס בירגער, וואס נויטיקן זיך אין דירעקטער פאָרשטייערשאפט, ווייל דער זאַל פון די זיצונגען פונם געזעצגעבערשן קאָרפוס איז דאס איינציקע אָרט, וואו די אַרבעטער וואלטן געקאָנט אין אַ ווירדיקער און פרייער פאָרם אויסדריקן זייערע פאַרלאנגען און פאָדערן, מע זאָל זיי געבן די רעכט, וואָס עס האָבן די איבעריקע בירגער.

לאָמיר באַטראַכטן די היינטיקע לאַגע אָן בייזקייט און פאַרורטיילן. צי שטרעבט דאָ די דעמאָקראַטישע בורזשואַזיע צו עפעס אַזוינס, צו וואָס מיר וואָלטן ניט געשטרעבט מיט דעמזעלבן ברען? זי שטרעבט צו באַפרייען דאס אַלגעמיינע וואַל-רעכט פון אַלע פענטעס, וואס מיט זיי איז עס געבונדן? אָט דאָס ווילן מיר. צו דער פרייהייט פון פרעסע און פאַרזאַמלונגען, וואָס איז אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע געזעצלעכע נאָרמען? דאָס ווילן מיר. צום פולשטענדיקן אָפטיילן די קירכע פון דער מעלוכע, צו איינשטעלן אַ ביודזשעט-גלייכגעוויכט, די פרייהייט פון אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג? דאס אַלץ ווילן מיר.

אָבער אָסער אויב אָן אונזער מיטהילף וועט די בורזשואַזיע באַקומען און איינהאַלטן די דאָזיקע רעכט און פרייהייטן, וועלכע זיינען די נעשאָמע פון אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט.

צו וואָס זשע שטרעבן מיר ספעציעל אָדער לעכאָלהאַפאָכעס, מער ענערגיש, איידער די בורזשואַזיע, פאָשעט דערפאַר, ווייל מיר זיינען דערין אומיטלבאַר פאַראינטערעסירט? צו אומזיסטער אָבליגאַטאָרישער פאָלקסבילדונג, און צו דער פרייהייט פון אַרבעט.

בילדונג אַנטוויקלט און שטאַרקט אינם מענטשן דאס געפיל פון זעלבסט-ווירדע, ד. ה. דעם באוואוסטזיין פון זיינע רעכט און זיינע היסכּאַיוועסן. דער מענטש, וואָס איז אויפגעקלערט אַף אויסצופילן זיין כויוו, אַפּעלירט צום פאַר-שטאַנד, אָבער ניט צו פיזישער קראַפט.

אויב אַלס קעגנוויכט צו דער פרייהייט פון האַנדל וועט ניט איינגעפירט ווערן קיין פרייהייט פון אַרבעט, וועלן מיר אינגיכן אַליין זען, ווי עס וועט זיך אויסבילדן אַ פינאַנציעלע אַריסטאָ-קראַטיע. גאָר אינגיכן וועלן די קליינבורזשואַ, פּונקט אזוי ווי די אַרבעטער, פאַרוואַנדלט ווערן אין אירע דינער. צי איז דען אינם איצטיקן מאָמענט ניט קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער קרעדיט ווערט ניט נאָר קיין צוגענגלעכער פאַר אַלעמען, נאָר אַדעראַבע, ער ווערט קאָנצענטרירט אין אַ קליינער צאָל הענט? און צי גיט דען אונז ניט דער פראַנצויזישער באַנק אַ ביישפּיל פון הימלשרייענדיקן אויוועער זיין אַלע עקאָנאָמישע פּרינציפּן? ער האט איינצייטיק די פּריווילעגיע אַרויסצולאָזן פּאַפּירגעלט און דאס רעכט צו העכערן אָן אַ גרענעץ די גרויס פון די פּראָצענטן!

מיר כאַזערן איבער, אָן אונז קאָן די בורזשואַזיע גאָר-ניט שאַפן עפּעס פּעסטעס און אָן אונזער מיטהילף קאָן זיך אונזער באַפרייאונג פאַרציען אַף אַ לאַנגע צייט.

לאָמיר זשע זיך פאַרייניקן אַף צו דערגרייכן דעם געמיינזאַמען ציל: פאַרן טריאומף פון דערווירקלעכער דעמאָקראַטיע...

קעדיי אויסצומיידן מיספאַרשטייעניש פאָרמולירן מיר בעקיצער אונזערע גרונט-האַנאָכעס.

די פּאָליטישע גרונט-באַדייטונג פון די אַרבעטער קאַנדידאַטורן באַשטייט אָט אין וואָס:

דערגאַנצן און דערמיט באַפעסטיקן די טעטיקייט פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע. זי האט אין די באַשיידנסטע אויסדריקן געפאָדערט דעם נויטיקן מינימום פרייהייט. די אַרבעטער-דעפּוטאַטן וועלן פאָדערן דעם נויטיקן מינימום עקאָנאָמישע רעפאָרמען.

דאס איז דער פּינקטלעכער אינהאַלט פון די אַלגעמיינע אנשויאונגען, וואס די אַרבעטער האבן אַרויסגעזאָגט בעשאַס דער וואַל-קאַמפּאַניע. וואס איז פאָרגעקומען פאַר די וואַלן פון 31-טן מאַי. דעמאָלט וואָלט מען אַף אַרויסצושטעלן די אַרבעטער-קאַנדידאַטור געהאַט בייצוקומען אַסאַך מעניעס. אָט פאַרוואָס מע וואָלט איר, ניט אָן אַ גרונט געקאָנט אויפוואַרפן, אַז זי האט פאַרשפּעטיקט. אינם איצטיקן מאָמענט, איז דער באָדן אָפּגערייניקט, און אַזוי ווי נאָך אונזער מיינונג איז די נויטיקייט פון אַרבעטער-קאַנדידאַטורן פון דע-מאָלט אָן נאָך מער אנשוילעך דערוויזן געוואָרן דורך אַלע לעצטע געשעענישן, קווענקלען מיר זיך ניט אַף צו פאַרלויפן פאַרויס, קעדיי אויסצומיידן דעם פאָר-וואורף, וואס מע האט אונז געמאַכט בעשאַס די לעצטע וואַלן“....

# 2. פּ. זש. פּרודאָן

(פראגמענטן פון דעם ווערק: „פראנצויזישע דעמאקראטיע״)

„דאָס פראַנצויזישע וואָרט mutuel, mutuation, mutualitè דער סי-נאָנים פון reciprocitè, reciproque, קעגנזייטיקער, קעגנזייטיקייט, שטאמט פונם לאַטיינישן וואָרט mutuum, וואָס באדייט לייען, (א זאַך אַף צו פאַר-ברויכן), אָדער אין א ברייטערן זין—אויסטויש. עס איז באַוואוסט, אז ווען מען לייט אַף צו פאַרברויכן, ווערט די געליענע זאַך פאַרברויכט דורך דעם, וואָס לייט, וועלכער קערט שוין נאָכדעם אום ניט דיזעלבע זאַך, וואָס ער האָט גע-ליען, נאר אן אַנדערע ענלעכע, גלייכע, אדער ניט גלייכע, זאַך, וואָס האָט אָבער יעדנפאַלס דעם זעלבן ווערט. זייט מעשאַער, אז דער, וואָס אנטלייט, לייט אליין אויך עפּעס באַ עמעצן: דאָ ווערט, הייסט עס, פאָרקומען א קעגנזיי-טיקע האַלוואָע אָדער אויסטויש. אָט דאָס איז די לאָגישע פאַרבינדונג, וואָס האָט געצוואונגען צו געבן איין און דעמזעלבן נאָמען צוויי פאַרשיידענע אָפּע-ראַציעס. לאָמיר זשע א קוק טאָן, ווי אַזוי ארום האָט אָט די אידייע פון קעגנזייטיקן אויסטויש, געגענזייטיקייט, וואָס האָט פאַרנומען דאָס ארט פון דער אידייע פון מאכט, געמיינדע-פּרינציפּ אָדער בארמהערציקייט,—געבראַכט אין דער פּאָליטיק און פּאָליטישער עקאָנאָמיע צו דער פאַרהעלטענישן-סיסטעם, וואָס איז לעגאַמרע קעגנזעצלעך דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

ערשטנס, וועלן מיר פרעגן, אונטער וואָסער נאָמען און צוליב וואסער איינפלוס האָט די אידייע פון קעגנזייטיקייט צום ערשטן מאָל באהערשט די מויכעס?

מיר האָבן שוין געזען, ווי די לוקסעמבורגער שול* פאַרשטייט די פאַרהעלטענישן פונם מענטשן און בירגער צו דער געזעלשאַפט און מעלוכע: לויט איר מיינונג באשטייט דידאָזיקע פאַרהעלטעניש אין אונטערוואָרפן זיך. פון דאַנען שטאמט די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט אַף מאַכט און געמיינ-דע-פּרינציפּ.

קעגן דעם שטייען אויף די פאַרטיידיקער פון פערזענלעכער פרייהייט, וואָס לויט זייער מיינונג דאַרף די געזעלשאַפט באַטראַכט ווערן ניט ווי א יעראַרכיע פון אמטן און פעאיקייטן, נאָר ווי א גלייכגעוויכט-סיסטעם פון פרייע קרעפטן, וואו אַלעמען זיינען גאַראַנטירט גלייכע רעכט מיטן תנאַי צו נעמען אַף זיך גלייכע פליכטן. גלייכע באַלוינונגען פאַר גלייכע באַציאונגען. הייסט עס, אַז אָט די סיסטעם איז אין טאָך געגרינדעט אַף גלייכהייט און פרייהייט; זי שליסט אויס יעדע נעטיע צו אַשירעס, ראַנגען און קלאַסן.

לויט דער מיינונג פון די, וואָס פאַרטיידיקן די מענטשלעכע פרייהייט, איז די מענטשלעכע נאַטור דער העכסטער אויסדריק, אויב ניט — די פאַרקער-

---

* עס רעדט זיך וועגן דעם לואי-בלאנישן סאָציאַליזם.

פערונג, פונם אלוועלטלעכן יושער. דאָס רעכט פונם מענטשן און בירגער דרינגט דעריבער אומיטלבאַר אַרויס פון דער כשיוועס פון זיין נאַטור, ווי שפעטער דרינגט אַרויס זיין וואוילשטאַנד דירעקט פון זיין פערזענלעכער אַרבעט און פון גוטן אָנווענדן זיינע פעאיקייטן. זיין גייסטיקע אנטוויקלונג אבער דרינגט אַרויס פון דער פרייער איבונג פון זיינע טאַלענטן און מאַילעס. הייסט עס, אַז די מעלוכע איז ניט מער, ווי אַ רעזולטאַט פון א פרייען פאַרבאַנד פון גלייכע, אומאָפּהענגיקע און רעכטלעך-געשיצטע מענטשן. אף אַזאַ אויפן שטעלט זי מיט זיך בלויז פאָר צוניפגרופירטע פרייהייטן און אינטערעסן, יעדע כלוקעדייע צווישן דער מאַכט און דעם אָדער יענעם בירגער איז אין טאָך א בירגערלעכע מאַכלויקעס. הייסט עס, אז אין דער געזעלשאַפט איז ניטאָ קיין אנדער פּרעראָגאַטיוו, אכוץ די פרייהייט, קיין אנהערע העכסטע מאכט, אכוץ דאָס רעכט. אווטאָריטעט און בארמהארציקייט האָבן אָפּגעלעבט זייער וועלט, זאָגן זיי. אנשטאט זיי דארפן מיר איצט האָבן גערעכטיקייט.

ארויסגייענדיק פון אָט די פּרינציפּן, וואָס זיינען דיאמעטראַל דער הייפעך פון די יעסוידעס פון דער לוקסעמבורגער שול, ווילן זיי ארדענונג, דעם פּרינציפּ פון קעגנזייטיקייט. א טויווע, פאַר אַ טויווע, זאָגן זיי, פאַרדינסט פאַר פאַרדינסט, א גמילעס-כעסעד פאר א גמילעס-כעסעד, אַ מאַשקן פאַר א מאשקן, א גאַראַנטיע פאַר אַ גאַראַנטיע: אָט אזוי איז דער געזעץ. דאָס איז די אמאָליקע פארגיטיקונג —: אן אויג פאַר אן אויג, א צאָן פאַר צאָן, א לעבן פאר אַ לעבן, — וואָס מע האָט אריבערגעטראָגן פונם קרימינעלן רעכט און פונם ווילדן ווענדעט-מינהעג (מישפּאָכישע נעקאָמע) אינם געביט פונם עקאָנאָמישן רעכט, און די פאַרהעלטענישן פון אַרבעט און פרייער ברידערלעכקייט. פון דאַנען דרינגען אַרויס אַלע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געגרינדעט אף קעגנזייטיקייט: קעגנזייטיקע פאַרזיכערונג, קעגנזייטיקער קרעדיט, קעגנזייטיקע הילף, קעגנזייטיקער אונטעריכט, קעגנזייטיקע גאַראַנטיע פון אָפּזאַץ, אויסטויש, אַרבעט, גוטער קוואַליטעט, ריכטיקער אפּשאַצונג פון דער אַרבעט א. א. וו. אָט צו וואָס עס שטרעבט די קעגנזייטיקייט-סיסטעם, וואָס איר ציל איז מיט דער הילף פון די באַקאַנטע אינסטיטוציעס צו פאַרוואַנדלען איר פּרינציפּ אין א מעלוכישן פּרינציפּ, אין א געזעץ, איך וועל זאָגן נאָך מער — אין א מעלוכישער רעליגיע, איבערהויפּט נאָך, אז דער וועג צו דעם איז פאַר די בירגער פונקט אַזוי לייכט ווי לוינבאַר, אַז ער פאָדערט ניט ניט קיין פּאָליציי, ניט קיין באַשטראָפונגען, ניט קיין דרוק און קאָן בעשום אויפן קיינעם ניט אָפּנארן אדער רואינירן.

דאָ הערט אויף דער אַרבעטער צו זיין בא דער מעלוכע א קנעכט, וואָס אים שלינגט איין דער קאָמוניסטישער אָקעאַן. ער איז אַ פרייער מענטש, א ווירקלעכער הערשער, וואָס האנדלט לויט זיין אייגענער איניציאטיוו און אף

זיין פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער איז זיכער, אַז ער וועט באַקומען פאַר זיין אַרבעט און פאַר זיין טירכע דעם געהעריקן פּרייז, וואָס באַלוינט אים געגוג, און ער וועט באַגעגענען אין זיינע מיטבירגער פולשטענדיקע גע-רעכטיקייט און גאַראַנטיע מעקויעך אלע זאַכן פון זיין געברויך. אויך די מע-לוכע, די רעגירונג הערט אויף צו זיין דער הערשער. די מאַכט איז דאָ ניט סויסער די פרייהייט. זי דינט דאָ אָף צו פעסטשטעלן די פרייהייט, נאָר פון אן אנדער שטאנדפונקט: די מאכט, די רעגירונג, די מעלוכע און אנד. זיינען דאָ פאָרמולעס, וואָס מע האָט גענומען פון דער אַמאָליקער שפּראַך אף צו באַצייכענען אין געוויסע פאַלן די סכומען, די איינהייט, זעלביקייט און סאָלי-דאַרישקייט פון די פריוואַטע אינטערעסן.

הייסט עס, אַז דאָ האָבן ניט קיין זין די פראַגן,—ווי אין דער בורזשו-אזער סיסטעם, אדער אין דער לוקסעמבורגער סיסטעם,—צי דארפן די מעלוכע, די רעגירונג אָדער די געמיינדע הערשן איבער דער פערזענלעכקייט אדער זיין אונטערגעוואָרפן אונטער איר. צי דארף די רעגירונג שטיין איבערן ביר-גער אָדער דער בירגער איבער דער רעגירונג. צי אונטערדריקט די מאכט די פרייהייט אָדער זי דינט איר. אָט די אַלע פראַגן זיינען א פּאָשעטער אַבסורד. די רעגירונג, די מאַכט, די מעלוכע, די געמיינדע און די קאָרפּאָראַציעס, קלאַסן, פרייע פאַרייניקונגען, שטעט, פאַמיליעס, בירגער, — מיט איין וואָרט, די גרופּעס און יעכידים, די מאראלישע און רעאלע פערזענלעכקייטן, — אלע זיינען גלייך פאַרן געזעץ און בלויז דער געזעץ אליין הערשט, מישפּעט און פאַרוואלטעט.

די קעגנזייטיקייט האָט אין אויג די צעטיילונג פון דער ערד, די פאַנאַנ-דערגרענעצונג פון די אייגנטומס, די אומאָפּהענגיקייט פון אַרבעט, דאָס אָפּטיילן די קאָלעקטיווע מינים איינדוסטריע אייגעם פונם אַנדערן, די ספּעציאַליזירונג פון די אַמטן, די פערזענלעכע און קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט לויט דעם, וואָס פאַר אַן ארבעט דאס איז—צי א פערזענלעכע אָדער א קאָלעקטיווע. זי האָט אין אויג די פאַרקלענערונג פון די קאָהאלשע הויצאָעס ביזן מינימום, די אויס-ראָטונג פון פאַראַזיטישקייט, די פאַרניכטונג פון אָרעמקייט. די געמיינדע, די יעראַרכיע, די אומצעטיילבאַרקייט, די צענטראַליזאַציע האָבן אדעראַבע אין אויג די פאַרמערונג פון די אַנשטאַלטן און מאַכט-אָרגאַנען, די אונטערוואַר-פונג פונם פריוואַטן ווילן, דעם אָנוועד פון די קרעפטן, די אנטוויקלונג פון די ניט פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען, די ענדלאָזע פאַרגרעסערונג פון די קאָהאָל-שע הויצאָעס—און מעמיילע די אַנטוויקלונג פון פאַראַזיטישקייט און אָרעמ-קייט...

...אַזוי ווי מיר האָבן דערלעבט די דעמאָקראַטיע און מיר אַלע האָבן גלייכע רעכט, אַזוי ווי דאָס געזעץ באַטיילט אונז מיט גלייכע כאַסאָדים און קאָוועד, מיין איך, אַז בעשאַס מיר נעמען זיך פאַר די איניאָנים, דאַרפן מיר אָפּוואַרפן יעדע פראַגע וועגן בכוירעס, און, אָפּשאַצנדיק קעגנזייטיק אונזער

מי, דאַרפן מיר אריינעמען אין כעשבן בלויז דעם ווירקלעכן ווערט פון דער אַרבעט.

א נוץ איז ווערט א נוץ,
אַן אַמט איז ווערט אַן אַמט,
א טויווע צאָלט אָפּ פאַר אַ טויווע,
אַן אַרבעטס-טאָג באַטרעפט אזויפיל ווי אַן אנדער אַרבעטס-טאָג.

און יעדע אַרבעט דאַרף באַצאָלט ווערן מיט אַן אַרבעט, וואָס אף איר איז פאַרברויכט געוואָרן דערזעלבער סכום מי און הויצאָעס.

ווען באַ אַזוינע אויסטוישן וואָלט אויסגעקומען אָפּצוגעבן פאַר וואָס ניט איז די בכוירע, וואָלט זי געקומען ניט פאַר יענע גלענצנדיקע, אָנגענעמע, גוט באַצאָלטע פליכטן, וועלכע זיינען אַלעמען געפעלן. זי וואָלט אויסגעפאַלן אַפּן כיילעק פון יענע שווערע אַרבעטן, וועלכע באַליידיקן אונזער דעליקאַטקייט און רעגן אויף אונזער אייגנליבע. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז דעם גוויר וועט איינפאַלן א מעשוגאס צו דינגען מיך פאַר א לאַקיי: „קיין נאַרישע מעלאָכעס זיינען ניטאָ, וועל איך זיך טראַכטן, עס זיינען בלויז פאַראַן נאַרישע מענטשן. די באַזאָרגונג פון א פערזענלעכקייט שטייט העכער פון נוצלעכער אַרבעט. דאָס זיינען די העלדישקייטן פון באַרמהארציקייט, וואָס שטעלן דעם, וואָס ווייזט זיי ארויס, העכער פון דעם, וואָס נעמט זיי אָן. איך וויל זיך קלאַל ניט דערנידעריקן און דעריבער וועל איך אָט וואָסערע באַדינגונגע אַרויסשטעלן פאַר מיין אַרבעט: דער, וואָס וויל מיך האָבן פאַר אַ לאַקיי, צאָלט מיר פון זיין פאַרנאָסע 50 פראָצענט, אניט וועלן מיר ארויסגיין פון ד גרענעצן פון ברודערלעכקייט, גלייכהייט, קעגנזייטיקייט: איך וועל זאָגן נאָך מער—מיר וועלן ארויסגיין פון די גרענעצן פון גערעכטיקייט און מאָראַליש-קייט, מיר וועלן אויפהערן צו זיין דעמאָקראַטן און וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געזעלשאַפט פון אַריסטאָקראַטן און גראָבע-יונגען”.

...ווער זעט ניט, לעמאָשל, אַז דער קליינהאנדל דאַרף אומפארמיידלעך עקזיסטירן, ווייל אניט, וואָלטן די גרויסע קאָמפּאַניעס געווען געצוואונגען, צו-ליב דער באַקוועמלעכקייט פון זייערע קוינים, צו עפענען אומעטום מאַגאַזינען און קאָנטאָרן? נאָך מער, אין דער אָרדענונג, וואָס איז געגרינדעט אף קעגנ-זייטיקייט, זיינען מיר אַלע, איינער בענויגייע דעם אַנדערן—קליענטן, אונטער-געוואָרפענע, דינער. דערין באשטייט טאַקע אונזער סאָלידארישקייט, וועלכע די אַוטאָרן פונם מאַניפעסט* פראָקלאמירן צוגלייך מיטן רעכט אף אַרבעט, מיט דער פרייהייט פון אַרבעט, מיט דער קעגנזייטיקייט פון קרעדיט א. א. וו. די סיסטעם פון איינשלינגען, וואָס אף איר זיינען געגרינדעט אלע גרויסע קאָמפּאַניעס פון די קאַפּיטאַליסטן אין די לוקסעמבורגער געמיינדעס, פאַרמיש-פּעט דעם מענטשן אַף אייביקער אונטערטעניקייט, אף אייביקער לוין-שקלאַפעריי.

* עס רעדט זיך וועגן דעם ”מאַניפעסט פון די 60“.

ניט שוין זשע וואָלט געוועזן שלעכט, ווען ער וואָלט געוואָרן א פרייער פּאַר-
קויפער, אדאנק דער קעגנזייטיקייט-סיסטעם, וואו מע קאָן זיך ניט פאַרשטעלן קיין
אַזשיאָטאַזש? דער באַרוף הענדלער באַשטייט ניט נאָר אין פאַרקויפן און
קויפן מיטן איינציקן צוועק צו באַקומען רעוואכים. דערדאָזיקער באַרוף דאַרף
דערהויבן ווערן צוזאַמען מיט דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס ער איז
פון איר א טייל. קוידעמקאָל איז דער הענדלער א פאַנאַנדערטיילער פון די
פּראָדוקטן, און ער דאַרף פּינקטלעך וויסן זייער קוואַליטעט, אויסאַרבעטונג, און
ווערט. די געברויכער פון זיין קרייז דאַרף ער מיטיילן די ידיעס וועגן די
פּרייזן, וועגן די נייע זאַכן, וועגן דעם אנקומענדיקן יאַקריעס, וועגן דער מעג-
לעכקייט, אַז די פּרייזן זאָלן פאַלן. דאָ איז נויטיק א שטענדיקע אַרבעט, וואָס
פאָדערט סייכל, פלייס, ערלעכקייט. אָבער, כאָזער איך איבער, בא די נייע באַ-
דינגונגען, אין וועלכע עס שטעלט אונז די קעגנזייטיקייט-סיסטעם, פאָדערט
ניט דעם פאַרקויפערס זאַך קיין האָר גאַראַנטיע (צווייפלהאַפטע, באַמערקט) מי-
צאַד דער גרויסער אַסאָציאַציע. אינם דאָזיקן פאַל איז פאַר דער געזעלשאַפט-
לעכער רואיקייט געגוג די אומענדערונג פון די זיטן מיט דער הילף פון פּרינ-
ציפּן. דעריבער פרעגט זיך, פאַרוואָס זאָל אומקומען דער עקאָנאָמישער אינ-
דיווידואַליזם? צו וואָס זאָלן מיר זיך מישן דערין? לאָמיר אָרגאַניזירן דאָס
רעכט, און זאָל דאָס קרעמל טאָן זיין זאַך. די סימפּאַטיע פון דער פּובליק וועט
געווענדעט ווערן צו דעם, ווער עס וועט זיין ערלעכער פון אַלע און פלייסי-
קער פון אַלע.

אָט אין וואָס עס דאַרפן באַשטיין, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, די
עלעמענטן פונם בונד צווישן דער קליינער, אינדוסטריעלער און האַנדלס-בור-
זשואַזיע מיט די אַרבעטער-קלאַסן, פון יענעם בונד, וועלכן עס האָבן הויך
פּראָקלאַמירט און וועלכן עס האָבן געפאָדערט די אַוטאָרן פונם מאַניפעסט.

„אָן אונז, זאָגן זיי מיט א טיפן פאַרגעפיל פון עמעס, וועט די בורזשו-
אַזיע גאָרניט קאָנען גרינדן. אָן איר מיטהילף קאָן אונזער באַפרייאונג זיך
פאַרציען אַף זייער לאַנג. לאָמיר זשע זיך פאַראייניקן פאַרן געמיינזאַמען ציל —
פאַרן טריומף פון דערווירקלעכער דעמאָקראַטיע.”

מיר וועלן אויך איבערכאַזערן נאָך זיי: דאָ קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן
ענדערן די שוין באַפעסטיקטע גרונט-האַנאָכעס. עס רעדט זיך פּאָשעט וועגן
דעם, אַז מע זאָל דורך דער פאַרקלענערונג פונם געצאָלט פאַר די געליענע
קאַפּיטאַלן און געדונגענע דירעס, דורך דער פאַרלייכטערונג און פאַרביליקע-
רונג פון דער דיסקאַנט-טאַקסע, דורך דער אויסראָטונג פון דער פּאַראַזיטיש-
קייט, פאַרניכטונג פון אַזשיאָטאַזש, אויפזיכט איבער די שפּייזלערס און מערק,
דורך דער אַראָפּזעצונג פון די פּרייזן פאַרן טראַנספּאָרט, דורך ברענגען די
ווערטזאַכן אין א גלייכגעוויכט, דורך העכערער בילדונג פון די אַרבעטער-
קלאַסן, דורך דער ענדגילטיקער אויבערהאַנט פון אַרבעט איבערן קאַפּיטאַל,
דורך א גערעכטיקן כיילעק אכטונג צום טאַלאַנט און צום אמת, דורך אָט דעם

אַלעם, זאָג איך, זאָל מען אומקערן דער אַרבעט און דער ערלעכקייט דאָס וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן בא זיי אָף אַן אומגערעכטן אויפן אָפּגענומען. מע זאָל פאַרגרעסערן דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאנד און פאַרפעסטיקן די עקזיסטענץ פון יעדער באַזונדערער פּערזענלעכקייט, מע זאָל אויסמיידן רואינירונג און באַנקראָט מיט דעם, וואָס מע וועט פּינקטלעך פירן די געשעפטן, מע זאָל שטערן ווי א רויבעריי, דער אנטשטייאונג פון קאָלאָסאַלע אַשירעסן, וואָס האָבן ניט קיין געזעצלעכן, ווירקלעכן גרונט, בעקיצער—מע זאָל מאכן א סאָף מיט אַ ל ע אנאמאליעס און אומאָרדענונגען, וואָס די געזונטע קריטיק האָט זיי שטענדיק געהאלטן פאַר דער כראָנישער סיבה פון דער ארעמקייט און פונם פּראָלעטאריאַט.

...דאָס זעלבע, וואָס אַף דער עקאָנאָמישער שפּראַך רופן מיר עס אָן „קעגנזייטיקייט אָדער קעגנזייטיקע פאַרזיכערונג", ווערט אינם פּאָליטישן זין אויסגעדריקט מיטן וואָרט: פ ע ד ע ר אַ צ י ע. אין אָט די צוויי ווערטער ווערט אויסגעדריקט אונזער גאנצע רעפאָרם אין דער פּאָליטיק און אין דער געזעלשאפטלעכער עקאָנאָמיע.

...הייסט עס, מיר זעען, אז דער פּאָליטישער און עקאָנאמישער אידעאל פון דער אַרבעטער-דעמאָקראַטיע איז ווייט ניט דער, וועלכן די בורזשואזיע פאַרפאָלגט אומזיסט שוין 70 יאָר. דעריבער קאָנען מיר זיך ניט באַטייליקן מיט דער בורזשואזיע ניט נאר אין איין פּאַרלאמענט, נאר אפילע אין איין אָפּאָזיציע: בא אונז האָבן די ווערטער גאָר אן אנדערע באדייטונג. אונזערע אידייען, פּרינציפּן, פארמען פון דער רעגירונג, אנשטאלטן, זיינען גאָר אנדערע. די פרייהייטן און גאראנטיעס פונם יאר 89, וועלכע מע האלט קעסיידער און אן שום רעזולטאט אין איין צוזאָגן, זיינען אומפארווירקלעכבאר אינם בורזשואזן קאָנסטיטוציאנאַליזם, בעאייס אין דער דעמאָקראַטישער סיסטעם נעמען זיי זיך פון זיך אליין אן שום שוועריקייטן. פון דאנען קומען מיר צום אומפארמיידלעכן אויספיר, אז אויב דאס אַרבעטער-פּאָלק האָט בא די לעצטע וואלן געקאָנט אָפּווארפן די קאנדידאטן פון דער רעגירונג, אלס די פּאָרשטייער פון דער אידייע, וואָס איז קעגן זיין פּרינציפּ, וואלט ער אוואדע געדארפט באגיין זיך פונקט אזוי אויך מיט די קאַנדידאטן פון דער אפאזיציע, ווייל, סאי די און סאי יענע פארטרעטן דיזעלבע אידייע, דיזעלבע פּאָליטיק, דיזעלבע ארדענונג מיט דעם אונטערשייד בלויז, וואס די מיניסטערישע קאנדידאטן זאָגן אָפנהערציק ווער זיי זיינען, בעאייס די אפאזיציאנעלע — נארן אָפּ זייערע וויילער און באהאלטן זייער געדאנק.

אויב דער ארבעטער-קלאס האלט פון זיך וויפל ניט איז און אויב ער יאָגט זיך ניט נאכן שאטן, דארף ער וויסן, אז קוידעמקאָל דארף ער ארויסגיין פון אונטער דער אפעטראָפּסעס, און דארף, ניט זארגנדיק זיך ניט וועגן דעם מיניסטעריום, ניט וועגן דער אפאזיציע, האנדלען פון היינט און ווייטער זעלבשטענדיק פאַר זיך. זיין אָדער א קראפט, אדער גארניט,—אט וואס אים שטייט פאָר".

# 3. אָגיוסט בלאַנקי

(פראגמענטן) פון דעם ווערק: „קאָמוניזם—די צוקונפטיקע געזעלשאפט״)

...אַסאָציאַציעס—אָט דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פונם קאָמוניזם! אָבער מע דאַרף ניט קיין אילוזיעס! דאָטדאָזיקע לעצטע וואָרט וועט ניט געזאָגט ווערן קאָ,זמאַן די קאָלאָסאַלע מערהייט וועט פאַרשווארצט ווערן אין אמעראצעס. גיכער וועט זיך די לעוואָנע אַראָפּלאָזן אַף דער ערד, איידער דער קאָמוניזם, אויב עס פעלט זיין אומאָפּטיילבאַרער באַשטאַנד-טייל—בילדונג. עס איז פאַר אונז גרינגער צו עקזיסטירן אָן לופט, איידער פאַרן קאָמוניזם אָן בילדונג, וואָס איז זיין אַטמאָספער און באַוועגונגס-געצייג. צווישן אָט די צוויי זאַכן, דעם קאָמוניזם און בילדונג, איז אזא ענגע פאַרבינדונג, אז איינס אָן דעם אנדערן קאָן ניט מאכן קיין טריט פאָרויס אָדער אַף צוריק. זיי זיינען שטענדיק געגאַנגען צוזאַמען זייט באַ זייט און איינס נעבן אנדערן און קיינמאָל וועלן זיי זיך ניט דערווייטערן איינס פונם אנדערן אף קיין שפאן ביזן סאָף פון זייער וועג.

אומוויסנהייט און קאָמוניזם לאָזן זיך ניט פאַרייניקן. אלגעמיינע בילדונג אָן קאָמוניזם און קאָמוניזם אָן אַלגעמיינער בילדונג זיינען אין גלייכער מאָס אומעגלעך. א מענטש פון דער קאָמוניסטישער אָרדענונג איז יענער, וועמען מע קאָן ניט ניט אָפּנאַרן, ניט פירן אין שפּאַן. אַן אמאָרעץ—דאָס איז אן אָפּגענאַרטער און א ווערקצייג אף אָפּצונאַרן, דאָס איז א קנעכט און א ווערקצייג אף צו פאַרקנעכטן.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז אין איין שיינעם פרימאָרגן זיינען אלע סאָלדאַטן אויפגעשטאַנען געלערנטע. איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר א פרעכטיק בילד עס וועט זיין, ווען די אָפיצערן וועלן אף מאָרגן באַזוכן די קאַזאַרמע, מיט וואָסערע, ווייניקסטנס גימנאַסטישע האָפקעס זיי וועלן מאַכן די פלייטע.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז די 38 מיליאָן פראנצויזן האָבן דורכגעמאכט דיזעלבע קישעפדיקע מעטאמאָרפאָזע ווי די אויבנדערמאָנטע סאָלדאטן. אין 24 שאָ ארום וואָלט קיין זייכער ניט געבליבן פון דער רעגירונג, און אין א כוידעש ארום—וואָלט געווען דער קאָמוניזם אין פולן ברען.

...אסאך יאָרן וועט מען דאַרפן אָפּגעבן אפן אָפּענעם קאַמף מיט די שווערע מעניעס, אזוי אז עס איז ניטאָ וואָס צו פאַרוויילן זיך מיט רעגולערע אטאַקעס אף די לייכטע פארצאמונגען, וועלכע מע קאָן אייגנטלעך נעמען פאַרבייגייענדיק. די אַרמיי, די רעליגיע, די מוניציפּאַליטעטן, די פּאָליטישע אָרגאַניזאציעס—דאָס אלץ זיינען לייכטע פאַרצאָמונגען. די אומוויסנהייט—אט דאָס איז אַ שרעקלעכער באַסטיאָן. צו איין טאָג אף יעדער פאַרצאָמונג, אָבער 20 יאָר אַפן באַסטיאָן! די פאַרצאָמונגען שטערן דער באַלאַגערונג—אוועק זיי! דאָס וועט אָבער קאָנען פאָרקומען אין א לאנגער צייט ארום. אזוי ווי דער קאָמוניזם וועט זיך קאָנען באַפעסטיקן אפן אָרט פונם כאָרעוו-געמאַכטן באַסטיאָן,

קאָן מען ניט אויסרעכענען, אז דאָס וועט פאָרקומען מאָרגן. א רייזע אף דער לעוואָנע וואָלט געווען א וויינציקער ריזיקאַלישע כימערע. דאָך איז דאָס א ריזיקאַלישע כימערע. דאך איז דאָס א כאָלעם פון אסאך אומגעדולדיקע—לייִדער א כאָלעם!—וואָס קאָן ניט פאַרווירקלעכט ווערן ביז עס וועט ניט פאָרקומען קיין רעוואָלוציע אין די מויכעס.

אַפילע די וואונשן פון גאנץ פראַנקרייך וואָלטן ניט געווען גענוג אף צו דערנעענטערן די שאָ, און אזא פרואוו וואָלט געבראַכט צו א מאפּאָלע און וואָלט געדינט פאַר א סיגנאַל פאַר א ווילדער רעאַקציע.

יעדער אָרגאַניזם לעבט בא ספּעציעלע באדינגונגען, און אויסער זיי איז ער ניט לעבנספעאיק. דעם קאָמוניזם קאָן מען ניט אימפּראָוויזירן, ווייל ער איז בלויז אַ פאָלג פון בילדונג. בילדונג אָבער לאָזט זיך ניט אימפּראָוויזירן.

...דער קאָמוניזם וועט טריט בא טריט זיך רוקן פאָרויס, פּאַראַלעל מיט דער בילדונג—זיין באגלייטער און אָנפירער. די קאמוניסטישע רעוואָלוציע וועט פאָרקומען אין דעם טאָג, ווען קיין איין מענטש וועט בא דער אלגעמיינער בילדונג ניט קאָנען אָפּגענאַרט ווערן דורך אן אנדער מענטשן. פון יענעם טאָג אָן וועט קיינער ניט ווען ליידן פון דער אומגלייכהייט פון די שטאנדן, און בלויז דער קאָמוניזם וועט דעמאָלט זיין בעקויעך צו באַפרידיקן די מענטשלעכע געזעלשאַפט.

...אָט אזוינע פאָלגן ווען, לויט אונזער מיינונג, זיין פון דער אלגעמיינער אויפקלערונג. באַמערקט: אין אָט דעם הארוסקאָפּ פיגורירט דער קאָמוניזם, ווי א פאָשעטער פויעליויצע, אבער קלאל ניט ווי א סיבע.

דער קאָמוניזם מוז אומפאַרמיידלעך קומען אלס פויעליויצע פון דער אַלגעמיינער בילדונג און אנדערש קאָן ער ניט קומען.

...דעם קאָמוניזם שרייבט מען צו, אז ער איז קלוימערשט אן אפלייקענונג פון פרייהייט און די אונטערדריקונג פון דער אינדיווידואליטעט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען דער קאָמוניזם וואָלט פריצייטיק געבוירן געוואָרן, וואלט ער, אט דאָס נעבעכדיקע מאַפּל-קינד, טייקעף געמאכט די פלייטע צוריק צו די עגיפּטישע טעפּ און צו דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט. אויב אבער ער דארף זיין א זון פון ק ע נ ט ע נ י ש, ווער וועט דעמאָלט וואגן צו קלאגן זיך אפן זון פון אזא מוטער! נאר איבעריקנס, וואו איז דער גרונט אף צו ווארפן אים באַשולדיקונגען? דידאזיקע באשולדיקונגען זיינען ניט מער ווי רעכילעס, איבערהויפּט נאָך, אַז דער באשולדיקטער האט דאך נאך אפילע קיינמאל ניט געלעבט.

אין וועמעס נאמען הויבט מען אויף אזא פרעכע באשולדיקונג? אין נאמען פונם אינדיווידואליזם, וואס דערהארגעט אומאויפהערלעך אין מעשעך פון יארטויזנטער די פרייהייט, דערהארגעט די אינדיווידואליטעט. זיינען דען פאַראַן אַסאַך אינדיווידן אין אונזער סוויווע, וועמען דער אינדיווידואליזם זאל ניט פאַרוואנדלען אין זיין קארבן און קנעכט? עפּשער איינער פון צען טויזנטצען טויזנט מארטירער אף איין אינקוויזיטאר, צען טויזנט קנעכט אף איין טיראַן!

און מע פאַרטיידיקט נאך די „פרייהייט״! איך פאַרשטיי, וואס פאַר א געמיין יעזואיטיש שפּיצל איז באהאלטן הינטער אט דעם נאמען.

די אליגארכיע—צי רופט זי זיך דען ניט אן דעמאקראטיע, דאס איוועך זיין אף א שוואוע—הייסט עס דען ניט ערלעכקייט, דערשטיקונג—הייסט דען ניט איינשטילן ?!

די „פרייהייט״, וועלכע קלאגט זיך אַפן קאמוניזם, מיר קאנען זי—אט די פרייהייט! דאס איז די פרייהייט צו פאַרקנעכטן, די פרייהייט אומבאשטראפט צו עקספּלואטירן, די פרייהייט פאַר די רייכע, אט די פרייהייט רופט אן דאס פאלק אונטערדריקונג, פאַרברעכן. דאס פאלק וויל זי ניט מער שפּייזן מיט זיין פלייש און בלוט.

אלע מאראליסטן—געזעצגעבער שטעלן ארויס דעם פּרינציפּ, אַז דער מענטש איז מאַקריוו פאַרן קלאַל א טייל פון זיין פרייהייט, מיט אנדערע ווערטער, אז די פרייהייט פון איינעם איז באַגרענעצט דורך דער פרייהייט פונם צווייטן. אָבער צי אנטשפּרעכט אָט דער פּרינציפּ דער מאָדערנער גע-זעלשאַפט מיט איר איינטיילונג אף פּריווילעגירטע און פּאַריער? וויפל דארף מען פאַרקנעכטן, קעדיי איינעם צו מאכן פאר א פרייען? 10, 20, 60, 100, 2CCO, דרייסיק טויזנט, הונדערט טויזנט. אומגעהויער זיינען די טאריפן, אום-געהויער איז זייער אָנווענדונג, בלויז די קייט בלייבט אומגעענדערט.

יעדער אריינרייסן זיך אין דער פרייהייט פונם צווייטן מאַכט צו נישט די ריכטיקע וואָרט-באשטימונג, וואס די מאראליסטן האבן געגעבן (וואס בלייבט אַגעוו אַ פּוסטער קלאַנג). פון אָט דער וואָרט-באשטימונג דרינגט אַרויס די סאָציאַלע גלייכהייט צווישן די פּערזענלעכקייטן. פון דאַנען איז געדרונגען: די פרייהייט האָט א גרענעץ בלויז אין דער גלייכהייט. בלויז אַווירקלעכע אַסאָציאַציע אַנטשפּרעכט אָט דעם סואווערענעם געזעץ. די אַלטע אָרדע-נונג האט עס געטראטן מיט די פיס אָן שאַנד און אָן ראַכמאָנעס! דער קאָמו-ניזם איז די רעטונג פון דער פּערזענלעכקייט, דער אינדיווידואליזם איז איר אומקום!

פארן קאָמוניזם איז יעדע פּערזענלעכקייט הייליק, פאַרן אינדיווידואַליזם האט זי ניט מער ווערט איידער אַ רעגן-וואָרעם און ער איז זי מאקריוו גאנצע העקאַטאָמבעס ווייז פאַרן בלוטיקן טריומווירא‌ַט: לאָיאָלען, צעזאַרן, שיילאָקן... און נאָכדעם דערקלערט רואיק דער אינדיווידואליזם: דער קאָמוניזם וואָלט געוועו די אונטערדריקונג פון דער פּערזענלעכקייט!

... די בורזשואַזע וויסנשאפט, וואס האט באשאָטן און האַלט ווייטער אין באַשיטן די מענטשהייט מיט אַזוי פיל גליקן, איז זייער פארדאיגעט, זעענדיק, אַז איר טוירע טרעט אַרויס אונטער אונזערע פאָנען. אין איר פארדאיגעטקייט פּאָדערט זי, אַז דער קאָמוניזם, — איר יונגער קעגנער — זאָל קלאָר מאכן אַלע איינצלהייטן פון דער צוקונפטיקער אָרגאניזאציע, זאָל לייזן אַלע שוועריקייטן, וועלכע איר געפעלט פארויסצוזעען, זי פּאָדערט, אַז אַף צו באַפרידיקן איר

בייגעדיקייט זאָל אויסגעבויט ווערן אַ פולשטענדיק פּאַרטיקע געביידע ביזן לעצטן פלעקל און לעצטן טשוועקל.

ווי אַזוי וועט דער בירגער פון אָט דער נייער צייט שאַפן מיט זיך אַליין, מיט זיין צייט, מיט זיינע געדאנקען, פאַנטאַזיעס? ווער וועט וואַשן דאָס געשיר, ווער וועט פארקערן, ווער וועט אויסגיסן די נאַכט-טעפּ, שלעפּן וואַסער, ווער וועט ארויסבאַקומען קוילן? אַף די אַלע פרעכע פראגן איז פאַראַן בלויז איין ענטפער: „דאָס איז ניט אייער אייסעק״.

און וואס איז דאָ וואס צו ריידן! דאָ זיינען פאַראַן פערציק, פופציק מיליאָן מענטשן. יעדערער פון זיי איז געבילדעטער פון יעדן אַקאַדעמיקער. יעדערער איז באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס קעגן געוואַלט און שווינדל. אַלע זיינען אויפגערעגט, ווי מענטשן פון געפיל, און אומצוטרויליך, ווי שרעקעדיקע פערדלעך. גאָרניט פון דער פארשאלטענער זאַך, וואס רופט זיך אָן הערשאפט, וואָלט ניט געקאָנט באווייזן די נאָז צווישן זיי, קיין סימען ניט פון אַווטאָריטעט, קיין האָר ניט פון צוואַנג, קיין קלאַנג ניט פון אַ באַפעל.

און אָט די פערציק מיליאָן באַגאבטע מענטשן, וואס קיינער פון אונז איז ניט ווערט זייער נאָגל, אָט די מענטשן, קעדיי צו אָרגאניזירן זיך, נויטיקן זיך אין אונזערע אייצעס, אין אונזערע רעגלאַמענטן, אין אונזער אָנווייזונג! אָן אונזער הילף וואָלטן זיי ניט געוואוסט, וואו צו באַקומען הויזן און אַ העמד! זיי וואָלטן נאָך כאַסוועשאָלעם דאָס עסן געדרוקט אין אויער, ווען מיר וואָלטן זיי ניט געוואָרנט, אַז מע דאַרף עסן מיטן מויל.

„. הייסט עס, אַז דער קאָמוניזם איז ניט קיין אוטאָפּיע, ער איז אַ פּויעליוויצע פון דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג און האט קיין שום שאַייכעס ניט צו יענע דריי אָדער פיר סיסטעמען, וואָס זיינען אַרויס פּאַרטיקע פונם מויעך פון די פאַנטאַזיאָרן. עס איז קלאָר, אַזאַ קאַבע איז געווען אומגערעכט, ווען ער האָט געוואונשן צו זען דעם ריכטיקן אידעאַל פון דער צוקונפט, וואָס איז פלוצלינג פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער אוטאָפּיע. ער וואָלט נאָך גערארפט ליידן אַ מער ביטערן דורכפאַל, איידער זיינע נאָכמאכער, ווייל דער קאָמוניזם איז אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, און איז ניט קיין איי, וואס עפּעס אַ פויגל אַף צוויי פיס אָן פעדערן און פליגלען האָט געלייגט ערגעץ אַף אַ הינטערהויף פון דער מענטשהייט.

די סען-סימאָניסטן, פוריעריסטן, פּאָזיטיוויסטן האָבן דערקלערט אַ מילכאָמע דער רעוואָלוציע און האבן זי באַשולדיקט אין די סאַמע אומפאריכטבאַרסטע פעלערן. אין פארלויף פון דרייסיק יאָר האָבן אייערע רעדעס אָנגעזאָגט דער וועלט דעם סאָף פון דער צעשטערונגס-טקופע און דעם אָנקום פון דער אויפבוי-טקופע אין דער געשטאַלט פון זייערע קאָלעריליי מאָשיאַכן. זייענדיק אין אַלגעמיין פיינטלעך איינער דעם אַנדערן, פלעגן דידאַקטיקע סעקטעס זיך צונויפקומען בלויז אין זייער גאַליקן קריטיקירן די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיי האלטן פאַר איינגעגעסענע פאַרברעכער, וואס זאגן זיך אָפּ צו עפּע-

נען די אויגן פארן ליכט פון זייער טוירע און די אויערן פאר זייערע לאָזונגען.

קעדיי־פעסטצושטעלן דעם כילעק צווישןביידע ריכטונגען, איז גענוג צו זאָגן, אַז די קאָמוניסטן האבן ניט אויפגעהערט צו זיין דער העלדישסטער אַוואַנגאַרד פון דער דעמאָקראטיע, אין דער צייט, ווען די אוטאָפּיסטן, האָבן איינער מיטן אַנדערן קאָנקורירט אין געמיינקייט און אין פאַרשווארצן די רעפובליק. קעדיי אויסצובעטלען באַ די רעאַקציאָנערע רעגירונגען פאַרשיידענע כאַסאָדים, דער קאָמוניזם איז דער מעהוס און דער מויעך פון דער רעוואָלוציע. די נייע רעליגיעס אָבער זיינען פיינטלעך דער רעוואלוציע ניט ווייניקער, ווי די אַלטע.

אַלע ווייסן איצט, וואס זיינען אַזוינס די סען־סימאָניסטן: דאס זיינען די זיילן פון דער אימפעריע. פאַרשטייט זיך, אַז מע קאָן זיי ניט באַשולדיקן אין שמאַד. זייער לערע האט אָפּגעהאלטן אַ גלענצנדיקן ניצאָכן: די הערשאַפט פונם קאַפּיטאל, די אַלמעכטיקייט פון די בענק און פון דער גרויסער אינדוסטריע. צוזאמען מיט זיי געוועלטיקן אויך די סען־סימאָניסטן, ניטאָ קיין מער ריכטיקערע זאַך. אָבער צו זאָגן, אַז אָט די בראַווע לייט רעכענען זיך פאר געפערלעכע און נאוואטאָרן ? !

די פוריעריסטן האבן 18 יאָר אַרומגעטאנצט אַרום לואי פיליפּן און זיינען געזעסן באַ די רעפּובליקאנער אַפּן קאַרק. ווען די רעפּובליקאנער האבן געזיגט, זיינען זיי אַריבער צו דער רעפּובליק, אָבער זיי זיינען געווען פאַרוואונדערט און נישטוימעם, ווען מע האט זיי מעשאַלייעך געווען פון דאָרט, וואו זיי האבן געהאָפּט צו באקומען מאַכט. אינם טומל זיינען זיי פאַרשוואונדן געוואָרן צוזאמען מיט זייער לעכערלעכער אוטאָפּיע, זייערע רעשטלעך האבן זיך אריינגעגאָסן אין די רייען פון די דעמאָקראטן. זיי האבן ניט אַף וואָס צו האָפן אין אַן אַנדער אָרט.

דער פּאָזיטיוויזם, די דריטע כימערע פון אונזער יאָרהונדערט, איז אַרויסגעטראָטן מיט דער אָפּלייקענונג פון אַלע רעליגיעס, און האט אָבער געענדיקט מיט דער לעכערלעכער פאַרייניקונג פון דער קאַסטע־סיסטעם מיט עפּעס אַ קאַריקאטורישן קאַטאָליציזם.

קאָנט האט געווידמעט זיינע לעצטע טעג אַף צו זינגען שוואָכים דעם צאַר ניקאָלאי און אַף צו באשמוצן די רעוואלוציאָנערן. מיט זיין קאַסטע־סיסטעם האט ער געמיינט צו דעראָבערן דאס הארץ פון דער רעאַקציע. אָבער ניט די רעאקציע, ניט דער צאַר האבן אַפילע ניט אָנגעטאָן דעם קאָוועד אַ קוק צו טאָן אין זיין זייט.

דער קאָמוניזם, וואָס איז דאסזעלבע וואס די רעוואלוציע, דאַרף זיך אָפּהיטן פון יעדער שפור פון אוטאָפּיע און דאַרף זיך ניט אָפּקערן פון פּאָליטיק. אָט דאָ ניט לאַנג האָט זיך דער קאָמוניזם געהאלטן אויסער פּאָליטיק. איצט איז ער אינגאנצן אוועק אין דער פּאָליטיק. זי איז אָבער ניט מער, ווי זיינע אַ דינערן, און ער דאַרף זיך ניט צופיל פלייסן, אַז זי זאָל אים באדינען.

דעם קאָמוניזם דאַרף מען זיך ניט אָנבינדן אָט שוין, ווייל דער מאָרגנ-דיקער טאָג איז נאָך ניט דער ערעוו ניצאָכן. דאס וואָלט באַטייט צו פארוועלן אויפהויבן זיך אַף דער זון. ווער עס וועט מאכן אַזאַ פּרואוו, דער וועט זיך אויפכאפּן אַף דער ערד מיט צעבראָכענע ביינער, איידער ער וועט נאָך באַווייזן אויפהויבן זיך הויך, און וועט דאַרפן אַף לאנג זיך ארייגלייגן אין שפּיטאָל.

... ווען עס וועט קומען דער טאָג פון דער רעוואלוציע, וועט ער זיין אַ פלוצלינגער קלאַפּ. ניט דערפאר, ווייל ער האט דורכגעמאכט אַ פלוצלינגע טראנספאָרמאציע. די מענטשן און זאכן וועלן בלייבן דיזעלביקע, וואס ערעוו דער רעוואָלוציע. בלויז די האפענונג און די מוירע וועלן זיך בייטן מיט די ערטער. די קייטן וועלן אַראָפּפאלן, דאס פאָלק איז פריי און ברייטע האפענונגען עפענען זיך פאר אים.

וואס זאָל מען דעמאָלט טאָן? אויסבויען אַ נייע פּאָסט-סטאנציע פאַרן אַלטן דיליזשאַנס, ווי אין 1848 יאָר, און רואיק לאָזן זיך מיטן אַלטן וועג? מיר ווייסן וואוהין ער פירט. אויב אָבער פארקערט, די אויבערהאנט וועט נעמען דער קאָמוניסטישער באוואוסטזיין, וועט די מענטשהייט אויך גיין מיט צוויי פאַראלעלע וועגן. איינער פון זיי פירט עטאַפּ נאָך עטאַפּ צו דער אַלגעמיינער אָנגעצאָלטער בילדונג, דער צווייטער—מיטן אַנטשפּרעכנדיקן עטאַפּ—צום קאָמוניזם. אינם אָנהויב פון ביידע וועגן דאַרף אָנגענומען ווערן איין און דערזעלבער מאָסמיטל; די צעשטערונג פון די מעניעס. די לעצטע זיינען גוט באקאנט: דאס איז די שווארצע אַרמיי און די פארשווערונג פונם קאַפּיטאַל.

מיט דער שווארצער אַרמיי האַלט עס פראָסט: ארויסגעטריבן זי און אַ סאָף. דער קאפּיטאל לאָזט זיך ווייניקער בויגן. זיין שטענדיקער גאנג איז באַוואוסט. ער אנטלויפט אָדער באַהאלט זיך אוי׳ס. נאָכדעם, זעצט זיך דער קאַפּיטאליזם אוועק באַם פענסטער און קוקט רואיק, ווי דאס פאָלק וואלגערט זיך באַם רינשטאָק. דאס איז די געשיכטע פון 48-טן יאָר. דאס פאָלק האט געזיפצט, געוויינט, געזידלט, נאָכדעם איז עס צו שפּעט ביי׳ז געווארן, מע האט עס גוט אָנגעשלאָגן און עס האט ווידער באקומען זיינע קייטן. לאָמיר זשע דאס אַלץ ניט דורכמאכן אַף דאסניי.

שטערן דער פארשווינדונג פון די מעטאַל-מאַטבייעס איז אומעגלעך. עס לוינט אַפילע ניט וועגן דעם צו זאָרגן! אָבער די אומבאוועגלעכע גיטער און אַפילע די באוועגלעכע קאָנען ניט ניט באהאלטן ווערן און ניט אַנטלויפן: דאָס איז גענוג. אין דער ערשטער ריי פּילט מען אויס דרינגענדיקסטע אַרבעט.

## די דרינגענדיקע באשטימונגען

### א. די עקאָנאָמישע

1. באַפּעל צו אַלע דירעקטאָרן פון די אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אונטערנעמונגען. אונטער מוירע ארויסגעטריבן צו ווערן, אויפצוהאלטן צייט-

ווײליק דעם status quo אין זײערע אונטערנעמונגען סײַ בענוגייע דעם פּערזאָנען־באַשטאַנד און סײַ בענוגייע דעם אַרבעטס־לױן. שפּעטער וועט די מעלוכע שליסן מיט זײ אַן אָפּמאַך. וואו די דירעקטאָרן וועלן ארויסגעטריבן ווערן, ווײל זײ וועלן זיך אָפּזאָגן אונטערצואווארפן זיך דערדאָזיקער פּאַראָרדע־נונג, דאָרט דאַרף אָנשטאָט זײ באַשטימט ווערן אן אנדער פּאַרוואַלטונג.

2. צונויפרופן קאָמפּעטענטע קאָמיסיעס אַף איינרעגולירן די פראַגע וועגן די גרענעץ־אָפּצאָלן, ארץ־גרובן, גרויסע אינדוסטריעלע קאָמפּאַניעס, וועגן קרעדיט און וועגן געלט.

3. צונויפרופן א קאָמיסיע, וואָס מע זאָל זי באאויפטראגן אָנצומערקן די פּרינציפּן פון איינאָרדענען די אַרבעטער־אַסאָציאַציעס.

מיט אָט די באַפעלן וועט אָפּגעשלאָגן ווערן דער פּאַרטעטרישער קלאַפּ מיצאַד די קאַפּיטאַליסטן, און פאַרן ערשטן מאָמענט איז דאָס די הויפּטזאַך. די אַרבעטער וועלן דעמאָלט קאָנען זיך ריכטן אַף ווייטערדיקע עקאָנאָמישע מאָסמיטלען ניט אינם רינשטאָק, ווי דאָס איז געווען אין יאָר 1848, נאָר אין אן אנדער ארט.

## ב. פּאָליטישע מאָסמיטלען

פאַרניכטן די אַרמיי אונדעם ריכטער־שטאנד, טייקעף אָפּזאָגן די העכערע און מיטעלע באאמטע. אויפהיטן צייטווייליק דעם געהאלט פאַר די קליינע באַאַמטע.

צעטרייבן די מענערשע און פרויענשע שווארצע ארמייען (די מאָנאַכן און מאָנאַשקעס).

נאציאנאליזירן די באַוועגלעכע און אומבאוועגלעכע גיטער פון די קלויס־טערס, קולט־געמיינדעס, פון די מענערשע און פרויענשע קאָנגרעגאציעס און אויך פון זייער פּערזאָנען־באשטאנד.

באנייען די ווירקונגס־קראַפט פון די הויסאפּ־געזעצן פון 24 פעווראל פון 1848־טן יאָר קעגן די ווירקלעכע סאָנים פון דער רעפּובליק. אנולירן אַלע קאָנטראַקטן וועגן פאַרקויפן די אויבנאויסגערעכנטע גיטער אָדער די היפּאָטעקן אף זײ, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן נאָכן ארויסגעבן דעמדאָזיקן געזעץ.

רעארגאניזירן דעם אמט־פּערסאָנאַל. פאַרניכטן די געריכטן און דעם קאָדעקס וועגן די שטראָפן. אן ארביטראזש פאַר די בירגערלעכע איניאָנים און געשווארענע בייזיצער פאַר די קרימינעלע. שטראָף, וואָס זאָל זיין פּראָפּאָרצי־אָנעל צום פאַרברעכן, נאָר זאָל באַשטימט ווערן דורך די ריכטער ניט לויט אן אפריער אויסגעאַרבעטן טאריף, נאָר אויסשליסלעך לויטן געוויסן. דער געזעץ דאַרף איינשטעלן בלויז דעם מין פון די באשטראָפונגען.

שאַפן א טעריטאָריאלע מיליציע־ארמיי. אלגעמיינע באַוואָפענונג פון די אַרבעטער און רעפּובליקאַנער. קיין שום פרייהייט פאַר די סאָנים.

## ג. פינאנציעלע מאָסמיטלען

פאַרניכטן דעם „גרויסן בוך פון די מעלוכע-כויוועס“.
א קאָמיסיע אַף איינצורעגולירן די פראַגע וועגן די שפּאָר-קאַסעס.
פאַרבייטן אלע דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן מיט איין דירעקטן פּראָגרעסיוון שטייער אַף יערושעס און האַכנאָסעס.

## ד. פאָלקס-בילדונג

איינשטעלן אן איינהייטלעכע שול פון דער ערשטער, צווייטער און העכסטער שטופע.

פאַרוואַלטונג: די דיקטאטור פון פּאַריז.

דאָס פּריצייטיקע ווענדן זיך צום אלגעמיינעם וואל-רעכט איז געווען אן אפריער דורכגעטראַכטער פּאַראַט. עס איז געווען באוואוסט, אז אדאנק דעם, וואָס זינט דעם 18 ברומער האָט מען דער פרעסע פאַרמאכט דאָס מויל, איז די פּראָווינץ געוואָרן א רויב פון די גייסטלעכע, פון דער ביוראָקראַטיע און אריסטאָקראַטיע, דאָס פאָדערן אָפּשטימונג פון דער פאַרקנעכטעטער באַפעלקערונג פון דער פּראָווינץ—האָט באַטייט פאָדערן אָפּשטימונג פון אירע האַרן.

די עכטע רעפּובליקאַנער האָבן געפאָדערט אָפּצולייגן די וואל-פאַרזאַמלונגען ביז דער צייט, ווען אדאנק דער פרייער דיסקוסיע, וועט יעדנס געוויסן זיין פריי. אבער דאָס האָט שטארק איבערגעשראָקן די רעאַקציאָנערן, וואָס זיינען געווען זיכער אינם באַלדיקן ניצחון פּונקט אזוי, ווי אין דער מאַכאָלע אינם פאַל, אויב די וואלן וועלן אָפּגעלייגט ווערן אַפילע אַף א יאָר. די ציטווייליקע רעגירונג האָט מיט א קיוון איבערגעגעבן די רעפּובליק אין די הענט פון דער רעאַקציע, וואָס האָט זי אָן לאַנגע שיעס אונטערדריקט.

דאָס ווענדן זיך נאָך דער רעוואָלוציע צו געהיימער אָפּשטימונג קאָן האָבן בלויז צוויי צילן, וואָס זיינען אין א גלייכער מאָס פאַרברעכעריש: אראָפּצורייסן די וואַלן מיט גוואלט אָדער א מאָנאַרכיע. מע וועט זאָגן, אז בא אן אפענער אָפּשטימונג וועלן זיגן די מינדערהייט און גוואלדזאמקייט. ניין! די מערהייט, וואָס מע געווינט דורך אָפּשרעקן און פאַרמאַכן דאָס מויל,— איז ניט קיין מערהייט, נאָר א מענגע קנעכט. דאָס איז א בלינדער טריבונאל, וואָס האָט אין מעשעך פון 70 יאָר אויסגעהערט בלויז איין צאַד. זאָל ער זשע איצט אין מעשעך פון 70 יאָר אויסהערן דעם צווייטן צאַד. ביידע צדאָדים קאָנען ניט איינהאלטן זייערע רעכט איינצייטיק, איז זאָלן זיי דאָס טאָן נאָך דער ריי, איינער נאָכן אנדערן.

פאַרויסזעענדיק די געשעענישן, זאָגן שוין די האָניק-זיסע רעאַקציאָנערן זייערע סענטימענטאלע און דורך און פאַלשע דראָשעס, וואו עס ווערט אָן א סאָף איבערגעכאַזערט דער אלטער ניגן: „אָ, וואָס פאַר אן אומגליק,

וואָס נאָכן אָפּהאלטן דעם ניצאָכן זאָרגן אלע פּאַרטייען בלויז וועגן רעפּרעסיעס, אָבער קלאל ניט וועגן דער פרייהייט!".

אין 1848 יאָר האָבן די רעפּובליקאַנער פּארגעסן וועגן די 50 יאר רעדי-פעס און האבן געשענקט זייערע סאָנים פולשטענדיקע און ברייטע פרייהייט. א פייערלעכער און פּאטאָלער מאָמענט! מער וועט ער זיך שוין ניט אומקערן. די זיגער האָבן, ניט געקוקט אף די לאַנגדויערנדיקע און שווערע אַוולעס, גע-נומען אַף זיך די איניציאטיוו, האָבן געגעבן אביישפּיל פון אלגעמיינער באַ-גנעדיגונג. וואָס איז געווען דער ענטפער?—פארטיליקונג. עס איז אלץ אין אָר-דענונג. אין דעם טאָג, ווען מע וועט דאָס פלעקל ארויסנעמען פונם מויל פון דער אַרבעט, וועט מען עס פעסט ארייגקלאפּן אין פּיסק פונם קאפּיטאַל.

איין יאָר פּאַריזער דיקטאַטור וואלט איינגעשפּארט פּאַר פראנקרייך און פּאַר דער מענטשהייט א פערטל יאָרהונדערט.

אויב עס וועט זיך פאָדערן צען יאָר פּאַריזער דיקטאַטור, לוינט זיך ניט אפּצושטעלן אויך פאר דעם.

די פארוואַלטונג פון פּאַריז—דאס איז די פּארוואַלטונג פונם לאַנד, וואָס איז פארווירקלעכט דורכן לאַנד, ד. ה. די איינציקע געזעצלעכע. פּאריז—דאָס איז ניט נאר איין קאַנטאָן, וואָס האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיינע קאַנטאָנאַלע אינטערעסן. ניין, דאס איז דער ווירקלעכער פאָרשטייער פונם גאנצן לאנד. פאר איר רעטונג דארף די רעוואָלוציע קאָנען פּאַרייניקן ענערגיע מיט פּאַר-שטאנד. דאס אנפאַלן אפן אייגנטום-פרינציפּ וואלט געווען פונקט אזוי נוצ-לאָז, ווי ריזיקאַליש.

דער קאָמוניזם קאָן ניט דעקרעטירט ווערן פון אויבן. ער דארף איינגע-פירט ווערן בלויז דעמאָלט, ווען דאָס לאַנד וועט דאָס אף א פרייען אויפן באַשליסן. און דאָס קאָן ניט זיין פריער, איידער עס וועט פארשפרייט ווערן אַלגעמיינע בילדונג.

מע קאָן ניט פאַרניכטן די פינסטערקייט אין 24 שאָ. פון אלע אונזערע סאָנים איז דאָס דער סאמע איינגעאקשנטער. עס קאָן זיין, אז עס וועט אפילע קיין צוואנציק יאָר ניט קלעקן אף צו מאכן א סאף מיט אים. די באַוואוסטזי-ניקע אַרבעטער ווייסן שוין פון דערפאַרונג, אז דער הויפּט-סוינע און, עס קאָן זיין, אויך דער איינציקער סוינע פון די אסאָציאציעס איז די אומוויסנהייט.

... ווען די מעלוכע וועט אויבעטן איבער דער פארשפּרייטונג פון ביל-דונג, וועלן די באַשיימפּערלעכע מאַילעס פון די אסאציאציעס זיך גלייך ווארפן דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאט אין די אויגן. דעמאָלט וועט די פּארייניקונג פון די ארבעטער אוועקגיין מיט דער העכסטער שנעלקייט.

באַזונדערס גרויס וועלן זיין די שוועריקייטן אין דאָרף. די אומוויסנהייט און פארדעכטיקייט געפינען זיך אפּטער און מער אינם שטיבל איידער אין ווארשטאט. כוץ דעם, עקזיסטירט ניט פּארן פּויער אזא נויטיקייט און פּאריג-טערעסירטקייט, וואס זאל אים ציען אין די „אסאציאציעס". דאס געצייג פון

זיין ארבעט איז א סאלידס און א זיכער. די אינדוסטריע, וואס איז דאס פולקא־מענסטע געצייג אף ארויסצופאמפען דעם קאפיטאל, איז פונדעסטוועגן א צע־פוילט שיפל, וואס די כוואליעס ווארפן עס פון איין זייט אין דער אנדערער זייט און וואס שטייט יעדע רעגע אין געפאר פון שיפבראך. די ערד־אַרבעט אבער האָט אונטער אירע פיס א פעסטן באָדן.

דער פויער קען זיין ערד־טייל. אף אים באפעסטיקט ער זיך, גראבט זיך ארום און האָט פאר גארניט קיין מוירע, אכוץ פאר אן אנפאל. פאר אים וואלט געווען א שיפבראך דעמאָלט, ווען זיין ערד־ביילעק וואלט איינגעשלונגען אט דער ערד־אָקעאַן, וואָס ער ווייס ניט זיינע גרענעצן. דעריבער גרילצן אים אזוי אין די אויערן די ווערטער „צעטיילן", „קאמוניזם". די פויערים האבן באַשולדיקייט די רעפובליק אינם גרעסטן טייל פון זייערע אומגליקן אין 1848 יאָר. זיי באשולדיקן זי אויך אין אלע דורכפאלן, וואָס האָבן זיך אנגע־הויבן זייט עס איז געשלאָסן געוואָרן דער בונד פון די דריי אימפעראַטאָרן.

דאָס הייסט פונדעסטוועגן ניט, אז דאָס וואָרט „קאָמוניזם" דארף מען אויסמעקן פונם פאָליטישן ווערטער־בוך. ווייט ניט! מע דארף צוגעוואוינען די פויערים צו אט דעם ווארט, קעדיי עס זאָל קלינגען פאר זיי ניט ווי א דרא־אונג, נאָר ווי א האפענונג. עס איז גענוג, אויב עס וועט פארגעשטעלט ווערן, אז דער קאָמוניזם איז אן אַלגעמיינע אַסאָציאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער פרייוויליקער פעדעראַציע פון די פריוואַטע אסאציאציעס. די פּא־ליטישע אסאציאציע פון דער פראנצויזישער טעריטאָריע עקזיסטירט שוין. פאַרוואָס זאָל מיטן פראָגרעס פון די אידייען, ניט ווערן די עקאָנאָמישע אסא־ציאציע די נאטירלעכע האַשלאָמע פון דער פּאָליטישער?

נאר מע דארף בעפיירעש דערקלערן, אז קיינער קאָן ניט ווערן מיט גוואלד אַריינגעצויגן אין דער אסאציאציע, און אויב עמעצער וועט מיט זיין ערד־טייל צושטיין צו איר, איז נאר מיטן פרייען ווּאונש.

די קאנטריבוציעס פון די מאַיאָנטקעס פון דער רעפובליקס סאָנים וועלן גענומען ווערן אין דער פאָרם פון געלט־שטראָף לויטן פסאַקדין פון די גע־ריכטן. דאס איז לאַבלוטן ניט סויסער דעם אייגנטום־פרינציפּ. עס וועט אויך נויטיק זיין צו מעלדן, אז די געריכטן וועלן אין זייערע אורטיילן שאַנעווען די קליינע און מיטעלע אייגנטימער, ווייל זייער סינע, אויב זי איז פאראן אַפילע, איז ניט אזוי געפערלעך און פארדינט ניט קיין שטראָף. אָבער ועמען מע דארף יאָ אָן קווענקלעניש און ראַכמאָנעס אויסקערן פונם לאַנד, זיינען דאס די אריסטאָקראַטן און די גייסטלעכע. מאַרש, קיין אויסלאַנד!

... אף איין אָפענער פאַרזאַמלונג האט מען געהאַט א האָזע צו ווארפן א באַשולדיקונג די „דעקלאסירטע", אז זיי שטרעבן צו א מעלוכע־איבערקע־רעניש, מע האָט נאך געוואַגט צו זאָגן, אז אַ געזעלשאַפט, וואס באשטייט פון געבילדעטע, וואָלט געווען ניט לעבנספעאיק. און אז דעריבער איז מער גע־וואונשן א געזעלשאַפט, וואָס באַשטייט פון מענטשן, וואס לאָזן זיך אפנארן.

צו קלאגן זיך אַף דעם, אז דעמאָלט וואָלטן געווען צופיל געבילדעטע, אין דער צייט ווען די געזעלשאַפט איז דאפקע צוליב איר אומוויסנהייט פאַרשקלאַפט—צי איז עס דען ניט די שפראך פון די סאָנים פונם פאָלק? זיי פאַרשטייען דאס אליין גוט און דעריבער באַהאלטן זיי טאקע זייער טאקטיק הינטער די כניפישע פראַזן. זיי באַגילדן דעם פיל און פאַרזיכערן די פּראָלעטאַריער, אז די קראַפט און פלינקייט פון די הענט האָבן ניט קיין קלענערן ווערט, ווי די קראפט פונם סייכל... די ארבעטער, וואָס גיבן אָפּ זייערע גאנצע קויכעס אַף דער זאַך פון אנטקנעכטן די מאסן, קענען גוט דעם סאַמאַמאָוועס פונם כניפישן ווייראַך. צו גוט ווייסן זיי, אז ניט פלינקייט, ניט קויעך פאַרבייטן ניט דעם סייכל און אז דער מעכאַבער פון וואסער עס איז ווערק פון דער אינדוסטריע קאָן גלייכצייטיק זיין אן אפגעריסענער נאַר.

„לאָמיר לאָזן צורו אָט די אלע פאנטאסטישע פּראָגראַמען, אָט די גאנצע פלוידעריי, די שטרייטן וועגן ווערטער און וועגן פאָרם.

די רעטונג פונם פאָלק איז אין בילדונג. דער אַלגעמיינער געשריי איז: „ליכט, ליכט!" אבער דער סוינע וויל דאָס ניט. ער מאכט פאַרצווייפלטע אנשטרענגונגען, קעדיי אומצוקערן אונז דעם מיטל-אלטער. ווער וועט זיך ניט דערמאָנען מאנטאלאמבערס מערקווירדיקע ווערטער, וואס ער האָט געזאָגט פון דער טריבונע פונם געזעצגעבערישן קארפּוס אין 1850 יאָר: „צוויי אַרמייען שטייען אינם איצטיקן מאָמענט איינע קעגן דער אנדערער, די אַרמיי פון גוטס און די אַרמיי פון גוטס! די ארמיי פון שלעכטס — דאָס זיינען די 40.000 גאַלאָכים, די אַרמיי פון גוטס זיינען די 40.000 לערער!"

איצט, ווען אומעטום, אפילו אַף די פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, האָבן זיך באַנייט די אַטאַקעס אַף די „דעקלאַסירטע" און אַף דער אַלגעמיינער אבליגאַטאָרישער בילדונג, איז שוין ניט שווער צו באַמערקן די פּעאָדאַל-קלעריקאַלע אינטריגעס, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער אַ פאַלשער סאָציאַליסטישער מאַסקע.

...אָפּטמאָל נויטיקט זיך דער, וואָס אַרבעט מיטן קאָפּ, מער, ווי דער ערגסטער ארבעטער. וואָס זיינען אַזוינס די „דעקלאַסירטע", אויב ניט קיין פּאַריער פון דער אינטעליגענץ? מע באַליידיקט זיי נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען אָרעם. ווי נאָר זיי באַקומען געלט, אַזוי גיך קומט זיי אָן זייער לייכט צו דערהויבן זיך ביזן סאַמע ערשטן ראַנג. וואָס פאַר אַ באַווייז דאַרף מען נאָך האָבן, אַז אין אונזער געזעלשאַפט שיידן זיך אונטער די מענטשן ניט לויט די פאַרדינסטן, נאָר לויטן פאַרמעגנס?

אסאַך געלערנטע לעבן און שטאַרבן אין אָרעמקייט, נאָכדעם ווי זיי האָבן דער וועלט געבראַכט נוצן, וועלכע קיינער האָט ניט באַמערקט. זיי האבן פאַרמאָגט קענטעניש, אָבער ניט קיין געשיקטקייט, און רייך ווערן קאָן מען נאָר דורך געשיקטקייט און דורך געשעפטמאַכעריי. בלויז געשעפטמאַכעריי— אָט דער בלוטזויגערשער אייוועל פונם וואַמפּיר—איז דער העכסטער האר פון אונזער אכזאריעסדיקער געזעלשאַפט. אומגליקלעך זיינען יענע, וועמען די

נאַטור האָט פאַרגעסן צו באַזאָרגן דערמיט. זיי וועלן דינען אַלס שפּייז פאַר דער קיניגן פון אַלע וויסנשאַפטן—דער וויסנשאַפט ווי אזוי צו עקספּלואטירן.

טויזנטער פון די בעסטע מענטשן גייען אויס אין טעהאָם פון דאַלעס. זיי זיינען א אייביקע דראאונג פאַרן קאַפּיטאַל. און דער קאַפּיטאַל האָט קיין טאָעס ניט אין זיין האַס. אָט די ניט באַמערקבאַרע ארמיי פונם פּראָגרעס, די „דעקלאַסירטע" זיינען דער זויערטויג, וואָס יערט טיף אין די מאַסן און לאָזט זיי ניט ארייַנפאַלן אין מאַראַזם.

מאָרגן וועלן זיי בילדן די ארמיי פון דער רעוואָלוציע !"

# 4. דער כאַראַקטער פון דער ענגלישער ארבעטער-באַוועגונג

## ענגלאַנד — דער הויבער פון דער עקאָנאָמישער רעוואָלוציע

(פונם צירקוליאַר פון גענעראַל-ראַט פונם אינטערנאַציאָנאַל)

„האַגאַם די רעוואלוציאָנערע איניציאַטיוו וועט מינעסטאַם קומען פון פראַנקרייך, קאָן אבער בלויז ענגלאנד שפּילן די ראָלע פונם הויבער פאַר אַן ערנסטער עקאָנאָמישער רעוואלוציע: דאָס איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו עס איז שוין ניטא קיין פּויערים און וואו דער ערדבאזיץ איז קאנצענטרירט אין אייניקע הענט. דאָס איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו די קאַפּיטאַליסטישע פאָרם, ד. ה. די הויך-אַנטוויקלטע אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון די קאַפּיטאַליס-טישע אונטערנעמער, האָט זיך שוין פאַרשפּרייט אין דער פּראָדוקציע. דאָס איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו א קאָלאָסאַלע מערהייט באַ-פעלקערונג באַשטייט פון לוין-אַרבעטער, דאָס איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו דער קלאַסנקאַמף און די אָרגאַניזירונג פונם ארבעטער-קלאַס דורך די טרעד-יוניאָנס האט דערגרייכט אַ געוויסע שטופע פון רייפקייט און אַלגע-מיינקייט. אדאנק ענגלאַנדס הערשאַפט אַפן וועלט-מאַרק, איז עס דאָס איינצי-קע לאַנד, וואו יעדע רעוואָלוציע אין די עקאָנאמישע פאַרהעלטענישן וואלט געדאַרפט האבן אַ דירעקטע ווירקונג אַף דער גאַנצער וועלט. אויב דער לענד-לארדיזם און דער קאַפּיטאַליזם זיינען צום שטאַרקסטן אַנטוויקלט אין ענגלאַנד, איז אבער, פון דער אַנדערער זייט, געפינען זיך אין אָט דעם לאַנד די מאַ-טעריעלע באַדינגונגען אַף צו פאַרניכטן זיי. דער הויפּט-ראַט געפינט זיך איצט אין אַ באַקוועמער לאַגע: ער שטייט איצט אומיטלבאַר באַם הויבער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואלוציע, און וואס פאַר אַ נאַרישקייט, נאך מער, מע קאָן זאָגן, וואס פאַר אַ פאַרברעכן, וואלט געווען פון זיין זייט, ווען ער וואלט דעמדאזיקן הויבער איבערגעלאזט אין די ענגלישע הענט אליין.

באַ די ענגלענדער זיינען פאַראַן אַלע נויטיקע מאַטעריעלע פאָרהאַנא-כעס פון דער סאציאַלער רעוואלוציע. אויב עס פעלט זיי עפּעס, איז דאס דער

גייסט פון פאראלגעמיינערונג, רעוואלוציאנערע ליידנשאַפט. בלויז דער הויפּט-ראַט איז בעקויעך אריינצובלאזן אין זיי אט די ליידנשאַפט און אַזוי אַרום פאַרשנעלערן די ווירקלעך-רעוואלוציאנערע באַוועגונג אין אט דעם לאַנד און מעמיילע אומעטום. די קאַלאָסאַלע רעזולטאטן, וואס מיר האבן שוין דערגרייכט אין אט דער ריכטונג, ווערן באַשטעטיקט דורך די סאַמע אינטעליגענטע און אנגעזעענסטע צייטונגען פון די הערשנדיקע קלאַסן, שוין ניט ריידנדיק לאכלוטן פון די אַזוי׳ גערופענע ראדיקאַלע מיטגלידער פון דער אונטערשטער פּאַלאַטע (פאַרלאַמענט) און פונם לארדן-הויז, וואס האבן נאך אט דא ניט לאנג געהאט א גרויסן איינפלוס אף די לידערס פון די ענגלישע אַרבעטער. זיי באַשולדיקן אונז אָפן אין דעם, אז מיר האבן פאַרסאַמט און קימאַט ענדגילטיק דערשטיקט דעם ענגלישן גייסט פונם אַרבעטער-קלאַס און האבן אים געשטויסן אין די אָרעמס פונם רעוואלוציאנערן סאציאליזם״.

## 5. פון דעם סטאַטוט פון דעם טרעד-יוניאָן פון דער „פאַריייניקטער אסאָציאַציע באוול-שפּינער״.

(אויסצוגן)

„... די אסאַציאַציע איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי צו פארזיכערן פאר אלע אירע מיטגלידער אַ גערעכטיקע באַלוינונג פאר דער ארבעט; קעדיי אויסצוגלייכן און מאַכן א שאָלעם באַ צוזאַמענשטויסן צווישן די אונטערנעמער און ארבעטער, אויסמיידנדיק אַף אזא אויפן אן אָפּשטעל פון דער אַרבעט קעדיי צו פויעלן, עס זאָלן אויסגעפּילט ווערן די פאַבריק-געזעצן אדער אנדערע געזעצגעבערישע באַשטימונגען וועגן ארבעט-שוץ; קעדיי צו געבן געלטשטיצע יעדן מיטגליד, וואס האָט געליטן איבער א שטרייק אדער א לאקאוט אדער האָט פארלארן די ארבעט-פעאיקייט איבער עפּעס אן אומגליק-פאַל״...

## 6. דער כאַראַקטער פון דער דייטשישער באַוועגונג

(פ. לאסאל. פראגמענטן פון דעם „עפנטלעכן ענטפער דעם צענטראל-קאמיטעט״, 1863 יאר)

... „מיינע הערן! אין אַייער בריוו פאַרבעט איר מיך אויסצולייגן פאר אייך, אין וואָס פאַר א פאָרם איך וויל, מיינע מיינונגען וועגן דער ארבעטער-באַוועגונג, די מיטלען, צו וואָסערע מע דאַרף זיך ווענדן קעדיי, צו פארבעסערן די לאַגע פון דעם ארבעטער-שטאנד פּאָליטיש, מאַטעריעל און גייסטיק און, דערהויפּט, די ווערדע פון אסאציאציעס פאר דעם גאָר אָרעמען קלאַס פון פאָלק.

עס איז פאר מיר ניט שווער צו דערפילן אייער פאַרלאַנג און איך קלייב אויס די פּאַשעטסטע פאָרם פון אן עפנטלעכן ענטפער אף אייער בריוו...

...נאָר פון פּאָליטישער פריהייט קאָן ער (דער ארבעטער-קלאַס) דערוואַרטן א באַפרידיקונג פון זיינע געזעלעכע אינטערעסן.

... דידאָזיקע פּארטיי (פון די פּראגרעסיסטן) האָט דערוויזן, אז קעגן אן אנטשלאָסענער רעגירונג איז זי און וועט זיין אנמעכטיק.

זי האָט דערוויזן, אז זי האט ניט די קלענסטע פּרעטענזיע אף די סימ-פּאַטיעס פון די דעמאָקראַטישע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, און עס איז איר לאַכלוטן פרעמד דער געפיל און פארשטאנד פון פאליטישער ערלעכקייט, וואס דער ארבעטער-שטאנד דארף דערמיט זיין דורכגעדרונגען.

דער אַרבעטער-שטאַנד דארף זיך ארגאניזירן אין א זעלבשטענדיקער ארבעטער-פּאַרטיי און אָננעמען פאר אַ לאָזונג פון דערדאָזיקער פּארטיי דאס אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַל-רעכט.

אַ פארטרעטערשאַפט פון דעם ארבעטער-שטאַנד אין די דייטשישע געזעצגעבנדיקע פארזאַמלונגען—דאָס איז דאס איינציקע, וואס עס קאָן באַפרידיקן זיינע געזעצלעכע אינטערעסן אין פּאָלי-טישן זין. בעהעסקעם דערמיט דאַרף די פּאָליטישע פּראָגראַם פון דער ארבעטער-פּאַרטיי זיין—פרידלעכע און געזעצלעכע אַגיטאַ-ציע צוליב דידאָזיקע צוועקן מיט דער הילף פון אלע געזעצלעכע מיטלען.

עס פארשטייט זיך שוין ווי אזוי די ארבעטער-פּארטיי דארף זיך פארהאלטן צו דער דייטשישער פּארטיי פון די פּראגרעסיסטן.

...אבער איר ווילט גרינדן שפּאָר-קאסעס, קאַסעס פאר אינוואַ-לידן, הילף און קראנקען-קאסעס?

איך בין מודיע, אז א געוויסער פארהעלטנישמעסיקער נוצן איז פאראן אין דידאזיקע אנשטאלטן, אבער אין העכסטן גראד א נישטיקער און עס לוינט זיך קימאַט ניט צו פּאטערן אף דעם קיין קויכעס.

... צי קענען די שולצע-דעליטש-אסאציאציעס, די קרעדיט- און ליי-גע-זעלשאַפטן, די רויווארג- און געברויך-באַשטייערונגען פארבעסערן די לאַגע פון דעם ארבעטער-שטאנד?

אף דערדאזיקער פראגע מוז מען אנטשיידן ענטפערן—ניין.

... וואס איז שאַיעך די קרעדיט- אדער ליי- און רויווארג-געזעל-שאפטן, איז סאַי די סאַי יענע עקזיסטירן נאר פאר דעם וואס פירט געשעפט אף אייגענע אכראיעס, הייסט עס, פאר דעם קליין-אינדוסטריעלן באַל-מעלאָכע, דעם אַרבעטער אין ענגן זין, פאַר ארבעטער, וואס זיינען פארנומען אין דער גרויסער פאַבריק-אינדוסטריע, וואס האבן ניט קיין אייגענע פּארנאסע, וואס צוליב דעם וואלטן זיי געדארפט האבן קרעדיט און רוי-מאטעריאל,—פאר זיי עקזיסטירן די געזעלשאפטן ניט.

...דידאָזיקע געזעלשאַפטן קאָנען נאָר פאַרלענגערן דעם קאַמף, וואס אין אים וועט די קליין-מעלאָכע אונטערגיין אונטערן דרוק פון דער גרויס-

אינדוסטריע און אינגיכן אָפּטרעטן איר דאָס אָרט אינגאנצן; דורך דעם וועלן זיי שטאַרקער מאַכן די ווייען פון דעמדאָזיקן קאַמף אַף טויט און וועלן אָן נוצן פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון אונזער קולטור. נאָר אויך אָט דעם ווערט האָבן זיי נאָר פאַר דעם קליינצאָליקן באַלמעלאָכישן קלאַס; דעם אַרבעטער-שטאַנד, וואָס איז פאַרנומען אין דער גרויסער אינדוסטריע און וואָס מערט זיך פון טאָג צו טאָג, רירן זיי לעגאַמרע ניט אָן.

עס בלייבט נאָך צו באַטראַכטן די געברויך-געזעלשאַפטן.

די אַנטוויקלונג פון געברויך-געזעלשאַפטן וואָלט זיך פאַרשפּרייט אַפן גאַנצן אַרבעטער-שטאַנד. פונדעסטוועגן זיינען זיי לאַכלוטן ניט בעקויעך צו פאַרבעסערן די לאַגע פון דעם אַרבעטער-שטאנד. דערויף זיינען פאַראַן דריי סיבעס, וואָס אין טאָך שטעלן זיי פאַר איין סיבע.

1. ... דער אַרבעטער-שטאנד ליידט דעם שאָדן, וואס אים טרעפט ניט ווי אַ געברויכער, נאָר ווי אַ פּראָדוצירער. הייסט עס, שוין דער-פאַר אַליין איז אַ טאָעס צו וועלן העלפן דעם אַרבעטער, ווי אַ געברויכער אנשטאט צו העלפן אים פון דער זייט, פון וואַנען מע דריקט אים ווירקלעך, ווי אַ פּראָדוצירער.

2. ... באַ די איצטערדיקע באַדינגונגען, אונטער דער הערשאַפט פון נאָכפרעג און אָנבאָט פון אַרבעט, ווערט דער אַרבעטס-לוין באַשטימט דורך דעם אייזערנעם געזעץ: די דורכשניטלעכע גרויס פון אַרבעט-סכירעס דריקט זיך אויס אַלעמאָל אין דעם אומ-באַדינגט נוטיקן געהאַלט, וואָס עס פאָדערט זיך לויט די געוואוינהייטן פון פאָלק אַף אויפצוהאַלטן דאס לעבן און די פאַרמערונג. אָט דאס איז דער פונקט, אַרום וואָסערן עס דרייען זיך די ווירקלעכע טאָג-סכירעס, ווי אַ פּאַמפּעדיקל, קיינמאָל ניט אויפהויבנ-דיק זיך אַף לאנג העכער פון אים און קיינמאָל אף לאַנג ניט אַראָפּלאָזנדיק זיך נידעריקער פון אים.

... די ווירקלעכע דורכשניטלעכע גרויס פון דעם אַרבעטס-לוין באַשטייט אין שטענדיקער וואַקלונג אַרום אָט דעם שטאנדפּונקט אירן, דערביי איז אַמאָל הויבט זי זיך (פּעריאָד פון וואוילשטאַנד אין אַלע אָדער אייניקע אַרבעט-צווייגן), אַמאָל פאַלט זי (פּעריאָד פון מער אָדער ווייניקער אַלגעמיינער נויט און קריזיסן).

די באַשרענקונג פון דער דורכשניטלעכער גרויס פון דעם אַרבעטס-לוין מיט גרענעצן, וואס זיינען נויטיק לויט די געוואוינהייטן פון פאָלק, צום עקזיס-טירן און פאַרמערן זיך, — אָט דאָס, כאַזער איך איבער, איז דער אייזערנער אַכזאָריעסדיקער געזעץ, וואס רעגירט באַ די איצטערדיקע אומשטאנדן, איבער דעם אַרבעטס-לוין.

... פון דער פּראָדוקציע פון דער אַרבעט ווערט גענומען און צעטיילט פאַר די אַרבעטער נאָר אַזוי פיל, וויפל ס'איז אומבאַדינגט

נויטיק, קעדיי אויפצוהאלטן זייער עקזיסטענץ (אַרבעטס-לוין). דער גאַנצער רעשט פון דעם פּראָדוקט פון דער אַרבעט פאַלט אַריין צו די אונטערנעמער.

3. ..... קאָלומאַן אין די געברויך-געזעלשאַפטן וועלן אַריינגיין נאָר איינצלנע אַרבעטער-קרייזן, וועט אין דעם אַרבעטס-לוין ביכלאַל באַ זיי קיין ענדערונג ניט פאָרקומען.

... מאַכן דעם אַרבעטער-שטאַנד פאַר זיין אייגענעם אונטערנעמער — דאס איז דער איינציקער מיטל אָפּצושאפן דעם אייזערנעם און אַכזאָריעסדיקן געזעץ, וואס באַשטימט דעם אַרבעטס-לוין. ווען דער אַרבעטער-שטאַנד וואָלט ווערן זיין אייגענער אונטערנעמער, דאַן וואָלט באָטל ווערן דער כילעק צווישן אַרבעטס-לוין און דעם רעוועך פון אונטערנעמער, און די באַלוינונג פון דער אַרבעט וואָלט ווערן דער פּראָדוקט פון אַרבעט.

די פרידלעכסטע, געזעצלעכסטע, פּאָשעטסטע פאַרניכטונג פון אונטערנעמערשן רעוועך דורך דער אָרגאַניזירונג פון דעם אַרבעטער-שטאַנד, מיט דער הילף פון פרייוויליקע אַסאָציאַציעס, ער זאָל ווערן זיין אייגענער אונטערנעמער; אָפּשאפן דורך דעם איינציקן מיטל יענעם געזעץ, וואס גיט די אַרבעטער באַ דער איצטיקער פּראָדוקציע נאָר דאס נויטיקע צום לעבן, אין דער געשטאַלט פון סכירעס, און דאָס איבעריקע אינגאנצן דעם אונטערנעמער, — אָט דאס איז דער איינציק ווירקלעכער. איינציק געוואונשענער מיטל, וואס אַנטשפּרעכט די גערעכטע פּרעטענזיעס פון דעם ארבעטער-שטאַנד צו פאַרבעסערן זיין לאַגע.

פאַרשטייט זיך, עס איז גאָר קיין שום סאָפעק ניטאָ, עס איז דורכויס ריכטיק, אַז איר וועט קיינמאָל ניט קאָנען דערגרייכן דעם ציל, קאָלומאן איר בלייבט אויסשליסלעך באַ אייערע איזאָלירטע אינדיווידועלע אָנשטרענגונגען.

אָבער דערפאַר טאַקע איז די מעלוכע מעכויעוו צו שאַפן פאַר אייך דידאזיקע מעגלעכקייט — נעמען אין אירע הענט צו דערמוטיקן און אַנטוויקלען די גרויסע זאַך פון פרייע אינדיווידועלע אַסאָציאַציעס פון דעם אַרבעטער-שטאַנד און מאַכן פאַר איר הייליקן כויוו צו געבן אייך די מיטלען און וועגן פאַר זעלבסטאָרגאניזירונג און זעלבסטאַסאָציאירונג.

... די מעלוכע קאָן אייך שאַפן דידאזיקע מעגלעכקייט גרינגער פון אַלץ דורך אירע גרויסע קרעדיט- און אומזאַץ-אינסטיטוציעס (די בענק)

... די מעלוכע געהערט צו אייך, ווייל פון אייך באַשטייט זי. וואס איז אַזוינס די מעלוכע? — האב איך געפרעגט, און אָט זעט איר פון עטלעכע ציפערן קלערער, איידער פון דיקע בענדער, אַז מעלוכע — דאס זייט איר, די גרויסע אַסאָציאַציע פון די אָרעמסטע קלאַסן.

... הייסט עס, די הילף און דערמוטיקונג, דורך וועלכע די מעלוכע וואָלט געבן די קלענערע אַסאָציאַציעס אַ מעגלעכקייט צו עקזיסטירן, וואָלטן געווען ניט מער, ווי אַ גאַנץ געזעצלעכע און נאטירלעכע זעלבסט-

הילף פון די אַרבעטער-קלאַסן, ווי אַ גרויסע אַסאָציאַציע בענויגייע זיך אַליין און זייערע מיטגלידער, ווי באַזונ-דערע יעכידים.

איך כאַזוער איבער: אַ פרייע און אינדיווידועלע אַסאָ-ציאַציע פון די אַרבעטער, נאָר פארווירקלעכט מיט דער הילף און שוץ פון דער מעלוכע, איז דער איינציקער אויסוועג פאַר דעם אַרבעטער-שטאנד פון זיין צאָרעדי-קער לאַגע.

אָבער ווי אַזוי פויעלט מען באַ דער מעלוכע אַזאַ מין אַריינמישן זיך? אויך אַף אָט דער פראגע קומט אַן ענטפער קלאָר ווי דער טאָג: דאס איז מעגלעך נאָר באַ אַן אַלגעמיינעם און דירעקטן וואַל-רעכט.

נאָר דאַן וועט איר פויעלן, אַז די מעלוכע זאָל אויספילן איר כויוו, ווען אַלע געזעצגעבנדיקע פארזאמלונגען פון דייטשלאנד וועלן זיין געבויט אַף אַן אַלגעמיינעם און דירעקטן וואַלרעכט.

... דאָס אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלרעכט איז, הייסט עס, ווי דאס איז איצטער קלאָר געווארן, ניט נאָר אַ פּאָליטישער פרינציפּ אייערער, נאָר אויך אייער סאָציאַלער גרונט-פרינציפּ, דער גרונט-באַדינג פון יע-דער סאָציאלער אויסבעסערונג. דאס איז דער איינציקער מיטל צו פארבעסערן די לאגע פון דעם ארבעטער-שטאַנד.

אָבער ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך אָט דאס אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלרעכט?

אָרגאניזירט זיך אין אַן אַלגעמיינעם דייטשישן פארבאנד מיטן צוועק פון פרידלעכער און געזעצלעכער, אָבער אומדערמידלעכער, אומאויפהערלעכער אַגיטאַציע פאַר דער איינפירונג פון אלגעמיינעם און דירעקטן וואַלרעכט אין אַלע דייטשישע לענדער.

... אָט דאָס איז די פאָן, וואס איר דארפט אויפהויבן. דאָס איז די פאָן, אונטער וועלכער איר וועט זיגן, און קיין אַנדערע איז פאַר אייך ניטאָ"...

## 7. די אייזענאכער פראָגראַם

I. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי שטרעבט איינצושטעלן אַ פרייע פאָלקס-מעלוכע.

II. יעדער מיטגליד פון דער פּאַרטיי איז זיך מיסכאַיעוו מיט אַלע קרעפטן ארויסצוטרעטן אַף צו פּאַרטיידיקן פאָלגנדיקע האַנאָכעס:

1) די היינטיקע פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען זיינען ביזן העכסטן גראַד ניט יוישערדיק און דעריבער דאַרף מען מיט דער גרעסטער

ענערגיע קעמפן קעגן זיי. 2) דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן איז ניט קיין קאַמף פאַר קלאַסן-פּריווילעגיעס און זאָכיעס, נאָר פאַר גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן און פאַר דער פאַרניכטונג פון יעדער קלאַסן-הערשאַפט. 3) די עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייט פון די אַרבעטער פון די קאַפּיטאַליסטן איז דער יעסאָד פון קנעכטשאַפט אין יעדער פאָרם, דערבער שטרעבט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי, דורך דער פאַרניכטונג פונם היינטיקן פּראָדוציר-אויפן (די סיסטעם פון לוין-אַרבעט) צו באַוואָרענען דעם גאַנצן פּראָדוקט פון דער אַרבעט פאַר יעדן אַרבעטער מיט דער הילף פון אַ געמיינזאַם-געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. 4) פּאָליטישע פרייהייט איז אַ נויטיקער פאָרבאַדינג פאַר דער עקאָנאָמישער באַפרייאונג פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן. דעריבער איז די סאָציאַלע פראַגע ניט אָפּטיילבאַר פון דער פּאָליטישער און איר לייזונג הענגט אָפּ פון דער לעצטער און איז מעגלעך בלויז אין אַ דעמאָקראַטישער מעלוכע. 5) נעמענדיק אין אַכט, אַז די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַפרייאונג פונם אַרבעטער-קלאַס איז מעגלעך נאָר אין דעם פאַל, אויב ער פירט דעם קאַמף געמיינזאַם און פאַרייניקט, בילדעט פון זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פאַרטיי אַן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס גיט פונדעסטוועגן אויך יעדן מיטגליד די מעגלעכקייט אַרויסצואווייזן זיין איינפלוס לעטויווס האַקלאַל. 6) נעמענדיק אין אַכט, אַז די באַפרייאונג פון דער אַרבעט איז ניט קיין אָרטיקע און ניט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אַ סאָציאַלע אויפגאַבע, וואָס כאַפּט אַרום אַלע לענדער, וואו עס עקזיסטירט די היינטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, באַטראַכט זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פאַרטיי, אַף וויפל דאס דערלויבן די געזעצן וועגן פאַריינען, — אַלס אַ צווייג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-געזעלשאַפט, און זי שטייט צו אירע שטרעבונגען.

III. אַלס די נאָענטסטע פאָדערונגען באַ דער אַגיטאַציע אינם נאָמען פון דער ס.-ד. אַרבעטער-פאַרטיי דאַרף מען אַוועקשטעלן אָט וואס: 1) געבן אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַל-רעכט אַלע מענער אָנהויבנדיק פון 20-יאָריקן עלטער צו וויילן אין פאַרלאַמענט, אין די לאַנדטאַגן פון די באַזונדערע מעלוכעס, אין די פּראָווינציעלע און געזעלשאַפטלעכע פאַרזאַמלונגען און אין אַלע אַנדערע פאַרטרעטערשע אַנשטאַלטן. די אויסגעוויילטע פאָרשטייער דאַרף אַרויסגעגעבן ווערן אַ גענוגנדיקע באַלוינונג. 2) איינפירן דירעקטע פאָלקס-געזעצגעבונג (ד. ה. דאס רעכט פאָרצולייגן און אָפּוואַרפן געזעצן). 3) אָפּשאַפן אַלע פּריווילעגיעס, וואס זיינען פאַרבונדן מיטן שטאַנד, פאַרמעגנס געבורט און רעליגיע. 4) איינפירן פאָלקס-באַוואָפענונג אנשטאט דעם שטענדיקן מיליטער. 5) אָפּטיילן די קירך פון דער מעלוכע און די שול פון דער קירך. 6) אָבליגאַטאָרישע בילדונג אין די פאָלקס-שולן און אומזיסטיקע בילדונג אין אַלע געזעלשאַפטלעכע לערן-אַנשטאַלטן. 7) אומאָפּהענגיקייט פון די געריכטן, איינפירן עפנטלעכע און מונדלעכע געריכטפירונג און אומזיסט פאַס-

קענען דינטוירעס. 8) מעוואַטל מאַכן אַלע געזעצן וועגן פּרעסע, געזעלשאַפטן און פאַריינען; איינפירן אַ נאָרמאַלן אַרבעטס-טאָג; באַגרענעצן די פרויען-אַרבעט און פאַרווערן קינדערשע אַרבעט. 9) אָפּשאַפן אַלע אומדירעקטע שטייערן און איינפירן אַן איינהייטלעכן דירעקטן, פּראָגרעסיוון האַכנאָסע-שטייער און אַ שטייער אַף יערושעס. 10) הילף פאַר די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן און מעלוכישער קרעדיט פאַר די פרייע פּראָדוציר-אַרטעלן מיט דעמאָקראַטישע גאַראַנטיעס.

# 8. די גאָטער פּראָגראַם

I. אַרבעט איז דער קוואַל פון יעדער רייכקייט און פון יעדער קולטור, און אַזוי ווי אַלגעמיין-נוצלעכע אַרבעט איז מעגלעך נאָר דורך דער געזעלשאַפט, געהערט טאַקע דער געזעלשאַפט גופע, ד. ה. אַלע אירע מיטגלידער, דער גאַנצער פּראָדוקט פון דער אַרבעט, ביטנאַי פון אַלגעמיינער אַרבעטס-פליכט, אַף גלייכע רעכט, יעדן לויט זיינע פאַרנינפטיקע באַדערפענישן. אין דער היינטיקער געזעלשאַפט זיינען די פּראָדוציר-מיטלען די מאָנאָפּאָל פונם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. די אָפּגעשטאַנענקייט פון די אַרבעטער, וואָס ווערט דערפון אַרויסגערופן, איז די סיבע פון נויט און קנעכטשאַפט אין אַלע פאָרמען. די באַפרייאונג פון דער אַרבעט פאָדערט איבערצוגעבן אַלע פּראָדוציר-מיטלען אינם קאָהאַלשן פאַרמעגנס פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און געמיינזאַם רעגולירן די אַלגעמיינע אַרבעט מיט דער אַלגעמיין נוצלעכער פאַרשפּרייטונג און יוישערדיקער צעטיילונג פון די פּראָדוקטן פון דער אַרבעט. די באַפרייאונג פון דער אַרבעט דאַרף זיין די זאַך פונם אַרבעטער-קלאַס, וואָס בענויגייע צו אים זיינען אַלע איבעריקע קלאַסן בלויז אַ רעאַקציאָנערע מאַסע.

II. אַרויסגייענדיק פון אָט די גרונט-האַנאָכעס, שטרעבט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי פון דייטשלאַנד מיט אַלע מיטלען צו דערגרייכן אַ פרייע פאָלקס-מעלוכע און אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, בייצוקומען דעם אייזערנעם געזעץ פונם אַרבעטס-לוין דורך באַזייטיקן די סיסטעם פון אַרבעטס-לוין, דורך פאַרניכטן די אַלע מינים עקספּלואַטאַציע, דורך באַזייטיקן יעדע פּאָליטישע און סאָציאַלע אומגלייכהייט. די ס. אַ. פּ. ד., האָגאָם זי אַרבעט קידעמקאָל אין די נאַציאָנאַלע פאָרמען, אַנערקענט דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער-באַוועגונג און איז פול מיט אַנטשלאָסנקייט אויסצופילן אַלע פליכטן, וואָס זי לייגט אַרויף אַף די אַרבעטער, קעדיי צו באַוויזן אַלס ווירקלעכקייט, די ברידערלעכקייט פון אַלע מענטשן. קעדיי דורכצולייגן אַ וועג צו דער לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע, פאָדערט די ס. ד. אַ. פּ. ד. צו גרינדן סאָציאַליסטישע פּראָדוציר-אַרטעלן מיט מעלוכישער הילף אונטערן דעמאָקראַטישן קאָנטראָל פונם אַרבעטנדיקן פאָלק. די פּראָדוציר-אַרטעלן דאַרפן געגרינדעט ווערן סײַ פאַר אינדוסטריע און סײַ פאַר ערד-אַר-

בעט אין אַזא פארנעם, אז פון זיי זאָל קאָנען אַנטשטיין די סאָציאַליסטישע אַרבעט-אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. די סאָציאַליסטישע אַרבע-טער-פּאַרטיי פּאָדערט אַלס די יעסוידעס פון דער מעלוכע: 1) אַלגעמיינע, די-רעקטע, גלייכע וואַל-רעכט מיט געהיימער אָבליגאַטאָרישער אָפּשטימונג פאַר אַלע פערזאָנען פון 20-יאָריקן עלטער, וועלכע געהערן צו דער מעלוכע בײַ אַלע וואַלן און אָפּשטימונגען אין דער מעלוכע און אין די געמיינדעס. די וואַלן און די אָפּשטימונג דאַרפן דורכגעפירט ווערן אין אַ יאָנטעוו-טאָג. 2) די-רעקטע געזעצגעבונג מיט דער הילף פונם פאָלק. דאָס פאָלק זאָל באַשליסן מילכאָמע און שאָלעם. 3) אַלגעמיינע מיליטער-פליכט. פאָלקס-באַוואָפענונג אַנ-שטאָט דעם שטענדיקן מיליטער. 4) מעוואַטל מאַכן אַלע אויסשליסלעכע געזעצן, דעהאַינע: די געזעצן וועגן פּרעסע, פאַרייַנען, פאַרזאַמלונגען, ביכלאַל אַלע געזעצן, וואָס באַגרענעצן דעם פרייען אויסדריק פון מיינונגען, דעם פרייען געדאַנק און פאָרשונג. 5) פאָלקס-געריכט. אומזיסט פּאַסקענען דינטוירעס. 6) אַלגעמיינע און גלייכע פאָלקס-בילדונג אָפּן כעשבן פון דער מעלוכע. אַל-געמיינע שול-פליכט. אומזיסטער אונטעריכט אין אַלע לערן-אַנשטאַלטן. די רע-ליגיע זאָל אָנערקענט ווערן אַלס פּריוואַטע זאַך.

אין די ראַמען פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט פּאָדערט די ס. א. פּ. ד.: 1) ווי ווייט מעגלעך צו פאַרברייטערן די פּאָליטישע רעכט און פרייהייטן, אינם זינען פון די אַנגעוויזענע פּאָדערונגען. 2) אַן איינהייטלעכן פּראָגרעסיוון מעלוכישן און געזעלשאַפטלעכן האַכנאָסע-שטייער, אַנשטאָט אַלע עקזיסטירנדיקע אומדירעקטע שטייערן, וועלכע פאַלן דעם פאָלק באַזונדערס צום לאַסט. 3) אומבאַגרענעצטע רעכט פון קאָאַליציעס. 4) געזעץ וועגן אַ נאָר-מאַלן אַרבעטס-טאָג, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן. פאַרווערן זונטיקדיקע אַרבעט. 5) פאַרווערן קינדערשע און יעדע פרויען-אַר-בעט, וואָס איז שעדלעך פאַרן געזונט און פאַר דער זיטלעכקייט. 6) געזעצן אויף צו באַשיצן דאָס לעבן און געזונט פון די אַרבעטער. האַשגאָכע דורך אויס-געווײַלטע אַרבעטערשע אַמט-פּערזאָנען, איבער די אַרבעט-גרובן, פאַבריק-אינ-דוסטריע, האַנטווערקערשער און הויז-אינדוסטריע. 7) רעגולירן די טפּיסע-אַרבעט. 8) פולשטענדיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג פאַר אַלע אַרבעטער פון די הילף-קאַסעס.

## 9. אַדרעס פון די ענגלישע אַרבעטער

(פאַרעפנטלעכט אין „Bee-hive“ פון 5-טן דעקאַבר 1863 יאָר.)

„צו די אַרבעטער פון פראַנקרײַך פון די אַרבעטער פון ענגלאַנד

„ברידער פון פראַנקרײַך

„ווען מיר האָבן אײַנגעאָרדנט אונזער גרויסע פאַרזאַמלונג, קעדיי אויס-צודריקן אונזער צאָרן מעקויעך די פאַרברעכער, וואָס פאַרשאַפן שוין אַזוי פיל

יאר ליידן דעם נאָבעלן, אומגליקלעכן פוילישן פאָלק און טוען אים די שווער־סטע אַוולעס, האָט איר אונז דערפרייט מיט אייער באַזוך. דאָס גיט אונז האָפע־נונג, אַז מיר וועלן דערזעען דעם אויפגאַנג פון אַ מער ליכטיקער און גליק־לעכער צוקונפט פאַר די דערנידעריקטע און פאַראַכטעטע פעלקער פון אייראָפּע.

„דערדאָזיקער באַזוך האָט ניט געקאָנט האָבן קיין בע־סערע סיבע און קיין העכערן ציל, ווי פוילנס זאַך, וואָס איז באַלויכטן מיט זעלבסטאָפּפערונג, איבערגעגעבנקייט און מעסירעסנעפעשדיקער העלדישקייט פון אַ פאָלק, וואס האָט אין זיין גערעכטן קאַמף פאַר דער פרייהייט ארויס־גערופן צו זיך די סימפּאַטיעס און פארוואונדערונג מיצאַד אַלע קלוגע און גוטע מענטשן פון דער קריסטלעכער וועלט, פון וואָסער שטאַנד — הויכן אָדער נידעריקן — זיי זאָלן ניט זיין.

„מיר האבן שטאָלצירט מיט דעם, וואס מיר האבן געקאָנט אויפנעמען די פּאָרשטייער פון פרייהייט, מיר האבן אייך ליב געהאט, פראַנצויזן, וואס איר זייט געקומען, קעדיי אָנצוהויבן — וואס איז אַזוי לאַנג אָפּגעלייגט געוואָרן — די זאַך פון דער פעסטער פריינטשאַפט פון די פעלקער. קיינער וואָלט דידאָזיקע זאַך ניט געקאָנט אָנהויבן מיט גרעסערע האָפענונגען אַף איר דערפאָלג, איידער די גרויסמוטיקע, מיט ענטוזיאַזם פולע, פראַנצויזן. אייערע פעאיקייטן אין דער אינדוסטריע, אייער מאַיסטערשאַפט אין דער קונסט, וויסנשאַפט און ליטעראַ־טור, אייער ליבע צו אַלץ, וואס איז שיין אין דער קונסט און אין דער נאַטור, האָבן אייך אין דער מיינונג פון דער וועלט געזיכערט אַ הויך אָרט. און איר האט עס ניט געקאָנט בעסער פאַרפעסטיקן, ווי מיט דעם, וואס איר האָט אונ־טערגענומען טריט אַף צו פאַרייניקן די יעניקע, וואָס אַף זייער אַרבעט האלט זיך דאָס גאנצע לעבן, קעדיי זייערע פאַרייניקטע אָנשטרענגונגען לעטויוועס דער פרייהייט זאָלן קעגנגעשטעלט ווערן קעגן דעם איינפלוס פון די, וואס האבן געבראַכט פאַרדארבונג די פעלקער, — ווייל זיי געבן האַפטאָכעס, וועלכע זיי שטרעבן גאָר ניט צו מעקאַיעם זיין, ווייל זיי באַווייליקן די אָפּמאכן, וועלכע האלטן אין קייטן די שוואכע לענדער און וועלכע ווערן צעריסן לויטן וואונש פון די שטאַרקע.

„די קייסאָרים און הערשער האָבן זייערע קאָנגרעסן און פייערלעכקייטן, זייער פראַכט און גלאַנץ ווערן באַזונגען דורך דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען געפעלן די לייכטזיניקע און מאַכן לוסטיק די רייכע. אין דערזעלבער צייט פאַרגרעסערן זיי די לאַסט, וואס אונטער איר שווערקייט ווערן דערשטיקט די ערלעכע, אַרבעטזאמע מאַסן אָרעמע לייט. אַף דידאזיקע קאָנגרעסן ווערן סאַנק־ציאָנירט די געלונגענע פארברעכנס, און די געוויסנלאָזע מיניסטאָרן לעגאַליזירן און פאַרערלעכן זייערע פאַרברעכערשע מאַיסים. די מענער אָבער פון די העכסטע טאַלאַנטן און ריינסטע קאַוואָנעס, וואָס זייער גייסט טרעט ניט אָפּ

פאַר די פּרעטענזיעס פון די גווירים און באַוויליקט ניט די פאַרד אָרבנקייטן פון די טאַיוועדיקע הויפן, די מענער, וועלכע טרעטן אַרויס פאַר דער פרייהייט פון די פעלקער און פאַר די רעכט פון די מאַסן, — ווערן אַריינגעשליידערט — אויב זיי ראַטעווען זיך פונם טויט — אין די טפיסעס, אָדער ווערן אָן ראַכמאָנעס אַרויסגעטריבן מיט זייערע הויזגעזינדן און דאַרפן זוכן אינדערפרעמד שוץ און רו, וואס זייער היימלאַנד זאָגט זיי אָפּ אין דעם. אַזאַ אויפירונג איז אומווערדיק פאַר די מאַיסים פון אונזערע פאָטערס און איז שעדלעך פאַר אונזער צייט. דעריבער וואָרענען מיר אַלעמען, וואס זעען דידאָזיקע פאַרברעכנס און נעמען ניט אָן די געהעריקע מאָסמיטלען, וואָס זיי האָבן בעיאַד אַף צו מאַכן די פאַרברעכנס אומעגלעך. מיר דערקלערן, אַז מיט דעם, וואס זיי פאַרנאכלעסיקן דידאָזיקע אויפגאַבע, טראָגן זיי די סאָלידארישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דאס בייז און פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי באַקומען דעם פסאַק פאַר זייער דערנידערנדיקער גלייכגילטיקייט.

„אַלס מיטל צו מאַכן אַ סאָף צו דער איצטיקער מיסברויכונג מיט דער קראַפט רופן מיר אייך צו שאַפן אַ פעלקער-ברידערלעכקייט. לאָמיר צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון ענגלאַנד, פראנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע און אַלע יענע לענדער וואו עס איז פאַראַן אַ ווילן צו דער געמיינזאַמער אַרבעט לעטויוועס דער מענטשהייט. לאָמיר צונויפרופן אונזערע קאָנגרעסן אַף צו באַהאנדלען די גרויסע פראַגן, וואָס פון זיי הענגט אָפּ דער שאָלעם פון די פעלקער, לאָמיר אונזער פארשטאנד און מאָראליש רעכט קעגנשטעלן דער כניפעשקייט און גראָבקייט פון אונזערע, אַזויגערופענע, האַרן, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז די מעכטיקייט פון די דעספּאָטן וועט אָפּגעשוואַכט ווערן, און אַז די אויסוואורפן, וואָס מאַכן צו שאַנד די העכסטע אויפגאבן פון דער מענטשהייט, מיסברויכן מיטן צוטרוי, וואס מע האט זיי געשענקט און מאַכן צו נישט די נאָבלסטע אנשטרענגונגען פונם מענטשלעכן געני, וועלן פאַרענדיקן זייערע טעג אין פאַרגעסנהייט. דאָס וועט אויסגלייכן דעם וועג פאַר די פאַרנונפטיקע, ערלעכע מענטשן און וועט זיי געבן אַ מעגלעכקייט צו באַוועגן זיך פאָרויס און צו אַרבעטן ניט פאַר די פריווילעגיעס פון אַ קליינער צאָל, נאָר פאַר די רעכט פון די מאַסן.

„פאר דער זאַך פון די אַרבעטער איז אומגעהויער נויטיק די ברידערלעכקייט פון די פעלקער, ווייל שטענדיק, ווען מיר פרואוון זיך פאַרבעסערן אונער סאָציאַלע לאַגע דורך פארקלענערן דעם אַרבעטס-טאָג און העכערן דעם אַרבעטס-לוין, דראָען אונז אונזערע באַלעבאַטים, אַז זיי וועלן אויסשרייבן פראנצויזן, דייטשן, בעלגיער, ווען זיי וועלן געבן אונזער אַרבעט פאר אַ קלענערן לוין.

און מיר דאַרפן, צום באַדויערן זאָגן, אַז דאָס האָט ווירקלעך פּאַסירט, ניט צוליב דעם בייזן ווילן פון אונזערע ברידער אַפן קאָנטינענט, נאָר צוליב דעם, ווייל עס איז ניטאָ קיין געהעריקע, סיסטעמאַטישע פארבינדונג צווישן די אַרבעטנדיקע קלאסן פון אַלע לענדער, וועלכע, מע דארף האָפן, וועט פאַרווירקלעכט ווערן, ווייל אונזער פּרינציפּ — אויסצוגלייכן ווי ווייט מעגלעך דעם פארדינסט פון די שלעכט-באצאָלטע מיטן פארדינסט פון די בעסער-באצאָלטע ארבעטער — וועט ניט דערלויבן די באלעבאַטים אויסצונוצן איינע פון אונז קעגן די אנדערע, קעדיי אַף אַזא אויפן, בעהעסקעם מיט זייער הענדלערשער קארגשאפט, ווי ווייט מעגלעך מער אַראָפּדרוקן אונזער לעבנסניוואָ.

„דאס אויפצוטאָן — איז די אויפגאבע פון די פעלקער. ניט קיין סאַך פרייהייטן האָבן אונזערע אורעלטערן זיך דערשלאָגן אין זייער קאַמף, און די דערפארונג לערנט ווידעראַמאָל און נאכאמאָל, אַז וואָס מער מיר האבן צוטרוי צו די פירשטן און קייסאָרים, אַלץ גיכער פאראטן זיי און פאראכטן אונז. אַלס באווייז דערצו זאָל מען פארגלייכן די העלדישע מאיסים פון די איטאליענישע קעמפער פאר פרייהייט, וואס האבן געהאט בעראָש איינעם פון די זייעריקע, מיט דער אויפירונג פון די, וואס האבן פאראטן און פארוואונדעט דעם גרעסטן לידער, פון הייגטיקער צייט גאַריבאלדין נאכדעם, ווי זיי האבן באקומען פון זיינע הענט די פרוכטן פון זיין ריזיקאלער אונטערנעמונג, און וואס האבן אים אַף אַזאַ אויפן געגעבן אַ בלוטיקן באווייז פון דער אומדאנקבארקייט פון די רעגירונגען. טוט ווייטער א טראכט וועגן דעם, וואס אַ פרעמדער דעספּאָט פון דער רוימישער רעפּובליק האט געמאכט אַ טעל פון אָט דער פרייסטער, ערלעכסטער רעגירונג, וועלכע אייראָפּע האט אַמאָל אָנגעזען: דערמאָנט זיך דעם געמיינעם אָנפאל אַף דער פרייער רעגירונג פון דער שווייץ און אפן שעדלעכן אריינמישן זיך אין מעקסיקע נאָר צוליב דעם, קעדיי איינצושטעלן אנשטאט דער רעפּיבליק אַן אימפּעריע — א פארוואלטונגס-פאָרם, וואס איז פארהאסט באם עכטן גייסט פון די מעקסיקאנער און איז לאכלוטן דערווידער די טראדיציעס און די סימפּאטיעס פונם גאנצן פאָלק פון יענעם טייל וועלט. זייט נאָך מויסעף צו אָט די פארברעכנס די שענדלעכע און אַכזאָריעסדיקע מילכאָמע, וואס אונזערע רעגירער האבן געפירט אין כינע פריער מיטן באַגדיכאנס מיליטער, נאָכדעם מיט די מוירדים, — און אונזער פּאָזיציע וועט ווערן קלאָר, ווייל עס איז ניט צו באשטרייטן, אז דידאזיקע מערדערשע מאיסים וועלן אין דער צוקונפט זיין א קוואל פון קאמף, אויב די פאראייניקטע פעלקער וועלן זיך קעגן דעם ניט קעגנשטעלן.

„דעריבער איז אונזער לאָזונג — ברידערלעכקייט. לאָמיר שליסן אַן ענגן בונד מיט אלע מענטשן, וואס נויטיקן זיך אין שאָלעם און פרייהייט, אין אינדוסטריעלער אנטוויקלונג און אין מענטשלעכן גליק אף דער גאנצער ערד. זאָלן פון איצט אָן די שטארקע און העלדישע מענטשן, באוואפנטע מיט פייער און שווערד, זיך ניט לאזן פירן אף רעציכעס און כורבוינעס, קעדיי צו באפרידיקן די זשעדנעקייט פון די הענדלער צו גאָלד, פון די מיניסטאָרן — צו פּאָסטנס און פון די טיראנען — צו דעראָבערונגען. זאָלן זיי פון איצט אָן לעבן קעדיי צו זעען גליק אין זייער פאָטערלאנד — און קעדיי צו העלפן די שוואכע, אלטע, פארשטויסענע.

„מיר זאָגן אייך: אונזער ערשטע געמיינזאמע אָנשטרענגונג זאָל ווערן געווענדעט פאר דער פרייהייט פון פוילן. די גערעכטיקייט פון איר זאך מאכט וועגן דעם הימלשרייענדיקע קוילעס, די אָפּמאך־היסכאַיוועסן פאָדערן דאָס, און דער כויוו ווייזט אָן דעם וועג. די פעלקער פון אלע לענדער דארפן שוין איצט צוגרייטן פעטיציעס און איינצייטיק שיקן זיי צו זייערע רעגירונגען, אָנווייזנדיק אין די פעטיציעס די אומבאשטרייטבארקייט פון דעם, וואס די פּאָליאקן פרעטענדירן אף די רעכט פון א מילכאָמעהאלטנדיקן צאד. דידאזיקע פעטיציעס דארפן זיך אָנשפארן אַפן ערנסטן באשלוס אויך לעהאַבע ארויסצוטרעטן צו באשיצן דאָסדאָזיקע פאָלק, ווי עס פארדינט דאס. מיר דארפן דאס טאָן, קעדיי ביי צוקומען די בייזע פלענער פון דער געהיימער דיפּלאָמאטיע (פון אָט דער בייטש פון די פעלקער), — אַניט, וועט זי ווידער אנהויבן איר טייוולאָנישע שפּיל, וועט אוועקפירן צום טויט די נאבלסטע זין פון פוילן, וועט אָפּגעבן אירע טעכטער אלס רויב דער גראָבער סאָלדאטישער מאַסע, און דאס לאנד וועט זי נאכאַמאָל פארוואנדלען — צו דער אייביקער כאַרפּע און שאַנד פון דער ציווילי̇זירטער וועלט — אין אַן אומגעהויערער בלוטבאָד.

פאַרן ארבעטער־קלאס פון ענגלאנד: טאָם, גראַנט פעסי (מאַליער), פארזיצער פון דער ביוראָ: וויליאם קרעמער (סטאליער), ק. גאָדארד (איינבינדער), דזשאָן עגלינטאָן (דרוקער), דזשאָרדזש אָדזשער (שוסטער)".

## 10. ענטפער-אדרעס פון די פראַנצויזישע ארבעטער

(פארעפנטלעכט דורך טאָלענען אפן מיטינג דעם 28-טן סענטיאבער 1864 יאר אין st. Martinshall אין לאנדאן)

„ברידער און פריינט. יאָ, איר זייט גערעכט. דער געפיל, וואס האט אונז צונויפגעזאַמלט איז אַ זיכערער סימען, אַז עס קומט אָן אַ צוקונפט, וואָס איז מער גינסטיק פאַר דער באַפרייאונג פון די פעלקער. עס דאַרף מער ניט זיין, אַז די צעזאַרן וואס זייער שטערן איז באַפוצט מיט אַ קרוין, פון וועלכער עס רינט בלוט, זאָלן צווישן זיך צעטיילן די פעלקער, וואס די קייסאָרים האָבן באַרויבט, די לענדער, וואס זיינען פארוויסט געוואָרן דורך ווילדע מילכאָמעס. ווידער איז פוילן באַדעקט מיט פאַרבלוטיקטע טאַכריכים, און מיר האבן געמוזט בלייבן אנמעכטיקע צושויער דערפון.

„איין איינציק אונטערדריקט פאָלק שטעלט אין געפאַר די פרייהייט פון אַלע אַנדערע פעלקער. יעדער פרייער מענטש אָדער יעדער וואס וויל זיין פריי, איז מעכויעוו, אין נאָמען פון זיין זעלבסטווירדע, קומען צו הילף זיינע אונטערדריקטע ברידער. עס איז קיין סאָפעק ניט: אונז וועט אויסקומען צו קעמפן מיט אַסאך שוועריקייטן און ניט איינער פון אונז וועט אומקומען אינם קאַמף, אָבער דאָס דאַרף אונז ניט שרעקן. די פרייהייט, דער פראָגרעס נויטיקן זיך — פונקט ווי די ערד — אין באַמיסטיקונג.

„לאָמיר אָנגורטן דעריבער אונזערע לענדן און לאָמיר פריילעך זיך גרייטן צום קאַמף. די שטים פונם פאָלק דאַרף געהערט ווערן אין אַלע וויכטיקע פראַגן פון פּאָליטישן און סאָציאלן כאַראַקטער, קעדיי אַף אַזאַ אויפן געבן צו פארשטיין די דעספאָטן, אַז עס איז אָנגעקומען דער סאָף פון זייער טיראַנישער אַפּעטראָפּסעס.

„דעריבער, אַרבעטער פון אַלע לענדער, וואס איר ווילט זיין פריי, איצט איז געקומען אייער ריי צונויפרופן קאָנגרעסן. אַף דער אַרענע באַווייזט זיך, ענדלעך, ווידער דאָס פאָלק, וואָס האט דערפילט זיין קראַפט און וואס האָט זיך אויפגעהויבן קעגן דער טיראַניע אין די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, קעגן דער מאָנאָפּאָל און די פּריווילעגיעס אין דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע.

שוין לאַנג אַנטוויקלט די אינדוסטריע, אדאנק די וויסנשאפטלעכע אַנטדעקונגען, איר פּראָדוציר-קראַפט. דער באַנוץ פון מאַשינעס, וואס פארלייכטערט די אַרבעט-צעטיילונג, פאַרגרעסערט נאָך איר מאַכט, אין דער צייט ווען די האנדלס-אָפּמאַכן, אָט די פרוכט פון דער לערע וועגן דער פרייהייט פון האַנדל, עפענען פאר איר אומעטום די מערק.

„דער אינדוסטריעלער פראַגרעס, די אַרבעט-צעטיילונג, די פרייהייט פון אַרבעט — דאָס זיינען אַלץ נייע זאַכן, וואָס דאַרפן פון איצט אָן צוציען אונזער אויפמערקזאמקייט, ווייל זיי דאַרפן אַף אַ ראַדיקאַלן אויפן ענדערן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט. אונטער דער ווירקונג פון

די פאַקטן קאָנצענטרירן זיך די קאַפּיטאלן און פאַרייניקן זיך אין מעכטיקע פינאנציעלע און אינדוסטריעלע געזעלשאפטן. אויב מיר ווילן ניט נעמען זיך פארטיידיקן דערפון, וועט דידאזיקע קראַפט בלייבן אָן אַ קעגנגעוויכט און וועט דעספּאָטיש געוועלטיקן איבער אונז.

„מיר ווילן לאָזן אָן אַ זייט די לעכערלעכע אייצעס, וואָס לאָזן זיך אַזוי אפט הערן אַף אונזער אַדרעס: „שפּאָרט". מיר זעען אָבער, ווי די אַריסטאָ-קראַטיע פון דער צוקונפט פאַרכאַפּט די קלענסטע שפּאָרקאַסעס, ווי, זייענדיק געשטויסן דורך דער גוטהארציקייט און באַדערפעניש צו פּראָטעזשירן אונז, — צי מיר ווילן דאָס יאָ, צי ניט, — טוט זי אַלץ קעדיי אָפּצונעמען באַם אַרבע-טער, מיט דער הילף פון טויזנטער שפּיצלעך, די פאַרוואלטונג איבער זיין קליינינקן קאַפּיטאַל, אנשטאָט אויפצואוועקן אין אים די איניציאַטיוו צום איי-גענעם גליק. אונזערע קליינינקע אָפּשפּאָרונגען, וואס אָט דער קאפּיטאל שלינגט איין, ווילן איינגיכן מאַכן פון אונז אונטערטעניקע קנעכט פון די פי-נאַנציעלע פירשטן, אין דער צייט, ווען די אַרבעט-צעטיילונג האט אַ טענדענץ צו מאַכן פון יעדער אַרבעטער אַ רעדעלע אין די הענט פון די הויכע לאָרדן פון אינדוסטריע. אָט פאר דער מעכטיקער, וויסנשאַפטלעך דורכגעטראַכטער, אָרגאניזאַציע בוקט זיך אַלץ, אַלץ טרעט אָפּ, — דער מענטש, וואָס איז איבער-געלאָזט געוואָרן אַףזיין אייגענעם באַראָט ווערט צו נישט: ער פילט יעדן טאָג, ווי די פרייהייט פון זיינע מאַיסים, זיין אומאָפּהענגיקייט וואַקלען זיך. פאַר אָט דער אָרגאניזאציע ווערט אויסגעלאָשן די איניציאַטיוו אָדער זי ווערט דיסציפּ-לינירט און וואַרפט זיך אונטער דערדאָזיקער אָרגאניזאַציע.

„די אַרבעט איז דאס געזעץ פון דער מענטשהייט דער קוואַל פון די גע-זעלשאַפטלעכע רייכטימער, דער געזעצלעכער יעסאָד פונם אינדיווידועלן אייגנ-טום. זי דאַרף זיין אומבאַרירלעך פריי. אָבער וואָס עס זאָלן וועגן דעם זאָגן די קויענגאָדלס פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער עקאָנאָמיע, באַהויפּטן מיר, אַז איצטיקן מאָמענט איז די אַרבעט בארויבט פון דעם אַלעם, די געלערנטע טעאָרעטיקער, וואס גראָבן זיך אין זייערע דיקע ביכער, פאָרמו-לירן אַף אונזער כעשבן אַקסיאָמעס, וואס באַקומען אַ שרעקלעכע האַקכאָשע, זיי האַלטן, אַפּאָנים, פאַר בעסער צו באַטראַכטן די פראַגע בלויז פון איין שטאנדפונקט, פונם שטאַנדפונקט פון געברויך. לויטן געזעץ פון נאָכפרעג און אָנבאָט איז פאַר זיי דער אַרבעטער אַ מאַנופאקטור-זאַך. האָט דאָך געזאָגט אַ באַרימטער ענגלישער מעלוכע-מאַן: „אויב צוויי אונטערנעמער יאָגן זיך נאָך איין אַרבעטער, הויבט זיך דער אַרבעטס-לוין; אויב צוויי אַרבעטער יאָגן זיך נאָך איין אונטערנעמער, פאַלט דער אַרבעטס-לוין".

„אויב דער קאַפּיטאל, אָט דער מעכטיקער געהילף פון דער אַרבעט, ווערט זיין אומדערבאַרעמדיקער האַר, ווערט דער אַרבעטער פאַרמישפּעט אַף הונגער-טויט. דאָס רופט מען אָן אויסטויש פון גלייכע באַדינגונגען און פריי-הייט פון אומזאַץ. ווען, אונטערן דרוק פון די אומגינסטיקע אומשטאַנדן, דריקט

דער אונטערנעמער אַראָפּ דעם פּרייז פון דער אַרבעט, קעדיי אויפצושטעלן דאָס פּאַרלאָרענע גלייכגעוויכט צווישן זיך און זיינע קאָנקורענטן, רופט מען דאָס אָן קאָנקורענץ. פּונקט ווי די פרייהייט פון האַנדל דאַרף ברענגען דעם איינציקן רעזולטאט — בלויז איבערבייטן דעם באָדן, אַף וועלכן עס קומט פאַר דער קאַמף. וואס פאר אַ נוץ איז פאַר אונז, פון דעם, וואס מע וועט אינם טאָג פון אַלגעמיינעם שאָלעם, צוריק באַהאלטן די הארמאַטן אין אונזערע אַר-סענאַלן, ווען מיר זיינען — אַדאנק דעם דאַמף און עלעקטרי — געצוואונגען צו פאַרבייטן זיי מיט נאָך מער שרעקלעכע מאַשינעס פון צעשטערונג.

„די פרייהייט פון האנדל — ווען זי איז דערגאנצט מיט דער פרייהייט פון אַרבעט — וואָלט ניט פאַרייביקט דעם קאַמף, נאָר אַדעראַבע, זי וואָלט געהאָלפן דער מאיסטערשאפט און דעם געני פון יעדן פאָלק צו פאַרוואנדלען סאָפקאָל-סאָף די סאָנים אין כסידים.

„אַזוי איז אַדאנק דעם, וואס עס איז ניטאָ קיין פּראָפעסיאָנעלע בילדונג, איז די וויסנשאַפט געווארן אַ פּריווילעגיע פונם קאַפּיטאַל. אַדאַנק דער אַרבעט-צעטיילונג איז דער אַרבעטער געוואָרן אַ פּאַשעט מעכאניש געצייג, און די פרייהייט פון האנדל, אָן סאָלידארישקייט צווישן די אַרבעטער, רופט ארויס קנעכטשאפט, וואס איז נאָך מער אומדערבארעמדיק און פאַטאַל פאר דער מענטשהייט, איידער די, וואס אונזערע אורעלטערן האבן פאַרניכטעט אין די גרויסע טעג פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציע.

„דאס איז ניט קיין געשריי פון האַס, נאָר אַ רוף צום אויפוואכן. מיר, אַרבעטער פון אַלע לענדער, מיר דארפן זיך פאַרייניקן, קעדיי קעגנצושטעלן אַ ניטדורכגאנגבארע גרענעץ דער פּאַטאלער סיסטעם, אין קעגנפאל וועט אָט די סיסטעם צעטיילן די מענטשהייט אַף צוויי קלאסן: אַף אַ מאסע אומ-וויסנדע מענטשן און אַף א הייפל מאגנאטן און איבערגעפרעסענע מאנדארינער.

„לאָמיר זיך ראטעווען מיט דער הילף פון סאָלידארישקייט!"

## 11: דער סטאַטוט פון דעם I אינטערנאַציאָנאַל

„נעמענדיק אין באַטראַכט,

אַז די באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס דאַרף זיין די זאַך פון דעם אַרבעטער-קלאַס גופע, אַז דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטער דאַרף בעשום אויפן ניט זיין קיין קאַמף פאַר קלאַסן-פריווילעגיעס און מאָנאָ-פּאָליעס, נאָר קעדיי איינצושטעלן גלייכע רעכט און פליכטן פאַר אַלעמען און פאַרניכטן יעדע קלאַסן-הערשאַפט;

אַז די עקאָנאָמישע אונטערגעוואָרפנקייט פון די אַרבעטנדיקע צו די באַ-לעבאַטים פון די אַרבעט-געצייג, דאָס הייסט פון אַלע קוואַלן פון לעבן, איז די סיבע פון קנעכטשאַפט אין אלע אירע געשטאַלטן, פון סאָציאַלער אָרעמ-קייט, גייסטיקער דעגענערירונג און פּאָליטישער אָפּהענגיקייט;

אַז די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס איז, דעריבער, אַ גרויסער ציל, וואָס יעדע פּאָליטישע באַוועגונג דאַרף אים זיין אונטער-געוואָרפן, ווי א מיטל;

אַז אַלע אָנשטרענגונגען צו דערגרייכן אָט דעם גרויסן ציל זיינען ביז אַהער געבליבן אָן דערפאָלג, מאַכמעס עס האָט געפעלט סאָלידאַרישקייט צווישן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס אין יעדער מעדינע און עס איז ניט געווען קיין ברידערלעכע אייניקייט און פאַרבינדונג צווישן די אַר-בעטנדיקע קלאַסן פון פאַרשיידענע לענדער;

אַז די באַפרייאונג פון אַרבעט איז ניט קיין אָרטיקער אָדער נאַציאָנאַ-לער איניען, נאָר אַ סאָציאַלע פּראָבלעם, וואָס נעמט אַרום אַלע לענדער, וואו עס עקזיסטירט די היינטיקע אָרדענונג, און די באַשיידונג פון דערדאָזיקער פראַגע ווענדט זיך אָן דער פּראַקטישער און טעאָרעטישער מיטהילף פון די מער פאָר-געשריטענע לענדער;

אַז די איצטיקע אויפלעבונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס אין די מער אינ-דוסטריעלע לענדער פון אייראָפּע, וואָס רופט אַרויס נייע האָפענונגען, וואָרנט פייערלעך ניט אַריינצופאַלן אין די אַלטע טאָעסן און רופט צו אַ באַלדיקער פאַראייניקונג פון אַלע, דערווייליע נאָך צעשיידטע, באַוועגונגען;

— מאַכמעס אָט דאָס אַלץ:

האָבן די אונטן געכאַסמעטע מיטגלידער פון קאָמיטעט, וואָס איז אויס-געקליבן געוואָרן לויטן באַשלוס פון דעם עפנטלעכן מיטינג, וואָס איז פאָרגע-קומען דעם 28/IX 1864 יאָר אין סענט-מאַרטינס האָל אין לאָנדאָן, אָנגענומען די נויטיקע מיטלען צו גרינדן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אַסאָציאַציע;

זיי דערקלערן, אַז דידאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע און אַלע געזעלשאַפטן און פּערזאָנען, וואָס גייען אין איר אַריין, אָנערקענען עמעס, גע-רעכטיקייט און מאָראַלישקייט פאַרן יעסאָד פון דער אויפירונג צווישן זיך און בענוגייע אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון ראַסע, גלויבן אָדער נאַציאָנאַליטעט;

זיי האַלטן פאַר זייער כויוו צו פאָדערן רעכט פון מענטשן און בירגער ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר אַלע מענטשן, וואָס טוען זייער פליכט. ני-טאָ קיין רעכט אָן פליכטן, ניטאָ קיין פליכטן אָן רעכט.

און אין אָט דעם גייסט האָבן זיי צונויפגעשטעלט דעמדאָזיקן דערוויי-ליקן סטאַטוט פון דער צווישנפעלקערלעכער אַסאָציאַציע.

ע ר ש ט ע ר אַ ר ט י ק ל: דידאָזיקע אַסאָציאַציע איז געגרינדעט געוואָרן מיטן צוועק צו באַשאַפן א צענטראַלן פונקט פון פאַרבינדונגען און געמיינ-שאַפטלעכער אַקציע פאַר די אַרבעטער פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס שטרעבן צו איין ציל: צו קעגנזייטיקער אונטערשטיצונג, פּראָגרעס און פולער באַפריי-אונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס.

צ ו ו י י ט ע ר אַ ר ט י ק ל: דידאָזיקע געזעלשאַפט נעמט אָן דעם נאָמען „אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע פון אַרבעטער“.

דריטער ארטיקל. דער גענעראַל-ראַט פון דער אַסאָציאַציע ווערט צונויפגעשטעלט פון אַרבעטער-פאָרשטייער פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס גייען אַריין אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע.

דער גענעראַל-ראַט קלייבט אויס פון זיך מיטגלידער פון פּרעזידיום, ד.ה. אַ פאָרזיצער, אַ גענעראַל-סעקרעטאַר, אַ קאַסיר און אַ סעקרעטאַר פאַר באַזונדערע לענדער.

אַן אַלגעמיינער קאָנגרעס פון דער אַסאָציאַציע באַשטימט איטלעכס יאָר דאָס אָרט, וואו דער גענעראַל-ראַט דאַרף זיך געפינען, קלייבט אויס זיינע מיטגלידער און באַשטימט דאָס אָרט און די צייט פון דעם קומענדיקן קאָנגרעס...

די דעלעגאַטן פון דעם קאָנגרעס קלייבן זיך צונויף צו דעם טערמין, וואָס דער קאָנגרעס האָט באַשטימט, ניט וואַרטנדיק אַף קיין ספּעציעלע איינלאַדונגען. אין פאַל, אויב עס איז ניט מעגלעך צונויפצורופן דעם קאָנגרעס אין דעם אָרט, וואָס דער פריערדיקער קאָנגרעס האָט באַשטימט, האָט דער גענעראַל-ראַט דאָס רעכט איבערצובייטן דאָס אָרט פון די זיצונגען פון דעם קאָנגרעס, אָבער בעשום אויפן ניט די צייט, ווען ער דאַרף צונויפגערופן ווערן.

פערטער אַרטיקל: דער גענעראַל-ראַט דאַרף צושטעלן אַף יעדן יערלעכן קאָנגרעס פון דער אַסאָציאַציע אַ גענויען באַריכט וועגן זיינע אַרבעטן פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. אין פאַל פון אַן עקסטרער נויט קאָן ער צונויפרופן אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס פריער פאַר דער באַשטימטער צ ט.

פינפטער אַרטיקל: דער גענעראַל-ראַט פון דער אַסאָציאַציע שטעלט איין אַ צוזאַמענבונד צווישן די באַזונדערע סעקציעס און פאַראיינען פון אַרבעטער, קעדיי די אַרבעטער פון יעדן לאַנד זאָלן שטענדיק האָבן ידיעות וועגן דער באַוועגונג פון די אַרבעטער אין אַנדערע לענדער, און זאָלן קאָנען איינציייטיק און אין דעמזעלביקן גייסט אונטערנעמען אַן אויספאָרשונג וועגן דער סאָציאַלער לאַגע פון דעם אַרבעטער-קלאַס באַ זיך אין לאַנד.

קעדיי צו פאַרגרינגערן די פאַרבינדונג צווישן פאַרשיידענע סעקציעס פון דער אַסאָציאַציע, גיט דער גענעראַל-ראַט ארויס אַ פעריאָדישן ביולעטען.

זעקסטער אַרטיקל: אַזוי ווי דער דערפאָלג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג קאָן זיין געזיכערט אין יעדן לאַנד נאָר דורך דער פאַראייניקונג און אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער, און אַזוי ווי, פון דער אַנדערער זייט, די נוצלעכקייט פון דעם גענעראַל-ראַט ווענדט זיך אָן זיין מער אָדער ווייניקער ענגן צוזאַמענבונד מיט די אַרבעטער-געזעלשאַפטן, די נאַציאָנאַלע און אָרטיקע, דעריבער דאַרפן די מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע שטרעבן מיט אלע קויכעס, יעדערער אין זיין לאַנד, צו פאַראייניקן די פאַרשיידענע אַרבעטער-געזעלשאַפטן, וואָס זיינען דאָרט פאַראַן, אין איין נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די אָנווענדונג פון אָט דעם אַרטיקל פון סטאַטוט וועט זיין אָפּהענגיק פון די געזעצן אין יעדער מעדינע, אָבער איטלעכע אָר-

טיקע געזעלשאַפט איז מעכויעוו אַריינצוטרעטן אין דירעקטע פאַרבינדונגען מיטן גענעראַל-ראַט, אויב עס זיינען ניטאָ דערצו קיין מעניעס מיצאַד די אָר-טיקע געזעצן.

זיבעטער ארטיקל: יעדער מיטגליד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע, ווען ער פאָרט אַריבער צו וואוינען אין אַן אַנדער לאַנד, האָט אַ רעכט אַף ברידערלעכע שטיצע מיצאַד די אָרטיקע מיטגלידער פון דער אַסאָציאַציע; מע גיט אים אַלע אינפאָרמאַציעס, וואָז האָבן אַ שאַיכעס צו זיין פראָפעסיע אין דער געגנט, וואוהין ער גייט באַזעצן זיך, און מע גיט אים קרעדיט אַף די טנאָיעם, וואָס זיינען באַשטימט דורך דעם סטאַטוט פון זיין סעקציע און אונטער איר אָרוועס.

אַכטער אַרטיקל: יעדער, וואָס נעמט אָן און האַלט אונטער די פרינציפּן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע, קאָן ווערן אַ מיטגליד פון איר, אָבער נאָר מיט דער אָרוועס פון דער סעקציע, וואָס נעמט אים אָן.

ניינטער אַרטיקל: יעדע סעקציע האָט א רעכט אויסצוקלייבן אירע מיטגלידער קאָרעספּאָנדענט און דעם גענעראַל-ראַט פון דער אַסאָציאַציע;

צענטער אַרטיקל: די אַרבעטער-סעקציעס, וואָס בילדן די אינטער-נאַציאָנאַלע אַרבעטער-אַסאָציאַציע, האָבן זיי זיינען פאַראייניקט צווישנאַנאַנד דורך ברידערלעכע בענדער פון סאָלידאַרישקייט און קעגנזייטיקער אונטער-שטיצונג, בלייבן פונדעסטוועגן באַ זייערע אייגנטימלעכע פאָרמעס פון אָר-גאַניזאַציע.

עלפטער אַרטיקל: אַלץ וואָס איז ניט פאָרויסגעזען דורך דעמדאָזיקן סטאַטוט וועט דערגאַנצט ווערן דורך ספּעציעלע באַשטימונגען, וואָס דאַרפן דערנאָך רעווידירט ווערן אַף יעדן יערלעכן קאָנגרעס פון דער אַסאָציאַציע"

# 12. מארקס ראָלע אינם אינטערנאַציאָנאַל

„דער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן צוליב דעם, קעדיי צו פאַרבייטן די סאָציאַליסטישע און האַלב-סאָציאַליסטישע סעקטעס מיט א ווירקלעכער אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער-קלאַס פאַר זיין קאַמף. זיינע ערשטע סטאַטוטן און זיין ערשטער גרינדונגס-אַדרעס ווייזן גלייך אָן דערויף. פון דער אַנדערער זייט וואָלט דער אינטערנאַציאָנאַל ניט איינגעהאַלטן זיין פּאָזיציע, ווען די סעקטאַנטשאַפט וואָלט מיטן גאַנג פון דער געשיכטע זיך אליין ניט איבער-געלעבט. די אנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער סעקטאַנטשאַפט און פון דער ווירקלעכער אַרבעטער-באַוועגונג שטייען איינע קעגן דער אַנדערער אין אַ פאַרקערטער פארהעלטעניש. די סעקטעס האָבן זייער (היסטאָרישע) רעכט אַף עקזיסטענץ נאָר אזוי לאַנג, קאָלזמאַן דער אַרבעטער-קלאַס איז ניט רייף געוואָרן פאַר דער זעלבשטענדיקער היסטאָרישער אנטוויקלונג. מיטן אָנקומען

אָבער פון אָט דעם מאָמענט ווערט די סעקטאַנטשאַפט רעאַקציאָנער אין טאָך, און אין דער געשיכטע פונם אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך איבערגעכאַזערט דער אַלעמען-באַוואוסטער פאַקט, וואָס אַלץ, וואָס לעבט אָפּ, שטרעבט צו באַנייען זיך און איינהאַלטן זיין פּאָזיציע אין די באַניים אַנטשטייענדיקע פאָרמען. די געשיכטע פונם אינטערנאַציאָנאַל — דאָס איז אַן אַנאויפהערלעכער קאַמף פונם גענעראַל-ראַט מיט די דילעטאַנטישע עקספּערימענטן און סעקטעס, וואָס שטרעבן צו פאַרנעמען אין די רייען פונם אינטערנאַציאָנאַל גופא א פּאָזיציע קעגן דער ווירקלעכער אַרבעטער-באַוועגונג. דער דאָזיקער קאַמף איז געפירט געוואָרן אויף די צוזאַמענפאָרן, און נאָך אין א גרעסערער מאָס אויף די פּריוואַטע באַראַטונגען פונם גענעראַל-ראַט מיט די פאַרשיידענע סעקציעס.

אַזוי ווי אין פּאַריז האָבן די פּרודאָניסטן (מוטואַליסטן) זיך אויך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דער געזעלשאַפט, זיינען זיי אויף א נאַטירלעכן אויפן אין מעשעך פון די ערשטע יאָרן געשטאַנען בעראָש פון דער פּאַריזער באַוועגונג. אַלס קעגנזאַץ צו זיי האָבן זיך דאָרט, פאַרשטייט זיך, שפּעטער געבילדעט גרופּן קאָלעקטיוויסטן, פּאָזיטיוויסטן און אַנד.

אין דייטשלאַנד — די לאַסאַליאַנער-קליק. איך אַליין האָב זיך אין מעשעך פון 2 יאָר דורכגעשריבן מיטן טרויעריק-בּרימטן שווייצער, האָב אומבאַשטרייטבאַר דערוויזן, אַז די לאַסאַלישע אָרגאַניזציע איז פּאָשעט א סעקטאַנטישע אָרגאַניזאַציע, און אַז אַלס אַזעלכע איז זי פיינטלעך דער אָרגאַניזאַציע פון דער ווירקלעכער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל שטרעבט צו שאַפן. שווייצער האָט זיך געהאַט זיין „גרונט" ניט צו פאַרשטיין דאָס.

אין סוף 1868 יאָר איז אינם אינטערנאַציאָנאַל אַריינגעטראָטן באַקונין, וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו שאַפן אינעווייניק אין אים אונטערן נאָמען „פאַרבאַנד פון סאָציאַלער דעמאָקראַטיע" א צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און שטעלן זיך בעראָש פון אים. ער — א מענטש אָן שום טעאָרעטישע קענטעניש — האָט פּרעטענדירט אויף דער ראָלע פון א פּאָרשטייער אין אָט דעם נייעם פּאָליטישן אָרגאַניזם פון ווישנשאַפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל און האָט זי געוואָלט מאַכן פאַר דער ספּעציעלער אויפגאַבע פון אָט דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אינם אינטערנאַציאָנאַל.

זיין פּראָגראַם — אָט דער פון אומעטום אָנגעכאַפּטער געמיש, — דיקטירט די מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל די גלייכהייט פון די קלאַסן (!), די אָפּשאַפונג פונם ירושה-רעכט, אַלס דעם אויסגאַנגס-פּונקט פון דער סאָציאַלער באַוועגונג (די סען-סימאָניסטישע פּאַנטאַזיעס), דעם אַטעאיזם, אַלס א דאָגמע, און אַלס הויפּט-דאָגמע ווערט אַרויסגעשטעלט דאָס אָפּהאַלטן זיך פון באַטייליקן זיך אין פּאָליטיק (לויט פּרודאָנען).

אָט דער קינדערשער אַלעפּבייס האָט זיך פאַרשפּרייט (און האַלט זיך נאָך ביז א געוויסער מאָס) אין איטאליע און שפּאַניע, וואו עס זיינען ווייניק אַנטוויקלט די רעאַלע יעסוידעס פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, און אין דער סוויווע פון אייניקע אין זיך פאַרליבטע, קאָוועדזוכערשע און פּוסטע דאָקטוירערן אין בעלגיע און אין דער ראמאנישער שווייץ.

פאַרן העך באַקונין איז זיין דאָקטרין (א מישמאש, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון שטיקלעך פּרודאָניסטישע, סען-סימאָניסטישע און אנדערע טעאָריעס) געווען און איז א צווייטראנגיקע זאַך און דינט אים בלויז אַלס מיטל צו געווינען פּערזענלעכע באַדייטונג אין וואָג. אָבער אויב באַקונין איז אינם טעאָרעטישן זין א נול, שטייט ער דערפאַר אָבער, אלס א אינטריגאַן, אַף דער הייך פון זיין באַרוף.

קעגן אָט דער פאַרשווערונג (וואָס איז ביז א געוויסן מאָמענט אונטערשטיצט געוואָרן, הויפּטזאכלעך אין דאָרעם-פראַנקרייך, דורך די פראנצויזישע פּרודאָניסטן) האָט דער גענעראַל-ראַט געפירט א פּיליאָריקן קאמף ביז, ענדלעך, ער האָט אים דערלאנגט דעם לאנג צוגעגרייטן קלאַפּ אין דער פאָרם פון דער 1, 2, 3, IX, XVI און XVII רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אף דער קאָנפערענץ *.

זעלבסטכאַרשטענדלעך, אַז דער גענעראַל-ראַט וועט ניט אונטערשטיצן אין אַמעריקע דאָס, קעגן וואָס ער האָט געקעמפט אין אייראָפּע. באַוואָפּענענדיק זיך מיט די רעזאָלוציעס 1, 2, 3 און IX, באקומט אזוי ארום דער ניו-יאָרקער קאָמיטעט לעגאַלע מיטלען, וואָס גיבן אים א מעגלעכקייט צו מאַכן אַ סאָף מיט דער סעקטאנטשאַפט און מיט די בייזע פלענער פון די דילעטאנטישע גרופּן, און אין פאַל פון א נויטיקייט אויך אינגאנצן זיי אויסשליסן.

די „פּאָליטישע באַוועגונג“ פונם ארבעטער-קלאַס שטעלט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דעם ענדגילטיקן ציל צו דעראָבערן די „פּאָליטישע מאַכט“, און דערצו איז באַ א געוויסן מאָמענט נויטיק די אנטוויקלונג פון א „פאָר-אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער-קלאַס“, וועלכע וואקסט פון זיך אליין ארויס פונם עקאָנאָמישן קאמף פונם ארבעטער-קלאַס.

* די רעזאָלוציעס 1, 2 און 3 פון דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ פאַרווערן די סעקציעס, אָפּטיילונגען און א. וו. אָנצורופן זיך מיט פאַרשיידענע סעקטאַנטישע נעמען אזוי פארפליכטן זיי אָנצורופן זיך אָפּטיילונגען אָדער סעקציעס פון דער „אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-אַסאָציאַציע“ מיט דער באַצייכענונג פונם אָרט, וואו זיי געפינען זיך. די IX רעזאָלוציע שטרייכט אונטער די נויטיקייט פון דער פּאָליטישער טעטיקייט פונם אַרבעטער קלאַס און דערקלערט, אז זיין עקאָנאָמישע באַוועגונג און זיין פּאָליטישע טעטיקייט זיינען אייניע מיט דער אנדערער פעסט צונויפגעבונדן. די XVI רעזאָלוציע דערקלערט די פראַגע וועגן דעם „אליאנס“ פאַר אויסגעשעפּט, צוליב דער דערקלערונג פון זיין סעקרעטאַר נ. זשוקאָווסקי, אז דער אליאנס איז פאַנאנדערגעלאָזט. די XVII רעזאָלוציע גיט די סעקציעס פון דער שווייצארישער יורא דאָס רעכט אָנצורופן זיך Fédération jurassienne און טאדלט זייערע אָרגאנען „Progrés“ און „Siècle“.

אָבער, פון דער אַנדערער זייט, איז יעדע באַוועגונג, אין וועלכער דער אַרבעטער-קלאַס אַלס אַזעלכער שטייט קעגן די הערשנדיקע קלאַסן און האָט אַף זיי א דרוק מיט דער הילף פון א „דרוק פון דרויסן“,—א „פּאָליטישע באַוועגונג“. לעמאָשל, דער פּרואוו צו צווינגען דעם איינצלנעם קאַפּיטאַליסט מיט דער הילף פון שטרייקן און א. וו. צו פאַרקלענערן דעם אַרבעטס-טאָג אין אַן איינצלנער פאַבריק אדער וואַרשטאַט, וועט זיין א ריין עקאָנאָמישע באַוועגונג. פאַרקערט, די באַוועגונג לעטויוועס דעם געזעץ וועגן אַכטשאָעיקן אַרבעטס-טאָג און א. וו. וועט שוין זיין א פּאָליטישע. און מיט אָט דעם וועג וואַקסט אומעטום אַרויס פון די באַזונדערע עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון די אַרבעטער די פּאָליטישע באַוועגונג, ד. ה. די באַוועגונג פונם קלאַס, קעדיי אַזוי אַרום צו דערשלאָגן זיך די פאַרווירקלעכונג פון זיינע אינטערעסן אין אַן אַלגעמיינער פאָרם, ד. ה. אין א פאָרם, וואָס האָט א מוזכאַראַקטער פאַר דער געזעלשאַפט. ווען מע זאָל אָט די באַוועגונגען אונטערוואַרפן א באַשטימטער פאָר-אָרגאַניזאַציע, וועלן זיי קוידעמקאָל ווערן א מיטל פאַר דער אַנטוויקלונג פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע.

דאָרט, וואו די אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער-קלאַס איז נאָך ניט אַף אַזוי פיל אַנטוויקלט, אַז ער זאָל קאָנען אַריינטרעטן אין אַן אַנטשיידענער שלאַכט מיט דער קאָלעקטיווער מאַכט, ד. ה. מיט דער פּאָליטישער מאַכט פון די הערשנדיקע קלאַסן, דאָרט דאַרף ער ווערן צוגעגרייט דערצו דורך אומאויפהערלעכער אַגיטאַציע קעגן דער אונז פיינטלעכער פּאָליטיק פון די הערשנדיקע קלאַסן. אין קעגנפאַל וועט ער ווערן א שפּילצייג אין זייערע הענט, ווי דאָס האָט דערוויזן די סענטיאַבר-רעוואָלוציע אין פראַנקרייך (סענטיאַבר 1870 יאָר) און ווי דאָס באַווייזן ביז א געוויסער מאָס ביזן לעצטן מאָמענט די ערפאָלגן פון גלאַדסטאָן און קאָמפּ. אין ענגלאַנד“.

(מאַרקס און ענגעלס, „בריוו“, מאַרקס בריוו צו באָלטע פון 23/XI, 1871).

## 13. די פּאָליטישע אויפגאַבן פונם אַרבעטער-קלאַס

(רעזאָלוציע פונם לאַזאַנער קאָנגרעס און 1867 יאָר)

„ענטפערנדיק פּאָזיטיוו אַף דער ערשטער העלפט פראַגן און נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָס פעלן פון פּאָליטישע פרייהייטן שטערט דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג פונם פאָלק און דער עמאַנסיפּאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט, דערקלערט דער קאָנגרעס: 1) אַז די סאָציאַלע באַפרייאונג פון די אַרבעטער איז אומאָפּטיילבאַר פון זייער פּאָליטישער באַפרייאונג, 2) אַז די איינשטעלונג פון פּאָליטישע פרייהייטן איז א מיטל פון דער ערשטער און אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט. איבער דער צווייטער העלפט פון דער פראַגע באַשטימט דער קאָנגרעס: 1) יערלעך איבערצוכאַזערן די פאָריקע דעקלאַראַציע, 2) אָפּציעל מיטיילן דידאָזיקע דעקלאַראַציע אַלע מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער

אַרבעטער-אַסאָציאַציע און אויך די אנטיילנעמער פונם וועלט-קאָנגרעס, און זיי בעטן, אז זיי זאָלן ענערגיש אונטערשטיצן, קעדיי עס זאָלן ענדלעך גע-שענקט ווערן אלע פעלקער די אומאָפּנעמבארע רעכט פון 1789 יאָר".

# 14. באשטימונג פון בריוסעלער קאָנגרעס פונם אינ-טערנאַציאָנאל

## I

## וועגן ערד-אייגנטום

„נעמענדיק אין אכט, אז די נויטן פון דער פּראָדוקציע און די אָנווענ-דונג פון די באוואוסטע געזעצן פון אַגראָנאָמיע פאָדערן א לאנדווירט-שאַפטלעכע גרויס-פּראָדוקציע אף א קאָלעקטיוון אויפן און מאכן נויטיק איינצופירן מאשין-אַרבעט און די קאָלעקטיווע אָרגאניזירונג פון דער דאָרפישער אַרבעט-קראַפט און אז ביכלאל פירט די היינטיקע עקאָנאָמישע אנט-וויקלונג צו לאַנדווירטשאַפטלעכער גרויס-פּראָדוקציע;

נעמענדיק אין אכט, אז בעהעסקעם מיט דעם דארפן די לאנדווירט-שאפטלעכע אַרבעט און דאָס לאנדווירטשאפטלעכע אייגנטום ווערן אוועקגע-שטעלט אין די זעלבע באדינגונגען, ווי די ארץ-גרובן;

נעמענדיק אין אכט, אז די פּראָדוציר-אייגנשאַפטן פונם באָדן שטעלן מיט זיך פאָר דעם ערשט-שטאפלדיקן מאטעריאל פון אלע פּראָדוקטן, דעם ערשט-שטאפלדיקן מאָקער פון אלע פּראָדוציר-מיטלען און פון אלע געברויך-גיטער, און אז אָט די פּראָדוציר-אייגנשאפטן זיינען ניט געשאַפן געוואָרן דורך ארבעט און קאָנען ניט זיין קיין פּריוואט-אייגנטום, —

האלט זיך דער קאָנגרעס בא דער מיינונג, אז די עקאָנאָמישע אנטוויק-לונג פון דער היינטיקער געזעלשאפט מאכט פאָר א סאָציאַלע נויטווענדיקייט צו פארוואַנדלען די ערד אין א קאָהאָלש אייגנטום, — און אז די מעלוכע דארף אָפּגעבן די ערד אין ארענדע די לאַנדווירטשאַפטלעכע געזעלשאפטן (פּראָ-דוציר-אַרטעלן), אף דיזעלבע באדינגונגען, ווי די ארץ-גרובן און די אייזנבאנען".

## II

## וועגן די וועלדער

„נעמענדיק אין אכט, אז דאָס אָפּגעבן די וועלדער צו פּריוואטע פּער-זאָנען ברענגט צו דער פאַרוויסטונג פון די וועלדער;

אַז, אָט די פאַרוויסטונג שטערט דער רעגולירונג און אָפּהיטונג פון די וואַסער-קוואלן און פאַרקלענערט די האכנאָסעדיקייט פון דער ערד, און

דראָט אויך דעם געזונט פון דער באַפעלקערונג און שטעלט אין געפאַר דאָס לעבן פון די בירגער, —

זאָגט ארויס דער קאָנגרעס די מיינונג, אז די וועלדער דארפן בילדן דאָס קאָהאלשע פארמעגן".

III

## מעקויעך קאנאלן, וועגן און טעלעגראף-ליניעס

רעכענענדיק, אז דידאָזיקע פארקער-וועגן פאָדערן אן איינהייטלעכע פארוואלטונג און באנוץ, וואָס עס קאָן ניט איבערגעגעבן ווערן צו פריוואטע פערזאָנען, ווי דאָס פאָדערן אייניקע עקאָנאָמיסטן, אין דער פאָרם פון מאָנאָפאָל—,

רעכנט דער קאָנגרעס, אז אָט די פאַרקער-וועגן דארפן זיך געפינען אינם קאָלעקטיוון אייגנטום פון דער געזעלשאפט.

IV

## וועגן די ארץ-גרובן, שטיינקויל-גרובן און אייזנבאנען

נעמענדיק אין אכט:

1) אז די גרויסע פראָדוציר-מיטלען זיינען פאַרבונדן מיטן באארבעטן דעם באָדן און פאַרנעמען א היפשן טייל זיינעם, וואָס די נאטור האָט איבער-געגעבן דער מענטשהייט אָן געצאָלט;

2) אז אָט די פראָדוציר-מיטלען פאָדערן אומבאדינגט די אָנווענדונג פון מאשינעס און קאָלעקטיווער קראַפט;

3) אז די מאשינעס און די קאָלעקטיווע קראפט, וואס עקזיסטירן אינם איצטיקן מאָמענט אויסשליסלעך פאַר די אינטערעסן פון די קאַפּיטאליסטן, דאַרפן אין דער צוקונפט אויסגענוצט ווערן אויסשליסלעך דורך די אַרבעטנדי-קע און אז דערצו איז נויטיק, אַז די גאנצע אינדוסטריע, וואו אָט די צוויי עקאָנאָמישע קרעפטן זיינען אן עקזיסטענץ-נויטווענדיקייט, זאָל געפירט ווערן דורך גרופן פון אַזוינע, וואָס זיינען ניט קיין לוין-ארבעטער,—

רעכנט דער קאָנגרעס, אז די שטיינהאקערייען, קוילנגרובן און אנדערע ארץ-גרובן, און אויך די אייזנבאנען, וועלן אין א נאָרמאַלער געזעלשאפט גע-הערן דעם געזעלשאַפטלעכן קאָלעקטיוו, וואָס וועט זיין פאַרטראָטן דורך דער מעלוכע, אָדער דורך א באנייטער (איבערגעבויטער) מעלוכע, וואָס וועט זיך אונטערווארפן די גערעכטיקייט-געזעצן;

אז די שטיינהאקערייען, שטיינקוילן-גרובן און אייזנבאַנען וועלן דורך דער געזעלשאפט אָפּגעגעבן ווערן אַף עקספּלואטאציע ניט די קאַפּיטאַליסטן, ווי אינם איצטיקן מאָמענט, נאָר ארבעטער-ארטעלן, דערביי ווערט געשלאָסן א צווייפאכער אָפּמאַך, וואָס גיט איבער פון איין זייט דאָס באנוץ-רעכט (עקס-

פלואטאציע) די אַרבעטער-אַרטעלן, און פון דער צווייטער—זיכערט עס די אינ-טערעסן פון דער געזעלשאַפט:

א) די וויסנשאַפטלעכע און ראציאנעלע עקספלואטאציע,

ב) די מעגלעכקייט צו באנוצן זיך מיט זייער פראָדוקציע לויטן פרייז, וואָס איז גאָר נאָענט צום קערן-פרייז.

ג) דאָס רעכט צו רעווידירן די כעשבוינעס פונם אַרטעל,

ד) און, מעמיילע, די אומעגלעכקייט אויפצושטעלן די מאָנאָפּאָל.

פון דער אנדערער זייט, זיכערט ער די נאַטירלעכע רעכט פון יעדן מיט-גליד פון דער ארבעטער-אַסאָציאציע בענויגייע צו זיינע כאווירים".

# 15. די מיטלען צו מאכן א סאָף מיט די מילכאָמעס

(רעזאלוציע פונם בריוסעלער קאָנגרעס אין 1868 יאָר)

„נעמענדיק אין אַכט, אז די גערעכטיקייט דארף רעגולירן די באציאונ-גען צווישן די נאַטירלעכע גרופּן, פעלקער, נאַציעס פונקט אזוי, ווי צווישן די בירגער, און אז האגאם די וויכטיקסטע און שטענדיקע סיבע פון דער מילכאָ-מע באשטייט אינם מאנגל פון עקאָנאָמישן גלייכגעוויכט, און דעריבער קאָן געמאַכט ווערן א סאָף מיט די מילכאָמעס נאָר דורך דער סאָציאלער איבער-בויאונג, איז פונדעסטוועגן דער ווילקיר, וואָס נעמט זיך פון צענטראליזאציע און פון דעספּאָטיזם, — די באהילף-סיבע פון דער מילכאָמע;

„אז דעריבער קאָנען די פעלקער שוין אויך איצט פארקלענערן די צאָל מילכאָמעס, קעגנווירקנדיק יענע פעלקער, וואָס רופן זיי ארויס אָדער דערקלערן זיי;

„אז דאָסדאָזיקע רעכט געהערט באזונדערס די ארבעטנדיקע קלאסן, וואָס זיינען קימאט די איינציקע, וואָס טראָגן די מיליטער-פליכט און די איינציקע, וואָס קאָנען איר געבן א סאַנקציע;

„אז דערויף געפינט זיך אין זייער רעשוס א געזעצלעכער און דירעקט פארווירקלעכבארער פראקטישער מיטל;

„אַז אין דער ווירקלעכקייט קאָן דער סאָציאַלער אָרגאניזם ניט לעבן אינם פאַל, ווען עס ווערט אָפּגעשטעלט די פראָדוקציע אף א געוויסער צייט, אז דעריבער דארפן די פראָדוצירער בלויז אָפּשטעלן די פראָדוקציע, קעדיי אזוי ארום מאכן אומעגלעך די פלענער פון די דעספּאָטישע רעגירונגען, —

„דריקט אויס דער קאָנגרעס פון דער אינטערנאציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאציע, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין בריוסעל, זיין ענערגישן פּראָטעסט קעגן דער מילכאָמע.

„ער לאדט איין אלע סעקציעס פון דער אסאָציאציע, יעדע אינם אנט-שפרעכנדיקן לאנד, און אלע ארבעטער-געזעלשאפטן און גרופּן, אומאָפּהענ-גיק פון זייער כאראקטער, ארויסצואווייזן די גרעסטע אקטיווקייט אף ניט צו דערלאָזן קיין מילכאָמע צווישן די פעלקער, וואָס דארף אינם איצטיקן מאָ-

מענט פּאָשעט באַטראַכט ווערן אלס בירגער-קריג, ווייל ווען זי וועט צוזאַמענשטויסן צווישן זיך די פּראָדוצירער, וועט זי זיין מאמעש א קאַמף צווישן ברידער און בירגער.

„דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט, באַזונדערס די ארבעטנדיקע, אויפהערן יעדע אַרבעט, אינם פאַל, אויב אין זייערע לענדער וועט אויסברעכן א מילכאָמע.

„דער קאָנגרעס רעכנט אויך אויס אַפן גייסט פון סאָלידאַרישקייט, וואָס באַגייסטערט די ארבעטער פון אַלע לענדער, און האָפט, אז זיי וועלן אונטערשטיצן אָט דעם קאַמף פון די פעלקער קעגן מילכאָמע".

## 16. די שטעלונג פונם אינטערנאציאנאל צו שטרייקן

(רעזאלוציע פונם בריוסעלער קאנגרעס)

„דער קאָנגרעס דערקלערט, אז דער שטרייק איז ניט קיין געצייג פאַר פולשטענדיקער באַפרייאונג פונם אַרבעטער, נאָר ער איז אפטמאָל א נויטיקער מיטל פונם קאַמף צווישן ארבעט און קאַפּיטאַל אין דער היינטיקער געזעלשאַפט.

„אז עס איז נויטיק אונטערצואווארפן די שטרייקן אונטער געוויסע קלאָלים אזוי, אז מע זאָל זיי קאָנען דערקלערן בלויז אין גינסטיקע פאַלן און ווען עס איז פאַראַן א געוויסע אָרגאַניזאַציע.

„פונם שטאַנדפּונקט פון דער אָרגאַניזירטקייט פון די שטרייקן איז נויטיק, אז אין אַלע פּראָפעסיעס זאָלן עקזיסטירן ארבעטערשע ווידערשטאנדספאַריינען, און אז אָט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זאָלן זיך פעדערירן מיט אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון אַלע לענדער.

„קעדיי פעסטצושטעלן די צייטמעסיקייט און געזעצלעכקייט פונם שטרייק, איז נויטיק צו שאַפן אין יעדן ארט א ספּעציעלע קאָמיסיע פון דעלעגאַטן פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס זאָל מיט זיך פאָרשטעלן א מין ראַט, קעדיי צו באַשליסן, צי איז צייטמעסיק און געזעצלעך דער אונטערגענומענער שטרייק".

## 17. דער אינטערנאציאנאל און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

(רעזאלוציע פון זשענעווער קאנגרעס פונם 1-טן אינטערנאציאנאל אין 1886 יאר)

### א) זייער פארגאנגענהייט

דער קאַפּיטאַל איז א קאָנצענטרירטע געזעלשאַפטלעכע (סאָציאַלע) קראַפט, אין דער צייט ווען דער אַרבעטער פאַרמאָגט בלויז זיין אינדיווידועלע אַרבעט-קראַפט. דעריבער קאָן קיינמאָל ניט באַשלאָסן ווערן קיין אָפּמאַך צווישן

קאַפּיטאַל און אַרבעט אף יוישערדיקע באַדינגונגען. יוישערדיקע אפילע אין
דעם זינען פון אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס לייגט אוועק אין יעסאָד, פון איין זייט,
דאָס אייגנטום אף די מאַטעריעלע לעבנס-מיטלען און אף ארבעט און, פון
דער אנדערער זייט,—די לעבעדיקע פּראָדוציר-ענערגיע. די איינציקע געזעלשאַפט-
לעכע (סאָציאַלע) קראַפט אף דער זייט פון די ארבעטער איז זייער קאַמוס.
אָבער דער קויעך פונם קאַמוס ווערט באַגראָבן צוליב זייער צעשפּליטערטקייט.
דידאָזיקע צעשפּליטערטקייט פון די ארבעטער ווערט געשאַפן און אונטערגע-
האַלטן אַדאַנק זייער אומפאַרמיידלעכער קאָנקורענץ צווישן זיך די פּראָ-
פעסיאָנעלע פאַרייגען זיינען לעכאַטכילע אנטשטאנען פון די ארבעטערס אייגנ-
ווילִיקע פּרואוון צו באַזייטיקן אדער לעכאָלאפאָכעס מילדערן דידאָזיקע קאָנ-
קורענץ מיטן צוועק צו דערשלאָגן זיך אזוינע אפמאַך-באַדינגונגען, וואָס זאָלן
זיי העלפן אויפצוהויבן זיך העכער פון דער לאַגע פון איינפאַכע קנעכט. דע-
ריבער האָט זיך די אומיטלבאַרע אויפגאַבע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען
באַגרענעצט מיט די אלטעגלעכע נויטן און מיט אויסגעפינען מיטלען אף צו
קעגנשטעלן זיך די קעסיידערדיקע פאַרכאַפּונגען מיצאַד דעם קאַפּיטאַל, מיט
איין וואָרט מיט די פראַגן פון אַרבעטס-לוין און ארבעטס-צייט. אָט די טעטי-
קייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז ניט נאָר א פולקום געזעצלעכע,
נאָר אויך א נויטיקע. זי איז אומפאַרמיידלעך, קאלומאַן עס עקזיסטירט די
היינטיקע פּראָדוציר-סיסטעם. פאַרקערט זי דארף פאַראלגעמיינערט ווערן דורך
שאַפן און פאַרייניקן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין אלע לענדער. פון דער
אנדערער זייט, זיינען די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אומבאַוואוסטזיניק פאַר זיך
אַליין, געוועזן די פאָרמירנדיקע ארגאַניזיר-צענטרען פארן ארבעטער-קלאַס,
ווי אין מיטלאַלטער די מוניציפּיעס און קאָמונעס—פאַר דער בורזשואזיע. אויב
די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען נויטיק פאַר דער פּארטיזאַנישער מילכאָמע
צווישן קאַפּיטאַל און ארבעט, זיינען זיי נאָך מער וויכטיק אלס ארגאַניזיר-
פאַקטאָרן פאַר דער פאַרניכטונג פון דער לוינארבעט גופע.

## ב) זייער קעגנוואַרט

זייענדיק צו-אויסשליסלעך פארשלונגען מיטן ארטיקן און אומיטלבאַרן
קאַמף קעגן קאַפּיטאַל, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען נאָך ניט אינגאנצן
באַנומען די קראַפט פון זייער טעטיקייט, וואָס איז געווענדעט קעגן דער סי-
סטעם גופע פון דער לוין-שקלאַפעריי. דעריבער האָבן זיי זיך געהאַלטן צו
ווייט פון די אלגעמיינע און פּאָליטישע באַוועגונגען. אָבער אין דער לעצטער
צייט וואַכן זיי אפּאָנים אויף צו א געוויסער אונטערגעוואָרפנקייט צו זייער
גרויסער היסטאָרישער מיסיע, ווי דאָס איז, לעמאָשל, צו זען פון זייער באַ-
טייליקן זיך אין דער אַקטועלער פּאָליטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד*, פון

* דער קאמף אין די יארן 1865—1866 פארן וואל-רעכט.

זייערע מער ברייטערע אנשויאונגען אף זייער פונקציעס אין די פּאַרייניקטע שטאַטן און פון פאָלגנדיקער רעזאָלוציע, וואס איז אנגענומען געוואָרן אף דער אנומלטיקער קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און שעפּילד: באַגיטיקנדיק אינגאַנצן אַלע אנשטרענגונגען, וואָס די אינטערנאַציאנאלע אר־בעטער־אַסאָציאַציע האָט אונטערגענומען מיטן צוועק צו פאַרייניקן די ארבעטער פון דער גאַנצער וועלט אין איין אלגעמיינעם ברידערלעכן פאַר־באַנד, רעקאָמענדירט די קאָנפערענץ, דרינגענד אַלע פאַריינען, וואָס זיינען אף איר פאַרטראָטן, צוצושטיין צום אינטערנאַציאָנאַל, ווייל דאָס איז אומבאַדינגט נויטיק פאַרן פראָגרעס און אויפבלי פון דער גאַנצער ארבעטער־וועלט״.

## ג) זייער צוקונפט

כוץ זייערע לעכאַטכילעדיקע אויפגאַבן, דאַרפן זיי זיך לערנען אַרויסצו־טרעטן באַוואוסטזיניק, ווי ארגאַניזיר־צענטרען פונם אַרבעטער־קלאַס. אין די אינטערעסן פון זיין פולשטענדיקער באַפרייאונג. זיי דארפן העלפן יעדער סאָ־ציאלער און פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו אט דעם ציל. קוקנדיק אף זיך, ווי אף די קעמפער און פאָרשטייער פונם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס און האנדלענדיק אין איינקלאַנג מיט דעם, דארפן זיי צוציען אין זייערע רייען אלע אַרבעטער. זיי דארפן זאָרגזאַם אפּהיטן די אינטערעסן פון די ארבעטער אין יענע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וואָס ווערן צום ערגסטן באַצאָלט, ווי לעמאָשל, די לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער, וואָס זיינען אדאנק די אויס־שליסלעכע באַדינגונגען פארמישפּעט אף אנמעכטיקייט. זיי דאַרפן איבער־צייגן די גאַנצע וועלט, אז זייערע אנשטרענגונגען זיינען ניט בלויז קיין שמאָ־לע און עגאָאיסטישע, נאָר, פארקערט, זיי זיינען געווענדעט אף צו באַפרייען די אונטערדריקטע מיליאָנען״.

# 18. מ. א. באקונין

(פראגמענטן פונם ווערק „מעלוכעשקייט און אנארכיע״)

מיר, רעוואָלוציאָנערן־אנארכיסטן, די קעמפער פאַר דער אַלפאָלקישער בילדונג, פאַר דער באפרייאונג און ברייטער אנטוויקלונג פונם געזעלשאַפט־לעכן לעבן, און, דעריבער, די סאָנים פון מעלוכע און פון יעדן מעלוכעווען, אַלס קעגנזאַץ צו אלע מעטאפיזיקער, פּאָזיטיוויסטן און אלע געלערנטע און ניטגעלערנטע פאַרערער פון דער געטין פון וויסנשאַפט, מיר באהויפּטן, אז דאָס נאַטירלעכע און געזעלשאַפטלעכע לעבן גייט שטענדיק פאָרויס פאַרן גע־דאַנק, וואָס איז בלויז איינע פון זיינע פונקציעס, און איז אָבער קיינמאָל ניט זיין רעזולטאַט. אז דער געדאַנק אנטוויקלט זיך פון זיין אייגענער אומדערשעפּ־לעכער טיפקייט דורך א ריי פאַרשיידענע פאַקטן, און ניט דורך א ריי אב־סטראַקטע רעפלעקסיעס, און אז אָט די אבסטראַקטע רעפלעקסיעס, וואָס ווערן

געשאַפן דורך איס און איס שאַפן זי קיינמאָל ניט, ווייזן בלויז אָן, ווי וויאַרסט-סלופעס, אף זיין ריכטונג און אף די פאַרשיידענע פאַזיסן פון זיין זעלב-שטענדיקער און נאַטירלעכער אנטוויקלוני.

בעהעסקעם מיט אזא איבערצייגונג איז ניט נאָר, וואָס מיר האָבן ניט קיין קאוואָנע און דעם קלענסטן פארלאַנג אנצובינדן אונזער אָדער א פרעמד פאָלק א וואסערן עס איז אידעאל פון געזעלשאַפטלעכער איינאָרדענונג, וואָס מע האָט אויסגעלייענט פון די ביכלעך, אָדער וואָס מיר אליין האָבן אויס-געטראַכט, נאָר זייענדיק איבערצייגט, אז די פאָלקס-מאַסן טראָגן אין זייערע אינסטינקטן, וואָס זיינען מער אָדער ווייניקער אנטוויקלט דורך דער געשיכטע, אין זייערע אלטעגלעכע באַדערפעניש, אין זייערע באוואוסטזיניקע און אום-באוואוסטזיניקע שטרעבונגען אלע עלעמענטן פון זייער צוקונפטיקער נאָרמא-לער אָרגאניזאַציע, זוכן מיר אָט דעם אידעאל אין דעם פאָלק גופא. און אזוי ווי יעדע מעלוכע-מאכט, יעדע רעגירונג, וואָס איז לויט איר מעהוס און לויט איר לאַגע אוועקגעשטעלט אויסערן פאָלק, איבער אים, דארף אף אן אומפאַרמיידלעכן אויפן שטרעבן צו אונטערוואַרפן עס אידע אָרדענונגען און צילן, וועלכע זיינען אים פרעמד, דערקלערן מיר זיך דעריבער אלס סאָנים פון יעדער מעלוכישער רעגירונגס-מאכט, אלס סאָנים פון דער מעלוכישער איינאָרדענונג ביכלאל, און מיר מיינען, אז דאָס פאָלק קאָן נאָר דעמאָלט זיין גליקלעך, פריי, ווען עס וועט זיך ארגאניזירן פון אונטן ארויף, דורך זעלב-שטענדיקע און פולשטענדיק פרייע פארייניקונגען אָן שום אפיציעלער אפעט-ראָפּסעס, אָבער ניט אָן פאַרשיידענע און צוגלייך פרייע איינפלוסן מיצאד פער-זאָנען און פאַרטייען, און וועט אזוי ארום שאַפן זיין אייגן לעבן.

אָט דאָס זיינען די איבערצייגונגען פון די סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן, און דערפאַר רופט מען אונז אנארכיסטן. מיר פּראָטעסטירן ניט קעגן אָט דעם נאָמען, וואָרום מיר זיינען ווירקלעך סאָנים פון יעדער מאַכט, ווייל מיר ווייסן, אז מאַכט פארדאַרבט פונקט אזוי פיל די, וואָס באַזיצן זי, וויפל יענע, וואָס זיינען געצוואונגען, צו אונטערוואַרפן זיך אונטער איר. אונטער איר פארדארבלעכן איינפלוס ווערן אייניקע קאָוועד-זוכערשע און אייגנ-נוציקע דעספּאָטן עקספּלואטאטאָרן פון דער געזעלשאַפט לעטויוועס זייערע פערזענלעכע אינטערעסן אדער די אינטערעסן פון זייער שטאנד, אנדערע, ווידער, ווערן קנעכט.

די אידעאַליסטן מיקאָל האמינים, די מעטאַפיזיקער, פּאָזיטיוויסטן, די קעמפער פאַר דער וויסנשאַפטס-אויבערהאַנט איבערן לעבן, די דאָקטרינערן-רעוואָלוציאָנערן פאַרטיידיקן אלע צוזאַמען מיטן זעלבן ברען, האגאם מיט פאַרשיידענע ארגומענטן, די אידייע פון מעלוכע און פון מעלוכע-מאַכט, זעענדיק דערין גאנץ לאָגיש, אף זייער שטייגער, די איינציקע רעטונג פון דער געזעלשאפט, גאנץ לאָגיש דערפאַר, ווייל וויבאַלד זיי האָבן אָנגענו-מען אלס יעסאָד די האַנאָכע, וואָס איז לויט אונזער איבערצייגונג א דורכויס

פאַלשע, אַז דער געדאַנק גייט פאָרויס פאַרן לעבן, די אַבסטראַקטע טעאָריע
פאַר דער געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק, און אז דעריבער דאַרף די סאָציאָלאָ-
גישע וויסנשאַפט זיין דער אויסגאַנגס-פּונקט פאַר די געזעלשאפטלעכע איבער-
קערענישן און איבערבויאונגען,—קומען זיי אומפאַרמיידלעך צום אויספיר, אז
אזוי ווי דער געדאנק, די טעאָריע, די וויסנשאפט זיינען, לעכאָל-האפּאָכעס
אינם איצטיקן מאָמענט, א זאַך, וואָס זייער ווייניקע פאַרמאָגן דאָס, דאַרפן
דעריבער אָט די ווייניקע ווערן די אָנפירער פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן, ניט
בלויז די ארויסרופער, נאָר אויך די אָנפירער פון אַלע פאָלקס-באַוועגונגען,
און אז אף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע דאַרף די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַני-
זאַציע געשאַפן ווערן ניט דורך א פרייער פאַרייניקונג פון די פאָלקס-אַסאָציא-
ציעס, געמיינדעס, וואָלאָסטן, געגנטן פון אונטן ארויף, בעהעסקעם מיט זייע-
רע פאָלקס-באַדערפענישן און אינסטינקטן, נאָר דורך דער דיקטאַטאָרשער
מאַכט פון אָט דער געלערנטער מינדערהייט, וואָס דריקט קלוימערשט
אויס דעם אלפאָלקישן ווילן.

אָט אַף דער פיקציע פון קלוימערשטער פאָלקס-פאָרשטייערשאַפט און
אַפןווירקלעכן פאַקט, וואָס מיט די פאָלקס-מאַסן פאַרוואלטעט א קליין הייפל
פר ווילעגירטע, אויסגעוויילטע, אָדער אַפילע ניט אויסגעוויילטע דורך די
פאָלקס-מענגעס, וואָס זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן אף די וואלן און ווייסן
קיינמאָל ניט, צוליב וואָס און וועמען זיי ווייזן אויס; אף אָט דעם קלוי-
מערשטן און אבסטראקטן אויסדריק פון דעם איינגעבילדעטן פאָלקס-געדאַנק
און פאָלקס-ווילן, וואָס וועגן זיי האָט דאָס לעבעדיקע און ווירקלעכע פאָלק
אַפילע די קלענסטע האַסאָגע ניט,—ווערן געגרינדעט אף א גלייכן אויפן סאַי
די טעאָריע פון דער מעלוכע-סיסטעם סאַי די טעאָריע פון דער אזויגערופע-
נער רעוואלוציאָנערער דיקטאַטור.

צווישן דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור און דער מעלוכישער איז דער
גאַנצער כילעק בלויז אין דער אויסערלעכער פאָרם. אין עצעם זיינען זיי
איינע און דיזעלבע פאַרוואלטונג איבער דער מערהייט מיצאַד
דער מינדערהייט אין נאָמען פו, דער קלוימערשטער נאַרישקייט פון דער ער-
שטער און פון דער קלוימערשטער קלוגשאַפט פון דער לעצטער. דעריבער
זיינען זיי אין א גלייכער מאָס רעאַקציאָנער, און דער דירעקטער און אומ-
באַדינגטער רעזולטאט סאַי פון דער און סאַי פון יענער איז די פאַרפעסטיקונג
פון די פאָליטישע און עקאָנאָמישע פריווילעגיעס פון דער פאַרוואלטנדיקער
מינדערהייט און פון דער פאָליטישער און עקאָנאָמישער קנעכטשאַפט פון די
פאָלקס-מאַסן.

איצט איז קלאָר פאַרוואָס די דאָקטרינערישע רעוואָלוציאָ-
נערן, וואָס זייער ציל איז אַראָפּצואוואַרפן די עקזיסטירנדיקע מאַכט און
אָרדענונגען, קעדיי צו גרינדן אַף זייערע כורוועס זייער אייגענע דיקטאַטור,
זיינען קיינמאָל ניט געווען און וועלן ניט זיין קיין סאָנים, נאָר, אדעראבע,

זייגען שטענדיק געווען און וועלן שטענדיק זיין די סאַמע הייסע אָנהענגער פון דער מעלוכע. זיי זייגען בלויז סאָנים פון דער איצטיקער מאַכט. ווייל זיי ווילן פאַרנעמען איר אָרט, סאָנים פון די איצטיקע פּאָליטישע אנשטאלטן, וועלכע שליסן אויס די מעגלעכקייט פון זייער דיקטאַטור. זיי זייגען אָבער צוזאַמען מיט דעם, הייסע פריינט פון דער מעלוכע-מאַכט, וואָס ווען מע האַלט זי ניט איין, וואָלט די רעוואָלוציע נאָכן באַפרייען די פאָלקס-מאַסן ניט אַף קיין שפּאַס אָפּגענומען באַ אָט דער קלוימערשט-רעוואָלוציאָנערער מינדערהייט יעדע האָפענונג איינצושפּאַנען זיי אין א נייעם געשפּאַן און מעזאַקע זיין זיי מיט זייערע רעגירונגס-מאָסמיטלען.

און דאָס איז אַזוי ריכטיק, אַז אינם איצטיקן מאָמענט, ווען אין גאַנץ אייראָפּע טריאומפירט די רעאַקציע, ווען אַלע מעלוכעס זיינען פאַרכאַפּט פונם סאַמע בייזן גייסט פון זעלבסטהערשונג און פאָלקס-אונטערדריקונג, באַוואפנט פון קאָפּ ביז די פיס אינם דרייפאַכן פאַנצער — מיליטערישן פּאָליציייאישן און פינאַנציעלן, און וואָס גרייטן זיך אונטער דער העכסטער אָנפירונג פונם פירשט ביסמאַרק צום פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, איצט, ווען אַלע אויפריכטיקע רעוואָלוציאָנערן וואָלטן, דוכט זיך, געדאַרפט זיך פאַרייניקן, קעדיי אַרויסצואווייזן א ווידערשטאַנד דעם פאַרצווייפלטן אָנפאַל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע, — זעען מיר, פאַרקערט, אַז די דאָקטרינערן — רעוואָלוציאָנערן אונטער דער אָנפירונג פונם ה' מאַרקס האַלטן אומעטום די זייט פון מעלוכע-סיסטעם און פון מעלוכע-אָנהענגער קעגן דער פאָלקס-רעוואָלוציע...

אַף דער פאַנגערמאַנישער פאָן* איז אָנגעשריבן: איינהאַלטן און פאַרשטאַרקן די מעלוכע פאַר יעדן פּרייז. אַף דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער אָבער, אַף אונזער פאָן איז, פאַרקערט, מיט פייערדיקע, בלוטיקע אויסיעס אָנגעצייכנט — די צעשטערונג פון אלע מעלוכעס, די פאַרניכטונג פון דער בורזשואַזער ציוויליזאַציע, די פרייע אָרגאַניזירונג פון אונטן אַרויף דורך פרייע פאַראייגען, — די אָרגאַניזירונג פון דעם העפקערדיקן שוואַרצאַרבעטערישן האַמוין, פון דער גאַנצער באַפרייטער מענטשהייט, דאָס שאַפן א נייע געזעלשאַפטלעכע וועלט...

אין איטאַליע איז פאַראַן א קאָלאָסאַלער אויסערגעוויינלעך קלוגער, אָבער אין גרעסטן טייל אן אנאלפאַבעטישער און — פונם ערשטן ביזן לעצטן — א קאַפּצאנישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס באַשטייט פון צוויי — דריי מיליאָן שטאָטישע און פאַבריק-אַרבעטער, און פון קליינע באַלמעלאָכעס, און ביז 20 מיליאָן פויערים — ניט אייגנטימער. ווי עס איז שוין אויבן געזאָגט

---

* באַקונין מיינט די מאַרקסיסטן

געוואָרן, איז אָט די אומגעהויער גרויסע מאַסע מענטשן געבראַכט געוואָרן, אַדאַנק דער אונטערדריקערשער און געניייווישער פאַרוואַלטונג פון די העכערע קלאַסן, אונטערן ליבעראַלן סצעפּטער פונם קעניג — באַפרייער און צונויפּ-זאַמלער פון דער איטאַליענישער ערד, צו אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע, אַז די אַנהענגער גופא און די פאַרינטערעסירטע אנטיילנעמער פון דער איצטיקער פאַרוואַלטונג הויבן אָן מודע צו זיין און רײדן אפן קאָל סאַי אינם פאַרלאַ-מענט און סאַי אין די אָפיציעלע זשורנאַלן, אַז ווייטער גיין מיטן דאָזיקן וועג איז אומעגלעך און אַז עס איז נויטיק צו טאָן עפעס פאַרן פאָלק, קעדיי אויסצומיידן דעם אלצעשטערנדיקן פאָלקס-פּאָגראָם.

יאָ, עס קאָן זיין, אַז אין ערגעץ איז ניט אַזוי נאָענט די סאָציאַלע רעוואָלוציע, ווי אין איטאַליע, אין ערגעץ ניט, ניט אויסגעשלאָסן אַפילו שפּאַניע אַליין, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אין שפּאַניע איז שוין פאַראַן אַן אָפיציעלע רעוואָלוציע, און אין איטאַליע, זעט אויס, איז אַלץ שטיל. אין איטאַליע ריכט זיך דאָס גאַנצע פאָלק אַף דער סאָציאַלער איבערקערעניש און שטרעבט צו איר באַ-וואוסטזיניק. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי ברייט, ווי אויפריכטיק און ווי ליידנשאַפטלעך דער איטאַליענישער פּראָלעטאַריאַט האָט אויפגענומען און נעמט אדאיעם אויף די פּראָגראַם פונם אינטערנאַציאָנאַל. אין איטאַליע איז ניטאָ, ווי אין אַסאַך אַנדערע לענדער פון אייראָפּע, דער באַזונדערער אַרבעטער-שיכט, וואָס איז שוין טיילווייז פּריווילעגירט געוואָרן אַדאַנק דעם הויכן פאַרדינסט, וואָס באַרימט זיך אַפילו אין אַ געוויסער מאָס מיט ליטעראַרי-שער בילדונג און איז אַזוי דורכגעדרונגען מיט די בורזשואזע פּרינציפּן, שטרע-בונגען און גאַיווע, אַז דער אַרבעטער, וואָס געהערט צו אָט דעם שיכט אונטערשיידט זיך פון די בורזשואזע לייט בלויז מיט דער לאַגע, אָבער קלאַל ניט מיט דער ריכטונג. באַזונדערס זיינען אַזוינע אַרבעטער פאַראַן אַסאַך אין דייטשלאַנד און אין דער שווייץ. פאַרקערט, אין איטאַליע זיינען זיי זייער ווייניק, אַזוי ווייניק, אַז זיי פאַרלירן זיך אין דער מאַסע אָן שום שפּור און איינפלוס. אין איטאַליע דאָמינירט יענער קאַפּצאָנישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועגן אים רופן זיך אָפּ די ה"ה מאַרקס און ענגעלס, און נאָך זיי אויך די גאַנצע שול פון די סאָציאַלע דעמאָקראַטן אין דייטשלאַנד, מיט טיפער פאַ-ראַכטונג און לעגאַמרע אומזיסט, ווייל אין אים, און בלויז אין אים, און קלאַל ניט אין דעם אויבן פאַרצייכנטן בורזשואזן שיכט פון דער אַרבעטער-מאַסע געפינט זיך אי דער גאַנצער סייכל, אי די גאַנצע קראַפט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע...

אבער אָרעמקייט, די שרעקלעכסטע אָרעמקייט, ווען אַפילו זי טרעפט דעם פילמיליאָניקן פּראָלעטאַריאַט, איז נאָך ניט קיין גענוגנדיקע אָרוועס פאַר דער רעוואָלוציע. דער מענטש איז געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַ וואונ-דערבארן געדולד, וואָס דערגייט צומאָלס בעעמעס ביז פאַרצווייפלונג, און דער טייוול וויים, וואס ער טראָגט ניט איבער, ווען צוזאַמען מיט דער אָרעמקייט

וואָס פֿאַרמישט עס אים אַף אומגעהערטע ליידן און לאַנגזאַמען הונגער־טויט, איז ער נאָך געבענטשט מיט טעמפּקייט פֿונם פֿאַרשטאַנד, מיט טעמפּקייט פֿון די געפֿילן, מיטן פֿעלן פֿון יעדן באַוואוסטזיין פֿון זיינע רעכט און מיט יענעם רואיקן געדולד און געהאָרכזאַמקייט, וואָס מיט זיי צייכענען זיך באַזונדערס אויס צווישן אַלע פֿעלקער די מיזרעכדיקע אינדיער און די דייטשן. אַזאַ מענטש וועט קיינמאָל ניט אויפֿשטיין, ער וועט שטאַרבן, אָבער ער וועט ניט מוירעד זיין.

ווען אָבער ער ווערט געבראַכט צו פֿאַרצווייפֿלונג, ווערט שוין זיין אויפֿרעגונג מער מעגלעך. פֿאַרצווייפֿלונג איז אַ שטאַרק ליידנשאַפֿטלעכער געפֿיל. זי ברענגט אים אַרויס פֿונם טעמפּן, האַלבשלעפֿערדיקן ליידן און איז שוין מעשאַער מער אָדער ווייניקער אַ באַוואוסטזיין וועגן דער מעגלעכקייט פֿון אַ בעסערער לאַגע, וואָס צו דערגרייכן זי אָבער האָפֿט ער ניט.

אין פֿאַרצווייפֿלונג קאָן, ענדלעך, קיינער לאַנג ניט בלייבן. זי ברענגט שנעל דעם מענטשן אָדער צום טויט אָדער צו מאַיסים. צו וועלכע מאַיסים? פֿאַרשטייט זיך, צו דער זאַך פֿון באַפֿרייאונג און פֿון דעראָבערן די באַדינגונגען פֿאַר אַ בעסערער עקזיסטענץ. אַפֿילו דער דייטש, ווען ער איז אין פֿאַרצווייפֿלונג, הערט אויף צו זיין אַ רעזאָנער. אָבער עס איז נויטיק אַסאַך, זייער אַסאַך קאָלערליי באַליידיקונגען, אונטערדריקונגען, ליידן און צאָרעס, קעדיי צו ברענגען אים צו פֿאַרצווייפֿלונג.

אָבער אויך אָרעמקייט מיט פֿאַרצווייפֿלונג זיינען קנאַפּ אַף אַרויסצורופֿן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע. זיי זיינען מעסוגל צו מאַכן פּערזענלעכע אָדער, אַסאַך אָרטיקע מערידעס, זיי זיינען אָבער ניט גענוג אַף אויפֿצוהייבן גאַנצע פֿאָלקסמאַסן. דערצו איז נאָך נויטיק אַן אַלפֿאָלקישער אידעאַל, וואָס אַרבעט זיך שטענדיק אויס היסטאָריש פֿון דער טיפֿעניש פֿונם פֿאָלקס־אינסטינקט, דערצויגן, פֿאַרברייטערט און באַלויכטן דורך אַ ריי מערקווירדיקע פּאַסירונגען, — עס איז נויטיק אַן אַלגעמיינע האַסאָגע פֿונם אייגענעם רעכט און אַ טיפֿער ליידנשאַפֿטלעכער, מע קאָן זאָגן, אַ רעליגיעזער גלויבן אין אָט דעם רעכט. ווען אַזאַ אידעאַל און אַזאַ גלויבן באַגעגענען זיך אינם פֿאָלק צוזאַמען מיט אָרעמקייט, וואָס ברענגט אים צו פֿאַרצווייפֿלונג, דעמאָלט איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע אומפֿאַרמיידלעך, נאָענט, און קיין שום קויעך קאָן איר ניט שטערן.

אין איצטיקער ערנסטער צייט קאָן אַ שטאַרקע מעלוכע האָבן בלויז איין פֿעסטן יעסאָד — די מיליטערישע און ביוראָקראַטישע צענטראַליזאַציע. צווישן דער מאָנאַרכיע און סאַמע דעמאָקראַטישסטער רעפּובליק איז דער וועזנטלעכער אונטערשייד אַזאַ: אין דער ערשטער אונטערדריקט די וועלט פֿון די באַאַמטע דאָס פֿאָלק לעטויוועס די פּריווילעגירטע, פֿאַרמעגלעכע קלאַס, און אויך לעטויוועס זייערע אייגענע קעשענעס אינם נאָמען פֿון מאָנאַרך. אין דער רעפּובליק אָבער וועלן די באַאַמטע פּונקט אַזוי דריקן און ראַבירן דאָס פֿאָלק

פאַר דיזעלבע קעשענעס און קלאַסן, אָבער שוין אינעם נאָמען פונם פאָלקס-ווילן אין דער רעפּובליק איז דאס קלוימערשטע פאָלק, דאס לעגאַלע פאָלק, דאס פאָלק, וואס איז קלוימערשט פאַרטראַטן דורך דער מעלוכע, דריקט און וועט דריקן דאס לעבעדיקע און ווירקלעכע פאָלק. אָבער דעם פאָלק וועט קלאָר ניט זיין גרינגער, אויב דער שטעקן, מיט וועלכן מע וועט עס שלאָגן, וועט זיך אָנרופן פאָלקס-שטעקן.

די סאָציאַלע פראַגע, די ליידנשאַפט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע האָט איצט באַהערשט דעם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט. מע דאַרף זי אָדער באַפרידיקן, אָדער איינצוימען און איינשטילן. אָבער צופרידנשטעלן זיך קאָן זי ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט פאַלן די מעלוכישע געוואַלדזאַמקייט, אָט דער לעצטער אָנשפּאַר פון די בורזשואַזע אינטערעסן. הייסט עס, אַז קיין שום מעלוכע, ווי דעמאָקראַטיש עס זאָל ניט זיין אירע פאָרמען, אַפילו די סאַמע רויטסטע פּאָליטישע רעפּובליק, וואס איז אַ פאָלקס-רעפּובליק בלויז אינם זינען פון פאַלשקייט און איז באַקאַנט מיטן נאָמען פאָלקספאַרשטייערשאַפט,— איז ניט בכוח צו געבן דעם פאָלק דאס, וואס אים איז נייטיק, ד. ה. די פרייע אָרגאַניזירונג פון אַלע זיינע אייגענע אינטערעסן פון אונטן אַרויף, אָן שום אריינמישן זיך, אַפּעטראָפּסעס, געוואַלדזאַמקייט פון אויבן, ווייל יעדע מעלוכע, אַפילו די סאַמע רעפּובליקאַנישסטע און די סאַמע דעמאָקראַטישסטע, אַפילו די קלוימערשטע פאָלקס-מעלוכע, וועלכע האָט מאַרקס אויסגעטראַכט, זיינען אין עצם ניט מער, ווי אַ פאַרוואַלטן מיט די מאַסן פון אויבן אַראָפּ, מיט דער הילף פון אַן אינטעליגענטער און דעריבער סאַמע פּריווילעגירטער מינדערהייט, וואס פאַרשטייט קלוימערשט בעסער די ווירקלעכע אינטערעסן פונם פאָלק איידער דאס פאָלק אַליין.

הייסט עס, אַז פאַר די פאַרמעגלעכע און פאַרוואַלטנדיקע קלאַסן איז לאַכלוטן אומעגלעך צו באַפרידיקן די פאָלקס-ליידנשאַפט און די פאָלקס-אינטערעסן. דעריבער בלייבט בלויז איין מיטל — מעלוכישע-געוואַלדטאַט, מיט איין וואָרט די מעלוכע, ווייל מעלוכע באַטייט טאַקע בפירושע געוואַלדטאַט, הערשאַפט מיט דער הילף פון פאַרמאַסקירטער געוואַלדטאַט, אויב עס איז מעגלעך, און פון חוצפּהדיקער און אָפנהאַרציקער — אינעם ערגסטן פאַל.

(באַקונין. געזאַמלטע ווערק, באַנד 1)

## 19. די פּראָגראַם פונם אינטערנאַציאָנאַלן פאַריין פון דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע („אַליאַנס")

„1. דער אַליאַנס דערקלערט זיך אַלס אַן אַטעאיסטישער. ער שטרעבט צו פאַרניכטן די רעליגיעזע קולטן, צו פאַרבייטן די אמונה מיט וויסנשאַפט און די געטלעכע גערעכטיקייט — מיט מענטשלעכער גערעכטיקייט.

2. דער אַליאַנס וויל קוידעמקאָל די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אויסגלייכונג פון די קלאַסן און פּערזאָנען פון ביידע געשלעכטן. ער איז מעשאַער, אַז אַלס אָנהויב פון אַזאַ אויסגלייכן דאַרף זיין די אָפּשאַפונג פון יערושע-רעכט, קעדיי אין דער צוקונפט זאָל יעדן מענטשנס געברויך אַנטשפּרעכן זיין פּראָדוקציע. דעריבער, בעהעסקעם מיטן באַשלוס, וואָס עס האָט אָנגענומען דער לעצטער אַרבעטער-קאָנגרעס אין בריוסעל, דאַרפן די ערד, די אַרבעט-געצייג און יעדער אַנדער קאַפּיטאַל ווערן דאָס קאָלעקטיווע אייגנטום פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און אויטיליזירט ווערן בלויז דורך די אַרבעטער, ד. ה. דורך די אינדוסטריעלע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַסאָציאַציעס פון די אַרבעטנדיקע.

3. דער אַליאַנס פאָדערט פאַר אַלע קינדער פון ביידע געשלעכטן פונעם מאָמענט, ווען זיי ווערן געבאָרן, גלייכע מיטלען פאַר זייער אַנטוויקלונג, ד. ה. אויסהאַלט, דערציאונג און בילדונג, סיי אינדוסטריעלע און סיי עסטעטישע. דידאָזיקע גלייכהייט, וואָס איז לעכאָטכילע בלויז אַן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע, וועט אינעם רעזולטאַט ברענגען צו אַלץ אַ גרעסערן און גרעסער וואוקס פון דער נאַטירלעכער גלייכהייט פון די מענטשלעכע פּערזענלעכקייטן און וועט פאַרניכטן אַלע עקזיסטירנדיקע אומגלייכהייטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אַלס היסטאָרישער פּראָדוקט פון דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פּונקט אַזוי פאַלש, ווי ניט יוישערדיק.

4. אַלס אַ סוינע פון יעדן דעספּאָטיזם, ניט אָנערקענענדיק קיין שום פאָרם פון פּאָליטישער איינאָרדענונג פון דער געזעלשאַפט, אַכוץ דער רעפּובליקאַנישער, און אָפּלייקענענדיק אַבסאָלוט יעדן בונד מיט די רעאַקציאָנערן, לייקנט דער אַליאַנס אויך אָפּ יעדע פּאָליטישע טעטיקייט, וואָס שטעלט זיך ניט אַלס אומיטלבאַרן און דירעקטן ציל דעם ניצאָכן פון דער אַרבעטער-זאַך איבערן קאַפּיטאַל.

5. דער אַליאַנס אָנערקענט, אַז אַלע פּאָליטישע און אַווטאָריטאַרע מעלוכעס, וואָס עקזיסטירן אינעם איצטיקן מאָמענט און באַגרענעצן זיך אַלץ מער און מער מיט אויספילן איינפאַכע אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס, וואָס זיינען נויטיק דער געזעלשאַפט, דאַרפן אַריינגעגאָסן ווערן אינעם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד פון די ערד-און בעטערישע און אינדוסטריעלע אַסאָציאַציעס.

6. אָנערקענענדיק, אַז די סאָציאַלע לאַגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אויפן יעסאָד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער, לייקנט אָפּ דער אַליאַנס יעדע פּאָליטיק, וואָס איז געגרינדעט אויפן אַזויגערופענעם פּאַטריאָטיזם און אויף דער קאָנקורענץ פון די נאַציעס.

7. דער אַליאַנס שטרעבט צו אַ פרייער אַסאָציאַציע פון אַלע אָרטיקע אַסאָציאַציעס".

# 20. פ. ענגעלס וועגן די בייע אויפגאבן פונם אינטערנאציאנאל

„ער (דער אינטערנאציאנאל) האָט געהערט דעם פעריאָד פון דער צווייטער אימפעריע, ווען די רעדיפעס קעגן דער אויפגעוואַכטער ארבעטער-באַוועגונג, וואָס האָבן געהערשט איבער גאַנץ אייראָפּע, האָבן דיקטירט די סאָלידאַרישקייט פונם פּראָלעטאריאט און זיין ניט אריינמישן זיך אין דער אינערלעכער פּאָליטיק. דאָס איז געווען א מאָמענט ווען די אלגעמיינע קאסמאפּאָליטישע אינטערעסן פונם פּראָלעטאריאט זיינען געווען ארויסגערוקט אין פאָדערגרונט: ווען דייטשלאַנד, שפּאניע, איטאליע און דענעמאַרק זיינען אריינגעטראָטן אין דער באַוועגונג אדער האָבן נאָך אקאָרשט גענומען אריינטרעטן. אין 1864 יאָר איז דער טעאָרעטישער כאראַקטער פון דער באַוועגונג געבליבן אין גאַנץ אייראָפּע, ד. ה. אין די מאַסן, נאָך ווייט ניט קיין פארשטענדלעכער. דער דייטשישער קאָמוניזם האָט זיך נאָך ניט אויסגעגאָסן אין דער פאָרם פון אן ארבעטער-באוועגונג. דער פּרודאָניזם, ווידער, איז ניט געווען אף אזוי פיל שטאַרק, אז ער זאָל קאָנען ארויספאָרן אף זיין סאציאלן פערדל. באַקונינס נייער מישמאַש האָט נאָך ניט אנגענומען קיין באַשטימטע פאָרם אפילע אין איר מעכאַבערס אייגענעם קאָפּ. און אפילע די לידערס פון די ענגלישע טרעד-יוניאַנס האָבן געהאַלטן פאַר מעגלעך אריינצוטרעטן אין דער באַוועגונג אפן גרונט פון דער פּראָגראַם, וואָס איז פארשריבן געוואָרן אינם ביַיגעלייגטן מעמאָראנדום צום סטאַטוט. און שוין דער ערשטער גרויסער ערפאָלג האָט געמוזט צו נישט מאַכן אָט די ניט צוגעפּאַסטע מיטארבעטערשאַפט פון פאַרשיידענע פראַקציעס. אזא ערפאָלג איז געווען די קאָמונע, וואָס האָט מיט זיך פארגעשטעלט דאָס ניטווילנדיקע גייסטיקע קינד פונם אינטערנאַציאנאל, האַגאַם ער האָט ניט קיין ריר געטאָן מיט קיין פינגער אף ארויסצורופן זי צום לעבן. אף אזאַ אופן רעכנט זיך דער אינטערנאציאנאל ביז אַ געוויסן גראד גאנץ יוישערדיק דער שולדיקער אין דער קאָמונע. אָבער ווי נאָר ער האָט אדאנק איר געוואונען אין אייראָפּע די מאָראלישע קראַפט, אזוי גיך איז אנטשטאַנען א מאַכלויקעס צווישן די באַזונדערע פּאָליטישע ריכטונגען, וואָס האָבן איינע בא דער אנדערער באַשטרייט דאָס אויסשליסלעכע רעכט אף אויסצונוצן די רעזולטאטן, וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרן דורך דער קאָמונע, עס איז אָנגעקומען דער שוין לאַנג רייף געוואָרענער מאָמענט פון דער צעפאַלונג פונם אינטערנאציאנאל. די קינע צו דער וואַקסנדיקער קראַפט פון די עלעמענטן, וואָס זיינען געבליבן געטריי צו דער אלטער ברייטער פּראָגראַם — די דייטשישע קאָמוניסטן — האָט געשטויסן די בעלגישע פּרודאָניסטן אין די אָרעמס פון די באַקונינשע אַוואַנטיוריסטן. און דער האַאַגער צוזאַמענפאָר איז שוין אין דער ווירקלעכקייט געווען דער סאָף פאַר ביידע פארטייען. אמעריקע איז געווען דאָס איינציקע

לאנד, וואו דער נאָמען פונם אינטערנאציאנאל האָט נאָך געהאַט א געוויסע פּאפּולאריטעט, און דעריבער האָט דער געזונטער אינסטינקט אונטערגעזאָגט, אז עס איז צוועקמעסיק אריבערצוטראָגן אהינצו זיין פאַרוואלטונג. אָבער ענד-לעך איז אויך אין אמעריקע דער פּרעסטיזש פונם אינטערנאציאנאל געפאַלן און יעדער פּרואוו אריינצובלאָזן אין אים א נײַ לעבן איז געווען אַן אומזי-ניקער און לייכטזיניקער אנווער פון ענערגיע. צען יאָר האָט דער אינטער-נאַציאנאל רעגירט מיט איין זייט פון דער אייראָפּײַאישער געשיכטע און בע-פּיירעש מיט דער, אין וועלכער עס איז געלייגט געוואָרן דער יעסאָד פון דער גאַנצער צוקונפט...״

(מארקס און ענגעלס. „בריוו״. פון ענגעלס בריוו צו זאָרגע פון 12 סענטיאַבר 1874 יאר).

# 21. די פּאליטישע אויפגאבן פון דעם פּראלע-טאריאט

(רעזאלוציע פון דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ, 1871 יאר)

„אפן גרונט פון דעם סטאַטוט פון דעם אינטערנאַציאנאל, וואו עס שטייט, אז „די עקאָנאָמישע באפרייאונג פון די ארבעטער איז א גרויסער צוועק, וואס איטלעכע פּאָליטישע באוועגונג דארף אים זיין אונטערגעוואָרפן, ווי א מיטל״;

אפן גרונט פון דעם „אריינפיר מאַניפעסט״ פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, וואו עס שטייט: „די באַלעבאַטים פון דער ערד און די קאפּיטאליסטן וועלן אַלעמאָל אויסנוצן זייערע פּאָליטישע פּריווילעגיעס״; וואָס מאַכמעס דעם איז די דערוועראבונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דער ערשטער כויוו פון דעם ארבע-טער-קלאַס״;

אַפּן גרונט פון דער רעזאָלוציע פון דעם לאָזאַנער קאָנגרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאל אין 1867 יאָר, וואו עס שטייט, אז די סאָציאַלע „באַפריי-אונג פון די אַרבעטער קאָן ניט אָפּגעשיידט ווערן פון דער פּאָליטישער „באַ-פרייאונג״;

נעמענדיק אין באַטראכט, אז די ניט ריכטיקע איבערזעצונגען פון דעם גרונט-סטאַטוט גיבן אַ מעגלעכקייט פאר א פאלשער אויסטייטשונג און אז די-דאָזיקע פאַלשע אויסטייטשונגען ברענגען שאָדן דער אַנטוויקלונג און דער טעטיקייט פון דעם אינטערנאציאָנאַל;

נעמענדיק אין באַטראכט, אכוץ דעם:

אז קעגן דער קאָלעקטיווער מאַכט פון די הערשנדיקע קלאַסן קאָן דער פּראָלעטאריאט ווירקן ווי אַ קלאַס, נאָר דאַן, ווען ער שאַפט א פּאָליטישע פּאַרטיי קעגן אלע פריערדיקע פּאַרטייען, וואָס די הערשנדיקע קלאַסן האָבן געשאַפן;

אז דידאָזיקע פאַרייניקונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין א פּאָליטישער פּאַרטיי איז נויטיק, קעדיי צו זיכערן דעם ניצאָכן פון דער סאָציאַלער רעוואָ-לוציע און איר ענדציל — די כּאַרניכטונג פון קלאַסן;

אַז א קאָאַליציע פון די אַרבעטער-קרעפטן איז שוין פאַראַן אדאנק דעם עקאָנאָמישן קאַמף און זי דאַרף דינען אויך ווי א הויב-שטאַנג פאַר די אַרבעטער-מאַסן אין זייער קאַמף קעגן דער פּאָליטישער מאַכט פון זייערע עקספּלואַטאַטאָרן,

דערמאָנט די קאָנפערענץ די מיטגלידער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל:

אַז אין דעם פּעריאָד פון קאַמף איז די עקאָנאָמישע באַוועגונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס און זיין פּאָליטישע טעטיקייט אומצעטיילבאַר פאַרבונדן צווישנאַנאַנד".

# 22. די פאַרבּרייטערונג פון די פולמאַכטן פונם גע-נעראַל-ראַט דורכן האַאַגער קאָנגרעס, קעדיי צו קעמפן מיט דער סעקטאַנטישקייט

... „אַרטיקל 2.—דער הויפּט-ראַט איז מעכויעוו אויסצופילן די באַשטי-מונגען פון די קאָנגרעסן און אכטונג געבן, אז די סעקציעס זאָלן פּינקטלעך אויספילן אלע באַשטימונגען און דעם סטאַטוט פונם אינטערנאַציאָנאַל.

„אַרטיקל 6.—דער הויפּט-ראַט האָט אויך דאָס רעכט צו פאַנאַנדערלאָזן די סעקציעס, אָפּטיילונגען, ראַטן אָדער די פעדעראַלע קאָמיטעטן און פעדע-ראַציעס פונם אינטערנאַציאָנאַל ביזן צונויפרופן דעם פאָלגנדיקן קאָנגרעס.

בענוגע צו די סעקציעס, וואָס געהערן צו וואָסערער עס איז פעדעראַציע, איז דער הויפּט-ראַט מעכויעוו, איידער ער לאָזט זיי פאַנאַנדער, זיך באַראַטן אפריער וועגן דעם מיטן אַנטשפּרעכנדיקן פעדעראַלן ראַט.

אינם פאַל, ווען עס ווערט פאַנאַנדערגעלאָזט אַ וואָסערער עס איז פעדעראַלער ראַט, דאַרף דער הויפּט-ראַט לאָזן וויסן וועגן דעם די סעקציעס וואָס גייען אריין אין דערדאָזיקער פעדעראַציע, אין בעטן אויסוויילן אין אַ דרייסיקטאָגיקן טערמין א נייעם פעדעראַלן-ראַט.

אינם פאַל, ווען עס ווערט פאַנאַנדערגעלאָזן אַ גאַנצע פעדעראַציע, דאַרף דער הויפּט-ראַט טייקעף מיטיילן וועגן דעם אַלע פעדעראַציעס פונם אינטערנאַציאָנאַל. אויב די מערהייט פעדעראַציעס וועט פאָדערן צונויפרופן אַן עקסטרע קאָנפערענץ אף צו באַטראַכטן דעם איניען, איז דער הויפּט-ראַט מעכויעוו אויסצופילן דידאָזיקע באַקאָשע און די קאָנפערענץ דאַרף אנעמען אַן ענדגילטיקן באַשלוס איבער דערדאָזיקער פראַגע".

# 23. די נייע אויפגאבן פון דעם ארבעטער-קלאס

(אויפרוף פון דער קאָנפערענץ פון דעם אינטערנאציאָנאַל אין פילאדעלפיע אין 1876 יאָר)

„כאַוויירים אַרבעטער!

דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע האָט אָפגעשאַפט דעם גענעראַל-ראַט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע, דער אויסערלעכער צוזאַמענבונד פון דער אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט ניט מער.

דער אינטערנאַציאָנאַל איז געשטאָרבן, — וועט ווידער אויסשרייען די בורזשואזיע און מיט פרייד און כויזעק וועט זי אָנווייזן אף די אַרבעטן פון אָט דעם קאָנגרעס, ווי אף א באַווייז כון דער מאַפּאָלע פון דער אלוועלטלעכער אַרבעטער-באַוועגונג. זאָלן די קוילעס פון אונזערע סאָנים אף אונז קיין רוישעם ניט מאַכן. מיר האָבן פאַנאַנדערגעלאָזן די אָרגאַניזאַציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איבער סיבעס, וואָס דרינגען אַרויס פון דער איצטיקער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע, אָבער אָנשטאָט איר זעען מיר, ווי די פּרינציפּן פון דער אָרגאַניזאַציע ווערן אנערקענט און באַשיצט דורך די פּאָרגעשריטענע אַרבעטער פון דער גאַנצער ציווילזירטער וועלט. לאָמיר געבן אונזערע כאַוויירים — די אייראָפּייאישע אַרבעטער — אביסל צייט אף צו פאַרשטארקן זייערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, און עס איז קיין ספק ניט, אַז גאָר אינגיכן וועלן זיי שוין זיין בעקויעך צו צעווארפן די באַריערן, וואָס טיילן זיי אָפּ פון די אַרבעטער פון אנדערע וועלט-טיילן.

כאַוויירים, איר האָט זיך לייב און לעבן דורכגעדרונגען מיט די פּרינציפּן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, איר וועט געפינען מיטלען ווי אזוי אויך אָן אָן אָרגאַניזאַציע צו פאַרברייטערן דעם קרייז פון זיינע אָנהענגער, איר וועט קריגן נייע קעמפער, וואָס וועלן אַרבעטן צוליב דער פאַרווירקלעכונג פון די צוועקן פון אונזער געזעלשאַפט. די אַמעריקאַנער כאַוויירים זאָגן אייך צו, אַז זיי וועלן הייליק היטן און אַכטונג געבן אף די דערוווערבונגען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ביז וואנען מער גינסטיקע באַדינגונגען וועלן איבעראַניים צונויפזאַמלען די ארבעטער פון אַלע לענדער אונטער דער אַלגעמיינער פאָן פון קאַמף און ווידעראַמאָל, מיט נאָך מער קראַפט וועט זיך דערהערן דער רוף: — פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!“

## ליטעראטור

1. י. סטעקלאָוו: „דער אינטערנאַציאָנאַל“, טיילן 1 און 2.

2. Иекк. „Интернационал“.

3. Арк. А.—н. „История рабочего движения“ (отдельные главы)

4. Ц. Фридлянд. „История Западной Европы“ ч. II

# די אינעווייניקסטע לאגע אין דער אימפעריע פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן

אין דעם 6-טן קאַפּיטל האָבן מיר געזען, אז די דיקטאַטור פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן (דער באָנאַפּאַרטיזם) איז אויפגעקומען אפן באָדן פון דעם ניט שטאַנדהאַפטיקן גלייכגעוויכט פון די קלאַסן, אַפן גרונט פון די אינטערעסן פון דער פויערשער קאָנסערוואַטיווער מאַסע. דידאָזיקע מיליטערישע דיקטאַטור איז ניט געווען קיין פאַרווירקלעכונג פון די אינטערעסן פון עפּעס איינעם א קלאַס פון דער געזעלשאַפט, זי איז איינגעשטעלט געוואָרן נאָר קעדיי צו פאַרזיכערן די מאַסע אייגנטימערס פון די קאָמוניסטישע רוכעס׳ און זי האָט געפּרואווט שטעלן זיך העכער איבער אַלע קלאַסן, קעדיי צו לינדערן אף אזא אופן די סאָציאַלע סמירעס.

קעדיי צו פאַרפעסטיקן זיך אַפן יעסאָד פון די סטירעסדיקע קלאַסן-אינטערעסן, אנטוויקלט די אימפעריע פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן ביז צו אַ גוואַלדיקער גרויס קוידעםקאָל איר ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט און די אַרמיי. די מעלוכע-מאַשין דרינגט אריין אין אלע ווינקעלעך פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאַפּאָלעאָן דער 3-טער קולטיווירט, ווי אן אנשפּאַר פאַר דעם טראָן, א ברייטע סיסטעם פון באַאמטע מיט בלישטשענדיקע מונדירן און גרויסע געהאַלטן, וואָס גיבן זיי, קינדער פון דער בורזשואזיע, א מעגלעכקייט צו לעבן א גוטן טאָג. אזוי ווערט באַשאַפן א באַזונדערע קאַסטע טשינאָווניקעס-ביוראָקראַטן, וואָס די עקזיסטענץ פון דער אימפעריע איז פאַר זיי א מאָגן-פראַגע. נאָך אן אָנשפּאַר דעם רעזשים, צוגלייך מיט דער אַרמיי און דער ביוראָקראַטיע, ווערן די קאַטוילישע גייסטלעכע. די קירך דאַרף פאַרפלאַנצן אין די פויערים דערעכערעץ פאַר דער „אימפעריע פון אָרדענונג”, פאַר דעם פאַרטיידיקער פון אייגנטום, דערציען די מאַסע אין אונטערטעניקייט פאַרן ריבוינעשעלוילעם. די רעליגיע פון די קאַטוילישע גאַלאָכים אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן איז געוואָרן א דירעקטע דורכפירערן פון זיין פּאָליטיק, און די „סוטאַנע” (גאַלאָכישער מאַלבעש) איז געוואָרן א צוגאָב צו דעם פּאָליציייִשן אַפּאַראַט, אף סכירעס בא דער רעגירונג. ניט אומזיסט ווערט אין איינעם א צירקולאַר פון דעם מיניסטעריום פאַר אינערלעכע איניאָנים רעקאָמענדירט „מיטצוהעלפן דעם קיורע, וואָרום זיין וואָרט קאָן פאַריייניקן, מאַכן צופרידן, איינפלאַנצן בא איינע די היסכאַיוועס פון עקאָנאָמיע, בא די אנדערע — פליכט און זעלבסטאָפּפערונג”. „קיינמאָל האָט מען דער קירך אזויפיל ניט נאָכגעגעבן, קיינמאָל האָט מען אזויפיל ניט געזאָרגט צו בויען קירכלעכע ביניאָנים, קיינמאָל זיינען די

קיילים פון גאָטעס דינסט אף אזויפיל ניט באַרייכערט געוואָרן״, שרייבט איי-
נער א קאַטוילישער שרייבער וועגן דער 2-טער אימפּעריע. אָבער ניט נאָר
דאָס געוויכט פון די קירכלייט איז פאַרגרעסערט געוואָרן, זיי אין די הענט
האָט מען אָפּגעגעבן די בילדונג פון די פאָלקס-מאַסן לויטן געזעץ פון 1850—
1851 יאָר, דער קלעריקאַליזם איז געוואָרן דער הויפּט-יעסאָד פון נאַפּאָלעאָנס
אינערלעכער פּאָליטיק.

די ערשטע ניין יאָר (1851—1860) האָט זיך די אימפּעריע אויסגעצייכנט
מיט איר רעאַקציאָנערן גייסט. עס איז איינגעפירט געוואָרן א שטרענגע פּרע-
ווענטיווע צענזור אף צייטונגען, דער שפּיאָנאַזש האָט געשטיקט איטלעכן
שפּור פון פרייען געדאַנק. פון די שולן איז פאַרטריבן געוואָרן דער ליבעראַ-
לער גייסט, אין די אוניווערסיטעטן האָט מען פאַרווערט צו לערנען געשיכטע
און פילאָזאָפיע. האגאם עס איז געווען אלגעמיינע וואַלרעכט, פלעגט אָבער
דער גאַנצער פּראָצעס פון די וואַלן דורכגיין בא אזעלכע באַדינגונגען, אז
ער האָט געשטערט דער מעגלעכקייט פון דער אָפּאָזיציע דורכצוקריכן אין די
וואַלן. די צייטונגען האָט מען פאַרווערט צו שרייבן וועגן די דעבאַטן אין פּאַר-
לאַמענט, עס איז נאָר געווען דערלויבט צו דרוקן דעם אָפיציעלן יערלעכן באַריכט.

## די אינדוסטריעלע און האנדל-בורזשואזיע

אָבער אויב די בורזשואזיע איז געווען צוגעקוועטשט פּאָליטיש, האָט זי
זיך געזען מעמאַלע זיין עקאָנאָמיש. די עפּאָכע פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן איז
געווען א צייט פון צעבליאונג פארן קאַפּיטאַליזם אין פראַנקרייך. די רעגירונג
האָט פראטעזשירט די היימישע אינדוסטריע און דעם האנדל. פאַר אָט דעם
פּעריאָד קאָן מען באַמערקן, ניט קוקנדיק אף די קריזיסן פון 57-טן און 64-טן
יאָר, אַן אומויפהערלעכן וואוקס פון אַשירעס אין לאנד. פון 1851 יאָר ביז
69-טן האָט זיך די אַשירעס פון פראַנקרייך פאַרדאָפּלט, אויפהויבנדיק זיך פון
82 מיליארד פראנק ביז 162.

אונטערנעמונגען מיט דאַמף-מאָטאָרן זיינען געווען אין:

| 1840 יאָר | 1852 יאָר | 1862 יאָר | 1872 יאָר |
|---|---|---|---|
| 3.200 | 6.500 | 15.000 | 23.400 |
| | מיט א סכום פערד-קראַפט פון: | | |
| 34.300 | 75.000 | 205.600 | 338.000 |

די פּראָדוקציע פון די גרונט-צווייגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירט-
שאַפט האָט זיך אויסגעדריקט אין טאָנען:

| | 1840 יאָר | 1852 יאָר | 1862 יאָר | 1872 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| שטיינקוילן . . . | 3.003.000 | 4.904.000 | 10.317.000 | 16.101.000 |
| טשוהון . . . . | 348.000 | 522.000 | 1.291.000 | 1.218.000 |
| אייזן און שטאָל . | 245.000 | 321.000 | 781.000 | 1.025.000 |

דעם באטייט פון דעם האנדל-אָפּמאַך פון 1860 יאָר מיט ענגלאנד (זע דאָס פאָריקע קאַפּיטל) אילוסטרירן אמבעסטן די ציפערן פון אימפּאָרט און עקספּאָרט אין מיליאָנען פראנק:

| | 1850 יאָר | 1860 יאָר | 1869 יאָר | 1880 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| ארויסגעפירט סכוירעס . | 1.052 | 1.119 | 2.657 | 4.009 |
| אריינגעפירט . . . . . | 1.010 | 1.435 | 3.147 | 3.993 |

אזוי זיינען באַפרידיקט געוואָרן די אינטערעסן פון דער אינדוסטריעלער און האנדל-בורזשואַזיע.

## די פינאנציעלע אַריסטאקראטיע

אָבער גאָר גינסטיק איז די אימפּעריע געווען פאַר דער פינאנציעלער בורזשואַזיע. די ברייטע פּאָליטיק פון אויסערלעכן גלאַנץ און סינעקורעס, אַוואַנ-טיורעס און מילכאָמעס, וואס זיינען געוואָרן עמעס פינאַנציעלע אונטערנעמונגען, האָט גאַראנטירט די פאַנאנדערבליאונג פון אָט דעם שיכט פון דער בורזשואַזיע. זי איז געשטאנען נעענטער פון אַלעמען צו דער מאכט. די אינטערעסן פון קלאַס האָבן געשפּילט די אָנפירנדיקע ראָלע פאַר דער אימפּעריע. דאס וואס אין דעם באָנאָפּאַרטיסטישן קאבינעט איז נאָך דער באַנקיר פולד געווען פינאנץ-מיניסטער, האט געזיכערט די אינטערעסן פון דער בירזשע. און דערעמען, די שפּיל אָפן בירזשע און ספּעקוליאַציע האבן זיך צעוואקסן אָן אַ שיר. צענדלי-קערוויין האבן זיך געגרינדעט פארשיידענע אַקציאָנערע דיסקאָנט-בענק, קאָמ-פּאַניעס און געזעלשאפטן, וואס האבן אַרויסגעלאָזן אָן אַ שיר אַקציעס. די „געזעלשאַפט פון קרעדיט אַף ערד״, דער „קרעדיט אַף מאַשקאָנעס פון באַ-וועגלעכע גיטער״ האבן אַנטוויקלט אַ קאָלאָסאלן אַזשיאָטאַזש. אָבער די אויפ-בליאונג פון דער גרויס-בורזשואַזיע האט זיך געשטיצט אַף דעם כורבן פון דער קליין-בורזשואַזיע אין שטאָט און אין דאָרף. אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל האָבן מיר געזען, אַז ניט קוקנדיק אַף די היפשע ערפאָלגן פון דעם קאַפּיטאַ-ליזם, איז דאס לאנד דאָך פארבליבן דעריקער באַ א מיטעלער און קליין-פּראָדוקציע, מיט דער איבערוואָג פון אַ פילצאָליקן קלאַס פון מיטעלן און קליין-אייגנטום.

## די קליין-בורזשואזיע

די מאַשין-טעכניק האט געהאלטן אין איין אַרויסשטויסן די באַלמעלאָ-כישע האַנט-אַרבעט, קאָנקורירנדיק מיט איר מיט ערפאָלג. פאַר דעם קליינעם זעלבשטענדיקן פּראָדוצירער האט עס געשאַפן אַן אומזיכערקייט פאַרן מאָרגע-דיקן טאָג מיט זיין עקאָנאָמיש זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ. און די ספּעקו-לאַציעס פון דער בירזשע מיט די אומויפהערלעכע שטייערן פון דער אימפּעריע

האָבן אונטערגעגראָבן זיין אזוי אויך שאָפעלע מאטעריעלע לאַגע. דאָס האָט געשטיצט די קליינע און מיטעלע בורזשואזיע, וואס איז בעדאַלעס געוואָרן אין דער צייט פון דער אימפעריע, אין די רייען פון דער אָפּאָזיציע און האָט זי געמאַכט פאר אַ צייל פון די רעפּובליקאנישע אידייען.

## די אויסערלעכע פאליטיק פון נאפּאלעאָן דעם 3-טן

דער באָנאַפּאַרטיזם, וואס איז אויפגעקומען אין רעזולטאט פון אַ שאַרפן קלאַסנקאַמף, נאָך דער מאַפּאָלע פון 48-טן יאָר, האָט זיך גענייגט האַלטן קאָלזמאַן די סאָצ אַלע אַנטאגאָניזמען זיינען געוועזן אין אַ שטאַנדהאַפּטיקן גלייכ-געוויכט. ניט שטיצנדיק זיך דירעקט אַף קיין איינעם פון די קלאסן אין דער אימפעריע, האָט נאַפּאָלעאָן דער 3-טער געדארפט באפרידיקן די סטירעט-דיקע אינטערעסן פון פארשיידענע קלאַסן. דאָס האָט באשטימט די גאנצע אינערלעכע פּאָליטיק פון דער אימפעריע, וואס איז פול מיט סטירעס. דורכפירנ-דיק אַ רעאַקציאָנערן קורס אין לאַנד, שטרעבט נאַפּאָלעאָן דער 3-טער אין דער זעלביקער צייט אַריינצוקריגן די סימפאטיעס פון די ארבעטער-מאַסן דורך דאָ ריי פילאנטראָפּישע מיטלען און אויך דורך גראנדיעזע אַרבעטן אַף איבער-צובויען פּאַריז און אַנדערע שטעט אין פראנקרייך.

נאַפּאָלעאָן קעמפט מיט דער אָפּאָזיציע, פירט איין די שטרענגסטע צענ-זור, און אין דער זעלביקער צייט קולטיווירט ער פארשיידענע אַרבעטער-גע-זעלשאפטן פאר קעגנזייטיקער הילף מיט אַ סובסידיע פון דער מעלוכישער קאַסע, שיקט אַ ארבעטער-פאָרשטייער אַף דער אַלוועלטלעכער אויסשטעלונג און ד. גל. אָבער אַזאַ מין פּאָליטיק פון מאכן כיינעלעך צו פארשיידענע קלאסן, האַלטנדיק פארבאָרגן אין זיך ווידערשפּרעכלעכע טענדענצן, רופט ארויס אַן אומצופרידנקייט בײַ אַלע קלאסן. מיט דער עקאָנאָמישער פאַנאַנדערבליאונג ווערט פאַר די פארמעגלעכע קלאסן אָפּגעשוואַכט די דירעקטע געפאַר פון דעם רויטן רועך און דער קלאַסנקאמף ווערט ווידער פאַרשאַרפט. אַף אָט דעם באָדן הויבט אָן די אימפעריע פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן צו פּלאַצן אין אַלע נעט. מאַכנעס די פארשטארקונג פון איר מאַכט וואָלט באַטייט פאַרן קליין-פּויער אַ פארגרעסערונג פון די שטייערן און זיין ווייטערדיקן בעדאַלעס ווערן, פאר דער קליין-בורזשואַזיע — צו פארלירן די עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט, פאר די אַרבעטער — דעם דרוק אָן אַ מאָס פון דעם פעריאָד פון אָנזאמלונג. פון דעם הסכּם מיט ענגלאנד איז געוועזן ניט צופרידן די אינדוסטריעלע בור-זשואַזיע. קעדיי צו פאַרפעסטיקן און איינהאַלטן זיין לאגע, קעדיי צו באַוואַרן געזעמטקייט דער פראנצויזישער שווערד און גוטע געשעפטן פאר דער היימישער בורזשואזיע, האָט זיך נאַפּאָלעאָן דער 3-טער אריינגעלאָזן אין אַוואַנטיורעס פון אויסערלעכע מילכאָמעס. אַ גאנצע ריי מילכאָמעס און עקספּעדיציעס אין דעם פעריאָד פון די יאָרן 1852—1860 מיט טערקיי, רוסלאנד, איטאליע, מעק-

סיקע, כינע, אַלזשיר, וואָס האָבן געפאָדערט אומגעהויערע מיטלען און קויכעס האָט געדאַרפט פאַרפעסטיקן די אינעווייניקסטע לאַגע פון דער אימפּעריע און שאַפן אַ שיין פון קאָוועד פאַרן זיגער. אָבער די אַלע ביל אָמעס, וואָס זיינען פאַרפירט געוואָרן אין די אינטערעסן אָדער פון אַ הייפל אַקציאָנערן, אָדער פון דעם הויף, פלעגן ברענגען פאַ קערטע רעזולטאַטן, און די פראַנצויזיש-פרייסישע מילכאָמע פון די 70-ער יאָרן איז געווען דער קיווער פון דער 2-טער אימפּעריע.

## דער וואוקס פון דער אָפּאָזיציע

די ניט-געלונגענע אויסערלעכע פּאָליטיק, וואָס האָט געפאָדערט אומ-געהויערע הויצאָעס, די אויסבערענגערייַ פון דעם הויף, די שטייערן-פּאָליטיק, די רעאַקציאָנערע אינערלעכע פּאָליטיק האָבן גירעם געווען, עס זאָל וואַקסן די אומצופרידנקייט אין לאַנד בײַ אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט, דעריקער צווישן דער קליין-בורזשואַזיע און די אַרבעטער.

די מילכאָמע מיט איטאַליע און נאַפּאָלעאָנס איטאַליענישע פּאָליטיק האָבן קאַליע געמאַכט זיינע באַציאונגען מיט די קאַטאָליקן און, מיט דעם פּויפּסט, און, אַדאַנק דער קאָנפיסקאַציע פון דעם אייגנטום פון די אָרדענ-ביסטן, האָט ער פאַרלאָרן די שטיצע פון אָט דער גרופּע פאַר דער אימפּע-ריע. דער אויסדריקער פון דער מאָנאַרכיסטישער אָפּאָזיציע איז געוואָרן טיער. נאָענט צו איר איז געשטאַנען די אַזויגערופענע רעפּובליקאַנישע לעגאַלע פּאַרלאַמענטישע אָפּאָזיציע. די דאָזיקע מעסיקע גרופּע האָט גע-וואונטשן, עס זאָל זיגן דער „פּאָלקס-סוווערעניטעט", זי האָט אָבער ניט גע-האַלטן פון קיין רעוואָלוציאָנערע מיטלען, שטייענדיק אויפן באָדן פון פּאַרלא-מענטאַרישער לעגאַלקייט.

נון אויסן פון די וואַלן. פון דעם פּאַרלאַמענט האָבן ווידער אויפגע-הויבן אַ קאָל די אַלטע רעפּובליקאַנישע טוער פון 48-טן יאָר, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון גאָלעס נאָך דער אַמניסטיע פון 59-טן יאָר. — זשול פאַוור, עמיל אָליוויע און אַנד. זיינען געווען זייערע פאָרשטייער. די רעפּוב-ליקאַנישע אָפּאָזיציע — די אויסדריקערן פון די האָפענונגען פון די מיטעלע בורזשואַזע שיכטן, וואָס האָבן געקרעכצט אונטער דרוק און לאַסט פון שטייערן, — האָט געפאָדערט מע זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער אויסערלעכער דערווערבונג-פּאָליטיק, זי האָט געפאָדערט באַגרענעצונגען פאַרן אַדמיניסטראַ-טיוון ווילקער, פרייהייטן, דעמאָקראַטיזירונג פון דעם לאַנד. דער פירער פון די רעפּובליקאַנישע ג א מ ב ע ט ע, וואָס איז געוואָרן פּאָפּולער נאָכן פּראָ-צעס פון דעלעקליוזן, האָט אויסגעאַרבעט די אַזוי גערופענע בעלווילער וואַל פּראָגראַם, וואָס האָט אויסגעדריקט זייערע פאָדערונגען. איר פּאָליטי-שער טייל האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם: די „ראַדיקאַלסטע אָנווענדונג

פון אַלגעמיינעם וואַל-רעכט באַ די וואַלן פון מוניציפּאַלע ראַטמענער און דעפּוטאַטן, באַטל מאַכן דעם סענאַט, פרייהייט פון יאָכיד אונטערן שוץ פון געזעץ, פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פאַריינען, פּרעסע, געריכט פון געשוואָרענע פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס, אַלגעמיינע אָבליגאַטאָרישע אומזיסטע וועלטלעכע אָנפאַנג-בילדונג; אָפּטיילן די קירך פון דער מעלוכע, באַטל מאַכן די שטענדיקע אַרמיי, אומענדערן די שטייערן-סיסטעם, דירעקטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַלע באַאמטע, אַלע אַמטן דאַרפן באַזעצט ווערן דורך אויסגעוויילטע פאַרשוינען". פאַר דידאָזיקע רעפּובליקאַנער האָט ניט עקזיסטירט קיין אַרבעטער-קלאַס אַלס אַזאַ. די סאָציאַלע פּראָבלעמען וואַרפן זין אונטער איינגאַנצן אונטער די פּאָליטישע רעפאָרמעס. די רעפּובליקאַנער פון גאַמבעטעס טיפּ האָבן אָפּגעשיידט זיך פון די לינקע רעפּובליקאַנער (ראַשפּאַר און אַנד.), מאַכמעס זיי האָבן געהאַלטן זייער אָפּאָזיציע פאַר אַן „איבערמאָסיקער, אָן דערעכערעך, פאַר ניט קאָנסטיטוציאָנעל און גענויגט צו געוואַלט". אין די וואַלן פון 1869 יאָר האָט די אָפּאָזיציע געקראָגן $3^1/_2$ מיליאָן שטימען אַנקעגן $4^1/_2$ מיליאָן פאַר דער רעגירונג, וואָס עס האָט געצייגט אַף אירע גרויסע ערפאָלגן.

## די אַרבעטער-באַוועגונג אין דער צייט פון דער צווייטער אימפּעריע און דער אינטערנאַציאָנאַל

אין דעם 7-טן קאַפּיטל האָבן מיר געזעען, אַז דער פראַנצויזישער אַרבעטער-קלאַס, דעריקער פון א קליין-באַלמעלאָכישן טיפּ, הייבט אָן איבעראַנייס אויפצולעבן אין די 60-קער יאָרן. די עקאָנאָמישע נויטווענדיקייט, פון איין זייט, דער „פּאָליציייאישער סאָציאַליזם פון דער אימפּעריע" — פון דער אַנדערער זייט, שטויסן אים אַפן וועג פון עקאָנאָמישן קאַמף און אייניקייט. די יאָרן 1864—1867 זיינען די יאָרן פון דער גרעסטער ווירקונג פון דעם ריינעם פּרודאָניזם אַף דער ארבעטער-באַוועגונג. די פראַנצויזישע סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איז באַ זיי אין די הענט. די פּרודאָניסטן פאַרנעמען זיך מיט דער „אויספאָרשונג פון דער אַרבעטער-פּראַגע" („דער אינטערנאַציאָנאַל איז א געזעלשאַפט פאַר פאָרשונג, און ניט קיין נייער קארבאָנאריזם", טאָלען), מיט אויפקלערונג-אַרבעט, און, באַציענדיק זיך נעגאַטיוו צו פּאָליטיק, זיינען זיי אַריינגעטאָן איינגאַנצן אין קאָאָפּעראַציע אין דעם גייסט פון מוטואַליזם. דערדאָזיקער פרידלעכער עקאָנאָמיזם האָט אָבער אַף לאַנג ניט געקאָנט באַפרידיקן די אַרבעטער. דער קראַך פון דער פּרודאָניסטישער באַנק „קרעדיט פאַר אַרבעט" און די „דיסקאָנט-קאַסע פון די פאָלקס-געזעלשאַפטן" אין 1868 יאָר דערלאַנגט דעם לעצטן קלאַפּ דער קאָאָפּעראַציע און ברענגט צו אַן אַנטוישונג אין די פּרודאָניסטן, און די רעזאָלוציעס פון דעם ברוסעלער קאָנגרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל שלאָגן ארויס דעם באָדן

פון אונטער זייערע פיס. די אימפעריע האָט געשטויסן די אַרבעטער אין דעם לאַגער פון די בלאַנקיסטן אָבער זיי האָבן קיין ברייטע אַרבעטער-באַוועגונג ניט געקאָנט באַשאַפן, אַזוי ווי דאָס איז געווען אין טאָך א פאַרשווערערישע גרופּע און, גלויבנדיק אין דעם פּרינציפּ פון דיקטאַטור פון דער „רעוואָלוציאָנערער מינדערהייט", האָבן זיי אַפילו ניט געשטרעבט צו אַ ברייטער מאַסן-אָרגאַניזאַציע, און האָבן געבויט געהיימע קרייזלעך. נאָך דעם ערשטן פּראָצעס פון אינטערנאַציאָנאַל אין 1878 יאָר, וואָס די אימפּעריע האָט פאַרפירט, פאַלט אַריין די פּראַנצויזישע סעקציע אין די הענט פון די בלאַנקיסטן און לינקע פּרודאָניסטן, וואָס האָבן צוגעפּאַסט זייערע טעאָריעס צו די נייע רעוואָלוציאָנערע ווינטן. האַגאַם מיטן וואוקס פון דער שטרייק-כוואַליע (דערהויפּט די שטרייקן פון די קוילן-גרעבער אין לואַרער באַסיין, אױף קרעזאַנ-זאַוואָדן), וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אונטערגעשטיצט, און צוזאַמענהאַנג מיט די געריכט-פּראָצעסן אין דער צייט פון דער אימפּעריע, האָט ער געקראָגן מער פּאָפּולאַריטעט, איז דאָך די פראַנצויזישע סעקציע זיינע אַלץ געבליבן אָרגאַניזאַציאָנעל ניט אויסגעפּאָרמירט, שוואַך אין צאָל אָן א קלאָרער און באַשטימטער פּראָגראַם. די פירער פון דער באַוועגונג האָבן דאָס פאַרשטאַנען אויסגעצייכנט. אַזוי האָט טאָלען געשריבן: „קימאַט איינשטימיק אָנערקענען מיר, אַז מיר זיינען ניט צוגעגרייט צו א רעוואָלוציע". די צאָרע איז אָבער געווען ניט נאָר אין דער שוואַכקייט פון דער אָרגאַניזאַציע אליין, נאָר דעריקער אין דעם, וואָס עס איז ניט געווען קיין איינהייטלעכע מיינונג וועגן די גרונט-פראַגן פון דער באַוועגונג, עס איז ניט געווען קיין אייגענע באַשטימטע פּראָגראַם. עס איז טשיקאַווע צו פאַרצייכענען, אַז אין דעם מאַניפעסט מעקויעך דעם פּלעביסציט האָט די סעקציע אַרויסגעשטעלט קימאַט דיזעלביקע פּראַקטישע פאָדערונגען, וואָס די רעפּובליקאַנער אין זייער בעלווילער פּראָגראַם. איינינעם מיט די רעשטלעך פון די אַלטע פּרודאָניסטן אָנהענגער פון פּריוואַט-אייגנטום, טרעפן מיר קאָלעקטיוויסטן-בלאַנקיסטן, וואָס כאָלעמען וועגן אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע און שטרעבן צו פאַרכאַפּן די מאַכט; לינקע פּרודאָניסטן, וואָס לייקענען אין פאַרלאַמענטאַריזם און וואַלן. ווי פאַרשיידן עס איז געווען דאָס פאַרשטיין די פראַגע פון טאַקטיק, אַזוי מעטושטעש און פול מיט סטירעס איז געווען די פאָרשטעלונג וועגן צוועק.

אַזוי האָט דער פּראָלעטאַריאַט ערעוו דער פאַריזער קאָמונע ניט געהאַט קיין פירער אין געשטאַלט פון אַן אייגענער פּאַרטיי, די סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איז ניט געווען קיין אָנפירנדיקע אָרגאַניזאַציע, די פירער האָבן ניט געהאַט קיין קלאָרע פּראָגראַם. דער אַרבעטער-קלאַס, אָפּאָזיציאָנעל געשטימט קעגן דער אימפּעריע, האָט פון אָנהויב אָן, אין די וואַלן פון די 60-ער יאָרן אָפּגעגעבן זיינע שטימען די לינקע רעפּובליקאַנער. „אַן עפּל צי אַ באַר, ס'איז מיר אַלציינס ווערט א שפּיי, אַבי נאָר דאָס וואָס איך

וואַרף אריין אין שטים-קאסטן זאָל זיין אָפּאָזיציע״, האָט איינער אַן אַרבעטער געזאָגט אַף די וואַלן אין 1869 יאָר. דערמיט האָט ער אויסגעדריקט די שטימונג פון זיינע ברידער. דער ארבעטער-קלאַס איז נאָך ניט דערוואקסן צו אַ קלאָרן באַוואוסטזיין פון זיינע קלאַסן-צילן. ער איז ארויפגעטראָטן אפן ברייטן וועג פון א זעלבשטענדיקער באַוועגונג, און דערווייל האָט ער נאָר געהאַט עטלעכע סינדיקאַטן, קלובן, קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציעס. ניט האָבנדיק קיין ברייטע אָרגאַניזאַציעס, האָט ער ניט געהאַט קיין דערפאַרונג און קיין פעסטע פירער.

## די פראנצויזיש-פרייסישע מילכאָמע

די אָפּאָזיציע האָט אונטערגעגראָבן די וואָרצלען פון דער אימפּעריע. דער פּראָצעס פון דעלעקליוזן, די דערמאָרדונג פון וו. נואַרן און די מאַניפעסטאַציע אַף זיין לעוואיע, דער געוואגטער טאָן פון דער רעפּובליקאַנישער פּרעסע (ראָשפאָר און אנד.), די פּראָצעסן פון די אינטערנאַציאנאַליסטן, די צעשיסונגען פון שטרייקנדיקע אַרבעטער אין לואַרע און אַף קרעזאָס זאַוואָדן, די וואַלן פון 69-טן יאר האָבן געצוואונגען די אימפּעריע צו גיין אַף האַנאָכעס, אָבער די ליבעראַלע געשאַנקען פון אָליוויעס מיניסטעריום האָבן נאָר געדרייצט די אָפּאָזיציע. באַ אַזאַ לאַגע האָט זיך נאַפּאָלעאָן דער 3-טער אַריינגעוואָרפן אין דער פראנצויזיש-פרייסישער מילכאָמע. פאַר פראנקרייך איז דאָס געווען אַ דינאַסטישע מילכאָמע: די קייסערין יעווגעניע האָט עס געפאָדערט. „איך דאַרף די מילכאָמע; דאָס איז מיין מילכאָמע״—פלעגט זי זאָגן. ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס מע האָט באַאַרבעט די געזעלשאפטלעכע מיינונג און מע האָט געוואָלט ארויסרופן דעם פּאַטריאָטיזם באַ דער באפעלקערונג פון דער אימפּעריע, איז די מילכאָמע דאָך געווען ניט פּאָפּולער: מע האָט זי אָנגענומען ווי אַן אומגליק. אין דייטשלאנד איז אין יענער צייט פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון באַשאַפן אַן איינהייטלעכע אימפּעריע מיט פּרייסן בעראָש. פאַר איר האָט די אָנקומענדיקע מילכאָמע, אַכוץ דער טעריטאָריעלער פאַרברייטערונג, וואָס מע האָט פון איר דערוואַרט, געדאַרפט דינען ווי אַ צעמענט, וואָס זאָל פעסט צונויפבינדן די באזונדערע טיילן פון דער מעדינע. דעריבער האָט ביסמאַרק, וואָס האָט געבויט די איינינקייט מיט „בלוט און אייזן״, געזוכט נאָר אַ געלעגנהייט צו מילכאָמע, און די בורזשואזיע האָט זי באַגריסט, האלטנדיק די מילכאָמע פאַר א נאַציאנאַלער.

דעם 15-טן יולי האָט ע. אָליוויע מודיע געווען אין דער געזעצגעבנדיקער פאַרזאַמלונג, אז עס איז דערקלערט געוואָרן מילכאָמע. „פון הייַנטיקן טאָג פאַלט אף מיר און אַף מיינע קאָלעגעס—די מיניסטאָרן א גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר נעמען זי אָן מיט א גרינגן געמיט״. די אימפּעריע האָט דערקלערט די מילכאָמע ווירקלעך „מיט א גרינגן געמיט״, נאָכמער, מיט

לייכטזיניקייט. אינגיכן איז אויפגעדעקט געוואָרן דער גאנצער געבלאָזענער פּאַטאָס און פּאטריאָטיזם פון דער אימפּעריע, די „לייכטע" באַציאונג צו די קרעפטן פון דעם סוינע, די פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן די אייגענע קויכעס, די אומאָרדענונג און פאַרקויפטקייט אין דער אינטענדאַנטור און אין די מיליטערישע איניאָנים האָבן זיך גיך געלאָזט דערקענען. מיליטערישע קאַטאַסטראָפעס זיינען געגאנגען איינע נאָך דער אנדערער: די שלאַכטן בא סען-פּריווע, בא מעץ, ביז וואַנען מע האָט זיך, לעסאָף, דערקייקלט צום 2-טן סענטיאַבר, צו סעדאַן. דאָס האָט באשטימט דעם גורל פון דער אימפּעריע. די סעדאנער קאטאסטראָפע האָט איבערגעהאַקט די צווייג, וואו די אימפּעריע איז געזעסן. „נאָך מאַק-מאַהאָנס מאפּאָלע דעם 6-טן אווגוסט האבן די פארטיידיקער פון דער אימפּעריע זיך געפּרואווט ראטעווען זי, איבערבייטנדיק דאָס מיניסטעריום, אָבער נאָך סעדאַן האָט די אימפּעריע זיך געקאָנט ראַטעווען נאָר סאַידן זי זאָל זיך גופע איבעראנדערשן". די רעפּובליקאנער, אנהענגער פון געזעצלעכע און פארלאמענטישע מיטלען, האָבן מוירע געהאַט פאר א רעוואָלוציע, און נאָר אונטער דער ווירקונג פון די פּאריזער פאָלקס-מאסן זיינען זיי געוועזן געצוואונגען צו גיין אין ראטהויז, קעדיי צו דערקלערן א רעפּובליק. און דערווײלע זיינען די בורזשואזע רעפּובליקאנער (די גאַמבעטיסטן) געווען די איינציקע פּארטיי, וואָס האָט געקאָנט איבערנעמען די מאכט. אין אירע רייען זיינען געווען די גרויסע פארלאַמענטארישע נעמען, באקאנטע מיט זייער אָפּאָזיציע בעשאַס דער אימפּעריע, זיי האָבן געהאט מעלוכישע גענייטקייט. די סאציאליסטן אינייעם מיט די לינקע רעפּובליקאנער—יאקאָבינער האָבן, בא דער לאגע, אין וואָסערער זיי האָבן זיך געפונען, צוזאמען מיט דעלעקליוזן געקאָנט נאָר זאָגן, בעשאַס די קאטאסטראָפע האָט אויסגעבראכן: „מיר זיינען פאַרלאָרן".

## 4-טער סענטיאַבר און די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פּארטיידיקונג

אונטער דער ווירקונג פון דער פּאַטריאָטישער אויפגערעגטקייט און דעם האַס צו דער אימפּעריע פון די פּאַריזער פאָלקס-מאַסן איז דעם 4-טן סענטיאַבר, ווי א פּויעליויצע פון א בלוטלאָזיקער רעוואָלוציע, געשאַפן געוואָרן אַ רעגירונג פון נאַציאנאלער פּארטיידיקונג, און די מאַכט איז אריבער אין די הענט פון די בורזשואזע רעכטע רעפּובליקאנער, וואָס דער פירער זייערער האָט מיט עטלעכע טעג צוריק עפנטלעך אפּגעגרענעצט זיך פון די ראדיקאלע עלעמענטן, נאָך א ניט געלונגענעם פּרואוו פון אן אויפשטאנד דעם 14-טן אַווגוסט. די צייטווייליקע רעגירונג מיט גאַמבעטע און פאַוור בעראָש, האָט ניט פאַרבאָרגן איר נעגאַטיווע באַציאונג צו די סאָציאליסטן: נאָר לויט דער פאָדערונג פון דעם פאָלק האָט זי אריינגענומען צו זיך דעם איינציקן

פאָרשטייער פון דער לינקער אָפּאָזיציע ראָשפּאָרן, דערקלערנדיק דורך די לעפצן פון זשיול פּאַוור: „שוין בעסער צו האָבן אים מיט אונז, איידער קעגן אונז".

„די רעפּובליק, — האָט געשריבן מארקס, — האָט ניט ארונטערגעוואָרפן דעם טראָן, זי האָט נאר פארנומען דאָס פּוסטע אָרט, וואָס ער האָט אי־בערגעלאָזן. זי איז פּראקלאַמירט געוואָרן ניט אלס סאָציאלע דערהאַבערונג, נאר ווי א נאציאנאלער-מיטל פון זעלבשוץ". די פּרייסן זיינען געשטאנען אונטער די טויערן פון פּאַריז. דער געדאנק פון „פארטיידיקן דאס פאטער־לאנד" האָט געהערשט איבער די מויכעס פון די עקסט-לינקע און האָט זיי געצוואונגען צו זיין איינגעהאַלטן בענויגייע דער נייער מאכט. דער יאקאבי־נער דעלעקליוז האָט געשריבן: „קוידעמקאָל,—די פּרייסן", און בלאנקי, אין זיין צייטונג, האָט אונטערגעהאַלטן: „פּאָנים-על-פּאָנים מיטן סוינע דאַרף ניט זיין קיין פארטייען, קיין כעלוקע-דייעס ... איטלעכע אפּאזיציע דאַרף שטום ווערן אין נאָמען פון טויוועסאַקלאַל. זיי האָבן געדארפט שאָלעם ווערן. אלע פּארטייען, אפילע די עקסט רעכטע, האָבן אנערקענט די נייע רעגירונג.

אָבער גיך האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די רעגירונג פון נאציאנאלער פארטיידיקונג איז געוואָרן א רעגירונג פון פאראט.

די רעגירונג פון נאציאנאלער פארטיידיקונג „האָט געיארשנט פון דער אימפּעריע ניט נאר די כורוועס, נאר אויך די מוירע פארן ארבעטער-קלאס", איז געשטאנען אין דעם צירקוליאר פון דעם גענעראל-ראט פון דעם אינטער־נאציאנאל. די געשעענישן האָבן אינגיכן באשטעטיקט דעם פּראגנאז. דעם 4-טן סענטיאַבר איז פארגעקומען א פאראייניקטע זיצונג פון דער פּאריזער סעקציע פון דעם אינטערנאציאנאל מיט די ארבעטער פון די סינדיקאלע קאמערן. די פארזאמלונג האט אנגענומען דעם אויפרוף „צום דייטשישן פאָלק" (זע דאס פריערדיקע קאפּיטל) און האָט אוועקגעשיקט צו דער רעגירונג א דעלעגאציע מיט א גאנצער ריי פאדערונגען, וואס האבן געדאַרפט פאר־זיכערן די פארטיידיקונג. די רעגירונג האָט ניט אנגענומען די גרונט-פאדע־רונגען. דאס איז געווען די ערשטע כעלוקעדייעס, וואס האבן געגעבן א גרונט צום סאפעק אין דער אויפריכטיקייט פון דער רעגירונג פון נאציאָנאלער פארטיידיקונג.

## דער צ. ק. פון די צוואנציק צירקלען

ווי אַן ענטפער דערויף, האבן די ארבעטער, באַלמעלאָכעס און קליין־בורזשואַזיע פון די פאָרשטעט סען-אַנטואַן, טאַמפל, בעלוויל, מאָנמאַרטר און אַנד. געשאפן אייגענע אָרגאניזאציעס — ראַיאָנע אויפזיכט-קאָמיטעטן. זייער צוועק איז געווען — קאָנטראָל איבער די אַקטן פון די רעגירונג-אָנגעשטעלטע, פון די מערן און זייערע געהילפן און ארויסברענגען די פאָדערונגען פון פאָלק. דער צ. ק. פון 20 צירקלען האט פאראייניקט די ראַיאָנע אויפזיכט-קאָמיטעטן אַפן יעסאָד פון אַלגעמיינעם וואַל-רעכט. אַהין זיינען אַריין ניט ווייניק סאָציאַ־

ליסטן, און צונויפקלייבן זיך פלעגט ער אַף דער גאַס קאָרדערי, וואו עס איז געווען די דירע פֿון דער סעקציע פון דעם אינטערנאציאָנאל. אין דעם צענטראַל-קאָמיטעט האט דער פּראָלעטאריאַט זיך פאראייניקט מיט דער קליין-בורזשואזיע אין זיין רעוואָלוציאָנערן דראַנג צו „פאַרטיידיקן דאס פאָטערלאנד". אין מיטן סענטיאַבער האט זיך דער צענטראל-קאָמיטעט געווענדט צו דער רעגירונג מיט א פאָדערונג דורכצופירן א גאנצע ריי מאָסמיטלען. „עס איז נויטיק צו מאכן אַ כעשבן, עקספּראָפּריאירן אַלע זאפאסן פון שפּייז-פּראָדוקטן און ארטיקלען פון טאָגטעגלעכן געברויך און צוציען צו דער ארבעט קאָמיסיעס, אויסגעקלי-בענע פון פארשיידענע צירקלען. מע מוז פּאנאנדערטיילן די שפּייז-פּראָדוקטן צווישן אַלע איינוואוינער פון פּאַריז דורך קארטלען, וואס מע זאָל זיי ארויס-געבן אין יעדער צירקל לויט: 1) דער צאָל מיטגלידער פונם הויזגעזינד פון איטלעכן בירגער, 2) דעם סכום שפּייז-פּראָדוקטן, וואס זיינען אריינגענומען אין כעשבן דורך די אָנגעוויזענע קאָמיסיעס און 3) דער האשאָרע וועגן דער מעגלעך לענגסטער צייט פון דער באַלאגערונג". אַכוץ דעם זיינען די מוניציפּאַ-ליטעטן מעכויעוו צו באזאָרגן איטלעכן בירגער און זיין פאמיליע מיט א דירע די רעגירונג האט ניט באפרידיקט אויך די דאָזיקע פּאָדערונגען. זי האט געצי-טערט איידער צו זיין אַפן הייליקן רעכט פון פּריוואט-אייגנטום און פרייען האַנדל. עס האט זי ווייניק וואס באאומרואיקט דאס בילד פון הונגער פון די ארבעטלאָזיקע אַרבעטער און באלמעלאָכעס אין דער צייט פון דער באַלא-גערונג. אבער אינגיכן איז אנטפּלעקט געוואָרן דער עמעסער פּאָנים פון דער רעגירונג פון נאציאָנאלער פּאַרטיידיקונג.

אונטערגעוואורעמט דורך דער שטימונג פון דעם פּאריזער פאָלק, וואס האט געוואָלט פארטרייבן די פּרייסן, האט די רעגירונג געמאכט דעם אָנשטעל אַז זי גרייט צו די פארטיידיקונג. גאַמבעטע און די איבעריקע מיטגלידער פון דער רעגירונג האבן זיך געקאנט דעקלאמירן וויפל זייער הארץ גלוסט אַף דער טעמע וועגן די אלגעמיין נאציאָנאלע אויפגאבן צו פארטיידיקן דאס פאָ-טערלאנד, און זשיול פאַוור טאינעט: „מיר וועלן ניט איינלאָזן קיין איין שפּאַן פון אונזער טעריטאָריע, קיין איין שטיין פון אונזערע פעסטונגען". אינדער-עמעסן אָבער האט די רעגירונג געגרייט אַ קאפּיטולאַציע. זי האט אוועקגע-שיקט טיערן צו די אייראָפּעאישע מעלוכעס מיט א באקאָשע צו זיין די פאר-מיטלער, און פאוורען צו ביסמארקן אַף אונטערהאנדלונגען. פאַר דער רעגירונג פון נאציאָנאלער פארטיידיקונג איז דאס באוואפנטע פאָלק פון פּראָלעטאריער און באלמעלאכעס געווען דער געפערלעכסטער סוינע.

## די נאציאנאלע גווארדיע

אין פּאַריז איז געווען אַ נאַציאָנאלע גוואַרדיע. דורך אַ באַשלוס פון דער געזעצגעבנדיקער פאַרזאַמלונג האָט מען זי פאַרגרעסערט אין צאָל. אין דער

צייט פון דער באַלאַגערונג פון פּאַריז, ווען דאס אינדוסטריעלע האַנדלס-לעבן איז אָפּגעשטאָרבן, באַשאַפנדיק אַ מאַסע אַרבעטסלאָזיקע, איז דינען אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואו מע האָט געצאָלט $1^1/_2$ פראַנק אַ טאָג, געווען דער איינציקער פאַרדינסט פאַרן ארבעטער און באַלמעלאָכע. זיי האָבן זי פאַרפילט, פאַרגרעסערנדיק די גוואַרדיע ביז 300.000 מאַן. באַגייסטערט דורך דער אידייע צו פארטיידיקן דאס פאָטערלאנד, האבן די נאַציאָנאלע גווארדייער געקאָנט אויסגענוצט ווערן, ווי אַ גוטער און זיכערער מאַטעריאַל פאר דער פארטיידי-קונג. אָבער דאָס זיינען געווען הונגעריקע פּראָלעטאריער. „באַוואָפענען די אַרבעטער — הייסט באוואָפענען די רעוואָלוציע", און „אַ ניצאָכן פון פאַריז אי-בערן פרייסישן באַצווינגער וואָלט געווען אַ ניצאָכן פון דעם פראנצויזישן אַר-בעטער איבער דעם פראנצויזישן קאַפּיטאליסט און זיין מעלוכע—דעם פּאַראזיט" (מאַרקס). דאס איז אין דעם פלאן פון דער רעגירונג פון נאַציאָנאלער פּאַרטיי-דיקונג ניט אַריין. זייענדיק איבערצייגט, אַז באַ דער איצטיקער לאגע איז אַ פּרואוו איינצוהאלטן פאריז קעגן די פרייסן „אַ הוילע מעשוגאַעס", האט דער קריגס-מיניסטער טראָשיו, געפירט גאָר א באזונדערע מיליטערישע פּאָליטיק, וואָס איז באַשטאנען אין ארויסשלאָגן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון די נא-ציאָנאלע גווארדייער. אָנשטאָט דעם, מע זאָל אויסנוצן די צייט אַף צוגרייטן די באַפעסטיקונג פון פאריז, אויסלערנען די נאציאָנאלע גווארדייער, האט די מי-ליטערישע קאָמאנדירונג פארנומען זיך מיט מושטירן זיי, מאַטערנדיק זיי אָן אַ שיר און אויסשעפּנדיק זייער געדולד, אָדער זי פלעגט זיי אַוועקשטעלן אין שלאכט באַ אַזעלכע באַדינגונגען, ווען אַ מאפּאָלע איז געווען אומפארמיידלעך, ווי נאָר אַף צו פּאָטער ווערן פון די נאציאָנאלע גווארדייער און „ארומפליקן" זיי (די שלאַכט באַ בושע, אַף דער מאַרנע און ד. גל.).

נאָך א קורצן ערפּאָלג, האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שטענדיקע מאַפּאָלעס. די רעגירונג האט זיך ארייגעלאָזן אין אַ געפערלעכער שפּיל: „דעקאָרירנדיק אַ אַ פארטיידיקונג, האט זי צוגעגרייט אַ קאַפּיטולאַציע".

## דער אויפשטאנד פון דעם 31-טן אָקטיאַבר און 22-טן יאַנוואר

אויסדריקנדיק די מיינונג פון די פּאַריזער מאַסן, איז דער צ. ק. פון די 20 צירקלען, איגגיכן געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די רעגירונג איז ניט פעאיק צו אָרגאניזירן די פארטיידיקונג. די יעדיעס פון דעם 31-טן אָק-טיאַבר, אַז באַזען, דער פארטיידיקער פון מעץ, האט זיך אונטערגעגעבן, אַז די שטאָט בורזשע איז געפאלן, די ניטגעלונגענע אונטערהאנדלונגען פון טיערן און די אָפּשטעלונג פון די וואַלן אין דעם פּאַריזער שטאָט-ראַט האט אויפגע-דעקט דעם רעאַקציאָנערן מעהוס פון דער רעגירונג. דידאָזיקע שטימונג פון די פּאָלקס-מאַסן האט זיך אויסגעגאסן אין דעם פרואוו אַראָפּצואווארפן זי דעם 31-טן אָקטיאַבר. „דער ערשטער אַקט פון דער פארטיידיקונג דאַרף זיין—באַזייטיקן די, וואס

מאַכן זי אומעגלעך", האט געשריבן בלאַנקי אין זיין צייטונג. די באַוועגונג דעם 31-טן אָקטיאַבער איז געווען א סטיכישע. דער האמוין האט זיך אריינגע-ריסן אין ראטהויז, האט אַרעסטירט די רעגירונג און האט זיך גענומען צונויפ-שטעלן צעטלעך פון אַ גייער. „דאס וואס בא די פאטריאָטן האט געפעלט אָר-דענונג, דיסציפּלין, זאָגט ליסאַגארע, האט אומגעקערט דער רעגירונג איר סענ-טיאבערשע אַקטיוויטעט". דאָ האט זיך איבעראנייס אַרויסגעוויזן די צעבראָכקלט-קייט און ניטאָרגאניזירטקייט פון דעם סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן פראנקרייך, וואס האט ניט געקאָנט אָנפירן מיט דער באַוועגונג. בעראָש זיינען געשטאנען די יאַקאָבינער און בלאַנקיסטן. דער אויפשטאנד איז צום אָוונט אונטערגעדריקט געוואָרן. אָנגעהויבן זיך אין נאָמען פון דער פארטיידיקונג, איז ער דערשטיקט געוואָרן אין נאָמען פון דערזעלביקער פארטיידיקונג. און די באַפרייטע רעגירונג האָט, ניט קוקנדיק אַף אירע צוזאָגן, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן די אָנגעזעענסטע פירער פון דער באַוועגונג. אָבער דער דורכפאַל פון דעם אויפשטאנד האט גאָר ניט געענדערט די שטימונג פון די לינקע עלעמענטן. זיי האבן זיך אַלץ טאַקע גאָרניט אויסגעלערנט. דער צווייטער פרואוו דעם 23-טן יאַנוואר, אונטער דער ווירקונג פון דער יעדיע פון ביוזאנוויל, האט זיך אויך געענדיקט מיט א מאפּאָלע. „די אינסורגענטן זיינען ווידער ניט געווען גרייט". מע מוז באמערקן. אַז די סעקציע פון דעם אינטערנאציאָנאַל האט זיך דירעקט ניט באַטייליקט אין דער באַוועגונג. דער אויפשטאנד אין פאריז האט זיך ווי א ווידערקלאנג צעטראָגן איבערן לאַנד, אַרויסגערופן אַרויסטרעטונגען אין מאַרסעל, טולוזע, סענט-עטיען. אָבער אויך דאָרטן איז די באַוועגונג דורכגעפאַלן מאכמעס דיזעלביקע סיבעס.

## די קאַפּיטולאַציע און די וואַלן פון דער געזעצגעבנדיקער פארזאמלונג

דעם 6-טן יאַנוואר 1871-טן יאָר האט דער צ. ק. פון די 20 צירקלען אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף, וואו ער האט געשריבן: „האט די רעגירונג, וואס האָט גענומען אַף זיך די זאַך פון נאַציאָנאַלער פארטיידיקונג, מעקאַיעם געווען איר היסכאַיוועס? ניין. דורך זייער שיעס מאכן, דורך זייער אומאנטשלאָסנקייט האָבן די לייט, וואס רעגירן איבער אונז, דערפירט אונז ביז צום אומקומען. זיי האבן ניט געקאָנט ניט רעגירן, ניט מילכאָמע האלטן. מענטשן שטארבן פון קעלט און שיר ניט פון הונגער. אויספלוגן אָן אַ ציל, בלוטיקע שלאכטן אָן אַ רעזולטאַט, מאַפּאָלעס אָן אַ שיר... די רעגירונג האט באַוויזן וואס זי איז, זי מאכט פון אונז אַ טעל, פאַרזעצן אַזאַ סיידער הייסט קאַפּיטולאַציע". אינ-גיכן איז די קאַפּיטולאַציע פון דער רעגירונג געוואָרן באַשיימפּערלעך פאַר אַלעמען, דעם 28-טן יאַנוואר האט זי אונטערגעשריבן די טנאָיעם פון דער קאַפּיטולאַציע, וואס זיינען בעסאַכאַקל באַשטאנען אין דעם: אַנטוואָפענען די

פאַריזער פעסטונג און איבערגעבן די דייטשן די וויכטיקסטע אויסערלעכע פאָרטן; די אַרמיי, אַכוץ דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, ווערט פאַרעכנט פאַר מיל-כאָמע-געפאַנגען, דאַס געווער אירס דאַרף אָפּגעגעבן ווערן אין אַ 2 וואָכע-דיקן טערמין, און פּאַריז דאַרף איינצאָלן 200 מיליאָן מיליטערישע קאָנטריבוציע. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס דאַרף צונויפגערופן ווערן אין דער צייט פון שטילשטאַנד, דאַרף אונטערשרייבן די טנאָיעם פון שאָלעם. פון די וואַלן בּאַ אַזוינע באַדינגונגען אונטער די פּרייסישע באַגנעטן האָט מען קיין גוטס ניט געקאָנט דערוואַרטן. אָפּגעשניטן דורך דער באַלאַגערונג, האָט פּאַריז ניט גע-קאָנט פאַנאַנדערוויקלען אין אַ קורצער צייט קיין אַגיטאַציע איבער דער פּראָ-ווינץ. אַזוי האָט דער גורל פון פראַנקרייך געזאָלט איבערגעענטפערט ווערן אין די הענט פון די פּויערים. רעאַקציאָנער, טעמפּ, האָבן זיי פאַרלאַנגט אָפּצו-שטעלן די מילכאָמע אום יעדן פּרייז. פאַר זיי זיינען די פּאַריזער אַרבעטער, וואָס פאָדערן אַ סאָציאַלע רעפּובליק און אויסגעלייזט צו ווערן פון די פּרייסן,— ניט מער ווי בונטאָווטשיקעס. די שטימונג פון דער פּויערשאַפט האָבן אויסגע-נוצט די מאָנאַרכיסטישע קרייזן בעראָש מיט טיערן, אין פאַרבאַנד מיט קאַרע' און האָבן אַנטוויקלט אַן אומגעהויערע אַגיטאַציע.

די וואַלן זיינען פאָרגעקומען אונטערן צייכן פון קאַמף: פאָרזעצן צי אָפּשטעלן די מילכאָמע, דערקלערן אַ דעמאָקראַטישע און אַ סאָציאַלע רעפּובּ-ליק. די רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטן אין דער געשטאַלט פון דעם צ. ק. פון די 20 צירקלען, די סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַל און די סינדיקאַלע קאַמערן האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ בלאָק און האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע אייגענע קאַנדידאַטן. אָבער אויך דאַס מאָל האָט זיך אָפּגערופן די אומקלאָר-קייט פון דער פּאָזיציע פון די סאָציאַליסטן. די צעטלעך האָט מען צו:ויפגע-שטעלט צופעליק, מע האָט זיך געיאָגט נאָך נעמען. אין זיין אויפרוף זאָגט דער בלאָק: „דאָס איז אַ צעטל קאַנדידאַטן, וואָס איז צונויפגעשטעלט אין נאָמען פון אַ נייער וועלט דורך דער פּאַרטיי פון די באַרויבטע... די אַרבעטער האָבן די פולע רעכט צו פאַרנעמען זייער געהעריק אָרט אין דער קומענדיקער אָרדענונג. די רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטורן באַטייטן: אָפּ-לייקענען וועמעס עס איז רעכט איבערצוקוקן נאָכאַמאָל די פראַגע וועגן רעפּובליק; אַנערקענען די נויטיקייט, אַז אַרבעטער זאָלן זיך באַטייליקן אין דער רעגירונג; אַראָפּוואַרפן די רעגירונג-אָליגאַרכיע און דעם אינ-דוסטריעלן פעאָדאַליזם".

די וואַלן דעם 8-טן פעברואַל האָבן אַרויסגעבראַכט צוויי פאַקטן: 1) די פּאַריזער מאַסן זיינען סטיכיש-רעוואָלוציאָנער, מיט זייער אָפּשטימונג האָבן זיי געזאָגט: פאַר דער רעפּובליק, קעגן דער רעגירונג, און הייסט עס, אויך פאַרן קאַמף מיט די פּרייסן; 2) די פּראָווינץ האָט געוויזן, אַז זי איז קעגן פּאַריז, קעגן מילכאָמע; זי איז פאַר שאָלעם אום יעדן פּרייז.

# די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג

פון די 750 דעפּוטאַטן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אין באָרדאָ, זיינען ביז 450 געווען אָפענע מאָנאַרכיסטן. שוין די ערשטע פאַרזאַמלונג פון די „דאָרף־יונגען האָט באַוויזן זייער סינע צו פּאַריז. באַשטימענדיק דעם מאָנאַרכיסט טיער פאַר דעם ראָש פון דער עקזעקוטיווער מאַכט, באַשענקענדיק אים מיט ברייטע פולמאַכטן, האָט זי געוואָרפן דעם ערשטן ארויסרוף דער גרויסער שטאָט. דעם 27־טן פעוראַל האָט זי אָנגענומען די שענדלעכע באַדינגונגען: איבערגעבן צו פּרייסן עלזאַס־לאָטאַרינגיע און איינצאָלן 5 מיליאַרד קאָנטריבוציע. דאָס איז געווען א פּאָשעטער פאַראַט, אַ פאַרלאַנג אויפצובינדן זיך די הענט אין קאַמף מיט דער שטייגנדיקער רעוואָלוציע. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָבער דערמיט ניט באַנוגנט. אינגיכן האָט זי אָנגענומען עטלעכע געזעצן דירעקט קעגן פּאַריז. קעדיי באַטל צו מאַכן די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע פון אַרבעטער און באַלמעלאָכעס, האָט זי באַ זיי אָפּגענומען דעם איינציקן קוואַל פון כעיונע, די סכירעס פון אָנדערהאַלבן פראַנק. בעאייס דער מילכאָמע האָט זיך אין האנדל באמערקט א שטילשטאַנד. קעדיי אויסצומיידן באַנקראָטן, האָט די צייטווייליקע רעגירונג דורך א דעקרעט אָפּגעשטעלט אַלע צאָלונגען אף וועקסלען, היסכאַיוועסן און פון דירעגעלט. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעשאַפט דעמדאָזיקן דעקרעט און האָט באַשטימט, אַז אַלע צאָלונגען זאָלן אויסגעצאָלט ווערן אין צוויי טעג. אזא באשטימונג האָט פאַר די פּאַריזער קליינע הענדלער און באַלמעלאָכעס באטייט א פולשטענדיקע רואינירונג. קעדיי אינגאנצן פּאָטער צו ווערן פון דעם רעבעלישן פּאַריז, אָפּנעמען באַ דער אלטער שטאָט פון רעוואָלוציעס די העגעמאָניע, האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג באַשלאָסן אריבערטראָגן אירע זיצונגען אין ווערסאַל. דאס איז געווען אן אומגעהערטע באַליידיקונג מיצאַד די „דאָרף־יונגען" קעגן דער שטאָט, וואָס האָט אף אירע פּלייצעס אריבערגעטראָגן אַלע צאָרעס פון דער באלאגערונג. פּאַריז האָט געדאַרפט אויפשטיין פאַר דער רעפּובליק קעגן דעם סוינע פון אינעווייניק און פון אויסן.

# דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע

די געשעענישן זיינען אָנגעוואקסן סטיכייאיש און זיינען ארויסגערופן געוואָרן דורך די פּראָוואָקאַציעס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.

די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט דעריקער פון באַוואָפנטע אַרבעטער, איז געווען א מוירעדיקע קראַפט. זי איז אָבער געווען ניט אָרגאניזירט. אינגיכן האָט זיך געמאַכט א געלעגנהייט צו אָרגאַניזירן זי. דער געדאַנק, וואָס עטלעכע ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער האָבן ארויסגערוקט, צו פאַרייניקן די גוואַרדיע, קעדיי אויסצונוצן זי אין די וואלן פון 8־טן פעוו־

ראַל, אזוי ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאמלונג האָט אָנגעהויבן אַן אטאקע קעגן פּאַריז,—דערדאָזיקער געדאנק האָט איצטער געקראָגן אַן אנדער כאראקטער. די געשאַפענע פאַרייניקונג פון די באַטאַליאָנען אין דער פאָרם פון א פאַריי-ניקונג פ ן דער נאַציאָנאַלער גווארדיע האָט זיך געשטעלט פאַר א צוועק צו פאַרטיידיקן די רעפּובליק קעגן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און די פּרייסן. דעם 16-טן פעווראַל, האָט זיך אף א פאַרזאַמלונג פון די דעלעגאַטן, ארויס-געוויזן דער פּאָליטישער כאַראַקטער פון דעם צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, און דער סטאטוט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיטן אריינפיר צו אים האָט אנטפּלעקט די קאוואָנעס פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. „א רעפּוב-ליק איז די איינציק מעגלעכע פאָרם פון רעגירונג; קיין פראַגע וועגן דעם קאָן ניט באהאנדלט ווערן". „די נאַציאָנאַלע גווארדיע האָט א רעכט, וואָס קאָן ניט אָפּגענומען ווערן, אויסצוקלייבן זיך עלטסטע". „די נאַציאָנאַלע גווארדיע דארף פאַרבייטן די שטענדיקע ארמייען, וואָס זיינען ביז איצטער געווען נאָר א געצייג פון דעספּאָטיזם און האָבן אומפאַרמיידלעך שטענדיק געבראַכט דאָס לאנד צו א קאַטאַסטראָפע". די ערשטע האַנדלונג האָט אוועקגע-שטעלט דעם צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גווארדיע קעגן דער געזעצגעבנדיקער פארזאמלונג, דאָס איז געווען אַן ארויסרוף בענויגייע צו איר.

אין דער אָרגאניזאציע פון דעם צענטראַלן קאָמיטעט האָבן זיך באטיי-ליקט די בלאַנקיסטן און מיטגלידער פון אינטערנאציאָנאַל, אָבער די סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאל, ווי אזא, האָט ניט דערשאַצט די ווערדע פון דער-דאָזיקער אָרגאניזאציע פון דעם באַוואָפנטן פּראָלעטאַריאט און האָט זיך באַ-צויגן צו איר מיט א שטיקל כשאַד. זי האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס זי האָט דעלעגירט אין צ. ק. פיר פון אירע מיטגלידער, זי האָט זיי אָבער דערביי פאַר-געלייגט ניט ארויסצוטרעטן אין נאָמען פון דעם אינטערנאציאָנאַל. אין אָט דעם כאַראַקטעריסטישן באַשלוס האָט זיך ארויסגעוויזן אף וויפל די פראַנצויזי-שע סעקציע האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דער מאָמענט פאָדערט, אף וויפל זי איז ניט דערוואַקסן. צו די נאָענטע געשעענישן איז זי ווידער געווען ניט גרייט, פונקט אזוי ווי דער צ. ק. פון דער נאציאָנאַלער גווארדיע. דידאָזיקע צוויי אָרגאַניזאציעס האָבן ניט פאַרשטאַנען די סיטואציע, וואָס ווערט געשאַפן און האָבן ווייניקער ווי אלץ געגאַרט די אָנקומענדיקע שלאַכטן. די מיטגלידער פון צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גווארדיע, וואָס די סטיכיע האָט זיי ארויסגע-שליידערט צום אויבן און וואָס ביז דאַן זיינען זיי געווען גאָר אומבאוואוסט, זיינען אין טאָך געווען פרידלעך געשטימטע בירגער. דעם 10-טן מאַרט, א וואָך פאַר דער קאָמונע, און בעאייס דער קאָמונע גופע, ווי מיר וועלן שפּע-טער זען, האָט דער פאַרטרעגער אַרנאָ געזאָגט: „מער פון אלץ זיינען ווייט פון אונזערע געדאַנקען די טרויעריקע און בלוטיקע צוזאַמענשטויסן פון בירגער צווישנאנאנד. מיר שטרעקן אויס אונזער האנט אלע אונזערע בירגער". אָבער די לאָגיק פון די געשעענישן, דער גאַנג פון דעם קלאַסנקאַמף רעכנט זיך ניט

מיט די שטימונגען פון באַזונדערע גרופּעס און רעוואָלוציאָניזירט זייערע קוי־
כעס מערקווירדיק שנעל.

טיערס רעגירונג האָט ניט געדרעמלט. זי האָט גענומען די איניציאַטיוו
אין אירע הענט. האָבנדיק אפּגעשטויסן פון זיך די קליין־בורזשואזיע דורך א
גאנצער ריי געזעצגעבנדיקע מיטלען, האָט זי איצטער באַשלאָסן צו מאַכן אַן
עק מיט דער מוירדים־שטאָט פּאַריז, (דאָק. און מאַטעריאַלן נומ. 1). דער
ערשטער שריט איז געווען דאָס באַשטימען דעם באָנאַפּארטיסטישן גענע־
ראַל אָרעל־דע־פּאַלאַדי פאַרן הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע,
וואָס האָט געפאָדערט אויסגעוויילטע קאָמאַנדירן, אָבער קעדיי אינגאנצן
פּאָטער צו ווערן פון די באַוואָפנטע אַרבעטער, האָט מען זיי געמוזט אנטוואָ־
פענען. דעם 17־טן מאַרט האָט טיער באַשלאָסן צו נעמען זיך פאַר דער אַר־
בעט. ער האָט באַפוילן זיינע גענעראַלן צונויפצוקלייבן באַנאַכט דאָס געטרייע
מיליטער און פאַרטאָג לאָזן זיך אַף מאַנמאַרטר און בעלוויל, קעדיי צוצוגאַנ־
ווענען בא דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אירע האַרמאַטן. די באַפעלקערונג פון
שטאָט האָט מען אין פּראָקלאַמאַציעס גערופן מיטצוהעלפן. (דאָק. און מאַט
נומער 2).

## דער 18־טער מאַרט

פרי פאַרטאָג, דעם 18־טן מאַרט האָבן זיך מאַכנעס סאָלדאַטן געלאָזן
צו די באַפעסטיקונגען פון די פּאָרשטעט, די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט ניט
געוואַרט אַף קיין אָנפאַל. די וואַכטן האָט מען שוואַך אפּגעהיט. אָבער דאַ
איז געקומען צו הילף די פּאַריזער באַפעלקערונג אַליין. פרויען, וואָס זיינען
געשטאַנען אין די באַנאַכטיקע וואַרט־רייען, האָבן אויפגעהויבן א טומל. קו־
מענדיק אין באַריר מיט די נאַציאָנאַלע גוואַרדייער און דעם פאָלק, האָבן
טיערס כאַיאָלעס אנגעהויבן ברידערן זיך. טיער האָט פאַרשפּילט. דער ביר־
גער־קריג האָט זיך אָנגעהויבן. טיער האָט אָבער דאָס געוויער ניט אוועקגע־
לייגט. ער האָט באַשלאָסן פאַרצוזעצן דעם אַנגריף דורך אַנדערע מיטלען. ער
האָט זיך דעמזעלביקן טאָג אַריבערגעקליבן איינעם מיט די אַנדערע מיטגלי־
דער פון דער רעגירונג אין ווערסאַל, און האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אַן
אַרמיי, רופנדיק צו הילף ביסמאַרקן אין קאַמף מיט פּאַריז, און אין דעם פאַל
האָבן ביסמאַרקס פּלענער געשטימט מיט טיערס. „אין פּאַריז וועלן זיך צו־
נויפקלייבן בונטאַווטשיקעס פון אַלע לענדער, און מיר וועלן זיי פּאַקן, ווי מייז
אין כאַסטקע", האָט ער געזאָגט.

צום אָוונט דעם 18־טן מאַרט איז פּאַריז געבליבן אָן א געזעצלעכער
רעגירונג. ווער זשע האָט געקאָנט פאַרנעמען איר אָרט?

דעם 27־טן פעוורואַל, ווען מע האָט געוואַרט, אַז די פּרייסן וועלן קו־
מען אין פּאַריז, און די פּאַריזער באַפעלקערונג, פאַרכאַפּט פון רעוואָלוציא־

נערן אומרו, האָט זיך געקליבן ארויסוויזן זיי א ווידערשטאנד, האָט דער צ. ק. פון דער נאַציאנאלער גוואַרדיע געריפן צו רואיקייט. „יעדער פיינטלע־כער אַקט וואָלט באַטייט א מאָמענטאלע מאַפּאָלע פון דער רעפּובליק און וואָלט געבראכט דערצו, אז... די סאָציאלע פאדערונגען זאָלן דערטרונקען ווערן אין טייכן בלוט". דערדאזיקער טאָג האָט באוויזן די קראפט פון דעם צענטראלן קאמיטעט. די פאריזער מאסן האָבן זיך צו אים צוגעהערט.

אָבער ווי מיר האָבן שוין געזען, האָבן די לייט, וואס זיינען געשטאַנען בעראָש פון דעם צ. ק. ניט פארשטאנען דעם גאנג פון די געשעענישן. עס איז ניט געווען קיין פארטיי, וואָס זאל זיך שטעלן העכער פון די געשעענישן און זאל זיי באהערשן. דער צ. ק. האָט מוירע געהאַט פאר דער מאכט. ער האָט ניט אָנגעפירט מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר און „איז מער פון אלץ געווען צעטומלט פון זיין לאַגע: ער איז געווען בעראש פון א רעוואָלוציע, וואס ער האט אליין ניט געוואָלט". סטיכיש האָבן זיך די נאציאנאלע גווארדייער און די באפעלקערונג פון די פאָרשטעט א וואָרף געטאָן צו די סאָלדאטן, וואס זיינען אָנגעפאַלן פאַרטאָג, און האָבן געלייזט דעם גורל פון די געשעענישן. סטיכיש האבן זיי געגעבן א ווידערשטאנד דעם גענעראל לעקאָנט, האָבן זיך אפגערעכנט מיט אים און מיט ק. טאָמאַסן און האבן זיך ארומגערינגלט מיט שטארקע באריקאדעס. דער צ. ק. פון דער נאציאנאלער גווארדיע האט זיך ניט באטייליקט אין דידאָזיקע געשעענישן און ערשט באַ האלבן טאָג, נאָך לאַנגע וואקלענישן, ווען די געשעענישן האָבן זיך שוין געענוג קלאָר ארויס־באַוויזן, איז ער געווען געצוואונגען צו נעמען אף זיך די לאסט פון דער מאכט, אנזאָגנדיק וועגן דעם אין פראָקלאמאציעס צום פאלק (דאק. און מאַט. נומער 3).

אויך די סעקציע פון דעם אינטערנאציאנאל האָט ניט אנגעפירט מיט די געשעענישן. דעם 17-טן מאַרט האָט איינער א מיטגליד פון דער סעקציע גע־זאָגט: „דער פעדעראלער ראט פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער-אסאָ־ציאציע איז אין א גרויסער פארלעגנהייט, מאַכמעס דער אומקלאָרקייט פון דער לאַגע: וואס טוט מען?" ערשט דעם 22-טן מאַרט האט די סעקציע פון דעם אינטערנאציאנאל געדארפט פארנעמען זיך מיט דער באהאנדלונג פון די געשעענישן. „דער צענטער פון די מאַיסים איז ווירקלעך געווען דאָ (אין דעם אינטערנאציאנאל), אָבער קיין טעטיקייט-פלאן אין פאַל, אויב די סאָנים וועלן אָנפאַלן איז פונדעסטוועגן ניט געווען" (לאַווראָוו). אזוי איז דער 18-טער מאַרט געווען אַ סטיכישע באַוועגונג פון די פאריזער פאָלקס-מאַסן, וואס זיי־נען אויפגעשטאנען קעגן דעם אויסלענדישן יאך און אייגנטלעך קעגן דער נאציאנאלער פארזאַמלונג, אלס דער פארקערפערונג פון דער פריציש-בורזשו־אזער רעאַקציע.

# די ראָליע פון דעם צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע

פון וואָסערע סאָציאַלע גרופּעס איז באַשטאַנען דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס האָט גענומען די מאַכט אין זיינע הענט? אַרבע-טער, אָנגעשטעלטע, קליינע באַאַמטע, פאָרשטייער פון דער קליין-בורזשואַזיע, —אַט אין וועמעס הענט עס איז געווען די מאַכט. אין ראָטהויז איז געקומען אַן אוילעם אָן אַ נאָמען, צווישן וועמען ס'איז ניט געווען קיין פאָרשטייער פון די הערשנדיקע קלאַסן. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע איז דער אַר-בעטער-קלאַס געווען בא דער מאַכט. אָן קיין שום היסטאָרישער דערפאַרונג, אָן אַ פאָרויסזעענדיקן פּאָליטישן כוש. אָן אַ באַשטימטער, קלאָר באַנומענער פּראָגראַם, האָבן זיי, נעכטן נאָך אומבאַקאַנטע אַרבעטער, אויפגעהויבן זיך קעגן די פאַרעטער. איצטער קאָן מען פאַרשטיין די פעלערן, פאַטאַלע פאַר דער קאָמונע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט איז באַגאַנגען שוין פון די ערשטע טעג אָן. אָנשטאָט דורכגעדרונגען צו ווערן מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז ער איז אַ געצייג פון קלאַסן-דיקטאַטור, פאַרנעמען אַן אָנגרייפנדיקע רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציע קעגן דער מאַכט פון דעם הערשנדיקן קלאַס, אַנטוואָפענען און דע-זאָרגאַניזירן דעם סוינע, האָט דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, אַנ-געשראָקן דורך דער מוירעדיקער היסטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געאיילט זיך איבערצוגעבן זיין מאַכט דער דעמאָקראַטיש אויסגעוויילטער קאָמונע. אין דער צייט, וואָס ווערסאַל האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די לאַגע: די ווער סאַלער אָפּיצערן, קינדער פון דער בורזשואַזיע, האָבן געוואוסט פאַר וואָס זיי שלאָגן זיך,—האָט זיך דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע פאַר-נומען מיט אונטערהאַנדלונגען מיט די מערן, מיט באַהאַלטענע און אָפענע אַנהענגער פון טיערן, האָט דעבאַטירט וועגן דער געזעצלעכקייט פון דער רעוואָלוציע. דער פּויעליויצע איז געווען, אַז די ערשטע 10 טייערע טעג זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, און דאָס האָט געגעבן דעם סוינע אַ מעגלעכקייט צונויפצוזאַמלען זיינע קויכעס. אָבער דער פעלער איז געווען ניט נאָר אין דעם אַליין,—דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָט געגעבן טיערס רעגירונג די פולע מעגלעכקייט אַוועקצוגיין פון פּאַריז און אַרויסצופירן מיט זיך אַ טייל פון די קאָסטבאַרקייטן און אַ באַוואָפנטע קראַפט. די מיטגלידער פון צ. ק. האָבן זיך אַרויסגעוויזן ניט לויט דער הויך פון דער היסטאָרישער פּראָבלעם. זיי האָבן נאָר געוואָלט אָפּהיטן די רעפּובליק, ניט האָבנדיק באַנו-מען די לאָגיק פון קלאַסנקאַמף, ניט האָבנדיק קלאָר געמאַכט זיך, אַז די פאַרפעסטיקונג פון דער נייער מאַכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז מעגלעך אַלס פּויעליויצע פון אַ שרעקלעכן בירגער-קריג. דער צ. ק., קאָרג וואָס ער האָט ניט אָרגאַניזירט קיין אָנגריף אויף ווערסאַל, ער האָט אפילו ניט אָנגע-נומען די נויטיקע מיטלען קעגן די ווערסאַלער אין פּאַריז גופא. און אָט די לעצטע האָבן בא זיך אין די הענט געהאַט די פּרעסע, וואָס האָט קעסיידער

דעזאָרגאניזירט די געזעלשאפטלעכע מיינונג. זיי האבן געהאט זייערע אַגענטן, די מערן, וואָס האָבן ניט נאר סאַבאָטירט, זיי האבן אפילע אקטיוו גע-האלפן דער קאָנטר-רעוואָלוציע ארויסצוטרעטן דעם 22-טן מאַרט. א צייכן פון אומאַנטשלאסנקייט און מוירע ליגט אף די אלע פראָקלאמאַציעס און ארויסטרע-טונגען פון דעם צ. ק. (דאק. און מאַט. נומער 4 און 5). אנשטאָט דעם, דער צ. ק. זאָל אָפן פראָקלאמירן די דיקטאטור, ווי די לאַגע האט עס געפאדערט, „קלייבט ער זיך ניט צו פארנעמען דאס ארט פון יענע, וואָס זיינען אָפגע-ווישט געוואָרן דורך דעם אויסברוך פון דעם פאלק-שטורעם", „פאריז שטרעבט ניט צו הערשן, לייענען מיר אין אַן אויפרוף פון דער קאָמונע, ער טראַכט ניט וועגן קיין אנדער דיקטאטור, אכוץ דער דיקטאטור פון ביישפיל". אף די אנפאלן פון די ווערסאַלער האט דער צ. ק. געענטפערט דערמיט, וואס „ער האט געפריידיקט מעסיקייט, נאָכמער אפילע—גרויסמוטיקייט". אפשאַצנ-דיק זיך אליין ניט ווי א רעגירונג, נאָר ווי אן „אויפזיכט-קאָמיטעט", וואס דעם פאלקס-צאָרן האט אים ארויפגעבראכט אפן שפיץ פון דער רעוואלוציע קעגן דער „פראָווינציעלער פארזאמלונג", און וואס פאדערט א רעפובליק און קאמונאלע פריהייטן, האט דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאלער גווארדיע גע-אַיילט איבערצוגעבן די מאכט דער געזעצלעכער יורעשטע—דער קאמונע (דאק. און מאַט. נומ. 8 און 9). פאַרכאפט פון דער אידייע פון דעמאָקראַטיע, האט דער צ. ק., באַשליסנדיק צו באַשטימען וואלן אין דער קאָמונע, גע-וואלט צוציען צו דער זאך די מערן, ווי „געזעצלעכע" פאָרשטייער פון דער מאכט. ווער עס זיינען געווען די פאריזער מערן, דערוויסן מיר זיך אמבעסטן פון זייערע אייגענע גוויעס-איידעס. אַלס פארשטייער פון דער בורזשואזיע, האבן זיי זיך געוואקלט צווישן דער פראָלעטארישער קאמונע און ווערסאַל, ביז וואנען זיי זיינען, לעסאָף, אין די ערשטע טעג פון אפרעל איננאנצן אריבער אפן צאַד פון טיערן.

## די קאָמונע

דעם 28-טן מאַרט איז אויסגעקליבן געוואָרן די קאָמונע. דער אויפ-טוער איז געווען דער פאַריזער פראָלעטאַריאַט, און צו אים זיינען צוגעשטא-נען טיילוויין די קליין-בורזשואַזיע און באַלמעלאָכעס, וואָס האבן געהאַט אַ האַרץ אַף ווערסאַל. די פראָקלאַמירונג פון דער קאָמונע האָט אַרויסגערופן אַן ענטוזיאַזם. דער צוזאַמענשטעל פון דער קאָמונע איז געווען ניט אַזוי קלאַסן-אייגאַרטיק ווי דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע (דאָק. און מאט. נומער 8). אין דעם פראַט איז דער צ. ק. געווען מער פאַרטרעטער פון די פראָלעטאַרישע מאַסן, איידער די קאָמונע. בא די באַדינגונגען פון בירגער-קריג האָט דער צ. ק. צו פרי אַראָפגענומען פון זיך די פולמאַכטן, קעדיי אָפצוטרעטן דאָס אָרט דער קאָמונע. אויב די קאָמונע האָט אין אירע אויפ-




די אָנטיילנעמער

פון

דער קאָמונע

רופן גערעדט מיט אַ נעפּלהאַפּטיקן לאָשן וועגן די רעוואָלוציאָנערע אידייען פון די יאַקאָבינער, ניט האָבנדיק באַנמען באַשיימפּערלעך דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, זיינען אייניקע דאָקומענטן פון דעם צ. ק. איידעס, אַז צייטנווייז האָט ער זיך יאָ דערהויבן צום פאַרשטאַנד פון דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג. (דאָק. און מאַט. נומער 10). ערשט מיטן אַרויסגיין פון די 17 בורזשואַזע פאָרשטייער פון צוזאַמענשטעל פון דער קאָמונע נאָכן 5-טן אַפּרעל. וואָס עס האָט באַטייט, אַז די בורזשואַזע מיטלויפער האָבן זיך פון איר אָפּגעריסן, איז די קאָמונע געוואָרן ניט אַן אַלגעמיין דעמאָקראַטישע פאַרטרעטערשאַפט, נאָר גיכער אַן אָרגאַן פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט און אָרעמקייט.

די קאָמונע האָט פאַרייניקט אַלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע שטרעמונגען פון יענער צייט — פון די יאקאָבינער און בלאַנקיסטן ביז די אינטערנאַציאָנאַליסטן און פּרודאָניסטן. די מערהייט זיינען געווען די יאקאָבינער מיט די בלאַנקיסטן, די מינדערהייט — די מיטגלידער פון אינטערנאַציאָנאַל. צווישן זיי איז ניט געווען קיין איינהייטלעכקייט פון מיינונג, די פּראַקציעס האָבן פאַרשיידן פאַרשטאַנען די אויפגאַבן פון דער קאָמונע. איבער דער גאַנצער לענג אירער קאָן מען באמערקן צוויי אידייען, וואָס פלעכטן זיך איבער: פון אַ פּאָליטישער קאָמונע און א סאָציאַלער קאָמונע. די יאַקאָבינער, טרעגער פון די טראַדיציעס פון דער גרויסער רעוואָלוציע, טוער פון 48-טן יאָר, זיינען אָנהענגער פון אַ פּאָליטישער קאָמונע. די אלטע לאָזונגען „פרייהייט, גלייכהייט און ברודערלעכקייט״ זיינען געווען זייער וועגווייזנדיקער שטערן. ניט זייענדיק שטאַרק אויסגעהאַלטן אין זייערע מיינונגען, אויסגעפּוצט אין דעם מאַנטל פון דער ג ר ו י ס ע ר ר ע ו ו אָ ל ו - צ י ע, האָבן זיי אויסשליסלעך געהאַלטן פון דער פּאָליטישער זייט פון דער קאָמונאַלער באַוועגונג. מיט נעפּלדיקע פאָרמולעס, צוגעפּאַרבט מיט ראָמאַנטיזם, האָבן זיי פאַרדעקט דעם קלאַסן-האַס פון די עקזיסטירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע באַציאונגען. „די צוקונפט, — האָט געזאָגט זייער פירער פ. פיא, — דאָס איז די גלייכהייט פון אָרעם און רייך, קנעכט און האַר, ארבעט-לוין און קאַפּיטאל״. נאָר „אייגנטום איז אין אונזערע אויגן פּונקט אַזוי הייליק, ווי אַרבעט, וועלכער עס גיט אַן אָנווענדונג און באַלוינונג״. זיי זיינען ניט געווען קיין סאָציאַליסטן און האָבן געטראכט וועגן אזא סיידער, וואו „אַלעמענס אינטערעסן וועלן זיין גלייך פאַרטראָטן, און וואָס וועט פאַר אַלעמען זיין גלייך גינסטיק״. די יאקאָבינער האָבן ניט געזען דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער קאָמונע. „אַזוי ווי זיי זיינען געווען אויסגעהאַלטענע דעמאָקראטן, האָבן די יאַקאָבינער געשטרעבט איינצושטעלן אַן איבערוואָג פון די נידעריקע קלאַסן ביכלאל, פון דעם פאָלק אין ברייטן זינען פון וואָרט, זיי זיינען אָבער געבליבן פרעמד דעם באַפרייענדיקן קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאט״ (לוקין). זייער געשטאַלט שפּיגלט זיך אָפּ אַמבעסטן, ווען

מע זאָל אָפּוואַרפן דאָס פּרודאָניסטישע און בלאַנקיסטישע הייטל, אין דער דעקלאַראַציע צום פראַנצויזישן פאָלק. (דאָק. און מאַט. נומער 11).

נאָענט צו די יאַקאָבינער זיינען געשטאַנען די בלאַנקיסטן. זייער פּראָגראַם האָט זיך אויך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין קלאָרקייט. אָבער פון די יאַקאָבינער האָבן זיי זיך אָפּגעשיידט מיט זייער סאָציאַליסטישן טאָן.



עליזאַ מישעל

די מינדערהייט — די מיטגלידער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל — האָט אויך ניט געהאַט קיין באַשטימטע און קלאָרע פאָרמולעס, ווי דאָס האָט געפאָדערט די סיטואַציע. לעהייפּעך צו די בלאַנק־סטן, האָבן זיי נאָך, אָנגעשטעקטע מיט פּרודאָנס איידייען, ניט דערשאַצט דעם ווערט פון דעם פּאָליטישן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט. אין דער קאָמונע האָבן זיי געזען אַן אָנהויב פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער אינגאַנצן פאַרכאַפּט דורכן געדאַנק פון אויטאָנאָמיע, האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען ווי נויטיק עס איז, אַז דער אַרבעטער־קלאַס זאָל אַריינכאַפּן אין זיינע הענט דעם מעלוכע־אַפּאַראַט, קעדיי צו דערשטיקן די סאָנים. קעגנער פון צענטראַליזאַציע פון דער מעלוכע, האָבן זיי געוואָלט „אַראָפּוואַרפן דעם טיראַן, ניט האָבנדיק דערשטיקט די טיראַניע". (דאָק. און מאַט. נומער 9). אָבער ניט קוקנדיק אויף דאָס אַלץ, איז אומזיסט צו זוכן אַ קלאָרקייט אין זייער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פּראָגראַם. די עקאָנאָמיק פון דעם דאַמאָלסטיקן פראַנקרייך, ווי מיר האָבן געזען, האָט נאָך ניט געגעבן קיין פּאַרטיקע סאָציאַלע רעצעפּטן. און די מיטגלידער פון דעם אינטערנאַצ אָנאַל זיינען געווען קינדער פון זייער צייט.

ניט די מערהייט, ניט די מינדערהייט האָט זיך ניט דערהויבן צו אַ קלאַסן־באַנעם פון די געשעעניש. אַלע האָבן זיי גערעדט וועגן דער געמיינז. מקייט פון די אינטערעסן פון אַרבעט און קאַפּיטאַל, סאָציאַלן אַנטאַגאָניזם האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ „טרויעריקע מיספאַרשטייענ ש". „די בורזשואַזיע, אַזוי ווי דער פּראָלעטאַריאַט, דאָס זיינען צוויי געזעלשאַפט-

לעכע קלאסן, וואָס זיינען ביידע פאַרינטערעסירט, האגאַם ניט אין א גלייכער מאָס, אין גרויסע עקאָנאָמישע רעפאָרמעס״,—האָט מען געשריבן אין א לייט-אַרטיקל פון די אָפיציעלע זשורנאַלן. אַט דער שטאַנדפּונקט פון קלאַסן-סאָלי-דאַריטעט זעט זיך ארויס קימאט פון אלע מאטעריאלן פון דער קאָמונע, און נאָר גאַנץ זעלטן פלעגן זיך אייניקע סאָציאַליסטן, ווי לעמאָשל, די שרייבערן אַנדרע לעאָ, דערהויבן צום פאַרשטיין דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן מעהוס פון דער באַוועגונג פון דער קאָמונע (דאָק. און מאַט. נומער 12). „פּאַריז, וואָס איז אויפגעשטאַנען קעגן דער נאַציאָנאַלער פאַראַמלונג, דאָס איז שוין ניט קיין קאָמונע, דאָס איז א רעוואָלוציע. און ער דאַרף אָפן זיין רעוואָלו-ציע״— שרייבט זי אין דער צייטונג ״קאָמונע״ דעם 9-טן אַפּרעל. „פּאַר ז פאַרמאָגט א סאָציאַלע אידייע, זאָגט זי ווייטער. ער דאַרף זי ארויסזאָגן הויך, קלאָר און דייטלעך. בא איצטעדיקן מאָמענט האָט ער ניט וואָס אָנ-צוזאָווערן״.

## די מיטלען, וואָס די קאָמונע האָט אָנגענומען

איז די קאָמונע, הייסט עס, פּראָקלאַמירט געוואָרן. מיר האָבן געזען, ווי ניט קלאָר און סטיכיעדיק די מערהייט האָט זיך פאָרגעשטעלט וואָס זי האָט צו טאָן. דידאָזיקע אומקלאָרקייט און דאָס פעלן פון אַ סיסטעם באַשטימען אויך אַלע מיטלען, וואָס די קאָמונע נעמט אָן. די יאַקאָבינער וואַקלען זיך צווישן דעם געדאַנק פון קאָמונאַלע פרייהייטן און מעלוכע-מאַכט, און קאָנען ניט פאַרנעמען קיין באַשטימטע פּאָזיציע. ניט האָבנדיק באַנומען זיך אַליין, ווי אַ מאַכט פון דעם אַרבעטער-קלאַס, פאַלן זיי קעסיידער אַריין אין סטירעס, ביז וואַנען זיי וועלן ניט אויסלעבן אינגאַנצן די אילוזיעס פון פשאָרעמאַכע-ריי, נאָכן פאַנאַנדערגיין זיך מיט די מערן אין די ערשטע טעג פון אַפּר ל.

צו דער געשעפטלעכער אַרבעט—דער פאַרוואַלטונג—איז דער קאָמונע אויסגעקומען צוטרעטן בא גאָר באַזונדערע באַדינגונגען. דער מעלוכע-אַפּאַראַט איז דורך טיערן אינגאַנצן דעזאָרגאַניזירט געוואָרן (דאָק. און מאַט. נומ. 13). די באַאַמטע פון די מעלוכע-אינסטיטוציעס, אַכוץ די נידעריקע שיכטן, זיינען אַנטלאָפן אין ווערסאַל. די וואָס זיינען געבליבן אין פּאַריז האָבן סאַבאָטירט. די קאָמונע האָט געמוזט בויען קימאַט פון דאָס ביי דעם גאַנצן מעלוכע-מעכאַ-ניזם, בייקומענדיק דערביי געוואַלטיקע שטערענישן (דאָק. און מאַט. נומער 14 און 15). מע האָט געדאַרפט איינברעכן די סאַבאָטאַזש-מאכער. די קאָמונע לאָזט אַרויס אַ געהעריקן באַפעל (דאָק. און מאַט. נומער 15), נאָר דער קאָמו-נע איז ניט אויסגעקומען אויפצושטעלן דעם פריערדיקן אַפּאַראַט פון מעלוכע. זי איז אין טאָך געווען אַ פרינציפּיעלע אָפּלייקענונג פון מעלוכע (דאָק. און מאַט. נומער 16). די קאָמונע „איז געווען אַ באַשטימטע פאָרם פון אַזאַ רע-פּובליק, וואָס האָט געדאַרפט באַזייטיקן ניט נאָר די מאָנאַרכיסטישע פאָרם פון

קלאַסן-הערשאַפט, נאָר טאַקע די קלאַסן-הערשאַפט גופע" (מאַרקס, „בירגער קריג"). די קאָמונע האָט געדאַרפט צוגעבן דער מעלוכע גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. שוין פון אָנהויב אָן האָט זי באָטל געמאַכט די צוויי גרונט-פעסטונגען פון דער בורזשואַזער מעלוכע: די שטענדיקע אַרמיי איז פאַרביטן געוואָרן דורכן באַוואָפנטן פאָלק (דאָק. און מאַט. נומער 17) און די קירך איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מעלוכע (דאָק. און מאַט. נומער 17). באַ דער פּאָליציי האָט מען אָפּגענומען די פּאָליטישע פונקציעס, און מע האָט צו איר אָנגעווענדט, פּונקט ווי צו אַלע אַנדערע מעלוכע-אָרגאַנען, דעם פּרינציפּ פון איבערבייטן. קאָלערליי פּריווילעגיעס, העכן געלט-פּריווילעגיעס און העכן אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט געזעלשאַפטלעכער דינסט, זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, און עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ מאַקסימאַלער געהאַלט פאַר באַאַמטע, ניט העכער פון דעם פאַרדינסט פון אַן אַרבעטער (דאָק. און מאַט. נומער 17). אַזוי „האָט די קאָמונע געמאַכט פאַר אַ ווירקלעכקייט דעם לאָזונג פון אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס, אַ ביליקע רעגירונג, דערמיט וואָס זי האט באָטל געמאַכט צוויי פון די גרעסטע הויצאָעס—די ארמיי און באַאַמטע" (מארקס, „בירגער קריג").

נאָר דאָס וויכטיקסטע און פּרינציפּיעל אָפּגעשיידטע אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער מאַכט איז באַשטאַנען אין דעם, וואס די קאמונע האט זיך געבויט, ווי אן אָפּלייקענונג פון דעם אלטן פּרינציפּ פון צעטיילן די מאכט. „די קאמונע, האט געשריבן מארקס, האט געדארפט זיין ניט קיין פּאַרלאמענטארישע, נאר אן ארבעטנדיקע קערפּערשאפט, און איינצייטיק אי אַ געזעצגעבנדיקע, אי וואס פירט אויס דעם געזעץ". און אַזאַ איז זי געווען. איר „פּאַרלאַמענטאריזם" האט, אין טאך גענומען, קיין שום שאיכעס ניט געהאט מיט די פּארלאמענטישע אינסטיטוציעס פון בורזשואזן טיפּ, ווייל די קאמונע איז געווען אן „ארבעטנדיקע קארפּאָראציע" און ניט קיין קיבעץ פון „פּראפעסיאָנעלע ריידער".

ווי מיר האבן געזען פון אנהויב, האט די קאמונע, אנגעפירט פון יאקאבינער און בלאנקיסטן, אנגעהויבן פון פּראקלאמירן די פּרינציפּן פון דעמאקראטיע און ליבעראליזם. אבער אין דעם גאנג פון דעם פארשארפטן בירגער-קריג, פארשפארט אין אַ פעסטונג, וואס איז באלאַגערט פון אלע זייטן, זייענדיק אַ באַריקאדע, האט די מערהייט אירע געמוזט אפּטרעטן פון לעגאלע מיטלען. אַ רעגירונג פון דעם ארבעטער-קלאס, און דאס איז דאך טאקע די קאמונע געווען, האט זי געמוזט ארויף אפן וועג פון רעפּרעסיעס קעגן אירע קלאסן-סאנים. „מיר לעבן איבער אַ רעוואלוציאנערע עפּאכע, דעריבער מוזן מיר ווירקן מיט רעוואלוציאנערע מיטלען און אנעמען די נויטיקע מיטלען פון פארזיכט", האט געזאגט אַ ר נ ו אף דער זיצונג דעם 24-טן אפּרעל. דעם 30-טן אַפּרֵל האט דער יאקאבינער מ י אָ פארגעלייגט ארגאניזירן א קאמיטעט פון געזעלשאפטלעכער רעטונג, וואס „אז עס וועט נויטיק זיין, זאל ער האבן דעם

מוט צו האקן די פעלשער די קעפ". האגאם די מינדערהייט פון דער קאמונע— די אינטערנאציאנאליסטן האבן זיך געשטעלט קעגן דידאזיקע מיטלען, כאַי-נענדיק, אז „מיר דארפן הערשן איבער אונזערע סאנים מיט מאָראלן קויעך" (ווערמאָרעל) און „מיר זיינען רעפובליקאנער, דעמאקראטן און סאציאליסטן, און דעריבער דארפן מיר זיך ניט באנוצן מיט דיזעלביקע מיטלען, וואס די דעספאטן נוצן" (ארנו), דאך נעמט אן די קאמונע אַ גאנצע ריי מיטלען פון זעלבשוץ. אנהויבנדיק פון איינטאינען מיט דער ווייסער פרעסע, וואס פירט אַ העצע קעגן דער קאמונע (דאק. און מאט. נומער 18), קומט זי צו דעם, וואס זי פארמאכט די צייטונגען (דאק. און מאט. נומער 19), פארווערט פאר-זאמלונגען, מאכט הויז-זוכונגען און ארעסטן, נעמט אן דעקרעטן וועגן אָרווים (דאק. און מאט. נומער 20) און וועגן שיסן זיי. קאנפיסקירט טיערס אייגנטום (דאק. און מאט. נומער 21), רעקוויזירט די דירעס פון די אנטלאָפענע. די אלע מיטלען אבער ווערן דורכגעפירט פון דער קאמונע אן קיין שום סיסטעם, כאַ-אָטיש, געצוואונגענערהייט. די יאַקאבינער, ווי קליינבירגער, האבן מער דע-קלאמירט אף דער טעמע פון טעראר, איידער זיי האבן אים טאקע אנגעווענדט אין טאַט.

## די סאָציאַל-עקאנאמישע טעטיקייט פון דער קאָמונע

אומזיסט וועלן מיר זוכן אין דער שעפערישער אַרבעט פון דער קאָמונע אין איר בויאונג-אַרבעט, קאָמוניזם. ווי מיר האָבן געזען, האבן אים ווינציק פאַרמאָגט אפילע די דאַמאָלסטיקע מיטגלידער פון אינטערנאציאָנאל פון דער פראַנצויזישער סעקציע. די סאָציאַליסטישע אידעאָלאגן פון יענער צייט, ווער-מאָרעל און אַנדערע, האבן זיך אַליין ניט פאָרגעשטעלט קלאָר די סאָציאַלע מיט-לען, וואס מע דאַרף אָנע ען אַף מאָרגן נאך דער רעוואָלוציע. נאָך ווייני-קער איז עס געווען קלאָר פאַר די אַנדערע פאָרשטייער פון דעם סאָציאַליזם, שוין ניט ריידנדיק פון די יאַקאָבינער, וואָס זיינען קיין סאָציאַליסטן ניט געווען. דער סאָציאַליסטישער כאראקטער פון דער קאָמונע האט זיך צרויסגעוויזן ניט אַזוי אין די אָנגעהויבענע מיט עס, וואס זי האט זיי אפילע ניט באַוויזן פאַנ-ז ערצואוויקלען פאר די 72 טעג פון איר עקזיסטענץ, ווי אין דעם וואס די קאָמונע איז געווען אַ רעגירונג פון דעם אַרבעטער-קלאס, וואס זי איז אין טאָך געווען אַ קלאַסן-מאַכט. דערדאָזיקער פאַקט איז אַף אַזויפיל וויכטיק, אַז ער דארף זיין דער אויסגאַנג-פונקט באַם אָפשאצן די ראָלע פון דער קאָמונע.

די אַלע מיטלען פון אַ סאָציאַל-עקאָנאָמישן כאַראקטער, וואס די קאָמונע האט אָנגענומען, טראָגן אויך אַ כאַראקטער פון ניט זיכערקייט, אָן אַ באַ-שטימטן פּלאַן, אָן קלאָרקייט און געוואַגטקייט פון געדאנק. די עפּאָכע פון שוואכער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג האט אַרויפגעלייגט איר

שטעמפּל אַף דער גאַנצער שאַפונג אירער. אַף דעמדאָזיקן פּאָן ווערט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די רעגירונג פונם אַרבעטער-קלאַס האָט, אין טאָך גערעדט, ניט אָנגענומען די נויטיקע מיטלען צו דער עקאָנאָמישער באַפרייאונג פון איר קלאַס. די קאָמונע האט ניט אַרויסגעשטעלט אין דער גאנצער ברייט די פּראָבלעם פון „עקספּראָפּריאירן די עקספּראָפּריאַטאָרן" און פאַרגעזעלשאַפטלעכן די פּראָדוציר-מיטלען. די „קאָמיסיע פון אַרבעט און אויסטויש", וואס זי האָט באַשאַפן, און וואס האט געדארפט צוגרייטן אַ נייע געזעצגעבונג וועגן אַרבעט, האט אין סאַמע אָנהויב פון איר אַרבעט באגרענעצט איר אויפגאבע מיט די „באַציאונגען צווישן די ארבעטער און באַלעבאַטים". די דעקרעטן, וואס די קאָמונע האט אָנגענומען אַף דעמדאזיקן געביט, וועגן דעם, אַז עס איז פאַרווערט צו מאַכן אַראָפּרעכענונגען און נעמען שטראפן פון אַרבעט-לוין, וועגן אָפּגעבן די קאָמונאַלע אַרבעטן צו אַרטעלן פון אַרבעטער, וועגן ווארשטאטן, וואס די באַלעבאטים האבן פארלאזן, וועגן סכירעס פאר באַאמטע, וועגן פאַרווערן נאַכט-אַרבעט פאַר בעקערס, וועגן גרינדן אַרבעט-בירזשעס אין די מעריעס, אומקערן פון די לאָמבאַרדן די כאמאשקטנע זאַכן פון אָרעמעלייט, וועג דירע-געלט, וועגן באַזאָרגן די אינוואלידן און די פאַמיליעס פון די נאַציאָנאַלע גוואַרדייער, וואס זיינען געפאַלן אין קאַמף און אַנד., — די אַלע דעקרעטן זיינען ניט פאַרייניקט דורך עפּעס אַ באַשטימטער סיסטעם און זיי שטייען נאָך אַפּן יעסאָד פון קאפּיטאליסטישע באַציאונגען. בלויז דער איינער דעקרעט וועגן די פארלאָזטע וואַרשטאטן איז אַ פּרואוו אריבערצוטרעטן דידאזיקע באַציאונגען (דאָק. און מאַט. נומ. 17).

נאָך ווייניקער אַנטשלאָסן איז די קאָמונע געווען אין איר פינאַנץ-פּאָליטיק.

דער פראַנצויזישער באַנק, די איינפלוסרייכסטע פינאנץ-אָרגאניזאציע, איז נאָכן אַנטלויפן פון טיערס רעגירונג אַריינגעפאלן צו דער קאָמונע אין די הענט. דאָרט האט זיך געפונען ביז 3 מיליאַרד פראנק פארשיידענע ווערטזאַכן. אָנשטאט צו פארוואנדלען דעם באַנק אין אַ קאַמף-געצייג, און די מיטלען פאַרווענדן אַף דער רעוואָלוציע, האָט די קאָמונע זיך באַנוגנט דערמיט, וואס זי האט אַהין באשטימט אירן אַ דירעקטאָר און האט געקראָגן די האַסקאָמע אַף אַ באַשיידענער סובסידירונג פאר דער נייער רעגירונג. מוירעהאָבנדיק אונטערצורייסן די שטאנדהאפטיקייט פון קרעדיט און פון דער געלט-צירקוליאַציע, האָט די רעגירונג פון דעם אַרבעטער-קלאס, די קאָמונע, אין דער פּערזאָן פון איר פינאנץ-מיניסטער, מער ווי אַלץ געזאָרגט פאר דער שטאנדהאפטיקייט פון די פינאנציעלע קאפּיטאליסטישע באַציאונגען. אין דער צייט ווען ווערסאַל האט דערקלערט אַן אומבעראַכמאָנעסדיקע מילכאָמע דער קאָמונע, איז איר קאָמיסאַר בעלע באשטאַנען אין דער עקזעקוטיוו-קאָמיסיע אַף „דער נויטווענדיקייט צו רעספּעקטירן דעם באַנק מיט אַלע זיינע פּריווילעגיעס און בילכעררעכטן. מע דאַרף, אַז ער זאָל שטיין הויך מיט זיין אומבאַפלעקטן קרעדיט און

בילעטן al pari. אין דעם איז פארינטערעסירט גאנץ פראנקרייך און, הייסט עס, אויך ווערסאַל". בעלע האט איינגערעדט די קאָמונע, אַז עס איז ניט ראַציאָנעל צו פארכאַפּן דעם באנק מיט געוואַלט, וואָרים „אַ געוואלט-פארכאפּן וואָלט זיך אויסגעקערעוועט קעגן אונז אַליין, פאַרוואנדלענדיק די קלישעס פון דער עקספּעדיציע פון ווערט-פּאַפּירן פון דעם באנק אין קלישעס פאר אַסיגנאציעס".

## די האכאנעס צו דער פארטיידיקונג

טיערס רעגירונג, וואס די קאָמונע האט זי אַרויסגעלאָזן פון פּאַריז, האט לאנגזאַם, אָבער זיכער געקליבן אַרום זיך די פיינטלעכע קויכעס. מיט רעכילעס און האַס האט זי פארסאמט די פּראָווינץ, אָפּשניידנדיק זי פון דעם אויפגעשטאנענעם אומבאַהאָלפענעם פּאַריז. „האט קיין מורדע ניט,— האט טיער איינגערעדט די בורזשואזיע אין אַן אויפרוף,— מיר ווילן זיך ניט אונטערוואַרפן אונטער אַזאַ שוואכקייט און ווילן ניט דערלאָזן קיין שאָלעם מיט די שולדיקע, וואס עס וואָלט נאָר ערגער געמאכט די צאָרע". די רעגירונג פון ווערסאַל האט באַשלאסן אָפּצורעכענען זיך איינמאָל פאר אלעמאָל מיט די פּארהאסטע בונטאָוושטשיקעס און האט זיך גענומען בויען אַן אַרמיי לויט אַלע קלאָלים פון מיליטערישער קונסט. קעדיי צו דערשטיקן דעם פּראָלעטארישן אויפשטאנד, איז טיערן געקומען צו הילף די פּרייסישע רעגירונג, איבערגעבנדיק אים אַלע מילכאָמע-געפאנגענע. ביסמארק האט געקאָנט זיין גאנץ רואיק. און טיער האט אומזיסט „געבעטן ראַכמים באַ דעם הער ביסמארק, ער זאָל אין נאָמען פון אָרדענונג לאָזן" אים אליין דערשטיקן דידאזיקע „אַנטיסאָציאַלע רעציכע". (דאָק. און מאַט. נומ. 22). „ווי נאָר מיר האט זיך איינגעגעבן,— זאָגט טיער,— צונויפקלייבן 50 טויזנט, האָב איך זיך געזאָגט, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט אָנצולערנען די אינסורגענטן". אַ שיסעריי פון ביקסן האט פון אָנהויב אָן ניט אויפגעהערט אַף די פאָדערשע פּאָזיציעס. אָבער נאָר די שיסעריי פון האַרמאַטן פון פרימאָרגן אָן דעם 2-טן אַפּרעל האט באוויזן, אַז טיער האט באַשלאָסן אָנצוגרייפן. די מילכאָמע האט זיך אָנגעהויבן. וועגן דעם האט מוידיע געוועזן דער גענעראַל גאַליפע אין זיין צירקולאַר פון 3-טן אַפּרעל, אונטערגעוואָרעמט דורך דער בורזשואזער פּרעסע, וואס האט געפאדערט בלוט און קאָרבאָנעס (דאָק. און מאַט. נומ. 23).

וואס האט געטאָן די קאָמונע צוליב דער פארטיידיקונג? פאר דער קאָמונע איז געווען נויטיק צו באהערשן די פּראָווינץ, אָנצינדן דאָרט אַ פייער פון רעוואָלוציע, פארבינדנדיק זיך דורך טויזנטער פעדעם מיטן גאנצן לאַנד. דערמיט וואָלט די קאָמונע אונטערגעהאקט דעם וואָרצל, וואס האט געשפּייזט טיערן, און וואָלט צעטריבן די ליגנס, וואס די ווערסאַלער האבן פארשפּרייט. די קאָמונע האט זיך געפּרואווט לייזן דידאָזיקע פּראָבלעם, באשאפנדיק אַ „קאָ-



די שטירצונג פון וואַנדאָמע-זייל

מיסיע פאר אויסערלעכע באציאונגען" מיט פּאַסקאַל גרוסע בעראָש. נאָר אַלע אירע ניט פילע פּראוואון האָבן זיך קעסיידער געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. די קאָמיסיע האָט פאָרמאַגט נישטיקע מיטלען. די אויפשטאַנדן אין דער פּראָווינץ, אין ליאָן, מאַרסעל, סענט-עטיען, טולוזע, נאַרבאָנע, וואָס האָבן זיך געוועזן אָנגעהויבן אונטער דער ווירקונג פון די ידיעות פון פּאַריז, האָבן ניט געקראָגן קיין אונטערשטיצונג, און מע האָט זיי גלייך דערשטיקט. מיט דער באַוועגונג האָט קיינער ניט אָנגעפירט, קיינער האָט זי ניט אָרגאַניזירט. די קאָמיסאַרן פון דער קאָמונע, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן אין דער פּראָווינץ, האָבן זיך ניט געקאָנט איינקערן מיט דער אויפגאַבע. עס איז ניט געווען קיין אַלגעמיינער פּלאַן. די קאָמונע האָט אויך ניט אָנגענומען קיין מיטלען צו פאַרבינדן זיך מיט די מאַירעוו-אייראָפּעאישע אַרבעטער.

ניט בעסער איז געווען די לאַגע מיט דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע אַליין. אָפּשאַפנדיק די שטענדיקע אַרמיי דורכן דעקרעט פון 29-טן מאַרץ, פאַנאַנדערלאָזנדיק די פרייוויליקע מאַכנעס, האָט די קאָמונע גענומען זיך אָרגאַניזירן די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, איר איינציקן אָנשפּאַר. זי האָט געהאַט אין איר רעשפּענט אַ גאַנץ שלאַכטפעאיקן מאַטעריאַל: באַ אַ 100 טויזנט באַגייסטערטע קעמפער. די קאָמונע האָט אָבער ניט געהאַט די נויטיקע אָרגאַניזאַציע. און די גוואַרדייער, ניט צונויפגעצעמענטירט דורך אַ דיסציפּלין, איבערגעלאָזן אַף העפקער, פלעגן זיך צעגיין אַהיים, צעשטויבנדיק דערמיט די קרעפטן פון דער קאָמונע.

די פאַרשטייער פון דער מיליטערישער קאַסטע זיינען געווען דורכויס אַפּן צאַד פון ווערסאַל. די רעוואָלוציע האָט ניט געקאָנט אויסטיילן קיין אָרגאַניזאַטאָר, וואָס זאָל זיין בעיכולעס צו באַשאַפן אַ שלאָגפעאיקע אַרמיי. אין די מיליטערישע איניאָנים איז אויך ניט געווען קיין פּלאַן, און די אַלע מיליטערישע קאָמאַנדירן פון דער קאָמונע האָבן ניט געקאָנט אָדער זיי האָבן ניט געוואָלט פאַרשטיין דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט דעריקער פון באַלמעלאָכעס און אַרבעטער. „אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע איז יעדער באַטאַליאָן, איטלעכע ראָטע — אַן עמעסע פאַמיליע, צונויפגעשטעלט פון שכיינים, כאַוויירים פון וואַרשטאַט, איינוואוינער פון איין גאַס, פון איין הויז" (אַרנו). באַ אַזאַ נאַטירלעכן געבוי פון די גרופּעס איז נויטיק געווען צו באַשאַפן אַן אומגעבונג פון באַריקאַדן-קאַמף קליינע גרופּעסווייז, קעדיי צו געבן אַן אויסוועג דער פּערזענלעכער העלדישקייט, דער אינדיווידועלער געוואַגטקייט. די גענעראַלן אָבער פון דער קאָמונע האָבן אָנשטאָט דעם „געוואָלט פירן אַ ריכטיקע, קלאַסישע מילכאָמע". קלוזערע און ראָסעל זיינען געווען קעגנער פון באַריקאַדן-קאַמף. די באַריקאַדן-קאָמיסיע האָט אַ לאַנגע צייט קיין שום מיטלען ניט אָנגענומען. די צייט איז געגאַנגען, און פּאַריז איז געבליבן ניט באַפעסטיקט.

די באַפעלן פון קלוזערע און ראָסעל, וואָס האָבן זיך ניט גערעכנט מיטן באַזונדערן כאַראַקטער פון די גוואַרדייער, האָבן זיי נאָר דעזאָרגאַניזירט, האָבן

געריסן די לעצטע צוזאַמענבונדן צווישן זיי, און די באַציִאונגען צווישן דעם צ.ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע מיט די קאָמאַנדירן, וואָס האָבן אָנגעהויבן קאַליע ווערן, האָבן געשאַפן אַן אומשטאַנדהאַפטיקייט. דעלעקלוז, וועמען די קאָמונע האָט באַשטימט, האָט שוין, פאַרשטייט זיך, די זאַך ניט געקאָנט פאַ־ריכטן. ניט פאַרמאָגנדיק קיין טעכנישע מיליטערישע קענטעניש, האָט ער נאָר געקאָנט ברענגען צו דינסט דער קאָמונע זיין פייערדיקן ענטוזיאַזם און דעם אַלטן נאָגען פון אַ רעוואָלוציאָנער (דאָק. און מאַט. נום. 24).

די ווערסאַלער האָבן שוין גענומען אַריינטרעטן אין פאַריז, און די קאָ־מונע האָט ניט געהאַט קיין פּלאַן פון פאַרטיידיקונג. אָנשטאָט אַ פּלאַן איז גע־ווען פערזענלעכע איניציאַטיוו. דעלעקלוזס פּראָקלאַמאַציע פון דעם 22־טן מאַי האָט לעגאַמרע אונטערגעריסן די דיסציפּלין. ער האָט געשריבן: „גענוג מילי־טאַריזם! גענוג אונז גענעראַל־שטאַבן אויסגענייט מיט פּאָזומענטן! מאַכט אָרט פאַרן פאָלק; אַ וואַרע די קעמפער מיט הוילע הענט! דאָס פאָלק פאַרשטייט גאָרניט אין די געלערנטע מאַנעווּוירונגען אָבער מיט אַ ביקס אין האַנט און מיט אַ שטיינערנעם ברוק אונטער די פיס, האָט עס קיין מוירע ניט פאַר אַלע סטראַטעגן פון דער מאָנאַרכיסטישער שול אינאיינעם גענומען"... „אַז דער קריגס־מיניסטער פאַרמישפּעט יעדער דיסציפּלין, — שרייבט וועגן דעם לעסאַ־גאַרע — היינט ווער זשע וועט נאָך וועלן פאָלגן?"

איז, הייסט עס, פאַריז צו דער פאַרטיידיקונג ניט געווען גרייט. ער האָט ניט געהאַט קיין אָרגאַניזירטן שוץ, און די כּעלוקעדייעס צווישן דער „מער־הייט" און דער „מינדערהייט" אין דער קאָמונע גופא, זייער קאַמף, און, לע־סאָף, דאָס אַוועקגיין פון די לעצטע פון דעם ראַט פון דער קאָמונע האָבן נאָך מער פאַרפלאָנטערט די לאַגע און האָבן אָפּגעשוואַכט די פאַרטיידיקונג. דעם 12־טן מאַי זיבן אַזייגער אין אָוונט האָט טיער טעלעגראַפירט, אַז דער גענע־ראַל דועו איז אַריין אין פאַריז. דאָמבראָווסקי האָט זיך געווענדעט צום קאָמי־טעט פון געזעלשאַפטלעכער רעטונג מיט אַ בריוו, וואו ער שרייבט: „אויב איר קאָנט מיר צושיקן אַ פאַרשטאַרקונג, ענטפער איך פאַר אַלץ". די קאָמונע האָט שוין אָבער ניט געקאָנט שיקן קיין אָרגאַניזירטע פאַרשטאַרקונג. זי האָט שוין געגויסעסט. פאַר די איינציקע מיטגלידער אירע איז נאָר געבליבן די גרייטקייט צו ברענגען זיך אַליין פאַר אַ קאָרבן, אין פלאַמפייער פון קאַמף האָט זיך אויסגעשמידט די העלדישע אַנטשלאָסנקייט פון די אַרבעטער און באַלמע־לאָכעס צו קעמפן ביזן סאָף. „באַגייסטערט פון קלאַסן־האַס, פאַרקלעמט אין אַ רינג, האָבן די קעמפער פון דער קאָמונע אָפּגעשלאָגן זיך קעגן די אָנ־פאַלן פון די סאָנים, אין וועלכע עס האָט אויפגעוואַכט דער אינסטינקט פון אַ טיגער". דעם 21־טן — 28 מאַי האָט דער פאַריזער פּראָלעטאַריאַט באַוויזן אומשטערבלעכעביישפּילן מיט זיין פעסטקייט, אָפּגעבנדיק אַלץ אין קאַמף מיט די ווערסאַלער.

אָבער יעדער נייער טאָג האָט געבראַכט נייע מאַפּאָלעס. דער שלייף

איבערן האַלז פֿון דער קאָמונע האָט זיך צונויפֿגעצויגן. ווען דעם 25-טן מאַי איז קלאָר געוואָרן דער אומפֿארמיידלעכער אונטערגאַנג פֿון דער קאָמונע, האָבן די באַזונדערע מיטגלידער אירע באַוואוסטזיניק געלאָזן זיך אַנקעגן דעם זיכערן טויט. „איך וויל ניט און קאָן ניט דינען פֿאַר אַ קאָרבן דער זיגנדיקער רעאַקציע... נאָך אַזויפֿיל מאַפּאַלעס פֿיל איך שוין אין זיך ניט מער קיין מוט איבערצוטראָגן נאָך די מאַפּאַלע אויך", האָט דעלעקלוז געשריבן צו זיין שוועסטער. מיט אַזאַ געפֿיל איז ער, ווי נאָך פֿיל אַנדערע, אַוועק אַף די באַריקאַדעס, וואו ער איז געהאַרגעט געוואָרן.

דעם 28-טן מאַי איז געפֿאַלן די לעצטע פֿעסטונג פֿון דער קאָמונע אַף דער גאַס ראַמבאַל. די ווערסאַלער, די לייט פֿון „אָרדענונג", האָבן געפֿייערט זייער ניצחון. די פּויעסע פֿון דער בורזשואַזיע האָט געפֿאָדערט נעקאָמע אָן ראַחמאָנעס. טיערס רעגירונג אינאיינעם מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע האָט ווי געוואָלט איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל פֿאָטער ווערן פֿון דעם רויטן רועך. די ערד איז פֿאַרזייט מיט מייסים. זאָל אָט דאָס שרעקלעכע בילד דינען ווי אַן „אָנלער", — האָט געשריבן טיער, און האָט גענומען אָפּריכטן זיין גערעכטן מישפּעט". מיר ווענדן זיך נאָר צו געזעץ, — האָט טיער געזאָגט אין דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג, — מיט דער הילף פֿון געזעץ מוז מען פֿאַרניכטן די מענוואַלים... די אויסקויפֿונג פֿון די יינד וועט זיין פֿול. זי וועט פֿאָרקומען אין נאָמען פֿון געזעץ, מיט דער הילף פֿון געזעץ און אַפֿן גרונט פֿון געזעץ". און, ווירקלעך, פּאַריז איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט-הויז דידאַזיקע וואָך פֿון מאַי. אַכוץ די צעעשאָכענע 20—30 טויזנט מענער, פֿרויען און קינדער, האָט מען לויט די ידיעות פֿון דיובריעל, פֿאַר די לעצטע צוויי כאָדאָשים איינגעזעצט ביז 45.000 טויזנט מאַן. אין זייער גערעכטן „מישפּעט" האָבן די ווערסאַלער ניט געשאַנעוועט ניט נאָר קיין פֿרויען, אַפֿילע קינדער. אין געריכט האָבן די באַשולדיקטע געהאַלטן זיך ווי די העלדן. די ידיעות וועגן דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פֿון די פֿאַרמישפּעטע האָבן באַוויזן צווישן וואָסערע קלאַסן די קאָמונע האָט רעקרוטירט אירע קעמפֿער (דאָק. און מאַט. נומ. 25).

די קאָמונע איז געפֿאַלן. אַסאַך פֿעלערן האָט זי געמאַכט. אַף דעם האָבן מיר אָנגעוויזן פֿריער; אַפֿן היסטאָרישן פֿאָן פֿון דעם קאַמף, פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס ווערן זיי פֿאַרשטענדלעך. אָבער דאָס אַלץ פֿאַרמינערט ניט דעם גרעסטן היסטאָרישן זינען, וואָס די פּאַריזער קאָמונע האָט פֿאַר אונז. איר צווייבער און איר באַטייט איז אין דעם, וואָס דאָס איז געווען דער ערשטער פּרואוו פֿון אַן אַרבעטער-רעוואָלוציע (דאָק. און מאַט. נומ. 26), לויטן טאָך, — אַ רעגירונג פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס. שטעלנדיק זיך באַ דער מאַכט, וועט דער פּראָלעטאַריאַט מוזן, לויט דער אינעווייניקסטער לאָגיק פֿון די געשעענישן, פֿאַרניכטן די יעסוידעס פֿון דעם עקאָנאָמישן סיידער, וואָס האָבן אים געמאַכט פֿאַר אַ עקספּלואַטירטן. זיין רעוואָלוציע איז אַלפּי נויט — אַ קאָמוניסטישע און אַזאַ איז געווען די פּאַ ר י ז ע ר ק אָ מ ו נ ע. פֿאַר די 72 טעג



די צעשיסונג פון די קאָמונאַרן

פון איר עקזיסטענץ, האט די קאָמונע ניט געקאָנט פאַנאַנדערוויקלען איר אַרבעט. דאָך וועט זי פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַלעמאָל דינען ווי דער בעסטער אָנלער אין זיין קאַמף. אַף אירע פעלערן און מאַפּאָלעס האט זיך געלערנט דער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט. אָנגעלערנט פון דער דערפאַרונג, באַרייכערט מיט קענטענישן און היסטאָרישער ירושה זעצט ער פאָר, אונטער דער אָנפירונג פון זיין פּאַרטיי, די גרויסע זאַך פון דער פּאַריזער רעוואָלוציע — די באַפרייאונג פון אַרבעט (דאַק. און מאַט. נומ. 27).

# דאָקומענטן און מאַטעריאַלן

## 1. די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג האט באַשלאָסן צו אנטוואפענען די נאַציאָנאלע גווארדיע

(בריוו פון זש. פאַוור צו טיערן)

טייערער פרעזידענט און פריינט! דער ראַט האָט מיט דער גרעסטער פרייד באַקומען די אָנגענומענע יעדיע וועגן דעם וואָטום פון דער פאַרזאַמלונג. אייער אומדערמידלעכער איבערגעגעבנקייט געהערט דער גאַנצער קאָוועד פון אָט דעם וואָטום, וואָס פאַרפליכטעט נאָך מיט מער דאַנקבאַרקייט צו אייך. מיך פרייט דאָס פון אַלע שטאַנדפונקטן, איך זע דערין די אָרוועס פון אייער פאַרבינדונג מיט דער פאַרזאַמלונג, דאָס קערט אייך אום צו אונז און גיט אַ מעגלעכקייט צוצוטרעטן ענדלעך צו דער פאַרווירקלעכונג פון אונזערע פילפאַכיקע פליכטן. מיר דאַרפן באַרואיקן און באַשיצן אונזער אומגליקלעך טיף דערשיטערט לאַנד. מיר דארפן אָנהויבן פון אויספילן די געזעצן. היינט אינאָוונט האָבן מיר פאַרמאַכט פינף צייטונגען, וועלכע פריידיקן יעדן טאָג דערמאָרדונגען: „Vengeur“, „Mot d’ordre“, „Bouche de fer“, „Carricature“ און „Cridu peuple“

מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ סאָף מיט די רעדוטן פון מאנמארטר און בעלוויל און מיר האָפן צו דערגרייכן דאָס אָן אַ בלוט-פאַרגיסונג. היינט איז פאָרגעקומען דער געריכט איבער דער צווייטער קאַטעגאָריע אָנגעקלאָגטע פון 31 אָקטיאַבר און דער מיליטערישער ראַט האָט פאַרורטיילט אונטער די אויגן צו טויט-שטראף: פלוראנסן, בלאַנקי, לעוורא, און וואלעסן, וועלכער איז בייגעווען אַפן געריכט — צו זעקס כאַדאָשים טפיסע.

מאָרגן אינדערפרי פאר איך אַרויס אין פעריער. מיר איז נויטיק צו דערקלערן זיך מיט דער פריסישער מאכט מעקויעך אַסאַך איינצלהייטן. די פרייסן זיינען ווי פריער אומדערטרעגלעך. איך וועל זיך אַ פרואוו טאָן, צי קאָן מען ניט דורך קעגנזייטיקע האַנאָכעס זיך דערשלאָגן צו לינדערן דעם שיקזאַל פון אונזערע אומגליקלעכע לאַנדסלייט.

איך האָף, אַז איר וועט אַרויספאָרן מאָרגן, שאַבעס. פאַריז און ווערסאַל האָבן זיך צוגעגרייט מעקאַבל פּאָנים זיין איך. און אין פאַריז איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס איז זייער גליקלעך, וואָס איר קערט זיך אום.

אייער זשול פאַוור

פאריז, 10 מארט 12 אזייגער באנאכט

# 2. טיערס פראקלאמאַציעס צו די איינוואוינער פון פאַריז

איינוואוינער פון פאַריז!

מיר ווענדן זיך נאכאַמאָל צו אייך, צו אייער פאַרשטאַנד און פאַטריאָטיזם, און מיר האָפן, אז איר וועט אונז אויסהערן.

אייער גרויסע שטאָט, וואָס פאַר איר לעבן איז נויטיק אָרדענונג, איז געוואָרן אַן איידעס פון אומרועו אין אייניקע קוואַרטאַלן. האַגאַם דידאָזיקע אומרועו פאַרשפּרייטן זיך אַפילע ניט אָף די איבעריקע קוואַרטאלן, שטערן זיי דאָך אומצוקערן זיך צו דער אַרבעט און צום וואוילשטאַנד.

פון אַ געוויסער צייט האָבן בייזוויליקע מענטשן, אונטערן אויסרייד פון קאַמף מיט די פּרייסן, וואָס זיינען שוין מער ניטאָ אין אונזערע ווענט, פאַרכאַפּט אַ טייל שטאָט, האָבן דאָרט אויפגעשטעלט פעסטונגען און האַלטן דאָרט אַ וואך, און צווינגען אויך אייך צו נעמען אן אַנטייל אין אָט דער וואַך און דאָס אַלץ איז לויטן באַפעל פון א געהיימניספולן קאָמיטעט, וואָס וויל זעלבשטענדיק קאָמאַנדעווען מיט אַ טייל פון דער נאַציאָנאלער גווארדיע און אַנערקענט ניט די מאַכט פונם גענעראל ד'ארעל, וואָס פאַרנעמט מיט רעכט דעם פּאָסטן פון אייער הויפט. אלס קעגנגעוויכט צו דער געזעצלעכער רעגירונג, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך דער אַלגעמיינער אָפּשטימונג וויל אָט דער קאָמיטעט שאַפן זיינע א רעגירונג.

דידאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן אייך אַזוי פיל שלעכטס געטאָן, — אָט דיזעלבע, וואָס איר האָט דעם 31 אָקטיאבר צעטריבן, מאַכן אן אָנשטעל, אַז זיי פאַרטיידיקן אייך פון די פּרייסן. אָבער די פּרייסן האָבן זיך בלויז באוויזן אין אייערע ווענט, און דידאָזיקע אומאָרדענונגען פארהאלטן נאָר זייער ענדגילטיק אוועקגיין. די בייזוויליקע לייט מאַכן קאַליע די האַרמאטן, וועלכע, אויב זיי וואלטן געשאָסן, וואָלטן געדראָט כאָרעוו צו מאכן אייערע הייזער און דערמאָרדן אייערע קינדער און אייך אַליין. ענדלעך, באַשיצן זיי ניט, זיי קאָמפּראָמעטירן די רעפּובליק, ווייל אויב אין די אויגן פון פראַנקרייך וועט די רעפּובליק ווערן די אומפאַרמיידלעכע באַגלייטערין פון אומרועו, וועט די רעפּובליק אומקומען. גלויבט זיי ניט און הערט אויס דעם ריכטיקן עמעס.

די רעגירונג, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער גאַנצער נאַציע, וואָלט שוין לאַנג געדאַרפט אָפּנעמען אָט די האַרמאטן, וואָס זיינען אוועקגערויבט געוואָרן בא דער מעלוכע און וואס אינם איצטיקן מאמענט דראען זיי בלויז אייך. זי וואָלט געקאַנט אראָפּנעמען אט די אומגעלומפּערטע פאַרפעסטיקונגען, וואס שטערן בלויז דעם פארקער, און איבערגעבן אין די הענט פון געריכט די פאַרברעכער, וואס האבן געוואגט גלייך נאך דער מילכאמע מיט די אויסלענדער אנצוהויבן אַ בירגער-קריג, נאר די רעגירונג האט געוואלט געבן צייט די אפּגענארטע אפּצוקערן זיך פון יענע, וואס נאַרן זיי אפּ.

אבער די צייט, וואס איז געגעבן געווארן די לייטישע מענטשן, קעדיי זיי זאלן זיך קאנען אפּשיידן פון די ביזווילִיקע, איז דאך אפּגענומען געווארן פון אייער אפּרו, פון אייער וואוילשטאַנד און פונם וואוילשטאַנד פון גאנץ פראַנקרייך. מע קאָן דאס דאך אבער ניט אפּלייגן אן אַ סאף. דערווייל דויערט אזאַ זאַכלאגע, דער האַנדל איז אָפּגעשטעלט, אייערע קראמען זיינען פוסט, די באַשטעלונגען, וואס וואלטן זיך געקאנט באקומען פון אלע זייטן, ווערן אפּגעלייגט. אייך קומט אויס צו בלייבן פוסט, און פאַס דער קרעדיט ווערט ניט אויפגעשטעלט, קיין קאפּיטאלן, וואס זיינען נויטיק דער רעגירונג אף צו באפרייען די טעריטאריע פונם סוינע, קומען ניט אן אין דער מעלוכע-קאסע. אין אייערע אינטערעסן, אין די אינטערעסן פון דער שטאט, און אויך אין די אינטערעסן פון גאנץ פראנקרייך האט זיך די רעגירונג באשלאסן צוטרעטן צו מאיסים. די פארברעכער וואס האבן געוואלט איינשטעלן זייער אייגענע רעגירונג, וועלן, בעהעסקעם מיט די איינגעשטעלטע קלאלים, איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פונם געריכט. די הארמאטן, וואס זיינען אַוועקגערויבט געווארן בא דער מעלוכע, וועלן אומגעקערט ווערן אין די ארסענאלן. קעדיי אויסצופילן אט די נויטיקע, גערעכטע און יושערדיקע ארבעט, האפט די רעגירונג אף אייער הילף. זאלן די גוטע בירגער זיך אפּקערן פון די שלעכטע. זיי דארפן העלפן דער געזעצלעכער מאכט און ניט שטערן איר. זיי וועלן אף אזאַ אויפן פאַרגיכערן דאס אומקערן זיך פונם וואוילשטאנד אין שטאט און וועלן אַ טויווע טאן זייער רעפּובליק, ווייל די אומארדענונגען וואלטן זי אומגעבראכט אין די אויגן פון פראנקרייך.

פאריזער! מיר ווענדן זיך צו אייך מיט דערדאזיקער רעדע, ווייל מיר אכטן אייער געזונטן פארשטאנד, אייער פארנינפטיקייט און אייער פאטריאטיזם, אבער נאך אט דער האסראע וועט איר אונז געבן רעכט אנצואווענדן קראפט, ווייל עס איז נויטיק פאר יעדן פרייז אז דער קלענסטער פארשלעפעניש, טייקעף אויפשטעלן א פולשטענדיקע און פעסטע ארדענונג, דעם נויטיקן באדינג פון אייער גליק.

פאריז 17 מארט 1871 יאָר.

# 3. אויפרופן פון צ. ק. נ. ג.

פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט.

## צום פאלק

בירגער!

די באַפעלקערונג פון פאריז האט אראפגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך וואס מע האָט איר געוואָלט אָנבינדן.

א רואיקער אינם באַוואוסטזיין פון זיין קראַפט, האָט ער אָן מוירע און אָן ארויסרוף געוואַרט, ביז די אומפאַרשעמטע מענטשן—מעשוגאָיעם, וואס זיינען געריהרט פון סייכל, האבן געוואגט צו פארמעסטן זיך אף דער רעפובליק. דאס מאל האבן אונזערע ברידער אין דער ארמיי ניט געוואָלט אויפהויבן די האנט אפן קאָדשעקאָדשים פון דער פרייהייט. מיר דאנקען אלעמען. זאָלן אלע, גאנץ פראנקרייך לייגן דעם פונדאַמענט פון דער רעפובליק, וועלכע מיר באַגוייסן מיט אלע אירע פאָלגן. בלויז אזא רעגירונג קאָן איינמאָל פאַר אלע מאָל מאַכן אַ סאָף מיט דער עראַ פון אינוואַזיעס און בירגער-קריג. דער באַלאגערונגס-צושטאַנד איז אַראָפּגענומען געוואָרן. די באַפעלקערונג פון פאַריז איז צונויפגערופן געוואָרן איבער די סעקציעס פאַר די קאָמונאַלע וואַלן. די געפאַרלאָזיקייט פון די בירגער איז געזיכערט דורך דער נאַציאָנאַלער גווארדיע

צענטראל-קאמיטעט פון דער נאציאנאלער גווארדיע.

די פראנצויזישע רעפובליק. 19 מארט 1871 יאר.

## צו דער נאציאנאלער גווארדיע פון פאריז

בירגער!

איר האָט אונז באַאויפטראגט צו אָרגאניזירן די פארטיידיקונג פון פאַריז און די שוץ פון די רעכט.

מיר דערקלערן מיטן פולן באַוואוסטזיין, אז מיר האבן אויסגעפילט אונזער מיסיע: אַדאנק אייער העלדישער אונטערשטיצונג, און אייער וואונדערבאַרער קאַלטבלוטיקייט, האָבן מיר פאַרטריבן די רעגירונג פון די פאַרעטער.

איצט גייען מיר אויס אונזערע פולמאַכטן און מיר קערן אייך אום אייער מאַנדאַט, ווייל מיר שטרעבן ניט צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון יענע, וועמען עס האָט אָקאָרשט אויסגעקערט דער שטורעם פונם פאָלקס-צאָרן.

גרייט זשע זיך צו די קאָמונאַלע וואַלן און גיט אונז די איינציקע באַלוינונג, וואס וועגן איר האָבן מיר געטרוימט,—דאָס בילד פון א ווירקלעכער רעפּובליק, וועלכע איר האָט איינגעשטעלט!

דערווייל אָבער, פאַרנעמען מיר נאָך אַלץ, אין נאָמען פון פאָלק, דאָס שטאָטישע ראָטהויז.

צענטראל-קאמיטעט פון דער נאציאנאלער גווארדיע: (אונטער שריפטן).

פאַריזער ראטהויז. 19 מארט, 1871 יאר.

## 4. די רעוואָלוציע פון 18-טן מארט, ווי זי ווערט גע-שילדערט דורך אירע אנטיילנעמער

(ארטיקל אינם ניטאפיציעלן טייל פון "Journal Officiel")

די רעאַקציאָנערע זשורנאלן האלטן נאך אלץ אין אפנאַרן די געזעל-שאַפטלעכע מיינונג און פארקריפּלען מיט א בעקיוונדיקער געוויסנלאָזיקייט די געשעענישן, וואָס האָבן זיך פאנאנדערגעשפּילט אין די לעצטע דריי טעג אין דער הויפּט-שטאָט. זיי פארעפנטלעכן גראָבע רעכילעס, פאַלשע און באַ-ליידיקנדיקע באַשולדיקונגען קעגן די העלדישע און אומאייגנוציקע מענטשן, וואס האָבן אין דעם מאָמענט פון ערנסטער געפאַר גענומען אף זיך די פאר-אנטווארטלעכקייט פאר דער רעטונג פון דער רעפּובליק.

די אנפּניעסדיקע געשיכטע וועט זיי בעליסאָפּעק איינטיילן, וואָס זיי קומט. זי וועט פעסטשטעלן, אז די רעוואָלוציע פון 18-טן מארט איז א נייער, וויכטיקער עטאַפּ אַפן וועג פונם פּראָגרעס.

די אומבאַקאַנטע פּראָלעטאַריער, וואָס קיינער האָט נאך נעכטן פון זיי גאָרניט געוואוסט, אָבער וואָס זייערע נעמען וועלן שנעל פאנאנדערגעטראָגן ווערן איבער דער גאנצער וועלט, באגייסטערטע מיט טיפער ליבע צו רעכט און יוישער, מיט גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט צו פראנקרייך און צו דער רעפּובליק, האָבן באשלאָסן אונטערן איינפלוס פון אָט די נאבעלע געפילן צו ראַטעווען דאס פארקנעכטעטע היימלאַנד און די באדראָטע פרייהייט. דערין איז זייער גרויסער פאַרדינסט פאר די צייט-גאָווייַרים און פאר די צוקונפטיקע דורות.

די פּראָלעטאַריער פון דער הויפּטשטאָט, בעאייס זיי האָבן דערזעען די שווינדלערייען און דעם פאראַט פון די הערשנדיקע קלאַסן, האָבן פארשטא-נען, אז עס איז אָנגעקומען די שאָ, ווען זיי דארפן ראטעווען די לאגע און נעמען אין זייערע הענט די פארוואלטונג איבער די געזעלשאפטלעכע איניאָנים.

די מעסיקייט און קלוגשאפט, מיט וואָסערער זיי האָבן אויסגענוצט די מאַכט, וואָס זיי האָבן באַקומען פונם פאָלק, איז העכער פון אַלע שוואכים.

זיי האָבן אפגעהיט די רואיקייט, ניט געקוקט אף דער ארויסרופנדיקער אויפירונג מיצאַד די סאָנים פון דער רעפּובליק, און האבן ארויסגעוויזן פאָר-זיכטיקייט פאָנים על פאָנים מיטן סוינע.

זיי האָבן ארויסגעוויזן די גרעסטע אומאייגנוציקייט און גרענעצלאָזע אפּערווייליקייט. ווי נאָר זיי האָבן גענומען די מאַכט אין זייערע הענט, האָבן זיי זיך געאיילט צונויפרופן דאָס פאָלק אין די וואל-באַצירקן, קעדיי וואָס גיכער אויסוויילן דעם קאָמונאלן מוניציפּאַליטעט, ווען זיי האָבן באַשלאָסן איבערצוגעבן זייער צייטווייליקע מאַכט.

די אלוועלטלעכע געשיכטע ווייס ניט קיין אנדער ביישפּיל פון א צייט-ווייליקער רעגירונג, וואס זאָל זיך אזוי איילן אפּגעבן אירע פולמאכטן די פאָרשטייער, וואָס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן דורך אלגעמיינער אפּשטימונג.

קוקנדיק אף זייער אומאייגנוציקייט, אף זייער ערלעכער דעמאָקראַטי-שער אופירונג, פרעגט מען זיך מיט פארוואונדערונג: ווי אזוי קאָן עקזיסטירן אַזאַ אומגליקלעכע, אומגערעכטע און אומפאַרשעמטע פרעסע, וואס באַשיט מיט דרעקלעס און באליידיקונגען אט די העלדישע בירגער, וועמעס טעטיקייט וואָלט געדארפט ארויסרופן בלויז שוואָכים און אנטציקונג?

ניט שוין זשע איז שטענדיק באַשערט די פריינט פון דער מענטשהייט, די באַשיצער פונם רעכט, צי זיי זיינען זיגער אדער באַזיגטע, צו ווערן א קאָרבן פון פאלשקייט און רעכילעס?

ניט שוין זשע וועלן די אַרבעטער, וואס פּראָדוצירן אלץ און נוצן זיך מיט קיין זאַך ניט אויס, וואָס ליידן נויט, זייענדיק ארומגערינגלט מיט די ווערטן, וואָס זיי זאַמלען אָן, וואָס זיי חאָבן געשאַפן מיט זייער שווערער ארבעט, ניט שוין זשע וועלן זיי שטענדיק האָבן אויסצושטיין באַליידי-קונגען?

ניט שוין זשע וועלן זיי זיך קיינמאָל ניט דערשלאָגן דאָס רעכט צו ארבעטן פאר זייער באַפרייאונג, ניט ארויסרופנדיק מיט דעם קעגן זיך א גאנצן כאָר קלאָלעס?

ניט שוין זשע פארשטייט ניט די בורזשואזיע, זייער עלטערע שוועס-טער, וואס האָט זיך דערשלאָגן באפרייאונג מער ווי מיט דריי פערטל יאר-הונדערט צוריק, זייער פארגייערין אפן וועג פון דער רעוואָלוציע, — ניט שוין זשע פארשטייט זי ניט, אז איצט איז געקומען די צייט פון באַפרייאונג אויך פאַרן פּראָלעטאַריאַט?

דוכט זיך, אז די צאָרעס און אומגליקן, וואָס זיינען אָנגעשיקט געוואָרן אף פראַנקרייך צוליב דער פּאָליטישער טעמפּקייט פון דער בורזשואַזיע, צוליב איר מאראלישער און אינטעלעקטואַלער אויוורבאַטלקייט, וואָלטן געדארפט דערוויזן, אז די צייט פון דער בורזשואזיע איז פאַרביי, אז די בורזשואַזיע האט אויסגעפילט די איפגאַבע, וואס איז אף איר ארויפגעלייגט געוואָרן אין 89-טן יאר, און זי דארף, אויב ניט אפּטרעטן דאס אָרט די ארבעטער, איז לעפּאָכעס געבן זיי א מעגלעכקייט זיי זאָלן, ווען עס איז געקומען פאר זיי די צייט, זיך דערשלאָגן באפרייאונג.

צי איז דען, צוליב דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אונז געטראָפן, פאר אונזער רעטונג ניט נויטיק א געמיינזאַמע מיטאַרבעטערשאַפט?

פארוואס זשע זאגט אפ די בורזשואזיע אין איר פאטאלער פארבלענ-דעניש, דעם פּראָלעטאַריאַט מיט אַן אומגעהערטער אקשאָנעס, זיין געזעצ-לעכן כיילעק פרייהייט?

פאַרוואָס קעמפט זי אומפאַרמיידלעך קעגן זיין שטרעבונג צו באַקומען בירגער-רעכט, פאַרוואָס שטעלט זי זיך קעגן מיט אלע קרעפטן און מיטלען דער פרייער אנטוויקלונג פון די ארבעטער?

פארוואָס שטעלט זי יעדע מינוט אין געפאַר אלע דערגרייכונגען פונם מענטשלעכן גייסט, וואָס זיינען דעראָבערט געוואָרן דורך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע?

ווען דעם 4-טן סענטיאַבר וואָלט דער הערשנדיקער קלאַס געגעבן פרייהייט די שטרעבונגען און נויטן פונם פאָלק; ווען ער וואָלט ערלעך אנער-קענט פאַר די ארבעטער זייערע בירגערלעכע רעכט—דאס רעכט צו באַנוצן זיך מיט אַלע פרייהייטן; ווען ער וואָלט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו אנט-וויקלען אַלע זייערע פעאיקייטן, צו באַפרידיקן אַלע זייערע נויטן; ווען די רעגירונג וואלט ניט געוואָלט בעסער דעם כורבן פונם לאַנד איידער דעם אנסאפעקדיקן טריומף פון דער רעפובליק אין אייראָפע,—וואלטן מיר ניט דער-גאנגען ביז אונזער איצטיקער לאַגע און וואָלטן אויסגעמיטן די קאַטאַ-סטראפע.

שטייענדיק פּאָנים על פּאָנים מיט דער שטענדיקער געפאַר פאַר זיינע רעכט מיטן אנטשיידענעם אפלייקענען זיינע געזעצלעכע שטרעבונגען, זעענ-דיק דעם כורבן פון דעם היימלאַנד און דעם קראַך פון אלע זיינע האפענונגען —האט דער פראָלעטאַריאַט פאַרשטאנען, אז דער הייליקער כיוּוו און דאָס אומבאדינגטע רעכט באַפוילן אים צו נעמען אין זיינע הענט זיין שיקזאַל און זיכערן אים דעם ניצאָכן, דעראבערנדיק די מאַכט.

אָט פארוואָס ער האָט געענטפערט מיט א רעוואָלוציע אפן אומזיניקן און פאַרברעכערישן ארויסרוף פון דער קורצזיכטיקער און פאַרברעכערישער רעגירונג, וואס האָט זיך ניט אפגעשראקן ארויסצורופן א בירגער-קריג גלייך נאָכן סוינעס אינוואַזיע און אָקופּאַציע.

אָבער די ארמיי, וועמען די רעגירונג האט געהאָפט אויפשטעלן קעגן דעם פאָלק, האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצוהויבן קעגן אים דאס געווער. זי האָט אים ברידערלעך אויסגעשטרעקט די האנט און איז צוגעשטאנען צו אירע ברידער.

זאָלן זשע די טראָפּנס פאַרגאָסן בלוט, וועלכע מיר באוויינען הייס, פאלן אף די קעפּ פון די וואָס האָבן אנגעהויבן דעם בירגער-קריג, אף די סאָנים פונם פאָלק, וואָס זיינען אין מעשעך פון א האלב-יארהונדערט געווען די שולדיקע פון אלע אונזערע אינעווייניקסטע מאכלויקעסן און נאציאנאלע אומגליקן.

דער גאנג פונם פּראָגרעס, וואס איז אפגעשטעלט געוואָרן אף א רעגע, וועט ווידער באנייט ווערן, און דער פּראלעטאריאט וועט, ניט געקוקט אף קיין זאַך, פארענדיקן די אויפגאבע פון זיין באפרייאונג.

# 5. דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע וועגן זיינע אויפגאַבן

## „רעפּובליקאַנישע פעדעראַציע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע"

(פון דעם אויפרוף פון דעם צ. ק. אין דעם אָרגאַן פון צענטראַל-קאָמיטעט)

ווען דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע וואָלט געווען אַ רעגירונג, וואָלט ער געקאָנט, שאַנעווענדיק די ווירדע פון די ווײלער, ניט לייגן קיין אַכט אַף פאַרענטפערן זיך. אָבער זיין ערשטע דער-קלערונג איז געווען, אַז ער קלייבט זיך ניט צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון די, וועמען דער אימפּעט פון דעם פאָלקס-שטורעם האָט אָפּגעווישט, און אַז פאַ-שעטע ערלעכקייט איז אים מעכאַיעוו צו פאַרבלייבן גאַנץ גענוי אין די באַ-שטימטע גרענעצן פון די פולמאַכטן, וואָס ער האָט געקראָגן; דעריבער שטעלט דער קאָמיטעט מיט זיך פאָר ניט מער ווי אַ גרופּע פּערזאָנען, וואָס האָבן אַ רעכט אָנצונעמען מיטלען פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג.

געבוירן דורך דער רעפּובליק, וואָס האָט אין איר דעוויז אָנגעצייכנט דאָס גרויסע וואָרט — „ברידערלעכקייט", איז דער קאָמיטעט מויכל זיינע באַליידיקער; ער וויל אָבער עפענען די אויגן יענע גוטע בירגער, וואָס האָבן מאַכמעס אומוויסן, געגלויבט אין דער רעכילעס.

דער קאָמיטעט האָט געאַרבעט ניט באַהאַלטענערהייט: די נעמען פון זיינע מיטגלידער זיינען אויסגעשטעלט אַף אַלע אויפרופן; דידאָזיקע נעמען זיינען ניט קיין הויכע, אָבער דערפאַר האָבן די מיטגלידער פון קאָמיטעט קיינמאָל ניט אויסגעדרייט זיך פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האַגאַם זי איז געווען גרויס.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען ניט פון אומבאַקאַנטע מענטשן — ער איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ פרייער אָפּשטימונג פון צוויי הונדערט פופצן באַטאַליאָנען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין אויפטוער פון אומרוען, ווארעם די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס האָט אים אַרויסגעוויזן דעם קאָוועד און האָט אנערקענט זיין אַווטאָריטעט, האָט זיך ניט פאַרפלעקט מיט קיין עקסצעסן, ניט מיט קיין רעפּרעסיעס; דורך דער קלוגשאַפט און מעסיקייט פון איר אויפפירונג האָט זי אַרויסגעוויזן איר גרויסקייט און קראַפט.

קיין פּראָוואָקאַציעס, האָט פונדעסטוועגן, ניט געפעלט; די רעגירונג האָט פונדעסטוועגן ניט אויפגעהערט צו גרייטן זיך צום שווערסטן פון אַלע פאַרברעכנס, — צום בירגער-קריג.

זי האָט באַערדט פּאַריז און אויפגעהויבן קעגן אים די פּראָווינץ.

זי האָט אַרויסגערופן קעגן אונז די ברידער אונזערע — די סאָלדאַטן פון דער אַרמיי — און האָט זיי געלאָזט פייניקן זיך פון קעלט אַף אונזערע שטאָט-פּלעצער, אָפּרייסנדיק זיי פון די היימען.

זי האָט אונז געוואָלט אָנבינדן אירן אַ הויפּט-קאָמאַנדיר.

זי האָט געוואָלט אָפּנעמען אינמיטן דער נאַכט אונזערע האַרמאטן, מיר האָבן איר געשטערט אַרויסצוגעבן זיי די פּרייסן.

לעסאָף, האָט זי איניינעם מיט אירע איבערגעשראָקענע אָנהענגער אין בארדא געזאָגט צו פּאַריז:

„דו האָסט אַרויסגעוויזן העלדישקייט, דעריבער האָבן מיר מוירע פאַר דיר, דעריבער רייסן מיר פון דיר אַראָפּ די קרוין פון הויפּט-שטאָט".

ווי זשע האָט אַף דעם אַרויסרוף געענטפערט דער צענטראַל-קאָמיטעט?

ער האָט געשאַפן די פעדעראַציע; ער האָט געפּריידיקט מעסיקייט, נאָך מער אַפילע — גרויסמוט; ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואפנטער אַנ-פאַל, האָט ער איבערגעכאַזערט: „איר זאָלט קיינמאָל ניט אָנפאַלן און מיט געווער זאָלט איר ענטפערן נאָר אין פאַל פון אַ לעצטער נויט".

ער האָט זיך געווענדט מיט אַ צורוף צו אַלע גייסטיקע קויכעס פון לאַנד, צו אַלע פעאיקע מענטשן, ער האָט געזוכט די מיטארבעטערשאַפט פון דעם אָפיצערן-קאָרפּוס. זיינע טירן זיינען שטענדיק געווען ברייט פאנאנדער-געעפנט פאַר אַלעמען, וואָס האָבן זיך געקלאַפּט אין זיי אין נאמען פון דער רעפּובליק.

איז אַף וועמעס צאַד איז געווען רעכט און גערעכטיקייט? און אַף וועמעס צאַד אומערלעכקייט?

די אַלע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אין אַזאַ קורצער צייט און אַזוי ניט לאַנג, אַז קיינער האָט זיי נאָך ניט פאַרגעסן. אויב מיר שרייבן אָט דאָס ערעוו דעם טאָג וואָס מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער מאַכט, איז כאַזערן מיר איבער, אַז מיר האָבן אין זינען די ערלעכע מענטשן, וואס האָבן לייכטזיניק געגלויבט אין דער רעכילעס, וואס איז ווערט דידאזיקע, וואָס האָבן זי אויסגעטראכט.

גאר באַזונדער אויפגעבראַכט ווערן זיי פון דעם, וואָס אונזערע נעמען זיינען ניט קיין באַוואוסטע. א, ווי! די נעמען פון אייניקע פון אונז זיינען געווען באַוואוסט, זייער באַוואוסט, און די באוואוסטקייט איז פאַר אונז געווען פאטאל.

ווייסט איר, אַן וואָס פאר א מיטל זיי האבן זיך ניט לאַנג אנגעכאַפּט אין קאַמף קעגן אונז? זיי האבן געלאזן אַן ברויט יענע סאָלדאַטן, וואָס האבן זיך געלאזט אנטוואפענען, ניט וועלנדיק שיסן אין פאָלק; זיי רופן אונז מערדער, זיי, וואס באשטראפן מיט הונגער פאר אפזאגן זיך פון מארד.

קוידעמקאל דערקלערן מיר מיט צארן, אַז דער בלוטיקער שמוץ, אין וואַ-סערן זיי פּרואוון דערטרינקען אונזער גוטן נאמען, איז זייערער אן אויס-געטראכטער בילבל.

מיר האבן ניט אונטערגעשריבן קיין איין טויט-אורטייל; די נאַציאנאלע גוואַרדיע האט זיך ניט באַטייליקט אין קיין איין טויט-שטראָף.

און ניט זי, ניט מיר האבן עס גאר ניט געדאַרפט האבן.

דערדאזיקער בילבל איז פונקט אַזוי אומגעלומפערט, ווי נידערטרעכטיק, איבעריקנס, עס איז גאר מיעס מיר זאלן זיך פאַרענטפערן. סאפקאל-סאַף, אונזער אויפירונג באַווייזט קלאַר, ווער מיר זיינען. מיר האבן דען גע-זוכט גרויסע געהאַלטן צי קאוועד? מיר האבן געקאנט פאַרדינען, און האבן טאַקע פאַרדינט, דעם צוטרוי פון צוויי הונדערט פופצן באַטאליאַנען, און זיי-נען דאך געבליבן אומבאַוואוסט, איז דאס דען ניט קיין סימען, אַז מיר האבן פאראַכט קלינגענדיקע פאפולערקייט? פאפולערקייט קויפט מען ביליק: פאַר עטלעכע פוסטע פראַזעס, פאַר אַביסל נידערטרעכטיקייט; א ראַיע, אַז דאס איז טאַקע אַזוי, איז דער פרישער אָווער.

מיר, באַקליידט מיט פולמאַכטן, וואָס האבן אַף אונז אַרויפגעלייגט א שווע־ע פאַראַנטווארטלעכקייט, האָבן אָן מוירע און וואַקלענישן אויסגעפירט די אויפ-גאַבע, וואָס מע האָט אונז פאַרטרויט, און איצטער, אַז דער ציל איז דער-גרייכט, זאָגן מיר צום פאָלק, וועמעס רעספּעקט מיר האָבן ניט פאַרלאָרן אַפילע דאַן, ווען מיר האָבן עס צוגערעדט צו געדולד: „אָט זיינען די פולמאַכטן, וואָס דו האָסט אונז געגעבן: אין אָט דעם מאָמענט, ווען מיר וואָלטן זיך געקאָנט באַנוצן מיט זיי צוליב אונזערע פערזענלעכע אינטערעסן, האַלטן מיר, אַז אונזער אויפגאַבע איז געענדיקט: טו איצטער אַליין דיין ווילן. איצטער ביסטו פריי, אונזער האַר. מיר, קיינעם ניט באקאַנטע נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק, וועלן זיך ווידער אומקערן פונקט אַזוי אומבאַקאַנט צוריק אין די אייגענע רייען און מיר וועלן באַווייזן די רעגירער, אז מיר קאָנען באהארצט און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אראָפּלאָזן זיך אראָפּ די טרעפּ פון דיין ראטהויז, אז עס ווארט אַף אונז אונטן א יאשערקויעך פון דיין ערלעכער פארגרעבטער האַנט".

# 6. דער צ. ק. פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע איילט אַראָפּצונעמען פון זיך די מאַכט

ב י ר ג ע ר!

מאָרגן קומען פאָר די וואלן אין דער קאָמונאַלער פאַרזאַמלונג; מאָרגן וועט די באַפעלקערונג פון פאַריז פאַרפעסטיקן מיט איר אָפּשטימונג דעם אויסדריק פון איר ווילן, וואָס האָט אָפּן אַרויסבאַווויזן דעם 18 מאַרט, ווען דאָס פאָלק האָט פאַרטריבן די פּראָוואָקאַטאָרישע רעגירונג, וואָס האָט, דאַכט זיך, געהאַט איין ציל — צו פאַרענדיקן די זאַך פון איר פאַרגייער און באַקרוינען דעם אונטערגאַנג פונם לאַנד מיט דער פאַרניכטונג פון דער רעפּובליק.

מיט אָט דער רעוואָלוציע, וואָס האָט איר גלייכן ניט אין דער געשיכ-טע, און וואָס די גרויסקייט אירע ווייזט זיך ארויס פון טאָג צו טאָג אַלץ

מער, האָט פּאריז געגעבן א מוסטער פון גלענצנדיקן אימפּעט און גערעכטי־קייט. ער האָט ארויסבאוויזן, אז אין זיין געשאַמע זיינען ניט צעשיידט די אידייען פון אָרדענונג און פרייהייט, די איינציקע יעסוידעס פון דער רעפּובליק.

די, וועמען אונזערע אומגליקן האָבן אוועקגעשטעלט בעראש פון אונזער מאַזל און וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרניכטן יעדער סימען פון פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן אין פּאַריז, ענטפערט פּאַריז מיט אַ באַ־שטעטיקונג פון דעם ניט אָפּנעמבאַרן רעכט פון יעדער שטאָט און אויך פון יעדן לאַנד, — דאָס רעכט אַף זעלבסטפאַרוואַלטונג, דאָס רעכט אַליין צו שאַפן איבער די איניאַנים פון זיין אינעווייניקסטן, מוניציפּאַלן לעבן, איבער־לאָזנדיק פאַר דער צענטראַלער רעגירונג דאָס אַלגעמיינע אַדמיניסטרירן און פאַרוואַלטן מיט דער פּאָליטיק פון לאַנד.

דאָס לאַנד איז ניט פריי, ווען עס איז ניט פריי דער יאַכיד אָדער די שטאָט אין לאַנד; אין פראַנקרייך וועט ניט זיין קיין רעפּובליק קאָלזמאַן די הויפּטשטאָט פון לאַנד וועט ניט קריגן קיין רעכט אַף זעלבסטפאַר־וואַלטונג.

אָט דאָס רעכט, וואָס מע דערוועגט זיך ניט אָפּצולייקענען באַ די סאַ־מע פאַריאָסעמטע שטעטלעך, אנערקענט מען ניט פאַר פאַריז, מע אַנערקענט ניט, ווייל מע האָט מורע פאַר זיין ליבע צו פרייהייט, זיין פעסטער אנט־שלאָסנקייט אויפצוהיטן די רעפּובליק, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער קאָמונאַלער רעוואָלוציע דעם 18-טן מאַרט, די רעפּובליק, וואָס איר וועט מאָרגן פאַרפעסטיקן מיט אייער אָפּשטימונג.

אַכט טעג זיינען אַריבער פון דעם מאָמענט, וואָס פּאַריז איז באַפרייט געוואָרן, זינט די גרויסע שטאָט איז לויט איר אייגענעם ווילן אַ באַלעבאָס איבער זיך אַליין, און אָט די אַכט טעג פון פרייהייט, וואָס איז דורך קיין זאַך ניט געבונדן, האָבן דערוויזן פאַר יעדן ניט פאַרינטערעסירטן צוקוקער, אַף וועמעס זייט עס איז געווען ליבע צו אָרדענונג און צו רעכט־באַוואוסטזיין.

געבאָרן דורך דער פאָדערונג פון גערעכטיקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן די רעוואָלוציע פון 18-טן מאַרט, האָט דער צענטראַל קאָמיטעט באַזעצט זיך אין שטאָטישן ראָטהויז, ניט ווי אַ רעגירונג, נאָר ווי אַ פאָלקס-וועכטער, ווי אַ קאָמיטעט פון וואַכט און אָרגאַניזאַציע, דאַיגענדיק מע זאָל פלוצלינג צי דורך הינטערפיסלעך ניט אָפּנעמען באַם פאָלק די פרוכט פון זיין ניצאָכן; אַפן קאָמיטעט איז געלעגן דער כויוו צו אָרגאַניזירן דעם ענדגילטיקן אויסדריק פון דעם פאָלקס-ווילן: — פרייע וואַלן צו דער פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל פאָרשטעלן ניט נאָר די אידייען, נאָר אויך די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג פון פאַריז.

אין דעם טאָג, וואָס די קאָמונאַלע פאַרזאַמלונג וועט זיך קאָנסטרואירן, אין דעם טאָג, ווען עס וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן די רעזולטאַטן פון דער

אָפּשטימונג, וועט דער צענטראַל-קאָמיטעט אַראָפּנעמען פון זיך די מאַכט און וועט זיך קאָנען אַוועקגיין, שטאָלץ מיטן באַוואוסטזיין פון אַן אויסגעפילטן כויוו, גליקלעך מיטן באַוואוסטזיין, אַז די שליכעס זיינע איז אויסגעפילט.

פּאַריז וועט ווערן דער ווירקלעכער באַלעבאָס איבער זיין גורל; אין דער קאָמונאַלער פאַרזאַמלונג וועט ער געפינען אַן אָרגאַן אַף אויסצודריקן זיינע אינטערעסן און פאַרטיידיקן זיי אַקעגן די אינטערעסן פון אַנדערע טיילן פון לאַנד און פאַר דער נאַציאָנאַלער צענטראַלער מאַכט.

ער וועט דאַן קאָנען, נאָך אַן אַלזייטיקער באַהאַנדלונג און אָן אַן אומגעזעצלעכער אַריינמישונג, וואָס טרעט מיט די פּ ס רעכט און גערעכטיקייט צוליב דער מאָנאַרכיסטישער קנופּיע, אַליין באַשיידן די פאַרוויקלטע איניאָנים פון קאָמונאַלן און פּריוואַטן רעכט, וואָס זיינען נאָך מער פאַרפּלאָנטערט געוואָרן, אַדאַנק די לאַנגדויערנדיקע ניסיוינעס, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין, קעדיי צו ראַטעווען דאָס לאַנד.

ער וועט, לעסאָף, אַליין קאָנען באַשליסן וואָסערע מיטלען מע דאַרף אָנעמען, קעדיי וואָס גיכער און אָן ווייטעקן צוריקקערן זיך צו אַ געשעפטלעכן און אַרבעט-לעבן.

די רעפּובליק קאָן ניט עקזיסטירן, ניט מיט טייער באַצאָלטע אַדמיניסטראַטיווע פאַנטאַזיעס, ניט מיט בעדאַלעסשטעלנדיקע ספּעקולאַציעס; זי לעבט מיט פרייהייט, עקאָנאָמיע, אַרבעט און אָרדענונג. די רעפּובליק דאַרף איינשטעלן אַ האַרמאָניע פון אינטערעסן, און ניט מאַקריעוו זיין איינע צוליב די אַנדערע. די פראַגן וועגן טערמינען פון צאָלונגען, וועגן דירע-געלט קאָנען געלייזט ווערן דורך די פאָרשטייער פון שטאָט באַ דער אונטערשטיצונג פון זייערע מיטבירגער, וועמעס מיינונג מע דאַרף אַלעמאָל אויסהערן. ווי אַלץ, וואָס עס האָט אַ שייכעס צו די אינטערעסן פון שטאָט, קאָן מען די לייזונג פון דידאָזיקע פראַגן ניט איבערגעבן צום ווילקיר פון דער מאַכט, וואָס פאָלגט מערסטנטייל נאָר דעם גייסט פון פאַרטייאישקייט.

דאָסזעלביקע איז אויך מיט דער אַרבעטער-פראַגע; אַרבעט — איז די איינציקע באַזע פון געזעלשאַפטלעכקייט, דער איינציקער זייל פון אַן ערלעכן און לאָיאַלן סיידער; בירגער, וואָס מע האָט זיי אָפּגעריסן פון אַרבעט דורך אַ מילכאָמע, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן און אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך אַ ניטקאָנטראָלירטער רעגירונג, טאָר מען ניט איבערגעבן פאַר אַ קאָרבן צו אָרעמקייט און אַרבעטלאָזיקייט, אָפּשטעלנדיק פּלוצים דאָס אויסצאָלן געהאַלט.

מע דאַרף זיך רעכענען מיט דעם איבערגאַנג-פּעריאָד, וואָס מיר לעבן איצט איבער; מע דאַרף געוויסנהאַפט זוכן אַן אויסוועג פון אים; די אַרבעט דאַרף קריגן צוטרוי, וואָס וועט אַרויסשלעפן דעם אַרבעטער פון אומפאַרמיידלעכן דאַלעס און וועט אים געבן אַ מעגלעכקייט גיך צו דערגרייכן אַ פולשטענדיקע באַפרייאונג.

אַט די פראַגן, ווי נאָך פיל אַנדערע, דאַרפן געלייזט ווערן דורך אייער קאָמונאַלן ראַט; די באַשלוסן זיינע וועלן זיך שטיצן אַפן רעכט פון אַלע בירגער, וואָרעם אַלע וועלן זיך באַטייליקן אין זייער באַהאַנדלונג, און דער-דאָזיקער פאַראַנטוואָרטלעכער ראַט, וואָס קאָן דערנאָך אַראָפּגעזעצט ווערן, וועט זיך געפינען אונטער אַ שטענדיקן קאָנטראָל פון די בירגער.

ענדלעך, ער וועט איינשטעלן די שאַיכעס פון שטאָט צו דער צענטראַ-לער מאַכט, באַוואָרענענדיק דערביי די אומאָפּהענגיקייט און אויטאָנאָמיע פון דער קאָמונע.

טאָ שטימט זשע, בירגער. זאָל יעדערער פאַרשטיין די גרויסקייט פון דעם כויוו, וואָס איז אויסגעפאַלן אָף אים, זאָל יעדערער וויסן, אַז אַראָפּלאָזנ-דיק זיין ביולעטען אין וואַל-קאַסטן, לייגט ער אָף אייביק אַ פונדאַמענט פאַר דער פרייהייט און געזעלשאַפטלעכקייט פון פאַריז, באַוואָרנט ער פאַר פראַנקרייך אַ רע-פּובליק און טוט פאַר דער רעפּובליק דאָס, וואָס ער האָט אַזוי העלדיש געטאָן, האָבנדיק פאַר זיך דעם סוינע — פילט ער אויס זיין פליכט.

באַפולמעכטיקטע איבער אינערלעכע איניאָנים

- אַ ר ט. אַ ר נ ו, ע ד. וו אַ י אַ ן

שטאַטישע ראַטהויז, 25-טן מאַרט 1871 יאָר.

# 7. באַשטימונג פון צ. ק. נ. ג. וועגן די וואַלן

געמענדיק אין אַכט די דרינגענדיקע נויטיקייט איינצושטעלן אין פאַריז אַ קאָמונאַלע פאַרוואַלטונג, פאַראָרדנט דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע:

1. די וואַלן פונם קאָמונאַלן ראַט פון דער שטאָט פאַריז ווערן באַשטימט אָף מיטוואָך, דעם 22 מאַרט.

2. דאָס אָפּגעבן די שטימען וועט געמאַכט ווערן לויט צעטלען און אי-בער די באַצירקן.

יעדער באַצירק ווילט אויס איין ראַט-מיטגליד אָף 20 טויזנט איינוואוינער און אַפן רעשט, וואָס איז העכער פון 10 טויזנט, אויך צו איינעם.

3. די וואַלן וועלן דורכגעפירט ווערן פון 8 אַזייגער אינדערפרי ביז 6 אַזייגער אינאָוונט. די ציילונג פון די שטימען וועט זיך טייקעף אָנהויבן.

4. די מוניציפּאַלע מאַכט-אָרגאַנען פון אַלע צוואַנציק באַצירקן ווערן באַאויפטראַגט צו זאָרגן אין די ראַמען פון זייער קאָמפּעטענץ וועגן דורכפירן אין לעבן דידאָזיקע פאַראָרדענונג.

וועגן דער צאָל ראַט-מיטגלידער, וואָס דאַרפן אויסגעווילט ווערן אין יעדן באַצירק, וועט מען דער באַפעלקערונג לאָזן נאָכאַמאָל וויסן.

צענטראַל-קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע:

19 מאַרט 1871 יאָר. (אונטערשריפטן)

## 8. דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון די מיטגלידער פון דער קאָמונע

אויב מע זאָל אריינעמען אין כעשבן ניט נאָר די גרונט-וואלן, נאָר אויך די הויסאָפּע-וואלן, אויסשליסנדיק אין דערזעלבער צייט די מיטגלידער, וואָס האָבן אַראָפּגענומען זייערע פולמאכטן, קאָן מען דעם סאָציאלן באַשטאַנד פון דער קאָמונע כאַראַקטעריזירן מיט אָט די ציפערן. פון 83 מיטגלידער זיינען

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| אַרבעטער . . . . . . . . . . | 27 | אָדער | 32,5 | פּראָצ. | |
| אָנגעשטעלטע און קליינע באַאמטע . . . | 13 | „ | 15,7 | „ | |
| פּערזאָנען פון פרייע פּראָפעסיעס (אַרטיסטן קינסטלער, דאָקטוירים, אינזשענערן, ליטע-ראַטן א״ן ד. גל.). . . . . . . . | 32 | „ | 38,5 | „ | |
| קליינע הענדלער און אונטערנעמער . . | 4 | „ | 4,9 | „ | |
| אָפּיצערן . . . . . . . . . . . | 2 | „ | 2,4 | „ | |
| פּערזאָנען פון אומבאַוואוסטע פּראָפעסיעס | 6 | „ | 6,02 | „ | |
| ס אַ כ אַ ק ל . . . | 83 | אָדער | 100 | פּראָצ. | |

(נ. ל ו ק י ן „פאריזער קאָמונע״)

## 9. אויפרוף פון דער פּאַריזער סעקציע פונם אינ-טערנאַציאָנאַל ערעוו די וואלן אין דער קאָמונע

ארבעטנדיקע!

אַ לאַנגע קייט פון צאָרעס, א קאַטאַסטראָפע, וואָס דאַרף, אפּאָנים, ברענגען מיט זיך דעם פולשטענדיקן אומקום פון אונזער לאַנד, — אָט דאָס איז דער ענדגילטיקער סאַכאַקל פון דער לאַגע, וואָס איז געשאפן געוואָרן פאַר פראַנקרייך דורך די רעגירונגען, וואָס האָבן איבער איר געהערשט.

ניט שוין זשע האָבן מיר פאַרלאָרן די אייגנשאַפטן, וואָס זיינען נויטיק אַף צו-זיך קומען פון אָט דער דערנידעריקונג? ניט שוין זשע זיינען מיר אזוי דעגענערירט, אז מיר וועלן מיט אונטערטעניקייט איבערטראָגן דעם צוויעסדיקן דעספּאָטיזם פון די, וואָס האָבן אונז פאַראַטן צו אַן אויסלענדער, און מיר וועלן געפינען אין זיך קרעפטן בלויז אַף צו מאכן דורכן בירגער-קריג אומפאַריכטבאַר אונזער אומקום?

די לעצטע געשעענישן האָבן געוויזן די העלדישקייט פונם פּאַריזער פאָלק. מיר זיינען איבערצייגט, אַז איינגיכן וועט די ברידערלעכע איינפּאַר-שטייעניש דערווייזן איר קלוגשאַפט.

דער מאַכט-פּרינציפּ איז איצט אָנמעכטיק אויפצושטעלן די אָרדענונג אַף די גאַסן, באַנייען די אַרבעט אין די וואַרשטאַטן. און אָט די אָנמעכטיקייט איז זיין אָפּלייקענונג.

דער אונטערשייד פון די אינטערעסן האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינעם כורבן, האָט געבוירן די סאָציאַלע מילכאָמע. מע דאַרף זיך אומקערן צו דער פרייהייט, גלייכהייט, סאָלידאַרישקייט, קעדיי איינצושטעלן אָרדענונג אַף נייע יעסוידעס און אָרגאַניזירן די אַרבעט, די אָרוועס פון דערדאָזיקער אָרדענונג.

אַרבעטנדיקע!

די קאָמונאַלע רעוואָלוציע פאַרפעסטיקט דידאָזיקע פּרינציפּן — זי באַזייטיקט אַלע סיבעס פון קאָנפליקטן אין דער צוקונפט. צי פאַרטראַכט איר זיך צו געבן איר אייער ענדגילטיקע סאַנקציע?

די אומאָפּהענגיקייט פון ד״ער קאָמונע איז אַן ארוועס פונם אָפּמאַך, אַז זיינע אַרטיקלען, וועלכע זיינען פריי באַהאַנדלט געוואָרן, וועלן אָפּשטעלן די קלאַסן-סינע און וועלן זיכערן די סאָציאַלע גלייכהייט.

מיר האָבן דעראָבערט די פרייהייט פאַר די אַרבעטנדיקע, און די קאָמונאַלע רעוואָלוציע איז פאַר דעם אַן אָרוועס, ווייל זי דאַרף יעדן בירגער געבן די מיטלען צו באַשיצן זיינע רעכט, פאַקטיש קאָנטראָלירן די מאַיסים פון אירע באַפולמעכטיקטע, וואָס זיינען מעכויעוו אָפּצוהיטן זיינע אינטערעסן, און דורכפירן די ביסלעכווייזע פאַרווירקלעכונג פון די סאָציאַלע רעפאָרמען.

די אַווטאָנאָמיע פון יעדער קאָמונע באַזייטיקט אין אירע פאָדערונגען יעדע גוואַלטאַט און באַפעסטיקט די רעפּובליק אין איר העכסטן אויסדריק.

אַרבעטנדיקע!

מיר האָבן געקעמפט, מיר האָבן זיך אויסגעלערנט צו ליידן פאַר אונזער פּרינציפּ פון גלייכהייט, מיר וועלן ניט אָפּטרעטן דעמאָלט, ווען מיר זיינען שוין בעקויעך אַוועקצולייגן דעם ערשטן שטיין פון דער נייער סאָציאַלער אָרדענונג.

וואָס האָבן מיר געפאָדערט?

אָרגאַניזירן דעם קרעדיט, דעם אויסטויש, אסאָציאַציעס, קעדיי צו זיכערן די אַרבעטנדיקע דעם פולן געצאָלט פאַר זייער אַרבעט.

אומזיסטע וועלטלעכע און אַלזייטיקע בילדונג.

די רעכט פון פאַרזאַמלונגען, אסאָציאַציעס, אומבאַדינגטע פרייהייט פון פּרעסע, פון פּערזענלעכקייט.

אָרגאַניזירן אַף מוניציפּאַלע יעסוידעס דעם פּאָליציי-אַמט, די באַוואָפנטע קראַפט, די היגיענע, סטאַטיסטיק און אַנד. אונז האָבן געפירט פאַר דער נאָז אונזערע רעגירער, מיר זיינען באַ זיי געגאַנגען אַפן שטריקל, ווען זיי פלעגן נאָך דער ריי — אָדער כיינדעלען זיך צו די פאַרשיידענע גרופּן, וואָס אַף זייער אנטאַגאַניזם האָט זיך באַזירט זייער עקזיסטענץ, אָדער זיי פלעגן זיי צודריקן.

איצט האָט דאָס פאָלק פון פּאַריז געעפנט די אויגן. עס זאָגט זיך אָפּ פון דער ראָלע פון אַ קינד, וואָס ווערט אָנגעפירט פון אַ לערער. און באַ די

מוניציפּאַלע וואַלן, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון דער באַוועגונג, וועלכע עס האָט אַליין געשאַפן, וועט עס געדענקען, אַז דער הויפּט־פּרינציפּ אינם אָרגאַניזירן אַ גרופּע אָדער אַסאָציאַציע, איז דערזועלבער, מיט וועלכן עס דאַרף אָנגעפירט ווערן אויך די גאַנצע געזעלשאַפט. פּונקט אַזוי ווי עס וועט אָפּוואַרפן יעדן אַדמיניסטראַטאָר, אַ פּרעזידענט, וואָס איז באַשטימט פון אַ מאַכט, וועלכע איז פאַר אים פרעמד, אַזוי וועט עס ניט אָננעמען דעם מער אָדער פּרעפעקט, וואָס אים האָט אָנגעבונדן אַ רעגירונג, וועלכע איז ניט מאַסקים מיט זיינע שטרעבונגען.

עס וועט באַשטעטיקן זיין העכסטע רעכט בײַ די וואַלן פון דער פאַרזאַמלונג: צו בלייבן דער באַלעבאָס אין זיין שטאָט און שאַפן אַזאַ מוניציפּאַלע פאָרשטייערשאַפט, וועלכע וועט האַלטן, אַז די בעסטע זאַך איז ניט אָנבינדן זי אַנדערע שטעט.

זונטיק, דעם 26 מאַרט, — מיר זיינען אין דעם איבערצייגט, — וועט דאָס פאָלק פון פּאַריז האַלטן פאַרן כּיוו פון זיין ערע צו שטימען פאַר דער קאָמונע.

די דעלעגאַטן וואָס זיינען בייגעווען אַף דער באַנאַכטיקער זיצונג פון 23 מאַרט 1871 יאָר.

דער פעדעראַלער ראַט פון די פּאַריזער סעקציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע.
(אונטערשריפטן)

פעדעראַלע קאַמער פון די אַרבעטער־פאַרייניקונגען
(אונטערשריפטן)

# 10. דער צ. ק. נ. ג. וועגן די געשעענישן

בירגער!

דאָס, וואָס קומט איצט פאָר, — איז די אייביקע דראַמע פון פאַרברעכער, וועלכע שטרעבן אַרויסצודרייען זיך פון דער שטראָף מיט דער הילף פון אַ נייעם פאַרברעכן, וואָס זאָל זיי דערלויבן אומבאַשטראָפט צו הערשן דורך מוירע.

דאָס איז אַ הייפל שוואוּעברעכער, פאַרעטער, געלט־פעלשער און מערדער, וואָס דערטרינקען אין בלוט די גערעכטיקייט.

בירגער פון פּאַריז, עס קומען אָן גרויסע טעג פון הויכער העלדישקייט און העכסטער טוגענד. אין אייערע הענט ליגן דאָס גליק פון דעם היימלאַנד און די צוקונפט פון דער גאַנצער וועלט. אייך דערוואַרטן בראָכעס אָדער קלאָלעס פון די קינפטיקע דוירעס.

אַרבעטער, נאַרט זיך ניט אָפּ: עס גייט אַ גרויסער קאַמף צווישן פּאַראַזיטיזם און אַרבעט, צווישן עקספּלואַטאַציע און פּראָדוקציע, אויב איר

זייט מיד געוואָרן צו פֿאַרשוואַרצט ווערן אין נויט און אומוויסנהייט; אויב איר ווילט, אַז אייערע קינדער זאָלן זיך אַליין באַנוצן מיט די פֿרוכט פֿון זייער אַרבעט, און זאָלן ניט דערצויגן ווערן ווי באַלעכאַיעם, פֿאַרן וואַרשטאַט און פֿאַר מילכאָמע, זיי זאָלן ניט באַנעצן מיט זייער שווייס די אשירעס פֿונם עקספּלואַטאַטאָר, זיי זאָלן ניט פֿאַרגיסן זייער בלוט צוליב אַ וואַסערן עס איז דעספּאָט; אויב איר ווילט ניט, אַז אייערע טעכטער זאָלן בלייבן אָן אויפֿזיכט און דערציאונג און זאָלן ווערן אַ געצייג פֿון טאַינגע אין די הענט פֿון דער געלט-אַריסטאָקראַטיע; אויב איר ווילט ניט, אַז זנוס און נויט זאָלן שטויסן די מענער אין די הענט פֿון דער פּאָליציי, און די פֿרויען — צו פּראָסטיטוציע; אויב איר ווילט אַ קעניגרייך פֿון גערעכטיקייט — זייט פֿאַרגינפֿטיק, זייט אָף דער וואַך. פֿאָרויס, אַרבעטער. זאָלן אייערע שטאַרקע הענט אַראָפּשליידערן די שמוציקע רעאַקציע.

בירגער פֿון פּאַריז, הענדלער, באַלמעלאָכעס, קרעמער, דענקער, אַלע, וואָס אַרבעטן און זוכן אויפֿריכטיק צו לייזן די סאָציאַלע פּראָבלעמען, אייך אַלע פֿאַרשווערט דער צענטראַל-קאָמיטעט צו גיין צוזאַמען צום פּראָגרעס. באַגייסטערט זיך מיטן געדאַנק וועגן דעם שיקזאַל פֿון דעם היימלאַנד און וועגן זיין וועלט-געניי.

דער צענטראַל-קאָמיטעט גלויבט פֿעסט, אַז די העלדישע באַפֿעלקערונג פֿון פּאַריז וועט מאַכן אומשטערבלעך איר נאָמען און וועט ווידערגעבוירן די גאַנצע וועלט.

זאָל לעבן די רעפּובליק! זאָל לעבן די קאָמונע!

פּאַריז, 5 אַפּריל 1871 יאָר.

פֿאַרן צענטראַל-קאָמיטעט: (אונטערשריפֿטן)

# 11. דעקלאַראַציע פֿון דער קאָמונע צום פֿראַנצויזישן פֿאָלק

אין די טעג פֿונם גרויזאַמען און טרויעריקן קאָנפֿליקט, וואָס דראָט פּאַריז מיט די שרעקן פֿון אַ נייער באַלאַגערונג און באָמבאַרדירונג, ווען עס גיסט זיך דאָס פֿראַנצויזישע בלוט, ווען אונזערע ברידער, אייערע פֿרויען און קינדער קומען אום אונטער די האַרמאַטן-קוילן און קאַרטעטשן, איז נויטיק, אַז קיין זאַך זאָל ניט מאַכן אָפּהענגיק דעם נאַציאָנאַלן געוויסן, און אַז די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג זאָל זיין איינמוטיק.

פּאַריז און דאָס גאַנצע לאַנד דאַרפֿן וויסן דעם כאַראַקטער, די סיבע און דעם ציל פֿון דער רעוואָלוציע, וואָס קומט פֿאָר. די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר אונזער טרויער, ליידן און צאַר דאַרף ענדלעך פֿאַלן אָף די קעפּ פֿון די פֿאַררעטער, וואָס האָבן פֿאַראַטן פֿראַנקרייך און האָבן געעפֿנט פּאַריז פֿאַר די סאָנים. און וואָס איצט ווילן זיי אין זייער בלינדער און אַכזאָרישער

אַקשאָנעס זיך דערשלאָגן דעם אומקום פונם גרויסן פאָלק, קעדיי צו באַגראָבן אונטער די כורוועס פון דער רעפּובליק און דער פרייהייט דעם צווייפאַכיקן באַוויץ פון זייער פּאַראַט און פאַרברעכן.

אַף דער קאָמונע ליגט די פליכט פעסטצושטעלן און באַשטעטיקן די האָפענונגען און ווּאונשן פון דער פּאַריזער באַפעלקערונג און קלאָר מאַכן דעם כאַראַקטער פון דער באַוועגונג פון 18-טן מאַרט, וואָס איז ניט פאַר-שטאַנען געוואָרן, ניט באַנומען געוואָרן און פארלוימדעט געוואָרן דורך די פּאָליטישע טוער, וואָס זיצן אין ווערסאַל.

פּאַריז אַרבעט און ליידט ווידער פאַר גאַנץ פראַנקרייך. זיינע שלאַכטן און קאָרבאָנעס גרייטן איר אן אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע, אַדמי-ניסטראַטיווע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ווידערגעבורט, איר גערימטקייט און פּאָרשריט.

וואָס וויל פּאַריז זיך דערשלאָגן?

די אַנערקענונג און פאַרפעסטיקונג פון דער רעפּובליק, די איינציקע פאַרוואַלטונגס-פאָרם, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די רעכט פונם פאלק, צו דער נאָרמאַלער און פרייער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

די פולשטענדיקע אַווטאָנאָמיע פון יעדער קאָמונע אַפן גאַנצן מעהאַלעך פון פראַנקרייך, וואָס זאָל יעדערער פון זיי זיכערן דעם גאַנצן סכום רעכט אירע, און יעדן פראַנצויז — די פולשטענדיקע אַנטוויקלונג פון זיינע קרעפטן און פעאיקייטן, אַלס מענטש, בירגער און אַרבעטער.

די אַווטאָנאָמיע פון דער קאָמונע דאַרף באַגרענעצט ווערן בלויז מיט די אַווטאָנאָמיעס פון די איבעריקע קאָמונעס, וואָס זיינען מיט איר צונויפגעבונדן און וואָס זייער פאַרבאַנד פאַרפעסטיקט די איינהייט פון פראַנקרייך.

די רעכט, וואָס געהערן דער קאָמונע, זיינען:

דאָס רעכט צו וואָטירן דעם קאָמונאַלן ביודזשעט, די האַכנאָסעס און הייצאָעס; איינשטעלן און פאנאנדערטיילן די שטייערן: צו פאַרוואַלטן מיט אַלע אָרטיקע אָמטן; צו אָרגאַניזירן די מאַגיסטראַטור, די מוניציפּאַלע פּאָליציי און די פאָלקס-בילדונג; צו פאַרוואַלטן מיט די גיטער, וואָס געהערן דער קאָמונע.

באַשטימען מיט דער הילף פון וואַלן אָדער פון אַ קאָנקורס פאַראַנט-וואָרטלעכע מאַגיסטראַטן אָדער קאָמונאַלע באַאמטע פון אַלע שטופעס, וואָס זאָלן זיין אונטערגעוואָרפן אַ שטענדיקן קאָנטראָל און מע זאָל זיי קאָנען אָפּרופן.

פולשטענדיקע גאַראַנטיע פון אינדיווידועלער פרייהייט, פרייהייט פון גע-וויסן און פרייהייט פון אַרבעט;

קעסיידערדיקע באַטײלונג פון די בירגער אין די קאָמונאַלע איניאָנים, דורך דער פרייער מאַניפעסטירונג פון זייערע אנשויאונגען און דורך דער פרייער באַשיצונג פון זייערע אינטערעסן; די קאָמונע דאַרף גאַראַנטירן די פרייהייט פון אָט די מאַניפעסטירונגען, ווייל אַף איר אַליין ליגט די פליכט

פון אויפזיכט און פון זיכערן דאָס ריכטיקע און פרייע אויסנוצן זיך מיטן רעכט פון עפנטלעכקייט און פאַרזאַמלונגען;

אָרגאַניזירן די שטאַטישע געפּאַרלאָזיקייט און אָרגאַניזירן די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס ווילט זיך אויס אירע שעפן און וואָס היט אָפּ אין שטאָט די אָרדענונג:

פּאַריז פאָדערט ניט קיין אַנדערע אָרטיקע גאַראַנטיעס, פאַרשטייט זיך, ביטואַי, אַז אין דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע, און דער דעלעגאַציע פון די פעדעראַלע קאָמונעס וועט ער געפינען די פאַרוויקלעכונג אין דער פּראַקטיק פון אָט דיזעלבע פּרינציפּן.

אָבער אדאַנק זיין אַווטאָנאָמיע, האָט פּאַריז די פרייהייט פון טאָט און האַלט איין פאַר זיך דאָס רעכט דורכצופירן לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד אַדמיניסטראַטיווע און עקאָנאָמישע רעפאָרמעס, וועלכע עס וויל זיין באַפעלקערונג, שאַפן אַנשטאַלטן, וואָס ווירקן מיט דער אַנטוויקלונג פון אויפקלערונג, פּראָדוקטיווקייט, קרעדיט און אויסטויש; אָנעמען מאָסמיטלען אַף פאַרגעזעלשאַפטלעכן די מאַכט אין דאָס אייגנטום, נאָכפאָלגנדיק דער באַדערפעניש פונם מאָמענט, דעם וואונש פון די פאַרינטערעסירטע צדדים און די לעקציעס פון דער דערפאַרונג.

אונזערע סאָנים האָבן אַ טאָעס אָדער זיי נאַרן באַוואוסטזיניק אָפּ דאָס לאַנד, ווען זיי באַשולדיקן פּאַריז. אַז ער וועט אָנבינדן זיין ווילן אָדער זיין פירערשאַפט דער גאַנצער נאַציע, אַז ער שטרעבט צו דיקטאַטור, וועלכע וואָלט געווען אַ פאַרמעסטן זיך אַף דער אומאָפּהענגיקייט און סואווערעניטעט פון די אַנדערע קאָמונעס.

זיי האָבן אַ טאָעס אָדער זיי נאַרן אָפּ דאָס לאַנד, ווען זיי זאָגן, אַז פּאַריז וויל צעשטערן די איינהייט פון פראַנקרייך, די איינהייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע און דורך דער איינמוטיקער אַנערקענונג מיצד אונזערע פאָטערס, וואָס זיינען געקומען פון אַלע עקן פונם אַלטן פראַנקרייך אַפן יאָנטעוו פון דער פעדעראַציע.

די פּאָליטישע איינהייט, ווי עס האָבן זי אונז ביז איצט אָנגעבונדן די אימפּעריע, די מאָנאַרכיע און דער פּאַרלאַמענטאַריזם, — איז אַ דעספּאָטישע אומפאַרנינפטיקע צענטראַליזאַציע, וואָס איז געגרינדעט אַף ווילקיר און איז זייער אַ שווערע.

אָבער די פּאָליטישע איינהייט, ווי פּאַריז פאַרשטייט זי, איז אַ פרייוויליקע אַסאָציאַציע פון אַלע אָרטיקע איניציאַטיוון, אַ פרייע און דורך גאָרניט געצוואונגענע מיטאַרבעטערשאַפט פון אַלע אינדיווידועלע ענערגיעס, וואָס שטרעבן צו אַ געמיינזאַמען ציל — צו אַלעמענס וואוילשטאַנד, פרייהייט און געפּאַרלאָזיקייט.

די קאָמונאַלע רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן לויט דער פאָלקסאיניציאַטיוו דעם 18-טן מאַרט, עפנט אַ נייע תקופה פון עקספּערימענטאַלער, פּאָזיטיווער און וויסנשאַפטלעכער פּאָליטיק.

דאָס איז דער סאָף פון דער אַלטער וועלט פון קלעריקאַלן און טשינאָוניקעס, דער סאָף פונם מיליטאַריזם, ביוראָקראַטיזם, עקספּלואַטאַציע, אזשיאַטאַזש, מאָנאָפּאָליעס און פּריווילעגיעס פון דעם אַלעם, וואָס האָט אונטערשטיצט די קנעכטשאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט און האָט אָנגעשיקט אַזוי פיל צאָרעס און אומגליקן אַף דעם היימלאַנד.

אונזער גרויס טייער היימלאַנד, וואָס איז באַשווינדלט דורך אָט דער פאַלשקייט און רעכילעס, דאַרף ענדלעך זיך דערווייסן דעם עמעס.

דער קאַמף, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט צווישן פּאַריז און ווערסאַל, איז ניט אַזאַ, וואָס זאָל זיך ענדיקן מיט אַן אילוזאָרישן קאָמפּראָמיס: זיין אויסגאַנג דאַרף זיין אַן אָנסאָפּעקדיקער. דער ניצאָכן, וואָס צו אים שטרעבט מיט אַן אומצאַבערעכבאַרער ענערגיע די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, דאַרף געהערן דער אידייע און דעם רעכט.

מיר ווענדן זיך מיט אַ רוף צו פראַנקרייך.

זי ווייס, אַז דער באַוואָפנטער פּאַריז איז פול מיט העלדישקייט און רואיקייט, אַז ענערגיש און מיט ענטוזיאַזם האַלט ער אונטער די אָרדענונג. העלדיש און באַוואוסטזיניק ברענגט ער זיך פאַר אַ קאָרבן; אַז ער האָט זיך באַוואָפנט אויסשליסלעך צוליב דער איבערגעגעבנהייט צו דער פרייהייט און צום אַלגעמיינעם רום — און פראַנקרייך וועט אָפּשטעלן אָט דעם בלוטיקן צוזאַמענשטויס.

פראַנקרייך דאַרף פייערלעך אַרויסווייזן איר פעסטן ווילן און אַנטוואָפענען ווערסאַל.

גאַנץ פראַנקרייך וועט זיך אויסנוצן מיט אונזערע ניצכוינעס, זאָל זשע זי זיך אַרויסווייזן איינמוטיק מיט אונז; זאָל זי ווערן אונזער פאַרבינדעטע אין אָט דעם קאַמף, וואָס דער אויסגאַנג זיינער וועט זיין אָדער דער טריאומף פון די אידייען פון דער קאָמונע אָדער דער כורבן פון פּאַריז.

און מיר, בירגער פון פּאַריז, אונזער באַרוף איז דורכצופירן די הייניקע רעוואָלוציע, די סאַמע ברייטסטע און פרוכטבאַרסטע פון אַלע, וואָס האָבן אַמאָל באַשיינט די געשיכטע פון דער מענטשהייט.

אונזער כויוו איז — צו קעמפן און באַזיגן.

פּאַריזער קאָמונע

פּאַריז, 19 אַפּרעל 1871 יאָר.

# 12. אויפרוף צו די דאָרפישע איינוואוינער *

ברודער, מע נאַרט דיך אָפּ. אונזערע אינטערעסן זיינען דיזעלבע. דאָס, וואָס איך פאָדער, ווילסטו אויך; די באַפרייאונג, וועלכע איך וויל זיך דערשלאָגן, — דאָס איז דיין באַפרייאונג. דיר, פונקט אַזוי ווי מיר, פעלט פרייהייט, אָפרו, אַן אינטעלעקטועל און גייסטיק לעבן. דו און איך — מיר זיינען נאָך אַלץ

* דער מעכאַבער פונם אויפרוף איז די סאָציאַליסטקע אַנדרע לעא.

קנעכט פון אָרעמקייט. פויער—אומגליקלעכער טאָג-אַרבעטער, אָט איז שוין א יאָרהונדערט, ווי מע כאַזערט דיר איבער, אז אייגנטום—דאָס איז די הייליקע פרוכט פון דער אַרבעט, און דו גלויבסט אין דעם.

אָט דו—זאָקן: דו האָסט א גאַנצע צייט געאַרבעט; דאָך ביסטו ניט רייך, און דו האָסט אפילע ניט קיין שטיקל ברויט אף די עלטערע יאָרן. דיינע גאַנצע אפשפאָרונגען זיינען אוועק אף דערציען די קינדער, וועלכע עס נעמט באַ דיר אָפּ די רעקרוטירונג, אָדער וועלכע וועלן נאָך זייער כאַסענע זיין צו אָרעם, קעדיי זיך צו דערנערן. מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ וועסטו גיין פון טיר צו טיר בעטן א דערנידעריקנדיקע, טרוקענע נעדאָווע. דאָס—איז ניט, יוישער-דיק, ברודער-פויער. צי דען ווייסטו דאָס ניט? ווען עס וואָלט געווען עמעס, אז אייגנטום איז די פרוכט פון דער אַרבעט, וואָלסטו געווען אַן אייגנטימער: דו האָסט דאָך אזוי פיל געאַרבעט. דו וואָלסט באַזעסן אָט דאָס קליינע הייזל מיטן גאָרטן און פאַרקאַן, וואָס זיינען געווען דיין טרוים, דיין ציל, די ליידנ-שאַפט פון דיין לעבן, נאָר דו ביזט דאָס ניט געווען בעקויעך צו דערווערבן...

דאָס איז ניט יוישערדיק. אָט פאַרוואָס פאַריז שטייט אויף, פראָטעסטירט און פאָדערט צו ענדערן די געזעצן, וועלכע גיבן אין די הענט פון די רייכע די גאַנצע מאַכט איבער די אַרבעטנדיקע.

פאַריז וויל, אז דעם פויערס זון זאָל באַקומען דיזעלבע בילדונג, ווי דעם גווירס זון, און ער זאָל זי באַקומען אָן געצאָלט, וואָרום די ויסנשאַפט איז אן אלגעמיין פאַרמעגן. קעדיי צו לעבן ווי געהעריק, איז בילדונג אַזוי נוי-טיק, ווי די אויגן אף צו זען. פאַריז פאָדערט צו פאַרניכטן די אמטן, פאַר וועלכע מע באַצאָלט 20, 30 און 100 טויזנט פראַנק און וועלכע דערלויבן איין מענטשן איינצושלינגען אין מעשעך פון א יאָר דעם ווארילשטאַנד פון אסאַך הויזגעזינדן.

פאַריז פאָדערט, אז יעדער מענטש, וואָס איז ניט קיין אייגנטימער, זאָל ניט צאָלן קיין שטייערן; אז דער, וואָס באַזיצט בלויז א שטוב און א גערטל, זאָל אויך גאָרניט צאָלן; אז די גאַנצע לאַסט פון די שטייערן זאָל פאַלן אף די רייכע.

פאַריז פאָדערט, אז די יוסטיץ זאָל גאָרניט קאָסטן די יעניקע, וואָס נוי-טיקן זיך אין איר.

אַלזאָ, פאַריז וויל: ערד פאַר די פויערים, פראָדוציר-מיטלען פאַר די ארבעטער, אַרבעט פאַר אַלעמען.

די פרוכטן פון דער ערד פאַר יענע, וואָס באארבעטן זי.

זאָל שוין מער ניט זיין ניט קיין צו-רייכע, ניט קיין צו-אָרעמע.

זאָל שוין מער ניט זיין ניט קיין אַרבעט אָן אָפּרו, ניט קיין אָפּרו אָן אַרבעט.

דאָס איז מעגלעך. דערצו זיינען נויטיק בלויז גוטע געזעצן, וועלכע וועלן קומען ערשט דעמאָלט, ווען די אַרבעטנדיקע וועלן מער ניט וועלן, אז די ליידיקגייער זאָלן זיי באַשווינדלען.

איצט איז אייך קלאָר, אז די זאַך פון פּאַריז איז אייער זאַך. די גענע-ראַלן, וואָס פאַלן איצט אָן אַף פּאַריז, זיינען דיזעלבע, וואָס האָבן פאַראַטן פראַנקרייך. די דעפּוטאַטן, וואָס איר האָט אויסגעוויילט, ניט קענענדיק זיי, ווילן ווידער אומקערן דעם קעניג.

וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, געדענקט: רעוואָלוציעס וועלן פאָרקומען אזוי לאַנג, קאָלזמאַן עס וועט ניט דערגרייכט ווערן: ערד—פאַר די פּויערים, אַרבעט-געצייג—פאַר די אַרבעטער, אַרבעט—פאַר אַלעמען.

## 13. טיערס באַפעל צו די באַאמטע

לויטן באַפעל פון דער עקזעקוטיווער מאַכט ווערט איר איינגעלאַדן אָפּ-צופאָרן קיין ווערסאַל, קעדיי צו געפינען זיך אין איר רעשוס.

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג דאַרף קיין שום קאָרעספּאָנ-דענץ פון פּאַריז ניט אָפּגעשיקט ווערן, ניט צוגעשטעלט ווערן לויטן אדרעס.

אַלץ, וואָס עס וועט באַקומען ווערן אין אייערע אָפּטיילונגען אין דער פאָרם פון פאַרכאַסמעטע דעפּעשן פון פּאַריז אדער אנדערע ערטער, דאַרף אומבאַדינגט אָפּגעשיקט ווערן קיין ווערסאַל.

## 14. דער מעלוכע - אַפּאַראַט נאָך טיערס אוועקגיין

ניט אין דער דומע, ניט אין די מיניסטעריומס, ניט אין די מעריעס איז ניט געבליבן קיין איין באַאַמטער.

קעדיי צו דערוויסן זיך, וואו עס געפינען זיך די קאַנצעליאַריעס, קעדיי צו געפינען, לעמאָשל, די ביכער, וואו עס ווערן איינגעשריבן די כאַסענעס געבורטן, טויטפאַלן, האָט מען זיך געדאַרפט ווענדן צום שוימער, אויב ער איז פאַרבליבן, אָדער פאַרלירן גאַנצענע טעג אַף אויסצוזוכן די איינפאַכסטע זאַכן, וואָס מע האָט בעקיוון באַהאַלטן און אָפּטמאָל אוועקגעטראָגן.

ווען איך בין מיט פּאַסקאַל גרוסע אריין אינם אויסערן-מיניסטעריום, זיי-נען דער טויערן-היטער און דילנוועקסער געווען אונזערע איינציקע באַגליי-טער. ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו געבן אונז אנדערע דערקלערונגען, האָבן זיי אונז לעכאָלאפּאָכעס באַקענט מיט דער דיספּאָזיציע פון דער געביידע.

עס איז דעריבער אויסגעקומען אלץ צו שאַפן פון אָנהויב ביזן סאָף, אלץ איבעראַנייס צו אָרגאַניזירן, אָנהויבנדיק פון איינפירן די רעשימעס פון די גע-שטאָרבענע און געבאָרענע ביז אויסקערן און באַלויכטן די גאַסן.

ענדלעך, אף צו קעמפן איז באַ אונז געווען די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, א וואונדערבאַר מיליטער, פול מיט העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט, וואָס שטייגט ווייט אריבער די אַרמייַ, וועלכע וואָלט קיינמאָל ניט איינגעהאַלטן פאַ-דיז אין מעשעך פון צוויי כאַדאָשים פון דער צווייטער באַלאַגערונג, זי איז אָבער געווען דעזאָרגאַניזירט צוליב דער פלייטע פון קימאַט אַלע קאָמאַנדירן און צוליב דעם פאַראַט מיצאַד אייניקע פון די פאַרבליבענע.

עס איז אויסגעקומען צו שאַפן א גאַנצן קאָרפוס אָפיצערן און דאָס — אונטערן סוינעס פייער, ניט האָבנדיק קיין צייט אויסצוקלייבן, צו ענדערן אָדער איינפירן פאַרבעסערונגען.

וואָס איז שאַיעך דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, איז דאָס געווען גרינג דעם קאָנווענט, וואָס האט געהערשט איבער דריי פערטל פראַנקרייך און וואָס האָט געקאָנט אָפשרעקן די וועלט מיט דער ענערגיע פון זיינע באַשלוסן און מאַיסים. אָבער די קאָמונע, וואָס איז געווען פאַרמישפּעט צו אַרבעטן אף א שעטעך פון עטלעכע קוואַדראַט-קילאָמעטער, ניט האָבנדיק קיין שום פאַרבינ-דונגען מיטן איבעריקן לאנד, איז געווען באַרויבט אפילע אין אָט דעם צווייפלהאַפטן ווירקונגס-מיטל; אָט דאָס גראַד האָבן ניט פאַרשטאַנען אַסאַך פון יענע מיטגלידער פון דער קאָמונע, וואָס האָבן איינגעזעען די רע-טונג אין דער אַנווענדונג פון די מיטלען פון די יאָרן 92 און 93.

(א. אַרנו. „די פאָלקס-געשיכטע פון דער פאַריזער קאָמונע“.)

# 15. דער קאַמף פון דער קאָמונע מיטן סאַבאָטאַזש

בירגער!

זייענדיק אינם איצטיקן מאָמענט די איינציקע מאַכט, דעקרעטירט די קאָמונע:

ארט. 1. די באַאַמטע פון די פאַרשיידענע פאַרוואַלטונגען און אנשטאַלטן דאַרפן פון איצט אָן באַטראַכטן די באַפעלן אָדער מעלדונגען, וואָס שטאַמען פון דער ווערסאַלער רעגירונג אָדער פון אירע אָנהענגער, — אלס אַזוינע, וואָס האָבן ניט קיין שום געזעצלעכע קראַפט.

ארט. 2. יעדער באַאַמטער אָדער אָנגעשטעלטער, וואָס וועט זיך ניט רעכענען מיט אָט דעם דעקרעט, דאַרף טייקעף אָפּגעזאָגט ווערן.

ראַטהויז, 29 מאַרט 1871 יאָר

# 16. אַ מעלוכע פונם קאָמונע-טיפּ

די צעקלאַפּטע מעלוכע-מאַשין האָט די קאָמונע קלוימערשט פאַרביטן „נאָר“ דורך אַ מער פולקומער דעמאָקראַטיע: עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די שטענדיקע אַרמיי, אַלע באַאַמטע האָבן געדאַרפט אויסגעקליבן ווערן און האָבן געקאָנט אַראָפּגעזעצט ווערן. אינדערעמעסן אָבער באַטייט אָט דער „נאָר“ אַ ריזיקן אומבייט פון איינע איינריכטונגען דורך איינריכטונגען פון אַ פּרינציפּיעל אַנדערן מין—דאָ קאָן מען גראָד זען איינעם פון די פאַלן, וואו „קאַמוס (קוואַנטיטעט) פאַרוואַנדלט זיך אין אייכוס“ (קוואַליטעט): דעמאָקראַטיע, וואָס ווערט דורכגעפירט מיט אַזאַ גרעסטער פולקייט און קאָנסעקווענטקייט, ווי דאָס קאָן מען זיך ביכלאַל פאָרשטעלן, ווערט פון אַ בורזשואַזער דעמאָקראַטיע פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָלעטאַרישער, פון אַ מעלוכע (ד. ה. אַ באַזונדערע קראַפט צו דערשטיקן אַ באַשטימטן קלאַס) צו עפּעס אַזוינס, וואָס איז שוין אייגנטלעך קיין מעלוכע ניט.

דערשטיקן די בורזשואַזיע און איר ווידערשטאַנד איז נאָך אַלץ נויטיק. פאַר דער קאָמונע איז דאָס געווען באַזונדערס נויטיק, און איינע פון די סיבעס פון איר מאַפּאָלע באַשטייט דערין, וואָס זי האָט דאָס ניט געטאָן גענוג אַנטשלאָסן. נאָר דער אונטערדריקונגס-אָרגאַן איז שוין דאָ די מערהייט פון דער באַפעלקערונג, און ניט די מינדערהייט, ווי דאָס איז שטענדיק געווען סײַ בעת דער שקלאַפערײַ, סײַ בעת לײַבאייגנטום און סײַ בעת דער געדונגענער שקלאַפערײַ. און ווי באַלד די מערהייט פון פאָלק אונטערדריקט אַליין אירע אונטערדריקער, איז שוין קיין „באַזונדערע קראַפט“ צו אונטערדריקן *ניט נויטיק*. אין דעם זין הויבט די מעלוכע אָן אָפּשטאַרבן. אַנשטאָט די באַזונדערע איינריכטונגען פון דער פּריווילעגירטער מינדערהייט (אַ פּריווילעגירט באַאַמטנטום, די קאָמאַנדע פון שטענדיקן חײַעל) קאָן דאָס די באַפעלקערונג גופע דירעקט אויספירן, און וואָס מער די אויספירונג פון די פונקציעס פון דער מעלוכע-מאַכט גייט אריבער צום גאַנצן פאָלק, אַלץ ווייניקער דאַרף מען האָבן דידאָזיקע מאַכט.

באַזונדערס מערקווירדיק אין דעם פּראַט איז דער מאָסמיטל פון דער קאָמונע, וואָס מאַרקס שטרייכט אונטער: אָפּשאַפן אַלע געלט-אויסגאַבן אויף רעפּרעזענטאַנץ, אַלע געלט-פּריווילעגיעס פאַר באַאַמטע. דאָס אויסגלײַכן די סכירעס פון אַלע אָנגעשטעלטע אין דער מעלוכע מיטן *אַרבעטס-לוין* פון אַן *אַרבעטער*. גראָד דאָ ווערט צום בולטסטן אויסגעדריקט דער *איבערבראָך* פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע צו דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, פון דער אונטערדריקער-דעמאָקראַטיע צו דער דעמאָקראַטיע פון די אונטערדריקטע קלאַסן, פון דער הערשאַפט, אַלס אַ „באַזונדערע קראַפט“ אויף אונטערדריקן אַ באַשטימטן קלאַס, צו דער אונטערדריקונג פון די אונטערדריקער דורך דער *אַלגעמיינער* *קראַפט* פון דער מערהייט פון

פאָלק, פון די ארבעטער און פויערים. און גראָד בענויגייע צו דעמדאָזיקן באַ-
זונדערס קלאָרן פונקט מעקויעך דער פראגע וועגן דער מעלוכע, וואס איז
עפשער דער וויכטיקסטער פונקט אין מאַרקס לערע, איז אינגאַנצן פארגעסן!
אין די פּאָפּולערע קאָמענטאַריעס.—וואס זיינען פאַראַן אן אַ צאָל—ווערט
וועגן דעם ניט גערעדט! „ס'איז אָנגענומען" דאָס צו פארשוויגן, אזוי ווי „אַ
נאַאיוויטעט", וואָס האָט אָפּגעלעבט איר צייט—אשטייגער, ווי די קריסטן
נאכדעם ווי זיי האבן פארנומען די לאַגע פון א מעלוכע-רעליגיע, האבן „פאר-
געסן" די „נאַאיוויטעטן" פונם אנפאנגלעכן קריסטנטום מיט זיין דעמאָקראַטיש-
רעוואָלוציאָנערן גייסט.

דאָס אַראָפּזעצן דאָס געצאָלט פון די העכסטע מעלוכע-באַאַמטע ווייזט
אויס צו זיין פּאָשעט א פאָדערונג פון נאַאיוון פרימיטיוון דעמאָקראטיזם. איי-
נער פון די גרינדער פונם נייעם אָפּאָרטוניזם, דער געוועזענער סאָציאַל-דע-
מאָקראט עד. בערנשטיין, האָט ניט איינמאָל איבערגעכאַזערט די פלאַכע בור-
זשואזע כאָכמעס איבער דעם „פרימיטיוון" דעמאָקראַטיזם. אזוי ווי אלע
אָפּאָרטוניסטן, אזוי ווי די איצטיקע קאַוטסקיאַנער, האָט ער לאַכלוטן ניט
פארשטאנען, אַז ערשטנס, דער איבערגאנג פון קאַפּיטאליזם צו סאָציאַליזם
איז א ו מ ע ג ל ע ך אָן א געוויסן צוריקער צום פרימיטיוון דעמאָקראַטיזם (וואָ-
רעם, ווי קאָן מען דען אנדערש איבערגיין צו דער אויספירונג פון די מעלו-
כע-פונקציעס דורך דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג און דורך דער גאנ-
צער באַפעלקערונג? און צווייטנס, אז דער „פרימיטיווער דעמאָקראַטיזם" אפן
יעסאָד פון קאַפּיטאַליזם און קאַפּיטאַליסטישער קולטור איז גאָר עפּעס אנ-
דערש, ווי דער פרימיטיווער דעמאָקראטיזם אין די פאַרהיסטאָרישע אָדער
פאַרקאַפּיטאַליסטישע צייטן. די קאַפּיטאליסטישע קולטור האט באַשאַפן די
גרויס-פראָדוקציע, פאַבריקן, אייזנבאַנען, פּאָסט, טעלעפאָן א. אז. וו. אף דעמ-
דאָזיקן יעסאָד איז די גרעסטע מערהייט פונקציעס פון דער אלטער „מעלוכע-
מאַכט" אזוי פאַריינפאכט געוואָרן, און קאָן דערפירט ווערן צו אזוינע פּאָ-
שעטסטע אָפּעראַציעס פון רעגיסטרירן, פארשרייבן, קאָנטראלירן, אַז דידאָזיקע
פונקציעס וועלן ווערן צוטרעטלעך פאר אַלע מענטשן, וואָס קאָנען לייענען
און שרייבן, אז דידאָזיקע פונקציעס וועט מען קאָנען אויספירן פאר א
געוויינלעכן „אַרבעטס-לוין פון אַן ארבעטער": מע קאָן (און מע מוז) אָפּנע-
מען באַ דידאָזיקע פונקציעס איטלעכן סימען פון פריווילעגיע, פון „נאַ-
טשאַלסטווע".

דאָס, וואָס אַלע אָנגעשטעלטע אָן אויסנאַם ווערן אויסגעקליבן, וואָס
זיי קאָנען צו י ע ט ו י ד ע ר צ י י ט ווערן אראפּגעזעצט, וואס זיי באַקומען
אַזוינע סכירעס, „ווי דער געוויינלעכער ארבעטס-לוין פון אן ארבעטער", די-
דאָזיקע פּאָשעטע און זעלבסטפארשטענדלעכע דעמאָקראטישע מאָסמיטלען
פאַרייניקן אינגאנצן די אינטערעסן פון די ארבעטער און פון דער מערהייט
פויערים און דינען פארייניס פארן בריקל, וואָס פירט פון קאַפּיטאליזם צום

סאָציאַליזם. דידאָזיקע מאָסמיטלען זיינען שאַיעך צו דער מעלוכישער, ריין פּאָליטישער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט, נאָר זיי באַקומען, פאַרשטייט זיך, זייער גאַנצן זין און באַטייט נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „עקספּראָפּרי-אַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרן", וואָס ווערט צוגלייך פאַרווירקלעכט אָדער צוגעגרייט, ד. ה. אין צוזאַמענהאַנג מיטן איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליסטישן פּרי-וואַט-אייגנטום אַף די פּראָדוציר-מיטלען צום געזעלשאַפטלעכן אייגנטום.

„די קאָמונע—האָט געשריבן מאַרקס—האָט געמאַכט פאַר אַן עמעס דעם לאָזונג פון אַלע בורזשואזע רעוואָלוציעס: א וואָלוועלע רעגירונג,—דורכדעם, וואָס זי האָט פאַרניכטעט די צוויי גרעסטע הויצאָעס-אַרטיקלען, די אַרמיי און דאָס באַאַמטנטום".

בלויז א קליינע מינדערהייט פון פּויערטום און אויך פון אנדערע שיכטן פון קליינבירגערטום „הויבן זיך אויף", „ווערן מענטשן" אין בורזשואזן זין, ד. ה. זיי ווערן אָדער פאַרמעגלעכע מענטשן אָדער פאַרזאָרגטע פּריווילעגירטע באַאַמטע. די גרעסטע מערהייט פון פּויערטום אין יעדן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד, וואו עס איז נאָר פאַראַן א פּויערטום (און אזעלכע קאַפּיטאַליסטישע לענדער זיינען אין דער מערהייט), איז אונטערדריקט פון דער רעגירונג און גאַרט זי אַראָפּצואוואַרפן, גאַרט צו האָבן א וואָלוועלע רעגירונג. פאַרווירקלעכן דאָס קאָן נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, און בעאייס ער פאַרוויקלעכט דאָס, מאַכט ער צוגלייך א טריט צו דער סאָציאַליסטישער איבערבויאונג פון דער מעלוכע.

„די קאָמונע—האָט געשריבן מאַרקס—האָט געדאַרפט זיין ניט קיין פּאַר-לאַמענטאַרישע, נאָר אַן אַרבעטנדיקע קאָרפּאָראַציע, און אין דערזעלביקער צייט גיט זי ארויס די געזעצן און פירט זיי אויס"...

...אנשטאַט איינמאָל אין דריי אָדער זעקס יאָר צו באַשטימען, וואָסער מיטגליד פון הערשנדיקן קלאַס דאַרף פאַרטרעטן און צעטרעטן דאָס פאָלק אין פּאַרלאַמענט, אנשטאַט דעם האָט דאָס אלגעמיינע וואַל-רעכט געדאַרפט דינען דעם פאָלק, וואָס איז אָרגאַניזירט אין קאָמונעס, קעדיי אויסצוזוכן פאַר זיין אונטערנעמונג אַרבעטער, אויפזעער, בוכהאַלטערס, פּונקט ווי דאָס אינדיווידועלע וואַל-רעכט דינט צוליב דעמזעלביקן צוועק יעדן אנדערן אַרבעטס-געבער".

דידאָזיקע מערקווירדיקע קריטיק פון פּאַרלאמענטאַריזם, וואָס איז גע-מאַכט געוואָרן אין 1871 יאָר, געהערט אויך איצטער, אדאַנק דער הערשאַפט פונם סאָציאַל-שאָוויניזם און אָפּאָרטוניזם, צו די „פאַרגעסענע ווערטער" פון מאַרקסיזם. אליין מיניסטאָרן און פּאַרלאמענטאַריער לויט דער פּראָפעסיע, האָבן די פאַרעטער פונם פּראָלעטאַריאַט און די געשעפטמאַכערישע סאָציאַליסטן פון אונזער צייט איבערגעלאָזט אינגאַנצן די קריטיק פון פּאַרלאַמענטאַריזם פאַר די אַנאַרכיסטן. און אַף דעם וואונדערבאַר-סייכלדיקן סמאַך האָבן זיי דערקלערט פאַר אנאַרכיזם איטלעכע קריטיק פונם פּאַרלאמענטאַריזם. ס'איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פון די „פאָרגעשרי-טענע" פּאַרלאמענטאַרישע לענדער, וואָס פילט אן עקל, קוקנדיק אַף אזעלכע

„סאָציאַליסטן“, ווי די שיידעמאַנס, דאַווידס, לעגינס, סאַמבאַס, רענאָדעלס, הענדערסאָנס, וואַנדערוועלדעס, סטויניגגס, בראַנטינגס, ביסאָלאַטיס און כעווראַיע, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַלץ אָפּטער אָפּגעגעבן זיינע סימפּאַטיעס דעם אַנאַרכאָ-סינדיקאַליזם, האַגאַם ער איז אַ לייבלעכער ברודער פון אָפּאָרטוניזם.

אָבער פאַר מאַרקסן איז די רעוואָלוציאָנערע דיאַלעקטיק קיינמאָל ניט געווען יענע פוסטע, מאָדערנע מעליצע, וואָס עס האָבן געמאַכט פון איר פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי און אַנדערע. מאַרקס האָט פאַרשטאַנען אָן ראַכמאָנעס צו רייסן דעם אַנאַרכיזם דערפאַר, וואָס ער פאַרשטייט ניט אויסצונוצן אַפילע די „שטאַל“ פון בורזשואַזן פאַרלאַמענטאַריזם, באַזונדערס דעמאָלט, ווען עס איז בעפיירעש ניטאָ קיין רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. נאָר אין דערזעלביקער צייט האָט ער אויך פאַרשטאַנען צו געבן אַן עמעס רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטאַרישע קריטיק פונעם פאַרלאַמענטאַריזם.

צו באַשטימען איין מאָל אין עטלעכע יאָר, וואָסער מיטגליד פון הערשנדיקן קלאַס וועט צעטרעטן, דערשטיקן דאָס פאָלק אין פּאַרלאַמענט, — אָט דערין באַשטייט דער עצעם פון בורזשואַזן פאַרלאַמענטאַריזם ניט בלויז אין פאַרלאַמענטאַריש-קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיעס, נאָר אויך אין די דעמאָקראַטישסטע רעפּובליקן.

נאָר אויב שטעלן די פראַגע וועגן דער מעלוכע, אויב מע באַטראַכט דעם פאַרלאַמענטאַריזם, ווי איינע פון די אינסטיטוציעס פון דער מעלוכע, פונם שטאַנדפּונקט פון די אויפגאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט אינם דאָזיקן געביט, טאָ וואו איז דער אַרויסגאַנג פונם פאַרלאַמענטאַריזם? ווי אַזוי זשע קאָן מען זיך באַגיין אָן אים?

ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל קומט אויס צו זאָגן: מאַרקס לערע, וואָס איז באַגרינדעט אויף שטודירן די קאָמונע, איז אַזוי ווייט פאַרגעסן, אַז אַ מאָדערנער „סאָציאַל-דעמאָקראַט“ (לייען אַ מאָדערנער פאַררעטער פון סאָציאַליזם) קאָן זיך מאַמעש ניט פאָרשטעלן קיין אַנדער קריטיק פון פאַרלאַמענטאַריזם, סאַיידן אַן אַנאַרכיסטישע אָדער אַ רעאַקציאָנערע.

דער אַרויסגאַנג פון פאַרלאַמענטאַריזם איז, פאַרשטייט זיך, ניט אין פאַרניכטן די פאַרטרעטונג-אַנשטאַלטן פון „ריידאַרניעס“ אין אַרבעטנדיקע אַנשטאַלטן. „די קאָמונע האָט געדאַרפט זיין ניט קיין פאַרלאַמענטאַרישער אַנשטאַלט, נאָר אַן אַרבעטנדיקער, וואָס אין איין און דערזעלביקער צייט גיט ער אַרויס און פירט אויס די געזעצן“.

„ניט קיין פאַרלאַמענטאַרישער, נאָר אַן אַרבעטנדיקער אַנשטאַלט“—דאָס טרעפט אָן אין ריכטיקן פונקט די מאָדערנע פאַרלאַמענטאַריער און די פאַרלאַמענטאַרישע „שטוב-הינטלעך“ פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע! טוט אַ קוק אַף וואָסער איר ווילט פאַרלאַמענטאַריש לאַנד, פון אַמעריקע ביז דער שווייץ, פון פראַנקרייך ביז ענגלאַנד, נאָרוועגיע אַ. אַ. וו. די עכטע מעלוכע-אַרבעט

ווערט געטאָן הינטער די קוליסן, עס פירן זי אויס דעפּאַרטאַמענטן, קאַנצע-ליאַריעס, שטאַבן. אין די פּאַרלאַמענטן האַלט מען נאָר אין איין פּלוידערן מיט דעם ספּעציעלן צוועק אָפּצונאַרן דעם „פּראָסטן האַמוין". דאָס איז אַזוי־פיל ריכטיק, אַז אַפילו אין דער רוסישער רעפּובליק, דער בורזשואַז-דעמאָקראַטי-שער רעפּובליק, איז איידער זי האָט אַפילו באַוויזן צו שאַפן אַן עמעסן פּאַר-לאַמענט, האָבן זיך באַלד געלאָזט פילן די אַלע צילן פון פּאַרלאַמענטאַריזם. אַזעלכע העלדן פון פוילן קליינבירגערטום, ווי די סקאָבעלעווס, צערעטעליס, טשערנאָווס און אווקסענטיעווס, האָבן אַפילו די ראַטן באַוויזן צו פאַרשמוצן ביזן טיף פון סאַמע עקלדיקן בורזשואַזן פּאַרלאַמענטאַריזם, מאַכנדיק זיי פאַר פּוסטע „ריידאַרניעס". אין די ראַטן טוען די הערן „סאָציאַליסטישע" מיניסטאָרן אָפּנאַרן די לייכטגלויביקע פּויערימלעך דורך פראַזעס און רעזאָ-לוציעס. אין דער רעגירונג גייט אַן אומאויפהערלעכע קאַדריל, פון איין זייט, כדי צוצולאָזן צו די פעטע און בעקאָוועדיקע שטעלעס איינעם נאָכן אַנ-דערן וואָס מער „עסערן און מענשעוויקעס", פון דער אַנדערער זייט, כדי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק. און אין די קאַנצעלאַריעס, אין די שטאַבן „אַרבעט מען" די „מעלוכע"-אַרבעט.

דעם פאַרקויפטן און פאַרפוילטן פּאַרלאַמענטאַריזם פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט פאַרבייט די קאָמונע דורך די איינריכטונגען, אין וועלכע די פרייהייט פון באַטראַכטן און באַשליסן ווערט ניט דעגענערירט אין אָפּנאַ-רעריי, וואָרעם די פּאַרלאַמענטאַריער מוזן אַליין אַרבעטן, אַליין אויספירן זיי-ערע געזעצן, אַליין קאָנטראָלירן דאָס, וואָס עס באַקומט זיך אין לעבן, אַליין דירעקט טראָגן די אַכראַיעס פאַר זייערע וויילער. די פאַרטרעטונגס-אַנשטאַלטן בלייבן, נאָר קיין פּאַרלאַמענטאַריזם, ווי אַ באַזונדערע סיסטעם, ווי אַן איינ-טיילונג פון געזעצגעבערישער און אויספירנדיקער אַרבעט, ווי אַ פּריווילע-גירטע לאַגע פאַר די דעפּוטאַטן איז דאָ ניטאָ.

(נ. לענין. „מעלוכע און רעוואָלוציע").

## 17. די געזעצגעבונג פון דער קאָמונע

1

די פאַריזער קאָמונע,

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער גרונט-פּרינציפּ פון דער פראַנצויזי-שער רעפּובליק איז פרייהייט;

אַז פון אַלע מינים פרייהייט איז דער וויכטיקסטער די פרייהייט פון געוויסן;

אַז דער מעלוכע-ביודזשעט פון דער קירך איז סויסער דעמדאָזיקן פּרינ-ציפּ, וואָרעם ער פאַרגוואַלטיקט די איבערצייגונג פון די בירגער;

אז אין דער ווירקלעכקייט זיינען די קירכלייט געווען אנטיילנעמער אין די פאַרברעכנס פון דער מאָנאַרכיע קעגן פרייהייט;

באַשטימט:

§ 1. די קירך ווערט אָפּגעטיילט פון דער מעלוכע;

§ 2. דער קירך-ביודזשעט ווערט אָפּגעשאַפט;

§ 3. די אזויגערופענע אומאנטפרעמדלעכע גיטער, וואָס זיינען שאַיעך צו די רעליגיעזע קאָנגרעגאַציעס, באַוועגלעכע און ניט באַוועגלעכע, ווערן דערקלערט פאַר א נאַציאָנאַל אייגנטום.

§ 4. עס ווערט באַשטימט א באַלדיקע אויספאָרשונג וועגן דידאָזיקע גיטער מיטן צוועק קלאָר צו מאַכן זייער כאַראַקטער און איבערגעבן זיי אין רעשוס פון דער נאציע.

שטאָטיש ראטהויז, 3 אפרעל 1871 יאָר, פאריזער קאָמונע.

2

די פאריזער קאָמונע באשליסט:

§ 1. די זאַמלונג פון רעקרוטן ווערט אָפּגעשאַפט.

§ 2. אין די גרעניצן פון פאַריז קאָן ניט געגרינדעט ווערן און אין שטאָט טאָר ניט אריינגעפירט ווערן קיין שום מיליטערישע קראַפט, אכוץ דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

§ 3. אלע בירגער, וואָס טויגן צו מיליטער-דינסט, טרעטן אריין אין דער נאַציאָנאַלער גווארדיע.

שטאָטיש ראָטהויז, 29 מארט 1871 יאָר. פאַריזער קאָמונע.

3

„די פאַריזער קאָמונע, נעמענדיק אין באַטראכט, אז ביז אהער זיינען די העכערע געזעלשאַפטלעכע שטעלעס, אדאנק די גרויסע געהאַלטן, וואָס מע האָט פאַר זיי געגעבן, געווען א זאַך, וואָס מע פלעגט זיך דערפאַר שלאָגן און מע פלעגט עס שענקען, ווי א כעסעד;

פון דער אַנדערער זייט, נעמענדיק אין באטראכט, אז אין אן עמעס-דע-מאָקראַטישער רעפובליק קאָן ניט זיין ניט קיין סינעקורעס, ניט קיין גוזמאָעס-דיקע געהאַלטן,

באשטימט;

דער מאַקסימום געהאַלט פאַר באאמטע פון פאַרשיידענע קאָמונאַלע אינ-סטיטוציעס ווערט אַיינגעשטעלט זעקס טויזנט פראַנק א יאָר".

שטאטיש ראָטהויז, 2 אפריל 1871 יאָר. פאַריזער קאָמונע.

4

האלטנדיק פאַר איר כּיוון צו געבן דירעס די קארבאָנעס פון דער צווייטער באָמבאַרדירונג פון פאַריז און צוליב דער אומאָפּלייגבאַרער נויטיקייט צו לייזן אָט די פראַגע,

באַשטימט די פּאַריזער קאָמונע:

§ 1. אלע דירעס, וואָס פּוסטעווען, ווערן דערקלערט פאַר רעקוויזירטע.

§ 2. דידאָזיקע דירעס ווערן לויטן נאָכפרעג אף זיי איבערגעגעבן פאַרן באַנוץ פון די איינוואוינער פון די באָמבאַרדירטע קווארטאַלן.

§ 3. איידער עס ווערט געמאַכט די רעקוויזיציע, דאַרפן צונויפגעשטעלט ווערן רעשימעס פון די דירעס, און די קאָפּיעס דערפון ווערן איבערגעגעבן די פאָרשטייער פון די אנטשפּרעכנדיקע באַלעבאטים.

אפן מעבל, אין וועלכן עס געפינען זיך זאַכן, וואָס לאָזן זיך לייכט איבערטראָגן, ווערן ארויפגעלייגט כּסימעס.

§ 4. די מוניציפּאַלע מאַכט-אָרגאַנען זאָרגן וועגן דעם דרינגענדיקן אויספילן דעמדאָזיקן דעקרעט. אף זיי ווערט אויך ארויפגעלייגט די פליכט ווי ווייט מעגלעך צו פאַרלייכטערן די באַדינגונגען פון אריבערפאָרן פאַר די בירגער וואָס האָבן וועגן דעם דערלאנגט א מעלדונג.

פּאַריז, 25 אפּריל, 1871 יאָר

5

נעמענדיק אין אַכט, אַז די אדמיניסטראַציע פון אייניקע אונטערנעמונגען האָט זיך געמאַכט פאַר א מינהג די סיסטעם פון שטראָפן און פון אראָפּרעכענען פונם געהאלט און פונם אַרבעטלוין;

אז אָט די שטראָפן ווערן אָפטמאָל ארויפגעלייגט אונטער קליינלעכע, פּוסטע אויסריידן און ברענגען א מאַמאָשעסדיקן שאָדן פאַרן אָנגעשטעלטן און אַרבעטער;

אַז יורידיש קאָנען אָט די ווילקירלעכע אראָפּרעכענונגען, וואָס זיינען געגרינדעט אף צודריקונגען, ניט באַרעכטיקט ווערן;

אז פאַקטיש זיינען די שטראפן א פאַרמאַסקירטע אראָפּזעצונג פונם אַרבעטלוין און ווערן פאַרנוצט לעטויוועס די, וואָס לייגן זיי ארויף;

אַז אזוינע מינים באַשטראָפונגען, וואָס זיינען אמאָראַליש סאַי לויט זייער מעהוס און סאַי לויט זייער פאָרם, זיינען ניט קיין רעזולטאט פון וועלכער ניט איז געזעצלעכער יוריסדיקציע,

באַשטימט די „עקזעקוטיווע קאָמיסיע״ (פון קאָמונע), לויטן פאָרשלאַג פון דער „קאָמיסיע פון אַרבעט, אינדוסטריע און אויסטויש״:

§ 1. עס ווערט פאַרווערט דער אדמיניסטראַציע סאַי פון די פּריוואטע און סאַי פון די געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען ארויפצולייגן שטראפן און

מאַכן אראָפּרעכענונגען בּא די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, און דער ארבעטלוין, וואָס איז זיי איין מאָל איינגעשטעלט געוואָרן, דארף אויסגעצאָלט ווערן אין דער פולער מאָס.

§ 2. אלע מינים אויוזער זיין אף אָט דער פאַראָרדענונג ווען פארפאָלגט ווערן אין געריכטלעכער אָרדענונג.

3. פאַר אלע שטראפן און אַראָפּרעכענונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אלס באַשטראָפונג, אָנהויבנדיק פונם 16-טן פונם הייגטיקן כוידעש מארט, דאַרף מען קאָמפּענסירן די געליטענע אין א צווייוועכנטלעכן טערמין פונם טאָג, ווען דערדאָזיקער דעקרעט איז ארויסגעגעבן געוואָרן.

פאריז, 27 אפּרעל 1871 יאָר

6

די פאַריזער קאָמונע באַשטימט:

§ 1. די קאָמיסיע פון אַרבעט און אויסטויש ווערט באַפולמעכטיקט איבערקוקן די קאָנטראַקטן, וואָס די קאָמונע האָט ביז אַהער געשלאָסן.

§ 2. די קאָמיסיע האָט אַ רעכט צו פאָדערן, אַז די באַשטעלונגען זאָל מען ז ׳עבן דירעקט די אַרבעטער-אַרטעלן אָדער אַז זיי זאָלן זיין, לעפּאָכעס, די בילכערע דערבּיי.

§ 3. די קאָנטראַקט-טנאָיעם און די פרייזן דאַרפן איינגעשטעלט ווערן צוזאַמען דורך דער אינטענדאַנטור, דער סינדיקאַלער קאַמער פון דער געהעריקער קאָרפּאָראַציע און דער דעלעגאַציע פון דער קאָמיסיע פון אַרבעט און אויסטויש, בעהעסקעם מיט דעם באַשלוס פון דער פינאַנץ-קאָמיסיע.

§ 4. אין די קאָנטראקטן אַף אויספילן פאַרשיידענע מינים באַשטעלונגען פאַר דער קאָמונאַלער אַדמיניסטראַציע, דאַרפן אַריינגעשטעלט ווערן דער אַרבעטלוין, פאַר טאָג-אַרבעט אָדער שטיק-אַרבעט, וואָס עס ווערט באַשטימט פאַר די אַרבעטער און אַרבעטערינס, וועלכע וועלן זיין פאַרנומען באַם אויספילן אָט די באַשטעלונגען.

פאריז, 13 מאי, 1871 יאר

7

נעמענדיק אין באַטראכט, אז אַסאַך וואַרשטאַטן זיינען פאַרלאָזט געוואָרן פון די באַלעבאַטים, וואָס שטרעבן, ניט רעכענענדיק זיך מיט די אינטערעסן פון די אַרבעטער, אויסצודרייען זיך פון זייערע בירגערלעכע פליכטן, און אַז מאַכמעס דעם זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן אַסאַך אַרבעטן, וואָס זיינען נויטיק פאַרן לעבן פון דער שטאָט און עס איז אונטערגעריסן געוואָרן דער וואוילשטאַנד פון די אַרבעטער,

באשטימט די פאַריזער קאָמונע:

די אַרבעטערשע סינדיקאַלע קאַמערן ווערן צונויפגערופן צו גרינדן אַ קאָמיסיע פון אינפאָרמאַציע, וואָס איר צוועק איז:

§ 1. געבן אַ סטאַטיסטיק פון די פאַרוואַרלאָזטע וואַרשטאַטן מיט אַ גענויער באַשרייבונג פון דעם צושטאַנד, אין וואָסערן זיי געפינען זיך און מיט אַ לייסטער פון די אינסטרומענטן, וואָס זיינען דאָרט פאַראַן.

§ 2 צושטעלן אַ באַריכט וועגן די פּראַקטישע מיטלען, וואָס מע וואָלט געקאַנט אָננעמען, קעדיי וואָס גיכער צו לאָזן אין גאַנג דידאָזיקע וואַרשטאַטן, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פון די הענט פון די דעזערטירן, וואָס האָבן זיי פאַרלאָזט, אין רעשוס פון אַ קאָאָפּעראַטיווער אַסאָציאַציע אַרבע-טער, וואָס זיינען אין זיי באַשעפטיקט.

§ 3. אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט פון דידאָזיקע אַרבע-טערשע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן.

§ 4. גרינדן אַ בוירערים - געריכט, וואָס זאָל באַשטימען, נאָכדעם ווי די באַלעבאַטים פון אַזעלכע וואַרשטאַטן וועלן זיך אומקערן, די באַדינגונגען פון זייער ענדגילטיקן איבערגאַנג צו די אַרבעטער און די גרויס פון דער באַלוינונג, וואָס די געזעלשאַפטן צאָלן איין דעם געוועזענעם באַלעבאָס.

די קאָמיסיע פאַר אינפאָרמאַציע וועט דאַרפן צושטעלן אַ דין-וועכעשבן דער קאָמונאַלער קאָמיסיע פון אָרגאַניזאַציע פון אַרבעט און אויסטויש, וואָס אַף איר ווערט אַרויפגעלייגט אַ כויוו צונויפצושטעלן, אַזוי גיך ווי מעגלעך, אַ פּראָיעקט פון אַ דעקרעט, וואָס זאָל שטימען אי מיט די אינטערעסן פון דער קאָמונע, אי מיט די אינטערעסן פון די אַרבעטער.

16-טן אַפּרעל 1881 יאָר

8

די פּאַריזער קאָמונע,

נעמענדיק אין אַכט, אַז די אַרבעט, אינדוסטריע און האַנדל האָבן איבערגעליטן אַלע שוועריקייטן פון דער מילכאָמע, און אַנערקענענדיק פאַר יוישערדיק, אַז דאָס אייגנטום זאָל אויך אַריינטראָגן זיין כיילעק קאָרבאַנעס לעטויוועס דעם לאַנד,

באַשטימט:

§ 1. דאָס איינצאָלן דירע געלט פאַרן אָקטיאַבער-טערמין פון 1870 יאָר און פאַרן יאַנוואַר און אַפּרעל-טערמין פון 1871 יאָר ווערט אָפּגעלייגט.

§ 2. דאָס דירע געלט, וואָס די שכיינים האָבן שוין פאַר דידאָזיקע 9 כאַדאָשים איינגעצאָלט, ווערט פאַרעכנט אַפן כעשבן פון די קומענדיקע טערמינען.

§ 3. דאָס אויבנאָנגעוויזענע איז אויך כאַל אַף די מעבלירטע צימערן.

§ 4. יעדער שאָכן האָט רעכט צו ברעכן דעם קאָנטראַקט, וואָס בינדט אים, אין מעשעך פון זעקס כאַדאָשים פונם טאָג, ווען דערדאָזיקער דעקרעט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

§ 5. יעדער אפזאָגן זיך פון דער דירע קאָן לויטן וואונש פונם שאָכן אָפּגעלייגט ווערן אַף דריי כאַדאָשים.

שטאָטיש ראַט-הויז, 29 מאַרט 1871 יאָר

באמערקונג: די פראַגע וועגן פראָצענטן אַף א מאשקן פון אומבאַוועגלעכע גיטער וועט געלייזט ווערן דורך א ספּעציעלן דעקרעט.

9

אַלס ענטפער אַף די גערעכטע פּאָדערונגען פון דער גאנצער קאָאָפּע-ראציע פון די בעקער-ארבעטער באַשטימט די אויספיר-קאָמיסיע:

1. די נאכט-ארבעט ווערט פאַרווערט.

2. די אינסטיטוציע פון קאָנטראַגענטן, וואָס די אימפּעראַטאָרישע פּאָליציי האָט איינגעפירט, ווערט באָטל.

דידאָזיקע פונקציעס ווערן פאַרביטן דורך רעשימעס, וואָס געפינען זיך אין יעדער מעריע, אַף צו פאַרשרייבן די בעקער-ארבעטער. די צענטראַ-לע רעשימע וועט זיך געפינען אינם האנדלס-מיניסטעריום.

אויספיר-קאָמיסיע

פאַריז, 20 אַפּרעל 1871 יאָר

## 18. די קאָמונע האָט אָנגעהויבן פון איינריידן די ווייסע פרעסע

די קאָמונע-באַפולמעכטיקטע איבער די אינערלעכע איניאָנים האָבן גע-שיקט דעם רעדאַקטאָר פונם „Paris Journal“ אַזא נאָטיץ:

„עס גיסן זיך טייכן בלוט, די ווערסאַלער שפּיאָנען און זשאנדארמען דערמאָרדן אונזערע ברידער, און בעאייסמאַיסע האַלט דער „Paris Journal“ אין איין פאַרשפּרייטן סקאַנדאַליעזע רעכילעס קעגן דער קאָמונע און דער העלדישער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע פון פאַריז.

עס איז א פאַרברעכערישער ליגן, אַז פאַריז דערקלערט קלוימערשט א מילכאָמע פראַנקרייך. עס איז ניט עמעס, אַז די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט דערשאָסן א פאַרלאַמענטיאַר. אַדעראַבע, וויפיל מאָל האָט די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע געהאַט אויסצושטיין אַטאַקעס פון די ווערסאַלער, וואָס האָבן אַקאָרשט אויפגעהויבן קאָלבעס ווערלנדיק אַזוי אַרום אָפּנאַרן איר וואַכזאַמקייט.

די פרייהייט פון פרעסע גיט ניט קיין רעכט צו פאַרגרעסערן, פאָרזיכ-טיק באַהאַלטנדיק זיך הינטער דער צייטונג, די שרעקן פון אָט דעם קאַמף,

וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן ניט דורך פּאריז, אָבער וואָס פירט צום דאָזיקן טריאומף פון דער רעפּובליק און דער קאָמונע״.

אין דער צייטונג „Le Cri du Peuple“ לייענען מיר:

בירגער!

די סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אקאָרשט געשאָסן אין אונז, די שואנען, וואָס האָבן מיט. זייער באמבארדירונג דערמאָרדעט אומשולדיקע קינדער, זיינען אָנגעפאַלן אף דער באפעלקערונג פון ווערסאל.

די קאוואלעריסטן מיט בלויזע שווערדן האָבן געטראָטן דעם האמוין מיט די פיס פון זייערע פערד.

פון אלע זייטן — געשרייען פון צאָרן און שרעק.

די קאָמונע פארהאַלט זיך רואיק, די פארזאמלונג בונטעוועט.

זי פאָכעט מיט דער שווערד אין ווערסאל און וואָלט אויך געוואָלט דערמאָרדן אין פאריז.

זי וואָלט מאסקים געוועזן צו קעניגן איבער בארמינענס, אָבער דערצו דארף זי דורכגיין דורך די באריקאדעס איבער אונזערע טויטע קערפּערס.

מאָרגן וועט ניט בלויז פּאריז, נאָר אויך גאנץ פראנקרייך, וואָס איז ארויס פון געדולד, זיך א שליידער טאָן אף זיי.

אלס די פאנען-טרעגער פון דער „פארזאמלונג״ דינען די מוניציפאלע באאמטע, די שואנען און פאליציי-לייט: פאר אונז שטייט דאָס פאָלק, וואָס איז צום ערשטן מאָל פריי.

דער קאמף האָט זיך אָנגעהויבן.

שיקנדיק אין אונז די ערשטע הארמאטן-קוילן, שרייבט אונטער די „ווערסאלער פארזאמלונג״ איר טויט-אורטייל:

זי עקזיסטירט שוין ניט מער״.

## 19. די קאָמונע גייט ארויף אפן וועג פון רעפּרעסיעס

דער קאָמיטעט פון געזעלשאפטלעכער רעטונג באשטימט:

ארט. 1. די צייטונגען און זשורנאלן: „La Commune“ L'Echo de Paris“ „L'Indépendance Francaise“ „L'Avenir National“ „La Patrie“, „Le Pirate“ Le Republicain“, „La Revue des Deux Mondes“, „L'Echo de Ultramor“ און „La Justice“ ווערן פארווערט.

ארט. 2. קיין שום נייע צייטונג אָדער פעריאָדישע אויסגאבע פון א פּאָליטישן כאראקטער וועלן ניט ארויסגיין ביזן סאָף פון דער מילכאמע.

ארט. 3. אלע ארטיקלען דארפן אונטערגעשריבן ווערן דורך זייערע אווטאָרס.

ארט. 4. אַלע אָנפאַלן אַף דער רעפּובליק און אַף דער קאָמונע וועלן איבערגעגעבן ווערן אַף דער באַטראַכטונג פונם מיליטערישן געריכט.

אַרט. 5. די בּאַלעבּאַטים פון די דרוקערייען, וואָס וועלן אַף דעם אויסוועד זיין, וועלן פארפאָלגט ווערן אַלס מיטהעלפּער און זייערע דרוק-מאַשינעס וועלן פאַרקאַסמעט ווערן.

אַרט. 6. דידאָזיקע באַשטימונג וועט טייקף מיטגעטיילט ווערן די פּאַרוואַרטע צייטונגען דורכן בירגער לע-מוסיו, דעם בירגערלעכן קאָמיסאַר, וואָס איז ספּעציעל דערויף דעלעגירט.

אַרט. 7. דער אַלגעמיינער וואַך וועט איבערגעגעבן אַכטונג צו געבן אַף דער אויספילונג פון דער אָנגעוויזענער באַשטימונג.

קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכער רעטונג
(אונטערשריפטן)

שטאָטיש ראַטהויז 28 פלאָרעאַל
(18 מאַי) 1871-טן יאָר

## 20. דעקרעט וועגן די אָרוועסלייט

— קיין ראַכמאָנעס, — זאָגן מיר — קיין כעסעד, קיין גענאָד פאַר די פאַראַכטע, וואָס האָבן אַף אונז אַרויפגעשלעפּט דעם בירגער-קריג. דאָס זיינען ניט קיין מענטשן, דאָס זיינען טיגערס, וואָס באָדן זיך אין בלוט און וואָס וואַרפן זיך מיט ווילדקייט אַפן טויטן קאָרבן.

מע וועט פאַרגליוועט פון שרעק פאַר די ווילדע אַכזאָריעסן, וואָס אָט די ראַצכים זיינען באַגאַנגען.

די רעפּובליקאַנער זיינען ווידער געפאַלן אַ קאָרבן פון זייער גרויסמוטיקייט; זיי האָבן פאַרגעסן, אַז זייערע אומבעשאַלעמדיקע קעגנער זיינען אַ באַנדע געוועזענע פּאָליציי-לייט און פריערדיקע מוניציפּאַלע גוואַרדיע, וואָס האָט זיי אַכצן יאָר געשלאָגן און צעשאָסן.

אַסאַך נאַציאָנאַלע גוואַרדייער און ליניאַישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געשלאָגן אין אונזערע רייען, זיינען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט און דערשאָסן געוואָרן. די ווילדקייט פון די טאַליאָנים האָט זיך מיט דעם ניט באַפרידיקט. זיי האָבן זיך געוואַרפן אַף די נאָך צאַפּלדיקע-קערפּערס און זיי האָבן צעשניטן זייערע בייכער.

בעאַייס דער שלאַכט האָבן פינף און צוואַנציק סאָלדאַטן פונם 88 ליניאַישן פּאָלק אויפגעהויבן אין דער הויך די קאָלבעס, האַבנדיק בעדייע אַריבערצוגיין אַף דער זייט פון די נאַציאָנאַלע גוואַרדייער; זיי זיינען טייקף דערשאָסן געוואָרן.

אין ריועל, הינטער אַ פאַרקן, האָט אַ פעלאָטאָן (אַ וואָד) פּאָליציי, וואָס זיינען געוועזן איבערגעטאָן אין סאָלדאַטישע מונדירן, זיך פאַרנומען מיט צעשיסן די געפאַנגענע, וואָס מע האָט צו זיי געבראַכט.

וואָס זשע זאָלן מיר טאָן? ווי אַזוי זאָל מען ענטפערן אַף אָט די עקלהאַפטע גענג.

עס בלייבט איבער, ניט וויסנדיק ניט קיין ראכמאָנעס, ניט קיין גענאָד, צו ענטפערן מיט אן אויג פאר אן אויג און א צאָן פאר א צאָן.

זאלן די פאליציי-לייט, די מוניציפאלע גווארדיע, די שואנען און וואנ-דייער זיין די קאפּאָרע פאר אלע צעשניטענע און דערשאָסענע רעפובליקאנער אין מעשעך פון די עטלעכע יאָרן.

נעמענדיק אין אכט, אז די ווערסאלער רעגירונג טרעט עפנטלעך מיט די פיס די געזעצן פון מילכאמע און הומאנישקייט; אז זי איז שולדיק אין די שרעקן, מיט וועלכע עס האָבן זיך ניט פארפלעקט אפילע די פארקנעכטער פון דער פראנצויזישער ערד.

אז אף די פאָרשטייער פון דער קאמונע איז ארויפגעלייגט דער הייליקער כויוו צו באשיצן די ערע און דאָס לעבן פון צוויי מיליאָן איינוואוינער, וואָס האבן איבערגעגעבן אין זייערע הענט זייער שיקזאל, און אז שוין איצט איז נויטיק אנצונעמען מאסמיטלען, וואָס זאָלן אנטשפּרעכן דער לאגע;

נעמענדיק אויך אין אכט, אז די פאליטישע טוער און די שטאטישע אויסגעוויילטע דארפן שאָלעם מאכן צווישן דעם אַלגעמיינעם גליק און דער אכטונג צו דער פאליטישער פרייהייט.

באשליסט די פאריזער קאמונע:

§ 1. יעדע פערזאן, וואס איז פארדעכטיקט אין זיין פארמישט מיט דער ווערסאלער רעגירונג, דארף ווערן ארעסטירט און איבערגעגעבן דעם געריכט.

§ 2. ניט שפּעטער, ווי אין פיר און צוואנציק שאָ ווערט באשטימט די באשולדיקונגס-זשורי אף אויסצופארשן די פארברעכנס, וועלכע ווערן איר אינקרימינירט.

§ 3. די זשורי טראגט ארויס דעם אורטייל ניט שפּעטער, ווי אין אכט און פערציק שא ארום.

§ 4. די באשולדיקטע, וואס מע האט פארהאלטן לויטן אורטייל פון דער באשולדיקונגס-זשורי, ווערן באטראכט פאר די ארוועסלייט פונם פראנצויזישן פאלק.

§ 5. יעדע קעפונג פון די קריגס-געפאנגענע אָדער פון די פארטיזאנער פון דער געזעצלעכער רעגירונג פון דער פאריזער קאמונע רופט ארויס אלס באלדיקן פויעל-יוצע די קעפּונג פון א דרייפאכער צאל ארוועסלייט, וואָס זיינען פארהאלטן געווארן לויטן § 4, און וואס ווערן באשטימט דורך גוירל ווארפן.

§ 6. אלע קריגסגעפאנגענע ווערן טייקעף איבערגעגעבן דער באשולדיקונגס-זשורי, וועלכע באשליסט, צי זיי בלייבן ארוועסלייט אדער זיי ווערן באפרייט.

5 אפרעל 1871 יאר

# 21. דאָס איבערגעבן צום געריכט די הויפּטן פון דער ווערסאַלער רעגירונג

די פּאריזער קאמונע,

נעמענדיק אין אכט, אז די מיטגלידער פון דער ווערסאלער רעגירונג האבן דערקלערט און אנגעהויבן א בירגער-קריג, זיינען אנגעפאלן אף פאריז האבן דערמארדעט און פארוואונדעט אסאך סאלדאטן פון דער נאציאנאלער גווארדיע און פונם ליניאישן מיליטער און אויך פרויען און קינדער, אז אט דעם פארברעכן, וואס ווידערשפּרעכט יעדן רעכט, האבן זיי באגאנגען אן שום ארויסרוף, מיט א פריערדיקער קאוואנע און פארעטעריש,

באשטימט:

די ה״ה טיער, פאוור, פיקאר, דיופאר, סימאן און פאטיוא ווערן צוגע-צויגן צו פאראנטווארטלעכקייט.

זייער פארמעגן דארף פארהאלטן און סעקוועסטירט ווערן ביז זיי וועלן דערשיינען פארן פאלקס-געריכט.

די רעגירונגס-באפולמעכטיקטע פונם יוסטיץ-מיניסטעריום און פון דער געזעלשאפטלעכער געפארלאזיקייט וועלן זארגן וועגן פארווירקלעכן דעמדא-זיקן דעקרעט.

פאריזער קאָמונע

3 אפּרעל 1871 יאָר.

# 22. טיערס טעלעגראמע צו פאַוורן

הער ביסמאַרק קאָן זיין רואיק. די מילכאָמע וועט געענדיקט ווערן אין מעשעך פון אַ וואָך. איצט האט זיך שוין איינגעגעבן צו מאַכן איין איינבראָך אין דער פאַריזער פעסטונג פון דער זייט פון איסי, און אינם איצטיקן מאָ-מענט גייט די אַרבעט פון מאַכן זי ברייטער.

אַן איינבראָך איז געמאכט געווארן אין לאַ-מיועט, וואו די אַרבעט גייט שנעל פארויס; צום זעלבן שריט טרעטן מיר צו אין פּאַסי און אַפן פּוען-דיו-זשור. אָבער אונזערע סאָלדאטן קומט אויס צו אַרבעטן אונ-טערן פייער פון די הארמאטן-קוילן, און, ווען ניט אונזער גרויסע באַטעריי אַפן מאָנטרו, וואָלטן אַזעלכע פּרואוון געווען אומעגלעך.

יעדנפאַלס הענגען אָפּ אַזעלכע שריט פון אַזוי פיל צופעליקייטן, אַז עס איז לאַכלוטן אומעגלעך צו באַשטימען פּינקטלעך דעם טערמין, ווען זיי וועלן זיך ענדיקן. איך בעט ראַכמים דעם הער ביסמאַרקן, ער זאָל, אין נאָמען פון אָרדענונג, לאָזן אונז אַליין דערשטיקן דידאזיקע אַנטיסאָציאַלע גזיילע, וואס האָט זיך אַף עטלעכע טעג געמאַכט אַ נעסט אין פּאַריז.

האנדלען אַנדערש וואָלט געהייסן דערלאנגען אַ נייעם קלאַפּ די אָנהענ-
גער פון אָרדענונג אין פראַנקרייך און פון דער געזעצלעכקייט אין אייראָפּע.

אַף אונז קאָן מען אויסרעכענען: די געזעלשאפטלעכע אָרדענונג וועט
מענאַצייעך זיין אין מעשעך פון אַ וואָך.

וואס איז שאַיעך אונזערע געפאנגענע, האב איך היינט איינדערפרי מיט-
געטיילט, וואוהין מע זאָל זיי אָפּשיקן. אַריבערפירן זיי איבערן יאַם איז
אומעגלעך, ווייל עס איז צו שפּעט. אונזער מיליטער איז גרייט און שטייט
אף דער יאַבאָשע-גרענעץ. גלייך ווי זיי וועלן קומען, וועלן די געפאנגענע
פאַנאנדערגעטיילט ווערן, ווי עס באַדאַרף צו זיין. יעדנפאַלס, וועלן מיר אַף
זיי ניט וואַרטן, קעדיי אָנצוהויבן אונזערע אַקציעס: דערדאזיקער פּאָרזיכט-
מיטל איז נויטיק אַף יעדן פאַל.

אייער איבערגעגעבענער פריינט ט י ע ר.

## 23. די בורזשואַזיע פאדערט נעקאמע

הערן, וואס וויניקער ערודיציע און פילאנטראָפּיע און וואס מער גע-
ניטקייט און ענערגיע. אויב קיין געניטקייט האט איר ניט באקומען, נעמט זי
באַ אייערע ק אָ ר ב אָ נ ע ס.

אין דעמדאָזיקן מאָמענט שטעלן מיר פראַנקרייך אין קאָן. צי איז איצט
אַ צייט צו פארנעמען זיך מיט ליטעראַרישע איבונגען? ניין, טויזנט מאָל
ניין. מיר ווייסן דעם פּרייז פון אָט די מעליצעס. האַנדלט אַזוי, ווי עס האבן
אין ענלעכע אומשטענדן געהאנדלט די גרויסע ענערגישע פעלקער.

## מע דארף ניט קיין געפאנגענע

אויב אין דער מ אַ ס ע וועט זיך אַרויסווייזן] אַן ערלעכער מענטש,
וואס מע האט אים ווירקלעך אַ ר יי נ געשלעפּט מיט גוואַלד, וועט איר אים
דערקענען. דער ערלעכער מענטש איז אַרומגערינגלט מיט אַ געטלעכער שיין.
גיט אייערע בראַווע סאָלדאטן די פרייהייט אָפּצורעכענען זיך פאַר זייערע כאַ-
ווירים און זאָלן זיי היינט אינם ברען פון נעקאָמע טאָן דאָס, וואס מאָרגן
וועט זיי דער קלאָרער סייכל פארווערן צו טאָן.

Journal de Versailles
די דריטע וואך פון אַפּרעל

## 24. אויפרוף פון דעלעקליוז

### צו דער באפעלקערונג פון פאריז, צו דער נאציאנאלער גווארדיע

בירגער!

געג֞וג מיליטאריזם, אויס די שטאבן, וואס זיינען פון קאַפּ ביז די פיס
אויסגענייט און באפוצט מיט פאָזומענטן! אַ וואַרע דעם פאָלק, די קעמפער,

די אַנטבלויזטע הענט, עס האט געשלאָגן די שאָ פון דער רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע!

דאס פאָלק איז ניט באהאוונט אין מאיסטערהאפטע מאַנעוורען; אָבער ווען באַ אים אין די הענט איז פאַראַן אַ ביקס, אונטער די פיס — אַ ברוק, האָט עס קיין מוירע ניט פאַר אַלע סטראַטעגן פון דער מאָנארכיסטישער שול.

צום געווער, בירגער, צום געווער! עס האנדלט זיך, ווי איר ווייסט, וועגן באַזיגן אָדער פאַלן אונטער די אומדערבארעמדיקע הענט פון די רעאַקציאָנערן און קלעריקאַלן פון ווערסאַל. פון אָט די אויסוואורפן, וואס האבן מיט אַ קיוון אָפּגעגעבן פראנקרייך צו די פרייסן און צווינגען אונז צו צאָלן ציגש פאַר זייער פאַראַט.

אויב איר ווילט, אַז דאס בלוט, וואס האט ווי וואַסער זיך געגאָסן אין מעשעך פון זעקס וואָכן, זאָל ניט גיין לעאיבעד; אויב איר ווילט לעבן ווי פרייע אין אַ פרייען גלייכבארעכטיקטן פראנקרייך; אויב איר ווילט מאַצל זיין אייערע קינדער אי פון אייערע ליידן אי פון אייערע צאָרעס, וועט איר זיך אויפהויבן, ווי איין מענטש, און פאַר אייער גרויזאמען ווידערשטאנד וועט דער סוינע, וואס באַרימט זיך, אַז ער וועט איבעראַנייס אייך אונטערווארפן אונטער זיין יאָך, בלייבן באַ דער שאַנד פון זיינע נוצלאָזע מאַיסים טאַאַטואים, מיט וועלכע ער פארפלעקט זיך שוין צוויי כאַדאָשים.

בירגער, אייערע אויסגעוויילטע וועלן קעמפן און שטארבן מיט אייך, אויב דאס איז נויטיק; אָבער אין נאָמען פונם העלדישן פראנקרייך — דער מוטער פון אַלע פאָלקס-רעוואָלוציעס, דער שטענדיקער נעסט פון די אידייען פון גערעכטיקייט און סאָלידארישקייט, וועלכע דאַרפן זיין און וועלן זיין די געזעצן פון דער וועלט, — מאַרשירט אַפן סוינע, זאָל אייער רעוואָלוציאָנערע ענערגיע אים באווייזן, אַז מע קאָן פארקויפן פאַריז, אָבער מע קאָן אים ניט ניט פאראטן, ניט באזיגן.

די קאָמונע רעכנט אויס אַף אייך, גלויבט דער קאָמונע.

בירגערלעכער באפולמעכטיקטער איבער די
מיליטערישע איניאנים ש. דעלעקלוז.
קאמיטעט פון געזעלשאפטלעכער רעטונג:
(אונטערשריפטן)

22 מאי 1871 יאר

# 25. דער באשטאנד פון די פארורטיילטע קאמונארן

שוין דער גענעראַל אַפּפּער האט אין זיין באריכט פאַר דער אויספאָרשונגס-קאמיסיע פון 18 מארט געגעבן אייניקע איבעראשנדיקע סטאטיסטישע ציפערן, וואס האבן אָנגעוויזן אַף די פראָפעסיעס פון די פארורטיילטע קאָמיסארן. אָט דאָס זיינען די ציפערן: שרייבער — 2.901, שלאסער-מעכאַניקער—2.664, ברוקירער—2.293, סטאליערס—1.659, האנדלס-אָנגעשטעלטע—1598,

שוסטער—1.491, אָנגעשטעלטע — 1.065, מאַליארעס—863, דרוק-ארבעטער—819, שטיינהאקער—766, שניידער—681, סטאָליער-פּאָלירער—636, יוּוועלירער—528, סטאָליער-בויער—382, לעדער-ארבעטער—347, סקולפּטאָרן—283, בלעכער—227, מעטאל-גיסער — 224, קירזשנער—210, שניידערינס—206, פּאָזומענטירער—193, זייגער-מאכער — 179, גאָלד-באַגיסער — 172, שפּאלירן-דרוקער — 159, פּאַרמי-רער — 157, פּודלמאכער — 124, איינבינדער — 106, לערער — 106, אינסטרו-מענטאליסטן — 98 א. א. וו. אָבער דידאָזיקע ציפערן, ווי מיר זעען, האבן זיך באַצויגן בלויז צו די פּארורטיילטע דורך די מיליטערישע געריכטן, ד. ה. סאַ-כאַקל צו 20.000 מאַן פון דער אַלגעמיינער צאָל 100.000. די מוניציפּאלע אויס-פּאָרשונג האט אָנגעוויזן אַף דער אַלגעמיינער צאָל פּארשוואונדענע, טויטע, אַרעסטירטע און עמיגרירטע און האט בוילעט אויפגעדעקט די שרעקלעכע פּארלוסטן, וואס די רעאַקציע האט אַרויסגערופן אין די רייען פונם פּראָלעטא-ריער-קלאס.

זי האט אויפגעדעקט אָט וואס: די שוסטערשע פּראדוקציע, אין וועלכער עס זיינען געווען פארנומען 24.000 פראנצויזישע אַרבעטער, האט פּאר-לאָרן 12.000 דערהארגעטע, אַרעסטירטע אָדער עמיגרירטע. אין דער פּראָ-דוקציע פון פּארטיקע קליידער האבן געפעלט העכער 5.000 אַרבעטער. די פּארלוסטן פון דער מעבל-פּראדוקציע אין דער פאָרשטאָט סען-אַנטואַן האבן דערגרייכט 6.000 מאַן, און די באַלעבאטים האבן געבעטן ראכמים, מע זאָל זיי אומקערן זייערע אַרבעטער (פּארשטייט זיך, ניט די דערהארגעטע), ווייל זיי ווארטן מיט שרעק אַף אָקטיאבר — דעם כוידעש פון די באשטעלונגען, און זיי ווייסן ניט, ווי אַזוי וועלן זיי זיך באַגיין אָן אָט די ארבעטער. אינם בוי-גע-ביט האט מען נאָך ניט געקאָנט פּינקלעך פעסטשטעלן די פּארלוסטן, אָבער די אויספּאָרשונג האט אָנגעוויזן, אַז אַלע מאַיסטער-מאַליארעס האבן באַדארפט פּארביטן ווערן מיט שילער און אַז עס פעלן 3.000 דאכדעקער, בליי-און צין-ארבעטער. אַזוינע יעדיעס האט מען אויך קאָנסטאטירט בענויגייע צו אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וואס פּראדוצירן די אזויגערופענע „פּאַריזער אַרבעט", אין וועלכער עס זיינען אין די פּאָבריקע יאָרן געווען פּארנומען מער פון 20.000 ארבעטער. ענדלעך די פּאבריקאנטן פון די ניי-מאשינען האבן דערקלערט, אַז זייער פּראָדוקציע דראָט אַ פּולשטענדיקע רואינירונג, ווייל די ארבעטערינס, וואס פלעגן פריער קויפן זייערע מאשינעס זיינען אינגאנצן פּארשוואונדן געוואָרן. איינער פון אָט די פּאבריקאנטן האט באהויפּטעט, אַז ער האט בא זיך אַף 400.000 פראנק אונטערשריפטן, וואס אָט די אַרבע-טערינס האבן אים ארויסגעגעבן פּאר די מאשינען, וועלכע זיי האבן גענומען אַף אויסצאָלן, און אַז בלויז אַ פערטל פון אָט דער סומע וועט אויסגעצאָלט ווערן, ווייל די איבעריקע דריי פערטל, וואס האָבן ארויסגעגעבן אונטער-שריפטן, לאָזן פון זיך ניט וויסן און זיינען פּארשוואונדן געווארן.

(לואי דיובריל, „די קאמונע פון 1871 יאר")

# 26. די באַדייטונג פון דער קאָמונע

דעם 18 מאַרט אינדערפרי 1871 יאָר האָבן פאַריז אויפגעוועקט די דו-
נער-געשרייען: „זאָל לעבן די קאָמונע!" וואָס זשע איז דאָס אַזוינס אָט די
קאָמונע, אָט דער ספינקס, וואָס האָט פאַרגעבן די בורזשואַזע מויכעס אַזאַ
שווערע פראָבלעם?

די קאָמונע איז געווען דער דירעקטער קעגנזאַץ פון דער אימפעריע.
דער געשריי „זאָל לעבן די סאָציאַלע רעפובליק!", וואָס מיט אים האָט דער
פאַריזער פראָלעטאַריאַט באַגריסט די פעוורַאל-רעוואָלוציע, האָט אויסגעדריקט
בלויז די אומקלאָרע שטרעבונג צו אַזאַ רעפובליק, וואָס זאָל ניט בלויז פאַר-
ניכטן די מאָנאַרכיסטישע פאָרם פון דער קלאַסן-הערשאַפט, נאָר אויך די
קלאַסן-הערשאַפט גופא. די קאָמונע איז טאַקע בעפיירעש געווען די באַשטימטע
פאָרם פון אַזאַ רעפובליק.

פאַריז, וואָס איז געווען די רעזידענץ און דער צענטער פון דער אַלטער
רעגירונגס-מאַכט, און צוזאַמען מיט דעם—אויך דער געזעלשאַפטלעכער צענטער
פונם פראַנצויזישן אַרבעטער-קלאַס, פאַריז איז אויפגעשטאַנען מיט געווער אין
די הענט קעגן דעם פרואוו פון טיער און זיין פריצישער פאַלאַטע אויפצושטעלן
און פאַרייביקן אָט די אַלטע רעגירונגס-מאַכט, וואָס איז געבליבן בעירושע
פון דער אימפעריע. פאַריז האָט געקאָנט זיך קעגנשטעלן ווערסאַל נאָר דער-
פאַר, ווייל די באַלאַגערונג האָט אים באַפרייט פון דער אַרמיי, וועמעס אָרט
עס האָט פאַרנומען די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס האָט זיך מערסטנטיילס
קאָמפלעקטירט פון די אַרבעטער. אָט דעם פאַקט האָט מען געדאַרפט פאַר-
וואַנדלען אין אַ פעסטן אנשטאַלט, און דעריבער איז דער ערשטער דעקרעט
פון דער קאָמונע געווען דער דעקרעט וועגן פאַרניכטן דאָס רעגולערע מילי-
טער און פאַרבייטן עס מיטן באַוואָפנטן פאָלק. די קאָמונע איז געשאַפן גע-
וואָרן פון די מוניציפאַלע ראַט-מענער, וואָס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן דורך
די פאַריזער באַצירקן דורך אַלגעמיינער אָפשטימונג. אירע מיטגלידער זיינען
געווען פאַראַנטוואָרטלעך און פאַרבייטלעך צו יעדער צייט. דאָס ראָוו פון זיי
זיינען געווען, ווי דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַרבעטער אָדער באַוואוסטע
פאָרשטייער פונם אַרבעטער-קלאַס. די קאָמונע האָט געדאַרפט זיין ניט קיין
פאַרלאַמענטאַרישער אַנשטאַלט, נאָר אַ געשעפטלעכע קאָלעגיע, וואָס האָט אין
זיך פאַראייניקט סאַי די אויספירנדיקע און סאַי די געזעצגעבערישע מאַכט. באַ
דער פאָליציי, וואָס איז ביז איצט געווען אַ געצייג פון דער מעלוכישער רע-
גירונג, האָט מען טייקעף אָפגענומען אַלע פאָליטישע פונקציעס אירע און זי
איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַראַנטוואָרטלעך און צו יעדער צייט פאַר-
בייטלעך געצייג פון דער קאָמונע. אָנהויבנדיק פון די מיטגלידער פון דער קאָ-
מונע ביז גאָר אונטן, האָבן זיך די געזעלשאַפטלעכע אַמטן באַצאָלט מיט אַ
געהאַלט, וואָס איז אַזוי גרויס, ווי אַן אַרבעט-לוין. די פריווילעגיעס און גע-

האַלטן אַף דער פאָרשטייערשאַפט, וועלכע עס פלעגן באַקומען די הויכגעשטעלטע פערזאָנען, זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן צוזאַמען מיט זיי. די געזעלשאַפטלעכע אַמטן האָבן אויפגעהערט צו זיין דאָס פריוואַט-אייגנטום פון די קרעאַטורן פון דער צענטראַלער רעגירונג. ניט בלויז די שטאָטישע פאַרוואַלטונג, נאָר אויך די גאַנצע איניציאַטיוו, וואָס האָט ביז איצט געהערט דער מעלוכע, איז אַריבער צו דער קאָמונע.

פאַרניכטנדיק די רעגולערע אַרמיי און די פּאָליציי—אָט דאָס געצייג פון דער מאַטעריעלער קראַפט פון דער אַלטער רעגירונג,—איז די קאָמונע טייקעף צוגעטראָטן צום צעשטערן די מאַכט פון די גייסטלעכע, פון אָט דעם געצייג פון גייסטיקער פאַרניכטונג; זי האָט דעקרעטירט די פאַנאַנדערלאָזונג און עקספראָפּריאירונג פון אַלע קלויסטערס, אַף וויפל זיי זיינען געווען קאָרפּאָראַציעס, וואָס האָבן פאַרמאָגט גיטער. די גאַלאָכים האָבן זיך באַדאַרפט אומקערן צום באַשיידענעם לעבן פון פריוואַטע בירגער און, אַזוי ווי זייערע פאָרגענגער — אַפּאָסטאָלן, לעבן פון די נעדאָוועס פון די גלויביקע. אַלע לערנאַנשטאלטן, וואס זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויסערן אייגפלוס פון דער קירכע און דער מעלוכע, זיינען געוואָרן אומזיסטע פאַר אַלעמען. אַף אזא אויפן איז די שול-בילדונג געוואָרן פאַר אַלעמען צוגענגלעך, מע האָט אַראָפּגענומען פון דער וויסנשאַפט די קייטן, וואָס די קלאַסן-פאָרורטיילן און די רעגירונגס-מאַכט האָבן אַף איר אַרויפגעלייגט.

באַ די ריכטער האָט מען צוגענומען יענע קלוימערשטע אומאָפּהענגיקייט, וועלכע האָט בלויז פאַרדעקט זייער אונטערגעוואָרפנקייט צו די רעגירונגען, וואָס פלעגן זיך בייטן נאָך דער ריי. זיי פלעגן יעדער רעגירונג אָפּגעבן אַ שוואוע צו זיין געטריי און פלעגן אין יעדערער פעלשן. פונקט אַזוי ווי די איבעריקע אמט-פערזאָנען פון דער געזעלשאַפט, האָט מען זיי געמאַכט פאַר אויסגעוויילטע, פאַראַנטוואָרטלעכע און פאַרבייטלעכע.

די פּאַריזער קאָמונע האָט געדאַרפט דינען אַלס נאַטירלעכער מוסטער פאַר אַלע גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען פון פראַנקרייך. ווען די קאָמונע וואָלט זיך איינגעפונדעוועט אין פּאַריז און אין די צווייטראַנגיקע צענטרען, וואָלט די אַלטע צענטראַליזירטע רעגירונג אָפּגעטראָטן דאס ארט דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די פּראָדוצירער אויך אין די פּראָווינצן.

אינם קורצן פּלאַן פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכן די קאָמונע האָט נאָך ניט באַוויזן אויספירלעך צו באַאַרבעטן, ווערט דייטלעך געזאָגט, אַז די קאָמונע דאַרף ווערן די פּאָליטישע פאָרם פון די סאַמע קלענסטע דערפעלעך, און אַז דאָס שטענדיקע מיליטער דאַרף איבערן גאַנצן לאַנד ווערן פאַרביטן דורך פאָלקס-מיליציע מיטן קירצעסטן דינסט-טערמין. די פאַרזאַמלונג פון די באַפולמעכטיקטע, וואָס האָבן זייערע זיצונגען אין דער הויפּטשטאָט פונם קרייז, דאַרף פאַרוואַלטן מיט די אַלגעמיינע איניאַנים פון אַלע דאָרפישע גע-

מיינדעס פון יעדן קרייז, און אָט די קרייז־פאַרזאַמלונגען האָבן פון זייער זייט געדאַרפט שיקן באַפולמעכטיקטע אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אירע זיצונגען אין פּאַריז. די באַפולמעכטיקטע האָבן געדאַרפט זיך האַלטן שטרענג בּאַ די אינסטרוקציעס פון זייערע וויילער און האָבן צו יעדער צייט געקאָנט פאַרביטן ווערן. אָבער די ווייניקע וויכטיקע פונקציעס, וואָס האָבן זיך נאָך אויסגעבילדעט בּאַ דער צענטראַלער רעגירונג, האָבן געדאַרפט ניט פאַרניכטעט ווערן, ווי די סאָנים פון דער קאָמונע האָבן דאָס פאַלש דערציילט, נאָר איבערגעגעבן ווערן די קאָמונאַלע באַאַמטע, ד. ה. אַזוינע, וואָס זיינען געווען שטרענג פאַראַנטוואָרטלעך. די קאָמונאַלע איינאָרדענונג האָט ניט צעשטערט, נאָר אַדראַבע, זי האָט אָרגאַניזירט די איינהייט פון דער נאַציע. אָט די איינהייט האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין עפּעס מאַמאָשעסדיקעס נאָך דער פאַרניכטונג פון דער מעלוכישער מאַכט, וואָס האָט זיך גערעכנט אַלס די פאַרקערפּערונג פון אָט דער איינהייט, האָט פּרעטענדירט צו שטיין העכער פון דער נאַציע און אומאָפּהענגיק פון איר און וואָס איז אָבער אין דער ווירקלעכקייט געוואָרן בלויז אַ פּאַראַזיט אָפן אָרגאַניזם פון דער נאַציע. מיטן פאַרניכטן יענע אָרגאַנען פון דער אַלטער רעגירונגס־מאַכט, וואָס האָבן געדינט בלויז פאַר אונטערדריקונג, האָט די קאָמונע אַרויסגעריסן פון די הענט פון אָט דער מאַכט, וואָס האָט פּרעטענדירט צו שטיין העכער פון דער געזעלשאַפט, אירע געזעצלעכע פונקציעס און האָט זיי אָפּגעגעבן די פאַראַנטוואָרטלעכע דינער פון דער געזעלשאַפט. די אַלגעמיינע אָפּשטימונג, וואָס פלעגט ביז איצט דינען דעם פאָלק אָף אויסצוקלייבן יעדע דריי יאָר אַ וואָסערן ניט איז מיטגליד פונעם הערשנדיקן קלאַס, וועלכער האָט פאַרטראָטן און צעטראָטן דאָס פאָלק אינעם פּאַרלאַמענט, האָט איצט געדאַרפט דינען דעם פאָלק, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אין קאָמונעס, פּונקט אַזוי, ווי דאָס אינדיווידועלע שטימרעכט דינט יעדן אַרבעטגעבער באַם אויסזוכן אַרבעטער, אויפפּאַסער און בוכהאַלטער פאַר זיין אונטערנעמונג. דען די געזעלשאַפטן, פּונקט אַזוי ווי איינצלנע פּערזאָנען, ווייסן שטענדיק ווי אַזוי צו געפינען פּאַסיקע מענטשן פאַר זייערע פּראַקטישע אונטערנעמונגען, און אויב זיי האָבן אַמאָל אַ טעות, קאָנען זיי זייער גיך פאַריכטן זייער פעלער. פון דער אַנדערער זייט, איז די קאָמונע לויט איר מעהוס געווען אומבאַדינגט פיינטלעך צו דעם, אַז די אַלגעמיינע אָפּשטימונג זאָל פאַרביטן ווערן מיט אַ יעראַרכישער אינוועסטיטור.

... מיטן פאַרניכטן די צוויי גרעסטע הויצאָעס: די אַרמיי און דאָס באַאַמטנטום האָט די קאָמונע מיט זיך פאַרווירקלעכט דעם אידעאַל פון אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס—אַ ביליקע רעגירונג. איר עקזיסטענץ גופא איז אַן אָפּלייקענונג פון דער מאָנאַרכיע, וואָס איז אין אייראָפּע, לעכאָלאַפּאָכעס, אַ געוויינלעכער באַלאַסט און אומפאַרמיידלעכע מאַסקע פון דער קלאַסן־הערשאַפט. די קאָמונע האָט געשאַפן פאַר דער רעפּובליק דעם פונדאַמענט פון ווירקלעכע דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטן. אָבער ניט די „ביליקע רעגירונג“, ניט

די „ווירקלעכע דעמאָקראַטיע" זיינען ניט געווען איר ענדגילטיקער ציל. אי דאָס אי יענץ זיינען געקומען פון זיך אַליין, דערעכאגעוו.

די פאַרשיידענע אויסטייטשונגען פון דער באַדייטונג פון דער קאָמונע, די פאַרשיידנאַרטיקע אינטערעסן, וואָס זי האָט אויסגעדריקט, דערוויזן, אַז זי איז געווען א זייער עלאַסטישע מעלוכישע פאָרם, אין דער צייט, ווען אַלע פריערדיקע רעגירונגס-פאָרמען זיינען לויט זייער מעהוס געווען אונטערדרי-קונגס-פאָרמען. דער סאָד אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז לויט איר מעהוס געווען די רעגירונג פונם אַרבעטער-קלאַס, א רעזולטאַט פונם קאַמף צווישן קלאַס, וואָס פּראָדוצירט, מיטן קלאַס, וואָס פאַרכאַפּט, אָט די לאַנג געזוכטע פּאָליטישע פאָרם, אין וועלכער עס וואָלט געקאָנט דורכגע-פירט ווערן די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון דער אַרבעט.

אן דעם לעצטן טנאי לייגט זיך ניט אפּן סייכל די קאָמונע, אָן אים איז זי א פוסטער שאָטן. די פּאָליטישע הערשאַפט פון די פּראָדוצירער קאָן ניט עקזיסטירן זייט בּאַ זייט מיט דער פאַרייביקונג פון זייער סאָציאַלער קנעכט-שאַפט. די קאָמונע האָט דעריבער געדאַרפט דינען אַלס געצייג אף אראָפּצוא-ווארפן יענע עקאָנאָמישע זיילן, וואָס אף זיי האַלט זיך די עקזיסטענץ גופע פון די קלאַסן, און מעמיילע אויך די קלאַסן-הערשאַפט. ווי באַלד די ארבעט איז באַפרייט, וועלן אַלע ווערן ארבעטער, און די פּראָדוציר-אַרבעט וועט אויפהערן צו זיין די אייגנשאַפט פון אַ געוויסן קלאַס.

...דער אַרבעטער-קלאַס האט ניט געפאָדערט קיין וואונדער פון דער קאָמונע. ער טראַכט ניט צו פאַרווירקלעכן גרייטע און פאַרענדיקטע אוטאָפּיעס דורך אַ פאָלקס-באַשלוס. ער ווייס, אַז קעדיי צו דערשלאגן זיך זיין באַפרייאונג און דערגרייכן יענע העכסטע לעבנס-פאָרם, וואס צו איר שטרעבט אָן אָפּהאַלט די היינטיקע געזעלשאַפט צוליב איר אייגענער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וועט איר אויסקומען אויסצוהאלטן אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף, איבערצולעבן אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע פּראָצעסן, וועלכע וועלן אינגאנצן ענדערן אי די מענטשן אי די אומשטענדן. דעם אַרבעטער-קלאס שטייט פאָר ניט צו פארווירקלעכן וואָסערע עס איז אידעאַלן, נאָר צו מאַכן אַ געררוים אָרט פאַר די עלעמענטן פון דער נייער געזעלשאַפט, וואס האבן זיך שוין אנטוויקלט אין די טיפעניש פון דער צעפאלנדיקער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

באַנעמענדיק ביז גאָר זיין היסטאָרישן באַרוף, פול מיט העלדישער אַנטשלאָסנקייט צו שטיין אַף דער הויך פון זיין באַרוף, קאָן דער אַרבעטער-קלאס ענטפערן מיט אַ פאַראַכטנדיקן שמייכל אַף דער וואולגאַרער זידלעריי פון די צייטונגס-לאַקייען און אַף דער געלערנטער מוסער-זאָגעריי פון די פרומע בורזשואַ—דאָקטרינערן, וועלכע רעדן אַרויס מיט אַ טאָן פון אַ ניטזינ-דיקן אָראַקול זייערע פאַלשע אויסגעדראָשענע שטעלן און טראָגן אונטער זיי-ערע אויסגעקוועטשטע רעצעפּטן.

ווען די פאַריזער קאָמונע האט אַף זיך גענומען די אָנפירונג מיט דער

רעוואלוציע, ווען פּאַשעטע אַרבעטער האבן זיך צום ערשטן מאָל באַשלאָסן צו פּאַרמעסטן זיך אַף דער פּריווילעגיע פון זייער „נאַטירלעכער נאַטשאלסטווע“— די פּארמעגלעכע קלאַסן, דעהאַינע: אַף דער פּריווילעגיע פון פּאַרוואלטן — האבן זיי זיך גענומען פאַר דער אַרבעט באַ אומגעהערטע שווערע באדינגונגען און האָבן זי אויסגעפילט באַשיידן, געוויסנהאַפט און ערפאָלגרייך. די העכסטע גרויס פון זייער באַלוינונג האט ניט איבערגעשטיגן קיין פינפטכיילעק פונם גע-האלט, וואס עס באקומט, ווי עס דריקט זיך אויס אַ באוואוסטער אַווטאָריטעט אין דער וויסנשאפט (פּראָפ. העקסלי), דער סעקרעטאַר פונם לאָנדאָנער שול-סע-נאַט. די אַלטע וועלט האט זיך געדרייט אין דרייען פון צעקאָכטקייט, ווען זי האָט דערזעען די רויטע פאָן איבערן שטאָטישן ראַטהויז — דעם סימוואָל פון דער רעפּובליק פון אַרבעט.

דאס איז געווען די ערשטע רעוואָלוציע, אין וועלכער דער אַרבעטער-קלאס איז אָפן אנערקענט געוואָרן אַלס דער איינציקער קלאַס, וואָס איז נאָך פעאיק צו געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו. דאס האט אנערקענט דער פּאַריזער מיטלקלאס — די קליינע הענדלער, באַלמעלאָכעס, סאָכרים, אַלע, אַכוץ די רייכע קאַפּיטאליסטן. מיטן סייכלדיקן לייזן די פּראגע, וועלכע איז שטענדיק געווען די סיבע פון די מאכלויקעסן אינם מיטל-קלאס גופע — די פּראַגע וועגן די באלכויוועס און קרעדיטאָרן — האט די קאָמונע געראטעוועט דעמדאָזיקן קלאַס. אָט דער טייל מיטלקלאס האט זיך אין 1848 יאָר באטייליקט אין דערשטיקן דעם יוני-אויפשטאנד פון די אַרבעטער, און גלייך נאָכדעם האט די גרינדונגס-פארזאמלונג אָן שום קונצן אים אויך אָפּגעגעבן פאַר אַ קאָרבן זיינע קרעדי-טאָרן. אָבער ער איז איצט צוגעשטאנען צו די אַרבעטער ניט נאָר דערפאר. ער האט געפילט, אַז אים קומט אויס אויסצוקלייבן צווישן דער קאָמונע און דער אימפּעריע, וואָס פאַר אַ עטיקעטל זי זאָל ניט טראָגן. די אימפּעריע האט רואינירט דעם מיטלקלאס אין מאטעריעלער הינזיכט מיט איר צערויבן די געזעלשאַפטלעכע אַשירעס, מיטן פּראָטעזשירן די בירזשע-ספּעקוליאַציע, מיטן קינסטלעכן פארגיכערן די צענטראליזירונג פונם קאפּיטאל, וועלכער איז גוי-רעם די עקספּראָפּריאירונג פון אַ היפּשן טייל פון אָט דעם מיטלקלאס. די אימפּעריע האט אים פּאָליטיש אונטערדריקט און מאָראַליש אויפגעבראכט מיט אירע אַנשטאַלטן. זי האט באליידיקט זיין וואָלטעריאַנישקייט מיטן איבערגעבן די דערציאונג פון זיינע קינדער די „אמאראצישע פּאַטערס“. זי האט אויפגע-וועקט זיין נאַציאָנאַלן געפיל אונטערנעמענדיק דידאָזיקע מילכאָמע, וואס האט באַ-לינט פאר אַלע אירע אומגליקן בלויז מיט איין זאַך — מיט דער אַראָפּוואַרפונג פון דער אימפּעריע. נאָכדעם, ווי די קנופּיע באָנאַפּארטיסטישע הויכגעשטעלטע לייט און קאַפּיטאליסטן האט געמאכט די פּלייטע פון פּאַריז, האט זיך די ווירק-לעכע „אָרדענונגס-פּאַרטיי“ פונם מיטלקלאס, וואס איז אַרויסגעטראָטן אונטערן נאָמען „רעפּובליקאנישער פּארבאנד“, געשטעלט אונטער דער פאָן פון דער קאָמונע און האט זי באַשיצט פון טיערס רעכילעס. צי וועט די דאנקבארקייט

פון אַט דער מאַסע פון מיטלקלאַס בײשטײן די איצטיקע שווערע ניסיוינעס— דאָס וועט די צוקונפט באַווײזן.

די קאָמונע האָט געהאַט דאָס פולשטענדיקע רעכט צו מעלדן די פויערים: „אונזער ניצחון איז אײַער האָפענונג". די פּרעכטיקסטע רעכילעס, וואָס מע האָט אַרויסגעלאָזט אין ווערסאַל און פאַרשפרייט איבער דער גאַנצער וועלט דורך די באַרימטע באַשיבוזוקן פון דער אײראָפּעאישער פּרעסע, איז געווען די באַהויפּטונג, אַז די גוט־באַזיצער פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג זײַנען געווען די פאָרשטייער פון די פראַנצויזישע פויערים.

אַ שאַלה, צי עס לאָזט זיך גלייבן אָט די פלוצלינג אויפגעפלאַמטע ליבע פון די פראַנצויזישע פויערים צו די מענטשן, וועמען זיי האָבן נאָכן 1815 יאָר געדאַרפט באַצאָלן אַ מיליאַרד קאָמפּענסאַציע: אין די אויגן פונם פראַנצויזישן פויער איז שוין די עקזיסטענץ אַליין פונם גרויסן ערד־אייגנטימער אַ פאַרמעסטן זיך אַף זײַנע דערגרייכונגען פון 1789 יאָר.

אין 1848 יאָר האָט דער בורזשואַ באַלייגט די ערד פון די פויערים מיט אַ הויסאָפּע־שטײַער פון 45 סאַנטים אַף אַ פראַנק, נאָר דאָס האָט מען געמאַכט אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע. איצט האָבן זיי אַליין אונטערגענומען אַ בירגער־קריג קעגן דער רעוואָלוציע, קעדיי אַרויפצואוואַרפן אַף די אַקסלען פון די פויערים די הויפּט־שווערקייט פון דער מיליאַרדיקער קאָנטריבוציע, וואָס זיי האָבן זיך פאַרפליכטעט צו באַצאָלן די פּרייסן.

די קאָמונע האָט, אַדעראַבע, דערקלערט נאָך אין איינער פון אירע ערשטע פּראָקלאַמאַציעס, אַז די לאַסט פון דער מילכאָמע דאַרפן טראָגן די, וואָס זײַנען ווירקלעך שולדיק אין איר. די קאָמונע וואָלט באַפרייט דעם פויער פונם „בלוט־שטײַער", וואָלט אים געגעבן אַ ביליקע רעגירונג, וואָלט פאַרביטן אַזוינע פּיאַווקעס, ווי דער נאָטאַריוס, אַדוואָקאַט, געריכט־פּריסטאַוו און אַנד. — מיט געדונגענע קאָמונאַלע באַאַמטע, וואָס זיי אַליין וואָלטן קאָמפּלעקטירט און וואָלטן געווען פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך. זי וואָלט אים באַפרייט פון דעם ווילקיר פונם פעלד־וועכטער, זשאַנדאַרם און פּרעפעקט, זי וואָלט פאַרביטן דעם טעמפּמאַכנדיקן סײכל פונם גאַלעך מיטן אויפקלערנדיקן שול־לערער!

דער פראַנצויזישער פויער איז קודעמקאָל אויסגערעכנט. ער וואָלט אויסגעפינען פאַר זייער גלייך צו צאָלן די גאַלאָכים ניט פון די סומעס, וואָס עס מאָנען אויף די צינש־זאַמלער, נאָר פון פרייוויליקע נעדאָוועס, וואָס זייער גרויס וואָלט געווען אָפּהענגיק פון דעם גראַד פרומקייט פון דער קולט־געמיינדע. אָט וואָס פאַר אַ מאַמאָשעסדיקע נוצן האָט די הערשאַפט פון דער קאָמונע—און נאָר פון דער קאָמונע — אומיטלבאַר צוגעזאָגט די פראַנצויזישע פויערים. דעריקער איז איבעריק אָפּצושטעלן זיך דאָ אַף יענע מער פאַרוויקלטע און ווירקלעכע לעבנס־פראַגן, וועלכע בלויז די קאָמונע וואָלט געקאָנט און אומבאַדינגט געדאַרפט לייזן לטעוווּעס די פויערים — דאָס זײַנען די פראַגן וועגן היפּאָטעק־כויוו, וואָס האָט געדריקט אַף דער פויערשער ערד, וועגן דעם דאָרפישן

פראָלעטאריאַט, וואס וואקסט פון טאָג צו טאָג. וועגן דער עקספּראָפּריאירונג פון די פויערים גופא, וואס איז פאָרגעקומען אַלץ שנעלער און שנעלער אַדאנק דער אַנטוויקלונג פון דער נייסטער לאנד־ווירטשאפט און דער קאָנקורענץ פון דער קאַפּיטאליסטישער ערדארבעט.

לואי באָנאפּארט איז אויסגעוויילט געווארן דורכן פראנצויזישן פויערטום אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. די צווייטע אימפּעריע אָבער האט גע־שאַפן די „אָרדענונג־פּארטיי“. אין די יאָרן 1849 און 1850 האט דער פראנצוי־זישער פויער, קעגנשטעלנדיק אומעטום זיין מער קעגן דעם רעגירונגס־פּרע־פעקט, זיין שול־לערער — קעגן דעם רעגירונגס־גאַלעך, זיך אַליין — קעגן דעם רעגירונגס־זשאַנדארם, — אָנגעהויבן מיט דעם צו באוויי־זן וואס ער דארף אין דער ווירקלעכקייט. אַלע רעאקציאָנערע געזעצן, וואס די „אָרדענונג־פּארטיי“ האט ארויסגעגעבן אין יאַנואר און פעווראל 1850 יאר, זיינען, ווי זי האט זיך אליין מוידע געווען, געווען געווענדעט קעגן די פויערים. דער פויער איז געווען אַ באָנאַפּארטיסט, ווייל ער פארזעלביקט די גרויסע רעוואלוציע און די נוצן, וואס זי האט אים געבראכט מיט נאַפּאָלעאָנס נאָמען. אָט די זעלבסטנאַרעריי איז באַ דער צווייטער אימפּעריע שנעל פארשוואונדן געוואָ־ן. אָט דער פאָרורטיילן פון דער פארגאנגענהייט (וואס איז אין עצם פיינטלעך צו די שטרעבונגע פון די גוט־באזיצער) וואָלט ניט געקאָנט ביישטיין קעגן דער אַפּעלירונג פון דער קאָמונע צו די לעבנס־אינטערעסן און טאָג־טעגלעכע באדערפעניש פון די פויערים. די גוט־באזיצער האבן אויסגעצייכנט פארשטאנען (און פאר דעם האבן זיי מער פון אַלץ מוירע געהאט), אַז אויב דער קאָמונאלער פּאַריז וועט פריי פארקערן מיט דער פּראָווינץ, וועט אין אַ וואָסערע עס איז דריי כאַדאָ־שים אויסברעכן אַן אַרום און אַרומיקער פויערים־אויפשטאנד. אָט דעריבער טאַקע האבן זיי אַזוי פּאַכדאָנעסדיק זיך געאיילט אַרומצורינגלען פּאַריז מיט א פּאָליצייאישער בלאָקאדע, קעדיי צו שטערן דער פארשפּרייטונג פון דער אָנ־שטעקעכץ.

די קאָמונע האט געדינט אַלס ווירקלעכע פאָרשטייערין פון אַלע געזונטע עלעמענטן פון דער פראנצויזישער געזעלשאפט; זי איז דעריבער געווען אַ ווירקלעך נאציאָנאלע רעגירונג. אָבער זייענדיק אַן ארבעטער־רעגירונג, אַ דרייסטע פארטיידיקערן פון דער אַרבעט־באַפרייאונג, איז זי אין דער זעלבער צייט געווען אַן אינטערנאציאָנאלע אינם פולן זין פון וואָרט. פּאָנים על פּאנים מיט דער פּרייסישער אַרמיי, וואס האט פאַריינוקט צו דייטשלאנד צוויי פראנצויזישע פּראָווינצן, וואָלט די קאמונע פאריינוקט אַרום פראנקרייך די ארבעטער פון דער גאנצער וועלט.

די צווייטע אימפּעריע איז געווען אַ יאָנטעוו פון קאָסמאָפּאָליטישער שווינדלעריי. אַף איר רוף האבן זיך פון אלע לענדער א וואָרף געטאָן די רויבער, קעדיי צו באטייליקן זיך אין אירע אָרגיעס און אינם בארויבעווען דאס פראנ־צויזישע פאָלק. אַפילע אין דער איצטיקער רעגע איז טיערס רעכטע האנט —

דער וואלאכישער שווינדלער גאנעסקאָ, און זיין לינקע האנט — מארקאָווסקי·
די קאָמונע האט פארשאפט אלע אויסלענדער די ערע צו שטארבן פאר אן
אומשטערבלעכער זאך. די בורזשואזיע האט באוויזן אין דער צווישנצייט פון
דער אויסערן מילכאמע, ווייל מע האט זי
פאראטן, און דעם בירגער־קריג, וואס איז ארויסגערופן געווארן אַדאנק איר
פארשווערונג מיט די אויסלענדישע דעראָבערער, — ארויסצואווייזן איר פאט-
ריאטיזם דורך פאָליצייאישן העצן קעגן די דייטשן איבער גאנץ פראנקרייך.
די קאמונע האט באשטימט א דייטש אלס מיניסטער פון די געזעלשאפטלעכע
ארבעטן.

(קארל מארקס „בירגער־קריג")

# 27. וואס לערנט אונז די קאמונע.

(פון מארקס בריוו צו קוגעלמאנען)

לאנדאן, 12 אפרעל 1881־טן יאר.

טייערער קוגעלמאן.

אויב דו וועסט דורכקוקן דאס לעצטע קאפיטל פון „18־טן בריומער", וועסטו
זעען, אַז לויט מיין מיינונג וועט דער נאָענטסטער אויפשטייג פון דער פראנצוי-
זישער רעוואָלוציע זיין אַ פרואוו ניט איבערצוגעבן ביוראָקראַטיש די מילי-
טערישע מאשין פון איינע הענט אין די צווייטע, ווי דאס פלעגט זיין ביז
איצט, נאָר צעשטערן דידאָזיקע מאַשין. אָט דאס איז בעפיירעש דער פאָר-
באדינג פון יעדערער ווירקלעכער פאָלקס־רעוואָלוציע אַפן קאָנטינענט. דאָס איז
טאַקע גראָד דער פרואוו פון אונזערע העלדישע פאַריזער כאַווײרים. וואס פאר
אַ בויגעוודיקייט, וואס פאר אַ היסטאָרישע איניציאַטיוו, וואָס פאר אַ פעאיקייט
פון מעסירעסנעפעש איז באַ דידאָזיקע פאריזער. נאָך אַ זעקסכאדאשימדיקן
הונגערן און רואינירונג, וואס איז ארויסגערופן געווארן אַסאך מער דורכן
אינערלעכן פאַראט, איידער דורכן אויסערלעכן סוינע, שטייען זיי אלץ אונטער
די דייטשישע באגנעטן, פונקט אַזוי ווי עס וואלט גאר קיין מילכאמע ניט גע-
ווען צווישן פראנקרייך און דייטשלאנד, פונקט אזוי ווי דער סוינע וואָלט נאָך
ניט געשטאנען בא די טויערן פון פאריז. די געשיכטע ווייס נאך ניט קיין
ביישפיל פון אַזא העלדישקייט. אויב זיי וועלן זיך ארויסווייזן פאר באזיגטע,
וועט דערינען קיין זאך ניט זיין שולדיק, אַכוץ זייער „גרויסמוטיקייט". מע
האט געדארפט טייקעף גיין אַף ווערסאל, ווי נאר ווינוא און גלייך נאָך אים
דער רעאקציאָנערער טייל פון דער פאריזער נאציאנאלער גווארדיע זיינען
אנטלאָפן פון פאריז. דער מאמענט איז דורכגעלאזט געווארן צוליב געוויסנ-
האפטיקייט. מע האט ניט געוואלט אָנהויבן קיין בירגערקריג, פונקט
ווי דער אויסטערלישער דעגענערירטער טיער האט אים ניט אנגעהויבן מיט

זיין פּרואוו צו אנטוואָפּענען פּאריז! א צווייטער פעלער: דער צענטראל-קא-מיטעט האט צו פרי זיך אָפּגעזאגט פון זיינע פולמאכטן, קעדיי אָפּצוטרעטן דאס ארט דער קאמונע. ווידעראמאל אדאנק דער „ערלעכקייט" וואס איז דערגאנגען ביז איבערטראכטערישקייט! ווי די זאך זאל ניט זיין, איז דער איצטיקער פּאריזער אויפשטאנד, — ווען אָפּילע ער וועט אונטערדריקט ווערן דורך די וועלף, כאזיירים און געמיינע הינט פון דער אלטער געזעלשאפט, — די רום-פולסטע העלדישקייט פון אונזער פּארטיי זייט דעם יוני-אויפשטאנד. זאל מען פארגלייכן מיט אט די פּאריזער, וואס זיינען גרייט צו שטורעמען דעם הימל, די קנעכט פון דער דייטשיש-פּרייסישער הייליקער רוימישער אימפּעריע מיט אירע אוראלטע מאסקאראדן, וואס שמעקן מיט קאזארמע, קלויסטער, יונקערטום און מער פון אלץ מיט צוויעס...

## ליטעראַטור:


1. Н. Лукин (Антонов). „Парижская Коммуна". 2-ое издание Социалист. Академии.

2. Лавров. Парижская Коммуна 18-го марта 1871 года.

3. А. Арну. „Народная история Парижской Коммуны".

4. Степанов. „Парижская Коммуна". Издание „Красная Новь".

5. Маркс. „Гражданская война во Франции" и „Письма Кугельману",

6. Х. Слуцкий. „Парижская Коммуна".

# אינהאלט

זײַט

## קאַפּיטל VIII. די פּאַריזער קאָמונע:



## דאָקומענטן און מאַטעריאַלן:

פראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

צ. פרידלאַנד, א. סלוצקי

# געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מאיירעוו-אייראָפּע

# 1789—1923

לערנבוך און כרעסטאָמאַטיע

פערטער טייל

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע 1928

# די עקאָנאָמישע לאַגע פון אייראָפּע צום סאָף פון 19-טן און אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט

דער סאָף פון דעם 19-טן און אָנהויב פונם נייעם יאָרהונדערט גייען אונטערן צייכן פון אַ קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג און אינדוסטריאַליזירונג פון די פּראָדוציר-קויכעס אין די הויפּט-לענדער פון מאַירעוו. צו דערדאָזיקער צייט פאַרענדיקט זיך דער פּראָצעס פון אויסבילדונג פון די נאַציאָנאַל-בורזשואַזע מעלוכעס (דייטשלאַנד, איטאַליע און אנד.).

דעם פּעריאָד 1848—1870 יאָר קאָן מען כאַראַקטעריזירן, ווי דעם זיג-פּעריאָד פונם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל אַף אַלע פראָנטן. אין 1846 יאָר האָט דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל אין ענגלאַנד באַזיגט די ערדבאַזיצער אינם קאַמף פאַר די ברויט-שטייערן, די וואַל-רעפאָרם פון 1867 יאָר האָט פּאָליטיש אויסגעפורעמט די קאָנסאָלידאַציע פון די קלאַסן-קויכעס פונם לאַנד.

די פאַרייניקונג פון איטאַליע און אַ ריי מילכאָמעס אין 1859, 1866 און 1870 יאָרן, ווי אויך די פרואוון צו פאַרייניקן דייטשלאַנד ביזן 1870 יאָר, האָבן אויך געלייזט די אויפגאַבע פון שאַפן א מעלוכע פונם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם.

און לעסאָף האָט פראַנקרייך נאָך דער פאַריזער קאָמונע פון 1871 יאָר באַקומען די III רעפּובליק, די טיפּישע רעפּובליק פון דער בורזשואַזיע.

אַף אָט דעם פונדאַמענט קריגט איר פאַרענדיקונג די עקאָנאָמישע רעוואָלוציע, וואָס דעם אָנהויב אירן האָבן מיר נאָכגעפאָרשט אין די פריער-דיקע קאַפּיטלעך, און עס הויבט זיך אָן א נייער און דער לעצטער פאַזיס פון דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם — דער אימפּעריאַליסטישער. ניט קוקנדיק אַף אַ גאַנצער ריי קריזיסן, קריגט דער טעמפּ פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר-קויכעס אַזאַ שוואונג ווי נאָך קיינמאָל ניט. אַזוי לעמאָשל, וואַקסט די אויסאַרבעטונג אין די גרונט-צווייגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט (שטיינקוילן, אייזן, טשוהון) מיט אַ מערקווירדיקער שנעלקייט, ווי עס איז צו זען פון דער טאַבעלע (זע זייט 6 ערשטע טאַבעלע).

פאַר 60 יאָר איז דער אַרויסבאַקום פון שטיינקוילן אויסגעוואַקסן אין איבער 14 מאָל, אייזן-ארצן — אין העכער 12 מאָל, טשוהון — העכער 13 מאָל. נאָך בוילעטער זעט זיך אָן אָט דער פּראָצעס אַף א קורצערן מעשעך פון

צייט פון 1892 ביזן 1912 יאָר לויט די באַזונדערע לענדער, ווי עס איז צוזען פון די טאַבעלעס (די צווייטע און דריטע).

## שטיין-קוילן

| יאָרן | שטיינקוילן (אין מיליאָנען מעטער-טאָן) | אייזן-ארץ (אין טויזנטער מעטער-טאָן) | טשוהון (אין טויזנטער מעטער-טאָן) |
|---|---|---|---|
| 1850 . . . . . | 82,6 | 11.500,0 | 4.750 |
| 1875 . . . . . | 283,0 | 18.000,0 | 14.119 |
| 1880 . . . . . | 344,2 | 43.741,0 (1900) | — |
| 1890 . . . . . | 514,8 | 59.560,1 | 41.086 (1900) |
| 1905 . . . . . | 940,4 | 117.096,3 | 54.804 |
| 1911 . . . . . | 1.165,5 | 139.536,8 (1910) | 64.896 |

## שטאָל-פּראָדוקציע (אין טויזנטער מעטער-טאָן)

| יאָרן | דייטשלאַנד | פראנקרייך | ענגלאנד |
|---|---|---|---|
| 1892 . . . . . | 2.756 | 825 | 2.920 |
| 1902 . . . . . | 7.422 | 1.568 | 4.009 |
| 1912 . . . . . | 17.302 | 4.404 | 6.903 |
| א פארגרעסערונג אף | 527,6% | 431,8% | 136,4% |

## טשוגון-פּראָדוקציע (אין טויזנטער מעטער-טאָן)

| יאָרן | דייטשלאַנד | פראנקרייך | ענגלאנד |
|---|---|---|---|
| 1892 . . . . . | 4.928 | 2.057 | 6.709 |
| 1902 . . . . . | 8.815 | 2.405 | 8.860 |
| 1912 . . . . . | 17.617 | 4.939 | 8.751 |
| א פארגרעסערונג . | 257,6% | 140,4% | 30,4% |

די לענג פון דער באַן-נעץ אַפן ערד-קוגל איז פאר 60 יאָר פאַרגרעסערט געוואָרן קימאַט אין 27 מאָל אָדער פאר די לעצטע 40 יאָר (1870—1910 יאָרן) בא א 5 מאָל, ווי עס איז צו זעען פון פאָלגנדיקער טאַבעלע:

**א י ז נ ב א ן (אין קילאָמעטערס)**

| יאָרן | אייראָפּע | אמעריקע | אזיע | אפריקע | אווסטראליע | אין אַלע לענדער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1850 . . . | 23.504 | 15.064 | — | — | — | 38.570 |
| 1860 . . . | 51.862 | 53.935 | 1.393 | 455 | 367 | 108.012 |
| 1870 . . . | 104.914 | 93.139 | 8.185 | 1.786 | 1.765 | 209.789 |
| 1880 . . . | 108.983 | 174.666 | 16.287 | 4.646 | 7.847 | 372.429 |
| 1890 . . . | 223·864 | *331.417 | 33.724 | 9.386 | 18.889 | 617.285 |
| 1900 . . . | 283.525 | 402.171 | 60.301 | 20.114 | 24.014 | 790.125 |
| 1910 . . . | 333.848 | *526.382 | 101.916 | 36.854 | 31.014 | 1.030.014 |
| 1911 . . . | 338.880 | 541.028 | 105.011 | 40.489 | 32.401 | 1.087.899 |

דעם קאָלאָסאַלן וואוקס פון די פּראָדוציר-קויכעס פון אייראָפּע אין סאָף פון 19-טן יאָרהונדערט האָט מיטגעהאָלפן אַ גאַנצע ריי דערפינדונגען און אויסבעסערונגען אין דער טעכניק. די איבערקערעניש אין דער אינדוסטריע, וואָס עס האָט אַריינגעטראָגן די אָנווענדונג פון דעם דאַמף-מאָטאָר, קאָן זיך גאָר ניט פאַרגלייכן מיט דער רעוואָלוציע, וואָס עס האָט געבראַכט דער מאָטאָר פון אינעווייניקסטער פאַרברענונג, די אָנווענדונג פון נאַפט אין דער אינדוסטריע און אין טראַנספּאָרט און עלעקטריע. דאָס אויסנוצן די קראַפט פון פאַלנדיקן וואַסער („ווייסע-קוילן") און דאָס באַנוצן דעם גאַז-מאָטאָר, וואָס גיט אַ קאָלאָסאַלע עקאָנאָמיע פון הייצוואַרג, האָט געעפנט די ברייטסטע פּערספּעקטיוון. צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג און דער פאַרפאָלקאמונג פון דער טעכניק איז געוואקסן די אויסאַרבעטונג פון די מאַשינען גופא — איז פאָרגעקומען דער וואוקס פון דער מאַשינען-אינדוסטריע.

נעסמיטס דאַמף-האַמער, וואָס איז פאַרפולקומט געוואָרן אין 1851 יאָר, און וואָס ווען אים רעדט מאַרקס און אנד. עקאָנאָמיסטן, ווי אַ וואונדער פון טעכניק, איז ניט מער ווי א שפּילכל אנקעגן די דאַמף און עלעקטרישע האַמערס, וואָס מע נוצט איצטער און וואָס באַאַרבעטן טויזנט-פודיקע מעטאַ-

* אין די אנטילישע אינזלען

לענע קלעצער. און די מאָטאָרן פון דעם נייעם טיפּ, די אַזויגערופענע טורבאָ-גענעראַטאָרס אָדער דאַמף-טורבינעס, וואָס האָבן פארביטן די אַלטע דאַמף-מאַשינען, און וואָס אַנטוויקלען אַ קאָלאָסאַלן סכום פערד-קראַפט, קאָן מען לויט זייער מעכטיקייט נאָך ניט פאַרגלייכן מיט קיין איינער פון די דערפינדונגען פון דער פריערדיקער צייט, וואָרום זיי האָבן געלייזט די פּראָבלעם פון איבערגעבן ענערגיע אף אַ דיסטאַנץ אָן א גאנצער ריי טראנס-מיסיע-מעכאַניזמען. די מאָטאָרן פון אינעווייניקסטער פארברענונג (דיזעלס און אנד.), וואָס מע האָט באנוצט אין די 80—90-ער יאָרן, האָבן געגעבן א א מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען א קאָלאָסאַלע ענערגיע בא דער מאַקסימאַלס-טער אויסנוצונג (35%) פון די מאטעריאַלן, וואָס שפייזן די מאַשין.

די העכסטע הויכן פון אַנטוויקלונג דערגרייכט די טעכניק צום סאָף פון דעם יאָרהונדערט אין דער אווטאָמאטיזירונג פון דעם פּראָדוציר-פּראָצעס אין דער פארבייטונג פון מענטשלעכער האַנט-אַרבעט דורך מאַשין-אַרבעט. נאָרטראָפּס פארפולקומטער וועב-אַפּאראט, וואָס האָט דעם גאַנצן פּראָצעס פון וועבן פאַרוואנדלט אין אן אַווטאָמאטישן, מאַכט מעגלעך, אַז איין ארבעטער פון מיטעלער קוואליפיקאציע זאָל אכטונג געבן אף 16 וועבשטולן און א היך קוואליפיצירטער — אף 30, וואָס דאָס איז שוין אזויפיל וויפל א קליין פאַבריקל פאַרציייטן. אַ גאַנצע ריי נייע מאַשינען און אַפּאַראטן שטויסן ארויס פון דער פּראָדוקציע דעם מענטשן, פאַרייניקנדיק און אווטאָמאַטיזירנדיק א גאַנ-צע ריי געוועזענע זעלבשטענדיקע אַרבעט-פּראָצעסן.

אָבער אָט דער וואונדערלעכער וואוקס פון דער טעכניק און פון די פארפול-קומטע מאַשינען איז מעגלעך געווען נאָר אַפּן גרונט פון די נייע אנטדעקונגען אין דער איבעראַרבעטונג פון אייזן און שטאָל. דערדאָזיקער נייער מעטאָד צו בעסעמע-רירן אייזן (1853), דערגאנצט דורך דעם מארטענישן מעטאָד, האָט מעגלעך געמאכט אויסצואַרבעטן גרויסע סכומען ריינערע שטאָל, און די פארפולקומונג וואָס עס האָט געמאַכט דער סאָציאליסט סידנעי טאָמאס (1878), האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באקומען פון ארץ ריינע שטאָל. דידאָזיקע אנטדעקונגען האָבן געמאכט אן עמעסע רעוואָלוציע אין דער פּראָדוקציע, זיי האָבן וועל-וועלער געמאכט אין עטלעכע מאָל דעם קאָסט פון שטאָל, און דאָס האָט געגעבן א שטויס צו אן אומגעהויערער אנטוויקלונג פון באַן-בויערײַ, שיף-בויערײַ, דעם געבוי פון טונעלן, בריקן און אנדערע גיגאנטישע ביניאָנים, אנטוויקלענדיק די מעטאלורגישע אינדוסטריע אין פראנקרייך און דעריקער אין דייטשלאַנד. שטאָל האָט אָנגעהויבן ארויסצושטויסן האָלץ, און האָט פאר-נומען אזא אָרט אין דער פּאָליטיק פון די מעלוכעס, אז לויט דער מאדרייגע פון דער אַנטוויקלונג פון דער מעטאלורגישער אינדוסטריע האָט זיך אָנגעע-הויבן שאַצן זייער פּאָליטישע ספּעציפישע געוויכט.

דאָס אריבערטראָגן דעם שווער-פּונקט פונם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון אייראָפּע אין סאָף פון 19-טן יאָרהונדערט פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע צו

דער מעטאלורגישער איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישע פאַקטן, וואָס האָבן באַשטימט די פּאָליטיק פון די מעלוכעס. דערדאָזיקער פּראָצעס האָט זיך בוילעט אַרויסגעוויזן ניט נאָר אין די לענדער פונם „נייעם" קאַפּיטאַליזם, ווי לעמאָשל, דייטשלאַנד. נאָר אויך אינם לאַנד פון דער אלטער בוימוואָל-אינ-דוסטריע — ענגלאַנד. איינציקע ציפערן וועגן דער באַוועגונג פונם ענגלישן עקספּאָרט, אילוסטרירן בוילעט דידאָזיקע לאַגע. אזוי, לעמאָשל, האָט דער ווערט פונם ענגלישן אימפּאָרט באטראָפן אין מיליאָנען מאַרק:

| נ אָ מ ע ן | 1880 יאָר | 1897 יאָר | (—) פאַרקלענע-רונג (+) פאַר-גרעסערונג |
|---|---|---|---|
| בוימוואָל-סכוירעס (אָן גאַרן) . . . . . | 1.273,2 | 1.080,8 | — 192,4 |
| לייוונטענע סכוירעס . . . . . . . . . | 106,7 | 95,4 | — 11,3 |
| זיידענע סכוירעס . . . . . . . . . . | 40,6 | 26,7 | — 13,9 |
| וואלענע סכוירעס . . . . . . . . . | 345,3 | 319,5 | — 25,8 |
| סאכאקל . . . . . . . . | 1.765,8 | 1.522,4 | — 243,4 |
| אינסטרומענטן און געצייג . . . . . . . | 7,5 | 27,2 | + 19,7 |
| מאשינעס . . . . . . . . . . . . | 245,2 | 303,6 | + 58,4 |
| נײ-מאשינעס . . . . . . . . . . . | (1885) 7,4 | 21,4 | + 14,0 |
| אייזנווארג (געשמידטע) . . . . . . . | 75,8 | 95,5 | + 19,7 |
| שטאָלענע סכוירעס . . . . . . . . . | 16,5 | 22,7 | + 6,2 |
| שטיינקוילן . . . . . . . . . . . | 167,4 | 332,1 | + 164,7 |
| סאכאקל . . . . . . . . | 519,8 | 795,5 | + 275,7 |

פאַר 17 יאָר איז דער סכוירעס-עקספּאָרט פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע געפאַלן אף אַן ערעך 14%, און דער צייט ווען דער סכוירעס-עקספּאָרט פון דער מעטאַלורגישער און שטיינקוילן-אינדוסטריע איז אויסגעוואקסן ביז 32%.

דיזעלבע דערשיינונג קאָן מען באַאָבּאַכטן אויך אַף דער ראָלע פון דער מעטאַלורגיע אין דייטשלאַנד מיט דעם אונטערשייד בלויז, וואָס דאָרט איז דערדאָזיקער פּראָצעס געגאַנגען אינטענסיווער. אַזוי איז דער עקספּאָרט פון די פאַבריקאַטן פון דער טעקסטיל- און פילץ-אינדוסטריע פאַר דער צייט פון 1890 יאָר ביזן 1899 יאָר געפאַלן אַף 89,7%, אין דער צייט, ווען דער

עקספּאָרט פון די פאַבריקאַטן פון דער מעטאַל-אינדוסטריע איז פאַרגרעסערט געוואָרן אף 107,3%, און דער עקספּאָרט פון מאַשינעס און אינסטרומענטן איז פאַרגרעסערט געוואָרן אַף 102,4%.

די שווערע מעטאַלורגישע אינדוסטריע איז געוואָרן דער גרונט-צווייג פון אינדוסטריע אין דער פאָלקס-ווירטשאַפט, די קעניגן פון שטאָל און אייזן האָבן געקראָגן א קיינמאָל ניט געוועזענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכט. אַזוי האָט זיך אייראָפּע אינדוסטריאַליזירט צום אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט, גייענדיק אונטערן צייכן: „דאָס יאָרהונדערט פון דאַמף און עלעקטריע”.

## די קאָנצענטרירונג און מאָביליזירונג פון קאַפּיטאַל

אָט דער פּראָצעס, וואָס מיר האָבן דאָ באשריבן, איז פאָרגעקומען אפן יעסאָד פון אַן אנדער עקאָנאָמישן פּראָצעס — דער קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע, דער ארויסשטויסונג פון די קליינע אונטערנעמונגען דורך גרויסע, ראַציאָנעל געשטעלטע, אַפן יעסאָד פון א העכערער מאַשין-טעכניק מיט א ברייטער אַרבעט-צעטיילונג. דידאָזיקע קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע האָט צום סאָף יאָרהונדערט דערגרייכט צו אַן אומגעהויערער גרויס, באשאַפנדיק מעכטיקע אונטערנעמונגען מיט אַ געוואַלדיקער צאָל אַרבעטער. אַזוי, לעמאָשל, איז לויט דער ציילונג פון 1882, 1895 און 1907 יאָר אין דייטשלאַנד דער פּראָצענט קליינע אונטערנעמונגען (ביז 5 מאַן אַרבעטער) געפאַלן פון 95,6 ביז 92,7 און 89,6, אין דער צייט, וואָס דער פּראָצענט פון די מיטעלע (16—40 אַרבעטער) האָט זיך פאַרגרעסערט פון 3,8 ביז 6,5 און 9, און פון די גרויסע — פון 0,4 ביז 0,8 און 1,4, ד. ה. העכער ווי אין דריי מאָל. אין דערזעלבער צייט האָט זיך דער פּראָצענט באשעפטיקטע אַרבעטער אין דער קליין-אינדוסטריע פאַרקירצט פון 55,1 ביז 39,9 און 29,5, און האָט זיך אויפגעהויבן פאַר דער מיטעלע פון 18,6 ביז 23,8 און ביז 25, און פאַר דער גרויסער — פון 26,1 ביז 36,3 און 45,4%. אָט די קאָנצענטראַציע איז געווען באַזונדער שטאַרק אין דער כעמישער אינדוסטריע, מאשינענבויערײַ און בארג-אַרבעט, וואו אין די גרויסע אונטערנעמונגען זיינען געווען פאַרנומען פון 69,8 ביז 70,4 און 96,6% פין אַלע אַרבעטער. ווען מיר זאָלן צוגעבן דערצו, אַז אַפן כיילעק פון דער גרויס-אינדוסטריע איז אין 1907 יאָר אין דייטשלאַנד פון דעם אלגעמיינעם סכום 8,8 מיליאָן דאַמף-פערדקראפט אויסגעקומען 6,6 מיליאָן אָדער 75%, און עלעקטרישע קראַפט — פון 1,5 מיליאָן קילאָוואט — 1,2 מיליאָן קילאָוואט ד. ה. 80%, וועלן מיר באקומען אַ פולשטענדיק בילד פון דעם גיגאנטישן פּראָצעס פון דער קאָנצעטראציע און מאָנאָפּאָל. אויב אין 1882 יאָר איז אַפן כיילעק פון דער גרויסער פאבריק-אינדוסטריע אויסגעקומען 47—54 פּראָצענט פון דער גאנצער דייטשישער פּראָדוקציע, איז צום סאָף יאָרהונדערט דערדאָזיקער כיילעק אויסגעוואַקסן ביז 60—70 פּראָצ.

דעם פּראָצעס פון דעם פאַרשלונגען ווערן פון די קליינע אונטערנע-
מונגען דורך די גרויסע, וואָס ווערן אַלץ גרעסער, קאָן מען נאָך, קלערער
זעען אין אָט דער טאַבעלע:

| נאמען | יארן | צאל אונ-טערנעמונגען | צאָל ארבעטער | סאכאקל פון דער פּראָדוקציע אין טאָנען |
|---|---|---|---|---|
| אויסגעאַרבעט שטיינקוילן אין דייטשלאנד | 1770—75 . . . | 629 | 172.074 | 34.485.400 |
| | 1882 . . . | 492 | 195.958 | 52.118.600 |
| | 1888 . . . | 422 | 225.452 | 65.386.100 |
| אויסגעאַרבעט אַייזנארץ אין דייטשלאנד | 1870—71 . . . | 1.733 | 34.128 | 5.261.800 |
| | 1882 . . . | 956 | 38.783 | 8.263.200 |
| | 1888 . . . | 808 | 36.009 | 10.664.800 |

אַן אַנאַלאָגישער פּראָצעס איז אויך פאָרגעקומען אין די אַנדערע מאַי-
רעוו-לענדער. אַזוי, לעמאָשל, זיינען אין פראנקרייך לויט דער אַנקעטע פון 1896
יאָר 36% פון אַלע אַרבעטער באַשעפטיקט געווען אין דער גרויס-אינ-
דוסטריע.

דאָס אַלץ האָט געפירט דערצו, אַז די אשירעס איז געוואַקסן אף איין
פּאָלוס, קאָנצענטרירנדיק זיך אין די הענט פון אַ קליין הייפל מאַגנאַטן פון
קאַפּיטאַל, בעאייס אף דעם אנדערן פּאָלוס איז געוואקסן די צאָל פּראָלעטא-
ריער און אָרעמעלייט. דאָס דאָרף, וואָס האלט קעסיידער אין פּראָלעטאַריזירן
זיך, טרייבט די איבעריקע הענט אין די שטעט אף פאבריק-פּאַרנאָסע. די
ירידע פון דער לאַנדווירטשאַפט און דער אויפבלי פון דער שטאָט-אינדו-
סטריע האָבן געפירט צו אַן איבערפּארטיילונג פון די אינדוסטריע-צווייגן,
צו אַן איבערגרופּירונג פון די פּראָדוציר-קויכעס. פון אגראַרע און האַלב-
אַגראַרע לענדער, וואָס דייטשלאנד און פראַנקרייך זיינען געווען אין
אָנהויב יאָרהונדערט, ווערן זיי קאַפּיטאַליסטישע, אינדוסטריעלע צו זיין סאָף
און צום אָנהויב פון דעם נייעם יאָרהונדערט. אין דעם פּראַט זיינען באַלערנ-
דיק די ציפערן וועגן דער פּאַרהעלטעניש פון דער שטאָטישער און דאָרפישער
באַפעלקערונג אין פּאַרשיידענע לענדער (זע טאבעלע אף דער זייט 12).

און לויט בערנשטיינס ציפערן האָבן זיך אין דייטשלאַנד באַשעפטיקט
מיט לאַנדווירטשאַפט אין 1882 יאָר 45,5%, אין 1895 יאָר 35,7% און אין
1907 יאָר — 28,6% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

### פראַנקרייך

| יאָרן | דאָרפישע באַפעלקערונג | שטאָטישע באַפעלקערונג |
|---|---|---|
| | אין פּראָצענטן | |
| 1851 | 74,5 | 25,5 |
| 1872 | 68,9 | 31,1 |
| 1891 | 62,6 | 31,4 |
| 1901 | 59,1 | 40,9 |
| 1906 | 57,9 | 42,1 |
| **ענגלאַנד** (מיט וועלס) | | |
| 1851 | 49,92 | 50,08 |
| 1871 | 38,2 | 61,8 |
| 1891 | 27,95 | 72,05 |
| 1901 | 23,0 | 77,0 |
| 1911 | 22,0 | 78,0 |
| **דייטשלאַנד** | | |
| 1871 | 63,9 | 36,1 |
| 1890 | 53,0 | 47,0 |
| 1895 | 49,8 | 50,2 |
| 1900 | 45,7 | 54,3 |
| 1905 | 42,7 | 57,3 |

## די אַקציאָנערע פאָרמעס פון די אונטערנעמונגען און דער פינאַנץ-קאַפּיטאַליזם

דערדאָזיקער קאָלאָסאַלער וואוקס פון דער טעכניק און די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע, וואָס פאָדערט אומגעהויערע קאַפּיטאַלן, איז מעגלעך געווען נאָר בּאַ דער נייער פאָרמע פון די אַקציאָנערע אונטערנעמונגען. טרעסטן, קאַרטעלן, סינדיקאַטן — אַט די נייע דערשיינונגען אין דער עקאָנאָמישער עשיכטע — הויבּן זיך אָן צו בּאַווייזן אין דער אינדוסטריע אלץ מער און מער

נאָכן קריזיס פון 73-טן יאָר, ביז וואנען זיי ווערן ניט, אין אָנהויב 20-טן יאָר-הונדערט, די הערשנדיקע פאָרם אינם ווירטשאַפטלעכן לעבן. אָפּטיילנדיק „די פונקציעס פון קאַפּיטאַל פון די פונקציעס פון אונטערנעמער“, האָט די אַקציאָ-נערע פאָרם געשאַפן דעם אומפּערזענלעכן קאַפּיטאַל. דאָס האָט געגעבן א מעגלעכקייט צו מאָביליזירן דעם קליין-קאַפּיטאַל מיט דער הילף פון ארויסלאָזן אַקציעס, פאַרשפּרייטנדיק זיי אין אַן אומגעהויערער מאָס, און אין דערזעלביקער צייט האָט עס אויך פאַרגרעסערט און טעכניש אויסגעבעסערט די פּראָדוקציע, באשאפנדיק א ריזיגן און צופּאַסעוודיקן אינדוסטריעלן אַפּאַראַט. דאָס רעכט אף אַן אַקציע, וואָס גיט א האלוואַ-פּראָצענט, ווען עס איז דאָ דערביי די בירזשע, באַשאַפט א האנדל מיט אקציעס. מיט דער אנטוויקלונג פון דעם באנק-געשעפט און זיין קאָנצענטרירונג ווערט דער מעקאַר-אומעמקער מיט אקציעס און קאָלעדליי ווערטפּאַפּירן די גרונט-אָפּעראציעס פון די בענק. פון פארמיטלער ווערן זיי מאָנאָפּאָליסטן-אקציאָנערן. עס קומט פאָר די צונויפוואַקסונג פון דעם באַנק-קאַפּיטאל מיטן אינדוסטריעלן אין דעם געשטאַלט פון דעם אזויגערופענעם, פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וואָס האלט אין זיינע הענט די פעדים פון דער גאנצער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. מיר האָבן שוין געזען, אפן ביישפּיל פון דייטשלאַנד, אז די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע פירט צו פאקטישער מאָנאָפּאָל, אַז אין די הענט פון דער גרויס-אינדוסטריע קאָנצענטרירט זיך די גאנצע עקאָנאָמישע מאכט פון לאַנד. דער פינאנץ-קאַפּיטאל און די בענק פאַרשטאַרקן נאָך מער די מאנאפּאליסטישע ראָלע פון דעם הייפל גרעסטע אונטערנעמונגען. אָט דער כאראקטעריסטישער שטריך פון דער נייער פאזע פון קאפּיטאליזם — דער אימפּעריאליסטישער — פירט דערצו, אַז די גאנצע וועלט פאַלט אונטער אונטער דער הערשאַפט פון אַבינטל פינאַנסיסטן. מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אף דער עקאָנאָמישער זייט פון דער מאָנאָפּאַל (זע די ווערק פון לענין און בוכארין וועגן אימפּעריאליזם און פינאַנץ-קאַפּיטאַל); מיר וועלן נאָר פארצייכענען, אַז די מאָנאָפּאָל, בא דער פארמיטלער-שאפט פון די בענק, פארוואנדלט די איינצלנע קאַפּיטאַליסטן אין איין קאָלעקטיוון קאַפּיטאליסט, וואָס, באַנוצנדיק זיך מיטן כעשבן-אפּאַראַט פון באנק (לויפנדיקע כעשבוינעס און ד. גל.), גיט ער אכטונג און קאָנטראָלירט (מיט דער הילף פון קרעדיט) די לאַגע אין יעדער אונטערנעמונג, און נאָכמער, ער ווירקט אַפילע אפן גאנג פון די געשעפטן דאָרטן, באשטימענדיק איר גורל. פון דער אנדערער זייט, ברענגט דידאָזיקע מאָנאָפּאָל דערצו, אז דער מאָנאָפּאָליסט אָרגאַניזירט די טעכניש פולקומע אונטערנעמונגען ניט נאָר אין איין צווייג פון דער אינדוסטריע, נאָר אויך אין אַ גאנצער ריי געהילף-צווייגן און אזעלכע, וואָס זיינען מיט איר פארבונדן. קעדיי צו פארניכטן די קאָנקורענץ, פאַרייניקט ער אין איינע הענט די צווייגן פון ארויסבאקומענדיקער און באארבעטנדיקער אינדוסטריע, באשאפנדיק גיגאנטישע קאָמבינאַטן, אפן שטייגער פון די דייטשישע טרעסטן, וואָס באזיצן פון קוילנגרובן און מעטאַרלוגישע זאוואָדן ביז

באדינענדיקע געהילף-אונטערנעמונגען מיט אַן אייגענעם באַן- און יאם-טראנס-פּאָרט.

## די וועלט-ווירטשאַפט און די קאָלאָניאלע פּאָליטיק

דער קאפּיטאליזם האָט באשאפן דעם אויסלענדישן מארק און די צווישנ-פעלקערלעכע ארבעט-צעטיילונג, וואָס ווערט באשטימט דורך די נאטורעלע און סאָציאל-עקאָנאָמישע באדינגונגען פון איטלעכן לאנד. די אנטוויקלונג פון דעם קאפּיטאליזם האָט פארטיפט אַט די צווישנפעלקערלעכע צעטיילונג פון ארבעט, פארבינדנדיק אין איין גאנצע פארשיידענע ווירטשאפטלעכע אָרגאַניז-מען. די צווישנפעלקערלעכע צעטיילונג פון ארבעט אין דער וועלט-ווירטשאפט דריקט זיך אויס אין דעם צווישנפעלקערלעכן אויסטויש, אין דעם וואוקס פון די אלוועלטלעכע פארקער-וועגן און דעם וועלט-האנדל.

אָט די פארבינדונג פון קאָלרעליי ווירטשאפטלעכע ארגאניזמען האָט זיך צום אנהויב XX יארהונדערט איינגעשטעלט אזוי פעסט, אז אויב עס וואָלט ארויסגעפאלן א וואָסער ניט איז טייל פון דער גאנצער קייט, וואָלט דאָס געווען פארבונדן מיט קאָלאָסאלע עקאָנאָמישע פאלגן פאר די איבעריקע לענ-דער. אלס בעסטער ביישפּיל קאן דינען די גרויסע מילכאמע.

דידאָזיקע פארבינדונג האט זיך געלאָזט פילן אף די אייראָפּעאישע מערק פון בערלין, פאריז און לאנדאן און יעדע מעניע אין וואסער ניט איז ווירטשאפט-לעכן צווייג אין איין לאנד האָט זיך גלייך קאטירט אף די אינטערנאציאנאלע בירזשעס.

דער מאנאפּאליזם אף דעם אינערלעכן מארק, און די באַדינגונגען פון דער וועלט-ווירטשאַפט פירט צו א מאנאפּאל אויך אפן אויסער-לעכן צווישנפעלקערלעכן מארק. דערצו העלפט נאָך מיט נאָך א כאראקטע-ריסטישע אייגנשאפט פון דער נייער פאזע אין דער אנטוויקלונג פון דעם קאפּיטאליזם — דער ארויספיר פון קאפּיטאל פון איין לאנד אין דעם אנדערן. דערדאָזיקער עקספּארט קומט פאר אי אין דער פארם פון קאפּיטאל, וואָס ברענגט פּראָצענטן, אי אזא, וואָס ברענגט רעווענד. אויב דער ארויספיר פון פארשיידענע לענדער איז פריער הויפטזאכלעך געווען אין דער פאָרם פון סכוירעס, איז אין דער היינטצייטיקער פאזע פונם קאפּיטאליזם — און דע־ אימפּעריאליסטישער — וואקסט דער ארויספיר פונם קאפּיטאל, ווי דאָס איז צו זען פון דער טאבעלע (זע טאבעלע אף דער זייט 15).

לויט דער סטאַטיסטיק פון סאַרטאָריאוס פאָן וואלטערס-הויזען איז מער פון 50% פונם גאַנצן קאַפּיטאַל, וואָס איז אַרויסגעפירט פון פראַנקרייך, אין 1900 יאָר, ארייגגעלייגט געוואָרן אין די מעלוכישע און שטאטישע האלוואָעס.

### דער קאפיטאל, וואס איז אריינגעלייגט אין אויסלאנד

(אין מיליארדן פראנקן)

| יאָרן | ענגלאנד | פראנקרייך | דייטשלאנד |
| --- | --- | --- | --- |
| 1862 . . . . . . . . . | 3,6 | — | — |
| 1872 . . . . . . . . . | 15 | 10 (1869 י.) | — |
| 1882 . . . . . . . . . | 22 | 15 (1880 י.) | ? |
| 1893 . . . . . . . . . | 42 | 20 (1890 י.) | ? |
| 1902 . . . . . . . . . | 62 | 37—27 | 12,5 |
| 1914 . . . . . . . . . | 100—75 | 60 | 44 |

די מאָנאָפּאָל אפן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק ברענגט צו דעם, אַז עס ווערן געבילדעט אינטערנאַציאָנאַלע קאַרטעלן און טרעסטן, מאנאָפּאָליסטיש גיגאנטישע פאריינען. פארמאָגנדיק קאָלאָסאַלע מיטלען, שליגגען זיי איין די שוואַכערע קאָנקורענטן און פאַרכאַפּן איינגאַנצן מאָנאָפּאָליסטיש דעם וועלט-מאַרק, אָדער טיילן אים איין אף זייערע ווירקונגס-ספערן צווישן צוויי גרויסע פינאַנץ-גרופּן. אַזוי, לעמאָשל, איז דער וועלט-האַנדל מיט אַלימיניום, וואָס איז אַזוי וויכטיק אינם מיליטערישן געביט, געווען ביז דער מילכאָמע איינגאַנצן פאַרכאַפּט דורך איין אינטערנאַציאָנאַלן טרעסט, אַזוי איז אויך מיט דער אויס-ארבעטונג פון ניקל, פלאַטינע און אנד. עס זיינען באַוואוסט אינטערנאַציאָנאַלע שטאָל-סינדיקאַטן, נאַפט-טרעסטן, סינדיקאַטן פון רעלסן-אינדוסטריע, פון עלעקטרישער אינדוסטריע, א. אז. וו., וועלכע קאָנצענטרירן א קאָלאָסאַלן טייל פון דער וועלט-פּראָדוקציע און דיקטירן מאָנאָפּאָליסטיש די פּרייזן און זייערע ווירקונג-ספערן.

דידאָזיקע מאָנאָפּאָליסטישע לאַגע פירט צו אַ צעטיילונג פון דער וועלט אף עקאָנאָמישע און אַנדערע איינפלוס-ספערן צווישן פארבאַנדן פון קאַפּיטאַ-ליסטן. דאָ קומט נאָך צו די נויטיקייט צו האָבן פאַר זיך געזיכערטע, פון קאָנקורענטן אָפּגעצאַמטע, מערק פון רויוואַרג, מערק פון קאַפּיטאַל-אָנווענדונג, וואָס זאָלן גאַראַנטירן דעם מעגלעך גרעסטן פּראָצענט. דערפון נעמט זיך די שטרעבונג צו פאַרכאַפּן און פאַרפעסטיקן פאַר זיך די גרעסטע צאָל קאָלאָניעס.

אייניקע ציפערן וועלן אונז אמבעסטן באַווייזן, וואָס פאַר אַ געוואלדיקע ראָלע עס הויבט אָן צו שפּילן די קאָלאָניאַלע פראַגע אין דער פּאָליטיק פון די היינטצייטיקע מעלוכעס. מיר האָבן שוין געזעען די טענדענץ פונם וואוקס פונם קאפּיטאַל-עקספּאָרט. ווען מען זאָל פארגלייכן די ציפערן פונם קאַפּיטאַל-

עקספּאָרט לויט די לענדער, קאָן מען לייכט באַמערקן די פאַרגרעסערונג פון דער קאַפּיטאַל-ארויספירונג אין די ניט-אייראָפּעיִשע לענדער, ד. ה. אין די קאָלאָניעס. לויט האַרמס (Harms) סטאַטיסטיק איז אין 1912 יאָר בא 35% פונם ענגלישן קאַפּיטאַל אויסגעקומען אף די ניט-אייראָפּעאישע לענדער. נאָך א גרעסערער פּראָצענט (בא 50 פּראָצ.) קומט אויס אף פראנקרייכס כּיילעק. און בלויז דאָס לעצטע אָרט פאַרנעמט דייטשלאַנד. אין דערזעלבער צייט וואקסט דער קאָלאָניאַלער האַנדל. פון 1881 יאר ביזן 1894 יאָר איז דער אויסער-אייראָפּעאישער עקספּאָרט פון דייטשלאַנד פאַרגרעסערט געוואָרן פון 8 פּראָצ. ביז 20 פּראָצ. פונם גאנצן עקספּאָרט און איז געגאַנגען הויפּטזאכלעך אין אפריקע, אווסטראַליע און דאָרעם-אַמעריקע.

לויט הילדעבראַנדס סטאַטיסטיק איז ענגלאַנדס ספּעציעלער עקספּאָרט אין אירע קאָלאָניעס פון 1907 יאָר ביז 1910 יאָר אויסגעוואקסן פון 32,24 פּראָצ. ביז 34,27 פּראָצ. פונם גאנצן ספּעציעלן עקספּאָרט, אין דער צייט ווען דער אימפּאָרט פון 1907 ביז 1910 יאָר איז אויסגעוואקסן פון 24,33% ביז 25,15%. פאַר פראַנקרייך האָט זיך פאַר דערזעלבער צייט דער אימפּאָרט אין די קאָלאַניעס פארגרעסערט פון 12,25 פּראָצ. ביז 12,42 פּראָצ. און דער עקספּאָרט פון 9,8 פּראָצ. ביז 10,74 פּראָצ. פונם גאנצן ספּעציעלן עקספּאָרט.

דער קאַפּיטאַל-עקספּאָרט, ווי אויך דער האַנדל מיט די קאָלאָניעס, האָט געבראַכט קאָלאָסאַלע האכנאָסעס — איבערפּראָפיט, און האָט פאַרגרעסערט די נאציאָנאַלע האכנאָסע פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער. די קאָלאָניעס זיינען געוואָרן געשמאקע ביסנס, צו זיי האָבן זיך געצויגן די הענט פון די אייראָפּעיער. די קאָלאָניאַלע „אומגערירטע רייכטימער" האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אן אומאויסשעפּבאַרן קוואל פון עקספּלואַטאציע און אַשירעס. די עפּאָכע פון די 80-קער יאָרן ביזן אָנהויב פון דער מילכאָמע איז געווען די צייט פון דער אינטענסיווסטער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע לענדער. ענגלאנד, אלס דאָס לאַנד מיט דער עלטסטער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, פאַרפעסטיקט פאַר זיך דעם גרעסטן כּיילעק פון די קאָלאָניאַלע לענדער. אבער די גרעסטע אגרעסיווקייט ווייזט ארויס פראַנקרייך, וואָס האָט פאַרגרעסערט אירע קאָלאָניאַלע לענדער פאר 40 יאָר מער ווי אין 10 מאָל.

די בורער מילכאָמע, דער באָקסערשער אויפשטאַנד אין כינע, די טריפּאָליטאַנער מילכאָמע, די מאראקאַנער אַוואַנטיורע, דאָס אלץ איז א קייט פון עפּיזאָדן אין דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע לענדער אין דער פאַרמילכאָמע-עפּאָכע. צום אָנהויב פון דער אייראָפּעאישער מילכאָמע איז פאַרכאַפּט געווען דער גרעסטער טייל פון דער וועלט, וואָס איז צוגענגלעך פאר דער מענטשהייט.

אָט איז אן אויסצוג פון דער טאַבעלע, וואָס כ' לענין ברענגט אין זיין בוך „אימפּעריאַליזם", וואָס שילדערט דעם וואוקס פון דער קאָלאָניאַלער מאכט פון די וויכטיקסטע לענדער פון מאירעוו.

## די קאָלאָניאַלע לענדער פון דריי „גרויסע“ מעלוכעס אין מיליאָנען קוואדראט קילאָמעטער און מיליאָנען איינוואוינער

| לענדער | די קאָלאָניעס 1876 יאָר קוו. קלמ. | די קאָלאָניעס 1876 יאָר איינוואוינער | די קאָלאָניעס 1914 יאָר קוו. קלמ. | די קאָלאָניעס 1914 יאָר איינוואוינער | די מעטראָפּאָליעס 1914 יאָר קוו. קלמ. | די מעטראָפּאָליעס 1914 יאָר איינוואוינער | סאַכאַקל 1914 יאָר קוו. קלמ. | סאַכאַקל 1914 יאָר איינוואוינער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגלאַנד . . . . . . | 22,5 | 251,9 | 33,5 | 393,5 | 0,3 | 46,5 | 33,8 | 440,0 |
| פראַנקרייך . . . . . | 0,9 | 6,0 | 10,6 | 55,5 | 0,5 | 39,6 | 11,1 | 95,1 |
| דייטשלאַנד . . . . . | — | — | 2,9 | 12,3 | 0,5 | 64,9 | 3,4 | 77,2 |
| סאַכאַקל 3 „גרויסע“ מעלוכעס . | 23,4 | 257,9 | 47,0 | 461,3 | 1,3 | 151,0 | 48,3 | 612,3 |

אַזוי, האָבן די דריי וויכטיקסטע אייראָפּעאישע מעלוכעס פאַר די לעצטע העכער 30 יאָר פאַרגרעסערט די טעריטאָריע פון זייערע קאָלאָניעס מער ווי אין צוויי מאָל, האָבנדיק אין 14-טן יאָר א טעריטאָריע פון קאָלאָניאַלע לענדער מער ווי אין 35 מאָל גרעסער, איידער זייער אייגענע. איז, הייסט עס, צום סאָף פון דער צווייטער העלפט פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אָן ערעך ביז די 80-ער יאָרן, פאַרענדיקט זיך די עוואָלוציע פון דעם קאַפּיטאַליזם אין די וויכטיקסטע מאַירעוו-לענדער מיט א געוואַלדיקן וואוקס פון די פּראָדוציר-קויכעס, בא אַ שנעלן טעמפּ פון זייער אַנטוויקלונג, אפן יעסאָד פון פרייער קאָנקורענץ. ווייטער, אפן באָדן פון דער קאָנצענטרירונג פון דער אינדוסטריע און קאַפּיטאַל, וואָס האָט געבראַכט צו מאָנאָפּאָל, בא דעם אָנטייל פון באַנק-קאַפּיטאַל אין דער אינדוסטריע און דעם וואוקס פון דעם וועלט-מאַרק, גייט דער קאַפּיטאַליזם אריבער אין א נייעם פּאַזיס פון אַנטוויקלונג, וואָס כאַראַקטעריזירט זיך דורך דער אויסבילדונג פון צווישנפעלקערלעכע מאָנאָפּאָליסטישע פאַרבאַנדן פון קאַפּיטאַליסטן, וואָס טיילן איין די וועלט אף ספערן פון זייער ווירקונג, וואָס אַנטוויקלען אן אינטענסיווע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק. דערפון וואַקסט אויס דער אימפּעריאַליזם, ווי א פאַרכאַפּונג-פּאָליטיק מיצאַד דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, אפן באָדן פון באַשטימטע פּראָדוקציאָנס-באַציאונגען אף באַשטימטע מאַדרייגעס פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. צום אָנהויב פון דער וועלט-מילכאָמע האָט זיך אָט די אימפּעריאַליסטישע פּאַזע שוין אינגאַנצן געהאַט אויסקריסטאַליזירט, און די קאָלאָניאַלע צעטיילונג פון דער וועלט האָט זיך שוין לעכאַטכילע געהאַט פאַרענדיקט צווישן די הויפּט-לענדער פון מאַירעוו.

# פּראָטעקציאָניזם

ניט געקוקט אף דער שטארקער טענדענץ פון דעם פינאנץ-קאפּיטאל צו אינטערנאציאָנאליזאַציע אין דער געשטאלט פון צווישנפעלקערלעכע טרעסטן, האָט ער אבער נאָך אן אנדער טענדענץ אויסצובילדן טעריטאריעל אפּגעשלא-סענע מעלוכע איינסן, „נאציאנאלע מעלוכעס". אזוינס דיקטירט זיי קוידעמקאל די נויטווענדיקייט צו האבן אן אייגענע „נאַציאנאלע" באזע, וואו אנצואווענדן דעם קאַפּיטאַל, קעדיי צו באַשיצן זיך פון קאָנקורענץ, האָבן אן אייגענעם אינע-ווייניקסטן מארק פאר מאנאפּאליסטישער הערשאפט, וואס זאָל געבן איבער-רעווען. אזוי קומט פאר דער פּראָצעס פון „נאציאנאלער צוזאמענבינדונג פון קאַפּיטאלן, דער פּראצעס פון זיין נאציאנאליזירונג" (בוכארין), די בויאונג פון אן אייגענער מעלוכע, וואס איז ארומגעצאמט מיט באַשיצנדיקע גרענעץ-טאריפן און באריערן. דאס ברענגט צום וואוקס פון פּראטעקציאניזם, ווי א סיסטעם פון פארטיידיקונג-מיטלען פון איין ווירטשאַפטלעכן מעלוכישן ארגאניזם קעגן דעם אנדערן. אפילע ענגלאנד, דאס מוסטער-לאנד פון פרייער קאנקורענץ, שטעלט זיך אויך אין די 80—90-ער יארן אפּן וועג פון מעלוכע-פּראטעק-ציאניזם.

אויב דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם איז געגאנגען אונטער דער פאָן פון „פרייען האַנדל" אָדער פלעגט אָנווענדן די אַמטצאָל (טאַמאָזשנע)-פּאָליטיק, ווי דאס איז געווען אין דייטשלאנד אָדער אין פראַנקרייך אין דער צייט פון מערקאַנטיליזם, איז אָבער די עפּאָכע פון פינאַנץ-קאפּיטאל צוליב „דערציערישע" אינדוסטריעלע צילן, קעדיי ניט צו דערלאָזן די אויסלענדישע קאָנקורענץ מיט זייער יונגער אינדוסטריע, גייט אונטערן צייכן פון דער אַגרע-סיווער טאַמאָזשנע-מילכאָמע, וואס דינט די צילן פונם פינאנץ-קאפּיטאל און פון די אַגראריער. די היינטצייטיקע פּראָטעקציאָניסטישע סיסטעם איז אַ פּראָדוקט פונם הויך-אַנטוויקלטן אימפּעריאַליזם, וואס פירט אַרויס צוליב דער איבערפּראָ-דוקציע אין זיין אייגענעם לאַנד די פּראָדוקטן פון דער אינדוסטריע און פירט אַריין שפּייז-פּראָדוקטן פון די אַגרארישע לענדער. דערביי פארפאָלגט די מעלוכע פונם פינאנץ-קאַפּיטאל צוויי צילן: אַרומצוימען דעם אינערלעכן מאַרק פאַרן מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאליסט, וואס דיקטירט די פרייזן אַף אָט דעם מאַרק, קעדיי אַזוי אַרום געבן אים די מעגלעכקייט צו קאָנקורירן אַפּן אינטער-נאַציאָנאַלן מאַרק. די דערמונטערנדיקע עקספּאָרט-אָפּצאָלן ווירקן אויך מיט דערצו. פון דער צווייטער זייט, זיינען די לענדער פונם הויך-אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם (ענגלאנד, דייטשלאנד, פראנקרייך) געצוואונגען אריינצופירן אין אַ באדייטנדיקער צאָל פּראָדוקטן פון די אַגרארע און האלב-אַגרארע לענדער. מיטן פארגרעסערן די אימפּאָרט-אָפּצאָלן אַף אָט די סכוירעס, באַפרי-דיקט די מעלוכע פונם פינאַנץ-קאפּיטאל די אינטערעסן פון די אַגראַריער און פארגרעסערט זייער רענטע באַ הויכע פרייזן אַף ברויט אַפּן אינערלעכן מאַרק.

די אַגראַרע אָפּצאָלן פאַרנעמען אין דער פּראָטעקציאָניסטישער פּאָליטיק פון דער מעלוכע אַ באַדייטנדיק גרונט-אָרט, דעמאָלט ווען אין דער אַלטער פּראָטעקציאָניסטישער פּאָליטיק איז די הויפּט-אויפמערקזאמקייט געווענדעט געווען אַף דער פּאָליטיק פון די אינדוסטריעלע אָפּצאָלן.

דער אַמטצאָל-שוץ פון איין מעלוכע פירט צו דיזעלבע טאַטן מיצאַד דער צווייטער מעלוכע. און, ווירקלעך, די באַהאַלטענע טאַמאָזשנע-מילכאָמע, די צוגרייטונג צו שליסן אַ נייעם האנדלס-אָפּמאַך פלעגט באַגלייט ווערן מיט ניט קיין קלענערע האַכאָנעס, ווי אַ ווירקלעכע מילכאָמע. עס איז גענוג בלויז צו דערמאָנען יענעם אומרו, מיט וועלכן מע האט געוואַרט אַפן סאָף פונם רוסיש-דייטשישן אָפּמאַך אינם סאָף פונם פאָריקן יאָרהונדערט.

## מיליטאַריזם און מאַרינזם

דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל נויטיקט זיך אין אַ שטאַרקער מעלוכע-מאַכט, קעדיי צו פאַרטיידיקן די אייגענע גרענעצן. אַזוי אָבער ווי דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האט אַ באַדערפעניש צו פאַרברייטערן זיין עקאָנאָמישע באַזע, זיינע גרעניצן, מוז ער האבן דידאַזיקע מאַכט אויך צוליב דעראבערונגען. אַכוץ די אַלע זאכן, דאַרף דער פינאַנץ-קאַפּיטאל האבן מערק פון רוי-וואַרג, מערק פון אָפּזאַץ, מערק, וואו אָנצואווענדן קאַפּיטאַל. דידאזיקע פּראָבלעם לייגט ער אויך אַרויף אַף דער שטאַרקער מעלוכע-מאַכט, וואס איז בעקויעך אַוויסצוטרעטן אַפן אויסערלעכן מאַרק. דערפון נעמט זיך די אימפּעריאַליסטישע פאַרכאַפּונג-פּאָליטיק פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאל, ווי אַ כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון דער עפּאָכע. די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פאַרנעמט איינס פון די וויכטיקסטע ערטער אין דער פּאָליטיק פון דער מעלוכע. פון דאַנען נעמט זיך אויך דער מיליטאַריזם און מאַרינזם, וואס צעוואַקסן זיך אָן אַ שיר. דאָס אַלץ איז שאַיעך סאַי בענויגייע דייטשלאַנד, פראַנקרייך, סאַי בענויגייע ענגלאַנד.

די שלימאַזלדיקע פראַנצויזיש-פּרייסישע מילכאָמע האט אונטערגעהיצט דעם פראַנצויזישן מיליטאַריזם, וואס האט געגאַרט צו רעוואַנש פון דייטשלאַנד. וועלנדיק געפינען אַ באַלוינונג פאַר אירע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, האט זיך פראַנקרייך אַ וואָרף געטאָן אין אַ ברייטע אַוואַנטיוריסטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק און האט געטראָפן אַף איר וועג דעם אַלטן קאָלאָניאַלן הערשער — ענגלאַנד. דאָס אַלץ האט געפאָדערט די פאַרפעסטיקונג פון פראַנקרייכס מיליטערישער מאכט, איר איבערבאַוואפענונג, די פאַרגרעסערונג פון אירע יאַם-קויכעס. אַרויפטרעטנדיק אַף אַט דעם וועג אין די 80-קער יאָרן, האט זיך פראַנקרייך גענומען פאַר דער רעאָרגאַניזירונג פון דער אַרמיי און האט זי פאַרגרעסערט פון 373.802 מאַן אין 1872 ביז 769.000 לויטן געזעץ פון 19-טן יוני 1913-טן יאָר, ד. ה. מער ווי אין צוויי מאָל, פאַרגרעסערנדיק צוזאמען מיט דעם, אויך דעם טערמין פונם מיליטערישן דינסט. אין אַט דער צאָל גייט ניט אריין די

קאַלאָניאַלע פראנצויזישע אַרמיי, וואס ציילט צענדליקער טויזנטער אַרטגעבוי־רי־טיקע. דער מיליטערישער־ און יאַם־ביודזשעט פונם לאנד איז געוואקסן מיט אַ וואונדערבארער שנעלקייט און האט שוין צום 1910־טן יאָר דערגרייכט 32% פונם אַלגעמיינעם מעלוכע־ביודזשעט און איז אַרויפגעשפרונגען ביז 38% צום אָנהויב פון דער אייראָפּעאישער מילכאָמע.

נאָך שנעלער גייט די מיליטאריזאציע פונם ענגלישן ביודזשעט. די קאָלאָניאַלע לענדער, וואס האבן זיך פאַרברייטערט אין אייניקע מאָל, האבן געפאָדערט אַ קאָלאָסאַלן באוואָפנטן פלאָט, און די נויטיקייט צו האלטן די דעראָבערטע לענדער אין אַ צושטאנד פון געהאָרכזאמקייט און אָפּהיטן זיי פון פרעמדע אַפּעטיטן, האבן געצוואונגען צו האבן אַ גוט אָרגאניזירטע מיליטע־רישע קראפט. און מיר זעען, ווי שנעל עס וואַקסט ענגלאנדס מיליטערישער ביודזשעט. אויפהויבנדיק זיך פון 39% פונם אַלגעמיינעם ביודזשעט אין די יאָרן 1897—98 ביז 42,4% אין די יאָרן 1909—1910. נאָך אין 1884—85־טן יאָר, האָט ענגלאנד אויסגעגעבן אַף מיליטערישע הויצאָעס 27.979 פונט סטערלינג, אין 1910—11־טן יאָר האט זיך דידאָזיקע הויצאָע פארגרעסערט ביז 69.364 פ. סט. ד. ה. באַ 12½ מאָל.

אין דעמדאזיקן וואוקס פון באַוואָפענונגען איז דייטשלאנד אַף קיין איין טריט ניט אָפּגעשטאנען פון אירע קאָנקורענטן. אַרויסטרעטנדיק שפּעטער פון אַלעמען אַפן וועלט־מאַרק, האט דער יונגער אָבער מעכטיקער דייטשישער קאַפּיטאליזם געמוזט מיטן קויעך פון געווער באַפעסטיקן זיין אריינדרינגונג אין מיזרעך. טרעפנדיק דאָרט דעם זיך שוין געגנוג פארפעסטיקטן קעגנער אין דער פּערזאָן פונם ענגלישן אימפּעריאַליזם, האט דייטשלאנד געמוזט בעגענויווע, אָבער מעטאָדיש, פארפעסטיקן איר געפאנצערטן פויסט. דייטשלאנד, וואס האט זיך לעכאטכילע באַצויגן מיט באווילקונג און האט אַפילע צוגעגעבן כיישעק דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון פראנקרייך מיטן ציל צו קאָמפּענסירן זי פאר די העזייקעס, וואס זי האט געליטן אין דער מילכאָמע פון 1870־טן יאָר, האט אין סאַמע אָנהויב דערזען אין ענגלאנד אַ געפערלעכן קאָנקורענט, מיט וועמען עס וועט פריער אָדער שפּעטער אויסקומען צו רעכענען זיך. צום סאָף יאָר־הונדערט האבן זיך די באציאונגען פארשארפט און ווילהעלם דער II, וועלכער האט אויסגעדריקט די אינטערעסן פון די מיליטאריסטישע גרופּן, וויקלט פאַנאַנדער זיין מיליטערישע פּראָגראַם. אין 1897—98־טן יאָר טרעט דייטש־לאַנד צו דורכצופירן איר גרויסע שיפבויאונגס־פּראָגראַם. אין 1900־טן יאָר ווערט דידאָזיקע פּראָגראַם פארברייטעט אין צוויי מאָל. פון 1881־טן יאָר ביזן 1910־טן יאָר זיינען די מיליטערישע און יאַם־הויצאָעס אויסגעוואַקסן געוואָרן פון 5,6 מיליאַרד פר., ביז 11,7, ד. ה. העכער ווי אין צוויי מאָל.

אַזוי איז דער מיליטאריזם געווען ענג פארבונדן מיטן אימפּעריאַליזם פון דער עפּאָכע. אָבער דער וואוקס פון מיליטאריזם איז באשטימט געוואָרן

ניט בלויז דורך דער דעראָבערישער פּאָליטיק פון די מעלוכעס. מיר האבן שוין אויבן פארצייכנט יענע ראָלע, וועלכע עס האָבן אָנגעהויבן שפּילן אין אָט דער עפּאָכע די מעטאלורגיע, קוילן און שטאָל, יענע ספּעציפישע געוויכט, וועלכע עס האבן פארנומען אין דער פּאָליטיק די קעניגן פון אייזן-אַרץ. די מעטאלורגיע איז געווען יענע יעניקע-סוויווע, אַף וועלכער עס איז, ווי אַף שוועמלעך אויפגעהאָדעוועט געוואָרן דער אימפּעריאַליזם. די מילכאָמע און די מיליטערישע אַמוניציע זיינען געוואָרן גוטע געשעפטן פאַר דער מעטאַלורגישער אינדוסטריע, און קרופּס מיליטערישע זאוואָדן אין דייטשלאנד, שניידערס און קרעזאָס אין פראנקרייך, אַרמסטראָנגס אין ענגלאנד האבן ניט געוואוכט פון קיין נאַציאָנאלע גרענעצן און האבן געזואָרגט וועגן דער באוואָפענונג סײַ פון זייערע סײַ אויך פון פרעמדע „פּאַטערלענדער”. די קאַפּיטאליסטישע פּרעסע, וואס ווערט דורך זיי אויסגעהאלטן, פלעגט אונטערוואַרעמען די מיליטערישע אינטערעסן פון דידאָזיקע גרופּן, צעפלאַקערן דעם נאַציאָנאַליזם, אָנרייצן איינע אַף די אנדערע, אָנפילן די זייטן פון זייערע צייטונגען מיט אַליאַרמירנדיקע געשרייען און דראָנגען. גלייך נאָך דער ענגליש-בורער מילכאָמע פון 1899—1901-טן יאָר, נאָך דער רוסיש-יאַפּאָנישער מילכאָמע פון 1904—1905-טן יאָר, נאָך די באַלקאנישע מילכאָמעס פון 1912—13-טן יאָר איז אייראָפּע אַ באוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, אַריינגעטראָטן אין אַ נייער טקופע פון מיליטערישע געראנגלען און האט זיך געגרייט צום אנטשיידענעם וועלט-שטרייט.

## די מעלוכע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל

די עקאָנאָמישע עוואָלוציע צו מאָנאָפּאָליזם, וואס מיר האבן דאָ אָנגעצייכנט, ווי אַ כאראקטעריסטישע אייגנשאפט פון דער עפּאָכע, פאַרענדערט דעם טאָך פון מעלוכע-מאכט. אויב אין דער אָנהויב-סטאדיע פון דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאליזם האט צוזאמען מיטן אינדוסטריעלן קאַפּיטאל אומעטום געהערשט דער פּרינציפּ פון פרייער קאָנקורענץ, קומט איצטער אָנשטאט אים דער מאָנאָפּאָליסטישער פּרינציפּ. פרייער איז די פּאַרלאמענטישע אָרדענונג געווען אַן אַרענע פון קאַמף פאַר ווירקונג אַף דער מאַכט צווישן פאַרשיידענע קלאַסן גרופּירונגען (דער אינדוסטריעלער און האַנדלס-בורזשואַזיע, ערד-אייגנטימער א. ד. גל.). דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האט אומגעעדערט, אי דעם סאָציאַלן טאָך פון דער מעלוכע, אי די באַציאונג צו איר מיצאַד דידאזיקע קלאסן גרופּירונגען. די אַקציאָנערע אומפּערזענלעכע פאָרם פון טרעסטן, סינדיקאַטן און בענק האט געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו פאַרייניקן די אינטערעסן פון דער גרויס-בורזשואַזיע און דער ערד אַריסטאָקראַטיע. קריגנדיק אַקציעס, לעבט שוין די ערד-אַריסטאָקראַטיע אַפן כעשבן ניט אַזוי פון ערד-רענטע, ווי פון אינדוסטריעלן רעווער. די האַכנאָסע פון דעמדאזיקן קלאַס, פּונקט אַזוי ווי פון דער גרויס-בורזשואַזיע, ווערט איצטער באַשטימט דורך דעם כיילעק, וואָס מע

האט אין די רעוואָכים, אין אַקציעס און דיווידענטן. אַזוי סאָלידאַריזירן זיך די אינטערעסן פון קאַפּיטאַל און פונם גרויסן ערד-אייגנטום.

צוזאַמען מיט דעם זיינען די קאַדרען פונם אַלטן אַדל און פּניי, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען די שול פון מעלוכע-פאַרוואַלטונג, די צושטעלער פונם ציווילן און מיליטערישן באַאַמטנטום, וואָס איז אַזוי נויטיק פאַרן צעוואַקסענעם מעלוכע-אַפּאַראַט. אַזוי אַרום ווערט געשלאָסן דער בונד מיט דער פעאָדאַלער ערד-אַריסטאָקראַטיע און מיטן פינאַנץ-קאַפּיטאַל. אָט דער שטריך ווייזט זיך באַזונדערס בולעט אַרויס אין דייטשלאַנד, וואו דער אַגראַר-יונקערשער קלאַס מיטן אימפּעראַטאָר בעראָש באַדינט די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלטער גרויסער אינדוסטריע.

עס ענדערט זיך אויך וועזנטלעך די לאַגע פון די מיטל-קלאַסן — פון דער קליינער און מיטעלער בורזשואַזיע. נאָך גאָר ניט לאַנג עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיקע, שפּילן זיי איצטער אַ דינסט-ראָלע בענויגייע דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל. דער קאָנ-קורענץ-קאַמף, וואָס פריער האט ער באשטימט זייער סאָציאַלע לאַגע, ווערט איצטער אַריבערגעטראָגן אַפן קאַמף-פעלד פון די גיגאַנטן טרעסטן. די אינטע-רעסן פון דער מיטעלער און קליין-בורזשואַזיע האבן זיך איצטער איבער-געפלאָכטן מיט די אינטערעסן פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, און זיין פעסטקייט באַשטימט אינגאנצן די לאַגע פון אָט די באַשטאַנד-גרופּעס. אונטערשטיצנדיק די אינטערעסן פון דעם גרויס-קאַפּיטאַל, שטייט איצטער די בורזשואַזיע אַנקעגן דעם אַרבעטער אין זיין קאַמף פאַרן לוין-אָפּמאַך, ווי אַן איינהייטלעכע גאַנצע. אויב אין אָנהויב פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פלעגט די מעלוכע, צופּאַסנדיק זיך צום גאַנג פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, זיין דער אַ יסדריק פון דער אָדער יענער קלאַסן-גרופּירונג, האט די מאָנאָפּאָליסטישע לאַגע פון דעם קאַפּיטאַל פאַרוואַנדלט זי אין אַ מעלוכע פון דעם מאָנאָפּאָליס-טישן קאַפּיטאַל. מעלוכע איז געוואָרן אַן אומגעהויערע קאָמבינירטע אונטער-נעמונג, וואו די באַלעבאַטים אַף צו שאַפן זיך זיינען גרופּעס פינאַנץ-קיניגן — די מאָרגאַנס, קרופּס, ראָקפעלערס, סטינעסעס.

דער רעזשים פון פאַרלאַמענטארישער דעמאָקראַטיע, וואָס האט געשפּילט אַ געוואַלדיקע רעוואָלוציאָנערע ראָלע אין דער פריערדיקער אַנטוויקלונג-פאַזע, פון דעם קאַפּיטאַליזם, איז איצטער געוואָרן נאָר אַ דעקאָראַציע אַף צוצודעקן די פּאָליטיק פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וואָס האלט אין זיינע הענט דעם גאנצן אַפּאַראַט פון דער פארקויפטער קאפּיטאַליסטישער פּרעסע און פארלאמענטארישע טוער. אַזוי האָט דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל איינגעשלונגען די אינטערעסן פון די אנדערע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן, אַרויסטרעטנדיק אין די אינטערעסן פון אַלע פאַרמעגלעכע קלאַסן, שטייענדיק קעגן די אַרבעטער. דער קאַמף פאר די לוין-אָפּמאַכן האט געדארפט פארוואנדלט ווערן צווישן די זאָזיקע קלאסן אין אַ קאַמף פאר דער מאַכט.

אין דער אויפבליאונג-עפּאָכע פונם אינדוסטריעלן קאפּיטאל איז די פּאַרלאמענטישע סיסטעם געווען דער פּראָגרעסיווער פאַקטאָר פון דער געזעלשאפטלעכער אַנטוויקלונג. דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאל, דעריקער, זיין גרונט-צווייג — די טעקסטיל-אינדוסטריע — איז געווען פאַרינטערעסירט אין דער פרידלעכער, אָרגאנישער אַנטוויקלונג פונם מעלוכישן לעבן. אָט פאַרוואָס איז די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע געווען פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז דאס ביודזשעט-רעכט פונם פאַרלאמענט — אָט דער יעסאָד פונם וואוילשטאַנד פון דער קיניגלעכער מאַכט — זאָל באַגרעניצט ווערן לעטויוועס אַן אויסגעוויילטן מעלוכע-אָרגאַן. מיט דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, מיטן וואוקס פון מעטאַלורגיע, וואָס הויבט אָן צו שפּילן די דאָמינירנדיקע ראָלע אין דער פּאָליטיק, מיטן וואוקס און מיט דער פאַרפעסטיקונג פון די בענק אין דער פאָרם פונם פינאנץ-קאַפּיטאַל, ווערט דער פּאַרלאמענטישער רעזשים פאַרוואַנדלט אין אַ שירמע אַף צו פירן פאַר דער נאָז די פאָלקס-מאסן, וואס אונטער זייער רוקן ווערט געשאפן די פּאָליטיק פונם הערשנדיקן קלאַס. מיט אומזעבאַרע פעדים האבן די בענק און די טרעסטן פארבונדן די דעפּוטאטישע „אומאָפּהענגיקייט״, האבן אָנגעפירט מיט די מעלוכע-אינטערעסן פון זייערע קאַבינעטן אַזוי, ווי זיי פירן אָן מיט דער אינדוסטריע. אָט פאַרוואס, ניט געקוקט אַף דעם כילעק פון די פּאָליטישע סיסטעמען פון ענגלאנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, ניט געקוקט אַף דער פארשיידענער ראָלע, וואס דער פּארלאמענט שפּילט אינם פּאָליטישן לעבן פון אָט די לענדער, פון דער „אַלמעכטיקער״ ענגלישער דעפּוטאַטן-פּאַלאטע ביזן באגרעניצטן דייטשישן רייכסטאג, לאָזן זיך אין אַלע לענדער הערן שטימען וועגן דעם קריזיס פון דער פּארלאמענטישער דעמאָקראטיע באַ דער הערשאפט פון פינאנץ-קאַפּיטאל.

עס איז העכסט כאַראקטעריסטיש פאר דעם פינאַנץ-קאַפּיטאל, וואס ניט קוקנדיק אַף דער פארשיידנקייט פון דער פּאָליטישער אָרדענונג אין די לענדער, פון דער אַלטער פארלאמענטישער דעמאָקראטיע אין ענגלאנד, דער בורזשואזער דריטער רעפּובליק אין פראנקרייך, ביז דער יונקעריש-מאנארכיסטישער דייטשלאַנד, באהאלטנדיק זיך הינטער דידאָזיקע איבערגעבויען, צופּאַסנדיק זיי צו זיך, טרעט אַרויס גלייך אומעטום, וואו נאָר עס צעוויקלט זיך אַ קאמף מיט די אַרבעטער.

דאס אַלץ בייט דעם טאָך פון דער מעלוכע-מאכט, און איינעם דערמיט אויך די אידעאָלאָגיע פון די הערשנדיקע קלאסן. אויב די הייַנטצייטיקע מעלוכע איז אויפגעקומען פון דער שטרעבונג צו נאציאָנאלער איינהייט און האט געפּלאַנעוועט, ווי אַ פאָרהאַנאָכע, דאס רעכט פון נאציעס זעלבשטענדיק צו עקזיסטירן (דייטשלאנד, איטאליע און אַנד.), האט דער פינאנץ-קאפּיטאַל געבראכט צו דער אידעאָלאָגיע פון מאָנאָפּאָל פון דער *אייגענער* מעלוכע, פון דער *אייגענער נאַציע*, צו דער פארציגלעכקייט פון איר קולטור, פון איר נאציאָנאלער גרויסקייט, — צו שאָוויניזם.

אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט אייראָפּע פאַרן לעצטן פערטל פון 19־טן און אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט. דער פרידלעכער אָנאויפהערלעכער אָרגאַנישער אנטוויקלונגס־פּראָצעס אַפן באָדן פון דער פּארלאמענטישער איינ־אָרדענונג זינט די 80־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט האָט געבראַכט צו דער קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קרעפטן, אַזוי, אַז זיי זיינען אריבערגעוואקסן די נאַציאָנאַלע ראַמען, און צום קימאַט אומאויפהערלעכן וואוקס פון דער נאַציאָנאַלער רייכקייט. די לעצטע ווידער איז באַגלייט געוואָרן דורך דער נייער עפּאָכע פון קאָלאָסאַלע בוואפענונגען און פונם וואוקס פונם מיליטאַריזם און דורך דער אומאויפהערלעכער דראונג מיטן געווער, דורך דער אויסבילדונג פון צוויי קאאליציעס, וואָס שטייען באַוואפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, איינער קעגן דער אַנדערער און קאָנען צו יעדער מאָמענט זיך א שליי־דער טאָן און שלאכט פאַרן קאָלאָניאַלן איבערטיילן די וועלט און פאַרן צעשמעטערן די מאָנאָפּאָלן פונם קעגנער אפן וועלט־מאַרק.

## דער דריי־בונד. דער דריי־אפמאך

מיר האָבן שוין אויבן פאַרצייכנט, אז דער סאָף פונם פאָריקן יאָרהונ־דערט און דער אָנהויב פונם נייעם ווערט כאראַקטעריזירט מיט דעם שנעלן אנטוויקלונג־טעמפּ פון די פּראָדוציר־קויכעס פון אייראָפּע, מיטן וואוקס פון די וועלט־פאַרבינדונגען און מיטן איבערפּארטיילן דאָס ספּעציפישע געוויכט פון די באַזונדערע צווייגן פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט אינם אלגעמיין־עקאָנאָ־מישן באלאנס פונם באַזונדערן לאנד. אבער א באַזונדערס שטורמישן אנט־וויקלונג־טעמפּ פון די דערשיינונגען קאָן מען באַאָבאַכטן אין דייטשלאנד פון די 70 יאָרן. אויב ענגלאַנד מיט דער רייך אנטוויקלטער אינדוסטריע, מיטן קאָלאָסאַלן פלאָט, מיט דער קאָלאָניאלער מעכטיקייט איז צום אָנהויב פונם פאָריקן יאָרהונדערט געוואָרן דער מאָנאָפּאָליסט אַפן וועלט־מאַרק און האָט באַגעגנט אַ קאָנקורענט אין דער פּערזאָן פון פראַנקרייך, איז צום סאָף פון פאָריקן יאָרהונדערט און אָנהויב פונם נייעם, אָנהויבנדיק פון די 90 יאָרן, באַגעגנט ענגלאַנד אַ יונגן, אָבער געפערלעכן קאָנקורענט אין דער פּערזאָן פון דעם אינדוסטריאליזירטן דייטשלאַנד, וואָס דעראָבערט טריט בא טריט די מאָנאָפּאָליסטישע לאַגע אַפן וועלט־מאַרק. פאר אָט דעם פּעריאָד פון איי־ניקע צענדליק יאָר איז ניט נאָר וואָס זי, דעריאָגט ענגלאַנד אין באַזונדערע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, נאָר זי יאָגט זי באַדייטנד איבער, דרינגט אריין מיט אירע ביליקערע און בעסערע סכוירעס ניט נאָר אף די נייע מערק, נאָר זי שטויסט אויך אַרויס די ענגלישע סכוירעס פון זייערע אלטע מערק אין די ענגלישע קאָלאָניעס. אָט זיינען אייניקע ציפערן. (זע טאַבעלע אף דער זייט 25).

## טשוגון-אויסגוס (אין 1000 טאָן)

| ל ע נ ד ע ר | 1871 | 1890 | 1900 | 1910 | 1913 |
|---|---|---|---|---|---|
| גרויס-בריטאניע מיט אירלאנד | 6.733 | 8.031 | 9.104 | 10.381 | 10.424 |
| פראנקרייך . . . . . . . . | 859 | 1.962 | 2.714 | 4.032 | 5.207 |
| דייטשלאנד . . . . . . . . | 1.421 | 4.100 | 7.550 | 13.113 | 16.764 |

## שטאָל-אויסגוס (אין 1000 מעטער-טאָן)

| ל ע נ ד ע ר | 1880 | 1890 | 1900 | 1910 | 1913 |
|---|---|---|---|---|---|
| גרויס-בריטאניע מיט אירלאנד | 2.296 | 3.696 | 4.979 | 6.574 | 7.786 |
| פראנקרייך . . . . . . . . | 454 | 683 | 1.565 | 3.413 | 4.687 |
| דייטשלאנד . . . . . . . . | 660 | 2.232 | 6.362 | 12.094 | 17.599 |

| ל ע נ ד ע ר | קוילן-ארויסבאַקום אין מיליאָנען טאן | | בוימוואָל-פּראָדוקציע (צאָל שפינדלער) | |
|---|---|---|---|---|
| | 1886 | 1911 | 1890 | 1914 |
| ענגלאַנד . . . . . . . . . . . | 160,0 | 276,2 | 44.504.819 | 55.971,501 |
| פראנקרייך . . . . . . . . . . . | 19,9 | 39,3 | 4.914.547 | 7.400.400 |
| דייטשלאנד . . . . . . . . . . . | 73,7 | 234,5 | 5.000.000 | 11.404.944 |

## אויסער-האנדל (אין מיליאָנען טאָן)

| ל ע נ ד ע ר | 1887 | 1912 |
|---|---|---|
| ענגלאַנד . . . . . . . . . . | 13.400 | 28.477 |
| פראנקרייך . . . . . . . . . | 7.360 | 14.580 |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . . | 7.806 | 24.570 |

נאָך מער אנשוילעך דעקט אויף גיונטער אט די טענדענץ אינם אנטייל פון די פאַרשיידענע לענדער אין דער אַלוועלטלעכער אייזן-פראָדוקציע.

| יאָרן | ענגלאנד | פראנקרייך | דייטשלאנד |
|---|---|---|---|
| | אין פראצענטן | | |
| 1870 . . . . . . . . . | 50,6 | 9,7 | 11,1 |
| 1880 . . . . . . . . . | 43,0 | 9,4 | 14,7 |
| 1890 . . . . . . . . . | 29,2 | 7,1 | 16,8 |
| 1900 . . . . . . . . | 21,7 | 6,5 | 20,2 |
| 1910 . . . . . . . . . | 15,4 | 6,1 | 22,2 |
| 1912 . . . . . . . . . | 12,6 | 6.8 | 24,8 |

פון אָט די וויניקע, אָבער כאַראַקטעריסטישע ציפערן אף אויפצודעקן די טענדענצן פון דער אַנטוויקלונג, טרעט קלאָר אַרויס יענע קאָלאָסאַלע ראָלע, וועלכע דייטשלאנד הויבט אָן צו שפּילן אין דער וועלט-פּראָדוקציע און פּאָליטיק. נאָך אין די יאָרן 1886—1888 פאַרנעמט דייטשלאַנד דאָס דריטע אָרט אינם וועלט-האַנדל נאָך ענגלאַנד און פראַנקרייך. אָבער שוין אין די יארן 1898—1900 שטופּט זי אָפּ פראַנקרייך, פאַרנעמט איר אָרט און דעריאָגט ענגלאַנד. דערביי איז נויטיק צו פאַרצייכענען, אַז אינם לויף פון דער צייט הויבט אָן אין די אומזאצן פונם דייטשישן האנדל צו שפּילן אַלץ אַ גרעסערע ראָלע דער אימפּאָרט פון די ניט-אייראָפּעאישע, ד. ה. קאָלאָניאלע לענדער אפן כעשבן פונם אייראָפּעאישן אימפּאָרט. אזוי לעמאָשל, פון דער אלגעמיינער סומע פונם סכוירע-אימפּאָרט אין דייטשלאנד אין 1893 יאָר—4.143 מיליאָן מאַרק איז אפן כיילעק פון די אייראָפּעאישע לענדער אויסגעקומען 2.847 מיליאָן מאַרק, ד. ה. באַ $^{2}/_{3}$, און אין 1913 יאָר איז פון דער אלגעמיינער סומע 10.770 מיליאָן מאַרק — בלויז 5.889 מיליאָן מארק, ד. ה. עפּעס מער פון אַ העלפט.

ווילהעלם דער צווייטער האָט מיט פולן גרונט געקאָנט דערקלערן אין זיין פּראָגראם-רעדע מעקויעך דער 25-יאָריקער עקזיסטענץ פון דער דייטשישער אימפּעריע, אויסדריקנדיק די אינטערעסן פונם דייטשישן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט געהאַלטן אין אַנטוויקלען זיך: „די דייטשישע מעלוכע האָט זיך פאַר וואַנדלט אין אַ וועלט-מעלוכע. אומעטום אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פונם ערד-קוגל וואוינען אונזערע לאַנדסלייט. די דייטשישע סכוירעס, די דייטשישע געביידעס, די דייטשישע אונטערנעמונג-פעאיקייט גייען אריבער דעם אָקעאַן". דייטשלאַנדס טערקישע פּאָליטיק, דאָס אַריינדרינגען אינם מיז-

רעך, דאָס אויסבויען די באַגדאַדער באַן-ליניע, וואָס האָט אַ קאָלאָסאַלע פּאָ-
ליטישע און סטראַטעגישע באַדייטונג, — דאָס אַלץ האָט באַפליגלט די פאַנטאַ-
זיעס פון די דייטשישע אימפּעריאַליסטן, וואָס כאָלעמען שוין פון אַ גרויסער
דייטשלאַנד — פונם באַלטישן ביזן מיטלענדישן יאַם, אָבער צוזאַמען מיט דעם
האָט דידאָזיקע גאַנצע פּאָליטיק זיך איבערגעקרייצט מיט די ענגלישע אינטע-
רעסן. די קאָנקורענץ פון דידאָזיקע צוויי מעלוכעס — פון ענגלאַנד און דייטש-
לאַנד, די שטרעבונג צו מאַנאָפּאָל מיצאַד יעדער פון זיי, די צודריקונג אָדער די
פולשטענדיקע עקאָנאָמישע צעשמעטערונג פונם קאָנקורענט, — אָט דאָס אַלץ איז
געוואָרן דער יעסאָד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דידאָזיקע לענדער.

פראַנקרייך, אַלס זעלבשטענדיקע גרויס-מעלוכע, הויבט אָן צום סאָף
יאָרהונדערט אַלץ מער אָפּצוטרעטן אפן צווייטן פּלאַן און פאַלט אַריין אינם
פאַרוואַטער פון דער פּאָליטיק פונם שטאַרקערן פאַרבינדעטן. דערצו האָבן
מיטגעווירקט דער לאַנגזאַמער עקאָנאָמישער אויפשטייג און וואוקס, אַלס אַ
פּועל-יוצא פונם מאַנגל אין אַרבעטער-הענט, — פון איין זייט, און דאָס, וואָס
איר ביורזשעט איז געווען צופיל באַלעסטיקט דורך די מיליטאַריסטישע אינ-
טערעסן, פון דער צווייטער זייט.

אזוי שטעלן זיך ענגלאַנד און דייטשלאַנד פונם סאָף 19 יאָרהונדערט
און אָנהויב 20-טן יאָר-הונדערט אינם צענטער פון דער וועלט-פּאָליטיק, און
די צוגרייטונג צו אַן אנטשיידענעם געראַנגל צוליב דידאָזיקע צוויי ריזן הויבט
אָן צו פאַרנעמען די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט אין אייראָפּע. ארום זיי, צופּאַסנ-
דיק זיך צו זיי, הויבן זיך אָן אויסצובילדן די צוויי אייראָפּעאישע הויפּט קאָ-
אַליציעס: דער דריי-בונד און דריי-אפמאַך. דידאָזיקע גרופּירונגען זיינען דיק-
טירט געוואָרן דורך די אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן פון די מעלוכעס.

אין 1879 יאָר איז געלייגט געוואָרן דער יעסאָד פונם בונד צווישן
דייטשלאַנד און עסטרייך, וואָס צו אים האָט זיך אויך ענגלאַנד לעכאַטכילע
באַצויגן מיט מיטגעפיל. דאָס באַגעגענען זיך פון די קאָלאָניאַלע אינטערעסן
פון פראַנקרייך און איטאַליע אין טוניס און דאָס פאַרכאַפּן אים דורך פראַנק-
רייך אין 1886 יאָר האָט געשטויסן איטאַליע אין די אָרעמס פונם צוויי-בונד,
וועלכער איז דורכן אָפּיציעלן אַקט פון 1882 יאָר פאַרברייטערט געוואָרן אין
אַ דרייבונד, אריינגערעכנט איטאַליע.

אפן צווייטן פּאָלוס האָט זיך אין דערזעלבער צייט געשאַפן אַ צווייטע
קאָאַליציע: פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד. די פיינטלעכע ענגליש-
פראַנצויזישע באַציאונגען, וואָס האָבן געשטאַמט זינט דער גרויסער פראַנצויזי-
שער רעוואָלוציע און וואָס זיינען ווידער אויפגעפלאַקערט געוואָרן נאָך דער פראַנ-
צויזיש-פרייסישער מילכאָמע, ווען פראַנקרייך האָט באַשלאָסן צו קאָמפּענסירן
זיך מיט אַ ברייטער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, — האָט אין די 90-ער יאָרן אפגע-
טראָטן דאָס אָרט דער דערנעענטערונג פון דידאָזיקע צוויי לענדער. נאָכן פאַ-
שאָדער אינצידענט אינם סאָף פונם פאָריקן יאָרהונדערט פאַר דער דעראָבע-

רונג פון עגיפּטן איז פראַנקרייך געווען געצוואונגען צו אנערקענען די ענג־לישע אויבערהאנט און האָט דערפאַר באַקומען מאראָקע. מע האָט אף אַ פריינטלעכן אופן איינגעטיילט צווישן זיך די ווירקונג־ספערן און פון אָט דעם מאָמענט ווערט פאַרלייגט דער פונדאַמענט פונם „פריינטלעכן אָפּמאַך״, וואָס האָט באַקומען זיין פאָרמעלן אויסדריק דורכן געהיימען אָפּמאַך פון 1904 יאָר.

אויך די פיינטלעכע ענגליש־רוסישע באַציאונגען צוליב דער טערקישער פראַגע, צוליב דעם צוזאַמענשטויס פון די אינטערעסן אין פערסיע, אַפגאני־סטאַן און טיבעט האָבן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט דעם פריינטלעכן אויסטויש פון די איינפלוסן, נאָכדעם ווי רוסלאַנד האָט געליטן אַ מאַפּאָלע אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילכאָמע. אין 1907 יאָר איז צום פריינטלעכן אפּמאך צוגע־שטאַנען רוסלאַנד. אזוי איז געשאַפן געוואָרן דער דריי־אָפּמאַך.

מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקייט אויספירלעכער צו באטראכטן די צווישנפעלקערלעכע פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע מעלוכעס, גרונטלעכער צו באַקענען זיך מיטן יענעם מיסכער, וואס אין זיין רעזולטאַט האבן זיך אויסגעבילדעט די דערמאָנטע קאאליציעס. איין אומשטאנד אָבער טרעט ארויס מיט א באזונדער בוילעטקייט. אָט די קאָאליציעס פון סאָף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט זיינען געגאַנגען אונטערן צייכן פון אימפּעריאַליזם און מיליטאריזם און האָבן זיך געשטעלט דעם ציל צו קעמפן פאר דער העגע־מאָניע אפן אינטערנאַציאָנאלן מארק. דאָס האָבן אויסגעצייכנט פארשטאנען די אנפירער פון דער צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע מע־לוכעס, וועלכע האָבן געוונמען אין אַכט אלע פאלגן, וואָס דרינגען דערפון ארויס און האבן זיך געגרייט צום אנטשיידענעם געראנגל.

אָט אזאַ איז געווען דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער צושטאנד פון אייראָפּע, איידער עס האָט זיך אנגעהויבן די אייראָפּעאישע מילכאָמע. אין אָט דער סיטואציע האָט זיך אויסגעבילדעט די אייראָפּעאישע ארבעטער־באַוועגונג פון דער עפּאָכע פונם 2־טן אינטערנאציאָנאל, אין איינקלאַנג מיט יענע אל־געמיינע שטריכן פון דער עפּאָכע פונם אימפּעריאַליזם און מיט דער אייגנ־ארטיקייט אין יעדן אייראפּעאישן לאַנד, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט.

## די אַרבעטער־באַוועגונג און אירע פאָרמען אינם סאָף 19־טן יאָר־הונדערט און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאל, ווען ער איז צעפאלן, האָט געמאַכט אַן אָנהויב צו דער אַרבעטער־באַוועגונג אין איינצלנע לענדער אין זייערע נאַציאָ־נאַל־מעלוכישע גרעניצן. קומענדיק צוזיך נאָכן כורבן פון דער פּאַריזער קאָמונע אין פראַנקרייך, נאָך דעם, ווי עס באָטל געוואָרן דער גרזעץ קעגן די סאָציאַליסטן

אין דייטשלאנד, נאָכן קריזיס פון די 70-ער יאָרן אין ענגלאנד, הויבט אָן די
אַרבעטער-באוועגונג ברייט צו אַנטוויקלען זיך. צום סאָף פון דעם יאָרהונדערט
פורעמט זי זיך אויס אין פאַרשיידענע לענדער לויט אייגנאַרטיקע טיפן, דערביי
גיסט זי זיך אויס אומעטום אין דריי גרונט-פאָרמען: פאַרטיי, פאַריין, קאָאָפע-
פעראַטיוו. אָט די דריי פאָרמען אַרבעטער - באַוועגונג פילן זי אויס
אינגאַנצן, דינענדיק אלע צוליב איין ציל: די פאַרטיי פאַראייניקט די אַרבעטער
אין זייערע סאָציאַל-פאָליטישע אינטערעסן, שטייענדיק אַנקעגן דער בורזשואַזיע
ווי אַ קלאַס, און קעגן אַלע בורזשואַזע פאַרטייען; דער פאַריין פאַראייניקט זיי,
ווי פאַרקויפער פון אַרבעט-קראַפט, דער קאָאָפעראַטיוו — ווי געברויכער. די
אַלע דריי פאָרמען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, ניט קוקנדיק אַף דער זעלב-
שטענדיקייט און אומאָפהענגיקייט, וואָס זיי האָבן זיך געקראָגן, פלעכטן זיך
ענג דורך צווישנאַנאַנד אין די גרעניצן פון דער קאַפיטאַליסטישער מעלוכע
און פילן אלע אויס איין אויפגאַבע: די פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער
און פאָליטישער לאַגע פון דעם אַרבעטער-קלאס און די באַפרייאונג זיינע
פון די קייטן פון דער קאַפיטאליסטישער עקספּלואַטאַציע. לעמאָשל, די אַרבע-
טער-קאָאָפעראַטיוון פון דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער שטיצן אונטער אין
די צייטן פון א שטרייק די מיטגלידער פון די פראָפ. פאַריינען, געבנדיק זיי
סכוירע אַף באָרג, זיי אַסיגנירן מיטלען פאַר די סאָציאַליסטישע פאַרטייען אַף
אַגיטאַציע פון זייערע אידייען. די פאָליטישע פאַרטיי פאַרטיידיקט אין פאַרלאַ-
מענט די אינטערעסן פון די פראָפאַריינען; די פראָפ. פאַריינען שטיצן אונטער
די פאַרטיי אין דער צייט פון דער וואַלקאַמפּאַניע אין פאַרלאַמענט.

אין מעשעך פון דעם לעצטן פערטל 19-טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען
די אויספאָרמירונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין די גרונט-אָרגאַניזאַציעס,
וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעוויזן, און זייער צופאַסונג צו די באַדינגונגען פון מאָנאָ-
פאָליסטישן קאַפיטאַל און פון דער מעלוכע. קעדיי צו געבן א פאָרשטעלונג וועגן
דעם פאַרנעם פון דער באַוועגונג, וועגן איר מאַסן-כאַראַקטער, לאָמיר דער-
מאָנען, אַז אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון פאַריינען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך
און דייטשלאַנד האָט זיך אין 1901 יאָר גערעכנט באַ 3.500.000, אין 1910 יאָר
העכער $6\frac{1}{2}$ מיליאָן, און מיטגלידער פון קאָאָפעראַטיוון אַן ערעך באַ א
העלפט דערפון.

דער קימאַט אומאויפהערלעכער וואוקס פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין
די וויכטיקסטע לענדער פון אייראָפּע איז געגאַנגען פאַראַלעל מיטן וואוקס פון
די פראָדוציר-קרעפטן פון דידאָזיקע לענדער, מיט דער פארגרעסערונג פון
זייערע נאַציאָנאַלע רייכטימער, דעריקער אַפן כעשבן פון דער קאָלאָניאַלער
רויבעריי און קאָלאָניאַלער עקספּלואַטאַציע. און האַגאַם דעם פראָצעס פונם
וואוקס פון די נאַציאָנאַלע רייכטימער האָבן אין אַלגעמיין און אינגאנצן גענו-
מען באַגלייט די פאַרקלענערונג פונם כיילעק פונם אַרבעטער-קלאַס אין דער
נאַציאָנאַלער הויצאָע און זיין פאַראָרעמונג (אין ענגלאַנד, לעמאָשל, איז פון

1843 יאָר ביז 1908 יאָר די נאַציאָנאַלע האַכנאָסע פאַרגרעסערט געוואָרן מער, ווי אין $3\frac{1}{2}$ מאָל, אָבער דער כיילעק פון די אַרבעטער אין אָט דער האַכנאָסע איז פאַרקלענערט געוואָרן פון 45,6% ביז 38,1%), אָבער צוזאַמען מיט דעם קאָן מען באַאָבאַכטן א פארבעסערונג אין דער לאַגע פון די באַזונדערע שיכטן פונם פּראָלעטאַריאַט, דאָס אויפהויבן זיך פונם לעבן-ניוואָ פונם הויכקוואַליפיצירטן אויבערשיכט פונם קלאַס. דער דיפערענציִרונג-פּראָצעס אינם אַרבעטער-קלאַס האָט אין אָנהויב יאָרהונדערט דערגרייכט א היפּשע גרויס. און אַזוי ווי די ארבעטער-באַוועגונג פון דערדאָזיקער עפּאָכע האָט ארומגעכאַפּט, דעריקער, די קוואַליפיצירטע שיכטן, זיינען אפן באָדן פונם פרידלעכן אָרגאַנישן וואוקס פון די פּראָדוציר-קרעפטן געשאַפן געוואָרן אילוזיעס פון דער שטאַנדהאַפטיקייט און פעסטקייט פון די קאַפּיטאליסטישע פארהעלטענישן. דער צוטריט פון די אַרבעטער-פאָרשטייער אין די אָרגאַנען פון דער בורזשואַזער מעלוכע האָט פאַרשטאַרקט דידאָזיקע אילוזיע.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אין דער מעלוכע פונם פינאַנציעלן קאַפּיטאַל אַרויסגעטראָטן אַלס די איינציקע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי צום עקזיסטירנדיקן רעזשים. צו איר האָבן זיך געצויגן די סימפּאַטיעס פון אַ ל ע אונטערדריקטע און אומצופרידענע מיט דער היינטצייטיקער אָרדענונג. דער וואוקס פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, באזונדערס פון זייערע פּארלאַמענטישע דערפאָלגן, האָט אויך געפירט צו דעם, אַז די לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע האָט זיך געדוכט פאַר מעגלעך אין די ראַמען פונם קאַפּיטאַליזם, אַפן באָדן פון די פּאַרלאַמענטישע ערפאָלגן. אָט די אַלע פאַקטאָרן האָבן געבראַכט דערצו, וואָס די אַרבעטער-באַוועגונג, פאָרמירנדיק זיך און פאַרטיפנדיק זיך האָט זיך צוגעפאַסט צו די לעבן-באַדינגונגען פון דער מעדינע. דער פּראָצעס פון צופּאַסן זיך אין די נאַציאָנאַלע גרענעצן איז געגאַנגען אַף אַזויפיל טיף אין דער עפּאָכע פון דעם 2-טן אינטערנאַציאָנאל, אַז ער האָט באשטימט אינגאַנצן דעם כאַראַקטער און די טאקטיק פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין איטלעכן לאַנד. דער פּארלאַמענטישער קאַמף און די וואַלקאַמפּאַניעס האָבן אָנגעהויבן איינשלינגען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די סאָציאליסטישע פּאַרטייען, און דער קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די אַרבעטער אין די גרענעצן פון דעם קאַפּיטאליזם איז געוואָרן די הויפּט-אויפגאַבע פון די פאַריינען. דידאָזיקע צופּאַסונג האָט זיך געמוזט אָפּשפּיגלען אַף דעם אידעאָלאָגישן טאָך פון דעם סאָציאַליזם, ווי דעם יעסאָד פון דער ארבעטער-באַוועגונג. אינייַנעם מיטן וואוקס פון דער צאָל מיטגלידער און דעם איינפלוס פון דעם סאָציאַליזם אין די נאַציאָנאַלע גרענעצן איז געגאנגען די צופּאַסונג פון אָט דעם אינטערנאַציאָנאלן רעוואָלוציאָנערן שטראָם צו די באַדערפעניש פונם טאָגטעגלעכן קאַמף. פון דער אומקאָמפּראָמיסלעך-רעוואָלוציאָנעדער קלאַסן-אידעאָלאָגיע פון דעם מאַרקסיזם האָט זיך אין דער פּראַקטיק פון דעם טאָגטעגלעכן קאַמף גענומען אויסוועפּן זיין רעוואָלוציאָנערער טאָך, און די

פירער פון דער נייער פרידלעכער (אָרגאַנישער) עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג האָבן אָנשטאָט אים אָנגעהויבן אונטערזוכן א פרידלעך-ליבעראַלן רעפאָרמיזם. אָט דער סאָציאַליסטישער רעפאָרמיזם האָט געלאָזן אזוינע טיפע וואָרצלען אין דער ארבעטער-באַוועגונג פון די מאַירעוו-לענדער, אַז ער האָט פּאַראַליזירט דעם ווילן פון דעם פּראָלעטאַריאַט צו רעוואָלוציע, און איז געוואָרן, ווי מיר וועלן עס ווייטער זעען, די פּאַטאלע אורזאַך פון דעם קריזיס פון דעם סאָציאַליזם אין דער צייט פון מילכאָמע. ניט קוקנדיק אף די נאַציאָנאלע כילוקים און אף דעם, וואָס ער ווייזט זיך ארויס אין פאַרשיידענע לענדער (דער דייטשישער בערנשטייניאַניזם אָדער רעוויזיאָניזם, דער פראַנצויזישער מיליעראַניזם אָדער מיניסטעריאליזם, דער ענגלישער טרעד-יוניאָניזם), טראָגט ער דאָך א אינטערנאציאָנאלן כאַראַקטער, שפּייזנדיק זיך פון דיזעלביקע וואָרצלען: פון דער מאָנאָפּאָליסטישער לאַגע פון דעם קאַפּיטאל און דעם כאראקטער פון דער ארבעטער-באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט אַנטוויקלט און איז געוואָרן שטארק פאַרוויקלט.

## דייטשלאַנד

מיר וועלן אָנהויבן אונזער איבערבליק פון דייטשלאנד, ערשטנס, דער-פּאַר, וואָס די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַוועגונג איז געוואָרן א מעכטיקער אינטערנאַציאָנאלער פאַקטאָר לויט איר קראַפט, צווייטנס, דערפאַר, וואָס אין דעם פעריאָד האָט זי אָנגעהויבן צו באשטימען דעם כאַראַקטער און טאָך פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאל.

יענע אַלגעמיינע שטריכן פון דער עפּאָכע פונם אימפּעריאליזם, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן גערעדט (די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע, דער אינטענסיווער וואוקס פון די פּראָדוציר-קרעפטן, די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, דער מיליטאריזם א. אז. וו.) האָבן זיך באַזונדערס בוילעט ארויסגעוויזן אין אָט דעם לאַנד און האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די אייגנאַרטיקע סאָציאַל-היסטאָרישע באדינגונגען. דער אינדוסטריעלער אויפבלי איז באדינגט געוואָרן ערשטנס, פון דער פריערדיקער אָפּגעשטאַנענקייט פונם לאנד און פון דער מעגלעכקייט פאר דער בורזשואזיע צו עקספּלואטירן אינטענסיוו די אַרבעט-קראַפט, בא דער פארגרעסערונג פונם ארבעט-מאַרק; צווייטנס, פון דעם, וואס דאָס לאַנד איז שפּעטער פון אַנדערע ארויסגעטראָטן אף דער ארענע פונם אינדוסטריעל-עקאָנאָמישן לעבן און איז, אויסנוצנדיק די טעכנישע דערפאַרונג פון די אלטע אינדוסטריעלע לענדער, די קאָלאָסאַלע נאטירלעכע רייכטימער (קוילן און אייזן), געוועזן בעקויעך צוטרעטן מיטאמאָל צו דער אָרגאַניזירונג פון די טעכניש-פאַרפולקומטע און ראציאָנאַל-אויסגעבויטע אונטערנעמונגען. דער אינדוסטריאליזירונג-פּראָצעס איז פאָרגעקומען ניט נאָר אין דער אינ-דוסטריע, נאָר אויך אין דער לאנדווירטשאפט און דאָס האָט געשאַפן א

באַדן פאַר דער צוניפוואקסונג פון די אינטערעסן פונם יונקערטום און פון די אינדוסטריעלער—פעאָדאַלן. אָט דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו דער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן-סטירעס און גלייכצייטיק, מיטן וואוקס פונם אימפּעריאליזם, האָט דאָס געבראכט צו דער פארגרעסערונג פון די קאַדרען פונם נייעם „מיטל-שטאנד”, וואָס באַדינען די קאַלאָסאַלע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען און די אימפּעריאליסטישע מעלוכע. אינם אַרבעטער-קלאַס גופא פון דייטשלאנד איז פאָרגעקומען א דיפערענצירונג-פּראָצעס, וואָס האָט אנטקעגנגעשטעלט דעם הויכקוואַליפיצירטן אויבערשיכט פונם קלאַס, וועלכער באדינט די ברייטע נעץ אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, קעגן דער גאנצער איבעריקער מאסע זיינער.

אַף אָט דעם באַדן איז אויסגעוואָקסן די יונקעריש-בורזשואזע דייטשישע אימפּעריע מיט איר אלגעמיינעם וואַלרעכט און מיט דער רעאקציאָנערסטער פּרייסישער דריישטופּנדיקער וואַל-סיסטעם. מיט „בלוט און אייזן” צונויפגעבונדענע פון אויבן, האָט די דייטשישע אימפּעריע אָפּגעשפּיגלט אָט די אייגנאַרטיקע אַנטוויקלונג פונם לאַנד, וואו דער יונקערשער קלאַס האָט באַדינט די פּאָליטישע אינטערעסן פון דער בורזשואזיע. אָט פּאַרוואָס דידאָזיקע פּאַרייניקונג איז געווען ניט קיין פולשטענדיקע און ניט קיין פאַרענדיקטע. און די צענטראליזירטע מאכט פון בערלין האָט עקזיסטירט זייט-בא-זייט מיט דער מאַכט פון א צענדליק אנדערע קליינע און גרויסע „קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכן”. די פּאָליטישע געשיכטע פון דייטשלאנד פון אָט דעם פּעריאָד קאָן איינגעטיילט ווערן אַף צוויי עטאַפּן: ביזן אָנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט און נאָך אים. דער ערשטער פּעריאָד — ביסמארקס פּעריאָד — גייט אונטערן צייכן פון נאציאָנאַלער פּאַרייניקונג און פונם געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן; דער צווייטער — אונטערן צייכן פונם אימפּעריאליזם און סאָציאלע רעפאָרמעס, וואָס זייער ציל איז צו דעמאָראַליזירן די דראָענדיקע אויסגעוואקסענע ארבעטער-באַוועגונג און צוציען אַף זייער זייט איר אויבערשיכט.

באַ אָט די באַדינגונגען האָט זיך אנטוויקלט די דייטשישע ארבעטער-באַוועגונג, וועלכע האָט נאָך דער פּאַריזער קאָמונע פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. דערצו האָבן מיטגעהאָלפן פּאָלגנדיקע אומשטאנדן, וואָס האָבן געשפּילט א גרויסע ראָלע באַ דער אויספאָרמירונג פון דער באַוועגונג: ערשטנס, דער וואוקס און די קאָנצענטראציע פון פּראָדוציר-קויכעס (אינדוסטריאליזאציע) פון דייטשלאנד זיינען פאָרגעקומען אין די גרעניצן פון א מאָנאַרכיש-יונקערשן רעזשים; צווייטנס, פון דעם מאָמענט אָן, וואָס דער דייטשישער פּראָלעטאריאט איז ארויסגעטראָטן אַף דער פּאָליטישער ארענע, האָט ער שוין געהאט אלגעמיינע וואַלרעכט; דריטנס, האָט ער שוין געהאט פאר זיך די אָנגעזאַלטע דערפאַרונג פון די ענגלישע און פראנצויזישע ארבעטער און, פערטנס, דער מארקסיזם, ווי אן אידעאָלאָגיע, איז ענדגילטיק אויסגעפורעמט געוואָרן אין די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס. אָט די אלע פאַקטאָרן האָבן פאָרמירט די

דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי די סאַמע אויסגעהאַלטענע (אָרטאָדאָקסאַל-מאַרקסיסטישע) און פעסטע פּאַרטיי.

נאָך דער פאַרייניקונג פון די לאַסאַליאַנער און אייזנאַכער אין 1875 יאָר אַפן צוזאַמענפאָר אין גאָטא האָט זיך אויסגעוויזן, אז די דייטשישע סאָציאַ-ליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי, ווי זי האָט זיך איצטער א נאָמען געגעבן, האָט אין לאַנד א היפשן איינפלוס. אין צוויי יאָר אַרום נאָך דער פאַרייניקונג האָט זי געהאַט אין רייכסטאַג 12 פאַרטרעטער. דער אויסנאַם-געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן (אין די יאָרן 1878—1890), וואָס דער רייכסטאַג האָט אָנגענומען



א. בעבעל



וו. ליבקנעכט

לויט ביסמאַרקס פאָדערונג, וואָס האָט געהאָפט אָפּצוציען די מאַסן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דורך רעגירונגס-טעראָר און סאָציאַלער געזעצגעבונג, האָט נאָר אַף ווײַלע אָפּגעהאַלטן דעם וואוקס און די אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי. נאָך א קורצווייליקן קריזיס האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צוגעפּאַסט זיך צו די נייע לעבנס-באַדינגונגען, פאַרוואַנדלענדיק די טריבונע פונם רייכסטאַג אין אַן אָרט פאַר אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. איבערגייענדיק אַף אַן אומלעגאַלן צושטאַנד, האָט די פּאַרטיי דורך דער פראַקציע פונם רייכסטאַג און דורך די אָרגאַנען, וואָס זיינען אריבערגעטראָגן געוואָרן קיין אויסלאַנד, געפירט א קאַמף מיט דער פּאָליציייאיש-יונקערשער מעלוכע. ניט קוקנדיק אַף די אומגע-הויערע רעפּרעסיעס, וואָס האָבן זיך געשאָטן אַף דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַר דער צייט, וואָס דאָס געזעץ איז געווען אין קראַפט, האָט מען פאַרמאַכט

332 פארשיידענע פאריינען און געזעלשאַפטן, סאָציאַליסטן האָבן פארבראכט אין טפּיסעס ביזן מישפּעט 119 יאָר 5 כאדאָשים און 13 טעג, זיינען אָפּגעקומען שטראָפן א סכום פון 611 יאָר 6 כאַדאָשים און 3 טעג), איז די צאָל שטימען וואָס פלעגן אָפּגעגעבן ווערן פאר דער פארטיי אלץ געוואקסן. צום מאָמענט, ווען דער געזעץ איז באָטל געוואָרן אין 1890 יאָר, האָט זיך די צאָל סאָציאַל-דעמאָקראטישע דעפּוטאטן פארגרעסערט ביז 35. דאָס באָטל ווערן פון דעם געזעץ, ווען עס האָט זיך געענדיקט דער טערמין, ביז וואנען ער איז געווען גילטיק, האָט אוועקגענומען די לעצטע שטערונגען פאר דער אָרגאניזירונג פון דער פארטיי, און די אָנגעזאמלטע ענערגיע האט געפונען פאר זיך אן אויסוועג אין דער ברייטער בויאונג-ארבעט פון דעם פאַרטייאישן און פראָפעסיאָנעלן אַפּאראט. אין 1891 יאָר האָט דער ערפורטער צוזאמענפאָר אָנגענומען א דעטאל-אויסגעארבעטע פּראָגראם (ז. דאָק. און מאט. נומערן 1, 2 און 3) און האָט דערמיט אונטערגעפירט א טעאָרעטישן מארקסיסטישן פונדאמענט אונטער דעם פארטיי-ביניען, האָט אָנגעמערקט די פּראקטישע אויפגאבן פון דער פארטיי און האָט באזייטיקט די אומקלאָרקייטן, וואָס זיינען געווען אין דער אלטער גאָטער פּראָגראַם, ווי א פשאָרע מיט די לאסאליאנער. נאָך דעם ערפורטער צוזאמענפאָר האָט זיך פאר דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע אָנגעהויבן א פרידלע-כער, קעסיידערדיקער, אָרגאנישער וואוקס פון דער פארטיי, אזוי, אז בעבל האט זיך איינגיכן געקאָנט בארימען, אז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע „האָט זיך אָנגעהאָדעוועט רויטע באקן". טריט נאָך טריט האָט די סאָציאַל-דעמאָקראטיע פארגרעסערט אירע קרעפטן, גייענדיק פון איין פּארלאמענטישן ערפאָלג צום צווייטן. די פאָלגנדע קליינע טאבעלע כאראקטעריזירט די-דאָזיקע ערפאָלגן.

| יאָרן | צאָל שטימען | % סאָציאַל-דעמאָקראטישע שטימען אנקעגן דער אלגעמיינער צאָל בײַ די וואלן | צאָל דעפּוטאטן אין רייכסטאג | פּאַרטיי-מיטגלידער |
|---|---|---|---|---|
| 1884 . . . . . . . . . | 550.000 | 9,7 | 24 | — |
| 1890 . . . . . . . . . | 1.427.000 | 19,7 | 35 | — |
| 1893 . . . . . . . . . | 1.787.000 | 23,3 | 44 | — |
| 1898 . . . . . . . . . | 2.107.000 | 27,0 | 56 | — |
| 1903 . . . . . . . . . | 3.011.000 | 31,7 | 81 | — |
| 1907 . . . . . . . . . | 3.259.000 | 28,9 | 43 | 384.000 (1906 יאָר) |
| 1912 . . . . . . . . . | 4.250.000 | 34,8 | 110 | 970.112 |

פון אַן אָפּאָזיציאָנעלער נישטיקער גרופּע איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געוואָרן די גרעסטע מאַסן-פּאַרטיי אין לאַנד, וואָס אירע דעלעגאַטן זיינען געווען צעשפּרייט איבער אַלע פאַרטרעטונגס-אינסטיטוציעס, אַזוי, אַז אין 1912 יאָר איז זייער צאָל געווען אַריבער 9.000. דער איבערגאַנג פון אָפּאָזיציאָנעל-פּאָליטישער פּאַרלאַמענטישער אַרבעט צו פּאָזיטיווער אין די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס האָט געביטן דעם כאַראַקטער און די טראַדיציעס פון דער פּאַרטיי. און פון אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער קלאַסן-פּאַרטיי, ווי זי איז געווען פון אָנהויב, ווערט זי ביסלעכווייז אַן אָפּאָרטוניסטישע און רעפאָרמיסטישע. „אונזער פּאַרטיי איז געוואָרן אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דער מעלוכע, וואָס פריער איז זי דאָס ניט געווען, — האָט געזאָגט דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַט, דער רעוויזיאָניסט פאָלמאַר אין 1891 יאָר. — מיר האָבן די מעגלעכקייט דירעקט צו ווירקן אַפן גאַנג פון די פּאָליטישע איניאָנים. מיר פירן שוין אָן ניט מיט אַ לעפּיערעך קנאַפּן טייל פון דער באַפעלקערונג, נאָר מיט מיליאָנען. די אַכראַיעס פאַר אָט דער אָנפירונג ליגט אַף אונז. אָט די אַלע פאַקטן דאַרפן זיך אַרויסווייזן אויך אין אונזער ווייטערדיקער אויפירונג, אין אונזער גאַנצער טאַקטיק". דערפון נעמט זיך אַ גאַנצע ריי נייע אויפגאַבן, אַ נייע טאַקטיק, וואָס דערזעלביקער פאָלמאַר האָט פאָרמולירט אַזוי: „די באַפרידיקונג פון די באַלדיקע נויטן פון פאָלק און די דערגרייכונג פון די נאָענטסטע פאָדערונגען זיינען די הויפּט-אויפגאַבן ניט נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַן אַגיטאַציאָנס-באַטייט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אָט די ביסלעכווייזע סאָציאַליזירונג איז דער נאַטירלעכער וועג אַריבערצוגיין, פון שטאַפּל צו שטאַפּל, צום סאָציאַליזם. דערמיט ווערט אָנגעוויזן דער וועג פון רואיקער געזעצלעכער פּאַרלאַמענטישער טעטיקייט אין ברייטסטן זין פון וואָרט".

„נייע צייטן, נייע לידער". דאָס פאַלן פונם „געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן" האָט געעפנט אַ נייע עראַ פאַר דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אַריבערגייענדיק פון איין פּאַרלאַמענטישן ניצאָכן צום צווייטן, הויבט זיך אָן צו ענדערן איר טאַקטיק און פּאַסט זיך צו צו די באַדינגונגען פונם וואוקס פון דער פּאַרטיי און צו אירע פּראַקטישע אויפגאַבן: זי הויבט אָן אינערלעך איבערגעבוירן צו ווערן פון אַן אָפּאָזיציאָנעלער פּאַרטיי אין אַ פּאַרטיי פון סאָציאַלע רעפאָרמען אַפן באָדן פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. אין אָט די באַדינגונגען ווערט כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר דער אומשטאַנד, וואָס עס ווערן אַלץ פעסטער און זיכערער די שטימען פונם רעכטן פליגל פון דער פּאַרטיי אין דער פּערזאָן פון פאָלמאַר, שיפּעל, בערנשטיין און אַנדערע, נאָר אומבאַמערקבאַר, טריט בא טריט קומט פאָר אַן איבערגעבורט פונם גרונט-קאַדר פון דער פּאַרטיי אין דער פּערזאָן פון בעבעלן, ק. ליבקנעכט, קאַוטסקי און אַנדערע היטער פון די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דער פּאַרטיי, פון איר בעסערער פאַרגאַנגענהייט. און צוזאַמען מיט דעם קאָן מען אינעווייניק אין דער פּאַרטיי באַמערקן פּראָצעסן פון געזונטער רעאַגירונג אַף דידאָזיקע אָפּנייגן.

דער קאמף מיט די „יונגע" אין די 90-ער יאָרן אָפּן באָדן פון דער פּאַרלא-מענטאַרישער טאַקטיק און פון בלאָקן, דער קאמף מיט די סינדיקאַליסטישע טענדענצן אין אָנהויב פונם נייעם יאָרהונדערט איבער די פראגן פון פּאַרלא-מענטישער טאַקטיק און פון דער אומיטלבאַרער ארויסטרעטונג פון די מאַסן בעאייס דעם אלגעמייגעם שטרייק, די ארויסטרעטונג אין דער פּאַרטיי פון דער גרופּע אזויגערופענע לינקע ראַדיקאַלן אין דער פּערזאָן פון ר. לוקסעמבורג, ק. צעטקין, פּאַנעקוק, פּאַרוואוס, ראַדעק און אנד. מיט עטלעכע יאָר פאַר דער מילכאָמע איבער די פראַגן פון רעוויזיאָניזם, קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, אימפּעריאַליזם און אין די פּראַגן פון רעוואָלוציע און מעלוכע און אנד., — דאָס אַלץ זיינען עטאַפּן, וואָס פּאַרצייכענען די אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי.

דער בערנשטייניאַניזם, ווי ער האָט זיך ארויסגעוויזן אינם סאָף יאָרהונדערט, איז ניט געווען קיין צופעליקער אָדער צייטווייליקער עפּיזאָד אין די רייען פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ער איז בלויז געווען אַן אויסדריק פון אַ באַשטימטער טענדענץ אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי



ק. קאַאוטסקי



ע. בערנשטיין

## דער רעוויזיאַניזם

דער בערנשטייניאַניזם האָט דעם רעפאָרמיזם און אָפּאָרטוניזם געמאַכט פאַר אַ דאָגמע ניט נאָר בענויגייע דער פּראַקטישער פּאָליטיק (זע דאָק. און מאַט. נומ. 4). בערנשטיינס היסטאָרישע ראָלע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט דער ערשטער טעאָרעטיש באַגרינדעט און אידעאָלאָגיש אויסגעפּו-

רעמט דעם פּראַקטישן אָפּאָרטוניזם פון דער פּארטיי, וואָס האָט זיך ביז דאַן
אָנגעזאַמלט. דערביי האָט ער אָנגעהויבן פון א רעוויזיע פון מאַרקסן (פון
דאַנען נעמט זיך דער נאָמען — רעוויזיאָניזם), פון איבערקוקן די גרונט-הא-
נאָכעס פון דעם מארקסיזם, וואָס האָבן ביז דאַן אויסגעזעען פעסט ניט אפּ-
צופרעגן. די גרונט-פּראָבלעם פון בערנשטיינס רעוויזיע איבער מאַרקסן איז
באַשטאַנען, לויט זיין מיינונג, אין דערווייטערן פון אים דעם רעוואָלוציאנערן
טאָך (דעם בלאַנקיזם) און צופּאַסן אים צו די פרידלעכע רעפאָרמיסטישע
אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי.

אין א גאנצער ריי אַרטיקלען, וואָם האָבן זיך געדרוקט אין די יאָרן
1897—1900 אין דער „נייער צייט", און דערנאָך אין זיינע ביכער „די פאָר-
האַנאָכעס פון סאָציאַליזם און די אויפגאַבן פון דער סאציאַל-דעמאָקראטיע",
אין די „סאָציאלע פּראָבלעמען" הויבט בערנשטיין אָן פון דער דערקלערונג,
אז „די ווייטערדיקע אנטוויקלונג און באַאַרבעטונג פון דער מארקסיסטישער לערע
דאַרף מען אָנהויבן פון איר קריטיק". ער קריטיק'רט די טעאָריע פון קאָנצענטרא-
ציע, די טעאָריע פון פאַראַרעמונג און פון קריזיסן. קעדיי צו באַגרינדן די צוויי
הויפּט-פּונקטן פון דעם רעוויזיאָניזם: די נויטיקייט פון אַ העסקעם מיט דער
בורזשואזיע און אפן וועג פון נייע רעפאָרמען ביסלעכווייז איינוואָרצלען און
אויסהאָדעווען אין די גרעניצן פון דעם קאַפּיטאליזם נייע סאָציאַלע באַציאונ-
גען, פּרואווט בערנשטיין דערווייזן, אַז די לאַגע פון דעם אַרבעטער-קלאַס
אין דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט ווערט אלץ בעסער, און איניינעם
דערמיט ווערט אָפּגעשוואַכט און געמינערט דער קלאַסנקאַמף. דערפון דרינגט
ער, אז מאַרקס טעאָריע וועגן אַ קאַטאַסטראָפע, ווי וועגן דעם אָנהייב פון
דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, איז ניט ריכטיק. דער וועג פון דעם סאָציאליזם
איז ניט דער וועג פון קאַטאַסטראָפעס, נאָר דער וועג פון רעפאָרמען און
לאַנגזאַמען איינוואקסן פון דער נייער געזעלשאַפט אין דער אלטער אפן
יעסאָד פון קאָמפּראָמיסן מיט דער בורזשואַזיע. די אויפגאַבן פון דעם סאָציאַ-
ליסט זיינען אין דער פּאָזיטיווער סאָציאַל-עקאָנאָמישער אַרבעט אפן פעלד סאי
פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער געזעצגעבונג און סאַי פונם באַפרידיקן די טאָג-
טעגלעכע נויטן פון דער באַוועגונג. „דאָס, וואָס מע האַלט פאַר דעם ענדציל
פון דעם סאָציאליזם, — דערקלערט בערנשטיין, — איז פאַר מיר גאָרנישט; די
באַוועגונג — איז אַלץ" (זע מאט. און דאָק. נומ. 4).

## פון מארקסיזם צו רעפארמיזם

דער רעוויזיאָניזם אָדער רעפאָרמיזם איז ניט געווען בלויז עפּעס אזוינס,
וואָס איז געבראכט געוואָרן אין די רייען פון דער פּאַרטיי עפּעס מין-האַצאַד,
אַ זייטיקער קערפּער. עס איז ניט שווער צו באַאָבאכטן אף דער געשיכטע
פון דער דייטשישער סאָציאל-דעמאָקראטיע, אף איר באַציאונג צו אַ גאַנצער

רייַ קאַרדינאַלע פראַגן, ווי אַזוי זי איז לאַנגזאַם און בעהאַדראַגע איבערגע-באַרן געוואָרן אין אַ רעפאָרמיסטישע פאַרטיי. מיר האָבן ניט קיין מעגלעכ-קייט צו געבן אַן אויסשעפנדיקן איבערבליק. מיר ווילן זיך בלויז אָפּשטעלן אויף די איקער-מאָמענטן.

ווי אַזוי האָט זיך באַציִגן די פאַרטיי צו דער פּאַרלאַמענטישער אַרבעט און צו די וואַלן? אויף איר פאַרטייטאָג אין ערפורט אין 1981 יאָר האָט די פאַרטיי געגעבן אַן ענטפער אויף דערדאַזיקער פראַגע (זע דאָק. און מאַט. נומער 5). מאַכנדיק פאַר איר הויפּט-ציל דאָס פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט, האָט די פאַרטיי געקוקט אויף דער פּאָליטישער אַרבעט, ווי אויף איינס פון די מיטלען פונם קלאַסנקאַמף. די וואַלן און רייכסטאַג גיבן אַ מעגלעכקייט צו קומען אָפן בעסטן אויפן אין באַריר מיט די פּראָלעטאַרישע מאַסן. די פאַרטיי מאַכט זיך ניט „קיין שום אילוזיעס מעקויעך די פּאַרלאַמענטישע ער-פאָלגן". אָבער די אַנאויפהערלעכע אַרבעט אין די קאָלערליי מעלוכע-אָרגאַ-נען אָפן באָדן פונם פּאַרלאַמענטאַריזם, אין די באַדינגונגען פונם וואוקס פון דער פאַרטיי, די נויטיקייט צו געבן אַן ענטפער אויף אַ רייַ פראַגן פון פּראַקטי-שער פּאָליטיק ברענגען דערצו, וואָס שוין אָפן האַנאווער פאַרטייטאָג אין 1899 יאָר טראָגט בעבעל אַריין אַ רעזאָלוציע (זע דאָק. און מאַט. נומ. 5 ב), וואו די פּאַרלאַמענטישע אַרבעט ווערט באַטראַכט פונם שטאַנדפּונקט פונם „פאַרברייטערן די פּאָליטישע רעכט און פרייהייט פונם פאָלק" און פונם „ערנסטן פאַרבעסערן די סאָציאַלע לאַגע פונם אַרבעטער-קלאַס". אויף דערדאַ-זיקער אַרבעט קוקט שוין די פאַרטיי, ווי אויף אַ „טריט, וואָס דערנענטערט זי צו איר ענדגילטיקן ציל. פון דאַנען איז בלויז איין טריט ביז דער אָנער-קענונג פון דער פּאַרלאַמענטישער טעטיקייט אַלס די הויפּט-אויפגאַבע פון דער ס.-ד. און אויף אָט דעם וועג איז די ס.-ד. ווירקלעך אַרויף אין איר פּראַקטישער פּאָליטיק. אָפן צוזאַמענפאָר אין מאַינץ און 1900 יאָר האָט ר. לוקסעמבורג, די פאַרשטייערן פונם לינקן פליגל, פאַרצייכנט דעמדאָזיקן אומשטאַנד אין אירע רעדעס מעקויעך דער פּאָליטיק פון דער פאַרטיי אין די פראַגן וועגן דער פאַרכאַפּונג פון קיאַאָ-טשאַו אין כינע דורכן דייטשישן אימפּעריאַליזם און וועגן דער ענגליש-בורישער מילכאָמע.

ווען די פאַרטיי האָט געענדערט איר אָפּשאַצונג פון דער פּאַרלאַמענטי-שער אַרבעט, האָט זי באַדאַרפט ענדערן איר באַציִאונג צו די וואַל-בלאָקן און צו די קאָמבינאַציעס מיט די בורזשואַזע פאַרטייען. אָנהויבנדיק פון באַהאַנדלען די קאָלערליי בלאָקן מיט די בורזשואַזע פאַרטייען, האָט די סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע, טראָץ די דרינגענדיקע פאָדערונגען פון די רעוויזיאָניסטן, נאָך אָפן קעלנער קאָנגרעס פון 1893 יאָר, אָנגענומען אַ באַשטימונג וועגן אָפּהאַלטן זיך פון באַטייליקן זיך אין די וואַלן אינם פּרייסישן לאַנדטאַג, וואו עס איז אומעגלעך „אַן אומאָפּהענגיקער אַרויסטריט". שוין אין 1897 יאָר אָפן האַמבורגער פאַרטייטאָג נעמט אָן די פאַרטיי אַ באַשטימונג, אַז אויף די איבערבאַלאַטי-

רונגען אין די פאַלן, ווען א קאנדידאַט פון דער פּאַרטיי ווערט אויסגעשלאָסן פונם צעטל, דאַרפן אלע פּארטיי-מיטגלידער שטיין פאַר אזא קאנדידאט פון דער בורזשואזער פּאַרטיי, וועלכער וועט אינם פאַל, אויב ער וועט אויסגע-ווײלט ווערן אינם רייכסטאג, האנדלען אין די „אינטערעסן פון דער ס.-ד.״ דערזעלבער צוזאַמענפאָר, בעאייס ער האָט באַטראכט די פראַגע וועגן די וואַלן אין די לאנדטאגן, האָט זיך שוין ארויסגעזאגט פאַר באַטייליקן זיך אין די וואַלן דאָרט, „וואו דאָס וועט זיך, לויט די אומשטאנדן, ארויסווייזן פאר מעג-לעך. די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט פאַר דער ס.-ד. צו באטייליקן זיך אין דעם אָדער יענעם באַצירק ווערט געלייזט דורך די סאָציאַליסטן פונם פארינ-טערעסירטן באַצירק און איינקלאַנג מיט די אָרטיקע באַדינגונגען. קאָמפּראָמיסן און פאַרייניקונגען מיט אַנדערע פאַרטייען ווערן פארווערט״. מיטן איבערגעבן די פראַגע אף דער לייזונג פון די אָרטיקע פּאַרטיי-אינסטאנצן האָט דער צוזאַ-מענפאָר געעפנט פאַר די אָפּארטוניסטן קאָלערליי מעגלעכקייטן. מיט א יאָר שפּעטער איז אַזאַ „מעגלעכקייט״ פון אַ קאָמפּראָמיס מיט די בורזשואַזע פאַר-טייען געוואָרן א געשעענע זאַך אַף די וואַלן אין באַיערן, און דער האנאווער פאַרטייטאָג האט זיך געמוזט פאַרנעמען מיט באַהאַנדלען דידאָזיקע פראַגע. ניט געבנדיק קיין קאָנקרעטן ענטפער, שטיצט אונטער די אָנגענומענע רעזאָלו-ציע (זע דאָק. און מאַט. נומ. 5 ב) די בלאָקן און די וואַלן-אינטערעסן. דער צוזאַמענפאָר אין מאַינץ (1900 יאָר) גיט א באַשטימטע דירעקטיוו וועגן אבלי-גאטארישן באטייליקן זיך אין די ארטיקע וואַלן און וועגן אפמאכן מיט די בורזשואַזע פאַרטייען.

דיזעלבע עוואָלוציע האָט זיך אויך אפגעשפּיגלט אף דער פראַקטישער פּאָליטיק פון דער פאַרטיי אין די פאַרטרעטערשע אנשטאלטן, אין דער אַרבעט פון די פאַרשיידענע קאמיסיעס פונם רייכסטאַג און אין די לאַנדטאגן, אין דער אפשטימונג פאַרן ביודזשעט. די טראַדיציע פון דער פּאַרטיי האט געפּאָ-דערט פון אירע דעפּוטאַטן אַ נעגאַטיווע אפשטימונג פונם ביודזשעט, ארויס-גייענדיק פון דער קלאַסן-אפשאַצונג פון דער מעלוכע. אין 1893 יאר האבן די דעפּוטאטן פונם באַיערשן לאַנדטאָג געשטימט פאַרן ביודזשעט, מאטיווירנדיק עס דערמיט, וואָס די „ביודזשעט-סומען זיינען נויטיק אף פאָרצוזעצן די טעטי-קייט פון דער געזעלשאַפט״, און די סאָציאַליסטן וועלן ניט דערלאָזן די צע-פאַלונג פון דער געזעלשאַפט, זיי שטרעבן איבערצובויען זי ארגאניש״. דער-דאזיקער באַיערשער „אינצידענט״ איז געווען אַן אביעקט פון ליידנשאַפט-לעכע וויקוחים פונם פראַנקפורטער צוזאַמענפאָר פון 1894 יאָר. אין די דעבאַטן האָבן פיגורירט צוויי רעזאָלוציעס: איינע — בעבעלס, וואס האט שאַרף גע-טאדלט די אפשטימונג פונם ביודזשעט, די צווייטע — פון די באַיערשע דעלע-גאַטן און פון די דעלעגאַטן פון די איבעריקע דאָרעמדיקע לאנדווירטשאפטלעכע קרייזן, — וואס האָט אריבערגעטראגן דעם שטרייט פונם פרינציפּיעלן באָדן אפן באָדן פון די פראַקטישע אינטערעסן און פון צוועקמעסיקייט. דער דעלע-

גאַט שטאטהאגען האט אריינגעטראָגן צו בעבעלס רעזאָלוציע אן אויסבעסערונג, וואָס ענדערט אינגאַנצן דעם כאראקטער פון דעם, ווי אַזוי בעבעל האָט אוועקגעשטעלט די פראַגע. דידאָזיקע אויסבעסערונג האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען, אָבער באַם אפשטימען בעבעלס רעזאָלוציע מיט דער אנגעוויזע-נער אויסבעסערונג אינגאַנצן גענומען — איז זי אפגעוואָרפן געוואָרן, פונקט אזוי, ווי די רעזאָלוציע פון די באַיערשע דעלעגאַטן. אף אזא אויפן האָט די מערהייט פונם צוזאַמענפאָר ניט אויסגעדריקט איר שאַרף נעגאַטיווע שטעלונג צו דער וואָטירונג פונם ביודזשעט; אדעראַבע, די אפשטימונג פון דער אויס-בעסערונג האָט באַוויזן, .אז דער צוזאמענפאָר שטייט אפן באָדן פון פראקטישע אינטערעסן. אַפן לובעקער צוזאַמענפאָר פון 1901 יאר ווערט ווידער די פראגע אוועקגעשטעלט אין טאָג-סיידער, דאָס מאָל מעקויעך דער אפשטימונג פונם ביוד-זשעט אינם באַדענער לאַנדטאג.ביזן צוזאַמענפאָר איז פאַרגעקומען א דיסקוסיע אין דער צענטראלער פאַרטיי-פרעסע צווישן ר. לוקסעמבורג און דעם באַדענער דעפוטאַט אנ. פענדריך. אויב די באַדענער, פונקט אזוי ווי אלע אפארטוניסטן, האָבן ארגו-מענטירט מיט די אינטערעסן פון דער פראַקטיק און פונם היינטיקן טאָג, ניט זעענ-דיק אין דעם קיין פראַגע פון פרינציפ, איז פאַר ר. לוקסעמבורג דידאזיקע פראַגע געווען קוידעמקאָל אַ פראַגע פון פרינציפ, א פראַגע פון דער אפשאַ-צונג פון דער בורזשואַזער מעלוכע ביכלאַל און פון דער באַציאונג צו איר מיצאַד די סאָציאַל-דעמאָקראַטן ביפראַט. אפן צוזאַמענפאָר האָבן פיגורירט צוויי פראָיעקטן פון רעזאָלוציעס: ר. לוקסעמבורגס און בעבעלס. נאך א פרי-וואַטער איינפארשטייעניש מיט די באַדענער דעלעגאַטן האָט בעבעל געענ-דערט די לעכאַטכילעדיקע רעדאַקציע פון זיין רעזאָלוציע, און זיין נייע רעזאָ-לוציע האָט פאָרויסגעזעען די מעגלעכקייט פון וואָטירן די ביודזשעט צוליב „אויסערארדנטלעכע אומשטענדן און באַזונדערע באדינגונגען" און האָט גע-עפנט ברייטע טירן פאַר די אפארטוניסטישע אויסטייטשער. דער צוזאַמענ-פאָר האָט באַשטעטיקט בעבעלס רעזאָלוציע אין דער לעצטער רעדאַקציע (זע דאָק. און מאַט. נומערן 6 און 7), צו וועלכער עס איז אויך צוגעשטאנען ר. לוקסעמבורג.

אזוי אַרום האָט מען די גרונט-אויפגאַבן פון דער ס.-ד. ביסלעכווייז, אפן באָדן פון דער פראקטישער פאָליטיק אומגעביטן אף א ריי קליינע פראק-טישע אויפגאבן, אפן באָדן פון פארבעסערן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג, עס זיינען פארשוואונדן געוואָרן די אידייען פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאליזם, עס איז געוואקסן און שטארק געוואָרן דער גלויבן אין דער ראָלע און באַדייטונג פון דער פארלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע. פון טיילווייזע האנאָכעס די אָפאָרטוניסטן און פראַקטישע פאָליטיקער אין די פארשיידענע געביטן פון דער פאַרטיי-טאקטיק, פון טיילווייזער אפשטימונג און אונטערשטיצונג פון דער היינטצייטיקער אימפעריאליסטישער מעלוכע מיטן צוועק פון איר טיילווייזער רעפאָרמירונג, איז די פאַרטיי אומבאמערקטערייט געגאַנגען צו דער אונטער-

שטיצונג פון דערדאָזיקער מעלוכע. די פּאַרטיי האָט זיך אַלץ מער און מער אַנגעשטעקט מיט סאָציאַל-אָפּאָרטוניזם און איז געגאַנגען צו סאָציאַל-שיצלעריי-זי האָט לאַנגזאַם און ביסלעכווייז אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע סיסטעם פון קאָלאָ-ניאַלער, אויסלענדישער און טאַמאַזשנע-פּאָליטיק. פּאַלמאַר האָט אַנטוויקלט די פּאַרענדיקטע סיסטעם פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און האָט באַטראַכט דעם דרייבונד פאַר אַ פּראָגרעסיוון פאַקטאָר. בעבעל האָט אונ-טערשטיצט די לעגענדע וועגן דער פּאַרטיידיקונגס-מילכאָמע קעגן דעם „רוסישן באַרבאַריזם״. שיפּעל האָט אַנטוויקלט אַ גאַנצע סיסטעם פון אימפּעריאַליזם. וואָלפגאַנג היינע האָט אין 1898-טן יאָר געפאָדערט פון דער דייטשישער רע-גירונג רעפאָרמעס און האָט דערפאַר צוגעזאָגט צו שטימען פאַר די „האַרמאַטן״. ווי אַזוי האָט די פּאַרטיי רעאַגירט אָף דידאָזיקע „אָפּנויגן״? ווען די רעגירונג האָט געפאָדערט קרעדיטן אָף אַוועקצושיקן אַן אַרמיי קיין אַפריקע, קעדיי אָפּצוראַכענען זיך מיט די הערערא, האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פראַקציע לעכאַטכילע זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען, און בעבעל האָט אָפן ברעמענער פּאַרטייטאָג אין 1904-טן יאָר זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט ניט געוואוסט די סיבעס פונם אויפשטאַנד. אָפן פּאַרטייטאָג אין עסען, יענאַ, כעמניץ, ווען די פּאַרטיי איז צוליב דעם גאַנג פון די געשעענישן געווען געצוואונגען צו געבן ענטפערס אָף אַ גאַנצע ריי פראַגן פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, האָט מען זיך געקאָנט צוקוקן, ווי אַזוי די פּאַרטיי האָט אָף זיי רעאַגירט. איר רעכטער פליגל, די פּאַרביסענע אָפּאָרטוניסטן (פּאַלמאַר, נאָסקע, דאַוויד און אַנד.) האָבן אין דער מאַראָקאַנער פראַגע, אין די פראַגן פון אימ-פּעריאַליזם, פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, געשלעפּט די פּאַרטיי אָפן וועג פון אונ-טערשטיצן איר פאַטערלאַנד, איר אינדוסטריע, איר מעלוכע און האָבן אויסגע-דריקט אַ באַשטימטע סיסטעם פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַנשויאונגען. דער צענטער מיט בעבעלן בעראָש האָט פּאַרנומען אַן אומבאַשטימטע וואַקלדיקע פּאָזיציע, דאָ אַרויסטרעטנדיק קעגן די עקסטרעמען פון דער רעכטער (דער פּאַל מיט שיפּעלן) און דאָ אויסמיידנדיק די שאַרפע פראַגן (דאָס באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד, די אויפירונג פון די סאָציאַליסטן בעאייס דער מילכאָמע און אַנד). אַזוי איז אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די רעזאָלוציע פון כעמני-צער פּאַרטייטאַג פון 1912-טן יאָר וועגן אימפּעריאַליזם (זע דאָק. און מאַט. נומ. 8, ג). בלויז אַ קליינע גרופּע לינקע ראַדיקאַלן האָט שאַרף געשטעלט די טאָג-פראַגן און האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע. אימפּעריאַליזם אָדער סאָציאַליזם, — אַזוי האָט געשטעלט די פראַגע פּאַנעקוק אָפן כעמניצער צוזאַמענפאָר (זע דאָק. און מאַט. 8, ב).

דער וואוקס פון דער פּאַרטיי, אירע פּאַרלאַמענטישע דערפאָלגן אין די באַדינגונגען פון דער פרידלעכער אַנטוויקלונג פונם לאַנד האָבן געפירט צום מעכאַנישן קוק אָפן היסטאָרישן פראָצעס. מאַרקסעס היסטאָרישע דיאַלעקטיק האָט מען פאַרביטן מיט דער אומפאַרמיידלעכקייט פון וואוקס פון דער ס.-ד. אינע-

וויניק אינם לאנד, מיט דער אילוזיע פון דער קראַפט פון דער פּאַרטיי און
פון אירע שטימען באַ די וואַלן. אַזאַ באַנעם פונם היסטאָרישן פּראָצעס — די
געשיכטע אַרבעט פאַר אונז — איז געווען אייגנטימלעך ניט בלויז פאַר די
רעוויזיאָניסטן, נאָר אויך פאר די לידערס פונם צענטר — בעבעלן און קאַוטסקין.
בעבעל פלעגט אין זיינע אַפטע אַרויסטרעטונגען ניט מיד ווערן איבערצוכאַזערן,
אַז „עס האָבן אַ טאָעס יענע, וואס זאָגן, אַז די ס.-ד. וויל אַרויסרופן אַ רעוואָ-
לוציע. מיר האבן גאָר אַזאַ זאַך אין די געדאנקען ניט" אָט די מוירע פאַר
רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, דאס ניט וועלן אַוועקשטעלן אין טאָג-סיידער די
פראַגע וועגן רעוואָלוציאָנערער געוואַלדטאַט, אַלס היסטאָרישן פאַקטאָר אין אַ
געוויסער סיטואַציע, דאס פארבייטן זי מיט פרידלעכער פּאַרלאמענטישער
אַרבעט זיינען כאראקטעריסטיש ניט בלויז פאַר בעבעלן. קאַוטסקי האט אין
יענער צייט, ווען ער איז נאָך געווען דער טרעגער פונם אָרטאָדאקסאלן מאַרק-
סיזם, ניט איין מאָל, אין דער שטורמישער עפּאָכע פון דער רוסישער רעוואָ-
לוציע אַנטוויקלט אין זיינע בראָשורן: „די סאָציאַלע רעוואָלוציע", „אַפּמאָרגן
נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע", „דער וועג צו מאַכט" און אַנד. דער שטאנד-
פונקט, אַז סאָפקאָלסאָף קאָן די ס.-ד. זיין צופרידן מיט דער זאַכלאכע, ווייל
דער היסטאָרישער פּראָצעס גייט איר אַנטקעגן. אויב אָבער דעם פּראָלעטאַ-
ריאַט וועט אויסקומען צו באנוצן זיך מיט רעוואָלוציאָנערער גוואַלדטאַט, וועלן
אים דערויף צווינגען די הערשנדיקע קלאסן. יעדנפאַלס, — פלעגט קאַוטסקי
שטענדיק פארענדיקן, — „איז דאס צוקונפט-מוזיק, מוזיק פון דער וויטער צו-
קונפט". אין זיין ווערק וועגן דער „קאָלאָניאַלער פּאָליטיק", אין אַ ריי אַרטיק-
לען וועגן מילכאָמע, וועגן פּאַטריאָטיזם און וועגן די אויפגאבן פון דער ס.-ד. פלעגט
קאַוטסקי שוין אין יענער עפּאָכע אָפט ריכטיק באַנעמען דעם גאַנג פון די גע-
שעענישן און ריכטיק אָפּשאַצן די אינטערנאציאָנאַלע לאַגע. זיין אַרויסטרעטונג אַפן
עסענער פּאַרטייטאג איבער דער פראגע וועגן אָנגרייפנדיקע און פארטיידיקונג-
מילכאָמעס אין די באַדינגונגען פון דער אימפּעריאליסטישער עפּאָכע (זע דאָק.
און מאַט. נומ. 8, ב), וועגן אַלגעמיינעם שטרייק, די אָפּשאצונג פונם אימפּע-
ריאַליזם, אַלס מעגלעכע לעצטע סטאַדיע פונם קאַפּיטאליזם („די קאָלאָניאַלע
פּאָליטיק און די ס.-ד.") און אנד. זיינען געווען ריכטיק. אָבער ער האט פון
דידאָזיקע האַנאָכעס ניט געמאכט קיין פּראקטישע אויספירן. דער מארקסיזם,
אַלס באַשטימטער מעטאָד פון היסטאָרישער פארויסזעאונג און אַקציע, איז
פאר אים געווארן בלויז אַ מעטאָד אַף צו דערקלערן דערשיינונגען, אָבער ניט
אַף צו ענדערן זיי. אין זיינע לעקציעס וועגן דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע",
וואו ער זאָגט אַרויס די מיינונג וועגן די באדינגונגען פון די רעוואלוציעס און
מילכאָמעס, האט ער אַזוי ווי מוירע, אַז די צוהערער זאָלן ניט מאכן קיין
פּראקטישע אויספירן, און מאכט גלייך אַפן אָרט אַ באמערקונג: „איך מאַך אַ
באַמערקונג, קעדיי אויסצומיידן מיספארשטייעניש, אַז איך דענק אין דער-
דאָזיקער פראגע, ווי אַ פאָרשער... איך פאָרש, וואס עס קאָן זיין, און זאָג.

ניט פארויס, וואס עס וועט זיין, און רוף שוין דאָ קלאַל ניט צו עפּעס אזוינס, וואס עס דארף זיין".

די פרידלעכע אָרגאנישע עפּאָכע פון דער אנטוויקלונג פון דער ארבע-טער-באוועגונג, ווען מע האט די אומיטלבארע מאסן-אַקציעס פארביטן מיטן וואַל-ביולעטען, האט געפירט צו דעם, אַז פון דער ס.-ד. האט זיך אָפּגעטאָן דער גייסט פון רעוואָלוציאָנערער איניציאַטיוו, און דער מארקסיזם איז פון אַ רעוואלוציאָנערער אַקטיוויסטישער לערע פארוואנדלט געווארן אין אַ טויטן דרוקענעם דאָגמאט.

ווען דער ערשטער שקוואל פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר האָט איבערראַניס אַוועקגעשטעלט אין טאָג-סיידער פון דער אינטער-נאציאָנאלער אַרבעטער-באַוועגונג די פראגן פון קאמף פאר דער מאכט, זיינען די לידערס פון דער ס.-ד. געווען געצוואונגען צו פארנעמען זיך מיט איבער-שאַצן די מאָסמיטלען פון זייער טאַקטישן אַרסענאל. אין אָט דער פראגע האבן זיך באזונדערס כאַראקטעריסטיש אַנטפּלעקט אַלע טענדענצן פון דער פּאַרטיי.

אויב פאַרן רעכטן פליגל פון דער פארטיי, פאר די אויסגעשפּראָכענע רעוויזיאָניסטן, האט ניט עקזיסטירט קיין פראגע וועגן פארכאַפּן די מאכט, וועגן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק און אויפשטאנד און זיי פלעגן זיך אָפּפאַטערן מיט אָפּשאַצן זיי אַלס אַן „אַלגעמיינע נארישקייט" (זע דאָק. און מאַט. נומ. 9), האט אָבער דער צענטער, אונטערן איינפלוס פון דער אַקטיווקייט פון די מאַסן, פון זייער מיטגעפיל צו דער רוסישער רעוואלוציע, גע-מוזט געבן קלאָרע ענטפערס, דערהויפּט נאָך, אַז אין אַ ריי אָרגאַניזאַציעס, באזונדערס אין דער בערלינער, אונטערן איינפלוס פונם אָפּאָרטוניזם און פונם פּארלאמענטישן קריטיניזם פון די אָפיציעלע פּאַרטיי-לידערס, — האט זיך אָנ-געהויבן צו באַווייזן אַ סינדיקאליסטישער אָפּנויג (פרידעבערג). וואָסערע ענט-פערן האט אָבער געגעבן דער צענטער? אין זיין פּאָרטראַג אַפן יענאַער פּאַרטייטאג אין סענטיאַבער 1905-טן יאָר האט בעבעל אנטוויקלט דעם שטאנד-פונקט, אַז אינם פאַל, ווען מע וועט זיך פארמעסטן אַפן אַלגעמיינעם וואל-רעכט, קאָן דער פּראָלעטאריאַט זיך באנוצן מיטן אַלגעמיינעם שטרייק. בעבעל דערמאָנט ניט מיט קיין וואָרט וועגן דעם, אַז דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק קאָן ברענגען צו אַן אויפשטאנד און אַוועקשטעלן אין טאָג-סיידער די פארכאפונג פון דער מאַכט. אַדעראַבע, דאסדאָזיקע רעוואלוציאָנערע מיטל שאַצט ער אָפּ זייער שמאָל צוליב באשטימטע פּראַקטישע צילן. ווי אַ רעאַלער פּאָליטיקער, רעכנט ער, אַז „מיר קעמפן דאָך ניט פאר אוטאָפּישע באָבע-מאַיסעס און פאר פּאַדערונגען פון דער צוקונפטיקער מעלוכע". „מיר רעכענען ניט, — זאגט ער ווייטער, — אַז מיט דער הילף פונם אַלגעמיינעם שטרייק וועלן מיר צעשמעטערן די יעסוידעס פון דער בורזשואזער געזעלשאפט". (זע דאָק. און מאַט. נומ. 10. א). ווי אזוי זשע ענטפערט דער לידער פונם צענטער אַף דער פראגע, מיט וואָסער וועג וועט אוועקגיין די אַנטוויקלונג, און צי דארף

זיך די פּאַרטיי פאַרנעמען מיט צוגרייטן די רעוואָלוציע? בעבעל זאָגט: „אַלץ
הענגט אָפּ פון די אומשטענדן און פון די שטימונגען פונם פאָלק, וועלכע זיי
רופן אַרויס. מיט פונקט אַזוי ווייניק גרונט קאָן מאָן זאָגן, אַז די רעוואָלוציע
וועט אין דייטשלאַנד זיין, ווי דאָס, אַז אין דייטשלאַנד וועט בעשום אויפן צו
קיין געוואַלדטעטיקע אויפּבּרויזן ניט דערגיין״. אין אָט דער דערכאַגעוו גע-
געזאגטער פראַזע אַנטפּלעקט זיך צום בעסטן דער מעכאַנישער קוק פונם
אָפּאָרטוניסט, זיין אָפּשיי פאַר דער סטיכישקייט פון דער מאַסן-באַוועגונג, דאָס
אָפּזאָגן זיך פון באַוואוסטזיניקער אָנפירונג.

די יענאַער רעזאָלוציע וועגן דעם אַלגעמיינעם שטרייק שאַצט טאַקע
אַזוי אָפּ אָט דאָס טאַקטישע מיטל (זע דאָק. און מאַט. נום. 10, ג).

נאָר אויב בעבעלס פּאָרטראַג אין יענאַ האָט געדאַרפט איבערצייגן אין
דער נויטיקייט אָנצואווענדן דעם אַלגעמיינעם שטרייק אין געוויסע פאַלן, האָט
אָבער זיין פּאָרטראַג אין מאַנהיים אין 1906-טן יאָר געדאַרפט איבערצייגן אינם
היפּעך, אַז אין דייטשלאַנד איז די סיטואַציע אַזאַ, אַז איצט קאָן גאָר קיין
רייד ניט זיין וועגן באַלדיקן אָנווענדן דעם שטרייק, אַז דאָס איז אַ פראַגע
פון דער ווייטער צוקונפט. בעבעלס גאַנצער פּאָרטראַג שטעלט מיט זיך פאָר
אַ פאַרטיידיקונג קעגן די קאָלערליי באַשולדיקונגען, אַז ער, בעבעל, לייגט פאָר
צוצוגרייטן זיך טייקעף צום אַלגעמיינעם שטרייק (זע דאָק. און מאַט. נום. 10, ב).
און האַגאַם די אָנגענומענע רעזאָלוציע (זע דאָק. און מאַט. נום. 11), לייקנט
ניט אָפּ דעם אַלגעמיינעם שטרייק, איז אָבער דער גאַנצער כאַראַקטער פונם
צוזאַמענפאָר און דער טאָן פון די רעדעס אַף אים האָבן געדעדט וועגן אָפּזאָגן
זיך פונם דאָזיקן טאַקטישן מיטל. גערעכט איז געווען דער אָפּאָרטוניסט דאַוויד,
ווען ער האָט געזאָגט, אַז אין יענאַ איז בעבעל אַרויסגעטראָטן מיט אַ טראָמ-
פּייט, וואָס רופט אין שלאַכט, און אין מאַנהיים—„מיט אַ פויק, וואָס קלאַפּט אַ
צוריקמאַרש״. די אָפּאָרטוניסטן האָבן געפייערט אַ ניצאָכן, און קאָלב האָט מיט
פולן רעכט געקאָנט שרייבן: „די דעבאַטן וועגן אַלגעמיינעם שטרייק האָבן
אויפגעדעקט דעם פאַקט, אַז די דייטשישע ס.-ד. איז אַסאַך מער דורכגעדרונגען
מיטן גייסט פון רעוויזיאָניזם, איידער מע האָט וועגן דעם געקאָנט טראַכטן
נאָכן דרעזדענער פאַרטייטאָג״.

ריכטיקער האָט געשטעלט די פראַגע קאַאוטסקי. אָבער דאָרט, וואו עס
עס האָבן זיך געפאָדערט באַשטימטע אויספירן, וואו מע האָט באַדאַרפט מאַכן
באַשטימטע פראַקטישע שריט, פלעגט ער זיך אָפּרוקן אָן אַ זייט, מוירע האָבן,
פאַרענטפערן זיך. און פאַר אים איז די פראַגע וועגן די באַדינגונגען פונם אַל-
געמיינעם שטרייק, אַלס אַ פּרעלודיע פונם אויפשטאַנד — אָט די פראַגע געהער
צום געביט פון דער צוקונפט״. עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז
קאַאוטסקי, לעהייפּעך צו די רעוויזיאָניסטן, שאַצט אויסערגעוויינלעך אָפּטי-
מיסיש, סאַי בעבעלס אַרויסטרעטונג אין מאַנהיים, סאַי אויך דעם באַ-
שלוס פונם צוזאַמענפאָר. אויב מע זאָל מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן דעם, ווי

אַזוי עס האָבן געשטעלט די פראַגע וועגן אלגעמיינעם שטרייק און וועגן רע־וואָלוציע בעבעל, קאַוטסקי און ר. לוקסעמבורג און וו. אי. לענין (זע דאָק. און מאט. נומ. 12 און 13), וועלכע האבן אין זייערע אויספירן דיסקאַנטירט די גאנצע דערפארונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלן זיך פאר אונז גאנץ בוילעט אויסמאָלן זייערע פאָזיציעס.

אַזוי איז ביסלעכווייז די דייטשישע ס.-ד. מיט איר וואוקס און אַנטוויק־לונג פאַרוואנדלט געוואָרן אין אַן אָפּאָרטוניסטישע פאַרטיי, אין אַ פארטיי פון סאָציאַלע רעפאָרמעס. דער צענטער האט נאָך אָפּגעהיט די רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע, אָבער אין דער פראקטישער פּאָליטיק האט ער זיך אָפּט נאָכ־געשלעפּט נאָך די רעוויזיאָניסטן, האט מוירע געהאט צו מאכן אַנטשלאָסענע אויספירן, ווען פונם צענטער האט זיך געפאדערט אַ פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע טאַט, איז זיין ווילן געווען פּאַראַליזירט. אים האבן געבונדן די אינטערעסן פון דער אויפגעקומענער קאָלאָסאלער פאַרלאמענטארישער פאַרטיי. זעענדיק קלוי־מערשט, ווי עס וואַקסט די רעוויזיאָניסטישע געפאר, האָט דער צענטער געקעמפט קעגן איר אַפן פאַפיר, פלעגט אָנעמען פייערלעך פארורטיילנדיקע רעזאָלוציעס—ליובעקער, דרעזדענער און אנדערע פארטייטאַגן (זע דאָק. און מאט. נומ. 34). אָבער ווייטער פון פארורטיילונגען איז ער ניט געגאנגען. און דערווייל פלעגט דער רעוויזיאָניזם דורכדרינגען אינם גאנצן פארטיי־אָרגאניזם, פלעגט אים איינהילן אין זיין איינפלוס. וואו זשע זיינען עס געווען די וואָרצלען פונם רעפאָרמיזם פון דער פארטיי, וואס האט זיי געשפייזט?

## די וואָרצלען פון דעם רעפאָרמיזם

אין אָנהויב האָבן מיר באַמערקט, אַז די דערשיינונג און אַנטוויקלונג פון דעם רעפאָרמיזם איז פארבונדן מיטן וואוקס פון דעם איינפלוס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי. דאָס איז איין סיבע. אין דער עפּאָכע פון אימפעריאַליזם איז פון אַלע פאַרטייען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע די איינציקע רעוואָלוציאָנערע, און זי ציט צו צו זיך די סימפּאַטיעס פון די אונטערגע־דריקטע קלאַסן. באַ די וואַלן שטימען פאַר איר ניט נאָר אַרבעטער, נאָר אויך געוויסע גרופּן פון דער קליינער און מיטעלער בורזשואַזיע. דידאָזיקע מאַסע ווייל'ער דריקט מיט אירע שטימען אַף דער פּאָליטיק פון דער פאַרטיי, צווינגענדיק זי צוצופּאַסן זיך צו זייערע אינטערעסן.

מיטן וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער פאַרטיי ווערט ברייטער איר אַפּאַראַט. פּאָליטיק ווערט אַ פּראָפעסיע זאַך; דער פאַרלאַמענטאַריזם פּאָ־דערט באַזונדערע קענטעניש פון די פאָרשטייער פון דער פאַרטיי. אַזוי טיילט זיך אויס אַ באַזונדער קאַסטע פאַרטייאישע און פּראָפעסיאָנעלע באאמטע, פּראָפע־סיאָנאַלן פאַרלאמענטאַריער, וואָס די עקזיסטענץ פון דער פאַרטיי אַליין פאר

זיך, האָט פאַר זיי אַ באַטייט. דידאָזיקע גרופּן גיבן די גרעסטע צאָל אָנהענגער פון רעפאָרמיזם.

די דריטע און די וויכטיקסטע סיבה איז, וואָס דער מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַל, אויסנוצנדיק זיין לאַגע אַף די מערק, דעם אינערלעכן און דעם אויסערלעכן, פאַרבעסערט אַפּן כעשבן פון די אויבער-רעוואָכים, וואָס ער קריגט, די לאַגע פון אַיינצלנע קאַטעגאָריעס מער קוואַליפיצירטע אַרבעטער און ציט זיי צו דערמיט אַף זיין צאַד. דידאָזיקע אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע, אַן אויבערשטער דינער שיכט פון דעם אַרבעטער-קלאַס, לעבנדיק אין מער דערטרעגלעכע מאַטעריעלע באַדינגונגען, ווערט פאַרינטערעסירט אין דעם אופבלי פון דער היימישער אינדוסטריע און ווערט דער פונדאַמענט, אַף וואָסערן עס וואַקסט דער אָפּאָרטוניזם.

ווייטער דריקט די אויסגעוואַקסענע פּאַרטיי מיט איר קאמוס אַף די פּניי. באַם פאַרלירן די אַלגעמיינע פּערספּעקטיוון פון דער באַוועגונג באַקומט די פּאַרטיי, אַלס אַזעלכע, איר איינהייט, די באַדייטונג פון זעלבסטציל. אָפּהיטנדיק אָט די איינהייט פאַר יעדן פּרייז און באַ אַלע אומשטענדן, האָט די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געשאַפן אַ באָדן אַף שיטער מאַכן דעם סאָציאַליזם, אַלס די סיסטעם פון רעוואָלוציאָנערע אַקציעס.

און, ענדלעך, די גאַנצע סיטואַציע פון דער פרידלעכער עפּאָכע פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און דער אָנויפהערלעכער וואוקס פון די פּראָדוציר-קויכעס האָבן געשאַפן די אילוזיע פון דער פולבלוטיקייט פונם קאַפּיטאַליזם און פון זיין לעבנספעאיקייט.

דער צוטריט פון די אַרבעטער-פאָרשטייער אין די פאַרלאַמענטן האָט פאַרפעסטיקט אָט די אילוזיע מיט דער מעגלעכקייט צו רעפאָרמירן אַף אַ פרידלעכן אויפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג און בייצוקומען זי ביסלעכווייז דורך באַזייטיקן די מער נעגאַטיווע שטריכן אירע.

## די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

פונקט אַזוי ווי די טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט זיך איבערגעאַנדערשט אין דער ריכטונג צו אָפּאָרטוניזם, אַזוי האָבן אויך געווירקט די פירער און די ביוראָקראַטיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די דייטשישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז מאַכמעס די באַזונדערקייטן פון דער קאָנסטיטוציע פון לאַנד און דער פאַרשפּעטיקטער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, געווען אַ פּרוכט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען. „די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען שולן פון סאָציאַליזם", „די פאַריינען — דאָס איז אַ רעזערוואואַר פון וואַנען די פּאַרטיי שעפּט אירע מיטגלידער", — אָט ווי די ס.-ד. האָבן אין די 90-קער יאָרן געקוקט אַף דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

דער שנעלער עקאָנאָמישער אויפבלי האָט מיטגעהאָלפן דעם וואוקס פון די ס.-ד. (אומאָפּהענגיקע) פאַריינען. די בויאונג-אַרבעט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג איז פאַרגעקומען אונטערן איינפלוס פון א גאַנצער ריי גינסטיקע באַדינגונגען, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל און האָבן באַשאַפן מוסטערהאַפטע פאַריינען אין זייער ערגאַניזאַציע: 1) בעראש פון דער באַוועגונג זיינען געשטאַנען סאָציאַל-דעמאָקראַטן, מאַרקס טאַלמידים, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם גאַנג פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג; 2) באַוופנט מיט דער היסטאָרישער דערפאַרונג פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער אין אַנדערע לענדער, האָבן זיי געקאָנט אויסקלייבן די מער צוועקמעסיקע פאָרמען זיינע; 3) שוין פון אָנהויב אָן קימאַט, האָט די דייטשישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג געטראָפן זיך מיטן קאָנצענטרירטן קאַפּיטאַל אין דער געשטאַלט פון טרעסטן און סינדיקאַטן. אָט פאַרוואָס די פאַריינען האָבן זיך פון אָנהויב אָן געבויט לויטן פּראָדוציר-פּרינציפּ, אַפּן יעסאָד פון צענטראַליזם, פאַרייניקנדיק אַלע אַרבעטער פון א געוויסן צווייג פון פּראָדוקציע. די דייטשישע צענטראַליזירטע פּראָדוציר-פאַריינען — דאָס איז די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון די אַזויגערופענע „געווערקשאַפטן". די סיסטעם פון אַרויסגעבן שטיצע אין דער צייט פון אַרבעטלאָזיקייט, שטרייקן אַריבערפאָרן א. ד. גל. האָט ענג פאַרבונדן די פאַריינען מיט די אַרבעטער-מאַסן און האָט זיי געזיכערט אַ שנעלן וואוקס און פאַרשטאַרקונג. די פאָלגנדיקע טאַבעלע איז כאַראַקטעריסטיש:



ב. לעגין

1-טע טאַבעלע.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פרייע פאַריינען

| יאָרן | צאָל מיטגלידער | צאָל צענטר. פאַריינען | האכנאָסע פון פאַריין (אין רובלס) | הויצאָע פון פאַריין (אין רובלס) |
|---|---|---|---|---|
| 1891 . . . | 277.659 | 62 | 519.000 | 747.000 |
| 1900 . . . | 680.427 | 58 | 4.396.000 | 3.761.000 |
| 1910 . . . | 2.128.000 | 53 | 29.930.000 | 26.930.000 |
| 1912 . . . | 2.583.000 | 48 | 38.512.000 | 29.330.000 |

2-טע טאַבעלע

די איינטיילונג פון די הויצאָעס לויט די מינים הילף אין די ס.-ד. פאַריינען (אין רובלס)

| יארן | אף שטרייקן | פאר ארבעטלאָזיקע און אף אריבערפירן | פאר קראַנקע | אנד. הויצאָעס |
|---|---|---|---|---|
| 1891 . . . | 483.000 | 104.990 | — | 72.000 |
| 1900 . . . | 1.222.000 | 492.000 | 305.000 | 516.000 |
| 1910 . . . | 8.870.000 | 4.015.000 | 4.200.000 | 1.663.000 |

ווי עס איז צו זעען פון דער 2-טער טאַבעלע, האָבן די הויצאָעס אַף שטרייקן פאַרנומען איינס פון די ערשטע ערטער. ווען מע זאָל אָבער נאָכזעען די לעפיערעכדיקע ענדערונג פון די באַזונדערע מינים הויצאָעס, קאָן מען לייכט באַמערקן, אַז די הויצאָעס אַף שטרייקן וואַקסן אין א קלענערער מאָס, איידער אַף אַנדערע באַדערפענישן. דידאָזיקע טענדענץ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם לעצטן פעריאָד אין דעם לעבן פון די דייטשישע פאַריינען. קעגנזייטיקע הילף הויבט אָן צו פאַרנעמען אַ סאָליד אָרט אין דער טאַקטיק פון די פאַריינען. פון דירעקטן קלאַסנקאַמף — שטרייקן גייען זיי אריבער צו אַנדערע מעטאָדן — קאָלעקטיווע אָפּמאַכן און אויסגלייכן. דידאָזיקע פאָרם פון פאַריינישער פּאָליטיק האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַזאַ גרויס אָרט, אַז אין 1911 י. איז אין דייטשלאַנד געשלאָסן געוואָרן 10.500 קאָלעקטיווע אָפּמאַכן, וואָס האָבן אַרומגענומען העכער $1^1/_2$ מיליאָן אַרבעטער (בא 70% אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון די פאַריינען), און צום 1913 יאָר האָט זיך די צאָל זייערע פאַרגרעסערט ביז 13.446 פאַר 2.072.456 ארבעטער. צו א שטרייק ווענדט מען זיך שוין נאָר בא אַ לעצטן פאַל. בעדערעך-קלאל גערעדט, ווערט די דייטשישע פראָפעסיאָנעלע באוועגונג דורכגעדרונגען אַלץ מער מיט טרעד-יוניאָניסטישע טענדענצן.

דער וואוקס פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָט מיטגעהאָלפן דעם וואוקס פון רעפאָרמיזם. ווערנדיק אַ מאַכט, פאָדערן די פאַריינען, אַן אַנדער באַציאונג צו זיך מיצאַד דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע: פון אַ דינסט-ראָלע שטרעבן זיי צו זעלבשטענדיקייט.

די טעאָריע פון דער זעלבשטענדיקייט פון די פאַריינען, פון זייער גלייכער ווערט מיט דער פּאַרטיי, פון דער אומאָפּהענגיקער עקזיסטענץ פון דער פּאַרטיי איז געקומען ווי אַ פּויעל-יוצא פון דער פעסטגעוואָרענער און פאַרשטאַרקטער באַוועגונג, איז געשאַפן געוואָרן דורך דיזעלבע אפּאָרטוניסטן (זע דאָק. און מאַט. נומ. 15).

אונטערן דרוק פון די פירער פון די פּאַריינען איז די פּאַרטיי געווען געצוואונגען צו אנערקענען אָפן מאנהיימער פּאַרטייטאָג, אַז „די פראָ:. פּאַ-רייגען שטייען, לויט זייער באַטייט, ניט נידעריקער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי”, ד. ה. אנערקענען, אַז די פּאַריינען און די פּאַרטיי האָבן גלייכע רעכט און א גלייכן ווע ט. דערדאָזיקער באַשלוס איז געווען אַ שריט אַף צוריק פון דער העגעמאָניע פון דער פּארטיי, ווי א פאָרשטייערן פון די אַלגעמיין קלאַסן-אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאט (זע דאָק. און מאט נומערן 10, 11, און 14).

די כעלוקעדייעס האָבן זיך ניט באַגרענעצט מיט די אָנגעוויזענע פראגן פון באַציאונגען צווישנאַנאַנד: זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אויך בּאַ אנדערע געלעגנהייטן, און קימאַט שטענדיק פלעגט די פּאַרטיי אָפּטרעטן פאַרן קויעך פון די פּאַריינען. אונטער דער ווירקונג פון דער נעגאַטיווער באַציאונג פון די פּאַריינען צו שטרייקן דעם 1-טן מאַי און צום גענעראַל-שטרייק איז די פּאַרטיי געווען געצוואונגען אָנצונע.ע קאָמפּראָמיס-באַשלוסן (פאַרגלייך די יענאער, מאַנהיימער און קעלנער רעזאָלוציעס וועגן אָט דער פראַגע). אַזוי האָבן די פּאַריינישע פירער און די ביוראָקראַטיע געווירקט אַף דער פּאַרטייאישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין זינען פון אָרגאַניזירן זי אַף א רעפאָרמיסטישן שטייגער.

די אַלע פאַקטאָרן, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט, האָבן געווירקט אין אַזאַ ריכטונג, אַז זיי האָבן פאַרשטאַרקט דעם רעכטן רעפאָרמיסטישן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די רעזאָלוציעס קען די רעפאָרמיסטן, וואָס מע פלעגט אָננעמען אַף די פּאַרטייטאָגן (די דרעזדענער רעזאָלוציע), זיינען געבליבן אָפן פּאַפּיר. דער וואוקס פון דעם רעפאָרמיזם איז געגאַנגען אַזוי שנעל, אז אין 1913 יאָר האָבן פון 110 ס.-ד. דעפּוטאַטן אין רייכסטאג 57 געהערט צום רעכטן פליגל, וואָס האָט באשטימט די פּאַר-טיי-פּאָליטיק אין פּאַרלאַמענט.

עס איז אומגעהויער וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז אויב דער רעוויזיאָניזם, וואָס האָט אין די 90-ער און 900-ער יאָרן אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט באַגעגנט א פּאָלעמישן ווידערשטאַנד אינם „פּאַסיוון ראַדיקאַליזם” פונם צענטר און אין דער ערשטער ריי אין דער פּערזאָן פון זיינע פירער בעבעל און קאַוטסקי, איז נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אומגעפער פון 1910 י., הויבט אָן דער צענטר אָפּצוגעבן דעם רעוויזיאָניזם זיינע טעאָרעטישע פּאָזי-ציעס. אין דערדאָזיקער היגזיכט איז כאראקטעריסטיש דער אינערלעך-פּאַרטיי-אישער קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יענעם פּעריאָד צווישן די לינקע ראַדיקאַלן מיט ר. לוקסעמבורג, ק. ליבקנעכט, ק. ראַדעק א. אנד. בעראָש — מיטן צענטר, בעראָש מיט ק. קאַוטסקי, וואָס גייט אין בלאָק מיט די רעוויזיאָ-ניסטן. ניט אומזיסט האָט קאַוטסקי שוין אין 1911 יאָר אין ארטיקלען אין דער „נויע צייט” געשריבן וועגן דעם רעוויזיאָניזם ווי וועגן א געשטאָרבענער

שטרעבונג אין דער פּאַרטיי. דער קאַמף פונם צענטער און פון די רעוויזיאָניסטן מיט די לינקע ראַדיקאַלן, וואָס האָט בעאַיס דעם כעמניצער פּאַרטייטאַג אין 1912 יאָר געבראַכט דערצו, אַז דידאָזיקע גרופּן האָבן געהאַט אָפּגעזונדערטע פּאַרקאָנפערענצן (אַ פאַל, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון דער דייטשישער ס.-ד.) און וואָס האָט זיך אָנגעהויבן איבער פראַגן פון טאַקטיק, האָט זיך פּאַרענדיקט מיט כעלוקעדייעס איבער אַ ריי גרויסע פּרינ-ציפּיעלע און טעאָרעטישע פראַגן. און אין דידאָזיקע שטרייטן (1910—1913 יאָרן) וועגן דער נייער טאַקטיק, וועגן דעם אַלגעמיינעם שטרייק, וועגן פּאַר-לאַמענטאַריזם, וועגן מעלוכע און רעוואָלוציע, וועגן דער נאַטור פונם אימפּע-ריאַליזם האָט זיך באַשיינפּערלעך אַנטפּלעקט, אַז דער צענטער גייט אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון די אידייען פונם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, בעאַיס אין טאָך איז ער געווען אַ צודעק פאַר דער רעוויזיאָניסטישער טעאָריע.

אין די שטרייטן מיט ר. לוקסעמבורג אין 1910 יאָר פאַרן מאַגדעבורגער פּאַרטייטאַג אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, און נאָכדעם אויך אַפן פּאַרטיי-טאַג גופא, אין דער פּאָלעמיק מיט ק. ראַדעקן, פּאַנעקוקן און לענשן אין די יאָרן 1911—1913, איז ק. קאַוטסקי ארויסגעטראָטן ווי אַ פּאַרברענטער פּאַרטיי-דיקער פון דער „אַלטער, אויסגעפּרואווטער" פּאַרלאַמענטישער טאַקטיק, פון דער „אויסמאָרונג-טאַקטיק" קעגן דער „נייער" טאַקטיק פון מאַסן-אַקציעס, וואָס די לינקע האָבן ארויסגערוקט, קעגן דער טאַקטיק פונם דירעקטן אָנגריף פון די מאַסן אַף דער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע. די טאַקטיק פון די לינקע ראַדיקאַלן האָט ניט אָפּגעלייקנט דעם פּאַרלאַמענטאַריזם, פאַרקערט, זי האָט געבראַכט צו דער פּאַרשטאַרקונג פון די פּאַרלאַמענטישע אַקציעס פון די ס.-ד. דורך דער ארויסטרעטונג פון די מאַסן. אָפּשאַצנדיק די מאָדערנע עפּאָכע אַלס אימפּעריאַליסטישע, און די מעלוכע פונם פינאַנציעלן קאַפּיטאַל אַלס אַגענט פון דער אימפּעריאַליסטער בורזשואַזיע, האָבן די לינקע ראַדיקאַלן געהאַלטן פאַר נויטיק צוצוגרייטן די מאַסן צו אַן אַנטשלאָסענער אַקציע, וואָס זאָל זיין געווענדעט צום ענדגילטיקן ציל פון דער ס.-ד. ק. ליבקנעכט איינעם מיט ר. לוקסעמבורג האָבן אַנטוויקלט דעם שטאַנדפּונקט, אַז עס זיינען נויטיק מאַסן-אַקציעס פונם פּראָלעטאַריאַט קעגן אַלע רעאַקציאָנערע קלאַסן פון דער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע. די אַלטע טאַקטיק פון דער ס.-ד. אין דער פּאַרטיי, אין די פּאַריינען, אין דער קאָאָפּעראַציע האָט געבראַכט צו דער צונויפזאַמלונג און אָנזאַמלונג פון די קרעפטן. עס איז אָנגעקומען די צייט אַרויסצופירן דידאָזיקע מאַסן אין שלאַכט. דער אַלגעמיינער שטרייק איז דאָס בעסטע געצייג אַף אריינציען די ברייטע מאַסן, ניט בלויז די אָרגאַניזירטע, נאָר אויך די ניט-אָרגאַניזירטע, אין דער אַקטיווער אַקציע. ער וועט פאַרפעסטיקן די פאַרבינדונג פון דער פּאַרטיי מיט דידאָזיקע מאַסן, וועט פּאַרשטאַרקן די אָנפירונג מיט זיי, מיטן וואוקס פון די אָרגאַניזאַציעס אין די באַדינגונגען פון דער פּאַר-לאַמענטישער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי וואַקסט דער צענטראַליזם, וואָס אין

פרידלעכע באדינגונגען ברענגט ער צו ביוראָקראַטיזם, צו דעם, אז די אָנפירנ-דיקע אינסטאנצן ווערן אָפּגעריסן פון די מאַסן. „פאר דער מאסע מיטגלידער, ווידער, — שרייבט ר. לוקסעמבורג, — פארבלייבן בלויז די פליכטן ארייננטראָגן די אָפּצאָלונגען, פאנאנדערטראָגן בלעטלעך, אָפּגעבן די שטימען בא די וואַלן, צוציען נייע אַבאָנענטן פאר די צייטונגען א. ד. גל.״. דערדאָזיקער אומשטאנד ברענגט צו דעם, אז די מאסע ווערט קאָנסערווירט, אז זי ווערט אָפּגעריסן פון דער אָרגאַניזאציע.

„די מאסן דארפן ארויסווייזן זייער באזונדערע טעטיקייט, אנטוויקלען און פאַנאַנדערוויקלען זייער מאסן-ענערגיע, זיי דארפן זיך באוועגן, האנדלען, ארויסווייזןליידנשאַפט, דרייסטקייט און אנטשלאסנקייט״.

„דער פּראָלעטאריאַט, — זעצט ראָזע פאָר, — קאָן ניט אָנזאמלען זיינע קרעפטן און אַנטוויקלען זיין לעבן פאַ״ן ענדגילטיקן ניצאָכן, ניט פאַרהאר-טעווענדיק זיך אינם קאמף צווישן מאפּאָלעס און אומגעריכטקייטן, וואס זיינען זיינע שטענדיקע באגלייטער. דער גרויסער און אנטשיידענער קאַמף, אלציינס — צי ער ברענגט צום ניצאָכן אָדער צו דער מאפּאָלע, וועט פאר דער אנטוויק-לונג פונם קלאסן-זעלבסטבאוואוסטזיין און פארן אָנזאמלען דערפארונג אויפ-טאָן מער, איידער טויזנטער פראָפּאגאנדיסטישע בלעטלעך און פאַרזאמלונגען אין פרידן-צייט״. אָבער ניט בלויז דערפאַר איז נויטיק א נייע טאקטיק. דער קאפּיטאליזם איז ארייננעטראָטן אין א נייער סטאדיע פון זיין אנטוויקלונג — אין דער אימפּעריאַליסטישער, —ווען דער פארלאמענט הערט אויף צו שפּילן א ראָלע. דער אָפּשאצונג פון דער לאגע און פון די נייע טאקטישע אויפגאבן פון דער פּאַרטיי איז טאקע געווידמעט די דיסקוסיע צווישן פּאַנעקוקן און קאַוטסקין אין דער „נייער צייט״ אין 1912 יאָר. דידאָזיקע דיסקוסיע, פּונקט אַזוי ווי די דיסקוסיע וועגן אימפּעריאַליזם מיט ראדעקן און לענשן, וועלכער איז בעאייס דער מילכאָמע געוואָרן א רענעגאט, אַזוי ווי דער שטרייט מיט ר. לוקסעמבורג, זיינען ניט קיין שום אנדערע זאך, ווי א פאָרזעצונג און די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די מיינונג-פארשיידנהייטן צווישן דעם צענטר און די לינקע ראדיקאלן. אין דעמדאָזיקן פּעריאָד ווערן דייטלעך און קלאָר פאָרמולירט די פּונקטן פון די מיינונג-פארשיידנהייטן אין די טעאָרעטישע גרונט-פראגן פונם מארקסיזם — וועגן דער סאָציאלער רעוואָלוציע, וועגן מעלו-כע, וועגן דער ראלע פון די מאסן. דערבײַ טרעט ארויס דער צענטר, אין דער פּערזאָן פון קאַוטסקין, מיט א רײַ טעאָרעטישע האנאָכעס, וואָס זיינען דער לאָגישער אויספיר פונם מארקסיזם פון דער עפּאָכע פונם 2-טן אינטער-נאַציאָנאל, פון דער עפּאָכע פון דער פרידלעכער אָרגאנישער אנטוויקלונג, ווען איינע טעאָרעטיקער האָבן באוואוסטזיניק, אנדערע אומבאוואוסטזיניק קאסטרירט דעם רעוואָלוציאָנערן מעהס פון מארקס—ענגעלס לערע, האָבן ארויסגעוואָרפן פון אים דעם רעוואָלוציאָנערן קערן, האָבן אים פארקריפּלט, האַלטנדיק זיך פארן אָס פונם מארקסיזם, פאר דער טויטער דאָגמע, האָבן זי

צוגעפּאַסט צו די אינטערעסן פון דער פרידלעכער בורזשואזער אנטוויק-לונג.

גראָד אינם פּעריאָד פון די יאָרן 1910—1913 אין די שטרייטן מיט די לינקע ראַדיקאַלן האָט זיך דערדאָזיקער אומשטאַנד אַנטפּלעקט מיט אַ באַזונ-דערער באַשיינפּערלעכקייט. מיר וועלן בעקיצער זיך אָפּשטעלן בלויז אַף צוויי פראַגן פון דידאָזיקע טעאָרעטישע שטרייטן: אַף דער פראַגע וועגן אימפּעריאַ-ליזם און מאַסן-אַקציעס.

די לינקע ראַדיקאַלן (פּאַנעקוק, ראַדעק) האָבן פאַרן כעמניצער פּאַרטיי-טאָג (1911 און 1912 יאָרן) און אַפן פּאַרטייטאָג גופע (1912 יאָר) פּאַרטיידיקט יענע סיסטעם אַנשויאונגען, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעטראָטן אין אַ נייער און לעצטער פאַזע פון זיין אַנטוויקלונג — אין דער אימפּעריאַליסטישער. די באַוועגנדע קראַפט פון אימפּעריאַליזם איז דער פינאַנציעלער קאַפּיטאַל און די מאָנאָפּאָליסטישע אינדוסטריע. דער קאַפּיטאַל-עקספּאָרט אין פרעמדע לענ-דער און קאָלאָניעס איז דער גרונט-סטימול פון דער אימפּעריאַליסטישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק. דער אימפּעריאַליזם, אַלס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיסטעם, האָט געענדערט די נאַטור פון דער מעלוכע און די באַציאונג צו אים מיצאַד די פאַרשיידענע קלאַסן. האַגאַם ניט אַלע קלאַסן באַקומען דירעקטע נוצן פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, ווערן דאָך אַלע קלאַסן כוצן פּראָלעטאַריאַט אין דער עפּאָכע פון דער הערשאַפט פונם פינאַנציעלן קאַפּי-טאַל אָנגעטריבן פון די אימפּעריאַליסטן. קעגן זיי אַלעמען שטייט דער אַרבע-טער-קלאַס, וואָס זיין לאַגע ווערט פאַרערגערט. „דער אימפּעריאַליזם נעמט אָפּ באַם פּאַרלאַמענטאַריזם יעטווידן זין". די מאַכט פונם פּאַרלאַמענט פאַרוואַנדלט ער אין אַ שאָטן און פאַרשטאַרקט די מאַכט פון די מאַגנאַטן פונם פינאַנציעלן קאַפּיטאַל און פון דער ביוראָקראַטיע. דער קאַפּיטאַליזם קאָן זיך ניט אָפּזאָגן פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק. די פאָדערונג צו אַנטוואָפּענען זיך מיליטעריש און לייזן די קאָנפליקטן אַף אַ פרידלעכן אופן איז אַן אוטאָפּיע. דער אימפּעריאַליזם אָדער דער סאָציאַליזם — אָט ווי אַזוי עס איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע אינם טאָג-סיידער. פון דאַנען נעמט זיך די נויטיקייט פון אַ נייער טאַקטיק פון מאַסן-אַקציעס, פון אַן אַקטיווער פּראָלעטאַרישער אויסערן-פּאָליטיק.

אין זיינע אַרטיקלען אין דער „נייע צייט" „מאַסן-אַקציעס און די רעוואָלוציע" אַנטוויקלט אַנ. פּאַנעקוק די טעאָריע פונם פּראָצעס פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די פראַגע וועגן דעראָבערן די מאַכט איז אַ קאַרדי-נאַלע קאַמף-פראַגע. אָבער דאָסדאָזיקע דעראָבערן די מאַכט ווערט פאַרשטאַ-נען ניט אין דער פאָרם פון דעראָבערן די מערהייט שטימען אינם פּאַרלאַמענט (דאָס אַנטשפּרעכט ניט, ניט דער נאַטור פונם פּראָלעטאַרישן קאַמף, ניט מאַרקס — ענגעלס פאָרשטעלונגען וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט, ניט דער נאַטור פון דער מאָדערנער מעלוכע), נאָר אין דער פאָרם פון פילמאָליקע מאַסן-אַקציעס פונם

פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפּט פאַר דער מאַכט. די מאַסן דאַרפן אַרויסטרעטן אַף דער אַרענע פון דער געשיכטע. דערדאָזיקער היסטאָרישער מאָמענט איז שוין אָנגעקומען, און דער קאַמף פאַר דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, ווערט די דירעקטע אויפגאַבע. אָבער די אויפגאַבע פונם פּראָלעטאַריאַט באַשטייט ניט בלויז אין פאַרכאַפּן די אַלטע בורזשואַזע מעלוכע-מאַשין אַף אויסנוצן זי אין זיינע אינטערעסן, נאָר, אויס-נוצנדיק זיך מיט מאַרקס אָנווייזונגען און מיט דער היסטאָרישער דערפאַרונג, „צעבּרעכן די מעלוכע-מאַשין". (זע מאַט. און דאָק. 38, ב.).

אָט דאָס איז די סיסטעם אָנשויאונגען פון די לינקע ראַדיקאַלן, וואָס ווערט אַנטוויקלט אינם פּעריאָד פון די יאָרן 1910—1914. האַגאַם צווישן די ראַדיקאַלן איז ניט געווען קיין איינהייט אין אַלע פראַגן, זיינען זיי דאָך קעגנגעשטאַנען אין דער פּאַרטיי, ווי דער לינקער פליגל. עס איז נויטיק צו פאַרצייכענען, אַז דידאָזיקע סיסטעם אָנשויאונגען איז געווען אַ באַדייטנדיקער שריט פאָרויס אַפן וועג פונם רעוואָלוציאָנערן באַנעמען דעם מאַרקסיזם. אָבער אַפילע באַ די לינקע ראַדיקאַלן געפינען מיר ניט קיין אָנווייזונגען וועגן דער קאָנקרעטער פאָרם פון דער מעלוכע-מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט אינם איבער-גאַנגס-פּעריאָד. בלויז וו. אי. לענין האָט נאָך אין דער פאַרמילכאָמע-עפּאָכע פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע געגעבן אַן אומגעהויער בוילעטע אויסטייטשונג פון מאַרקס לערע וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ נויטיקע שטופע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דערביי אין אַזאַ אַוועקשטעלונג פון דער פראַגע, וועלכע מיר באַגעגענען ניט באַ קיין איינעם פון די טוער אין דער עפּאָכע פונם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל. (ז. מאַט. און דאָק. 38, ד).

די האַסכאַלע אינם קאַמף מיט די לינקע ראַדיקאַלן האָט געמאַכט קאַוטסקי, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ פּאָלעמיק מיט ר. לוקסעמבורג זומער 1910 יאָר פאַרן מאַגדעבורגער פּאַרטייטאָג אין דער פראַגע וועגן דער נייער טאַקטיק און דער ראָלע פונם אַלגעמיינעם שטרייק.

אַלס אויסרייד דערצו האָט געדינט די מאַסאָווע דעמאָנסטראַציע-באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט אין פּרייסן אין יאַנוואַר פעוורואַל און מאַרט 1910 יאָר פאַר רעפאָרמירן דאָס וואַל-רעכט, וואָס איז געגאַנגען אונטערן לאָזונג „דאָס רעכט אַף דער גאַס".

אין מאַרט האָט די באַוועגונג דערגרייכט איר העכסטן פּונקט און מע האָט זי געדאַרפט אַריבערפירן אַף נייע רעלסן, אַף אַ נייע העכערע שטופע. אָט דאָ האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן דער אָפּאָרטוניזם און די מוירע פון די אָנפירנדיקע פּאַרטיי-אינסטאַנצן. אָפּשאַצנדיק די באַוועגונג, האָט ר. לוק-סעמבורג געשריבן.

„די לאַגע פון דער פּאַרטיי אינם איצטיקן מאָמענט באַשטייט אין דער איינפאַכער דילעמע: אָדער די מאַסן-טעטיקייט וועט איינגיכן אַרויסגיין ווייט

אַריבער די גרענעצן פון איינפאַכע פאַרזאַמלונגען און מאַסן-דעמאָנסטראַציעס— דעמאָלט איז דער מאַסן-שטרייק דאָס איינציקע מיטל, וואָס דרינגט אַרויס פון דער געגעבענער לאַגע, — אָדער די גאַנצע באַוועגונג וועט דער רייכן דעם טויטן פונקט און וועט אין אַ געוויסער צייט אַרום זיך אויסלאָזן מיט גאָרניט. אייגנטלעך גערעדט, איז פאַר דער פּאַרטיי, וואָס פאַרמאָגט דעם אוטאָריטעט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער דייטשישער ס.-ד., ניטאָ אַפילו קיין אויס-וואַל. נאָך דעם, ווי זי אַליין האָט אַרויסגערופן די מאַסן צו אקציע, קאָן זי ניט סיגנאַליזירן קיין צוריקמאַרש. די פּאַרטיי איז אריינגעפאַלן אין אַ לאַגע, ווען זי דאַרף צום ערשטן מאָל אָנווענדן דעם באַשלוס, וואָס איז מיט 5 יאָר צוריק אָנגענומען געוואָרן אין יענא מעקויעך דעם מאַסן-שטרייק...

די מאַסן-דעמאָנסטראַציעס האָבן זייער אייגענע לאָגיק און פּסיכאָלאָגיע, וואָס מיט זיי מוזן זיך רעכענען די פּאָליטיקער, וועלכע ווילן אָנפירן מיט זיי. די דערשיינונגען פון מאַסן-ווילן אינם פּאָליטישן קאַמף קאָנען ניט אונטער-געהאַלטן ווערן קינסטלעך א לאַנגע צייט אַף איין און דערזעלבער הויך, פאַרגליווערט ווערן אין איין און דערזעלבער פאָרם. האָט זיך שוין די באווע-גונג פון די מאַסן אָנגעהויבן, דאַרף זי גיין פאָרויס. און אויב בא דער אָנפירנדיקער פּאַרטיי וועט אינם געגעבענעם מאָמענט ניט קלעקן קיין אנט-שלאָסנקייט צו געבן דער מאַסע דעם נויטיקן פּאַראָל, וועט זי אומפאַרמיידלעך באַהערשן אַ געוויסע אַנטוישונג. דער אויפשטייג וועט פאַרשוואונדן ווערן און די אַרויסטרעטונג וועט אויפהערן... אָדער אום יעדן פּריין פאָרויס, אָדער די זיך אָנגעהויבענע מאַסן-באוועגונג וועט אָן ערפאלג אויפהערן... דער סוינע טרעט אָפּ, דאַרפן מיר אָנגרייפן. ניט אָפּוואַרטן אָפּטימיסטיש דעם רעוואנש אין אנדערהאלבן יאָר אַרום בא דער וואל-אורנע, נאָר אַ קלאַפּ נאָך א קלאפּ איצט; ניט אויסמאָרען, נאָר קעמפן אַף דער גאַנצער ליניע, — אט וואָס מיר דאַרפן איצט".

קעגן דערדאָזיקער אויפּירונגס-ליניע איז מיט דער גאַנצער אנטשלאָסנ-קייט אַרויסגעטראָטן קאוטסקי. ער האָט באַשולדיקט ראזען, אז דעם מאַרקסיס-טישן אַנאַליז פון דער סיטואציע פאַרבייט זי „מיטן ווילן גלויבן אין דער אומפעלערהאַפטיקייט פונם רעוואָלוציאָנערן מאסן-אינסטינקט". די טאַקטיק, וואָס לוקסעמבורג לייגט פאָר, פירט דערצו, אז דער אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַריאט וועט צעקלאַפּט ווערן אין אָפענער שלאַכט. אין די מאָדערנע באדינגונגען לוינט בעסער די טאַקטיק פון א פאַרצויגענעם קאמף, איידער דאָס קינסטלעכע פּאָרסירן אנטשלאָסענע שלאַכטן. אינם ארטיקל „צום פּארטייטאג" שרייבט ער: „די לאַגע איז איצט אַזאַ, אַז צווישן דער בורזשואזיע וואַקסט ניט דאָס באהעפטן זיך אין איין רעאַקציאָנערע מאַסע, נאָר פאַרקערט, איר צעשפּליטערונג. דידאָ-זיקע שיכטן בורזשואַזיע ווילן דעם קאַפּיטאַליזם אָן אימפּעריאַליזם און קאָלאָ-ניאלער פּאָליטיק". און קאוטסקי הויבט אָן צו אנטוויקלען זיין טעאָריע פון אולטרא-אימפּעריאַליזם, וואָס איר מעהוס איז באשטאנען אין דעם, וואָס דער

אימפעריאַליזם איז ניט קיין אומפאַרמיידלעכע פאָרם פון דער אנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם.

ניט די גאַנצע בורזשואַזיע איז פאַרינטערעסירט אין דער אימפעריאַ-ליסטישער פּאָליטיק, אינם מיליטאַריזם. עס איז מעגלעך אויך אַן אַנדער וועג פון דער אַנטוויקלונג פונם אימפּעריאַליזם. וועגן דעם אימפּעריאַליזם קאָן מען ריידן בלויז ווי וועגן אַ טענדענץ, ווי וועגן אַ מעגלעכקייט. די גאַנצע פראַגע איז אין דעם, אַז מע זאָל צווינגען דעמדאָזיקן טייל בורזשואַזיע אָפּצוזאָגן זיך פון דער פאַרכאַפּערישער פּאָליטיק. דאָס קאָן מען טאָן, — טאַינעט קאַוטסקי, — ווייל די קאָנקורענץ און די באַוואָפענונגען לוינען ניט סאַפּקאָלסאַף דער בור-זשואַזיע אַליין. עמעס, אָן דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק קאָן ניט דער קאַפּיטאַ-ליזם אַנטוויקלען זיך. נאָר אפילו אף דעמדאָזיקן וועג איז מעגלעך אַן איינ-פאַרשטענדעניש צווישן די גרויסע מעלוכעס. אָט דאָס איז דער מעהוס פון דער טעאָריע פונם „אולטראַ-אימפּעריאַליזם", וואָס קאַוטסקי האָט אַנטוויקלט.

קעגנשטעלנדיק דידאָזיקע טעאָריע דער טעאָריע פון די לינקע ראַדיקאַלן האָט קאַוטסקי געהאַלטן אַז אַלס פּראַקטישער לאָזונג פונם קאַמף דאַרף זיין דאָס באַגרענעצן די באַוואָפענונגען און דאָס בעהאַדראַגיקע אַנטוואָפענען די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכע. אַף דעמדאָזיקן וועג איז מעגלעך און נויטיק אַן איינפאַרשטענדעניש מיט יענע גרופּן בורזשואַזיע, וועלכע זיינען לויט זייער נאַטור פּרעמד דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק. „אונזער נאָענטסטע אַרבעט, — האָט געשריבן קאַוטסקי, — דאַרף זיין דאָס אונטערשטיצן און פאַרשטאַרקן די קליינבירגערלעכע און בורזשואַזע באַוועגונג, וואָס איז געווענדעט קעגן מיל-כאָמע און באַוואָפענונגען". דער וועג פונם קאַמף ליגט דורכן פּאַרלאַמענט. דער ליבעראַליזם, וואָס איז דער אויסדריקער פון די שטימונגען פונם קליינ-בירגערטום און פון די וואַקסנדיקע קאַדרען אָנגעשטעלטע (מיטל-שיכט), — אָט דאָס איז דער פאַרבינדעטער פונם פּראָלעטאַריאַט. עס איז דעריבער ניט עמעס, אַז אין דער עפּאָכע פונם אימפּעריאַליזם זיינען די בורזשואַזע קלאַסן אַ דורכויסיקע רעאַקציאָנערע מאַסע. אינם צענטער פון דער אויפמערקזאַמקייט פון דער ס.-ד. דאַרפן ליגן בלאָקן און איינפאַרשטענדענישן מיט די ליבעראַלן, דער איינהייטלעכער פראָנט קעגן דער רעאַקציע. קאַוטסקי פאַרענדיקט זיין אַרטיקל אינם "פאָרווערטס", „דער נייער ליבעראַליזם און די נייע מיטל-קלאַסן", מיט אַזאַ באַמערקונג:

„די קרעפטן-פאַרהעלטעניש פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען און קלאַסן, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט בעאַייס דער לעצטער וואַל-קאַמפּאַניע, האָט געשאַפן אַ פּאָליטישע סיטואַציע, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון דייטשלאַנד. ניט אַריינפאַלנדיק אין פּאַרלאַמענטישן קרעטיניזם, ניט איבער-שאַצנדיק די נוטיקייט פונם רייכסטאַג און די קרעפטן פונם ליבעראַליזם, דאַרף מען דאָך קומען צום אויספיר, אַז דער שווער-פּונקט פון אונזער פּאָלי-טישער אַנטוויקלונג ליגט אינם רייכסטאַג און אַז די פּאַרלאַמענטישע שלאַכטן

קאַנען אונז בײַ דער איצטיקער לאַגע באַדייטנדיק אַ רוק טאָן פאָרויס, — פאַר־שטייט זיך, ניט פאַר זיך אַליין גענומען, נאָר אַדאַנק זייער אויפווירקונג אַף די מאַסן, וואָס וועלן פאַרבלייבן דער פונדאַמענט פון אונזער קראַפט, ווי עס זאָל ניט זיין די פאַרלאַמענטישע קרעפטן־פאַרהעלטעניש".

לייגנדיק זײַנע גאַנצע האָפענונגען אַפן וואַל־ביולעטען און אַף די פאַר־לאַמענטישע קאָמבינאַציעס מיט די ליבעראַלן, זאָגט זיך אַרויס קאַוטסקי קעגן דער נייער טאַקטיק פון מאַסן־אַקציעס און פון אַלגעמיינעם שטרייק, וואָס די לינקע ראַדיקאַלן רוקן אַרויס. ניט אָפּלייקענענדיק די פּרינציפּיעלע באַדייטונג פונם אַלגעמיינעם שטרייק, זעט ער דעם שווער־פּונקט אינם פאַרלאַמענטישן קאַמף. אינם רעפעראַט וועגן דער דייטשישער ס.־ד. און וועגן איר טאַקטיק, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר די בעלגישע פּראָפאַראיינען (1911 יאָר), אַנטוויקלט ער אַזאַ האַנאָכע: „פאַרשטייט זיך, דער מאַסן־שטרייק קאָן ברענגען צו גרויסע פּראַקטישע רעזולטאַטן, אָבער בלויז דעמאָלט, ווען ער פאַראַליזירט באַצייטנס דעם גאַנצן מעלוכע־מעכאַניזם. אָבער דאָס איז מעגלעך בלויז בײַ זייער גינ־סטיקע אומשטענדן, אויב עס איז פאַראַן אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פונם פּראָ־לעטאַריאַט. אַלס רעגולער מיטל פונם פּאָליטישן קאַמף איז דער מאַסן־קאַמף ניט אָנווענדבאַר.

נאָר עס איז פאַראַן אַן אַנדער מעטאָד, וואָס מיט זיין הילף קאָן מען אָניאָגן אַ שרעק אַף דער בורזשואַזיע און די פּריצים... דער דאָזיקער מעטאָד באַשטייט און דעם, וואָס בײַ די בורזשואַזע פאַרטייען נעמט מען אָפּ זייערע וויילער, אין וועלכע זיי נויטיקן זיך, קעדיי צו האָבן אַ פּאָליטישן איינפלוס. די מוירע פאַרן ווילער — דערין באַשטייט דאָס גרויסע מיטל אַף צו מאַכן אַ דרוק, וואָס מיט דעם באַנוצן זיך די פּראָלעטאַרישע פאַרטייען אין די פאַרלאַמענטישע לענדער מיט אַלגעמיינעם וואַל־רעכט. די דאָזיקע מוירע ווייזט זיך שטענדיק אַרויס ווירקזאַמער, איידער די מוירע, וואָס עס רופט אַרויס די אַזוי־גערופענע „דירעקטע אַקציע".

אַנטקעגנשטעלנדיק דער טאַקטיק פון מאַסן־אַקציעס די אַלטע טאַקטיק פון פאַרלאַמענטישן קאַמף, וואַרפט אויף קאַוטסקי די לינקע ראַדיקאַלן, אַז זיי ווילן איבערטראָגן אַפן דייטשישן באָדן די טאַקטיק פון די רוסישע באָלשע־וויקעס. אין דער פּאָלעמיק מיט ר. לוקסעמבורג גיט ער אַזאַ אָפּשאַצונג: „דער אויפן פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג דוכט זיך איר אויס אַן אידעאַל, וואָס מע דאַרף פריידיקן דעם פאַרפוילטן מאַירעוו. דאָס רוסישע אומגליק דערהויבן זיי צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער צניעס".

אַזאַ איבערשאַצן דעם פאַרלאַמענטאַריזם און זיין ראָלע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, וואָס דער לעגאַליזם האָט אויסגעהאָדעוועט, איז געווען אַן אָפּאָרטוניסטישע פאַרקריפּלונג פונם מאַרקסיזם דורך קאַוטסקין און די צענ־טריסטן.

אָבער באַזונדערס בוילעט האָט זיך עס אַנטפּלעקט בעאייס דער פּאָלע־מיק צווישן קאַוטסקין און פּאַנעקוקן אין 1912 יאָר איבער דער פראַגע וועגן מעלוכע. די רעוויזיאָניסטן, אין דער געשטאַלט פון בערנשטיינען, האָבן מאַרקס רעוואָלוציאָנערע לערע וועגן מעלוכע, וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַ־ריאַט פאַרקריפּלט און פאַרביטן מיט דער וואולגאַר־ליבעראַלער טעאָריע פון דעמאָקראַטיע און פּאַרלאַמענטאַריזם, וואָס ברענגען לויט זייער מיינונג צו דער אויסלעבונג פונם קלאַסן־קאַמף אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און צום ניצאָכן פון די פּרינציפּן פונם סאָציאַליזם. אָנפאַלנדיק אַף מאַרקס לערע וועגן דער רעוואָלוציע און דיקטאַטור, האָט בערנשטיין געקוקט אַף די־דאָזיקע עלעמענטן פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע ווי אַף רעשטלעך פון בלאַנקיזם, און האָט געזעען די אויפגאַבע פון דער ס.־ד. אין דער גאַנצער סיסטעם פונם סאָציאַל־רעפאָרמיזם. (זע מאַט. און דאָק. 38 א). אינם שטרייט מיט פּאַנעקוקן אין 1912 יאָר איבער דער פראַגע וועגן די אויפגאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט בענויגייע דער מעלוכע־מאַכט האָט קאַוטסקי, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אין זיינע פריערדיקע ארבעטן („די סאָציאַלע רעוואָלוציע". „אַף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע", „דער וועג צו דער מאַכט") האָט ער ארויס־געזאָגט אַ ריי ריכטיקע רעוואָלוציאָנערע האַנאָכעס איבער דערדאָזיקער פראַגע זיך געשטעלט איצט אַף דעם שטאַנדפּונקט פון ניט כאָרעוו מאַכן די מעלוכע־מאַשין פון דער בורזשואַזיע, וואָס וועגן דעם האָט גערעדט מאַרקס, נאר פון דעראָבערן און אויסנוצן זי. דעריבער איז די סיסטעם פון דעמאָקראַטיע און פּאַרלאַמענטאַריזם פאַר קאַוטסקין די איינציקע פאָרם, אין וועלכער עס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן די מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט. (זע מאַט. און דאָק. 38 ג).

קאַוטסקיס אויסטייטשונג אין די פראַגן פון מעלוכע און פּאַרלאַמענטאַ־ריזם איז געווען א האַנאָכע די רעוויזיאָניסטן, זי האָט אָפּגעשפּיגלט די אָפּאָר־טוניסטישע טענדענץ אין דער אנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי און איז געווען אַ טריט אַף צוריק פון מאַרקסן. אזוי איז אין די באַדינגונגען פון דער פרידלע־כער פּאַרלאַמענטישער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער־באַוועגונג פאָרגעקומען די איבערגעבורט פונם גרונט־קערן פון דער פּאַרטיי — פון איר צענטר.

אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט די דייטשישע אַרבעטער־באַוועגונג ביז דער מילכאָמע. שטאַרק און מעכטיק אין צאָל, מיט א געוואַלדיקן פּאַרטייאישן און פּראָפעסיאָנעלן אַפּאַראַט, אַ צוגעפּאַסטן צו די באַדינגונגען פון א קאַפּי־טאַליסטישן פּאַרלאַמענטישן רעזשים, איז זי געווען אינערלעך, ווי א רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונג, אָנמעכטיק. דער רעפאָרמיזם, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין אַלע שפּעלטעלעך פון דעם פּאַרטייאישן און פּראָפעסיאָנעלן קערפּער, האָט אונטערגעגראָבן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון דעם ארבעטער־קלאַס. דער קרענקלעכער קריזיס פון אויסערלעכער קראַפט און אינעווייניקסטער רעוואָלוציאָנערער אָנמעכטיקייט האָט זיך געלאָזט פילן בעאייס דער מילכאָמע.

די באַדינגונגען, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן, זיינען אינטערנאַציאָנאַל.

אָבער פאַר דייטשלאַנד, וואָס האָט אדאנק איר דאָמינירנדיקער עקאָנאָמישער לאַגע וואָס זי האָט פאַרנומען אַפן וועלט-מארק אין סאָף יאָרהונדערט און האָט אַרויסגעשטופּט ענגלאַנד און פראַנקרייך, האָבן זיי זיך אויסגעלאָזט באַזונדערס גינסטיק. אינם צייט-פּעריאָד פון די 90-ער יאָרן ביז דער מילכאָמע, ביז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאל איז צעפאלן געוואָרן, איז אין דער דייטשישער סאָציאל-דעמאָקראטיע פאָרגעקומען אן אָנויפהערלעכער קאמף פונם ארטא-דאקסאַלן מאַרקסיזם, וואָס זיינע פאָרשטייער זיינען געוועזן בעבעל, קאַוטסקי, מערינג און אנד., מיטן רעפאָרמיזם און רעוויזיאָניזם פון בערנשטיין, דאוויד, פאָלמאר און אנד. אָט דער קאמף האָט זיך אין אָנהויב אַף די פּארטייטאגן פארענדיקט מיטן ניצאָכן פון דער אָרטאָדאָקסאַלער סאָציאל-דעמאָקראטיע. אָבער באַ זיי האָט געפעלט אנטשלאָסנקייט, קעדיי ענדגילטיק אויסצוראטן די רעפאָרמיסטן פון דער פאַרטיי, און א קליינע גרופּע לינקע ראדיקאלן האָט ניט געקאָנט ענדערן די זאכלאגע, איבערהויפּט נאָך, אז די ראדיקאלן גופע פלעגן צומאָל אָפּגעבן זייערע פּאָזיציעס דעם „צענטער״, ווי דאָס איז געוועזן, לעמאָשל, אין דער פראגע וועגן דער באדענער אָפּשטימונג פונם ביודזשעט אַפן לובעקער פאַרטיי-טאָג. די האַנאָכעס, וואָס זיי האָבן געמאכט די רעפאָרמיסטן, און זייער געדולדיקע באציאונג צו זיי האָבן ענדלעך גע-בראכט די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע דערצו, אז זיי האָבן טראָט באַ טראָט פארלאָזט די פּארטיי-פּאָזיציעס, האָבן אינגאנצן אנגעפילט די פּארטיי, האָבן זי געבראכט צום 4-טן אווגוסט 1914 יאָר, צו דער אָפּשטימונג פון די קרעדיטן אַף דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע.

## פראנקרייך

אַן אַנאַלאָגישע טענדענץ אין דער אנטוויקלונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג — פון באַשאַפן א זעלבשטענדיקע פאַרטיי אין דעם גייסט פון רעוואָ-לוציאָנערן מאַרקסיזם צו סאָציאַלן רעפאָרמיזם און דעם אַריינטאָן זיך פון די סאָציאליסטן אין פּאַרלאמענטישער טעטיקייט — באַווערט זיך איבער אויך אין פראַנקרייך, מיט דעם כילעק נאָר, וואָס דעם פראַנצויזישן סאָציאליזם קומט אויס צו ארבעטן באַ באַדינגונגען, וואו די איבערוואָג האָט דער קליינבאל-מעלאָכעשער פּראָלעטאַריאַט, וואו עס האָבן געלעבט די טראדיציעס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פּאָרמעלער דעמאָקראטיע, דערביי האָט זיך אָט די באזונדערס רייכע היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט געשפּייזט מיט דער אייגנארטיקייט פון די סאָציאל-עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באדינגונגען פון דער דריטער רעפּובליק. פון דער פּאַריזער קאָמונע ביז דער גרויסער אייראָ-פּעאישער מילכאָמע איז פראַנקרייך דורכגעגאנגען דעם לאנגן וועג פון דער קאַפּיטאליסטישער אנטוויקלונג. די עקאָנאָמישע געשיכטע קאָן ניט איינגעטיילט ווערן אף צוויי הויפּט-פּעריאָדן: ביזן סאָף פון 19-טן יאָרהונדערט און נאָך די יאָרן 1902—1903. דער לאנזאמער אַנטוויקלונג-טעמפּ פון ערשטן פּעריאָד

טרעט אָפּ דאס אָרט דעם מער שנעלערן וואוקס פון די פּראָדוציר-קרעפטן, דעריקער אין דער מעטאלורגישער אינדוסטריע. אינם צווייטן פּעריאָד איז דערדאָזיקער איבערבראָך ארויסגערופן געוואָרן פונם וואוקס פון דער קאָלאָניאַלער מעכטי-קייט פונם לאנד, און דאָס ווידער איז געשטאנען אין א ענגער פאַרבינדונג מיט דער ראָלע פונם פינאַנציעלן קאַפּיטאל אינם לאַנד. אין דער עפּאָכע פונם אימפּעריאליזם איז פראַנקרייך געווען א מעכטיקער וואָכער. מיר האָבן אויבן געזען, ווי דאָס לאנד האָט זיך אינם לעצטן פּעריאָד הויפּטזאכלעך פארנומען מיט ארויספירן קאַפּיטאל און איז דערביי ארויסגעטראָטן אלס וואָכער. די אויסגעוואקסענע קאָלאָניאלע מאכט און די אויסגעוואק-סענע אַפּעטיטן האָבן מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער מעטאַ-לורגישער אינדוסטריע, וואָס אַרבעט אויס דעריקער קריג-מאכשירים. פונ-דעסטוועגן איז פראנקרייך, אלס אימפּעריאליסטיש-אינדוסטריעל לאנד, אין אסאך הינזיכטן אָפּגעשטאנען פון דייטשלאנד און ענגלאנד. באַם אָפּהאַלט פונם צוואוקס פון דער באפעלקערונג אינם לאַנד, בא דער פאַרשטארקטער עמיגראציע, האָט די שטאָטישע באפעלקערונג פון פראנקרייך צום סאָף פון אָט דעם פּעריאָד ניט איבערגעשטיגן קיין 42%. פארן לאנד איז אפילע אין דערדאָזיקער עפּאָכע געווען טיפּיש די עקזיסטענץ פון קליינע און מיטל-אונטערנעמונגען; עס זיינען אָבער אויך געווען קאָלאָסאלע ריזן-אונטערנעמונגען. אָט די אלע אייגנשאפטן פון דער פראנצויזישערווירטשאַפט נעמען זייערע וואָרצלען פון דער היסטאָ-רישער פארגאנגענהייט און פונם קעגנווארט פונם צעברעקלטן פּויערשן ערד-באנוץ. פּויערים, קליינע אייגנטימער זיינען געווען 55% פון דער גאנצער באפעלקערונג. די סאַמע פאַרשפּרייטסטע לאנדווירטשאפטלעכע קולטור איז געווען סעדערייַ און גערטנערייַ. פון דאנען נעמט זיך די שוואַכע אָנווענדונג פון דער מאשין-טעכניק און דער קאָנסערוואטיזם פון דער פּויערשער מאסע.

די דריטע רעפּובליק איז געווען דער אויסדריק פון די אינטערעסן פון די קאפּיטאל-מאגנאטן, פון דער רעאַקציאָנערער פּויערשער מאסע און קליינעם ראנטיע, פון די אנטיילנעמער אין די וואָכערשע אָפּעראציעס פונם פינאנציעלן קאפּיטאל. „די דריטע רעפּובליק — דאָס איז אן איפּעריע אָן אַן אימפּעראַטאָר, וואו עס הערשט אומיטלבאר דער קאַפּיטאל". זייענדיק צעברעקלט, האָט דער ארבעטער-קלאס מיט זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין קאָמפּאַקטע קלאַסן-קראפט, אָבער צוזאמען מיט דעם איז ער ארויסגעטראָטן אלס דער איינציקער צענטר פון דער דעמאָקראטישער אָפּאָזיציע קעגן דער רעאקציאָנערער פּאָליטיק פון דער בורזשואזיע און פון דער ביוראָקראטישער דריטער רעפּובליק.

דער נאציאנאלער ארבעטער-קאָנגרעס, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אין פּאריז צום ערשטן מאָל נאָך דער פּאַריזער קאָמונע אין 1876 יאָר, און אויך דער קאָנגרעס פון 1878 יאָר אין ליאָן האָבן זיך דערקלערט פאר קעגנער פון פּאָליטישער טעטיקייט און דער סאָציאליסטישער דאָקטרין. ערשט אונטער דער ווירקונג פון די אויסניכטערנדיקע אָביעקטיווע באדינגונגען פון דעם רעזשים

פון דער 3-טער רעפּובליק און פון דער אגיטאציע פון דעוויל און געד, וואָס האָט זיך אומגעקערט אין פּאריז פון גאָלעס (די צייטונג „גלייכהייט״), האָט דער נאציאָנאלער קאָנגרעס אין מארסעל (1879 יאָר) געשטעלט זיך אפן וועג פון קאָלעקטיוויזם און האָט באַשלאָסן צו שאפן אן ארבעטער-פּאַרטיי — די פעדעראציע פון אַרבעטער סאָציאַליסטן. די פּראָגראם, וואָס געד האט אויס-געארבעט, מיטן דירעקטן אָנטייל פון מאַרקסן, איז אָנגענומען געוואָרן דורכן קאָנגרעס פון דער פּאַריזער פעדעראציע אין 1880 יאר און באשטעטיקט דורכן נאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין האוור 1881 יאר (מאט. און דאק. 16). פון דאַן אָן שטעלט זיך די פראַנצויזישע אַרבעטער-באַוועגונג אונטער די פאָנען פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם פון מאַרקסן און ענגעלסן. אינגיכן, פון איין זייט, אונטערן איינפלוס פון דער איבערראשונג פון דער פּאַרלאמענטישער מוניציפּאַלער טעטיקייט, און פון דער צווייטער זייט, פון די אלטע קאָמונאַרן, וואָס האָבן זיך אומגע-קערט פון גאָלעס און האָבן מיט זיך געבראכט א היפּש ביסל אלטע רעפּובלי-קאנישע אילוזיעס, — וואקסט אָן אין דער פּאַרטיי א שפּאַלטונג צווישן די געדיסטן (די אָנהענגער פון געדן) און די ברוסיסטן (די אָנהענגער פון ברוסן), אָדער פּאָסיביליסטן (בעהאררעאָגעדיק — Possible). די שפּאלטונג, וואָס איז פארגעקומען אַף דעם סענט-עטיענער קאָנגרעס אין 1882 יאָר, איז אייגנטלעך געווען א שפּאַלטונג צווישן די מארקסיסטן און רעפאָרמיסטן און איז באשטא-נען, דעריקער, אין א פאַרשיידענער אָפּשאצונג פון די אויפגאבן פון דער פּארטיי, פון דעם אָנטייל אין דער וואַל-טעטיקייט, פונם פעדעראטיוון אָדער צענטראַליסטישן געבוי פון דער פּאַרטיי. די ברוסיסטן האָט דעריקער אינטע-רעסירט דער ערפאָלג פון דער פּאַרטיי אין די וואַלן. דער סאָציאַליזם איז פאַר זיי באשטאנען אין דערווערבן ביסלעכוויז די געזעצגעבנדיקע און אדמיני-סטראטיווע אינסטיטוציעס פון לאנד, קעדיי דורכצופירן א גאַנצע ריי רעפאָרמען. „איך געהער צו די, — האָט געזאָגט ברוס, — וואָס ווילן זיין קאָמוניסטן און רעוואָלוציאָנערן; איך וויל אָבער אויך דערגרייכן עפּעס פּראַקטיש. איך וועל זיך בעסער אָפּזאָגן פון פּרינציפּ „אַלץ מיטאַמאָל״, וואָס פירט צו גאָלע גאָר-נישט, איך וועל בעסער מאַסקים צו צעטיילן דעם אידעאלן צוועק אף עטלעכע עטאַפּן, צוגעבן אונזערע פאָדערונגען אזא כאראקטער, זיי זאָלן ווערן סאָפּ-קאָלסאָף אזעלכע, וואָס קאָנען פאַרוויקלעכט ווערן״. דערפון נעמט זיך די צופּאַסונג צו די אינטערעסן פון די וויילער, דאָס אָפּזאגן זיך פון דער האַווער פּראָגראַם, די פאָדערונג פון אַווטאָנאָמיע פאר באזונדערע פעדעראטיווע טיילן פון דער פּאַרטיי אין אויסארבעטן וואַל-פּלאַטפאָרמעס און די טאקטיק פון בלאָקן.

דעם וואוקס פונם סאָציאַליזם אין פראַנקרייך, זיין גאנץ שנעלן ערפאָלג האָט מיטגעהאָלפן דער אומשטאַנד, וואָס, פון איין זייט, איז אין דער עפּאָכע פון דער דריטער רעפּובליק ניט געווען קיין שארפער קאמף צווישן דער גרויסער בורזשואזיע און די ערדבאזיצער, פון דער צווייטער זייט, איז ניט

געווען קיין איין ראדיקאַלע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי, אַ פּאַרטיי פון דעמאָקראַ-טישע רעפאָרמען, וואס זאל ניט זיין קאָמפּראמעטירט מיט קאָלערליי פּאַנאַמעס. אַזאַ לאַגע האט געפירט דערצו, אז צום סאָציאַליזם זיינען צוגעשטאנען אלע ראַדיקאל-געשטימטע עלעמענטן. דער רעוואָלוציאנערער סאָציאליזם איז אויפ-גענומען געוואָרן אַלס דעמאָקראַטישער ראַדיקאַליזם. אויסדריקנדיק אָט די שטימונגען, האָט מיליעראן געזאָגט אין 1898 יאָר: „קעגן דער אָליגארכישער און פלוטאָקראַטישער פּארטיי שטייט די פּאַרטיי פון דעמאָקראַטיע, פאַרבלייבנ-דיק טריי דער רעפּובליקאנישער אידייע". דערפון זיינען געמאַכט געוואָרן יענע אויספירן, אַז די סאָציאַליסטן דאַרפן אַרויסשטעלן ניט קיין ספּעציפישע קלאסן-



זש. געד



פּ. לאַפאַרג

פאדערונגען, נאָר אלגעמיין קלאַסן-פאָדערונגען, אלגעמיין פאָלקס-פאָדערונגען. „אַרויסשטעלנדיק אַזאַ פּראגראַם פון רעפארמען — האָט געזאגט מיליעראַן, — וועט די סאָציאליסטישע פּארטיי מאכן א שטאַרקן איינדרוק און וועט געבן אומבאשטרייטבאַרע באווייזן, אז זי איז אינעמעסן זין פון וואָרט א רעגירונגס-פּאַרטיי".

די געדיסטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן, די אָנהענגער פון דער אַלטער האַווער פּראָגראם, האָבן געשאַפן די „ארבעטער-פּארטיי". די ברו-סיסטן זיינען די „פעדעראציע פון ארבעטער-סאָציאליסטן" מיט א נייעם פּאַרטיי-סטאַטוט. וו א געזונטע רעאַקציע קעגן דער פּאַרקאָכטקייט פון די ברוסיסטן

אין דער רעפאָרמיסטישער פּאַרלאַמענטישער און מוניציפּאַלער טעטיקייט, האט זיך אין 1890 יאָר אַפן קאנגרעס אין שאַטערלאָ אפגעטיילט פון זיי א לינקער רעוואָלוציאָנערער פליגל פון אַלעמאַנס אָגהענגער, וואָס האָבן געלייקנט בּיכלאַל אין פּאַרלאַמענטארישער טעטיקייט. צו די צוויי גרונט-גרופּירונגען איז צוגעקומען א דריטע. אין איין צייט מיט זיי האָט געאַרבּעט אַן אַלטע בּלאַנקיסטישע אָרגאַניזאציע בּעראָש מיט וואַיאַנען, א צענטראַלער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט און א פעדעראציע פון אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, בּעראָש מיט זשאָרעסן און מיליעראַנען. די אלע גרופּעס און פראַקציעס פון דעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם האבן געפירט צווישן זיך א פארביטערטן קאמף,



זש. זשאָרעס

ביז וואנען א סאַקאַנע פון אויסן — די געפאַר פון א מיליטערישער דיקטאטור אין צוזאמענהאנג מיט דרייפוסעס פּראָצעס אין 1898 יאָר, האָט ניט אוועקגעשטעלט אַפן טאָג-סיידער די פראַגע פון פאַריייניקונג. אָבער אַפן ליאָנער קאָנגרעס איז, אָנשטאָט א פאַרייניקונג, פאָרגעקומען א נייע איבער-גרופּירונג פ׳ן די קיכעס, איצטיקן מאָל א מער אָפּגעצייכנטע. די געלעגנהייט דערצו האט געגעבן די אזוי גערופענע מאַיסע-מיליעראַן. די דערנעענטערונג פון דעם רעכטן רעפאָרמיסטישן טייל מיט די בורזשואזע רעפּובּליקאנער צוליב דער פאַרטיידיקונג פון דער רעפּובּליק האָט געבּראכט דערצו, אז דאָס מיניסטעריום פון וואַלדעקרוסאָ האט איינגעלאדן צו זיך אין קאַבּינעט דעם אומאָפּהענגיקן סאָציאַליסט מיליעראַן אינאיינעם מיטן גענעראל גאַליפע, דעם טאַליען פון דער קאָמונע.

מע מוז באמערקן, אַז צו אָט דער צייט איז שאַיעך דער אויפבלי פון רעפאָרמיזם אויך אין דייטשלאנד (עס גייען אַרויס בערנשטיינס ווערק). אף אזא אופן הויבט שוין אָן דער רעפאָרמיזם צו קריגן ניט נאר א נאציאָנאלן, נאָר אויך אַן אינטערנאציאָנאַלן כאַראַקטער. אויסדריקנדיק די זעלבע טענדענצן און באוועגונגען, ווי דער רעוויזיאָניזם אין דייטשלאנד, איז דער מיליערא-ניזם, געוועז די פראַקטישע פּאָליטיק פונם רעפאָרמיזם. דער פאַריזער פאַרייניק-טער קאָנגרעס (1899 יאר) האָט פאַרנומען אַן אומבאשטימטע, גיכער א באווי-ליגנדיקע, איידער א נעגאַטיווע, פּאָזיציע בענוגייע דער „מאַיסע מיליעראַן". האגאַם דער קאָנגרעס האָט מיט א מערהייט פון 818 שטימען אנקעגן 634 אנערקענט, אַז מע טאָר ניט דערלאָזן אַ סאָציאליסט זאָל ארייננטרעטן אין א בורזשואַזן מיניסטעריום (געדס פאָרשלאָג), האָט ער אָבער מיט א געוואלדיקער מערהייט פון 1140 אנקעגן 240 באוויליקט דעם פאָרשלאג פון דער קאָמיסיע וועגן דער נויטיקייט איבערצוקוקן דעמדאָזיקן באשלוס ווען „עס וועלן זיך מאַכן אויסשליסלעכע אומשטענדן". דידאָזיקע אומבאשטימטקייט און אָפּאָרטו-ניסטישקייט פון דער מערהייט פראַנצויזישע סאָציאליסטן האָט געבראכט צו א שארפער פאַנאַנדערגרענעצונג אף 2 פראקציעס: רעוואָלוציאָנערן און מיניסטע-ריאליסטן. די גרופּע לינקע, בעראָש מיט געדן, וואַיאַנען און די אַלעמאניסטן — האָבן געשאַפן די „סאָציאליסטישע פּאַרטיי פון פראַנקרייך"; און די גרופּע מעסיקע, בעראָש מיט זשאָרעסן, — די „פראַנצויזישע סאָציאליסטישע פּאַרטיי". די לעצטע איז געשטאַנען נאָענט צו דער לינקער רעפּובליקאנישער גרופּע, און פלעגט מיט איר אָפט שליסן א בלאָק.

דער צויבער פון דעם מיניסטעריאַליזם איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן. ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אין מיניסטעריום זיינען געווען סאָציאַליסטן, האָט די רעגירונג קיינמאָל אַף אַזויפיל ניט אַרויסגעוויזן איר בורזשואַזן קלאַסן-טאָך, ווי גראָד אין דעם פּעריאָד. די צעשיסונג פון שטרייקערס אין שאַלאָן, מאַר-טיניק און אַנדערע ערטער, די פאַרפאָלגונג פון די סינדיקאַטן, די האַלב-ליבעראַלע געזעצן וועגן אַרבעט האָבן אַליין פאַר זיך גערעדט. ניט געקוקט אַף דעם היפשן איינפלוס, וואָס זשאָרעס גרופּע האָט געהאַט אין פּאַרלאַמענט, איז איר אַווטאָריטעט באַ די אַרבעטער-מאַסן געפאַלן. די נעגאַטיווע באַציאונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אַפן אַמסטערדאַמער קאָנגרעס (1904) צו דעם אינ-טערנאַציאָנאַלן רעפאָרמיזם האָט געשטאַרקט די פּאָזיציע פון די געדיסטן. אונ-טערן רוישעם פון אָט דעם באַשלוס, פון איין זייט, און פון דער אויסניכטערונג פון די אַרבעטער-מאַסן, וואָס האָבן געפאָדערט אַן ענדערונג פון דער טאַקטיק, פון דער אַנדערער זייט, — האָט זיך געשאַפן אַ באָדן פאַר אַ דערנעענטערונג צווישן די צוויי סאָציאַליסטישע הויפּט-גרופּירונגען. אַפן פאַריזער קאָנגרעס אין אַפּרעל 1905 יאָר איז דידאָזיקע פאַרייניקונג פאָרגעקומען אַפן יעסאָד פון אַ פאַרעפנטלעכטער דעקלאַראַציע (זע דאָק. און מאַט. נומער 17).

האגאַם די פאַרייניקונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געשאַפן

געוואָרן נאָך אַ רייניקונג פון דער רעפאָרמיסטישער גרופּע (מיליעראַן, בריאַן און וויוויאַני), און די פּלאַטפאָרם פון דער פּאַרייניקונג האָט גערעדט וועגן אַ ניצאָכן פון די געדיסטישע פּרינציפּן פון קלאַסנקאַמף, האָט זיך איינגיכן, דאָך, אַרויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיי האָט זיך פּאַקטיש ניט אָפּגעזאָגט פון רעפאָרמיזם. די אַלטע מיליעראַנישע כאַטאָים האָבן זיך צו טיף איינגעוואָרצלט אין איר. אויך דאָ, פונקט אַזוי ווי אין דייטלאַנד, האָט מען זיך אַלץ מער אָפּגעזאָגט פון די רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן, וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן די פּאַרטיי, וואָס גרעסער עס זיינען געווען אירע ערפאָלגן אין די וואַלן. פון איינמאָל וואַלן ביז צום צווייטן איז די פּאַרלאַמענטישע גרופּע אַלץ געוואַקסן אין אַ גרעסערער מאָס, איידער די פּאַרטיי גופּע. און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז צופּאַסנדיק זיך צו די ווײלער, איז די פּאַרטיי פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיפּישער פּאַרלאַמענטאַרישער פּאַרטיי, וואָס איז נויטע צו קאָלערליי פּאָליטישע קאָמבינאַציעס און בלאָקן מיט דער בורזשואַזיע. די פּאָלגנדע טאַבעלע גיט אַ פאָרשטעלונג וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי נאָך דער פּאַרייניקונג.

| יאָר | צאָל מיטגלידער | צאָל דעפּ טאַטן | צאָל שטימען באַ די וואַלן |
|---|---|---|---|
| 1905 . . . . . . . . . | 34.688 | 38 | 805.000 |
| 1906 . . . . . . . . . | 40.000 | 52 | 877.000 |
| 1910 . . . . . . . . . | 53.928 | 76 | 1.106.047 |
| 1914 . . . . . . . . . | 72.765 | 102 | 1.385.382 |

ווען מע זאָל צו די ערפאָלגן אַף די וואַלן אין פּאַרלאַמענט נאָך צוגעבן די היפּשע דערפאָלגן, וואָס די פּאַרטיי האָט דערגרייכט אין די מוניציפּאַלע וואַלן (אין 1912 יאָר איז אויסגעקליבן געוואָרן 5.530 מוניציפּאַלע ראַטמענער), וועט פאַר אונז קלאָר ווערן איר פיזאָנאָמיע: אַ לעפּיערעך קליינער פּאַרטיי-קערן און אַ היפּשע צאָל דעלעגאַטן אין די פּאַרשיידענע פּאַרטרעטונגס-אינסטיטוציעס פון לאַנד. באַ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער שוואַכקייט פון דער פּאַרטיי האָט אזאַ לאַגע געפירט דערצו, אַז דאס קעפּל פון דער פּאַרטיי האָט זיך אַלץ מער אָפּגעריסן פון דער מאַסע, ניט האָבנדיק קיין קאָנטראָל איבער זיך. אין די פּאַרטרעטונגס-אינסטיטוציעס, באַ דער פּראַקטישער אַרבעט רייבן זיך אָפּ די שאַרפע פּאַרטיי-ווינקלען, די דעפּוטאַטן ווערן טיפּישע רעפאָרמיסטן, און די פּאַרטיי אַליין, ניט קוקנדיק אַף דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע, ווערט אַ רעפאָרמיסטישע. מיטגלידער פון דער פּאַרטיי טרעטן אַריין אין פראַנקמאַסאָנישע לאָזשעס און קריגן פון דער רעגירונג אויסצייכענונגען.

אַזוי איז ביסלעכווייז איבערגעאַנדערשט געוואָרן דער גרונט-קערן פון דער פּאַרטיי אין פראַנקרייך.

## דער סינדיקאַליזם

אַפן באָדן פון דעם אריינציען זיך פון דעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם אין מיניסטעריאַליזם און אין דער פּאַרלאַמענטישער טעטיקייט און דער איבערשאַצונג פון דער רעפּובליקאַנישער געפאַר, אַ נצ צום אָנהויב יאָרהונדערט, ווי אַ גע-זונטע רעאַקציע קעגן אים, פעסטיק געוואָרן אַ נייע שטרעמונג פון דעם סאָ-ציאַליסטישן געדאַנק — דער רעוואָלוציאָנערער סינדיקאַליזם. דער סינדיקאַליזם ווי אַן עקאָנאָמישע (פּראָפעסיאָנעלע) און אידעאָלאָגישע באַוועגונג, וואָס האָט אייגנאַרטיק צענויפגעפּאָרט, פון איין זייט, די אַלטע פּרודאָניסטישע אידייען פון נעגאַטיווער באַציאונג צו פּאָליטיק און עקאָנאָמישן פעדעראַליזם און, פון דער אַנדערער זייט, דעם געדאַנק פון קלאַסנקאַמף, האָט זיך ביסלעכווייז פאָר-מירט אין די טיפענישן פון די סינדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, ביז וואַנען ער האָט זיך, סאָ קאָלסאָף, ניט אויסגעגאָסן אַפן אַמיענער קאָנגרעס (1906) אין אַ פאַר-ענדיקטער סיסטעם (זע דאָק. און מאַט. נומערן 18, 19 און 20).

דער טאָך פון דערדאָזיקער אידעאָלאָגיע באַשטייט אין לעצטן סאַכאַקל אין אַנטקעגנשטעלן די פּאַרטיי צום סינדיקאַט. אויב די פּאַרטיי, טאַינען די סינדיקאַליסטן, גרופּירט מענטשן לויט זייערע אידעאַלע שטרעבונגען, לויט זייערע אָנשויאונגען, גרופּירט זיי דער סינדיקאַט לויט די קלאַסן-אינטערעסן, לויט די עקאָנאָמישע אינטערעסן. דעריבער צייכנט זיך אויס דער סינדיקאַט מיט אַ גרעסערער קלאַסן-איינאַרטיקייט. דערפאַר איז ער אויך מער קלאַסן פעסט און מאַכמעס דעם — העכער פון דער פּאַרטיי. אין דער היינטיקער גע-זעלשאַפט בליט דער קלאַסנקאַמף. אין ניט קיין צוגעפּוצטער, דירעקטער פאָרם ווייזט ער זיך אַרויס ניט אין פּאַרלאַמענט, ווי עס מיינען די סאָציאַליסטן, ניט צווישן די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואו די קלאַסן-אינטערעסן קענען פאַר-טונקלט ווערן, נאָר אין די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אין זיינע סינדיקאַטן. „דירעקטע אַקציע", דער שטרייק, וואָס שטעלט דעם אַרבעטער פּאָנים-על-פּאָנים אַנטקעגן דעם קאַפּיטאַליסט, — דאָס איז די איינ-ציקע פאָרם פוןווירקלעכן קלאַסנקאַמף. דעריבער איז אַלץ, וואָס עס פאַר-טונקלט דעם קלאַסן-באַוואוסטזיין, וואָס עס קערט אָפּ דעם אינטערעס פון די אַרבעטער פון „דירעקטער אַקציע" — שעדלעך. דערפון נעמט זיך אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו פּאַרלאַמענטאַריזם, צו פּאָליטיק, צו מעלוכע, און די קאָנצענ-טרירונג פון דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט אַפן סינדיקאַט און שטרייק. „Syndicat se suffit à lui même" — „דער סינדיקאַט אַליין קלעקט" — דאָס איז די גרונט-פאָרמול פון די סינדיקאַליסטן. דער שטרייק איז וויכטיק ניט מאַכמעס די דירעקטע רעזולטאַטן, וואָס ער ברענגט די אַרבעטער, נאָר

דערפאַר, וואָס „אין זיך גופא פאַרמאָגט ער א רעוואָלוציאָנערן ווערט", „ווערט פאַרן פראָלעטאַריאַט אַן אויסגעצייכנטע גימנאַסטיק פון אַקטיוויקייט", „ברענגט מיט זיך אַ צושטאַנד פון קאַמף". אָבער „די דירעקטע אַקציע" איז וויכטיק נאָך דערמיט, וואָס זי ברענגט צו אַ דירעקטער איבערבויאונג פון די פּראָדוקציר-באַציאונגען (דער שטרייק פאַר אַן 8 שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג). האַלטן קע-סיידער די אַרבעטער אין אָנשטרענגונג, אויפהאַלטן דעם גייסט פון מערידע דורך איינצלנע אַטאַקעס, קעדיי צו צוגרייטן זיך צו אַן אַלגעמיינעם גענעראַל-שטרייק, — דאָס איז די אויפגאַבע פון דעם סינדיקאַט. דער גענעראַל-שטרייק — דאָס איז ניט אַן אַלגעמיינער שטרייק פון די אַרבעטער אין קאַמף פאַר דער מאַכט. די סינדיקאַליסטן זיינען קעגן יעדער מאַכט. דעם גענעראַל-שטרייק דאַרף מען האָבן, קעדיי איבערצובויען די היינטיקע געזעלשאַפט אין א סאָ-ציאַליסטישער, אפן יעסאָד פון אַן עקאָנאָמישן אָפּמאַך - פעדעראַציע פון סינדיקאַטן.

די איינציקע פאָרם פון קלאַסנקאַמף איז הייסט עס, — „דירעקטע אַקציע", און דער אָנפירער אירער איז דער סינדיקאַט. דער סינדיקאַט איז אָבער ניט נאָר א קאַמף-אָרגאַניזאַציע. ער איז א „קערנדל פון דער צוקונפט", וואָס דער-ציט דעם נייעם מענטשן, באַשאַפט דאָס נייע „סינדיקאַלע רעכט". דער סינדי-קאַט דאַרף שוין אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָבן צו שאַפן איבער אַלץ, וואָס האָט אַ שייכעס צום דינגען אַרבעט. דעריבער שטרעבט ער צו פאַרכאַפּן דעם אַרבעט-מאַרק דורך דער אָרגאַניזאַציע פון אַרבעט-בירזשעס, ער פאַרנעמט זיך מיט קולטור-אַרבעט. פירט אַן אַנטימיליטאַריסטישע און אַנטיפּאַטריאָטישע אַגיטאַציע.

דער רעוואָלוציאָנערער סינדיקאַליזם איז שטאַרק געוואָרן און האָט זיך אַנטוויקלט אין אָנהויב פון אונזער יאָרהונדערט, אָבער די וואָרצלען זיינע דערגרייכן צו פּרודאָנען. זיין אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישע אידעאָלאָגיע איז געווען אַ געזונטע רעאַקציע קעגן דעם רעפאָרמיסטישן סאָציאַליזם, אָבער זייענדיק פאַרכאַפּט דורך דער אַנטי-רעפּובליקאַנישער אידייע, האָט ער פאַרזעען די קלאַסן-נאַטור פון מעלוכע, אין זיין אָפּלייקענונג האָט ער ניט באַמערקט די אָרגאַניזירנדיקע קראַפט פון דער מעלוכע-מאַכט, איזאָלירנדיק די אַרבעטער מיטן לעבן פון די סינדיקאַטן. קעמפנדיק דירעקט מיטן א נטערנעמער, איג-נאָרירט דער סינדיקאַליזם די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכע, אָפּציענדיק דעם אַר-בעטער-קלאַס פון זיינע ברייטע קלאַסן-צוועקן. דעריבער איז גערעכט געווען געד, ווען ער האָט געגעבן אַזאַ אָפּשאַצונג דעם סינדיקאַליזם: „די סינדיקאַלע אַקציע, וואָס קומט פאָר אין די גרענעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרגאַני-זאַציע, ניט צעקלאַפּנדיק זי, מוז אומפאַרמיידלעך זיין אַ רעפאָרמיסטישע אין גוטן זינען פון דעם וואָרט. האָבנדיק פאַר א ציל צו פאַרבעסערן די לעבנס-באַדינגונגען פון די קאָרבאָנעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, רירט פונדעסטוועגן אָט די טעטיקייט ניט אָן דיזאָזיקע אָרדענונג גופא".

די טאַקטיק פון איזאָלירן האָט געפירט צו אַן אינעווייניקסטער שוואַכ-קייט פון דער אָרגאַניזאַציע אַליין. אָט פאַרוואָס די פראַנצויזישע סינדיקאַליס-טישע (פּראָפעסיאָנעלע) באַוועגונג איז געווען ניט גרויס לויטן פאַרנעם (3% אָרגאַניזירטע אין סינדיקאַטן פון דער אַלגעמיינער צאָל ארבעטער אין 1909 י.), שוואַך און צעברעקלט לויטן טיפּ אָרגאַניזאַציע, און איז אין טאָך ניט געווען גלייך צו דער צענטראַליזירטער דייטשישער באַוועגונג. די סיבעס פון אַזאַ דערשיינונג זיינען אין דער שוואַכער אָרגאַניזירטקייט פון דעם פראַנצויזישן קאַפּיטאַל, אָבער די סינדיקאַלע טעאָריע האָט נאָר אָפּגעשפּיגלט די ווירק-לעכקייט.

# ענגלאַנד

די ענגלישע אַרבעטער-באַוועגונג איז די סאַמע קאָנסערוואַטיווע לויט אירע טראַדיציעס און אידעאָלאָגיע. נאָך דער שטורמדיקער עפּאָכע פון טשאַר-טיזם האָט זי זיך, צו די 60-ער יאָרן, פולשטענדיק אויסגעפּאָרמירט, ווי אַ באַ-שטימטער טיפּ פון צעכאָוון טרעד-יוניאָניזם. שטייענדיק אַפן באָדן פון קאַפּי-טאַליסטישע באַציאונגען, שענקט דער יוניאָניזם זיין הויפּט-אויפמערקזאַמקייט צו העכערן דעם לעבן-ניוואָ פון זיינע מיטגלידער.

דער דאָזיקער טיפּ פון דער ענגלישער אַרבעטער-באַוועגונג האט געהאט זיין יעניקע אין יענע אייגנשאַפטן פון דער ענגלישער סאַציאַל-עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, מיט וועלכע ענגלאַנד צייכנט זיך אויס פונם לעצטן פערטל פון 19-טן יאָרהונדערט און פונם אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט. ווי מיר האבן אויבן פארצייכנט, פארלירט ענגלאַנד פונם מיטן פון די 70-ער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט איר אויסשליסלעכע מאָנאָפּעל-לאַגע אַפן וועלט-מארק. ווייל צו אָט דער צייט טרעטן אַרויס אירע שטארקע קאָנקורענטן אין דער פּערזאָן פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך און די פאראייניקטע שטאַטן. דער שטורמישער אַנטוויק-לונגס-טעמפּ פון ענגלאַנדס עקאָנאָמיק פון די פאָריקע יאָרהונדערטער פאַלט איצט אויס אַפּן כיילעק פון דייטשלאַנד, באַזונדערס פון די 90-ער יאָרן אָן. די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון ענגלאַנד גייט איצט מיט אַ לאַנגזאַמען טעמפּ אַרויף, און אין אייניקע צווייגן פון דער אינדוסטריע ווערט ער גאָר אָפּגעשטעלט. אַ לעפּיערעכדיקע פּארבעסערונג קומט אָן ערשט פונם מיטן פונם ערשטן יאָרצענדליק פונם 20-טן יאָרהונדערט. צו אָט דעם פּעריאָד הויבט ענגלאַנד אָן אַרויסצוטרעטן אַפן וועלט-מארק ניט נאָר, ווי איינס פון די מעכ-טיקסטע לענדער, נאָר אַלס וועלט-באַנקיר, וואס פירט ארויס קאַפּיטאַלן. אין דער צייט, ווען ענגלאַנדס אַנטייל אין דער אייזן-פּראָדוקציע, איז פון 1840-טן יאָר ביזן 1912-טן יאָר געפאַלן פון 52% ביז 12,6% פון דער אַלגעמיינער וועלט-פּראָדוקציע, האט זיך איר כיילעק אָנטייל אינם וועלט-האנדל פון 1886-טן יאָר ביז 1911-טן יאָר פארקלענערט פון 19,8% ביז 16.6%; דער

קאפּיטאל-עקספּאָרט אין די אָפּגעשטאנענע און קאָלאניאלע לענדער האט אין 1912-טן יאָר דערגרייכט 3.192 מיליאָן פונט סטערלינג, דאס האט באטראָפן פונקט אַזאַ סומע, ווי דער קאַפּיטאל-עקספּאָרט פון פראנקרייך און דייטשלאנד צוזאמען גענומען. דאָך אין אַלגעמיין און אינגאנצן גענומען בלייבט ענגלאנד, וואס איז דורך די מעכטיקע קאָנקורענטן אָפּגעשטופּט געווארן אָפּן וועלט-מאַרק, די שטארקסטע קאפּיטאליסטישע מעלוכע פון אייראָפּע. און אויב די 50—70-ער יאָרן פונם 19-טן יאָרהונדערט — די עפּאָכע פונם גרעסטן קאפּיטאַליסטישן אויפבלי פונם לאנד — גייט אונטערן צייכן פון דער פרייטרעדערשער פּאָליטיק, איז אָבער פון די 80-ער יאָרן, דיסקאָנטירנדיק די קאָלאָסאלע באַדייטונג פון די קאָלאניעס, אַלס מערק אַף אָפּזעצן די סכוירעס, אַלס קוואלן פון רויווארג און אַלס אָרט אַף אריינצולייגן קאפּיטאַל, דער ענגלישער קאפּיטאל, — אַרויפגעטראָטן אָפּן וועג פון אָפּענער אימפּעריאליסטישער פּאָליטיק. פון דאנען נעמט זיך די שטרעבונג צו שאפן אַ גרויסע בריטישע אימפּעריע מיט אירע קאָלאָניעס און דער אלץ-איינשלינגנדיקער געדאַנק וועגן קאמף מיט דייטשלאנד. די פּראָטעקציאָניסטישע פּאָליטיק פון אָט דעם פּעריאָד איז געווען דער אויסדריק פון דער דאזיקער טענדענץ

כאַראקטעריסטישע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אויך אינם געביט פון דער לאנדווירטשאפט פונם לאנד. אין אלגעמיין און אינגאנצן גענומען איז פאָרגעזעצט געווארן דער ווייטערדיקער וואוקס פון דער אינדוסטריאליזירונג און אורבאניזירונג (וואוקס פון די גרויסע שטעט). צום אָנהויב מילכאָמע איז אָפּן כיילעק פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אויסגעקומען 78% פון דער באפעלקערונג. דאס לאנד האט געלעבט הויפּטזאכלעך אָפּן כעשבן פון אריינגעפירטן ברויט, וועלכער האט זיך אויפגעהויבן פון די יאָרן 1870 75 ביז די יאָרן 1900—1905 פון 46,6% פונם אלגעמיינעם געברויך ביז 80%. דערדאָזי-וואוקס-פּראָצעס פון דער אָפּהענגיקייט פונם אַלוועלטלעכן טוואוע-מארק איז געווען די אומיטלבארע אָפּשפּיגלונג פונם וואוקס פונם אַלוועלטלעכן טוואוע-מאַרק, אַף וועלכן עס זיינען צוגעקומען נייע אַגראַרע לענדער, ברויט-פאבריקן (אַמעריקע). דער לאנדווירטשאפטלעכער וועלט-קריזיס האט מיטגעהאלפן דער פארשטארקונג פון דער קאפּיטאליזירונג פון דער לאנדווירטשאפט אין ענגלאנד. די קליינע ערדארבעטערשע ווירטשאפטן זיינען קימאַט אינגאנצן פארשוואונדן געווארן. בלויז איין פינפטכיילעק פונם באארבעטן שעטעך איז פאראקערט געווארן דורך די ערד ארבעטער גופע. נאָך אין די 80-ער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט איז פון די גאנצע 33 מיליאָן אַקער ערד, וואס האבן געטויגט אַף באארבעטונג, מער ווי העלפט ערד-שעטעך אויסגעקומען אָפּן כיילעק פון 4.217 גרויסע ערדאייגנטימער. דער אומגינסטיקער צוצטאנד פון דער לאנדווירטשאפט האט פארשטארקט דעם קאנצענטראציע-פּראצעס פונם ערד-אייגנטום, די פּראָלעטאריזירונג פון דער דארפשער באפעלקערונג און האט געפירט צו דער אַגראַר-פּראָטעקציאָניסטישער פּאָליטיק.

די סאָציאַלע דיפערענצירונג פון ענגלאַנד איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון
אָט דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס. די מעלוכע-מאַכט האָט זיך געפינען אין די
הענט פון צוויי בורזשואַזע פראַקציעס: קאָנסערוואַטאָרן און ליבעראַלן, וועלכע
האָבן אין טאָך ניט געהאַט קיין פּראָגראַמען, וואָס זאָל מאַכן צווישן זיי אַ
קלאַסן-אונטערשייד. די קאָנסערוואַטאָרן האָבן זיך געשטיצט אַף די ערד-אייגנ-
טימער, פינאַנסיסטן, גייסטלעכע, אַף אַ היפּשן טייל פון דער מיטעלער און
קליין-בורזשואַזיע. די ליבעראַלן — אַף דער האַנדלס-בורזשואַזיע, אַף דער לייכ-
טער אינדוסטריע, אַף דער אינטעליגענץ און אַף אַ טייל אַרבעטער. די קאָנסער-
וואַטאָרן האָבן אויסגעדריקט די אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען פונעם לאַנד,
פּלעגן זיך אָפּטער קעגנשטעלן די רעפאָרמען. די ליבעראַלן זיינען געווען אָנ-
הענגער פון אַ מער בויגעוודיקער פּאָליטיק. אין דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם
איז אין ענגלאַנד אין גרונט-גענומען געבליבן דערזעלבער טיפּ בורזשואַז-פּאַר-
לאַמענטאַרישע מעלוכע, וואו דער פּאַרלאַמענט איז געווען דער פּאָליטישער
צענטער. אַ ריי רעפאָרמען (די דריטע וואַל-רעפאָרם פון 1884-טן יאָר, צוויי
רעפאָרמען פון אָרטיקער זעלבסט-פאַרוואַלטונג, די רעפאָרם פונעם לאָרדן-הויז,
פונעם דעפּוטאַטן-הויז — (פּאַרלאַמענט) א. א. וו.), האָט פאַרענדיקט די אויספאָר-
מירונג פון דער בורזשואַזער מעלוכע. די ריי סאָציאַלע רעפאָרמעס איז געווען
בלויז אַ רעזולטאַט פונעם דרוק מיצאַד די אונטערשטע אַרבעטער-שיכטן. די
אַלגעמיינע לאַגע פון ענגלאַנד האָט, ניט געקוקט אַף דער הימל-שרייענדיקער
לאַגע פון די אונטערשטע אַרבעטער-שיכטן, געשאַפן אַ לעפּיערעכדיקע גינס-
טיקע לאַגע פאַרן קעפּל פונעם אַרבעטער-קלאַס. אָט מיט די אַלע שטריכן האָט
זיך אויך אויסגעצייכנט די אַרבעטער-באַוועגונג גופע פון ענגלאַנד, אַלס מאַסן-
אָרגאַניזירטע, פון איין זייט, אַלס קאָנסערוואַטיווע, וואָס שלעפּט זיך נאָך נאָך
דער ליבעראַלער פּאָליטיק, פון דער אַנדערער זייט. אינם רייכן ענגלאַנד,
אין אָט דעם „אינדוסטריעלן וואַרשטאַט פון דער וועלט" האָט די אַרבעטער-
פּניי זיך אנטקעגנגעשטעלט דעם גאַנצן איבעריקן קלאַס מער, איידער ערגעץ
אַנדערש וואו, און דער אַרבעטער-קלאַס גופע איז אין די באַדינגונגען פון
דער פרידלעכער אַנטוויקלונג פונם לאַנד פאַרבליבן אַ טראַדיציאָנעל-קאָנסער-
וואַטיווע מאַסע אין דער גאַנצער נאָך-טשאַרטיסטישער עפּאָכע. האָגאָם די אינ-
דוסטריעלע קריזיסן פון די יאָרן 1874—1883, וואָס האָבן גורעם געווען די
פאַרערגערונג פון דער לאַגע פון די אַרבעטער, האָבן געבראַכט צו אַ נייעם שטראָם
פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, צום אַזויגערופענעם „נייעם יוניאָניזם", וועלכער
שפּייזט זיך מיט דער סאָציאַליסטישער דאָקטרין, איז דאָך קיין קלאַסן-אויסגע-
האַלטענע פּאַרטיי ינם קאָנטינענטאַלן זינען, אין ענגלאַנד ניט געווען. צום
1881-טן יאָ אַציט זיך די אָרגאַניזירונג פון דער דעמאָקראַטישער פעדע-
ראַציע ע־כע איז אין 1884-טן יאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ס.-ד. פעדע-
ראַציע; אָבער באַ איר גאַנצער סאָציאַליסטישער אויסגעהאַלטנקייט, האָט זי
ניט געקאָנט ווערן קיין מאַסן-פּאַרטיי. זי האָט ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט די

פֿאַרבינדונג צווישן דעם קאַמף פֿארן ענדגילטיקן ציל און דער פּראָגראַם-מיני-מום. זי האט געהאלטן די טרעיד-יוניאָנס פאר קאָנסערוואַטיווע אָרגאניזאציעס און האט אָפּגעלייקנט די נויטיקייט צו אַרבעטן אין זיי. דעריבער איז זי אין די ענגלישע באַדינגונגען געוואָרן אַ קליינע גרופּע. די צאָל מיטגלידער אירע האט אין 1894-טן יאָר באַטראָפן 5.000 מאַן אין 1900-טן יאָר—9.000 מאַן. די צאָל שטימען צוּ די וואַלן האט אין 1892-טן יאָר דערגרייכט 659. און 1906-טן יאָר — ביז 22.000. אין 1907-טן יאָר האט זיך די פעדעראַציע גענומען אָנרופן ס.-ד. פּארטיי און, צונויפגיסנדיק זיך אין 1911-טן יאָר מיט אַ טייל



ר. מאַקדאָנאַלד



קייער-האַרדי

פון דער „אומאָפּהענגיקער אַרבעטער-פּארטיי" האט זי געשאַפן די „בריטישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי".

אין 1884-טן יאָר ווערט געשאַפן די פאַביאַנישע סאָציאַליסטישע געזעל-שאַפט, וואס שטעלט זיך דעם ציל צו אַגיטירן און פּראָפּאַגאַנדירן די סאָציאַ-ליסטישע אידייען אינם גייסט פון רעפאָרמיזם. (דאָקומענטן און מאַטעריאַלן נומערן 21, 22, 23, 24 און 25). די פאַביאַנער שטייען פאר דער פאַרברייטע-רונג פון די פונקציעס פון דער מעלוכע, פאַרן פּראָטעקציאָניזם. בעאייס דער בורער מילכאָמע זיינען זיי אינם לאגער פון די אימפּעריאַליסטן. אָט די אינ-

טעליגענטישע ליבעראלע ריכטונג האט קיינמאָל ניט געהאט הינטער זיך קיין אַרבעטער. אינם געביט פון טעאָריע לייקענען זיי אָפּ מאַרקס טעאָריע וועגן אַרבעט-ווערט און דעם קלאסן-קאַמף, און האבן אין אויג די פארניכטונג פון רענטע.

די סאָציאַליסטישע אַגיטאציע האט געהאט נאך דערפאר אַ גרעסערן ער-פאָלג, וואס זי האט פארכאפּט און געבראכט זיין באוועגונג נייע שיכטן פון פּראָלעטאריאַט — די ניט-קוואליפיצירטע מאַסן. די פירער פון דעם נייעם יוניאָ-ניזם, בערנס, טאָם מאַן און אנד. מיטגלידער פון דער סאָציאַל-דעמאקראטי-שער פעדעראציע, האבן זיך גענומען אָרגאניזירן נייע שיכטן ניט-קוואליפיצירטע אַרבעטער — דאָק-אַרבעטער, גאַז-אַרבעטער און אַנד. די געלונ-גענע שטרייקן, וואס זיינען צווישן זיי דורכגעפירט געווארן אין 1889-טן יאָר, האבן אויפגעטרייסלט די מאסן און האבן געמאכט אַן איינבראָך אין דער וואַנט פון דער אלטער אַריסטאָקראַטישער אָרגאניזאציע פון די יוניאָנס. די נייע ניט-קוואליפיצירטע מאַסע האט געבראכט מיט זיך נייע מעטאָדן פון קאמף, אַ נייעם פארשטיין פון די פּראָבלעמען. אנשטאָט דעם אַלטן צעכאָוון שמאָלן פּרינציפּ פון אָפּגעשלאָסענע פאריינען צווישן די הויכקוואליפיצירטע אַרבעטער איז געקומען אַ נייער פּרינציפּ פוןברייטן געבוי פון די פאריינען. דער קאמף פאר דעמאָקראטיזאציע פון די פאַריינען, פאר נידעריקערע מיטגליד-אָפּצאָלן איז כאראקטעריסטיש פאר דעם נייעם יוניאָניזם. אנשטאט דער אלטער אויפגאבע פון אָפּהיטן די שמאָל-צעכאָווע אינטערעסן שטעלט אַרויס דער נייער יוניאָניזם די ברייטע אינטערעסן פון דעם גאנצן אַרבעטער-קלאַס.

אין אָט דעם פּראַט איז זייער אינטערעסאנט צו פארגלייכן די סטאטוטן פון די אַלטע און נייע פאריינען (זע דאק. און מאט. נומער 25). דער נייער יוניאָניזם האט אנדערש אָפּגעשאצט, סאַי די סיסטעם פון קעגנזייטיקן הילף, וואס האָט פארנומען דעריקער אָרט אינם אַלטן פאריין, און סאַי דעם שטרייק, אלס קאמף-מעטאָד.

אין 1893 יאָר איז אונטער דער אָנפירונג פון קעיר-האַרדי גע-שאַפן געוואָרן די אומאפהענגיקע ארבעטער-פּאַרטיי, אלס די שטרעבונג פון אַ טייל סאָציאַליסטן צו שאַפן א מאַכן-פּאַרטיי. פון דער ס.-ד. פעדעראציע האָט זיך די אומאָפּהענגיקע אַרבעטער-פּארטיי (א. א. פּ.) א נטערשיידט הויפּט-זאכלעך מיט איר אָפּשאצן די טרעד-יוניאָנס און מיטן אָפּאָרטוניסטישן כאראק-טער פון איר פּאָליטיק. צופּאַסנדיק זיך צו די באַציאונגען פון דער אנטוויק-לונג פונם לאנד און צום קאָנכערוואטיזם פון דער ענגלישער אַרבעטער-מאַסע, פלעגט די א. א. פּ. אויסמיידן אוועקצושטעלן די פראגן פון רעוואָלו-ציע און קלאסן-קאמף. אויסדריקנדיק אָט די שטימונגען, האָט איר לידער ר. מאקדאָנאלד אין 1906 יאָר געשריבן: „די צוקונפט פון דער אַרבעטער-פּארטיי הענגט אָפּ פון דעם, אין וואָסער מאָס זי וועט קלאָר מאַכן זיך און דער געזעלשאפטלעכער מיינונג אירע פּרינציפּן. אויב זי וועט זיך באגרענעצן

בלויז מיט דעם, וואָס זי וועט זיין א פּאַרטיי פון איין קלאס אָדער פון די טרעד-יוניאָנס, אָדער וועט זיך פּאַרוואַנדלען אין דער באַוועגונג פון א קלאַס, וואָס לעבּט בלויז פון פיזישער אַרבעט, וועט זי ווערן שוואַכער און וועט פארשוואונדן ווערן", דער אפּאַרטוניזם פון דער א. אַ. פּ. האט מיטגעהאָלפן אירע פּאַרלאַמענטאַרישע ערפאָלגן. די צאָל מיטגלידער אירע האָט צום 1912 יאר באַטראָפן 40.000 מאַן.

נאָך דאס וויכטיקסטע אין דער נייער באַוועגונג איז באשטאַנען דערין, וואָס זי האָט אוועקגעשטעלט אפן טאג-סיידער די נויטיקייט צו ארגא- ניזירן א, אייגענע ארבעטער-פּאַרטיי. ביז דאן פלעגן די יוניאנס אָנקומען צו דער הילף פון פרעמדע פּאַרטייען: ליבעראלן און קאנסערוואַטאָרן, אונטערשטיצנ- דיק אמאל די אמאל יענע. אפן קאנגרעס פון די פּראפעסיאַנעלע פאריינען אין 1899 יאר איז באשלאסן געווארן צו שאפן א באַזונדערע ארבעטער- פּאַרטיי, וואס איז דעם קומענדיקן יאר טאקע געשאפן געווארן און האט אויסגעטיילט אַ „קאמיטעט פון דער ארבעטער-פאַרטרעטערשאפט" (זע דאק. און מאט. נומער 24).

האגאם אין ענגלאנד זיינען צום אנהויב יארהונדערט געווען דריי זעלבשטענדיקע פּראקציעס פון פארשיידענע שאטירונגען פון דעם סאציאַליס- טישן געדאנק, אבער קיין מאסן-פּארטייען זיינען זיי קיינמאל ניט געווען. ערשט נאכדעם, ווי עס איז געשאפן געווארן די „ארבעטער-פּארטיי", אט די אייגנארטיקע פּאָליטישע אָרג ניזאציע אפן יעסוד פון זעלבשטענדיקע יוניאנס, קאָאָפּעראַטיוון און סאציאַליסטישע גרופּעס, קריגט די סאציאַליסטישע באווע- גונג אין ענגלאנד א מאסן-כאראקטער. אין 1913 יאר ציילט די ארבעטער- פאַרטיי 1.880.000 מיטגלידער און אין 1906 יאר פירט זי דורך בא די וואלן אין פּאַרלאַמענט 29 דעפּוטאטן. אַף די קומענדיקע וואלן פאַרגרעסערט זיך די צאל קאנדידאטן אירע ביז 42. בּיכלאל איז די פּראגראם פון דער ארבע- טער-פּארטיי געווען דורכגעדרונגען מיט ליבעראליזם און האט זיך איבעריקס ניט אויסגעצייכנט מיט איר סאציאַליסטישקייט, און נאכדעם, ווי זי איז געווארן א גרויסע פּאַרלאַמענטישע פּאַרטיי, איז זי געווארן א זייל פון דעם אפּאַרטו- ניזם און ליבעראליזם. איר טאקטיק האט זיך געווענדט אַן די שטימונגען פון טרעד-יוניאָנס.

די כוואלע פון דעם נייעם יוניאניזם אין די 90-ער יארן, וואס מיר האָבן דא פאַרצייכנט, האט אין אלגעמיין ווינציק וואס געענדערט דעם כא- ראקטער פון דער ענגלישער ארבעטער-באַוועגונג. די אייגנשאפטן, וואס צייכענען זי אויס, — דעהאינע, דער לאנגזאמער ארגאנישער וואוקס און די צופאסעוודיקייט צו די באדינגונגען, פריער פון דער מאנאפּאַליסטישער, און נאכדעם פון דער אימפּעריאליסטישער אנטוויקלונג פון ענגלאנד, זיינען געבליבן די אלטע. עס האבן געמוזט קומען גרויסע אויפטרייסלונגען, קעדיי די אלטע יוניאן-וועלט זאל זיך נעמען רירן. דער איבערבראך איז געקומען

אין אנהויב פון 20-טן יארהונדערט. די יארן 1911—1913—1911 זיינען וועג-צייכנס פון דער נייער באוועגונג אין די טרעד-יוניאָנס. די שטרייק-כוואליע, וואס האָט זיך אנגעהויבן אין 1911 יאר מיט דעם גראנדיעזן שטרייק פון די טראנספארט-ארבעטער, איז געווען א נייע דערשיינונג, סאי לויטן פארנעם, סאי לויט די מעטאדן. אנגעהויבן זיך איבער די קעפ פון די פירער, האט זי באוויזן די מאכט פון דעם פראלעטאריאַט און די קראפט פון דעם דירעקטן דרוק פון א שטרייק. דידאזיקע שטרייק-כוואליע האט אבער אויך באוויזן די אָרגאניזאַציאָנעלע שוואכקייט פון דער באוועגונג און האט צום ערשטן מאל פראקטיש אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן דער קאנצענטרירונג פון דעם פראפעסיאנעלן קאמף, פאריייניקנדיק און פעדערירנדיק קרויוישע פאריינען. די באוועגונג פאר דער רעארגאניזאציע פון די פאריינען פון דעם שמאלן יעסאד פון צעכן ביז די ארבעטער פון דער גאנצער פראדוקציע — הויבט זיך אן פון אט דעם פעריאד. דער קאנגרעס פון די טרעד-יוניאנס אין ניו-קאסטל אין סענטיאבער 1911 יאר דעקלארירט צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דער באוועגונג די נויטיקייט צו רעארגאניזירן די פאריינען לויט דעם פראדוציר-פרינציפ. ווי דער פראקטישער פויעל-יוצע פון דערדאזיקער באוועגונג איז געקומען די פעדעראציע פון דריי מעכטיקע פאריינען: דעם נאציאנאלן פאריין פון די באן-ארבעטער, דער פעדעראציע פון די בארג-ארבעטער פון גרויס-בריטאניע און די פעדעראציע פון די טראנספארט-ארבעטער, און עס איז געשאפן געווארן דער „דריי-אפמאַך", וואס ציילט ביז $1^1/_2$ מיליאן מיטגלידער. דידאָזיקע באוועגונג איבערצובויע די פאריינען בעהעסקעם מיט די נייע באדינגונגען פון דעם קאנצענטרירטן קאפיטאל האט געבראכט אויך צו דער באשאפונג פון א פעדעראציע פון דעם נאציאנאלן פארבאנד פון די באן-אַרבעטער, פון די ארבעטער פון דער מאשינבוי-אינדוסטריע, דער גרויס-בריטישער פעדעראציע פון די בארג-ארבעטער און א גאנצער ריי זעלבשטענדיקע צעכן-פאריינען, וואס האבן ביז דאן געפירט א סינע צווישן זיך.

אָבער ניט געקוקט אף די אלע ענדערונגען האט זיך דער גייסט פון דער ענגלישער ארבעטער-באוועגונג ווינציק וואס געענדערט, און זי איז געבליבן שטיין ווי אמאל אפן באדן פון קאפיטאליסטישע באציאונגען.

## דער 2-טער אינטערנאציאָנאל

די צעפאַלונג פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאל האָט ניט גוירעם געווען קיין צעפאַלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג. זי איז געבליבן לעבן און האָט זיך אַנטוויקלט אין די גרענעצן פון נאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען, האָט די גאַנצע צייט אלץ געמאַכט פרואוון פון א נייער אינטערנאַציאָנאַלער פאַריייניקונג, אָנהויבנדיק פון דעם אלוועלטלעכן סאָציאליסטישן קאָנגרעס אין זשענעווע. דידאָזיקע איינצלנע פרואוון צו פאַרווירקלעכן

די פּראָלעטארישע סאָלידאַרישקייט האָבן זיך, לעסאָף, איינגעגעבן אין 1889 יאָר אָפּן פּאַריזער קאָנגרעס. די באַדינגונגען אָבער, בײַ וועלכע עס איז פאַרלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דעם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל, זיינען געווען גאָר אַנדערע, אין פאַרגלייך מיטן ערשטן. די אַרבעטער-באַוועגונג פון אַלע לענ-דער האָט דורכגעמאַכט היפּשע עטאַפּן, פון אַ שמאָל-סעקטאַנטישן ביז אַ ברייטן מאַסן-כאַראַקטער, אין דער געשטאַלט פון זעלבשטענדיקע סאָציאַליס-טישע פּאַרטייען, פּראָפעס אָנעלע פאריינען און קאָאָפּעראַציעס, וואָס האָבן געקראָגן אַ גרויסע קראַפט. אין זייער סוויווע איז געוואקסן און האָט זיך געשטאַרקט אַ רעפאָרמיסטישער פליגל. (מאט. און דאָק. נומ. 26).

פון דער אַנדערער זייט, האָט די אימפּעריאַליסטישע נאַטור פון דער מעלוכע פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל אָביעקטיוו געשטעלט פאַר דעם ניי-געשאפענעם אינטערנאַציאָנאַל נייע פּראָבלעמען בענוגייע דער אָנפירונג מיט דער ארבע-טער-באַוועגונג.

דער ערשטער פּעריאָד אין דעם לעבן פון דעם אינטערנאציאָנאַל, אָן ערעך ביז דעם אמסטערדאַמער קאָנגרעס (1904 יאָר), איז געווען די צייט פון זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער אויספאָרמירונג און דער איינשטעלונג פון די יעסוי-דעס פון זיין פּאָליטיק. האָבנדיק אין זינען די דערפאַרונג פון דעם 1-טן אינטערנאַציאָנאַל, האָט מען געמוזט באַשטימען די פּאַרטייאישע גרופּירונגען, וואָס אַף זיי האָט געקאָנט אויסוואקסן די אינטערנאציאָנאלע פאריייניקונג. דער בריוסעלער קאָנגרעס (1891 יאָר) האָט אַרויסגעשטעלט צוויי גרונט-טנאים: אנערקענען די נויטיקייט פון פּאָליטישן קאַמף און די אָרגאניזירונג פון אַרבעטער-קלאַס. דער ציוריכער קאָנגרעס (1893 יאָר) האָט באשטעטיקט דידאָזיקע האַנאָכע, און די באשלוסן פון דעם לאָנדאָנער (1896 יאָר) און פּאַריזער (1900 יאר) קאָנגרעס האָבן עס נאָך פינקטלעכער אויסגעטייטשט. (זע דאק. און מאט. נומער 27 און 28) דורך דעמדאָזיקן באַשלוס האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאל אָפּגעגרענעצט פון די אנארכיסטישע גרופּעס, און איז פון אָנהויב אָן געווען אַ פּאַרייניקונג פון סאָציאַליסטן — מעלוכע-אָנהענגער. אויסשליסנדיק פון זיין סוויווע די אַנאַרכיסטישע און סינדיקאַליסטישע עלע-מענטן, האָט דער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל צוגלייך מיט דעם איינגעשלאָסן אין זיין באַשטאַנד די צעקראָכענע אָפּאָרטוניסטישע גרופּירונגען, וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט קיין באַשטימטן קלאַסנבאַוואוסטזיין, אָדער וואָס זיינען ניט געווען קיין קלאסן-אויסגעהאַלטענע. צוגלייך מיט די מאַרקסיסטן געפינען מיר אין זיין באַשטאַנד פּאָרשטייער פון די ענגלישע טרעיד-יוניאָנס, די ענגלישע אַרבעטער-פּאַרטיי („לעיבאָר פּאַרטיי”), די רוסישע עסערן און אנדערע. דער-דאָזיקער אומשטאַנד (דאָס פּאַרברייטערן זיין אָרגאַניזאַציאָנעלע באַזע אָפּן כעשבן פון די אָפּאָרטוניסטישע גרופּן און דאָס אָריענטירן זיך אָפּן רעכטן פליגל פון דער ארבעטער-באַוועגונג) האָט געהאַט אַ פּאַטאַלע באַדייטונג פאַרן אינטערנאַציאָנאַל.

פון אָנהויב איז די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונג איינגעשטעלט געוואָרן אין דער פאָרם פון קאָנגרעסן. אָבער שוין אַפן פאַריזער קאָנגרעס איז מען געקומען צו דער נויטיקייט צו פאַרשטאַרקן דידאָזיקע פאַרבינדונג, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שטענדיקע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ, וואָס זאָל זיך געפינען אין בריוסעל (זע דאק. און מאַט. נומער 27) די ביוראָ בעראָש מיט אַ גענעראַל-סעקרעטאר איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון פאַרשיידענע לענדער (ביז 25), און די אויפגאַבע אירע איז געווען — צוגרייטן די קאָנגרעסן, שטודירן פאַרשיידענע פראַגן אין פאַרבינדונג דערמיט, אינפאָרמירן פאַרשיידענע לענדער וועגן דעם צושטאַנד פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, זאַמלען די נויטיקע מאַטעריאַלן און ד. גל. דער קאָנגרעס האָט שעמעוודיק פאָרמולירט די אויפגאַבן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ בענויגייע דער דירעקטער אָנפירונג מיט דער באַוועגונג, באַגרענעצנדיק דידאָזיקע פירערשאַפט מיט אָנעמען מיטלען צו פאַרגרינגערן בעשוטפעסע אקציעס און די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט".

לויט א באַשלוס פון דעמזעלביקן קאָנגרעס איז בא דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ אין 1904 יאָר געשאַפן געוואָרן א צווישן-פּאַרלאמענטישע קאָמיסיע פון די פאַרלאַמענטישע טוער פון די סאָציאַליסטישע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, „קעדיי גרינגער צו מאַכן בעשוטפעסע אקציעס וועגן וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן". אזוי איז דער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל באַ דער פאָרמולירונג פון זיינע אויפגאַבן ניט אַרויס פון די גרענעצן פון קעגנזייטיקער אינפאָרמאציע און קאָאָרדינאַציע פון די אינטערנאַציאָנאַלע אנשטרענגונגען פון דעם אַרבעטער-קלאַס. די קאָנגרעסן זיינע זיינען פאַרוואנדלט געוואָרן אַלץ מער און מער אין אן אָרט פון פייערלעכע באַגעגענישן פון די פאָרשטייער און פירער פון דער ארבעטער-באַוועגונג. אין צענטער פון אויפמערקזאמקייט איז געווען ניט אַזוי דער אינטערנאַציאָנאַל, אלס אנפירנדקער ארגאן, ווי די נאַציאָנאַלע אַרבעטער-באַוועגונג. אָט פאַרוואָס מע האָט געלאָזן פאַר די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וואָס זיינען אין אים אַריין, די ברייטסטע אווטאנאמיע, אַפילע אין אויסאַרבעטן א זעלבשטענדיקע טאַקטיק, וואָרום נאָר „אָט די אָרגאַניזאַציעס זיינען די בעסטע מעווינים אין די טאַקטישע פראַגן אין זייער לאַנד" (זע דאק. און מאַט. נומ. 29).

עס לוינט בלויז צו פאַרגלייכן דעם סטאַטוט פונם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס האָט אָנגענומען (אין 1907 יאָר), ד. ה. אין 18 יאָר ארום נאָך דער גרינדונג פונם אינטערנאַציאָנאַל, מיטן סטאַטוט פונם 1-טן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס ק. מאַרקס האָט מיט אים דירעקט אָנגעפירט, קעדיי גלייך פעסטצושטעלן די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציאָנעלע יעסוידעס. אויב דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געבויט אַפן גרונט פונם דעמאָקראַטישן צענטראַליזם, איז דער צווייטער — אַפן פרינציפּ פון אַווטאָנאָמיזם. אי-

דער אויפֿן פֿון אויפֿנעמען אינם אינטערנאַציאָנאַל דורך דער נאַציאָנאַלער סעקציע (דער 2-טער פּונקט פֿון סטאַטוט), אי דער אויפֿן פֿון שטימען (פּונקט III, א), אי די קאָנסטרוּאירונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ גופֿע (פּונקט IV) — אָט דאָס אַלץ איז אַרויסגעדרונגען פֿונם ניט וועלן באַגרענעצן דאָס רעכט פֿון די פֿאַרשיידענע פּאַרטייען אָדער פֿון די נאַציאָנאַלע סעקציעס, פֿונם אנערקענען זייער אַווטאָנאָמישקייט. דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּרינציפּ האָט זיך פֿולשטענדיק געבונדן מיט די באַגרענעצטע אויפֿגאַבן אינם געביט פֿון אינטערנאַציאָנאַלער אַקציע, וועלכע דער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל האָט פֿאַר זיך געשטעלט. און צוזאַמען מיט דעם האָט ער געבראַכט צו דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן אינם אינטערנאַציאָנאַל גופֿע, אַף וויפֿל ער האָט זיי באַם וואַקסנדיקן און פֿעסטווערנדיקן אָפּאָרטוניזם אין די נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, אליין געלאָזן לייזן די שטרייטן מיט די לינקע גרופּן און אויסאַרבעטן זייער טאַקטיק. באַ אַזאַ לאַגע פֿלעגן די רעזאָלוציעס און באַשלוסן פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין בעסטן פֿאַל אין פֿיל-ריידנדיקע דעקלאַראַציעס.

די אַנטוויקלטע אַרבעטער-באַוועגונג האָט געשטעלט אָפֿן טאָג-סיידער די פֿראַגן פֿון איר אינטערנאַציאָנאַליזירונג, פֿון ריכטן זי אין איינאַרטיקע פֿאָרמען מיט געמיינשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבן. קלאָר מאַכן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס, די פֿאָרמען פֿון זיין אָרגאַניזאַציע און קאַמף, פֿאָרמולירן די אַלגעמיינע צילן און די פּרינציפּיעלע טאַקטישע ליניע, — דאָס אַלץ האָט ניט איינמאָל געצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די קאָנגרעסן. שוין דער ערשטער פּאַריזער קאָנגרעס, האָט באַטראַכטנדיק די פֿראַגע וועגן דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, אנערקענט, אַז עס איז נויטיק צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, „וואָס גייט ניט אַף קיין קאָמפּראָמיסן מיט אנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען... און שטרעבט צו דערווערבן די פּאָליטישע מאַכט אָפֿן באָדן פֿון דער פּאַראַ נענער אָרדענונג" (זע דאָק. און מאַט. נומער 30). די פּאָליטישע פּאַרטיי פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס דאַרף זיין איינע אין לאַנד, ווי איינהייטלעך עס איז דער פּראָלעטאַריאַט (באַשלוס פֿון דעם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס). הגאַנץ דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט פֿאַרשמעלט דעם פֿאַרנעם פֿון דעם פּאָליטישן קאַמף „און אונטער פּאָליטישע אַקציעס האָט ער פֿאַרשטאַנען דעם קאַמף, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אַלערליי פֿאָרמען פֿון זיין אַנטפֿלעקונג", דאַך האָט ער אָנגענומען, דעריקער, אַ פּאַרלאַמענטישע פֿאָרם. אָבער די אויפֿגאַבן פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט זיינע פּאָליטישע אַקציעס אַליין. „דער עקאָנאָמישער און סינדיקאַלער קאַמף פֿון די אַרבעטער איז נויטיק, קעדיי צו ברעכן די מעכטיקייט פֿון דעם קאַפּיטאַל". דעריבער פֿלעגן די קאָנגרעסן שטענדיק אַרויסזאָגן זיך פֿאַר דער נויטיקייט צו אָרגאַניזירן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען און קאָאָפּעראַטיוון און פֿעדעראַציעס פֿון זיי, אין

נאַציאָנאַלע גרענעצן און אויך אין אינטערנאַציאָנאַלע (זע דאָק. און מאט. נו־מער 31). דער רעזולטאַט פון אַט די באַשלוסן, דעריקער פון דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס, איז געווען, אַז עס זיינען אייגעשטעלט געוואָרן רעגולערע קאָנ־גרעסן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און דערנאָך איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויך אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען צווישן באַזונדערע פאַריינען אין דער פאָרם פון אינטערנאַציאָנאַלע פאַריינען מיט גענעראַל־סעקרעטאַרן און אויך אַן אַלגעמיי־נער צענטער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (דער אינ־טערנאַציאָנאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען). אין זיין רעזאָלוציעס פלעגט דער אינטערנאַציאָנאַל אונטערשטרייכן די נויטיקייט פון אַ פאַרבינדונג צווישן דעם סינדיקאַלן קאַמף און די פּאָליטישע אַקציעס. „אָרגאַניזירנדיק די אַרבעטער, באַשאַפן פון זיי די סינדיקאַטן אַ פּאָליטישן קויעך". אָבער די סינדיקאַטן קאָנען נית פאַרניכטן די פּאָליטישע עקספּלואַטאַציע, וואָס וועט געבראָכן ווערן „נאָר בא דעם טנאַי, ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט פאַרמאָגן די פּאָליטישע מאַכט" דערפון נעמען זיך די פּאָליטישע אויפגאַבן פון דער סינדיקאַלער באַוועגונג.

קעדיי צו דעמאָנסטרירן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס, האָט דער פּאַריזער קאָנגרעס, לויטן פאָרשלאָג פון דער אַמעריקאַנער אַרבעט־פעדעראַציע, באַשטימט צו פייערן דעם 1־טן מאַי. אין דעמדאָזיקן טאָג דאַרפן „די פּראָלעטאַריער אין אַלע לענדער און אין אַלע שטעט" אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון א 8־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג, מאַני־פעסטירן זייער אייניקייט. אויפן בריוסעלער קאָנגרעס האָט מען צו די לאָזונגען וועגן אַן 8־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג צוגעגעבן די פאָדערונגען צו „רעגלאַמענטירן די אַרבעט און אַלוועלטלעך פאַרשטאַרקן דעם פּראָלעטאַריאַט אין זיין שטרע־בונג איינצושטעלן שאָלעם צווישן די פעלקער". דער בריוסעלער קאָנגרעס האָט באַשטימט אויך די פאָרם פון דעדאָזיקער דעמאָנסטראַציע — אַ שטרייק (זע דאָק. און מאט. נומער 32).

## דער אָפּאָרטוניזם אין די רייען פונם 2־טן אינטערנאַציאָנאַל

פאַר דער צייט, וואָס דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל האָט עקזיסטירט האָבן זיינע קאָנגרעסן נית איינמאָל פאַרנומען זיך מיט איינשטעלן די טאַקטישע יעסוידעס פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דער אָפּאָרטוניזם און רעוויזיאָניזם האָבן אַלץ מער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. די „מאַיסע מיליעראַן" אין פראַנקרייך האָט באַוויזן, ווי ווייט דער אָפּאָרטוניזם קאָן דערגיין. דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט געמוזט באַזונדער רעאַגירן אויף אָט דעם קאָנקרעטן פאַל. אויפן פּאַריזער קאָנגרעס (1900 יאָר) איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן דעם אַריינטרעטן פון די סאָציאַליסטן אין אַ בורזשואַזער רעגירונג (זע דאָק. און מאט נומער 33). אויפן קאָנגרעס, דערהויפּט אין די קאָמיסיעס, האָט זיך צעפלאַקערט

א פארביטערטער קאמף צווישן די רעוויזיאָניסטן און מאַרקסיסטן. איבער דערדאָזיקער פראגע האָבן פיגורירט צווי רעזאָלוציעס — געדס און קאַוטסקיס. און האַגאַם די אָנגענומענע רעזאָלוציע האט גערעדט וועגן „פּאַרוועגן קאָלערליי פּאַרייניקונגען מיט קיין שום פראקציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאפט" און האט געהאלטן „דאָס אַריינטרעטן פון אַן איינצלנעם סאָציאליסט אין אַ בורזשואזער רעגירונג פאַר אַן אומנאָרמאַלע דערשיינונג", פאר אַ געצוואונגענעם, צייטווייליקן און אויסנאַם-מיטל, און, אינגאַנצן גענומען, האָט דאס באַטייט, אז די מאַרקסיסטן האבן געזיגט, האט אבער די הויפּאָפּע צו אט די האַנאָכעס, אַז די ענדגילטיקע לייזונג פון דער פראַגע ווערט איבערגעגעבן צו די נאַציאָנאַלע ארגאַניזאַציעס, געמאכט דעם גאַנצן ניצאָכן צו נישט. די גאַנצע רעזאלוציע איז געווען פאָרמולירט אין אזעלכע ניט קלאָרע אויסדריקן, אז אומקערנדיק זיך אין פראנקרייך, פלעגן די מיניסטעריאַליסטן און זשאָרעסיסטן זיך אַף איר פּאַרופן, קעדיי צו באַרעכטיקן זייער טאַקטיק. פון דעם קאָנגרעס האָט זיך געפּאָדערט א קאָנערעטער ענטפער, קעדיי צו פארמישפּעטן דעם פאַל מיט מיליעראַנען. ער האָט אבער געפונען פאַר בעסער אויסצומיידן דירעקט דעמדאזיקן פאַקט.


ע. וואנדערוועלדע

אט פּאַרוואָס די געדיסטן זיינען געווען געצוואונגען איבעראַנייס אויפצוהייבן די פראגע וועגן דער טאַקטיק פון דער פארטיי אַפן אַמסטערדאַמער קאָנגרעס (1904 יאר), היינטיקן מאל אַף דער אַלגעמיינער פלאַך פון קאמף מיטן אפּאָרטוניזם. די אינטערנאציאָנאַלע אפּאָרטוניסטן בעראָש מיט שאָרעסן, פאָלמארן, בערנשטיינען און אנד. האָבן דריי טעג געקעמפט אין דער קאָמיסיע. די באַהאַלטענע אונטערהעלפער פון זשארעסן — וואַנדערוועלדע און אַדלער, האָבן געוועזט געפּרואווט דורך אַן אויסבעסערונג, וואָס זיי האבן אריינגעטראָגן, פארגלעטן די גאנצע שארפקייט פון דער דרעזדענער רעזאלוציע פון דער דייטשישער סאָציאל-דעמאקראטיע, וואס די געדיסטן האבן פארגעלייגט אָנצונעמען. דער קאָנגרעס האט פּאַרמישפּעט די רעוויזיאָניסטן און האט אונטערגעשטראָכן, אז „די קלאַסן-סטירעס ווערן ניט אָפּגעשוואַכט,

פארקערט, זיי ווערן אַלץ שאַרפער און שאַרפער", אין די ס.-ד. קאָן ניט שטרעבן צו באַטייליקן זיך אין דער רעגירונגס-מאַכט אין די גרענעצן פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט" (זע דאק. און מאט. נומער 34). די וויקוכים וועגן דערדאָזיקער פראגע האבן באוויזן, אַז אין אינטערנאציאנאל גופע זיצן א היפשע צאָל אָפּאָרטוניסטן. אז די פירער זיינע, די אזויגערופענע „צענטריסטן" (קאוטסקי, האאזע), פארמאָגן ניט גענוג אַנטשלאָסנקייט אין קאַמף מיטן רעוויזיאָניזם און באציען זיך צו אים טאָלעראַנט.

אין דער פּראַקטיק האט זיך דער רעוויזיאניזם איינגעלעבט מיטן פאַפּירענעם ראַדיקאַליזם פון די צענטריסטן. שיצנדיק קוידעמקאָל די גאנצקייט פון דער פאַרטיי, האבן זיי מוירע געהאט פאַר יעדער שפּאלטונג, פאר יעדער קלאָרע און שאַרפע אַקציע, וואָס פירט צו אָפּגרענעצונג. כאַראַקטעריסטיש איז פאר די פירער פונם צווייטן אינטערנאציאנאַל זייער באַציאונג צום קאַמף פון די רעוויזיאָניסטן און מאַרקסיסטן אין די ראַמען פון די נאציאָנאלע פאַרטייען. שטעלנדיק העכער פון אַלץ די פאָרמעלע איינקייט, אינטערעסירט זיי ווייניק דער פּרינציפּיעלער קאמף. אט פאַרוואס, די אינטערנאציאָנאלע קאָנגרעסן, ניט געקוקט אַפן היסטאָרישן שטרייט פון די געדיסטן און זשאָרעסיסטן אין פראַנקרייך, פון די מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס אין רוסלאנד, „רופן אלע נאציאנאַלע סעקציעס, וועלכע געפינען זיך האַדאַיעם אין צושטאנד פון צעשפּאַלטונג, וואָס שנעלער אויפשטעלן די איינהייט", ווי עס שטייט אין דער רעזאלוציע פונם קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס (זע דאק. און מאט. נום. 35). די פירער פונם אינטערנאַציאנאַל קוקן אף די אינטערנאַציאָנאלע קאנגרעסן ניט ווי אַף אַן אָרגאַן, וואו עס ווערן איינגעשטעלט די קלאָלים פון דער פּראָלעטאַרישער פאליטיק, נאר ווי אף פאַראַד-פאַזאמלונגען, וואו מען טוישט זיך מיט קאָמפלימענטן און מע טאָר קיינעם ניט באליידיקן. מיט איינינקע טעג ביזן אמסטערדאמער קאנגרעס, וואו עס האט געדאַרפט געלייזט ווערן די פראַגע: — מיט די רעוויזיאָניסטן אָדער קעגן זיי, האט פ. אַדלער געשריבן אין דער „אַרבעטער-צייטונג": „לויט אונזער מיינונג וואָלט דער קאנגרעס געדארפט אויסמיידן די פּרוואוון איינצושטעלן א טאַקטישן קלאַל אינם שמאָלן זין פון אט דעם טערמין. בא יעדן פּרואוו אזוינעם וואלט אים אומפאַרמיידלעך געדראָט די געפאַר איינצושטעלן אדער צו שמאלע אדער צו ברייטע קלאָלים. דער אינטערנאציאָנאַלער קאָנגרעס קאן און דאַרף פאַרברייטערן אונזער שטאַנדפּונקט, פאַרפעסטיקן אונזער ענערגיע און אונזער גלויבן אינם זיג, אבער ער האט ניט די מעגלעכקייט צו אָנפירן מיט אונז". און וואַנדערוועלדע, דער געוועזענער-סעקרעטאר פונם אינטערנאַציאָנאַל, אזוי ווי אויסדריקנדיק די אַלגעמיינע שטימונג, האָט געשריבן אינם אָרגאַן פון דער האָלענדישער פאַרטיי אינם טאג, ווען עס האט זיך געעפנט דער קאָנגרעס: „געוויסע זאַכן דארפן מעזאגט ווערן, געוויסע קלאָלים קאָנען איינגעשטעלט ווערן. אבער לויט אונזער מיינונג וואָלט זיך דער קאנגרעס פארנומען מיט א פּרוכטלאָזע און געפערלעכע

ארבעט, אויב ער וואלט א טראַכט געטאָן אונטער דער פאָן פון דעקלאַרירן פרינציפּן צו לייזן קאָנפליקטן, וואס צעטיילן אין פאַרשיידענע לענדער די סאציאַליסטן און וואס דערפירן זיי אפילע צו אַ שפּאַלטונג. מיר זיינען דאָך ניט קיין בוירערים-געריכט, נאך ווייניקער קיין אינקוויזיציע". אזא פסיכאָלאָגיע האט געגעבן די מעגלעכקייט ניט בלויז צו פאַרדעקן די אָפּאָרטוניסטן, נאר אויך אונטערצושטיצן זיי דאַן, ווען עס פלעגט זיך פראַקטיש לייזן די פראַגע, מיט וועמען צו זיין: מיט די אָפּאָרטוניסטן אדער מיט די רעוואלוציאנערן. אַזוי האט געהאַנדלט די אינטערנאַציאנאַלע סאציאַליסטישע ביורא אין 1909 יאר אין דער פראַגע מעקויעך דער שפּאַלטונג פון דער האָלענדישער פּאַרטיי, ווען זי האט מיט איר רעזאלוציע אונטערגעשטיצט די רעכטע. אבער דאס איז געווען די אויפירונג פון די פירער ניט בלויז אין די פראגן פון איינהייט און טאַקטיק. די גרונט-פראַגן, וואס האבן אויפגעדעקט דעם קריזיס פונם סאָציא-ליזם אינעווייניק אינם צווייטן אינטערנאַציאנאַל, זיינען געווען די פראגן פון מילכאָמע, קאָלאָניאלער פּאָליטיק און אימפּעריאליזם.

## די באַציאונג צו מילכאָמע

שוין אָפּן פּאַריזער קאָנגרעס האָט מען דער פראַגע וועגן מילכאָמע אָפּ-געגעבן אַ היפשן אָרט. דער אימפּעריאַליזם, ווי א נייע פאזע אין דער אַנט-וויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, האָט אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן זיין אַגרעסיווקייט די רעזאָלוציע פון פּאַריזער קאָנגרעס איז ניט געגאַנגען ווייטער פונם באַשלוס פון דעם 1-טן אינטערנאַציאָנאל וועגן דערדאָזיקער פראגע. פעסטשטעלנדיק דעם צוזאַמענבונד פון מילכאָמע מיט די היינטצייטיקע עקאָ-נאָמישע באַדינגונגען, ווייזט אָן די רעזאָלוציע אף דער סאַקאָנע פון שטענדיקע אַרמייען, זי פאָדערט מע זאל זיי באטל מאַכן און איינפירן א פאָלקס-מיליציע, „וואָס ווען מע באַדאַרף זאָל זי זיין גרייט ארויסצוטרעטן אין א מעשעך פון 24 שאָ". דידאָזיקע רעזאָלוציע שטייט נאָך אָפּן באָדן פון אָנערקענען שוויי-געדיקערהייט די „פּארטיידיקונג פון פאָטערלאַנד". די ווייטערדיקע קאָנגרעסן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען שוין גאָר באַ אַנדערע פּאָליטישע אומשטאַנדן. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל וואַקסט אַריבער די גרעניצן פון די נאַציאָנאלע מעלוכעס. ער שטרעבט צו אינטערנאַציאָנאלער מאָנאָפּאָליע, צו פּאַרכאַפּן נייע מערק און קאָלאָניעס. צו די 90-ער יאָרן האָבן זיך אַרויסגעוויזן די גרונט-גרופּירונגען פון די אימפּעריאַליסטישע קויכעס, וואָס קעמפן צווישנאַנאַנד פאר דער כאלוקע פון דער וועלט, דער עסטרייך-דייטשישער פּאַרבאַנד פון 1878 יאָר ווערט דערגאַנצט אין 1882 יאָר מיט א דריטן מיטגליד — איטאַליע.

אין די יאָרן 1891—1892 איז געשלאָסן געוואָרן דער פראַנצויזיש-רוסישער פארבאנד, וואָס האָט גמאכט אָן אָנהויב דער גרופּירונג פון די קרעפטן פון די לענדער פון דעם „דריי-אָפּמאַך". אָט פארוואָס די קאָנגרעסן

פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, דעריקער דער ציוריכער (1893 יאָר), זיינען דורכגעגאנגען אינגאנצן אונטערן איינדרוק פון די ערשטע געשאַפענע אימפּעריאַליסטישע גרופּירונגען, וואָס האָבן פאָרויסגעזאָגט אַן עפּאָכע פון נייע מילכאָמעס. דער פראַנצויזיש-רוסישער פארבאנד, וואָס האט געטראגן מיט זיך אַן אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאליסטישע געפאר, איז נאָך געווען געפערלעך דערמיט, וואָס ער האט פארפעסטיקט די פּאָזיציעס פון דעם רוסישן צאריזם, מאַכנדיק אים פאר א זייל פון דער אינטערנאציאָנאלער רעאקציע. די קאָנגרעסן רופן אין זייערע רעזאָלוציעס צו פּראָטעסטירן קעגן די „קריגערישע פּרואוון און קעגן די פארבאנדן", וואָס האבן געשאפן די איצטיקע לאגע אין אייראָפּע, וואָס ווערט אלץ געפערלעכער און געפערלעכער. די ציוריכער רעזאָלוציע לייגט פאָר די פּאָרשטייער פון די אַרבעטער-פארטייען אין די פאַרזאמלונגען, וואו מע באטראכט די געזעצפּראָיעקטן, אָפּוואַרפן די מיליטערישע קרעדיטן, פּראָטעסטירן קעגן אויסהאלטן שטענדיקע ארמייען און פּאָדערן אנטוואָפענונג". נאָך קלאָרער איז דער אינהאלט פון דער פאריזער רעזאָלוציע אין 1900 יאָר. נאָר די אַלע רעזאָלוציעס וועגן מילכאָמע האָבן זיך באַזירט דעריקער אַף שטימונגען, וועגן דער סאַקאָנע פון פאַרבאַנד מיטן רוסישן צאַריזם. די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 יאָר האָט באַוויזן דעם אינטערנאציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט די מאכט פון דעם רוסלענדישן אַרבעטער-קלאַס. פון דער אַנדערער זייט האָט א גאנצע ריי מילכאָמעס און קאָלאָניאַלע רעפּרעסיעס, ווי די ענגליש-בורישע (1899—1900), דער באָקסערן-אויפשטאנד אין כינע, די רוסיש-יאַפּאָנישע מילכאָמע (1904—1905), די דייטשישע „העלדיש-קייטן" אין אַפריקע (הערעראָ), האָבן באַוויזן, אַז עס איז אָנגעקומען אַן עפּאָכע פון נייע אימפּעריאַליסטישע און קאָלאָניאלע מילכאָמעס. אָנשטאָט די אַלטע נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג-מילכאָמעס, וואָס זיינען געווען די הייבאַמס פון די בורזשואַזע מעלוכעס (פראַנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע), זיינען נאָך דעם 1871 יאָר געקומען נייע מילכאָמעס, דיקטירט דורכן אימפּעריאַליזם, דורך די אינטערעסן פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל. די מילכאָמעס פון דער עפּאָכע נאָך דער פאַריזער קאָמונע זיינען געוואָרן מילכאָמעס פאַרכאַפּערישע, רויבערישע, פאר דער אויסברייטערונג פון די מערק, פאר באַקומען נייע ספערעס, וואו אָנצוואווענדן די קאַפּיטאַלן, פאַר נייע ערטער פון רוי-מאַטעריאַלן. „מילכאָמע איז געוואָרן אַ פּאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק מיט נייע מיטלען", די פּאָליטיק פון מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַל. אַפילע דאָרט, וואו עס האָבן זיך קלוימערשט צוגעמישט נאַציאָנאַלע מאָמענטן, ווי אין דער באַלקאַנישער מילכאָמע פון 1912 יאָר, האָט זיך די מילכאָמע געפירט אייגנטלעך צווישן צוויי אָדער מער אימפּעריאַליסטישע קאָאַליציעס. די קליינע נאַציעס זיינען געוואָרן אַ שטערונג פאַר די מאָנאָפּאָליסטישע גיגאַנטן. אָט פאַרוואָס עס איז געווען שווער צו ריידן אין דערדאָזיקער עפּאָכע וועגן דער „פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד", ווען עס זיינען באַשיינפערלעך אַרויסגעטראָטן די אימפּעריאַליסטישע אינ-

סטינקטן פֿון די ריזן-מעלוכעס; וועגן אָנפֿאַל אָדער פֿאַרטיידיקונג, — בֿעאייס אַלע מעלוכעס האָבֿן אין אַ גלייכער מאָס געפּירט אַ רויבֿערשע פֿאַרכאַפּונג פּאָליטיק. אָט די אָבֿיעקטיווע באַדינגונגען פֿון דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע האָבֿן געשטעלט פֿאַרן אינטערנאַציאָנאַל נייע אויפֿגאַבֿן. דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס (אין 1907 יאָר) איז טאַקע דורכגעגאַנגען אונטערן לאָזונג פֿון „קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם“.

אָבֿער, אריבֿערטראָגנדיק זייער פּראַקטיק פֿונם סאָציאַל-אָפּאָרטוניזם אַף די פֿראַגן פֿון דער מילכאָמע, זיינען די פֿירער פֿונם אינטערנאַציאָנאַל, אין דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק אין טאָך געשטאַנען אַף דער אלטער פּאָזיציע. אין אָט די פֿראַגן פֿלעגט זייער סיסטעם פֿון דער סאָציאַל-אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק דערגאַנצט ווערן דורך דער סיסטעם פֿון סאָציאַל-שוצלעווישער פּאָליטיק אָדער, בֿאַ אייניקע, דורך א ריי פּאַציפֿיסטישע מאָסמיטלען. באַשיצנדיק די פּאָזיציע פֿון דער פֿאַרטיידיקונג-מילכאָמע, האָט פֿ אָ ל מ אַ ר געזוען אינם דריי-בונד, וואָס איז געבֿוירן געוואָרן אונטערן צייכן פֿון אימפּעריאַליזם, אַ פּראָגרע-סיוון פֿאַקטאָר. בֿ ע בֿ ע ל פֿלעגט אונטערשטיצן די אַלטע לעגענדע מעקויעך דער „רוסישער געפֿאַר“ פֿון דער זעלבסטהערשונג, ניט נעמענדיק אין אכט די נייע סיטואַציע און די ראָלע פֿון דער וואקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

ז ש אָ ר ע ס איז אויך געשטאַנען אַפֿן באָדן פֿון „פֿאַרטיידיקן דאָס פֿאָטערלאַנד“, האָט געזען אינם פֿראַנצויזיש-רוסישן בֿונד אַ פּאָזיטיווע טענדענץ צום שאָלעם, און האָט געמאַכט אַ ריי פּאַציפֿיסטישע אויספֿירן. קאַוטסקי, האַגאַם, דוכט זיך, ער האָט פֿאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער פֿון דער עפּאָכע, די אומפֿארמיידלעכקייט פֿון די וועלט-קאָנפֿליקטן אַפֿן באָדן פֿון אימ-פּעריאַליזם, האָט ער אָבֿער מוירע געהאַט מאַכן אַנטשלאָסענע אויספֿירן. „אויבֿ די מילכאָמע וואָלט דאָך אויסגעבֿראָכן — פֿאַרענדיקט ער זיין ענטפֿער אַף איין אַנקעטע, — וואו מען האָט אים געפֿרעגט, „וואָסערע פֿליכטן ליגן אַף די סאָציאַליסטן אין פֿאַל פֿון א מילכאָמע“, — איז אַ סאָפֿעק צו דער פּראָלעטאריאַט איז אין ערגעץ וואו אַזוי שטאַרק, אז ער זאָל מיט דער הילף פֿון אַ רעוואָ-לוציע... פֿאַר דער מילכאָמע מאַכן פֿאר אומעגלעך די מילכאָמע“. דערפֿון איז איין טריט צו יענער טעאָריע, וואָס קאַוטסקי האָט אנטוויקלט אין אָנהויבֿ פֿון דער מילכאָמע, אז דער אינטערנאַציאָנאל איז א „געצייג פֿון דער פֿרידלעכער צייט“ און דאָרט, וואו עס דונערן די האַרמאַטן, קאָן ניט געהערט ווערן זיין שטים. בלויז אַ קליינע גרופּע פֿערזאָנען מיט ר. לוקסעמבורג, פּאַנעקוקן, לענינען און אַנד. בֿעראָש האָבֿן געזען די ווירקלעכע לאַגע און האָבֿן געמאַכט יענע אויספֿירן פֿון דער טעאָריע פֿונם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, וואָס האָבֿן צע-האַקט דעם סטירעס-קנופּ פֿונם אימפּעריאַליסטישן העק. אָבֿער די דאָזיקע גרופּע איז אינעווייניק אינם II אינטערנאציאָנאל געווען ניט קיין באַדייטנדיקע. די פּאָליטיק פֿלעגט באַשטימען דער צענטער, וואָס איז געווען ראַדיקאל אַפֿן פּאַפּיר

און אָפּאָרטוניסטיש אין דער ווירקלעכקייט. אט דער פּאָפּירענער ראַדיקאַליזם האט ארויפגעלייגט זיין שטעמפּל אַף אלע רעזאלוציעס פון די קאנגרעסן, אָבער ער האט ניט געשטערט דעם אפּאָרטוניזם אין דער פּראַקטיק.

ניט געקוקט אַפן אָפּאָרטוניסטישן פּארטראג פון וואן-קאָל איבער דער קאלאניאלער פראגע (זע דאק. און מאט. נומער 36 א), האבן די אַמסטערדאמער און פּאריזער קאנגרעסן פעסטגעשטעלט דעם אימפּעריאליסטישן טאַך פון דער פּאליטיק פון די הערשנדיקע קלאסן אין דעם פּראט און האבן ארויפגעלייגט אַף די סאציאליסטישע פּארטייען און זייערע פּארלאמענטישע פראקציעס אַ „כויוו אומבאדינגט אַנטקעגנצושטעלן זיך די קאלערליי אימפּעריאליסטישע און פּראַטעקציאַניסטישע פּראיעקטן, אפּוואַרפן מיליטערישע קרעדיטן, קעמפן קעגן יעדער קאנצעסיע אין די קאלאניעס, אן ראכמאנעס אויפדעקן די אכזאריעסדיקע געוואלט-אקטן איבער די ארטיקע איינוואוינער פון די קאלאניעס, פאדערן פרייהייט און זעלבשטענדיקייט פאר די קאלאניעס, אַ פּארלאמענטארישן קאנטראָל איבער דער אוּ סערלעכער פּאליטיק פון זייערע מעלוכעס״ (זע דאק. און מאט. נומער 36 ב). די באשטימונגען פונם שטוטגארטער קאנגרעס איבער דערדאזיקער פראגע האבן קיין שום נייס ניט ארייגעטראגן (זע דאק. און מאט. נומער 36 ג).

ניט געקוקט אף די באשלוסן פון די אינטערנאציאנאלע קאנגרעסן, איז מיטן וואוקס פון דעם איינפלוס פון די סאציאליסטישע פארטייען אינעווייניק אין לאַנד און דער פארשטארקונג פון דעם אפּארטוניסטישן פליגל אין זיי, פלעגן די רעוויזיאניסטישע פּארלאַמענט-טוער אנעמען די קאלאניאלע פּאליטיק פון זייער לאנד, קעמפנדיק נאר מיט אירע אפּנויגונגען (די אפּשטימונג פון די באַדענער און באיערישע ס.-ד., פון דער ענגלישער אַרבעטער-פּאַרטיי). דער שטוטגארטער קאנגרעס, ניט געקוקט אַף דער ראַדיקאלער רעזאלוציע, וואס איז אנגענומען געווארן, האט באוויזן די אינעווייניקסטע סטירעסדיקע פּאזיציע פון די פירער פון דעם 2-טן אינטערנאציאנאל, אויפדעקנדיק דעם הויפּט-כעט פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאל-דעמאקראט ע.

די דעבאטן וועגן דער פראגע זיינען דעריקער פארגעקומען אין דער קאמיסיע, וואו עס האבן זיך אנגעמערקט עטלעכע הויפּט-גרופּירונגען: די גע-דיסטן, בעבעל — פאלמאַר, זשארעס — וואיאן און דער לינקער פליגל (ראזע לוקסעמבורג). שטיצנדיק זיך אף דעם, וואס דער „מיליטאריזם איז א נאטיר-לעכער און אומפארמיידלעכער פּראָדוקט פון דער קאפּיטאליסטישער ארדע-נונג״, האבן די געדיסטן פארגעלייגט ניט אנצוגעמען קיין ספּעציעלע מיטלען קעגן דעם אימפּעריאליזם און באנוגענען זיך מיטן אלגעמיינעם קאמף מיט דער קא-פּיטאל סטישער געזעלשאפט. בעבעל און פאלמאַר האבן פארטיידיקט דעם גע-דאנק וועגן א פארטיידיקונג- אין אן אנגריף-מילכאמע, פארבלייבנדיק אף די אלטע פאזיציעס. דא מוז מען באמערקן, אז אפילע אזא גרויסער פירער פון דער דייטשישער ס.-ד., ווי בעבעל, איז געווען אנגעשטעקט מיט א היפּשער

דאזע אפּאָרטוניזם און האט ניט איינגעזען דעם כאראקטער פון דער נייער אימפּעריאליסטישער עפּאכע, דערקלערנדיק, אז די בארימטע האנאכע פון קאָ-מוניסטישן מאניפעסט — „פּראלעטאריער האבן ניט קיין פאטערלאנד“ — איז ניט ריכטיק פאר דער איצטיקער עפּאכע. מע מוז אויך באמערקן, אז א היפּשע ראלע אין בעבעלס מאטיווירונג קעגן רעוואלוציאנערע מיטלען האט געשפּילט די מוירע, אַז די שארפע אויסדריקן זאלן ניט דינען דער פּראקוראַרישער מאכט פאר א מיטל פאנאנדערצושלאגן די לעגאלע פּארטיי.

שטייענדיק אף דער פּרינציפּיעלער פּאזיציע פון פּארטיידיקונג-מילכאָמעס און דער נויטיקייט צו פארטיידיקן דאס פאטערלאנד, האט זשארעס פאר-געלייגט, אז, קעדיי אויסצומיידן א שכיטע, זאל מען אנווענדן אנטשלאסענע מיטלען, „אַפילע ביז א מאסן-שטרייק און אויפשטאנד“.

קעגן בעבעלן און פאלמארן איז ארויסגעטראטן ע ר ו ו ע, דער פאר-שטייער פון די אנארכא-סינדיקאליסטישע עלעמענטן, וועלכער האט שארף קריטיקירט דעם אפּארטוניזם פון דער דייטשישער ס.-ד. און האט פארגעלייגט ספּעציעלע מאסמיטלען אף צו קעמפן מיט יעדער מילכאמע (מיליטער-שטרייק און אויפשטאנד), פארגעסנדיק, אז מילכאמעס זיינען בלויז א פּויעל-יוצע, און די סיבע זייערע איז דער קאפּיטאליזם. קריטיקירנדיק די דייטשישע ס.-ד., איז ע ר ו ו ע אינגאנצן פארבייגעגאנגען דעם אפּארטוניזם פון די פראנצויזישע סאָ-ציאליסטן.

פּרינציפּיעל אפּגעשיידט איז געווען די פּאזיציע פון דעם לינקן פליגל. זיי האבן געזען דעם אימפּעריאליסטישן טאך אין די מילכאמעס פון דער היינ-טיקער עפּאכע, און דעריבער האבן זיי געלייקנט אין דעם פּרינציפּ פון „פאר-טיידיקן דאס פאטערלאנד“ בא די היינטצייטיקע באדינגונגען. אין דער קאמיסיע, וואס האט געדארפט אויסארבעטן די רעזאלוציע, האט ראזע לוקסעמבורג פארטיידיקט די האנאכע צו „פארוואנדלען די אימפּעריאליסטישע מילכאמע אין א בירגער-קריג“. „מיר ווילן, האט זי געטאינעט, אז אין פאל פון א מילכאמע זאל זיך די אגיטאציע פירן ניט נאר, אז זי זאל זיך וואס גיכער ענדיקן; מיר פאדערן, אז די מילכאמע גופע זאל אויסגענוצט ווערן צו פארגיכערן דעם קראך פון דער קלאסן-הערשאפט. די אויסבעסערונג אין דעם זינען, וואס זי האט אריינגעטראגן, און וואס איז געווען אונטערגעשריבן אויך פון וו. לענינען און אנד., האט דער קאנגרעס אנגענומען.

האָגאָם די מערהייט פון קאָנגרעס, די רעוויזיאָניסטן און דער צענטר, זיינען געשטאַנען, ווי עס צו זען פון די דעבאַטן אין די קאמיסיעס, אַפן שטאַנדפּונקט פון פאַרטיידיקונג- און אָנגריף-מילכאָמעס און פון דער נויטיקייט צו „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאנד“, דאָך טרעפט מען ניט דידאָזיקע באַגריפן אין דער שטוטגאַרטער רעזאָלוציע. צו באַשיינפערלעך איז געווען דער פאַרכאַ-פּערשער כאַראַקטער פון די היינטיקע מילכאָמעס, און סאַי פון פּאָליטישן, סאַי פון דיפּלאָמאַטישן שטאַנדפּונקט איז ניט מעגלעך געווען אָנצוואווענדן צו זיי

דעם קריטערי פון פאַרטיידיקונג-מילכאָמעס. ווייטער, ווען די מעכאַברים פון דער רעוואָלוציע וואָלטן זיך יאָ געוועז שטעלן אַף אָט דעם שטאַנדפונקט, וואָלט זיי זיך ניט געקאָנט צופרידן, ווייל בא די היינטצייטיקע מיליטע-רישע קאָנפליקטן וואָלט די אָנערקענונג פון דער גערעכטיקייט פון דעם אייגע-נעם פאָטערלאַנד באַטייט די צעפאַלונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענ-בונדן. אָט פאַרוואָס די פירערס פון דעם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל האָבן געמוזט איינגיין אַף א רעזאָלוציע, וואָס מיידט אויס דידאַקטיקע פראַגן; אָט פאַרוואָס



קאַרל ליבקנעכט



ראָזע לוקסעמבורג

זיי האָבן אָנגענומען ראָזע לוקסעמבורגס אויסבעסערונג, פאַרשטייענדיק אונטער קאַמף „מיט אלע מיטלען“ — דעריקער, אַ פאַרלאַמענטאַרישן קאַמף, ווי אַן ענגלישער דעלעגאַט האָט עס דערקלערט. פעסטשטעלנדיק דעם אימפּעריאַ-ליסטישן כאַראַקטער פון די מילכאָמעס, פאָדערט די רעזאָלוציע א קאַמף מיט אַלע מיטלען קעגן באַוואָפענונג און מיליטאַריזם. אין פאַל, ווען עס זאָל ארויסשפּרינגען א מילכאָמע, לייגט דער קאָנגרעס אַרויף אַף די סאָציאַליסטן א היסכאַייוועס צו קעמפן דערפאַר, אז זי זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן און לייגט פאָר „מיט אלע קרעפטן אויסנוצן דעם קריזיס, קעדיי צו פאַרגיכערן די מאַפּאָלע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג“.

דער גאַנג פון די וויקוכים און די רעזאָלוציעס פון דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס האָבן באַוויזן די סטירעסדיקייט און צוויי־זייטיקייט פון די פּאָזיציעס פון די פירערס, פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. זיי זיינען נאָך געווען דורכויס אונטערן איינפלוס פון דער פריערדיקער עפּאָכע. דערצויגן אַף דער פריערדי-קער אָרגאַנישער עפּאָכע אין דער פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער-

באַוועגונג, אויסגעמושטירט אַפּן פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף, האָבן די פירער פון די ס.-ד גערעדט וועגן פאַרטיידיקן דאָס אימפּעריאַליסטישע פאָטערלאַנד און אין דערזעלבער צייט האָבן זיי אָנגענומען רעזאָלוציעס, וואָס זיינען זיי מעכאַיעוו אקטיוו צו קעמפן קעגן אימפּעריאַליזם. (זע מאַט. און דאָק. 37)

דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס האָט קיין נייס ניט אריינעטראָגן אין דער פאָרמולירונג פון די אויפגאַבן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דעם קאַמף קעגן דער מילכאָמע. מע האָט באַשטעטיקט די שטוטגאַרטער אנטימיליטאַריסטישע רעזאָלוציע און מע האָט באַפולמעכטיקט דעם סעקרעטאַר פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ אין פאַל, אויב ס'וועט זיך באַווייזן אַ סאַקאָנע פון אַ מיליטערישן צוזאַמענשטויס, עקסטרע צונויפרופן די אינטער-נאַציאָנאַלע ביוראָ און די צווישנפעלקערלעכע קאָמיסיע.

## דער באַזעלער קאָנגרעס

די זיצונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ (דעם 28—29 אקטיאַבר 1912) און דער עקסטרע קאָנגרעס אין באַזעל (דעם 24—25 נאָיאַבר 1912) זיינען פאָרגעקומען בא די באַדינגונגען פון אַן אָנקומענדיקן קריג-שטורעם. דער קאַמף צווישן די אימפּעריאַליסטישע קאָאַליציעס (דעם דריי-בונד און דעם דריי-אָפּמאַך) האָט דערגרייכט די לעצטע גרענעצן. די באַלקאַנישע געשעענישן האָבן, ניט געקוקט אַף זייער נאַציאָנאַלן, און דאַכט זיך גאָר, אָרטיקן כאַראַקטער, געקאָנט זיין נאָר אַ האַקדאָמע צו אַן אַלגעמיין-אייראָפּעאישער מילכאָמע. דאָס האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די טוערס פון דעם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל. די רעזאָלוציע קעגן מילכאָמע, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ האָט אָנגענומען, שטרייכט אונטער די „פּאַרטעטרישע און געוואַלט-פּאָליטיק פון די גרויסע מעלוכעס, זי שטעלט פעסט, אַז די עמעסע סיבעס פון דער באַלקאַנישער מילכאָמע זיינען די אינטריגעס און די שפּיצלעך פון דעם רוסישן צאַריזם און דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע. „פון דערדאַזיקער מילכאָמע קאָן זיך איטלעכע מינוט צעפלאַקערן אַן אַלגעמיינער צוזאַמענשטויס", זאָגט די רעזאָלוציע, און זי רופט דעם פּראָלעטאַריאַט ענערגיש צו קעמפן קעגן דעם אימפּעריאַליזם. די רעזאָלוציע שטרייכט אונטער, אַז די נאָענטסטע צייט וועט מיסטאָמע ברענגען פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פאַרן פּראָ-לעטאַריאַט אַסאַך ניסיוינעס און וועט פון זיי פאָדערן אַקטן פון גרויסער אַכראַיעס. דער באַזעלער עקסטרע-קאָנגרעס, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן צום סאָף פון דעמזעלביקן יאָר האָט זיך פאַרנומען מיט דער איינציקער פראַגע וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. דער גאַנג פון די דעבאַטן און דער איינשטימיק אָנגענומענער מאַניפעסט שטעלן פעסט ווידעראַמאָל באַשטימט און דייטלעך דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דעם אָנוואַקסנדיקן וועלט-קאָנפליקט. אין דעם מאַניפעסט איז קיין וואָרט ניטאָ וועגן „שוץ און פאַרטיי-

דיקונג פון פאָטערלאנד". באשטעטיקנדיק דעם שטוטגאַרטער באשלוס וועגן די היסכּאַיוועסן פון א סאָציאַליסט אין קאַמף פאר שאָלעם, רופנדיק די פּראָלע-טאריער „ארויסצוזאגן זייער ווילן און מיט אלע מיטלען", לייגט דער באזעלער קאנגרעס אַרויף ספּעציעלע אויפגאבן אף די נאציאנאלע פּאַרטייען פון יעדן לאנד צו פארמיידן א מילכאָמע. ווענדנדיק זיך צו די הערשנדיקע קלאַסן, וואָרנט זיי דער מאַניפעסט וועגן דער געפאר פון א נייער פּאַריזער קאָמונע, פון דער גרויסער רוסישער רעוואלוציע, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן פון מילכאָ-מעס (זע דאָק. און מאט. נומער 39).

דער באַזעלער קאָנגרעס איז געווען דער לעצטער קאָנגרעס פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל. דער פאָלגנדיקער קאָנגרעס, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין ווין אַפן 23-טן אַווגוסט 1914 יאָר און וואָס איז נאָכדעם אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין פּאַריז אַפן 9 אַווגוסט, האָט ניט געקאָנט פּאָרקומען. די אימפּע-ריאַליסטישע מילכאָמע האָט איבערגעריסן די שוואכע אינטערנאַציאָנאַלע פּאַר-בינדונגען פונם ארבעטער-קלאַס, האָט צעשפּאָלטן דעם אינטערנאַציאָנאַל אַף צוויי העלפטן פיינטלעכע קאָאַליציעס און געוואָרפן די סאָציאַליסטן אינם שאָ-וויניסטישן טשאַד איינעם אפן אנדערן. די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייערע פירער האָבן זיך געשטעלט אף דער זייט פון זייערע רעגירונגען און האָבן אזוי ארום פאַראַטן די האַפטאָכעס, וואָס זיי האָבן פייערלעך פּראָ-קלאַמירט אַף זייערע קאָנגרעסן. דער אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט זיך געגעסטעט אין די טיפענישן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג, האָט גע-זיגט אין אלע ריכטונגען. בעאייס דער מילכאָמע איז ער פאַרוואנדלט געוואָרן אין סאָציאַל-שאָוויניזם, אין שיצלעריי.

## דער באטייט פון דעם 2-טן אינטערנאציאנאל

דער 2-טער אינטערנאציאנאל איז אומגעקומען אין דעם פלאם-פייער פון דער מילכאמע, מיט זיין צעפּאַלן פאר'ענדיקט זיך נאָך אן עטאַפּ פון דער אַרבעטער-באוועגונג. אויספורעמדיק אַ שטארקע מאסן - ארבעטער - באוועגונג אין באזונדערע לענדער, האָט ער ארויסגעבראכט זייער שעדלעכן אפנויג — דעם רעוויזיאניזם. די נייע עפּאָכע האָט געפאָדערט נייע אויפגאבן און אַ נייע טאקטיק: א צענטראליזירונג פון די קויכעס אפן יעסאָד פון אן איינהייטלעכער פּראָגראם און אַ רעוואָלוציאנערע טאַקטיק. די ארבעטער-באַוועגונג איז גע-בליבן אָן רעוואָלוציאנערע פירער, און דעריבער איז זי געשלאגן געוואָרן. דאס איז די ערשטע היסטאָרישע לעקציע, וואָס דער כורבן פון דעם אינטער-נאַציאנאל האָט געבראכט. אַ קאַמף פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער קעגן אימפּעריאַליזם, און ניט קיין שאָלעם און אַ פּשאָרע מיט אים, פאר א קאָמוני-סטישער געזעלשאַפט, אונטער דער פירערשאַפט פון א רעוואָלוציאנערן צענטר

און א איינהייטלעכער אינטערנאַציאנאלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, — דאס איז די צווייטע לעקציע, וואס דער אומקום פון דעם אינטערנאציאנאל האט געגעבן. א טייערן פּרייז צאָלט דער אַרבעטער-קלאַס פאַר זיינע טאָעסן. אין קאַמף מיט דער אוטאָפּיסטישער סעקטאנטישקייט איז אומגעקומען דער 1-טער אינטערנאציאנאל, אינם זומפּ פונם אפּאָרטוניזם און סאציאל-אימפּעריאַליזם איז אומגעקומען דער 2-טער אינטערנאציאנאל. האבנדיק באַנומען די היסטארישע דערפארונג, האט דער ארבעטער-קלאַס אויסגעבויט א נייעם 3-טן אינטערנאציאנאל — דעם היטער פון די בעסטע געבאָטן פון זיינע פאָרגענגער (דאק. און מאַט. נומ. 33).

## ליטעראטור

В качестве учебника: Ц. Фридлянд, „История Западной Европы“, часть 2-я.

По рабочему и социалистическому движению в Германии: Н. Лукин, „Очерки по новейшей истории Германии“, Гиз., 1925 г., очерк шестой; Зиновьев, „Война и кризис социализма“, Гиз., 1920 г., ч. 2, глава VI. По рабочему и социалистическому движению Франции: Поль Луи, „История профессионального движения во Франции“, ч. 1 и 2, изд. ВЦСПС; его же „История социализма во Франции“; Зиновьев, „Война и кризис социализма“, Гиз., 1920 г., часть 2, гл. VII. По рабочему и социалистическому движению Англии: Ротштейн, „Очерки по истории рабочего движения в Англии“, Гиз., 1925 г., ч. 2, период тред-юнионизма; Бер, „История социализма в Англии“, Гиз., 1924 г., ч. 2, новейший период и современный британский социализм.

По истории II-го интернационала (по отдельным проблемам и конгрессам): Зиновьев, „Война и кризис социализма“, Гиз., 1920 г., ч. 2. гл. IX и X.

Плеханов, Собр. соч. т. IV, Рабочее движение в 1891 г., Военный вопрос на конгрессе в Цюрихе, в Амстердаме (имеется отдельным изданием, „Красная Новь“, 1923 г.); В. И. Ленин, „Междун. соц. конгресс в Штутгарте“, собр. соч., т. VIII, „Воинствующий милитаризм и антимилитаристическая тактика с.-д.“, т. XI, ч. 1, „Вопрос о кооперативах на международном соц. конгр. в Копенгагене“, т. XI, ч. 1, „Междун. соц. конгр. в Штутгарте“, т. XX, ч. 1, „Заседание междун. соц. бюро 28-29/IX 1908 г.“, т. XI, ч. 1, „Исторические судьбы учения К. Маркса“, т. XII ч. 2, „Марксизм и ревизионизм“, т. XI, ч. 1; „Одиннадцатая сессия Междун. соц. Бюро“, т. XI, ч. 1, „Разногласия в европейском рабочем движении“ т. XI, ч. 2, „Крах II-го интернационала“, т. XIII.; Р. Люксембург, „Реформа или Революция“, „Коалиционная политика и классовая борьба“. обе брошюры в изд. „Красная новь“; Каутский, „Антибернштейн“, „Социальная революция и на другой день...“, „Путь к власти“, все—Гиз 1926 г.; Бернштейн, „Социальные проблемы“. Об империализме и финансовом капитале: Ленин, „Империализм, как новейший фазис капитализма“; Бухарин, „Империализм и мировое хозяйство“: „О внешней политике эпохи империализма“. По внешней политике, Гуч, „История современной Европы“.

# מאַטעריאַלן און דאָקומענטן

## די דייטשישע אַרבעטער-באַוועגונג

### 1. די לאַגע פון דער ס.-ד. פּאַרטיי נאָכן פאַלן פונם אויסנאַם-געזעץ

(בעבעלס באַריכט אַפן צוזאַמענפאָר אין האַלע אינם יאָר 1890)

דריי יאָר זיינען אַוועק זינט איך האָב דאָס לעצטע מאָל געהאַט די ערע אָפּצוגעבן אַ באַריכט פאַר די פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי. איר אַלע ווייסט, בײַ וואָס פאַר אַ באַדינגונגען מיר זיינען געווען געצוואונגען צו געבן אַ באַריכט צוועלף יאָר האָט עקזיסטירט דער אויסנאַם-געזעץ, און מיר האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צונויפצוזאַמלען זיך אַף די צוזאַמענפאָרן אין דייטשלאַנד. טאַקע צוליב אָט דער דריקנדיקער סיבע האָבן די צווישנצייטן צווישן די פּאַרטייאישע צוזאַמענפאָרן געמוזט זיין ניט קיין גלייכמעסיקע; מיר האָבן געקאָנט אַרויסזאָגן און קעגנזייטיק קלאָר מאַכן אונזערע געדאַנקען אין זייער זעלטענע מאָמענטן בלויז. מיר האָבן געדאַרפט ווי ווייט מעגלעך זיך צופּאַסן צו די אומשטענדן, וואָס פאַר זיי זיינען מיר לאַכלוטן ניט פאַראַנטוואָרטלעך. די צוזאַמענפאָרן, וואָס זיינען צונויפגערופן געוואָרן בײַם אויסנאַם-געזעץ אין אויסלאַנד — אין 1880-טן יאָר אין ווידען אין דער שווייץ, אין 1883-טן יאָר אין קאָפּענהאַגען און אין 1887-טן יאָר אין סען-האַלען — קאָן מען אָנרופן וועג-ווייזערס פאַר דער פּאַרטיי, וואָס האַלט זיך אין אַנטוויקלען. דאָס זיינען געווען טעג פון פרייד און שטאָלץ פאַר דער פּאַרטיי; די צוזאַמענפאָרן פלעגן פאָרקומען אין אויסלאַנד, פלעגן אָפּקאָסטן גרויסע הוצאָעס און קאָרבאָנעס און זיינען געווען בוילעטע באַווייזן פונם דערפאָלג, וואָס דערהויבן דעם גייסט, די העלדישקייט און מעסירעסנעפעש פון די כאַווייריםֹ. מיט 13 יאָר שפּעטער האָבן מיר זיך איצט ווידער צונויפגעזאַמלט אין דייטשלאַנד, אומטערוואָרפנדיק זיך בלויז די פאַר אַלעמען אַלגעמיינע געזעצן; מיר האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין אַזאַ צאָל, ווי נאָך קיינמאָל ניט. איצט איז אָמפּלאַץ צו מאַכן אַ קורצע באַשרייבונג פון די הויפּט-געשעענישן אינם לעבן פון דער פּאַרטיי בײַ דער הערשאַפט פונם אויסנאַם-געזעץ.

ווען דערדאָזיקער געזעץ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן און איז טייקעף נאָכ-דעם אָנגעווענדעט געוואָרן בענויגייע אונז מיט דער גאַנצער שטרענגקייט, האָבן אַסאַך שיר ניט אָנגעוואָרן די האָפענונג צו דערזען אונז ווען עס איז

אף אַזא פארזאמלונג, ווי איצט. א שאָד, וואס זייער אסאך האבן ניט דערלעבט ביז אָט דעם גרויסן טאָג פון זיג. אַסאך כאווייריִם פון פארשיידנסטער געזעלשאַפטלעכער לאגע האבן געהאט אויסצושטיין רעדיפעס מיצאד די אויספירער פונם געזעץ, זיינען בעדיל-האַדאַל געוואָרן און אַפן פארקירצסטן לעבנס-וועג האבן זיי געפונען דעם פריצייטיקן קייווער. אַסאַך הונדערטער אַנדערע האבן שוין אין די ערשטע יאָרן פונם געזעץ פארלארן אינם היימלאנד אַלע מאַטעריעלע עקזיסטענץ-מיטלען און זיינען געווען געצוואונגען צו לויפן קיין אויסלאנד און זוכן דאָרטן אַ מאָקעם-מענוכע. פון די, וואס האבן ביזן ארויסגעבן דעם געזעץ געארבעט אין דער פארטיי אַלס אַגיטאטאָרן, אָדער האבן פארנומען דעם פאָסטן פון אַ רעדאקטאָר, זיינען געווען דעפּוטאטן א. א. וו., האבן 80 מאַן, אונזער סאַמע טעטיקסטע, בעסטע, אינטעליגענטע כאווײרים, שוין אין די ערשטע יאָרן געמוזט פארלאָזן די דייטשישע ערד און בלויז זייער ווייניקע פון זיי האבן זיך אומגעקערט און קאָנען זיך איצט אומקערן אין דעם היימלאנד. דאס איז געווען אַ בלוטפארגיסונג נאך אַ פארשפילטן שלאכט און דערמיט טאַקע שטייט נאָך מער מאיעסטעטיש די פארטיי, וואס האט ניט נאָר איבערגעטראגן פארלוסטן, נאר האט זיי אזוי רייך אויפגעשטעלט. איר אַלע ווייסט, וואס פאר אַ קלעפּ האבן זיך אַף אונז אַ לאָז געטאָן, ווען דעם 19-טן אָקטיאבר 1873-כן יאָר איז אינם רייכסטאג אנגענומען געווארן דאס אויסנאַם-געזעץ קעגן אונז מיט 221 שטימען קעגן 149, און דעם 21-טן אָקטיאבר איז ער שוין אריין אין קראפט. ווער עס האט, ווי איך און נאָך אייניקע, איבערגעלעבט די דעבאטן אין רייכסטאג וועגן דעמדאזיקן געזעץ און האט זיך אין זיי באטייליקט, דער האט קוידעמקאָל געדארפט באמערקן איין פאקט: מיט דער אַנטוויקלונג פון די דעבאטן, לויט דעם, ווי די פאָרשטייער פון אונזער פארטיי האבן אַלץ מער אַנטשלאָסן פּראָטעסטירט קעגן אָט דעם שענדלעכן געזעץ, פלעגט באַ אונזערע קעגנער וואַקסן דער אייפער צום געזעץ און ס'פלעגט אויסוואקסן די צאָל שטימען, וואס זיינען צו אונז פיינטלעך. אַף אָט דעם פאַקט איז, לויט מיין מיינונג, ביז איצט געלייגט געווארן ווייניק אויפמערקזאמקייט. גלייך נאָך אָט די סאָנימס פארביטערטע אָפשטימונגען פלעגן אַף דער פארטיי פאלן קלעפּ. אַלע אונזערע פרעסע-אָרגאנען, 42 פּאָליטישע, 14 פּראָפעסיאָנעלע, אָן אַ שיר פּאָליטישע פאַריינען, די פארשיידענע קאַסעס און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען אין מעשעך פון ווייניקע כאַדאָשים געפאַלן אַלס קאָרבן פון דער פּאָליצייאישער ווילקיר. פאַר אייניקע וואָכן איז פארניכטעט געווארן די גאַנצע אָרגאניזאציע פון דער פאַרטיי, הונדערטער און הונדערטער כאווײרים זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַף דער גאַס אָן כאַיונע. ווער וועט פאַרוואונדערט און אויפגעבראַכט ווערן דערפון, וואס דעמאָלט האט אַסאַך כאַווײרים אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון פאַרצווייפלונג און וואס גאנצע מענגעס זיינען געלאָפן פון אונז, ווי נאָך אַ פארשפילטן שלאַכט? קיין איין פאַרטיי אין דייטשלאַנד האט ניט באַקומען און האט ניט איבערגעטראָגן אַזויפיל קלעפּ. (ריכטיק ביז גאָר).

פאַר די יאָרן, ווען עס האט געהערשט דאָס אויסנאַם-געזעץ. זיינען פאַר־ווערט געוואָרן 155 אויסגאַבן בעסויכאָם 80 פעריאָדישע. ווייטער זיינען פאַר־ווערט געוואָרן 1.200 ניט-פעריאָדישע אויסגאַבן — אונזער גאַנצע, שוין זייער אָנגעזעענע בראָשורן-ליטעראַטור; אין אַלעמען, הייסט עס, קאָרעוו 1.400 אויסגאַבן.

באַ אַ מאַן 900 זיינען פאַרטריבן געוואָרן אַפן גרונט פונם אַזויגערופע־נעם קליינעם באַלאַגערונגס-צושטאַנד, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין פאָטס־דאַם, בערלין, האַמבורג, האַלטאָן האַרבורג, מיט דער פּראָווינץ, אין לייפּציג מיט דער פּראָווינץ, אין פראַנקפורט אַפן מאַין, אין אָפּענבאַך, אין האַנאַו, אין שטעטין און שפּרעמבערג. די פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט צוויי יאָר אַרום נאָכן אַרויסגעבן דעם געזעץ, ווען די פּאַרטיי איז נאָך די ערשטע שרעקלעכע קלעפּ קוים צו זיך געקומען און ווען, צוליב דער באַדער־פעניש אין פאַרייניקן זיך, פלעגן אָפּט די כאַוויירים אין פאַרשיידענע ערטער זיך אָרגאַניזירן אין די אַזויגערופענע געהיימע געזעלשאַפטן, — אָט די פּראָצעסן זיינען געווען אויסערגעוויינלעך צאָלרייך און האָבן זיך געענדיקט מיטן פאַרור־טיילן העכער 300 כאַוויירים. אונטער די קלעפּ פונם געזעץ קעגן די סאָציאַ־ליסטן זיינען אַרונטערגעפאַלן קאָרעוו 1.200 מאַן און אַפן גרונט פון דעמדאָזיקן געזעץ און פון די פאָלגן, וואָס דריינגען פון אים אַרויס, האָבן געדאַרפט אַריינ־פאַלן אין טפיסע באַ 1.500 פערזאָן. ווייטער גייען די אורטיילן, וועלכע מיר האָט זיך ניט איינגעגעבן אויסרעכענען געגנוג פּינקטלעך, פאַר באַליידיקן די מאַיעסטעט, פאַר אויוועך זיין די § 130 און 131 פון די קרימינעלע געזעצן, פאַר אַגיטאַציע, פאַר שטערן די שטילקייט און רואיקייט א. א. וו. די צאָל פון אָט די פאַרמישפּעטע האט אַפילע געקאָנט זיין ניט אַזוי גרויס, אָבער די־דאָזיקע גרופּע ניט נאָר זי פאַרגרעסערט די צאָל קאָרבאָנעס, נאָר זי באַווייזט באַזונדערס שאַרף די שווערקייט פון די באַשטראָפונגען. ביכלאַל באַטרעפט די באַשטראָפונג מיט אָפּנעמען די פרייהייט 1000 יאָר טפיסע, בעסויכאָם איינינקע יאָר קאַטאָרגע.

דידאָזיקע רעשימע פאַרפאָלגונגען, וואָס איז קלאַל ניט קיין פולע, גיט אַ קלאָר בילד פון דעם, וויפל קלעפּ מיר האָבן איבערגעטראָגן און וויפל קאָרבאָנעס מיר האָבן פאַרלאָרן, קעדיי אָפּשלאָגן ווי ווייט מעגלעך דידאָזיקע קלעפּ. מיר פלעגן זיך ווערן, ערנסט ווערן, אַף דעם זיינען דאָ באַווייזן ניט אין דער פאַרגאַנגענהייט בלויז, נאָר אויך איצט. דער באַשיינפּעדלעכער באַווייז איז — אונזער צוזאַמענפאַר. איין זאַך אָבער דאַרף איך זאָגן: מיר האָבן דער־גרייכט דעם ציל הויפּטזאַכלעך אַדאַנק דער ענערגיע און מעסירעס-נעפעש פון אונזערע כאַוויירים אין דייטשלאַנד, מיר דאַרפן אָבער זיין דאַנקבאַר אויך יענע, וואָס פלעגן שטענדיק פון אויסלאַנד אויפמונטערן און באַגייסטערן אונזערע רייען — די גרינדער און אָנפירער פונם „סאָציאַל-דעמאָקראַט“, די וואָס פלעגן אים אין מעשעך פון 10 יאָר, אָפּטמאָל באַ זייער שווערע באַדינ־גונגען, אַקשאָנעסדיק צושטעלן אין דייטשלאַנד; אַלע אומבאַקאַנטע און נאָמענ־

לאָזע, וואס האבן געהאלטן פאַר זייער הייליקן כּיוו צו טראָגן אינם פאָלק די־דאָזיקע אויסגאבע, ווי אויך אַנדערע אויסלענדישע אויסגאבן, אין פלעגן האבן אויסצושטיין שווערע באשטראָפונגען, — זיי אַלע זיינען מיר שולדיק אַ באַזונדער דאַנקבארקייט. אָט די הונדערטער און טויזנטער כאַווירים, וואס האבן געאַרבעט פאַר אונזער זאַך אין אויסלאַנד און אינדערהיים, געהיים און אָפן, און וואס האבן אַסאַך געליטן פאַר דעם, וועלן מיר איצט אויסדריקן אונזער דאַנקבאַרקייט, זאָל דער צוזאמענפאַר אויפשטיין לעקאָוועד זיי (אכדעסדיק הויבט זיך אויף די פארזאמלונג באַ אויסגעשרייען פון באַווילקונג).

אין מעשעך פון אָט די 12 יאָר האָבן מיר געמאַכט אַ באַאָבאכטונג, אַז אין דערזעלבער צייט, ווען די הערשנדיקע מאַכט ווענדעט אָן קאָלערליי געוואלד- און צוואַנג-מיטלען, קעדיי צו אונטערדריקן אונז, איז זי געצוואונגען צו מאַכן דער באַוועגונג קאָלערליי האַנאָכעס. אינם זעלבן מאָמענט, ווען — פון טראָן אראָפּ איז געמאָלדן געוואָרן וועגן דער נויטיקייט פון די אויסנאַם-געזעצן און מע האָט געפאָדערט איינפירן זיי, האָט די רעגירונג געמוזט אויך אַנערקענען, אַז עס איז נויטיק צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט אַף דער עמע-סער סיבע פון דער באַוועגונג.

אַפילע דער פירשט ביסמאַרק האָט געמאָלדן אַביסל שפּעטער, אַז די הערשנדיקע קלאַסן דאַרפן זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז אין דער צו-קונפט, וועט מען זיך ניט קאָנען באַגיין אָן אַ געוויסן טייל סאָציאַליזם. איצט ווייסן מיר אַלע, וואָס ער און די הערשנדיקע קלאַסן האָבן פאַרשטאַנען אונטער אָט דעם „געוויסן טייל" סאָציאַליזם (אויפרודערונג). ווען מיר וואָלטן זיך געלאָזט אַף זייער ווענטקע, וואָלט די פּאַרטיי ניט געווען דאָס, וואָס זי איז איצט, און דאָס אויסנאַם-געזעץ וואָלט מיט זיינע אומגעזעצלעכקייטן אויך איצט לויט ביסמאַרקס וואונש געדריקט אַף אונז. איצט איז געקומען די אַזוי גערופענע „צערטלעכע פּראַקטיק". אָבער זי איז אָנגעקומען דערפאַר, ווייל די פּאַרטיי האָט דערוויזן די אומעגלעכקייט צו דערשטיקן זי. די אקארשט פאָרגעקומענע וואלן אין רייכסטאג האָבן דערוויזן ניט נאָר די עקזיסטענץ פון דער פּאַרטיי, נאָר אַפילע איר וואוקס, ניט געקוקט אַף אַלע פארפאָל-גונגען. אַ מאַסע אָנהענגער אונזערע זיינען באַגייסטערט געוואָרן. די ביי-שפּילן פון העלדישקייט האָבן געווירקט אַף אַן אנשטעקנדיקן אויפן, און מיט-געהאָלפן דערצו האט די באַוואוסטזיניקע, צוועקמעסיקע אַגיטאַציע, וואס האט אַלץ מער און מער באַוויזן דער געזעלשאַפט, אַז די פאַרפאָלגונגען, וועלכע מיר האָבן אויסצושטיין זיינען אומגעהערטע, אַז די פּראצעסן, וועלכע מע האָט קעגן אונז פאַרפירט, זיינען אומגעזעצלעכע און ביכלאַל זיינען די באַציאונגען צו אונז לאַכלוטן ניט אין איינקלאַנג מיט די אַלגעמיינע רעכטלעכע נאָרמען, וואָס זיינען געגרינדעט פאַר דער היינטצייטיקער מעלוכע און וואָס זיינען פאַר איר נויטיק, אויב זי וויל עקזיסטירן. אָט דער געדאַנק איז אַריינגע-דרונגען אַדאַנק דער צוועקמעסיקער טעטיקייט אין אַלץ מער ברייטערע

קרייזן. אונזער פאָדערונג איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז ענדלעך האָט מען דערזען די אומעגלעכקייט צו פירן זיך ווי פריער און מע האָט געמוזט אָפּ-שוואַכן די אונטערדריקונגען. דער איבערבליק פון דער פּאַרטיי-אַנטוויקלונג פאַר די לעצטע 20 יאָר גיט פאָלגנדיקן באַלערנדיקן רעזולטאַט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער צאָל שטימען, וועלכע זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן באַ די וואַלן פאַר אונזער פּאַרטיי. באַ די אַלגעמיינע וואַלן אין 1871 יאָר זיינען פאַר אונז אָפּגעגעבן געווארן 102.000 שטימען, אין 1874 יאר 325.000 שטימען, אין 77-טן, אין צוויי יאָר נאָכן פּאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי, וואָס איז ביזן 1875 יאָר געווען צעברעקלט אַף צוויי פראַק-ציעס — 493.000 שטימען. דאָס איז די גרעסטע ציפער ביזן אויסנאַם-געזעץ. מיט אַ יאָר שפּעטער איז דער רייכסטאַג פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן. נאָך די צוויי אַטענטאַטן האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומגעהויערע פאַרפאָלגונג קעגן אונ-זער פּאַרטיי, וועמען די רעגירונג האָט צוגעשריבן די איניציאַטיוו פון די אַטענטאַטן, און אונטערן שטאַרקסטן דרוק פון אָט דער העצע האָט זיך די צאָל שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין זומער 1878 יאָר, פאַרקלע-נערט פון 493.000 ביז 437.000, מיר האָבן באַקומען אַף 56.000 שטי-מען ווייניקער, ווי אין פאָריקן יאָר. די קלעפּ פונם געזעץ קעגן די סאָציא-ליסטן זיינען ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן, פון דעסטוועגן האָבן מיר בא די וואלן אין 1881 יאָר, וועלכע זיינען פאָרגעקומען בא גאַנץ אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען, באַקומען 312.000 שטימען. דעמדאָזיקן פאַקט דאַרף מען צוגעבן נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג, ווייל צוליב דער אויסערגעוויינלעכער לאַגע און צוליב די פאַרפאָלגונגען האָט דער גרעסטער טייל וואל-קרייזן דעמאָלט ניט געקאָנט קריגן קיין איין פּראָקלאַמאַציע, קיין איין וואַל-בלעטל, ווייל קיין דרוקעריי פון די קעגנער האָט זיי ניט געוואלט דרוקן, און אונזערע אייגענע דרוקערייען זיינען אַלע געווען פאַרניכטעט, די פּראָקלאַמאַציעס אָבער, וואו זיי זיינען נאָך געווען, האָט מען געקאָנט פאַרשפּרייטן בלויז מיט גרויסע שוועריקייטן און ריזיקע.

עס זיינען אָנגעקומען די וואַלן פון 1884 יאָר. זיי האָבן שוין מיט זיך פאָרגעשטעלט גאָר אַן אַנדער בילד; די פּאַרטיי האָט באַוויזן שטאַרק צו-זיך צו קומען; די צוזאַמענפאָרן אין ו י ד ע ן און ק אָ פּ ע נ ה א ג ע ן זיינען פאָרגעקומען און האבן באדייטנד אויפגעהויבן דעם גייסט פון דער פּאַרטיי. אין פאַרשיידענע ערטער זיינען געמאַכט געוואָרן ערפאָלגרייכע פּרואוון אַרויסצוגעבן נייע צייטונגען, עס זיינען געגרינדעט געווארן דרוקע-רייען א. א. וו. און אין רעזולטאט האָט זיך דאָסמאָל איינגעגעבן צו באקומען 550.000 שטימען, אַף 238.000 מער, ווי אין 1881 יאָר. אין 1887 יאָר איז די צאָל אָנהענגער אונזערע אויסגעוואקסן ביז 763.000 און אַף די לעצטע וואלן האיאָר, וועלכע אַלע געדענקן גוט, — אפילו ביז 1.427.000. אונזער פּאַרטיי איז געוואָרן די שטאַרקסטע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד.

אַף די ווייטערדיקע זיצונגען וועלן מיר נאָך ריידן וועגן דער באַדייטונג פון די וואַלן און ביכלאַל וועגן דער פארלאמענטישער טעטיקייט. איצט אָבער דערקלער איך, אַז די אַגיטאַציע אינם וואל-פעריאָד און די טעטיקייט פון די אויסגעוויילטע דעפוטאַטן פון רייכסטאָג זיינען, לויט מיין אבערציי- גונג, געווען דאָס וויכטיקסטע, שטאַרקסטע אַגיטאַציע-מיטל פאַר דער מעכטי- קער אַנטוויקלונג פון דער פאַרטיי טראָץ דעם געזעץ קעגן די סאציאַליסטן. (גאַנץ ריכטיק!). אויב באם דאָזיקן געזעץ וואָלט פאַר אונז געווען פארמאַכט דער צוטריט צו דער טריבונע אינם רייכסטאַג און פאר אונז וואָלט געווען אומעגלעך צו באַנוצן זיך מיטן וואל-רעכט, וואָלט בא אונז ניט פארבליבן קיין איין מיטל צו דערוויסן זיך, אַפילו אומגעפער, אין וואסער פארם און אַף וואסער אויפן אנטוויקלט זיך אונזער פאַרטיי און צי פראגרעסירט זי אַפילו; מיר וואלטן ניט געקאנט פאַרברייטערן אונזער אגיטאַציע אַפילו אומגעפער אזוי, ווי איצט. אין די ווייטערדיקע דיסקוסיעס וועט קלאר ווערן, אַף וויפל די פאַרלאמענטישע טעטיקייט פון דער פראקציע האט אנטשפראָכן די וואונשן פון די פאַרטיי-מיטגלידער. לויט מיין מיינונג, האט די פארטיי דעם פולן גרונט נאכצופאָלגן דער איצטיקער טאַקטיק אויך אַף ווייטער. אלס בעסטער באוויז פון אָט דעם קאנען דינען די באגריסונגען פון אונזערע פריינט און כאַווירים פון אויסלאנד, וואָס האבן אויסגעדריקט דעם וואונש צו אַרבעטן אַזוי, ווי מיר, און צו האבן די מעגלעכקייט צו גיין מיטן וועג, וואס מיר האבן אויסגעקליבן. צום באדויערן, איז דאס ביז איצט געווען אומעגלעך אין אסאך לענדער, פון וואנען זיי זיינען געקומען אַלס פארשטייער, ווייל דארט איז ניטאָ קיין אַלגעמיינע וואל-רעכט.

ווייטער זעען מיר, אַז צוזאמען מיט דער פאַרשטארקונג פון אונזער פאַרטיי, איז געוואקסן דער אינטערעס צו דער סאציאלער באוועגונג אין די ברייטסטע קרייזן פון אונזערע קעגנער. זיי זיינען געווען געצוואונגען צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט אַף אָט דער באַוועגונג און צו שטודירן זי. איך וויל אייך דערמאנען וועגן דעם באַוואוסטן צירקוליאר פון 4 פעווראל, וועלכער איז בעליסאָפעק אַ גרויסער מאָראַלישער ערפאָלג פון יענע פאָדערונגען, וואָס זיינען דערקלערט געוואָרן אין יולי פאָריקן יאָר אַפן אינטערנאַציאָלן אַרבע- טער-קאָנגרעס אין פאַריז. אַפילו די אולטראמאָנטאנער (די עקסטרעמע פויפסט- לעכע פאַרטיי) זיינען געווען געצוואונגען צונויפרופן די לעצטע כאַדאָשים אן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אַף באַהאַנדלען, ווי אַזוי בעסער צו מאכן אַ גרעבלע קעגן דעם וואקסנדיקן שטראָם פון סאָציאַליזם. ענדלעך, מיט אַ פאָר טעג צוריק האָט זיך אין פראַנקפורט אַפן מאין פאַרזאַמלט א קאָנגרעס פון די פאָרשטייער פון די געלערנטע, וועלכע האָט אויך אנערקענט פאַר נויטיק די אַרבעטערשע געזעצגעבונג. אָט דאָס זיינען גרויסע מאָראַלישע זיגן ניט נאָר פון דער דייטשישער, נאָר אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָ- קראַטיע. אָבער באַזונדערס אַנגענעם און וויכטיק איז פאַר אונז יענער פאַקט,

וואָס דאָס געפיל פון סאָלידאַרישקייט באַ די אַרבעטער פון פאַרשיידענע לענדער האָט זיך אַנטוויקלט אין א קאָלאָסאַלער מאָס זינט דעם פאַריזער קאָנגרעס; שוין דער פאַריזער קאָנגרעס אַליין באַווייזט דאָס מיט דער אויסער־געוויינלעכער צאָל רייכקייט פון די פאָרשטייער מיצאַד די אַרבעטער פון אַלע לענדער, און אונזערע קעגנער זיינען געצוואונגען צו רעכענען זיך מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג, אויב זיי ווילן פאַרבלייבן, ווי ווייט מעג־לעך, די באַלעבאַטים פון דער לאַגע.

מיר זיינען אַלע זיכער, אַז עס וועט זיך אויסלאָזן פונקט פארקערט; די אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג וועט זיי איבערוואקסן, ווי עס האָבן זיי שוין איבערגעוואַקסן די נאַציאָנאַלע באוועגונגען אין פאַרשיידענע לענדער (באווי־ליקונג).

איך גיי איבער איצט צו אונזער איצטיקער פרעסע, קעדיי אויך דא צו דערקלערן, ווי אַזוי עס האָט זיך אַנטוויקלט די אַגיטיר־טעטיקייט פון דער פאַרטיי פאַר די לעצטע יאָרן. אין 1887 יאָר און פריער האָבן מיר ניט גע־קאָנט געבן קיין גענויען איבערבליק פון דער פרעסע, וואָס האָט עקזיסטירט באַם אויסנאַם־געזעץ; עס איז אַפילע געווען ניט צוועקמעסיק צו ריידן וועגן דעם. איצט אָבער איז לויט מיין מיינונג אמפּלאַץ אויסצופאָרשן, אין וואָס פאַר אַ לאַגע איז געווען די פרעסע פאַר דער צייט פון 1878—90 יאָרן.

אינם מאָמענט, ווען עס איז פארעפנטלעכט געוואָרן דער געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן, האָבן אין דייטשלאַנד עקזיסטירט 42 פּאָליטישע און 14 פּרא־פעסיאָנעלע אָרגאַנען. זייער אַלגעמיינע צאָל אבאנענטן האָט מען קיינמאָל ניט געקאָנט גענוי פעסטשטעלן. לויט א קאָמפּעטענטער אויסרעכענונג אָבער האָט זי ניט איבערגעשטיגן קיין 160—170.000. פון די 42 פּאָליטישע צייטונגען פלעגן 13 ארויסגיין 6 מאָל א וואָך, 13 צו 3 מאָל, 3 צו 2 מאָל און 13 צו איין מאָל א וואָך.

אינם איצטיקן מאָמענט קאָנען מיר מאַכן אַ גאַנץ פּינקטלעכן איבערבליק, אָבער אויך איצט האָב איך ניט געקאָנט צונויפזאַמלען פּינקטלעכע ציפערן, ווייל אַסאך צייטונגס־רעדאַקציעס האָבן ניט אויסגעפילט מיין באַקאָ־שע און האָבן מיר ניט מיטגעטיילט די צאָל אבאָנענטן זייערע, און די ציפערן וועגן זיי האָבן ניט געקאַנט אריינגיין אין דער פאָרגעלייגטער טאַבעלע. אָט איז זי. זי באַציט זיך צו דער צייט פון סאָף סענטיאַבר און דעריבער האָט די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל אויסגאַבן, וואָס איז צו אונזער פארגע־ניגן צום 1 אָקטיאבר געווען א היפּשע, ניט געקאָנט גענומען ווערן אין אכט.

אינגאַנצן זיינען דערשינען פּאָליטישע צייטונגען:

וועכנטלעך 6 מאָל — 19 צייטונגען; אבאָנענטן האָבן זיי פון 30.000 ביז 1.100 סאַכאַקל 120.400.

וועכנטלעך 3 מאָל — 25 צייטונגען; אבאנענטן — פון 9.000 ביז 250 סאַכאַקל 58.000.

וועכנטלעך 2 מאָל — 6 צייטונגען; אבאָנענטן — פון 6.000 ביז 450 סאַכאַקל 14.850.

וועכנטלעך צו 1 מאָל — 10 צייטונגען; אבאָנענטן — פון 14.500 ביז 1.000 סאַכאַקל 60.850.

סאַכאַקל: 60 צייטונגען מיט 254.100 אבאנענטן.

די לאַגע פון דער פראָפעסיאָנעלער פרעסע איז אַזאַ: וועכנטלעך 1 מאָל זיינען דערשינען 17 צייטונגען, וואָס פון זיי האָט איינע, נעמלעך: דאָס בלעטל פון די בארג-אַרבעטער געהאַט 27.000 אבאָנענטן; א צווייטע צייטונג — 16.000; א דריטע — 15.000; אַ פערטע — 12.500; א פינפטע — 11.000; די לעצטע — 800 אבאנענטן. סאכאקל האָבן דידאָזיקע צייטונגען געהאַט 155.350 אַבאנענטן.

מאנאטלעך 2 און 3 מאָל זיינען דערשינען 2 צייטונגען מיט אַן אלגעמיינער צאָל 4.400 אבאנענטן; יעדע 14 טעג, ד. ה. 2 מאָל אין כוידעש 20— צייטונגען, וואָס האָבן געהאט פון 400 ביז 6.000 און סאַכאקל 39.750 אבאנענטן; מאנאַטלעך 2 מאָל —2 צייטונגען. סאַכאקל 1.500 אבאנענטן. ארום און אַרום 41 צייטונגען מיט 201.000 אבאָנענטן.

צו די אָנגעוויזענע צייטונגען דארפן ווייטער צוגערעכנט ווערן: איין וויסנשאַפטלעכע פעריאָדישע אויסגאַבע „די נייע צייט", וואָס דערשיינט מאָנאַטלעך און וואָס האָט 2.500 אבאנענטן, איין ליטעראַרישע צייטונג אין האַמבורג „געזעלשאפטער", וועכנטלעך מיט 19.000 אבאָנענטן און 2 הומאָריסטישע אָרגאַנען מיט 107.000. אבאָנענטן.

איר אלע קימאַט באַטייליקט זיך אין דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג און פאַר אייך איז קלאל ניט קיין סאָד, אז דידאָזיקע באוועגונג האָט זיך שטאַרק אנטוויקלט און איז א וויכטיקער טייל אין דער אלגעמיינער ארבעטער-באַוועגונג. די אלגעמיינע צאָל פון אַלע פראָפעסיאָנעלע אָרגאנען איז איצט 104, די אַלגעמיינע צאָל אבאָנענטן זייערע איז 600.000.

אייגנטלעך האָט זיך אויך די פאַרטייאישע ליטעראַטור באַדייטנד פארגרעסערט, באַזונדערס די, וואָס ווערט אַריינגעפירט פון אויסלאַנד. אינם פעריאָד, ביזן ארויסגעבן דעם געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן איז קיינמאָל ניט געווען אָפגעדרוקט, אפילע אומגעפער, אַזא צאָל פאַרטייאישע אויסגאַבן, ווי אינם פעריאָד, ווען עס האָט געהערשט דערדאָזיקער אויסנאַם-געזעץ, און דערדאָזיקער צופלוס וועט זיין אַסאַך א גרעסערער, ווען מיר וועלן אין דער נאָענטסטער צוקונפט אַרויסלאָזן נייע אויסגאַבן און מיר וועלן נאָך פארבעסערן די פאַרטייאישע ליטעראטור. גאַנץ פארשטענדלעך, אַז אָן דער האַסקאָמע פונם מעכאַבער און פון דער פאַרטיי, דאַרף ניט דערשיינען קיין איין אויסגאַבע. איך רעכן, אַז אין דער צוקונפט וועלן מיר קיין זאך ניט ארויסגעבן וויינקער

ווי צו 20—30.000 עקזעמפּליאַרן און פאַר אסאך בּראשורן דאַרף די דאָזיקע צאָל נאָך פארגרעסערט ווערן — אַזוי גרויס איז דער נאכפרעג פון אלע זייטן. בּיזן געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן פלעגט יעדע אויסגאבּע דערשיינען אין אַלגעמיין ניט מער ווי אין 5.000 עקזעמפּליאַרן...

# 2. ערפורטער פּראָגראַם

(אויסצוגן פון דעם טעאָרעטישן טייל)

ערפורט, אָקטיאבר 1891 יאר

„די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דער בּורזשואַזער געזעלשאפט פירט מיט דער נויטווענדיקייט פון אַ נאַטור-געזעץ צו דעם אונטערגאנג פון דער קליינער אונטערנעמונג, וואס דער יעסאָד אירער איז פּריוואט-אייגנטום פון דעם אַרבעטער אַף די פּראָדוציר-געצייג. זי צעשיידט דעם אַרבעטער מיט זיינע פּראָדוציר-געצייג און פארוואנדלט אים אין אַ ניטפארמעגלעכן פּראָלעטאַריער, און די פּראָדוציר-געצייג ווערן אַ זאַך פון מאָנאָפּאָל פון אַ קליינער צאָל קאפּיטאַליסטן און גרויסע ערד-אייגנטימער.

האַנט בּאַ האַנט מיט אָט דער מאָנאָפּאָליזירונג פון די פּראָדוציר-געצייג גייט די אַרויסשטופּונג פון די צעבּרעקלטע קליינע אונטערנעמונגען דורך די קאָלאָסאַלע גרויס-אונטערנעמונגען, די אַנטוויקלונג פון אינסטרומענט אין אַ מאַשין, דער גיגאנטישער וואוקס פון פּראָדוקטיווקייט פון דער מענטשלעכער אַרבּעט. אָבּער אַלע מאַילעס פון דערדאָזיקער אומענדערונג ווערן מאָנאָפּאָליזירט דורך די קאפּיטאַליסטן און גרויסע ערד-אייגנטימער. פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט און די פאַלנדיקע מיטל-קלאסן — דעם בּירגערטום, דעם פּויערטום — בּאַטייט עס אַ גרעסערע אומזיכערקייט פון עקזיסטענץ, אַ וואוקס פון דאַכקעס, אונטעדריקונג, פארשקלאפונג, דערנידעריקונג, עקספּלואַטאציע.

אַלץ גרעסער ווערט די צאָל פּראָלעטאריער, אַלץ אומגעהויערער ווערט די אַרמיי איבּעריקע אַרבּעטער, אַלץ שארפער די סטירע צווישן די עקספּלואַטאַטאָרן און עקספּלואַטירטע, אַ ך פאַרבּיטערטער דער קלאסנקאמף צווישן דער בּורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאריאַט, וואס צעטיילט די היינטיקע געזעלשאַפט אַף צוויי פיינטלעכע לאַגערן און וואס איז אַ געמיינשאפטלעכע שטריך פון אַלע אינדוסטריעלע לענדער.

דער טעהאָם צווישן די פארמעגלעכע און אומפארמעגלעכע ווערט נאָך בּרייטער מאַכמעס די קריזיסן, וואס נעמען זיך פון דעם מעהוס גופע פון דער קאפּיטאַליסטישער אַרט פּראָדוקציע; די קריזיסן ווערן אַלץ בּרייטער און פאַרהיסטנדיקער, זיי מאכן די אַלגעמיינע אומגעזיכערטקייט פאר אַ נאָרמאלן צושטאנד פון דער געזעלשאַפט און זיינען בּאווייזן, אַז די פּראָדוצירנדיקע קויכעס פון דער איצטיקער געזעלשאפט האבּן זי אַריבּערגעוואקסן, אַז פּריוואט-אייגנ-

טום אַף די פּראָדוציר-מיטלען פּאָרט זיך שוין ניט מער מיט אַ צוועקמעסיקער אָנווענדונג און פולער אנטוויקלונג פון זיי.

דאָס פּריוואַט-אייגנטום אַף פּראָדוציר-מיטלען, וואָס האָט אַמאָל געדינט צו באַוואָרענען דעם פּראָדוצירער דאָס אייגנטום אַף זיין פּראָדוקט, דינט איצטער ווי אַ געצייג צו עקספּראָפּריאירן די פּויערים, באַלמעלאָכעס און קליין-הענדלער און איבערצוגעבן דעם פּראָדוקט פון די אַרבעטסלייט אין אייגנטום פון ניט-אַרבעטסלייט, ד. ה. קאַפּיטאַליסטן און גרויסע ערד-אייגנטימער. נאָר די איבעראַנדערשונג פון קאַפּיטאַליסטישן פּריוואַט-אייגנטום אַף די פּראָדוציר-מיטלען — ערד, שאַכטעס און מעטאַל-גרובן, רויוואַרג, אינסטרומענטן, מאַשינעס, פּאַרקער-מיטלען — אין אַ געזעלשאַפטלעכן אייגנטום, נאָר די איבעראַנדערשונג פון סכוירע-פּראָדוקציע אין סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס ווערט געשאַפן פאַר דער געזעלשאַפט און דורך איר, קאָנען ברענגען דערצו, אַז די גרויס-ווירטשאַפט און די קעסיידער וואַקסנדיקע פּראָדוקטיוויקייט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן פאַר די, וואָס זיינען ביז איצטער געווען די עקספּלואַטירטע, פון אַ קוואַל פון אָרעמקייט און קלאַסן-אונטערדריקונג: אין אַ קוואַל פון גרעסטן וואוילשטאַנד און אַלזייטיקער האַרמאָנישער פּאַרפול-קומונג.

אָט די געזעלשאַפטלעכע איבעראַנדערשונג באַטייט די באַפרייאונג ניט נאָר פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַליין, נאָר אויך פון דעם גאַנצן מענטשלעכן מין, וואָס ליידט פון די איצטיקע פּאַראָרדענונגען. דאָס קאָן אָבער געטאָן ווערן נאָר דורך דעם אַרבעטער-קלאַס, וואָרום די אַנדערע קלאַסן, ניט געקוקט אַף זייערע אינעווייניקסטע רייסערייען, וואָס נעמען זיך פון דער פאַרשיידנקייט פון אינטערעסן, שטייען אַלע אַפן גרונט פון פּריוואַט-אייגנטום אַף די פּראָ-ציר-מיטלען און שטרעבן אַלע איינצוהיטן די יעסוידעס פון דער איצטיקער געזעלשאַפט.

דער קאַמף פון דעם אַרבעטער-קלאַס קעגן דער קאַפּיטאַליסטישע עקס-פּלואַטאַציע איז אַלפּי נויטווענדיקייט אַ פּאָליטישער קאַמף. דער אַרבעטער-קלאַס קאָן ניט פירן זיין עקאָנאָמישן קאַמף, קאָן ניט אַנטוויקלען זיין עקאָנאָ-מישע אָרגאַניזאַציע אָן פּאָליטישע רעכט. ער קאָן ניט פאַרווירקלעכן דעם איבערגאַנג פון די פּראָדוציר-מיטלען אין רעשוס פון דער געזעלשאַפט, ניט האָבנדיק פריער דערוואָרבן די פּאָליטישע מאַכט.

צוגעבן אָט דעם קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס אַ באַוואוסטזיניקן און איינהייטלעכן כאַראַקטער, אָנווייזן אים זיין נאַטירלעך נויטווענדיקן ציל — דאָס איז די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אין אַלע לענדער, וואו עס איז דאָ דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוציר-אויפן, זיינען די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער-קלאַס דיזעלביקע. וואָס מער עס פאַרברייטערט זיך דער צווישנפעלקערלעכער-האַנדל און די פּראָדוקציע פאַרן וועלט-מאַרק, ווערט די לאַגע פון די אַרבעטער אין יעדן לאַנד אַלץ

מער אָפּהענגיק פון דער לאַגע פון די אַרבעטער אין די אַנדערע לענדער. אַף אַזאַ אויפן, איז די באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס אַ זאַך, אין וואָס עס זיינען אין אַ גלייכער מאָס פאַרינטערעסירט די אַרבעטער פון אַלע קולטור-רעלע לענדער. וויסנדיק דאָס, פילט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד און דערקלערט זיך פאַר איינס מיט די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער פון אַלע אַנדערע לענדער.

אַזוי קעמפט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד ניט פאַר נייע קלאַסן-פּריווילעגיעס און בילכערקייטן, נאָר פאַר דער אָפּשאַפונג פון קלאַסן-הערשאַפט און פון די קלאַסן גופא, פאַר גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן פאַר אַלע מענטשן, אָן אונטערשייד פון געשלעכט און ראַסע. אַרויסגייענדיק פון אָט די אָנשויאונגען, פירט די פּאַרטיי אין דער איצטיקער געזעלשאַפט אַ קאַמף ניט נאָר קעגן דער עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג פון לוין-אַרבעטער, נאָר אויך קעגן יעדער עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, אַלציינס צי דאָס איז געווענדט קעגן אַ קלאַס, אַ פּאַרטיי, אַ געשלעכט אָדער אַ ראַסע"...

## 3. פ. ענגעלסעס קריטיק פון פּראָיעקט פון דער ערפורטער פּראָגראַם

(פראַגמענטן פון פ. ענגעלס בריוו צום צ. ק. פון דער ס. ד. פּ. ד. פון 29-טן יוני 1891-טן יאָר)

### די פּאָליטישע פאָדערונגען

„די פּאָליטישע פאָדערונגען פונם פּראָיעקט האָבן אַ גרויסן כעסאָרן. אין זיי איז ניטאָ דאָס, וואָס מע האָט אייגנטלעך געדאַרפט זאָגן. ווען אָט די אַלע צען פאָדערונגען וואָלטן באַפרידיקט געוואָרן, איז האַגאַם מיר וואָלטן געהאַט אַסאַך מער מיטלען אַף דורכצופירן די פּאָליטישע הויפּט-פאָדערונג, וואָלטן מיר אָבער נאָך אַבסאָלוט ניט געהאַט דאָס סאַמע איקערדיקע. און די רעכט, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן דעם פאָלק און זיין רעגירונג, איז די אימפּערישע קאָנסטיטוציע—אַ פאַשעטע קאָפּיע פון דער פּרייסישער קאָנסטיטוציע פון 1850-טן יאָר — פון דער קאָנסטיטוציע, אין וועלכער די פּאַראַגראַפן דריקן אויס די עקסטרעמסטע רעאַקציע; אַ קאָנסטיטוציע, וואָס אַף איר גרונט באַזיצט די רעגירונג דיווירקלעכע מאַכט, אָבער די פּאַלאַטעס האָבן אַפילו ניט דאָס רעכט ניט אָנצונעמען דעם ביודזשעט; אַ קאָנסטיטוציע, וואָס האָט אין דער עפּאָכע פונם קאָנפליקט דערוויזן, אַז די רעגירונג קאָן טאָן מיט איר אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט. דער רייכסטאַג האָט פונקט אַזוינע רעכט, ווי די פּרייסישע פּאַלאַטע, און דעריבער האָט ליבקנעכט אָנגערופן דעמדאָזיקן רייכס-טאַג פייגן-בלאַט פונם אַבסאָלוטיזם. וועלן אַפן גרונט פון דערדאָזיקער קאָנסטי-

טוציע און פונם סעפּאַראַטיזם פון די קליינע מעלוכעס וואס ווערט סאנקציאָנירט פון דערדאזיקער קאָנסטיטוציע, אַפּן גרונט פון פרייסנס בונד מיט רעיס-גרייץ-שלייץ-לאָבענשטיין, וואס איינע פון זיי אַנטהאלט פונקט אַזוי פיל קוואַדראַט-מייל, וויפל די אנדערע קוואדראט-צאָל, ווען אַף אַזא גרונט דערפירן „דאס פארוואנדלען אַלע פּראָדוציר-מיטלען אין אַ געזעלשאפטלעך אייגנטום" איז קלאָר ווי דער טאָג אַן אַבסורד. באַרירן דאס איז אָבער געפערלעך. פונדעסט-וועגן איז נויטיק אזוי אָדער אנדערש אָנצורירן דידאזיקע פראגע. אף וויפל דאס איז נויטיק, באוויזט דער אָפּאָרטוניזם, וואָס גראד איצט דרינגט ער אריין אין אַ היפּשן טייל סאָציאל-דעמאָקראַטישער פּרעסע. מוירע האבנדיק, אַז עס וועט באנייט ווערן דער געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן, דערמאָנענדיק זיך אייניקע צו-אייליקע דערקלערונגען, וואס זיינען געמאכט געווארן באַם פאַרוויר-קלעכן דעמדאזיקן געזעץ, האט מען זיך פּלוצלינג איינגעבילדעט, אַז איצט, באַם מאָדערנעם צושטאנד פון דער געזעצלעכקייט אין דייטשלאנד, קאָן די פּאַרטיי דורכפירן אין די ראַמען פון דער געזעצלעכקייט אלע אירע פּאָדערונגען אַף אַ פרידלעכן אויפן, מע באמיט זיך צו איבערצייגן זיך און די פּאַרטיי, אַז „די מאָדערנע געזעלשאפט וואַקסט אריין אינם סאָציאַליזם". און מע פרעגט זיך ניט, צי דארף זי דערביי ניט אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַלטע געזעלשאפטלעכע פאָרם און צערייסן דאָס אַלטע הייטל אַזוי גוואַלדזאַם, פּונקט ווי די געזעלשאפט אין דייטשלאנד וואָלט נאָך כוץ דעם געדאַרפט צערייסן די קייטן פון דער האַלב-סאָציאַליסטישער און דערצו נאָך אַן אַ שיר פאַרפּלאָנטעטער פּאָליטישער אָרדענונג. מע קאָן זיך פּאָרשטעלן, אַז די אַלטע געזעלשאפט קאָן פרידלעך אריינוואַקסן אין דער נייער. אין אַזוינע לענדער, וואו די פּאָלקס-רעגירונג קאָנצענטרירט אין זיך די גאנצע מאַכט, וואו מע קאָן אַף אַ קאָנסטיטוציאָנעלן אויפן טאָן אַלץ, וואָס מע וויל, אויב מע זאָל האבן הינטער זיך די מערהייט פּאָלק; אין די דעמאָקראַטישע רעפּובליקן, ווי פראנקרייך און אַמעריקע, אין אַזוינע מאנאַרכיעס, ווי ענגלאנד, וואו יעדן טאָג ווערט באהאנדלט אין דער דער פּרעסע די באַזייטיקונג פון דער דינאַסטיע, אויב מע זאָל איר אָפּצאָלן אַ געוויסע סומע, און וואו דידאזיקע דינאַסטיע איז אָנמעכטיק קעגן דעם פּאָלקס ווילן. אָבער דערקלערן עטוואס ענלעכעס אין דייטשלאנד, וואו די רעגירונג איז קימאַט אלמעכטיק און וואו דער רייכסטאג און אַלע אנדערע פאָרשטייערישע אָרגאַנען האבן ניט קיין שום מאַכט, און דערצו נאָך אָן אַ באַזונדערער נויט, — הייסט אַראָפּנעמען פונם אַבסאָלוטיזם דאָס פייגנבלאט און זיך אליין אוועקשטעלן אַף צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט.

אַזאַ פּאָליטיק קען בלויז ברענגען אַף לאַנג די פּאַרטיי אַף אַ פאַלשן וועג. אינם פּאָדערגרונט ווערן אַרויסגערוקט אַלגעמיינע, אַבסטראַקטע פּאָליטישע פראַגן און מע רוקט אַפּ אַזוי אַרום אינם הינטערגרונט די נאָענטסטע קאָנקרעטע פראַגן, די פראַגן, וועלכע וועלן באַ די ערשטע גרויסע געשעע-נישן, באַם ערשטן פּאָליטישן קריזיס, זיך אַליין אַרויסרוקן אין דער ערשטער

דיי. וואָס קאָן דערפון ארויסקומען, אויב ניט דאָס בלויז, וואָס די פּאַרטיי וועט אינם אנטשיידענעם מאָמענט פּלוצים זיך אַרויסווייזן אן אומבאַהאָלפענע, וואָס עס וועט ניט זיין קיין קלאָרקייט און קיין איינהייט אין די וויכטיקסטע פּונקטן, ווייל דידאָזיקע פראַגן זיינען קיינמאָל ניט באַהאנדלט געוואָרן. ניט שוין זשע דאַרף זיך איבעראנייס איבערכאַזערן דאָס, וואָס עס האָט באַשאיטוי פּאַסירט מיט די פּראָטעקציאָניסטישע גרענעץ-אָפּצאָלן, וואָס מע האָט דעמאָלט געהאַלטן פאַר אַ פּראַגע, וואָס איז נויגייע בלויז די בורזשואזיע און קוים-קוים די אַרבעטער, וועו יעדערער האט אַף אַזאַ אויפן געקאָנט שטימען, ווי ער האָט געוואָלט; איצט אָבער האָבן זיך אַסאַך אַ וואָרף געטאָן אינם קעגנזעצלעכן עקסטרעם, און אין קעגנגעוויכט צו די בורזשואַ, וואָס זיינען געוואָרן אָנהענגער פון די פּראָטעקציאָניסטישע גרענעץ-אָפּצאָלן, פרייערדיקן זיי ווידער קאַבדענס און בּראיטעס עקאָנאָמישע כאַלוימעז, דאָס סאַמע עכטע מאַנטשעסטערייי — און גיבן דאָס ארויס פאַרן ריינסטן סאָציאַליזם.

דאָסדאָזיקע איגנאָרירן די וויכטיקסטע שטאַנדפּונקטן צוליב די פאַרבייגייענדיקע אַלטעגלעכע אינטערעסן, דאָסדאָזיקע קעמפן און שטרעבן צו אַן ערפאָלג אַף אַ מינוט און ניט רעכענען זיך מיט די וויכטיקסטע פאָלגן, דאָסדאָזיקע באַציען זיך מיט ביטל צו דער צוקונפט פון דער באַוועגונג צוליב איר קעגנוואַרט — איז עפּשער אין טאָך געגומען אַפילע „ערלעך“, אָבער דאָס איז און פאַרבלייבט אָפּאָרטוניזם. און דער „ערלעכער“ אָפּאָרטוניזם איז עפּשער דער געפערלעכסטער פון אַלע מינים אָפּאָרטוניזם. אין וואָס זשע באַשטייען דידאָזיקע דעליקאַטע, אָבער זייער וויכטיקע פּונקטן?

ערשטנס, אויב מע קאָן עטוואָס זאָגן מיט זיכערקייט, איז עס דאָס, וואָס אונזער פּאַרטיי און דער אַרבעטער-קלאַס קאָנען קומען צו דער הערשאַפט בלויז באַ אַזאַ פּאָליטישער פאָרם, ווי די דעמאָקראַטישע רעפּובליק. דידאָזיקע רעפּובליק איז אַפילע די ספּעציפישע פאָרם פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווי דאָס האָט שוין באַוויזן די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע*. עס קאָן דאָך אַבסאָלוט ניט געמאָלט זיין, אַז אונזערע בעסטע מענטשן זאָלן ווי מיקעל, ווערן מיניסטאָרן באַם אימפּעראַטאָר.

* ציטירנדיק דאָסדאָזיקע אָרט פון ענגעלסן אין זיין ווערק „מעלוכע און רעוואָלוציע“, — באַמערקט וו. א. לענין אָט וואָס מיקויעך דערדאָזיקער פראַגע:

„ענגעלס כאַזערט דאָ איבער אין אַ באַזונדער בוילעטער פאָרם יענע גרונט-אידייע, וועלכע ציט זיך ווי א רויטער פאָדעם דורך אַלע מאַרקסעס ווערק, דעהאיגע — אַז די דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז דער נאָענטסטער צוגאַנג צו דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. ווייל ניט באַזייטנדיק אַף אַ האָר די הערשאַפט פונם קאַפּיטאַל און מעמיילע, די אונטערדריקונג פון די מאַסן און דעם קלאַסנקאַמף, פירט אַזאַ רעפּובליק אומפאַרמיידלעך צו אַזאַ פאַרברייטערונג, פאַנאַנדערוויקלונג פאַנאַנדערפּעוונג און פאַרשאַרפונג פון דעמדאָזיקן קאַמף, אַז ווי באַלד עס אנטשטייט נאָר די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן די קאַרדינאַלע אינטערעסן פון די אונטערדריקטע מאַסן, ווערט דידאָזיקע מעגלעכקייט אומפאַרמיידלעך און אויסשליסלעך פאַרווירקלעכט אין דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אינם פּראָלעטאַריאַטס אָנפירן מיט דידאָזיקע מאַסן. פאַר אָט דעם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל איז

אָבער איצט, אַפּאָנים, רעכנט זיך פאַר ניט דערלאָזבאר צו שטעלן דירעקט אין דער פּראָגראַם די פאָדערונג פון אַ רעפּובליק, האַגאַם אַפילע באַ לואי-פיליפן האָט מע דאָס דערלאָזט אין פראַנקרייך, פונקט אַזוי ווי איצט אין איטאַליע. אָבער דער פאַקט, וואָס אין דייטשלאַנד ווערט אַפילע ניט דערלויבט אַרויסשטעלן אָפן די רעפּובליקאַנישע פאַרטיי-פּראָגראַם, דערווייזט, ווי גרויס עס איז די אילוזיע, אַז דאָרט איז מעגלעך אַף א פרידלעכן אויפן איינצופירן אַ רעפּובליק, און ניט בלויז אַ רעפּובליק, נאָר אויך די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט.

די פראַגע וועגן אַ רעפּובליק קאָן מען, פאַרשטייט זיך, אויסמיידן. אָבער וואָס מע דאַרף יאָ, לויט מיין מיינונג, אַריינשטעלן, — איז דאָס די פאָדערונג צו קאָנצענטרירן די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט אין די הענט פון דער פאָלקס-פאָרשטייערשאַפט. און דערמיט וואָלט מע לעסאַטע געקאָנט זיך באַגרענעצן, אויב מע קאָן ניט גיין ווייטער.

פון דידאָזיקע אַלע זאַכן דאַרף מע זייער ניט קיין סאַך איינשליסן אין דער פּראָגראַם. איך האָב דערמאַנט וועגן זיי הויפּטזאַכלעך, קעדיי צו כאַראַקטעריזירן די באַדינגונגען פון דייטשלאַנד, וואו מע קאָן ניט ריידן וועגן עפּעס ענלעכעס, און אויך יענע זעלבסטנארעריי, אַז אַזוינע באַדינגונגען קאָן מען אַף אַ לעגאַלן אויפן פאַרוואַנדלען אין אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט: און ווייטער, קעדיי צו דערמאָנען דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פאַרטיי, אַז עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע וויכטיקע פּאָליטישע פראגן, כוץ דער דירעקטער פאָלקס-געזעצגעבונג און דער אומזיסטער יורידישער הילף, וואָס אָן זיי קאָנען מיר זיך סאָפּקאָלסאָף באַגיין. באַם אַלגעמיינעם פעלן פון פעסטע גאראַנטיעס קאָנען דידאָזיקע פראַגן היינט-מאָרגן ווערן ברענענדיקע; און וואָס פאַר א לאַגע וועלן מיר דעמאָלט אַריינפאַלן, אויב מיר האָבן זיי ניט באַהאַנדלט, אויב מיר זיינען ניט געקומען מיקויעך זיי צו קיין באַשטימטער מיינונג".

# 4. רעוויזיאָניזם

(פראַגמענטן פון עד. בערנשטיינס בוך „סאָציאַלע פּראָבלעמען"

...„דידאָזיקע אויפגאַבע קאָן מען אויספירן נאָר דאַן, ווען מע זאָל אָפּנהארציק געבן זיך אַ דיווּעכעשבן וועגן די בלויזן און סטירעס פון דער טעאָריע. אַנדערש גערעדט, די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג און באַאַרבעטונג פון דער מאַרקסיסטישער לערע דאַרף מען אָנהויבן פון קריטיקירן זי. באַ דער איצטיקער לאַגע, קאָן מען מיט דער הילף פון מאַרקסן און ענגעלסן דערווייזן

---

דאָס בוך „פאַרגעסענע ווערטער" פונם מאַרקסיזם און אז ער האָט זיי פאַרגעסן האָט עס אויסערסט בוילעט אנטפּלעקט די געשיכטע פון דער פאַרטיי מענשעוויקעס פאַרן ערשטן האַלביאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1917 יאָר".

אַלץ. פאר אַפּאָלאָגעטן און ליטעראַרישע זאָילן (ניטפאַרגינענדיקע קריטיקער) איז דאס העכסט באַקוועם. אָבער ווער עס האט נאָך כאָטש וויפל ניט איז אײנגעהיט אין זיך דעם טעאָרעטישן געדאנק, פאַר וועמען די ווײסנשאפטלעכקייט פון דעם סאָציאַליזם „איז ניט אַ זאַך צו באווײזן, וואס בײַ פײערלעכע געלעגנהייטן נעמט עס אַרויס פון אַלמער און אין אַנדערע צײַטן פארגעסט מען עס", יענער וועט, האבנדיק אײנמאָל דערקענט דידאזיקע סטירעס, דערפילן די באַדערפעניש צו באַזײטיקן זיי. דערינען, און ניט אין שטענדיקן איבערכאַזערן די רייד פון לערערס, באַשטייט די אויפגאבע פון די טאַלמידים זײערע...

...עס וואָלט געווען אַ טיפער טאָעס צו מיינען, אַז בײַ דער הײַנטיקער אַנטוויקלונג באַמערקט זיך אַ לעפיערעכדיקע אָדער אַן אַבסאָלוטע פארקלענערונג פון דער צאָל אײגנטימער. ניט „מער אָדער ווייניקער", נאָר טאַקע פּאָשעט מער, ד. ה. אי אַבסאָלוט, אי רעלאַטיוו וואַקסט די צאָל אײגנטימער. ווען די טעטיקייט און די פּלענער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלטן געווען אָפּהענגיק פון דער פארמינערונג פון דער צאָל אײגנטימער, דאַן וואָלט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווירקלעך געקאָנט רואיק „שלאָפן" אינדערעמעסן אָבער קומט פאָר פונקט דער הייפּעך. ניט אָן דער פארמינערונג, נאָר אָן דער וואוקס פון דער געזעלשאפטלעכער אַשירעס ווענדן זיך די האָפענונגען פון דעם סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם אָדער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האט שוין איבערגעלעבט אַזאַך פאָרורטײלן; זי לעבט איבער אויך דעם פאָרורטייל, אַז איר צוקונפט הענגט אָפּ קלוימערשט פון דער קאָנצענטראַציע פון באַזיץ אָדער אויב איר ווילט, פון דעם, וואס דער מערווערט ווערט אײנגעשלונגען דורך ראק אַ קלענערער גרופּע קאַפּיטאַליסטישע מאָמענטן...

...דער אַרבעטער, וואס איז געוואָרן אין דער מעלוכע, אין געמײנדע א.אַ.וו. אַ פולבאַרעכטיקטער ווײלער און האט, הייסט עס, אויך אַ כײלעק אין דעם אַלגעמײנעם אײגנס פון דער נאַציע, וואס די געזעלשאַפט דערציט זײנע קינדער, היט אָפּ זײן געזונט און פארטײדיקט אים פון אומרעכט, — דערדאזיקער אַרבעטער האט אַ פאָטערלאנד, בלײַבנדיק דערבײַ אַ וועלט-בירגער, פונקט אַזוי ווי די נאַציעס דערנעענטערן זיך אַלץ מער צווישנאַנאַד, ניט אויפהערנדיק צו פירן דערבײַ זײער אײגן לעבן.

...דער אינטערנאַציאָנאַליזם האט אין מײנע אויגן אַלץ אַזאַ הויכן באַטײט, ווי אַלעמאָל, און איך מיין ניט, אַז איך זאָל אים האבן כאָטש עפּעס באַלײדיקט, אַרויסזאָגנדיק די אויבנגעבראַכטע געדאנקען. סאַידן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זאָל זיך באַגרענעצן מיט דאָקטרינערישע פּראָפּאַגאַנדע און סאָציאַליסטישע עקספּערימענטן, נאָר דאַן קאָן זי בלײַבן בײַ אַ ריין קריטישער באַציאונג צו פּאָליטישע איניאָנים. אָבער די פּאָליטישע טעטיקייט איז שוין גופע אַ קאָמפּראָמיס מיט דער ניט-סאָציאַליסטישער וועלט און צווינגט אונטערצונעמען מיטלען, וואס האָבן ניט גאָר קיין סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג

וועט דאס נאציאָנאלע ווערן פונקט אַף אַזויפיל סאָציאַליסטיש ווי דאס מוניצי-פּאַלע...

דער אינטערנאציאָנאליזם קאָן ניט זיין קיין גרונט פאר שוואכער נאָכ-גיביקייט די פּרעטענזיעס פון אויסלענדער...

נאַטירלעך, אַריינקריגנדיק קאָלאָניעס, מוז מען זאָרגזאם אויספאָרשן זייער ווערט און די האָפענונגען, וואס מע קאָן מיט זיי פארבינדן אין דער צוקונפט; מע מוז שטרענג קאָנטראָלירן די באַהאנדלונג פון די אָרטגעבירטיקע און די גאנצע פארוואלטונג, עס איז אָבער ניטאָ קיין שום גרונט צו זען אין דער דערוועדבונג פון קאָלאָניעס לעכאטכילע שוין עפּעס אַ שלעכטס...

אויב די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האט ניט געוואלט אָדער זי וויל ניט באַנוגענען זיך צו זיין אַן אַרבעטער-פּאַרטיי אין דעם זינען נאָר פון אַ פּאָלי-טישן צוגאָב צו דער באוועגונג פון די ארבעטער פאריינען, דאַן דאַרף זי אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, ווי אַזוי צו פאראינטערעסירן לעפּאָכעס אַ היפּשן טייל פויערים אין דעם גיצאָכן פון אירע קאַנדידאטן. בעניויגייע דער מאַסע קליין-פויערים וועט מען עס נאָך אַ לאַנגע צייט קאָנען דעגרדרייכן, דורכפירנדיק אַזעלכע מיטלען, וואס פארשפּרעכן זיי אין דער נאָענטסטער צוקונפט אַ פארבעסערונג אָדער פארזיכערונג. אָבער באַ אַסאַך מיטלען, וואס ווערן אונטערגענומען צוליב דעמדאזיקן צוועק, קאָן די געזעצ-געבונג ניט מאַכן קיין כילעק צווישן דעם קליינעם און מיטעלן פויער און, פון דער אנדערער זייט, קאָן זי ניט העלפן דעם פויער, ווי אַ בירגער פון דער מע-מעלוכע און אַן ארבעטער, ניט אונטערשטיצנדיק אים אין דערזועלביקער צייט ווי אַן „אונטערנעמער".

ניט אין יענע צייטן, ווען די טשארטיסטישע באוועגונג האט געהאט דעם רעוואָלוציאָנערסטן כאראקטער, האבן זיך די ענגלישע ארבעטער דערשלאָגן שטימרעכט, נאָר גראָד דאַן, ווען דער רעוואָלוציאָנערער קאמפּס-רוף איז שטיל געוואָרן, און די ארבעטער זיינען אריינגעטראָטן אין אַ בונד מיט דער ראַדיקאלער בורזשואזיע, קעדיי צו דערגרייכן רעפאָרמעס.

נאָר קיין איין מעיושעוודיקן סאָציאליסט אין ענגלאנד כאָלעמט זיך שוין איצטער ניט דער צוקונפטיקער גיצאָכן פון דעם סאָציאַליזם דורך דער הילף פון אַ גרויסער קאטאסטראָפע; קיינער טראַכט ניט וועגן איינעמען אין קריג דעם פּארלאמענט דורך דעם רעוואָלוּ-ציאָנערן פּראָלעטאריאט. אנשטאט דעם ווערט די אויפמערקזאמקייט אַלץ מער אריבערגעטראָגן אַף דער ארבעט אין די מוניציפּאליטעטן און אנדערע אָרגאנען פון זעלבסטפארוואלטונג. די פריערדיקע נידעריקע אָפּשאצונג פון דער באוועגונג פון די ארבעטער-פאריינען האט מען אָפּגעוואָרפן; מיט דערדאזיקער באוועגונג, און אויך מיט דער קאָאָפּעראטיוועור, האט מען געשלאסן אַן ענגערן צוזאמענבונד.

די קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצגעבונג ווירקט לאַנגזאמער. זי שטעלט מיט

זיך פאָר געוויינלעך א וועג פון קאָמפּראמיס; דאס איז דער וועג ניט פון פארניכטן די דערוואָרבענע רעכט, נאָר פון באפרידיקונג אנשטאט זיי. אָבער אין אים ליגט מער קראפט, איידער אין אַ רעוואָלוציע, דארט וואו פארורטיילן, א באגרענעצטער האָריזאָנט פון דער גרויסער מאסע זייַנען מעניעס פארן סאָציאלן פּראָגרעס. דער וועג פון קאָנסטיטוציאָנעלער געזעצגעבונג האט א גרויסע מאילע דאָרט, וואו עס האנדלט זיך וועגן באשאפן פעסטע לעבנספעאיקע עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס. אנדערש גערעדט, דערדאזיקער וועג האט אַ גרע־סערן ווערט פאַר פּאָזיטיוועד סאָציאַל־פּאָליטישער ארבעט.

איך האב געזאָגט: „דאס, וואס מע האלט פארן ענדציל פון סאָציאליזם, איז בא מיר גאָרניט, — באוועגונג — איז אלץ".

די שטרעבונג צום אָנגעמערקטן ענדציל איז אַ זאַך פון צווייטער מאדרייגע אַנקעגן דער ענערגישער שטרעבונג צו די נאָענטסטע צוועקן. דעריקער איז, אַז די צילן פון דעם קלאס זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ באשטימטן פּרינציפּ, וואס דריקט אויס די העכסטע מאדרייגע פון ווירטשאפט פון דעם גאנצן געזעלשאפטלעכן לעבן, אַז דידאזיקע צוועקן באשטימען אַ וועלט־אנשויאונג, וואס באצייכנט פּראָגרעס אין דער אַנט־וויקלונג פון קולטור, די העכסטע מאָראַל און רעכטלעכן באוואוסטזיין"...

# 5. די אויפגאַבן פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע

## א. רעזאָלוציע פון ערפורטער פארטייטאג אין 1891 יאָר

נעמענדיק אין אַכט, אַז די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט איז דער ערשטער און הויפּט־ציל, צו וועלכן עס דאַרף שטרעבן יעדע קלאַסן־באַוועגונג פונם באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַז די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט קאָן ניט זיין קיין אויפטו פון איין מינוט, קיין רעזול־טאַט פון אַן אומדערווארטעטן אָנפאַל אַפן קעגנער אין אַ גינסטיקן מאָמענט און אַז זי קאָן זיין אַ רעזולטאַט בלויז פון אַ קעסיידערדיקער אקשאָנעסדיקער אַרבעט פון אויסנוצן זיך אף א געשיקטן אויפן מיט אַלע וועגן און מיטלען, וואָס זיינען פאַראַן פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון אונזערע אידייען און צילן אין דער מאסע פונם אַרבעטער־קלאַס, דערקלערט דער צוזאַמענפאָר:

„עס איז ניטאָ קיין גרונט צו ענדערן די טאַקטיק, בא וועלכער די פּאַרטיי האָט זיך געהאַלטן ביז איצט.

„אַדעראַבע, דער צוזאַמענפאָר אַנערקענט פאַרן כויוו פון אַלע פּאַרטיי־כאַווירים צו פירן מיט אַלע קויכעס און מיטלען, וואָס געפינען זיך אין זייער רעשוס, א פּראָפּאַגאַנדע באַ די וואַלן אין רייכסטאָג, לאנדטאגן און אין די מוניציפּאַלע ראַטן—אומעטום, וואו עס איז דאָ אַ שאַנס אַף אַן ערפאָלג, ניט אויוועך זייענדיק דערביי די פּרינציפּן.

„ניט שאַפֿנדיק זיך די מינדעסטע אילוזיעס וועגן דעם ווערט פֿון די פּאַרלאַמענטישע ערפֿאָלגן, צוליבֿ דער שמאָלקייט און קלאַסן-עגאָאיזם פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען, האַלט דער פּאַרטייטאג די אגיטאַציע צוליבֿ די וואלן אין רייכסטאג, לאנדטאַגן און מוניציפּאַלע ראַטן פֿאַר אַן אויסערגעוויינלעך וויכטיקע געלעגנהייט פֿאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, ווייל זי איז דער בעסטער אויפֿן אַף צו קומען אין באַריר מיט די פּראָלעטאַרישע מאַסן און אויפֿקלערן זיי זייער קלאַסן-לאַגע און אויך צוליבֿ דעם נאָך, וואָס דאָס אויסנוצן די פּאַרלאַמענטישע טריבונע איז דאָס בעסטע מיטל אויפֿצודעקן די אומפֿעאיקייט פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע מאכט-אָרגאנען צו פֿאַרניכטן די סאָציאלע אומגליקן און מיט דעם דערווייזן דער גאַנצער וועלט די אומפֿעאיקייט פֿון די הערשנדיקע קלאַסן צו נעמען אין אַכט די נייע באַדערפֿענישן פֿון דער ציוויליזאַציע, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס פֿאָדערט צו באַפֿרידיקן.

„דער צוזאַמענפֿאָר פֿאָדערט פֿון די פּאַרטיי-פֿאָרשטייער, אַז זיי זאָלן האַנדלען פֿעסט און אנטשלאָסן אינם זינען פֿון דער פּאַרטיי-פּראָגראַם און ניט אָפּזאָגנדיק זיך פֿון באַקומען האַנאָכעס מיצאַד די הערשנדיקע קלאַסן, זאָלן זיי שטענדיק האָבן אין זינען דעם פֿולשטענדיקן און ענדגילטיקן ציל פֿון דער פּאַרטיי.

## בֿ. רעזאָלוציע פֿונם האַנאָווער צוזאמענפֿאָר אין 1899 יאָר

די עוואָלוציע פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, ווי זי איז געווען ביז איצט, גיט ניט דער פּאַרטיי קיין שום גרונט צו פֿאַרלאָזן אָדער ענדערן אירע גרונט-מיינונגען וועגן אָט דעם איניען.

איצט, ווי אויך פֿריער, שטייט די פּאַרטיי אַפֿן באָדן פֿונם קלאַסן-קאַמף, ווי פֿריער אַנערקענט זי, אַז די באַפֿרייאונג פֿונם אַרבעטער-קלאַס קאָן זיין נאָר זיין אייגענער אויפֿטו און דעריבער האַלט זי פֿאַר אַ היסטאָרישע אויפֿגאַבע פֿונם אַרבעטער-קלאַס די דעראָבערונג פֿון דער פּאָליטישער מאַכט מיטן ציל צו פֿאַרווירקלעכן, מיט דער הילף פֿון אָט דער מאַכט, דורך דער סאָציאַליזירונג פֿון די פּראָדוציר-מיטלען און דורך דער איינפֿירונג פֿון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוציר- און אויסטויש-סיסטעם, וואָס גרעסערע נוצן פֿאַר אַלעמען.

קעדיי צו דערגרייכן אָט דעם ציל, באַנוצט די פּאַרטיי אַלע מיטלען, וואָס זיינען אין העסקעם מיט אירע גרונט-אַנשויאונגען און וואָס זאָגן איר צו ערפֿאָלג. ניט מאַכנדיק זיך קיין אילוזיעס וועגן דעם מעהוס און כאַראַקטער פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען, וואָס פֿארטרעטן און פֿאַרטיידיקן די הייננטיקע פּאָליטישע און סאָציאַלע אָרדענונג, זאָגט זי זיך ניט אָפּ פֿון אַרבעטן צוזאַמען מיט זיי אין באַזונדערע פֿאַלן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונטערשטיצן די פּאַרטיי בא וואַלן, וועגן פֿאַרבֿרייטערן די פּאָליטישע רעכט און פֿרייהייט פֿונם פֿאָלק אָדער וועגן אַן ערנסטער פֿארבעסערונג פֿון דער

סאציאַלער לאַגע פונם אַרבעטער-קלאַס און וועגן פאַרווירקלעכן דעם פּראָגרעס אינם אויספילן די ציוויליזאַטאָרישע פליכטן אָדער וועגן דעם קאַמף מיט די באַוועגונגען, וואָס זיינען געווענדעט קעגן די אַרבעטער, און אין יעדן אָפּגעהאַלטענעם זיג, זעט זי בלויז א טריט, וואָס דערנעענטערט זי צו איר ענדגילטיקן ציל.

די פּאַרטיי היט אָפּ די נייטראַליטעט בענויגייע דער איינאָרדענונג פון קאָאָפּעראַציע. זי האַלט, אַז באַם אפּהיטן און אויספילן די פאַרבאַדינגונגען איז דאָס שאַפן אַזעלכע געזעלשאַפטן מעסוגל צו ברענגען צו דער פאַרבע-סערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון זייערע מיטגלידער; זי זעט אויך אין דער גרינדונג פון אַזעלכע געזעלשאַפטן, ווי אין יעדער אַנדער אָרגאַניזאַ-ציע פון די אַרבעטער אַף צו פאַרטיידיקן זיינע אינטערעסן, אַ מיטל, וואָס קאָן צוגרייטן די אַרבעטער צו אַ זעלבשטענדיקער פאַרוואַלטונג מיט זייערע איניאָנים, זי אַנערקענט אָבער ניט פאַר די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן די אַנטשיידענע ראָלע אין דער זאַך פון דער באַפרייאונג פונם אַרבע-טער-קלאַס.

אינם קאַמף קעגן דעם יאַבאָשע- און יאַם-מיליטאַריזם און קעגן דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק שטייט די פּאַרטיי אַף איר פריערדיקן שטאַנדפּונקט. זי בלייבט אויך טריי איר נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס שטרעבט צו דער האַרמאָניע און ברידערלעכקייט פון די פעלקער און קוידעמקאָל צו דער האַרמאָניע און ברידערלעכקייט פונם אַרבעטער-קלאַס אין פאַרשיידענע ציווי-ליזירטע לענדער, קעדיי אַזוי אַרום אויסבויען די ציוויליזאַציע אַף די יעסוידעס פון אן אַלוועלטלעכער פעדעראַציע.

אָט צוליב דעם אַלעמען זעט ניט די פּאַרטיי קיין שום גרונט צו ענדערן ניט איר פּראָגראַם, ניט די טאַקטיק, ניט דעם נאָמען, ד. ה. צו ווערן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס זי איז איצט, א פּאַרטיי פון דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע רעפאָרמעס, און זי וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ יעדן פּרוּוו צו באַהאַלטן אָדער ענדערן אירע באַציאונגען צו דער היינטיקער סאָציאַלער און פּאָליטישער אָרדענונג און צו די בורזש. אזע פּאַרטייען".

# 6. רעדע פונם דעלעגאַט יאָאַס פאַר דער וואָטירונג פונם בּיודזשעט אפן ליובעקער צוזאַמענפאָר

איך שטיי אַף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די פראַגע וועגן באַוויליקן דעם בּיודזשעט איז ניט קיין פּרינציפּיעלע, נאָר אַ פּאָליטישע פראַגע. זינגער, ווי אויך אַנדערע, איז מיט דעם מאַסקים געווען. די רעדנער, וואָס זיינען דאָ אַרויסגעטראָטן, האָבן אונז דערלויבט, ווען מיר וועלן האָבן אין גאָטאַ א מערהייט — וואָס איך האָף, אַז דאָס וועט פּאַסירן צום קומענדיקן מאָל — צו

שטימען פאַרן ביודזשעט, וואָס מיר וועלן דאַן אויסאַרבעטן. ווען מיר וואָלטן דאָס ניט געוואָלט טאָן, וואָלט דאָך אונז קיין אַנדער ברייררע ניט געבליבן, ווי צו מעלדן, אַז מיר אנטזאָגן זיך פון אַנטיילנעמען אין דער באַהאַנדלונג פונם ביודזשעט. אָבער דאָס וואָלט געווען — אַנטשולדיקט פאַרן אויסדריק — אַ פּאָשעטע דאָקטרינערײַ. קיין מאָל האָט נאָך קיין איין כאַווער אונז ניט גע-פרעגט, ווי אַזוי האָבן מיר געשטימט: פאַרן ביודזשעט אָדער קעגן. איין פאַל פון אונזער לעצטער דערפאַרונג, וועט אייך ווייזן, אַז באַ געוויסע באַדינגונגען דאַרף מען שטימען פאַרן ביודזשעט, אַפילע ווען מע האָט ניט קיין מערהייט. באַ אונז איז איצט אַ רעגירונג, וואָס פּרואווט זיך איינהאַלטן מיט אונז גוטע באַציאונגען, פאַרשטייט זיך ניט צוליב אונזערע שיינע אויגן, נאָר דערפאַר, ווייל פון די 19 דעפּוטאַטן זיינען אונזערע 9 מאַן. איר וואָלט געקאָנט אויך דאָסמאָל דורכוואַרפן דעם ביודזשעט, ווייל צוליב דער פּאָזיציע פון מיניסטע-ריום אין דער פראַגע וועגן די ברויט-אָפּצאָלן, קאָן זיין, אַז די אַגראַריער וואָלטן געשטימט צוזאַמען מיט אונז קעגן דעם ביודזשעט. וואָס אָבער וואָלטן מיר מיט דעם דערגרייכט? איך וועל אייך אויסרעכענען, וואָס האָבן מיר זיך ביז איצט דערשלאָגן אַדאַנק אונזער קויעך: די קאָמפּענסאַציע ניט נאָר פון די אומשולדיק-פאַרורטיילטע, נאָר אויך פון די אומגעזעצלעך-אַרעסטירטע; דעם אַנטייל פון אונזערן אַ פאַרשטייער אין דער געווערב-אויפזיכט; דאָס פאַרגרע-סערן דעם אַרבעט-לוין פון די אַרבעטער אין די מעלוכעשע גיטער פון 1,20 מאַרק ביז 3 מאַרק, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אינם ביודזשעט; דאָס אַסיגנירן 2.000 מאַרק פאַרן אַרבעטער-סעקרעטאַריאַט אָן שום אַנדערע באַדינגונגען, אַכוץ דער האַשגאָכע מיצאַד אַ רעגירונגס-באַאַמטן איבער דעם אָביעקטיוון אַרויסגעבן די אינפאָרמאַציעס. מיר האָבן דערגרייכט לעכאָלאַפּאָכעס דעם מאָ-ראַלישן זיג, וואָס אונזער באָק איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויצע-פּרעזי-דענט און אין דערזעלבער צייט איז ער אויסגעוויילט און טייקעף באַשטע-טיקט געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער אַדמיניסטראַטיווער פּאַלאַטע פונם העכסטן געריכט, וואָס שטייט אַפילע איבער דער רעגירונג. אַף קיין איין פאַרזאַמלונג איז מער ניט אָנוועזנד די פּאָליציי. אָט די אַלע האַנאָכעס זיינען אונז געמאַכט געוואָרן בלויז דערפאַר, ווייל אונזער קראַפט איז באַוואוסט. אינם איצטיקן מאָמענט איז דער ביודזשעט פּאָשעט פאַרלענגערט דערפאַר, וואָס עס ווערט צוגעגרייט אַ נייער געזעץ וועגן שטייערן. ווען מע וואָלט איצט געקומען צו אונזערע ווייילער און מע וואָלט זיי געזאָגט: אָט דאָס אַלץ האָבן מיר זיך דערשלאָגן, און דערנאָך האָבן מיר אפּגעוואָרפן דעם ביודזשעט אינגאַנצן גע-נומען, ווי רעכנט איר, וואָלט אונזער האַנדלונג געווען פאַרשטענדלעך פאַר די ווייילער? פאַרגעסט ניט, אַז מיר האָבן צו טאָן ניט מיט אויפגעקלערטע און באַוואוסטזיניקע בערלינער אָדער האַמבורגער כאַווייירים, נאָר מיט אַ דאָרפּי-שער באַפעלקערונג, וועלכע וואָלט ניט פאַרשטאַנען אַזעלכע פאָרשטייער. איך שטיי אויך פאַר אָפּוואַרפן דעם ביודזשעט אין אַזוינע פאַלן, ווי אין באַדען און

ווײמאר, אָבער בײַ געוויסע באַדינגונגען איז דאָס אומעגלעך. בעטן, נאָכן אָפּוואַרפן דעם ביודזשעט, אַ דעפּוטאַטישן געהאַלט — הייסט אַרײַנפאַלן אין א גאַנץ נעבעכדיקע לאַגע.

## 7. ק. צעטקינס רעדע אַפן זעלבן צוזאַמענפאָר קעגן דער וואָטירונג פונם ביודזשעט

מעקויעך דאַווידס באַמערקונג וויל איך קוידעמקאָל זאָגן אָט וואָס: אין דער מעלדונג פון אונזערע דעפּוטאַטן אין ווירטעמבערגער לאַנדטאַג וועגן אָפּוואַרפן דעם ביודזשעט איז גאַנץ קלאָר און ניט צווײדײַטיק געזאָגט געוואָרן, אַז סײַ דער ביודזשעט אינגאַנצן גענומען און סײַ זײַנע באַזונדערע טײלן זײַנען אַן אויסדריק פונם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער ווירטעמבערגער מעלוכע. מיר דוכט זיך, אַז מיט דער מעלדונג ווערט גאַנץ קלאָר אויסגעמאָלט די פּאָזיציע פון אונזערע כאַווײרים. האַמפּערן זיך וועגן דעם, צי איז די פראַגע וועגן באַווילִיקן דעם ביודזשעט א פּרינציפּיעלע אָדער טאַקטישע פראַגע איז א גאַנץ שווערע אַרבעט, דאָס הייסט פירן פוסטע כעקירעס וועגן ווערטער, און אָט פאַרוואָס. פּרינציפּן און טאַקטיק זײַנען ניט, לויט מײַן שטאַנדפּונקט, עפּעס אַזוינס, וואָס צווישן זיי ליגט אַ טיפער, ניט דורכגאַנגבאַרער טעהאָם. אונזערע פּרינציפּן שוועבן ניט ערגעץ וואו הויך אין די וואָלקנס פון טעאָריע, אין דער צײַט, ווען דאָ אַף דער ערד פון די פאַקטן שטייט בלויז איין טאַקטיק. אונזער טאַקטיק ווערט דיקטירט און באַדינגט דורך אונזערע פּרינציפּן. (ריכטיק!) אונזער טאַקטיק איז ניט עטוואָס אַזוינס, וואָס וועט אונז געבן די מעגלעכקייטן זיך אַרויסצודרייען פון דער נויטיקייט אָנצואווענדן אונ.ערע פּרינציפּן און יעדע רעגע אַרויסוואַרפן זיי אַפן ווינט אונטער א מער אָדער ווייניקער פּאַסיקערן אויסרייד. ניין, אונזער טאַקטיק איז דער סכום פון די סאַמע צוועקמעסיקסטע מיטלען אַף צו פאַרווירקלעכן און דורכפירן אין לעבן אונזערע פּרינציפּן. דער מעהוס פון אונזערע פאַרטייאישע איבערצייגונגען צווינגט אונז בײַ געוויינלעכע באַדינגונגען אָפּצואוואַרפן דעם ביודזשעט, וועלכער איז אַן אויסדריק פון צוטרוי צו דער עקזיסטירנדיקער רעגירונג. כאַווער ב ל אָ ס רעכנט, אַז די פראַגע פון באַווילִיקן דעם ביודזשעט קאָן ניט האָבן קיין גרויסע באַדײַטונג, אַז דאָס איז בלויז א ריין טעאָרעטישע פראַגע. איך האַלט זיך פונקט בײַ אַ פאַרקערטער מיינונג. דאַפקע פונם שטאַנדפּונקט פון דער פּראַקטיק, און ניט אויסליבע צו טעאָריע, דאַרף מען שטימען קעגן דעם ביודזשעט. די פּראַקטישע טאַימים צווינגען אונז צו זוכן אַ וואָס מער גאַנצלעכן וועג, אין דערזעלבער צײַט אָבער פאָדערן זיי פון אונז נאָך עפּעס אַנדערש. אויב מיר ווילן בעעמעס זײַן פּראַקטישע פּאָליטיקער, אויב מיר ווילן אַרויסצווינגען בײַ דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע וואָס מער רעפאָרמען, דאַרפן מיר געדענקען,

אַז די וועזנטלעכע פאָרהאַנאָכע פאַר דעם איז די נויטיקייט אויפצואוועקן דעם קלאַסן-באַוואוסטזיין פון די מאַסן און אין דער פערזאָן פון די אָרגאַניזירטע מאַסן מיכוץ דעם פאַרלאַמענט שאַפן די קראַפט, וואָס זי אַליין איז בעקויעך אָנבינדן אונזער ווילן דער בורזשואַזער מעלוכע. דעריבער דאַרפן מיר אין אונזערע באַציאונגען צו דער מעלוכע, צו די בורזשואַזע פאַרטייען, צו דער בורזשואַזער וועלט זיך האַלטן אָן אַלץ, וואָס קאָן אויפדעקן דעם טיפן אומבעשאָלעמדיקן ווידערשפּרוך צווישן אונז און דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס עס קאָן פאַרגרעסערן די פלאַך פון די סיכסוסים צווישן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע און אויך מיט די בורזשואַזע פאַרטייען. נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, דאַרפן מיר אין נאָרמאַלע באַדינגונגען שטימען קעגן דעם ביודזשעט.

נאָך איינִיקע ווערטער וועגן דער אָפּשטימונג פונם ביודזשעט מיצאַד אונזערע כאַווײרים אין באַדען. פ ע נ ד ר י ך און זיינע פריינט מאַכן אָן אַנשטעל, ווען זיי זאָגן, אַז מע האָט געקאָנט אנעמען דעם ביודזשעט, ווייל אין אים זיינען געוועזן אַסאַך הויצאָעס אַף קולטורעלע באַדערפענישן. עס האָט ניט קיין שום זינען אויסצורעכענען צי ווערט לויט דעם אָדער יענעם פּאַראַגראַף אַסאַך אָדער ווייניק באַשטימט אַף קולטורעלע באַדערפענישן. מיר דאַרפן געדענקען בלויז איין זאַך, נעמלעך: אַז יעדער ביודזשעט פון אַ מעלוכע איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער קולטור און אָט די קאַפּיטאַליסטישע קולטור באַטייט ניטקולטורקייט, פאַרקנעכטונג און פאַרשקלאַפונג פון די מאַסן (רוישיקע באַוויליקונגען!). אינם קלוימערשט קולטורעלן ביודזשעט פון דער פאָלקס-בילדונג געפינט זיך, לעמאָשל, די פאָלקס-שול, אין דער לאַגע פון אַ שטיפקינד (ריכטיק!). פ ע נ ד ר י ך זאָגט, אַז אין ב אַ ד ע ן האָט מען געקאָנט אָנעמען דעם ביודזשעט, ווייל דאָרט איז ניט גילטיק דער געזעץ וועגן דעם אויסערערדנטלעכן צושטאַנד. אָבער צי דען איז דאָרט דער פּראָלעטאַריאַט ניט באַרויבט פון די אַלגעמיינע און גלייכע וואַלרעכט? און אויב דאָרט האָט דערדאָזיקער אויסנאַם-צשטאַנד דעם כאַראַקטער פון א נאָרמאַלער רעכטלעכער אָרדענונג, איז דאָס נאָך ערגער. אין דעם דריקט זיך אויס נאָך מער אומפאַרדעקט דער קלאַסן-כאַראַקטער פון דער באַדענער מעלוכע. נאָך מער אָבער: דורך דער רעגירונג-געאָמעטריע פון די וואַל-קרייזן איז דאָס אַ ל ג ע מ יי נ ע רעכט פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַרן פאָלק אין אַ ג ע מ יי ן רעכט (ריכטיק!). אַזוי אַרום, האָבן פ ע נ ד ר י ך און זיינע כאַוויירים באַווילִיקט דעם ביודזשעט בא אַזוינע אומשטענדן, וואָס מאַכן זייער שולד נאָך שווערער *...

* צום שלוס פון דער רעדע לייגט ק. צעטקין פאָר צו שטימען פאַר בעבעלס רעזאָלוציע' פאַרלאָזנדיק זיך אַף דער לאָיאַלקייט פון די פאַרטיי-מיטגלידער און ארויסגייענדיק פון איר איינהייט.

# 8. פראַגן פון אימפּעריאַליזם און מילכאָמע

## א. קוועסעלס רעדע אַפן כעמניצער פּאַרטייטאָג

מיר קומט אויס מיט אַ בעעמעס זעלטענער צופרידנהייט צו דערקלערן, אַז איך בין אין אַ געוויסער מאָס מאַסקים מיט די כ״כ לענטש און פּאַנעקוק, דעהאַינע: אין דער הינזיכט, וואָס היינטיקע דעבאַטן וועגן דער פּראָבלעם פון אימפּעריאַליזם דאַרפן באַטראַכט ווערן בלויז ווי דער אָנהויב פון אַ לאַנגדויערנדיקער באַהאַנדלונג.

קוידעמקאָל פעלט, לויט מיין מיינונג, אין דער רעזאָלוציע די באַגרינדונג פון דער האַנדלס- און אינדוסטריעל-פּאָליטישער באַדייטונג פונם אימפּעריאַליזם. אין דער צייט פונם פּארוואַל-קאַמף פלעגן מיר מיינע אימפּעריאַליסטישע קעגנער אָפּטמאָל איפוואַרפן, אַז אונזער פּאַרטיי האָט פּאַראַטן די אינדוסטריע און מעמיילע אויך די לעבנס-אינטערעסן פונם דייטשישן פּאָלק אין דער מאַראָקאַנישער פראַגע. איך האָב אָנגעוויזן אַלס ענטפער אַף בעבעלס דערקלערונג, אַז באַ אַלע אומשטענדן דאַרפן מיר פאָדערן פאַר אונזער רעגירונג גלייכבאַרעכטיקונג אַפן וועלט-מאַרק. איז אָט האָלט איך פאַר אַן אומגעהויערן טאָעס וואָס אין דער רעזאָלוציע האָט דידאָזיקע בעבעלס דערקלערונג אין יענא, וועלכע מיר האָבן אַלע באשאיטע באַגריסט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַגייסטערונג און וועלכע האָט אונדז ווערטפּול, געדינט אין דער צייט פון דער וואלקאמפּאַניע, — ניט געפינען פאַר זיך קיין אָרט. עמעס, מיר פאָדערן פרייהייט פון וועלט-פאַרקער, אָבער וואָס דאַרפן מיר ענטפערן, אויב אונזערע קעגנער וועלן שטעלן אַזאַ פראַגע: ווי אזוי האָבן מיר בעדייע אונטערצושטיצן דידאָזיקע פאָדערונג? לויט אונזערע אַלטע מיינונגען, וואָלט איך געדאַרפט ענטפערן: מיר זיינען פאַר דער פּאָליטיק פון אָפענע טירן. אַף וויפל אָבער מיר איז אויסגעקומען נעענטער צו פאַרנעמען זיך מיט דער האנדלס-פּאָליטיק, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די פּאָליטיק פון אָפענע טירן גיט מער ניט יענע רעזולטאַטן, אין וועלכע מיר, סאָציאַליסטן, האָבן ביז איצט געגלויבט. מיר האבן אַוועקגעשטעלט אונזערע קאָלאָניעס אין אַ גלייכע לאַגע מיט אויסלאַנד. אין זיי באַנוצט זיך ניט קיין אינדוסטריע, אַפילע די דייטשישע, מיט פּראָטעקציע-אָפּצאָל. לויט די אָפיציעלע יעדיעס עקספּאָרטירט די דייטשישע מעטאַל-אינדוסטריע אין די דייטשישע קאָלאָניעס 34 מאָל אזויפיל, ווי די ענגלישע. אָבער אויב מען זאָל נעמען די ציפערן, האָט דער עקספּאָרט פון די ענגלישע מעטאַלורגישע פּראָדוקטן אין דער בריטישער אינדיע אין די יאָרן 1909—1910 באַטראָפן 152 מיליאָן און פון די דייטשישע פּראָדוקטן בלויז 5,8 מיליאָן, אַזוי, אַז דאָ גראד האָבן מיר אַ פאַרקערטע פּראָפּאָרציע צו אונזערע קאָלאָניעס. קעדיי צו לייזן די אויפגאַבע דאַרף מען זיך אָפּגעבן אַ פולן דינווּעכעשבן אין אַלע אירע שוועריקייטן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר קאָנען ניט געפינען טייקעף אַ פּאַרטיקע לייזונג פאַר אַט דער באַזונדערס אקטועלער פּראָבלעם, מיר דאַרפן אָבער אָפן זאָגן, אַז דאָס איז אַ לעבן-פראַגע פאַר די דייטשישע אַרבעטער. עמעס, טיילווייזע לייזונגען באַשטייען אין דעם, אַז מע זאָל זיך האַלטן פעסט אָן דעם פּרינציפּ אָפּצוהיטן אומעטום די פרייהייט און די מעלוכישע אומאָפּהענגיקייט פון די פעלקער. דאָס באַציט זיך צו פּערסיע און אויך צו כינע און טערקיי. אויך אין דער מאַראָקאַנישער פראַגע — איצט איז דאָס שוין אַ פאַרגאַנגענע זאַך — האָבן מיר געדאַרפט האַנדלען מיט א גרעסערער ענערגיע און פאַרטיידיקן די זעלבשטענדיקייט פונם לאַנד מיצאַד דעם רויבערשן פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם. פון דעם אָבער איז געדרונגען, אַז אומעטום, וואו די דייטשישע רעגירונג טרעט אַרויס מיטן ציל דורכצופירן די גלייכבארעכטיקונג פון אונזער אינדוסטריע, דאַרף זי באַקומען אונזער אונטערשטיצונג. דאָס איז אין די אינטערעסן פונם פראָלעטאַריאַט, פּונקט אַזוי ווי די אונטערשטיצונג פון דער רעגירונג, ווען זי וואָלט בעטעמעס געהאַט בעדייע צו שליסן צוזאַמעסיקע האַנדלס-אָפּמאַכן. אַ רעזאָלוציע איז ניט קיין לייזונג פון דער פראַגע. אונז וועט נאָך אויסקומען צו פאַרנע ען זיך מיט אָט דער פּראָבלעם, און די אולטראַ-ראַדיקאַלן, די רעוויזיאָניסטן און די מאַרקסיסטן וועלן דאַרפן קלאָר מאַכן זייער שטאַנדפּונקט איבער דער פראַגע פון אָפענע טירן (לעדעבור לאַכט). אייער געלעכטער באַווייזט גאָרניט. אָפּטמאָל לאַכן מענטשן איבער פאַקטן דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט גענוג טיף זיך פאַרנומען מיט דער געגעבענער פראַגע. מעקויעך בעבעלן ווייס איך, אַז לויט זיין מיינונג איז דאָס אַ פראַגע פון אויסעראָרדנטלעכער וויכטיקייט. נאָך מיט אַ יאָר צוריק אין יענאַ האָב איך זיך געהאַלטן באַם שטאַנדפּונקט, אַז די פּאָליטיק פון אָפענע טירן גאַראַנטירט פולקום די גלייכבארעכטיקונג פון דער דייטשישער אינדוסטריע. איך זאָג זיך איצט אָפּ פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, אין יעדערער, וואָס וועט אָביעקטיוו אנאַליזירן די ציפערן פון דער האנדלס-סטאַטיסטיק וועט זיין געצוואונגען אָפּצואָגן זיך פון אים.

## ב. ק. קאַאוטסקיס אַרויסטריט אָפן עסענער פּאַרטייטאַג

לויט מיין מיינונג קאָנען מיר ניט נעמען אַף זיך די היסכאַייועס צו טיילן מיט דער רעגירונג דעם מיליטערישן ענטוזיאַזם יעדן מאָל, ווען מיר זיינען איבערצייגט, אַז עס דראָט אַן אָנגריף-מילכאָמע.

בעבעל רעכנט, אַז מיר האָבן זיך איצט ארוקגעטאָן אַסאַך ווייטער, איידער אין 1870 יאָר, און איצט וואָלטן מיר אין יעדן פאַל געקאָנט פּינקטלעך פעסטשטעלן, צי האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן עמעסער אָדער קלוימערשטער אנגריף-מילכאָמע. איך וואָלט ניט קאַווירט, אַז מיר וועלן אין יעדן פאַל שוין קאָנען דורכפירן אַזאַ אונטערשייד, אַז מיר וועלן שטענדיק וויסן צי

די אָדער יענע רעגירונג שיט אונז ניט זאַמד אין די אויגן, אָדער זי פּאַרטיי-
דיקטווירקלעך די אינטערעסן פון דער נאַציע קעגן דער אָנגריף-מילכאָמע
(אויסרופן: גאַנץ ריכטיק!). נאָר לאָזנדיק דאס אָן אַ זייט, פרעג איך: צי איז די
סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון יעדן לאַנד בעעמעס מעכויעוו צו העלפן אויך באַ אַ
ווירקלעכער אנגריף-מילכאָמע. ווען, לעמאָשל, יאַפּאָניע איז אָנגעפאַלן אַף
רוסלאַנד, צי זיינען די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן געווען מעכויעוו אונטער-
שטיצן די רעגירונג, קעדיי צו באַשיצן זייער נאַציע? פאַרשטייט זיך, אַז ניט!
(באַוויליקונגס-אייסגעשרייען). מיר האָבן זיך געהאַלטן באַם שטאַנדפּונקט ניט
פון אַן אָנגריף- אדער פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע, מיר האָבן זיך גערעכנט מיט
דעם, צי געפינען זיך ניט אין געפאַר די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט, די
אינטערעסן פון דער דעמאָקראַטיע. אדער לאָמיר זיך, לעמאָשל, דערמאָנען
מאַראָקאָ. נעכטן איז אַרויסגעטראָטן אגרעסיוו די דייטשישע רעגירונג, מאָרגן — די
פראַנצויזישע, און מיר קאָנען ניט וויסן, צי וועט ניט איבערמאָרגן פּונקט אַף
אַזאַ אויפן אַרויסטרעטן די ענגלישע רעגירונג. דאָס בייט זיך קעסיידער. מאַ-
ראָקאָ וועט אָבער קיינמאָל ניט ווערט זיין דאָס בלוט פון איין פּראָלעטאַריער
אַפּילע. אויב עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ מילכאָמע צוליב מאַראָקאָ, וואָלטן מיר
געדאַרפט ארויסטרעטן אנטשלאָסן קעגן איר, ווען אַפּילע מיר וואָלטן געווען
דער צאַד אַף וועלכן מען פאַלט אָן (אויסגעשרייען: גאַנץ ריכטיק!). און ווירק-
לעך אין פאַל פון אַ מילכאָמע האנדלט זיך באַ אונז ניט וועגן דער נאַציאָנאַ-
לער פראַגע, נאָר וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער: ווייל אַ מילכאָמע צווישן
די גרויסע מעלוכעס וועט ווערן אַ וועלט-מילכאָמע, זי וועט ארומכאַפּן גאַנץ
אייראָפּע און וועט זיך קלאַל ניט באַגרענעצן מיט צוויי לענדער בלויז. איז אָט
וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגן, וועט די דייטשישע רע-
גירונג פּרואוון אפּנאַרן די דייטשישע אַרבעטער, אַז מען איז קלוימערשט אָנ-
געפאַלן אַף דייטשלאַנד, און די פראַנצויזישע רעגירונג וועט דאָס זעלבע טאָן
אין פראַנקרייך. און דאַן וואָלטן מיר געוואָרן איידעס פון אַ מילכאָמע, וואו
די פראַנצויזישע און דייטשישע פּראָלעטאַריער וואָלטן מיטן זעלביקן ענטוזי-
אַזם, נאָכפאָלגנדיק נאָך זייערע רעגירונגען, איבערגעשניטן איינער דעם צווייטן
דעם גאָרגל. דאָס דאַרף מען אויסמיידן, און פון דעם קען מען זיך באַוואָרע-
נען, אויב מע זאָל ניט אָנווענדן דעם קריטעריי פון אַן אנגריף-מילכאָמע, נאָר
אָנווענדן דעם קריטעריי פון די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס זיינען
אין דערזעלבער צייט אויך די אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסן. דערמאָנט זיך
וועגן דער פראַנצויזיש-פּרייסישער מילכאָמע. דער פּראָלעטאַרישער אינטערעס
האָט דאַן געפאָדערט, ניט צו דערלאָזן, אַז די אימפּעריע (די דייטשישע) זאָל
דערנידעריקן די רעפּובליק, און אַז די איינוואוינער פון עלזאַס-לאָטאַרינגיע
זאָל מען מיט די רעכט פון זיגער איבערגעוואַלד אנבינדן די אָנגעהעריקייט צו
דער אָדער יענער מעלוכע, נאָר מע זאָל זיי געבן דאָס רעכט אַף זעלבסט-
באַשטימונג. די דעמאָקראַטיע האָט געדאַרפט פאָדערן, אַז די עלזאַס-לאָטאַרינ-

גער זאָלן אליין באשליסן צו וועמען זיי ווילן געהערן. אונזערע כאַווײרים אין דײטשלאנד האָבן דאן געהאנדלט בעפײרעש אין אָט דעם זינען — אין פולן העסקעם מיטן גאנצן אינטערנאציאנאל. דאס איז געווען ניט קיין דייטשישע און ניט קיין פראנצויזישע, נאר אַן אינטערנאציאָנאלע פראגע.

איינע פון די גלענצנדיקסטע און רומפולסטע זייטלעך אין בעבעלס טעטיקייט איז דאָס, וואָס ער האָט זיך דאָ ניט געשטעלט אַף דער זייט פון די פאטריאָטן, נאָר ער האָט זיך געשטעלט אַף דער זייט, וואָס עס האָבן אים אָנגעוויזן די אינטערעסן פונם פראָלעטאַריאַט, די אינטערעסן פונם אינטערנאַציאָנאַל (אויסגעשריי: שטענדיק וועט אַזוי זיין!). צום גליק איז דאָס נאר אַ מיספארשטייעניש, אז אין פאַל פון אַ מילכאָמע וויל די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קלוימערשט זיך האלטן ניט באַם אינטערנאַציאָנאלן, נאָר באם נאציאָנאַלן שטאנדפונקט, אז זי פילט זיך קלוימערשט קוידעמקאָל פאר אַ דייטשישע און שוין אין דער צווייטער ריי פאר א פראָלעטארישע פארטיי. די דייטשישע פראָלעטאַריער זײנען סאָלידאריש מיט די פראנצויזישע פראָלעטאריער און קלאל ניט מיט די דייטשישע יונקערס און שארפנמאכער (אויסגעשריי: גאנץ ריכטיק!). אויב מיר וועלן זיך האלטן בא אָט דעם שטאנדפונקט, וועט אונז שטענדיק קלאָר זיין, ווי אזוי צו קעמפן קעגן דער מילכאָמע. דאָס קאָן מען ניט פעסטשטעלן אין די דעטאלן, — אינם אויסוויילן די קאמף-מיטלען דארפן מיר זיך ניט בינדן די הענט און דערביי ניט אויסשליסן קיין איינעם פון די קאמף-מיטלען. וואָס מיר, דייטשן, קאָנען אָבער ניט באשליסן בלויז פאַר זיך אליין, איז דאָס די פראגע, וואָס פאר א פאָזיציע דארפן מיר פארנעמען אין א געוויסער מילכאָמע: דאָס איז אַן אינטערנאַציאָנאלע פראגע. שטוטגארט האָט באוויזן, אז די דייטשישע סאָציאל-דעמאָקראטיע וויל האנדלען אין אט דער ריכטונג. דערין איז די היסטאָרישע וועלט-באדייטונג פונם שטוטגארטער קאנגרעס. און איך רעכן, אַז הײנטיקע דעבאַטן האָבן אויך באַוויזן, אַז דער דייטשישער פראָלעטאַריאַט וויל האַנדלען אין אָט דעם זינען, און אַז, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, וועט ער אויספילן זיין כויוו (אַפּלאָדיסמענטן)".

## ג. פאנעקוקס ארויסטריט אין כעמניץ

דידאָזיקע דיסקוסיע איז, פאַרשטייט זיך, נאָר דער ערשטער פּרואוו אַרויסצוזאָגן זיך, פינקטלעך פעסטצושטעלן די פונקטן פון די כעלוקעדייעס, און אויפוועקן אַן אינטערעס צו דערדאָזיקער פראַגע אין די ברייטע קרייזן. דעריבער וועל איך זיך אָפּשטעלן נאָר אַף ווייניקע גרונט-פראגן, קעדיי קלאָר צו מאַכן די לאַגע און אָפּגרעניצן זיך פון די פאַלשע אויסטייטשונגען. מיר האַלטן דעם אימפעריאַליזם פאַר א נויטווענדיקע, אָדער בעסער געזאָגט, פאַר אַן אומפאַרמיידלעכע פאָרם פון דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם ניט אין

דעם זין, אַז קיין שום אַנדער זאַך קאָן ניט געמאָלט זיין, אָדער איז אומגע־וואונשן, נאָר אין דעם זינען, וואָס מיר זיינען פּאַקטיש אַרויפגעטראָטן אַף דעמדאזיקן וועג. מע קאָן דערוויייזן, אַז דער אימפּעריאַליזם האָט געבראַכט שאָדן די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג און אויך דער בורזשואַזיע. נאָר עס איז אַ פאקט, אַז די גאַנצע בורזשואַזיע שטייט פאַר אים. מיר באַהויפּטן ניט, אַז די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק איז קלוימערשט נויטיק אין דעם זינען, וואָס אָן איר וועט אָנקומען אַ קאַטאסטראָפע, א קריזיס און אַרבעטלאָזיקייט האאזע האָט אַלס ביישפּיל געבראַכט די געווער־זאַוואָדן, פאַר וועלכע עס' וואָלט באַ אַן אנטוואפענונג אָנגעקומען אַן אַרבעטלאָזיקייט. אָבער דערדאָ־זיקער ביישפּיל איז פאַר אונז ניט איבערצייגנד. אַזאַ זאַך איז אונז גאָר אין קאָפּ ניט איינגעפאַלן. אונז קומט אויס צו קעמפן ניט נאָר מיט די קאפיטא־ליסטן פון די געוועהר־זאַוואָדן, נאָר מיט אַסאַך אַ גרעסערן קרייז דירעקט פאַרינטערעסירטע פּערזאָנען. דער גרויסער און פינאַנץ־קאַפּיטאַל איז אינגאַנצן פאַרינטערעסירט אין דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק און דערמיט גופא אין דער וועלט־באַוואפענונג. אַף אַזאַ אויפן איז דער אימפּעריאַליזם ניט קיין איינפאַכע פּאָליטיק פון די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. מע קאָן אים גיכער אָנרופן ריכטונג, אידעאָלאָגיע. אַ פּאָליטיק פאַר אינטערעסן איז ער בלויז פאַרן גרויסקאַפּיטאַל. און די גאַנצע מאַסע בורזשואַזיע שלעפּט זיך אַפן בוקסיר צוליב סיבעס אי פון מאַטעריעלן אי פון אידעאָלאָגישן כאַראקטער. אָפּט רעדט מען וועגן אימפּעריאַליזם, ווי וועגן עפּעס א מעשוגאאס פון דער בורזשואַזיע. בערנשטיין האָט גערעדט אינם נומער פון „כעמניצער פאָלקסשטי־מע", וואָס איז געווען געווידמעט דעם צוזאַמענפאַר, ווע־ן אַ גייסטיקער עפּידעמיע. אָבער מיר קאָנען ניט דענקען אַזוי ניט־מאַרקסיסטיש פונקט אַזוי, ווי מיר וואָלטן דא געהאַט צו טאָן מיט אַ צופאַל. די ליטעראַטור דעקט אונז אויף אויף די פעדים, מיט וועלכע יעדע בורזשואַזע גרופּע איז פאַרבונדן מיט דער פּאָליטיק. דעריבער האַלטן מיר פאר אַן אויפגאַבע צו האָפן אַף דעם, אַז עס איז מעגלעך אָן אָפּקער פון אָט דעם וועג. אונז ווייזט מען אָן אַף דעם ענגלישן פאָרשלאַג. ענגלאַנד האָט ביז דער סאמע עפּאָכע פון פאַר־שטאַרקטע באוואפענונגען געהאַט די אימפּעריאליסטישע מאָנאָפּאָל. די אַלוועלט־לעכע באוואפענונג דראָט איר מיט פאַרלירן אָט די מאָנאָפּאָל (בערנשטיין: די אנטוואָפענונג — נאָך מער). עס איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ענגלאַנד וועט אַרויסטרעטן מיט אַן אַנטוואפענונג־פאָרשלאַג, עס איז אָבער פאַרשטענדלעך אויך דאָס, אַז די דייטשישע רעגירונג איז דערויף ניט איינ־געגאַנגען (הערט! הערט!), פאַרשטייט זיך, פונם שטאַנדפּונקט פונם גרויס־קאַפּיטאַל. פאַרקערט, פונם שטאַנדפונקט פונם פּראָלעטאַריאַט שטייט אונזער פּראַקציע שטענדיק אַף אָט דעם שטאַנדפונקט און פאַרטיידיקט אים, אָפּ־וואַרפנדיק דעם ביודזשעט און ארויסטרעטנדיק איבער יעדן מיליטערישן געזעצפראָיעקט. אויב אָבער זי וועט פאָדערן, אז די דייטשישע רעגירונג זאָל

מאסקים זיין אפן פאָרשלאג פון דער ענלישער רעגירונג, דאן דארף מען זיך מוידע זיין, אז פון דעם וועט גאָרניט ארויסקומען. דער הערשנדיקער קלאס קאָן ניט אוועקגיין מיט דעמדאָזיקן וועג, ווייל ער איז א קלאס פון עקספלוא-טאטאָרן, ווייל אין טאָך געזומען קאָן ער ניט פירן קיין אנדערע פאָליטיק, אויסער דער פאָליטיק פון רויבערייען און גוואלדטאטן. דעריבער ווילן די פארשיידענע מעלוכעס איינהאלטן זייער מאכט. אין אלע זייערע צוזאמענשטויסן לייזט די פראגע בלויז די קראפט, ווען אפילע קיין מילכאָמע וואָלט ניט אָנגעקומען, איז דעם גרויסן קאפיטאל דאָך נויטיק די באוואפענונג. מיט איר הילף בלויז קאָן מען צווינגען אף האנאָכעס די קאָנקורענטן — די איבעריקע וועלט-מעלוכעס. דעריבער באוואפענען זיך אלע מיט דער גרעסטער פלייסיקייט. האאזע האָט שוין אָנגעוויזן אף דעם, ווי די מאגנאטן פונם קאפיטאל האָבן זיך אָרגאניזירט אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב. אָבער ער האָט צוגעגעבן, אז דאָס באזייטיקט ניט די מילכאָמע-געפאר. אויב דאָס איז אזוי, און די קאפיטאליסטן ווייסן, אז א מילכאָמע איז אומפארמיידלעך, וועט דאן די בא-וואפענונג פאָרגעזעצט ווערן. אונזער שטאנדפונקט האָט ניט קיין שום שאיכעס צו דער באווייליקונג פון אָט דער פאָליטיק. מיר שטרייכן בלויז אונטער איר אומפארמיידלעכקייט צוליב דעם, קעדיי אף אן אנטשפרעכנדיקן אויפן צו אָרגאניזירן אונזער קאמף קעגן אימפעריאליזם. מיר ווילן אפן פארביטערסטן אויפן קעמפן קעגן אט דער גזעלשאפטלעך-געפערלעכער צוואנג-פאָרם פונם קאפיטאליזם. אָבער ניט דורך דעם, וואָס מיר ווילן פרואוון אומקערן דעם קאפיטאליזם צו זיינע פריערדיקע פרינציפן. דאָס איז אומעגלעך. עס איז דאָ בלויז איין אויסוועג — דורכן אימפעריאליזם צום סאָציאליזם. אונז זאָגט מען, וואָס זשע, טרייטן די מאסן, וואָס קרעכצן אונטער דער לאסט פון די שטייערן אף דער באוואפענונג, מיט דער האָפענונג אף דער קינפטיקער מעלוכע, דאָס איז דאָך אומעגלעך. לאָמיר זיך, פאר א פארגלייך, מעשאיער זיין, אז פלוצ-לינג דראָט די פאָרט-ארבעטער די געפאר פון ארבעטלאָזיקייט, ווייל עס ווערן איינגעשטעלט מאשינעס, טוואוע-עלעוואטאָרן, און טויזנטער ארבעטער וועלן ארויסגעוואָרפן ווערן אף דער גאס. ניט ווילנדיק קומט א געדאנק: צי דארפן מיר דען ניט א לאָז טאָן אונזערע פראָפעסיאָנעלע פאריינען צום קאמף? אָבער דער סאָציאל-דעמאָקראט וועט זיי זאָגן: מע טאָר ניט, קעגן אָט דער פאָרם פון אנטוויקלונג קאָנען מיר ניט קעמפן; באמיט זיך, אז דידאָזיקע מאשינעס זאָלן ארייגפאלן אין אייערע הענט (הערט, הערט און פראָטעסטן). דאָס וואָלט אויך געווען עפעס א מין טרייסט מיט דער צוקונפט, אָבער אין דערווירקלעכקייט איז דאָס לאכלוטן ניט ריכטיק. אונזער שטאנד-פונקט באשטייט קלאל ניט אין דעם, וואָס מיר זאָגן זיך אָפ פון קאמף מיטן אימפעריאליזם און דער האָפענונג אף דער קינפטיקער מעלוכע. דער ארבע-טער-קלאס קאָן אין דער ווירקלעכקייט קעמפן קעגן אימפעריאליזם, ער דארף דאָס טאָן, און דערדאָזיקער קאמף איז אין דערזעלבער צייט דער קאמף פארן

סאָציאליזם. לעמאָשל, דער קאמף קעגן דעם יאקרעס. דער יאקרעס איז א רעזולטאט פונם אימפעריאליזם. די גאָלדענע פראָדוקציע פון די קארטעלן, גרענעץ-אָפּצאָלן, דאָס פארמאכן די גרענעצן, די אינערלעכע רעאקציע און די פאַריינען פון די אונטערנעמער — דאָס אלץ ווירקט-מיט דעם וואקסנדיקן יאקרעס, וואָס שטויסט די מאסן צו א בונט און רעוואלוציאָניזירט די מויכעס. אָבער דער יאקרעס פירט אויך ארויס די מאסן אף די גאסן, ווי אין פאריקן זונטיק אין שטוטגארט. אונטער די לאזונגען — עפענען דעם רייכסטאַג, עפענען די גרענעצן — וועט מען צונויפזאמלען אלץ מער און מער דעמאָנסטראנטן, ביז וואנען מיר וועלן ניט דערגרייכן דעם ציל. דידאָזיקע מאסן-קאמפאניע איז גלייכצייטיק אויך דער קאמף פאר די נאָענטסטע צילן פאר פארלייכטערן דעם נויט און אין דערזעלבער צייט דער קאמף פארן סאציאליזם, ווייל זי פארגרעסערט די קראפט, די זיכערקייט און אָרגאניזירטקייט פון די מאסן. עטוואס ענלעכעס זעען מיר אינם קאמף קעגן דער אינערלעכער רעאקציע. אינם קאמף פאר דאָס פרייסישע וואל-רעכט, דינען די מאסן-ארויסטרעטונגען אלס דאָס הויפט-געווער, און די מילכאָמע-געפאר וועט אומפארמיידלעך ברענגען דערצו, אז דער ארבעטער-קלאס וועט מוזן ארויסטרעטן, קעדיי צו שטערן דער מילכאָמע, און די מאסן-ארויסטרעטונגען וועלן שפּילן א גרויסע ראָלע. הייסט עס, אונזער שטאנדפונקט בענוגייע דעם אימפעריאליזם — דאס איז דער אנטשלאָסענער קאמף, וואָס ווערט אנאויפהערלעך געפירט אינם פארלאמענט און אין באשטימטע מאמענטן דורך מאסן-ארויסטרעטונגען. מיר שטרייכן אונטער, אז אינם קאמף מיטן אימפעריאליזם קאנען די ארבעטער אויסרעכענען נאר אף זיך אליין און ניט אף עפּעס אזוינע טענדענצן פון דער בורזשואזער וועלט, וועלכע שטייען קעגן דעם אימפעריאליזם, און אין זיך אליין וועט דער ארבעטער-קלאס געפינען קויכעס פארן זיג איבערן אימפעריאליזם (אפלאדיסמענטן).

## ד. רעזאלוציע וועגן אימפעריאליזם

(כעמניצער פארטייטאג, 1912 יאר)

די אינדוסטריע, וואס ווערט אינטענסיוו אנטוויקלט באם גלייכצייטיקן פאלן פונם לעבנס-ניוואָ פונם עקספּלואטירטן פראלעטאריאט, שטרעבט צו דער פארברייטערונג פונם מארק. די קאלאסאלע אנזאמלונג פון קאפּיטאל שטרעבט צו נייע געביטן פאר זיין אנווענדונג. מיטן וואוקס פון סכוירע- און קאפּיטאל-עקספּאָרט, מיטן וואוקס פון דער פראדוקציע און פון די טראנספּאָרט-מיטלען, וואקסט דער וועלט-האנדל און עס ווערט פארברייטערט די וועלט-ווירטשאפט. די ארגאניזאציע פון די אונטערנעמער, וואס ווערט פארפעסטיקט דורך דער פראטעקציע-סיסטעם, די קארטעלן-אינטערעסן, וואס הערשן אלץ

מער און מער איבער דער פאלק-ווירטשאפט, נוצן אויס זייער ווירקונג אף דער רעגירונג, קעדיי צו ווענדן די מאכט פון דער מעלוכע אין דער ריכטונג פון דער עקספאנסיע, וואס איז פאר זיי בויטיק, קעדיי איינצושליסן אין זייער ווירקונג-ספערע ווי ווייט מעגלעך גרעסערע געביטן פון דער וועלט-ווירטשאפט און ארויסשטופן די אויסלענדישע קאנקורענץ. צוליב אט דעם ציל האלטן זיי זיך ניט אָפּ פון דער גראבסטער קראפט, אויב נאר עס איז פאראן א האָפענונג אף ערפאָלג. אן אומפארמיידלעכער רעזולטאט פון אט די אימפעריאליסטישע שטרעבונגען צו פארברייטערונג, איז די רויבערישע און דעראבערישע פאליטיק, וואָס רעכנט זיך ניט מיט קיין שום מאראלישע נארמען; דידאזיקע פאליטיק האט שוין דער צוזאמענפאר אין 1900 יאר אין מ א י נ ץ געשטעמפלט אלס די פאליטיק פון די סאנים פונם פאלק. קעדיי זיגרייך דורכצופירן זייערע רויבערישע אנפאלן און איינהאלטן פאר זיך דעם רויב, ווערן פון טאג צו טאג פאַרגרעסערט און פארפולקאמט די טויט-געצייג. צווישן יענע מעלוכעס, וואס די בורזשואזיע זייערע שטרעבט אין א גלייכער מאס צו עקספאנסיע און מערקט זיך אן איינעם און דעמזעלבן ציל, אנטשטייען שווערע קאמפליקאציעס און שאַרפע סטירעס, וועלכע פירן פון זייער זייט צו א ווילדע פאַרגרעסערונג און פאַרשטאַרקונג פון דער באַוואפענונג. די געפאַר פון אַ פאַרוויסטנדיקער וועלט-מילכאָמע, וואָס אנטשטייט אַף אַזאַ אויפן, וואַרט נאָך שטאַרקער, אדאַנק דער אומפאַרשעמטער העצע מיצאַד די קאַפּיטאל-מאגנאטן און מיצאַד די יונקער, וועלכע זיינען באַזונדערס פאַרינטערעסירט אין דער צושטעלונג פון די קריג-מאַטעריאַלן, אין דער פאַרגרעסערונג פון דעם טשינאָווניקעס-אַפּאַראַט און פון די קאָמאַנדיר-פּאָסטנס אין דער ארמיי און אין פלאָט. דער אימפעריאַליזם פאַרשטאַרקט די מאַכט פון דער רעאַקציע, שטעלט אין געפאַר דאָס קאָאליציע-רעכט און פאַרהאַלט דעם פּראָגרעס פון דער סאָציאַלער פּאָליטיק. די מילכאָמע-הויצאָעס לייגן אַרויף אַף די פאָלק-מאַסן אן אומדערטרעגלעכע לאַסט און אין דערזעלבער צייט רייסט דער יאַקרעס אונטער זייער געזונט. די בורזשואַזע פּאַרטייען געפינען זיך אינגאַנצן אונטערן איינפלוס פונם אימפעריאַליזם. אָן שום ווידערשטאַנד באַפרידיקן זיי אַלע זיינע פּאָדערונגען מעקויעד דער אַרמיי און פלאָט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קעמפט אָפן אנטשלאָסנסטן אויפן מיט די אימפעריאַליסטישע און שאָוויניסטישע שטרעבונגען אין אַלע זייערע פאָרמען און אַלס קעגנגעוויכט צו זיי שטרייכט זי אונטער די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקייט פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע פילט קיינמאָל ניט קיין האַס צו אן אנדער פאָלק. אָבער, האַגאַם דער אימפעריאַליזם, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, קאָן אינגאַנצן פאַרשוואונדן ווערן בלויז צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַליזם, דאַרפן מיר פונדעסטוועגן ניט דורכלאָזן קיין זאַך, וואָס וואָלט געקאָנט אָפּשוואכן זיינע געזעלשאַפטלעך-געפערלעכע טענדענצן. דער צוזאַמענפאָר דריקט אויס דעם אנטשיידענעם ווילן פונם פּראָלעטאַריאַט אנצוא-

ווענדן אַלע קויכעס, קעדיי זיך דערשלאָגן אן איינפארשטייעניש צווישן די נאַציעס און איינהיטן דעם שאָלעם. דער צוזאַמענפאָר פאָדערט, אז מע זאָל דורך אינטערנאַציאָנאַלע איינפאַרשטייענישן מאכן אַ סאָף מיט די אַלץ וואקסנ-דיקע באוואפענונגען, וואָס זיינען אַ געפאַר פאַרן שאָלעם, און שטויסן די מענטשהייט צו אַ גרויזאמער קאַטאַסטראָפע. אנשטאט דער רויבערשער דעראָבערישער פאָליטיק פאָדערט דער צוזאַמענפאָר — די פרייהייט פונם אַלוועלטלעכן האַנדל און דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער סיסטעם פון די פּראָטעק-ציע-אָפּצאָלן, וואָס דינט בלויז די קאַפּיטאַל-מאגנאַטן און די גרויסע ערד-באַזיצער אַף ניסאשער צו ווערן. דער צוזאַמענפאָר האָפט, אַז אַלע פּאַרטיי-מיטגלידער, וועלן אָנווענדן אַלע זייערע קויכעס אַף צו אנטוויקלען די פּאָלי-טישע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראטיווע אָרגאַניזאציעס פונם קלאסן-באוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט צוליב דעם, קעדיי מיט פאַרדאָפּלטע קויכעס קעמפן מיטן מעכטיקן אימפּעריאַליזם ביז זיין סאַמע פאַרשווינדונג, ווייל די אויפגאַבע פונם פּראָלעטאַריאַט איז איבערצוגיין פון דער העכסטער שטופע פונם קאַפּי-טאַליזם צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און, אַזוי אַרום, אַף לאַנג זיכערן שאָלעם, זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט פון די פעלקער".

## 9. אַ רעוויזיאָניסט וועגן דעם אַלגעמיינעם שטרייק

(פון קאָלבס אַרטיקל)

„... די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם שטרייק שטייט אין דער ענגס-טער פאַרבינדונג מיט די טעאָרעטישע און טאַקטישע פּראָבלעמען, וועלכע שטעלן שוין לאַנג צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דעם מאטעריאַל פון די אַזוי גערופענע „פּאַרטיי-דיסקוסיעס". ווען מע זאָל זיך גוט פאַנאַנדערקלייבן, וועט מען זיך גרינג איבערצייגן, אַז אָט די אַלע כעלוקעדייעס קאָנצענטרירן זיך אַף איין פונקט, דהיינו: ווי אַזוי און מיט דער הילף פון וואָסערע מיטלען וועט דער פּראָלעטאַריאַט דערגרייכן די פּאָליטישע מאַכט? ווי אַזוי וועט פאָרקומען די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם? אויב יעדער פון אונז וועט אַנערקענען די פולשטענדיקע פרייהייט פון מיינונגען באַם באַהאנדלען פאַרשיידענע פראַגן, דאַרף מען פונדעסטוועגן געדענקען, אַז אין דער פראגע פון ענדגיל-טיקן ציל זיינען ניטאָ קיין כעלוקעדייעס. דאס פלעגט מען צום אומגליק, ביז איצט זייער אָפט פאַרגעסן. פון דאַנען נעמען זיך די פיל מיס-פאַרשטייענישן צווישן אונזערע מיטגלידער, באַזונדערס שטאַרק לאָזט זיך דאס פילן אַף דער מאַסע.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האט אירע וואָרצלען אין דער וויסנ-שאַפט. דער וויסנשאַפט האט זי צו פאַרדאנקען איר עקזיסטענץ. אָבער די סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרף ניט קוקן אַף דער וויסנשאפט ווי אַף אַ סכום

דאָגמען. ווען די דערפאַרונג האט באַוויזן, אַז די אָדער יענע וויסנשאפטלעכע היפּאָטעזע, וואס איז ביז איצט אנערקענט געווארן, נויטיקט זיך אין אַן אויסבעסערונג, דאַרף מען דידאַקזיקע אויסבעסערונג מאַכן. אין ערגעץ ניט, און קיינמאָל ניט קאָן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ניט שטיין אַף אַ דעמאַגאָגישן שטאַנדפּונקט, און נאָך מער אין די פראַגן פון טאַקטיק, וועלכע זי האט בעדייע אָנצונעמען.

אַלץ פאַרגייט. עס וועט אָנקומען דער סאָף אויך פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג מיט אַלע אירע סאָציאַלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אינטעלעקטועלע אינסטיטוציעס. די פּאַרטיי, וואס שטרעבט צו דער פולשטענדיקער איבעראַנדערשונג פון אָט די אַלע פאַרהעלטענישן און באַדינגונגען, דאַרף זיך האלטן באַ אַזאַ טאַקטיק, וואס זאָל ניט שטערן דער אַנטוויקלונג, נאָר זאָל איר העלפן און זאָל זי פאַרשנעלערן.

און דעריבער דאַרף די טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַטראַכט ווערן, אַלס אַ פאַרענדערלעכער פאַקטאָר; מע קאָן זי ניט איינשטעלן איין מאָל פאַר אַלעמאָל אַף דאָגמאַטישע יעסוידעס. אָט פאַרוואָס עס איז פעלערהאפט די רעזאָלוציע וועגן דער טאַקטיק פון דער פּאַרטיי, וואס דער דרעזדענער פּאַרטייטאג האט אָנגענומען. מיר האבן געהאט גענוג געלעגנהייטן צו קאָנסטאטירן, אַז עס איז קימאַט נוצלאָז צו באַשליסן אַפריער, וואס פאַר אַ סיטואַציע עס וועט זיין, און לויט דעם פאָרויס באַשטימען די אויפירונג. די פאַקטן ווייזן זיך שטענדיק אָרויס שטארקער פון אונזערע פאַרלאַנגען. די סאַמע אויבערפלעכלעכסטע באַקאַנטשאפט מיט דער געשיכטע פון אונזער פּאַרטיי גיט אַ מעגלעכקייט צו דערוויסן זיך, אַז ביז היינטיקן טאָג זיינען אַלע אונזערע פאָרויסזאָגונגען, אָפּגעלייקנט געוואָרן דורכן גאַנג פון די געשעענישן, און גאַנץ אָפּט פלעגן אונזערע רעזאָלוציעס מוזן פאַרבלייבן אַ טויטער אָס.

דאס שטערט פונדעסטוועגן ניט מאַנכע צו פאַרנעמען זיך ווי פריער מיט פאָרויסזאָגונגען און אַף פּאָשעטע האשאָרעס צו גרינדן באַשטימטע באשלוסן, וואס אין קריטישע מאָמענטן קאָן מען זיי ניט צוגעבן קיין שום באַדייטונג, אויב מע זאָל לעכאָלאַפּאָכעס נעמען אין אַכט די גאנצע פאָריקע דערפאַרונג. מיט דער קאַטאַסטראָפע-טעאָריע, וואס איז געווען געגרינדעט אַף פּאָשעטע האשאָרעס און בעקיצער אויסגעדריקט אין דאָגמאטישע פאָרמולעס, האבן מיר אָפּגעשוואכט די פעאיקייט פונם אַרבעטער-קלאס צום קאמף און האבן באַגרענעצט זיין איינפלוס אַף דער עוואָלוציע.

קאוטסקיס רעדע אין דרעזדען וועגן דער קאַטאסטראָפע-טעאָריע, ד. ה. די איינלייטונג צו זיין קריטיק פונם רעוויזיאָניזם, איז געווען אויך בלויז אַן איינלייטונג צו זיין אויסטייטשונג פון אונזער גאנצער טאַקטיק, צו יענער אויסטייטשונג, וועלכע בלייבט אומפארשטענדלעך פאר אונז. דאָרט ווערט באַזונדערס אָנגעוויזן אַף דעם, אַז מיר דארפן צופאסן אונזער טאַקטיק צו די מאָמענטן פון שארפע קאָנפליקטן, וועלכע טיילן פאנאנדער אונזערע קעגנער,

מיט די פעריאָדן, ווען עס פאַרשאַרפט זיך דער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע שיכטן פון דער בורזשואַזיע. אַזוי, אַז סאָפּקאָלסאָף זיינען מיר קנעכט פון די אומשטענדן און פאַר אונז בלייבט נאָר צו וואַרטן אַף אַ גינסטיקן מאָמענט, קעדיי מיטאַמאָל אָנצונעמען דעם גרויסן באַשלוס און אַראָפּוואַרפן דעם סוינע.

אַזאַ טאַקטיק איז לאַכלוטן סויסער אונזער פריערדיקע טאַקטיק, מ׳ר באַהויפּטן דאָס אַנטשיידן. אָבער איר נאַטירלעכער פּויעליויצע, דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג, איז די פּראָקלאַמירונג פ׳נם אַלגעמיינעם שטרייק. אַזוינע רעוואָלוציעס, ווי די, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביז איצט, זיינען געוואָרן אומעגלעך. קאַוטסקי האָט אומצווייידייטיק וועגן דעם דערקלערט: „דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיין ספּעציעלן מעטאָד פון רעוואָלוציע — אויפהערן די אַרבעט, אָפּשטעלן די פּראָדוקציע, מיטן איבערייסן דעם נאָרמאַלן לעבן-שטראָם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. קאָן ער זי אויסצערן״.

אָבער דאָס איז גרינגער צו זאָגן, ווי צו טאָן. דען דער פּראָלעטאַריאַט עקזיסטירט דאָך ניט אויסער דער היינטיקער געזעלשאַפט, ער אַליין איז אַ באַשטאַנד-טייל פון אָט דער געזעלשאַפט. מיטן איבערייסן דעם נאָרמאַלן לעבן-שטראָם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, דערלאַנגען מיר אין דערזעלבער צייט אַ קלאַפּ דעם פּראָלעטאַריאַט. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז זייער גרינג — יעדנפאַלס פּאָדערט זיך ניט דערויף קיין גרויסע פּאָליטישע שאַרפזיניקייט, — צו זאָגן: „ווען עס וואָלט געווען מעגלעך מיט אַ געוויסער האָפענונג אַף אַ ערפאָלג צו דראָען מיט אַ גראַנדיעזן שטרייק דער זאַקסישער בורזשואַזיע, וואָלט זי וואַרשיינלעך פריער אַ טראַכט געטאָן, איידער זי זאָל אָפּנעמען באַם פּראָלעטעריאַט דאָס וואַלרעכט". ווען... מעגלעך... וואַרשיינלעך. און מיט אַזוינע וואַקלדיקע אַרגומענטן טרעט מען אַרויס אין דער פּאָליטיק, גייט מען פאָרויס, האַלט מען אָפּ אַ ניצאָכן.

ווען דער אַלגעמיינער שטרייק וואָלט געווען אַ געצייג פונם קלאַסנקאַמף, וואָס זיכערט דעם ניצאָכן, וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין „אַלגעמיינער אומזין", נאָר אַזוי ווי מע קאָן אים ניט אונטערנעמען „מיט אַ געוויסער האָפענונג אַף אַ ערפאָלג", בלייבט פאַר אונז נאָר איבער בלויז צו שטרעבן צו דערגרייכן אונזער ציל מיט דער הילף פון דער טאַקטיק, וואָס באַ איר האָבן מיר זיך געהאַלטן ביז איצט. מיר קאָנען ניט אויסצערן, צעקלאַפּן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, איבערלאָזנדיק אין איר דאָס לעבן, און בעשאַס-מאַיסע אויך ניט ברענגען קיין זייער שטאַרקן שאָדן די גרונט-אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט. הייסט עס, אַז מיר דאַרפן זיך וואָס בעסער איינאָרדענען באַ דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און באַמיען זיך צו רעפאָרמירן זי אין אונזער גייסט, קעדיי אַזוי אַרום צו דערגרייכן אונזער ציל. אויב מע קאָן ניט באַזייטיקן מיט געוואַלד די היסטאָריש-אויסגעבילדעטע פאַרהעלטענישן און דערביי ניט שטיין קימאַט פאַר דער זיכערער געפאַר פון אַ בלוטיקער מאַפּאָלע, איז די דירעקטע פליכט צו זוכן אַן אַנדער וועג פאַרן

ניצאָכן. די סאָציאַלע רעפאָרמען טראָגן אין זייערע פאָלגן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, די פולשטענדיקע איבערבויאונג פון דער היינטיקער אָרדענונג. „מיר באַזירן זיך אַף דער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג פון דער זאַכלאגע", מיר ווענדן אָן אַלע אונזערע קויכעס, קעדיי אָט די אָרגאַנישע אַנטוויקלונג אונטערוואַרפן אונזער איינפלוס און פאַרגיכערן זי. מיר האלטן זיך באַ יענער טאַקטיק, וועלכע מע רופט אָן אין דער וויסנשאפט *עוואָלוציע*. פון אָט די גרונט־האנאָכעס קאָן מען אָן וואקלונגען מאַכן די אויספירן, וואס וואָלטן באַזייטיקט די איצט עקזיסטירנדיקע סטירעס צווישן אונזער טאַקטיק און טעאָריע. Hic Rhodus, hic salta!, אָט דאס איז דער פונקט, וואס אַרום אים דרייט זיך דער גאנצער קאָנפליקט. ווען אָט די פראגע וועט געלייזט ווערן, וועט אויך געלייזט ווערן די פראגע וועגן דעם אלגעמיינעם שטרייק.

דער אַלגעמיינער שטרייק, וואס איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיטן ציל צו צעברעכן די מעמשאָלע פון דער בורזשואַזיע, וואלט אומפארמיידלעך געבראַכט צו אַ בלוטיקן צוזאמענשטויס, אין וועלכן דער פראָלעטאריאַט וואָלט געליטן אַ מאפּאָלע, אין דער צייט ווען די *לעגאלע* דעראָבערונג פון דער פאָליטישער מאכט איז אַ *פראָגרעסיווע* באַוועגונג. די עוואָלוציע־טעאָריע אָדער רעוואָלוציע־טעאָריע — אָט דאס איז די פראגע, צו וועלכער מיר קערן זיך ווידעראַמאָל און איבעראַנייס אום.

דער, וואס שטרעבט צו דער *דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט*, שטרעבט אויך נאטירלעך צום גוואַלדזאמען צעשטערן דאס סאָציאַלע גלייכגעוויכט, און מעמיילע, צום אַלגעמיינעם שטרייק, ד. ה. אין דער ווירקלעכקייט צו אַ רעוואָלוציע. דערפון איז פונדעסטוועגן ניט געדרונגען, אַז אונזערע אָרטאָדאָקסן ווילן אַ רעוואלוציע און זאָגן זיך אָפּ צו דעראָבערן די פאָליטישע מאַכט אַף אַ געזעצלעכן אויפן. ניין, זיי רעכענען בלויז, אַז די סטירעס און קאָנפליקטן פירן אומפארמיידלעך צום אָנקום פון אַזא מאָמענט, ווען מע וועט זיי קאָנען לייזן בלויז דורך אַ גוואַלדזאמער אנטשיידונג, בלויז דורך אַ קאַטאַסטרעפע. אָבער דידאָזיקע סכעמע איז זיך סוימעך בלויז אַף אַ פאָשעטער האַשאָרע, און איך האלט ניט פאר נויטיק צו באטראַכטן זי דאָ. אין דער פראגע וועגן דעם אַלגעמיינעם שטרייק וועלן מיר זיך אָפּשטעלן בלויז אַף דעם, אַז ער *דארף* זיין די טאקטיק, וואס אַנטשפרעכט דער קאַטאַסטראָפע־טעאָריע, וועלכע קאַאוטסקי האט אַנטוויקלט, דער מעטאָד פון דער *פראָלעטארישער רעוואָלוציע*.

וויפל מיליאָנען ארבעטער וואָלט נויטיק געווען, קעדיי צו האָבן אַ מעגלעכקייט צו דערקלערן אין דייטשלאנד אַן אַלגעמיינעם שטרייק מיט אַ געוויסער האָפענונג אַף אַ ערפאָלג? אין וואס פאר אַ מאָס דארף, לויט די אָנשויאונגען פון קאוטסקי און זיינע כאַוויירים, וואס נעמען אָן זיין קאַטאסטראָפע־טעאָריע, אָרגאַניזירט, דיסציפלינירט און דערצויגן ווערן דער פראָלעטאריאט, קעדיי מע זאָל קאָנען אויסרעכענען, אַז אינם שטרייק וועט

זיך באטייליקן א גענוג גרויסע צאָל ארבעטער, וואס זאָל דערלויבן צו וואַגן זיך אַף אַ פארצווייפלטן אנטשלאָסענעם שלאכט? און צי איז ווירקלעך אָט דער מאָמענט אויך „זייער נאָענט”? קאוטסקי פערזענלעך וואָלט זיך ניט אנטשלאָסן צו באהויפטן דאָס. דאָך האט ער געהאט דעם מוט פארויסצוזאָגן אין יוני 1903-טן יאָר דעם „זייער נאָענטן” טריומף פון דער סאָציאל-דעמאקראטיע!

זאָל מען, ענדלעך, אויפהערן צו דערקלערן שיר ניט פאר רענעגאטן יענע, וואס דענקען מיט א גרעסערער רואיקייט, מער קאלטבלוטיק. זאָל מען ניט טאינען, אז מיטן קריטיקירן אזוינע היפּאָטעזן און פארויסזאָגונגען ווייזט מען ארויס א פאראכטונג צו אונזערע גרונט-איבערצייגונגען און מע שטעלט אין געפאר אונזערע פרינציפּן. די אינערלעכע מאכלויקעס פון אונזער פארטיי שטאמען פון אָט דער וואקלדיקער ווידערשפּרעכנדיקער לאגע צווישן אונזער אָפיציעלע טעאָריע און אונזער טאקטיק. ווען און וואו האט די פארטיי אָנגעווענדעט אין איר טאקטיק די אויספירן פון דער קאטאסטראָפע-טעאָריע? אין דער פראקטיק פאָלגט שוין די סאָציאל-דעמאָקראטיע לאנג נאָך דער עוואָלוציע-טעאָריע. וועגן דעם האט זי ניט איינמאָל געמאָלדן פון דער רייכס-טאג-טריבונע, קעדיי שוין אפמאָרגן אָפּזאגן זיך דערפון און טרעטירן, סאי די אָפּאָרטוניסטן און סאי די, וואס פארטיידיקן די עוואלוציע-דאקטרין.

אַלע פעלערן, וואס די פאַרטיי מאַכט, נעמען זיך פון דעם, וואס זי איז צופיל צוגעבונדן צו דער טעאָריע, וואס איז שוין לאַנג פארלאָזן געוואָרן אין דער פראַקטיק. דאָס לערנען אונז די קאָנפליקטן, וואס אנטשטייען אין דער פאַרטיי, ווי נאָר אינם טאָג-סיידער ווערט געשטעלט אַ מער-ווייניקער וויכטיקע טעאָרעטישע פראגע. אונז קומט אויס צו פאנאנדערקלייבן זיך אין אַזאַ כאַאָס פון סטירעס, אַז מיר וואַקלען זיך אָנאויפהערלעך מיט דער רעגולערקייט פון פערפענדיקל צווישן צוויי עקסטרעמע טעאָריעס — עוואָלוציע און רעוואָלוציע. היינט זאָגט מען פאר אַ געוואלדטעטיקע איבערקערעניש, אין אַ וואָך ארום רעדט מען שוין וועגן דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פונם סאָציאַליזם. און סאָפּקאָלסאָף רעדט מען, אַז די רעוויזיאָניסטן טראָגן אריין אַ פלאָנטער אינם באוואוסטזיין פון די מאַסן. און אזוי ווי זיי זייענען איינגעשפּאַרט אין זייער אַפּיקאָרסעס, טאַינעט מען, אַז זיי שטויסן די פארטיי אין אַ זומפּ... די דערפארונג האט באַוויזן, אַז דער וועג פונם לעגאלן קאַמף איז דער זיכערסטער און קירצסטער פון וועגן, וואס פירן צו אונזער ציל. אין דער פראַקטישער טעטיקייט טראכט מען גאָרניט נאָכצופאָלגן די אויספירן פון דער קאטאַסטראָפעס-טעאָריע און צו פארנעמען זיך מיט פּראָפּאגאנדירן דעם אַלגעמיינעם שטרייק, קעדיי צו צעברעכן אין דער נאָענטסטער צוקונפט די הערשאפט פון דער בורזשואַזיע. מע טראַכט אויך ניט, אז די דייטשישע אַרבעטער זייענען שוין גענויגט אָנצוהויבן די רעוואלוציע, וועלכע מע נעמט אַרויס פאר אונז פון אָט דער פארשאָלטענער טעאָריע. מיר דארפן ניט, מיר קאנען ניט צונויפבינדן

מיט דער קאטאסטראָפע די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורכן פּראָלעטאריאַט. דער דעוויז: אַלץ אָדער גאָרניט האט ניט קיין שום ווערט אינם פּאָליטישן קאַמף. עס איז לאַכלוטן אומעגלעך פאנאנדערצוקלייבן זיך אין אַזאַ קאמפּליצירטן אַפּאראט, ווי דאס איז די פארוואלטונג אין דער מאָדערנער מעלוכע.

רעוואָלוציע אָדער עוואָלוציע? איבער אָט דער פראגע דארפן מיר אָנעמען אַ קלאָרן און באַשטימטן באשלוס, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פּאַר קיין שום אויספירן, וואס קאָנען פון אים געמאַכט ווערן מיר דארפן אַנטשיידן דערקלערן, צי וועלן מיר אָפּלייגן אַפן צווייטן טאָג נאָך דער רעוואָלוציע די זאָרג וועגן שאַפן עפּעס אַנשטאָט דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאפט, אָדער מיר האלטן פאר בילכער אָנצוהייבן אַרונטערטערייסן די עקזיסטענץ פון אָט דער געזעלשאפט דורך אַן ענערגישער, אוםאויפהערלעכער רעפאָרמיסטישער טעטיקייט. די רעוויזיאָניסטן האבן קיין מוירע ניט צו דערקלערן אָפן וועגן יענע פאָלגן, וואס צו זיי פירן זייערע אנשויאונגען. זיי פאָדערן בלויז פון די אָרטאָדאָקסן, אַז זיי זאָלן נאָכטאָן די רעוויזיאָניסטן; אַז זיי זאָלן העלפן דער מאַסע מיטגלידער אונזערע גרונטלעך צו פאנאנדערקלייבן זיך אין אונזערע כעלוקעדייעס. דאס אָפּוואַרפן פרידבערגס פּאָרשלאג באַווייזט קלאָר, ווי וואָלט געהאנדלט דער פּראָלעטאריאַט, ווען מע וואָלט אים פאָרגעלייגט אָנצואווענדן אין זיין טאקטיק די אויספירן, וואס דרינגען אַרויס פון דער קאטאסטראָפעס-טעאָריע. איז צו וואס זאָל מען זיך האלטן באַ אַ טעאָריע, וואס מע האט קיינמאָל ניט אנערקענט אין דער פּראַקטיק? פארוואס זאָל מען ניט ווייזן דאָס, וואס עס איז פאַראַן? אָדער בעסער, פארוואָס גרייט מען ניט צו די רעוואָלוציע, אויב מע רעכנט, אַז זי איז אומפארמיידלעך?".

# 10. בעבעל וועגן אַלגעמיינעם שטרייק

## א. פונם באַריכט אַפן צוזאַ[illegible]אָר אי יענאַ אין 1905 יאר

די מאַרקסיסטן און רעוויזיאָניסטן זיינען איינשטימיק, אַז דער פּראָלעטאַריאט וואקסט אלץ מער און מער אויף און סאַפּקאָלסאָף בילדעט ער די קאָלאָסאלע מאַסע פון דער נאציע. לויט זיין צאָל און סאָציאַלער לאַגע בילדעט שוין איצט דער פּראָלעטאריאט דעם יעסאָד פון דער נאציע, ער איז דער קוואל פונם רייכטום, דער קוואל פון אונזער וואוילשטאנד, דער יעסאָד פון אונזער צאָלונג-פעאיקייט, פון אונזער שוץ-פעאיקייט, דער יעסאָד פון אַלץ און יעדן. אָט די מאסע בילדעט דעם פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפט, אף אירע אקסלען שטייט די גאנצע געזעלשאפטלעכע פּיראמידע, און אויב דער פונדאמענט וועט זיך אָנהייבן וויגן, וועט דאן איינפאלן די גאנצע פּיראַ-

מידע. איך ווארף ניט אָן קיין שום שרעק. עס איז פאראן די מעגלעכקייט פון אַ פרידלעכער אנטוויקלונג. דאָס הענגט אָפּ אויך פון אונז. קוידעמקאָל איז דאָס אָפּהענגיק פון דער מאכט, וועלכע אונזער אָרגאניזאציע וועט באזיצן, פון דעם, אין וואָס פאר א מאס מיר וועלן דערגרייכן אויפצוקלערן פּאָליטיש די דייטשישע ארבעטער-מאסן, וועלכע דארפן האָבן צו יעדן מאָמענט פון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג א קלאָרע פאָרשטעלונג, ווי אזוי זיי דארפן זיך האלטן, וואָס זיי דארפן יאָ טאָן און וואָס ניט טאָן. דאָס דארף איינמאָל פאר אלעמאָל קלאָר געמאכט ווערן, אבער אויך די צווייטע זייט פונם איניען דארף זיין קלאָר. אין אסאך א גרעסערער מאָס ווי פון אונז, איז דער גאנג פון דער אנטוויקלונג אָפּהענגיק פון דער אויפירונג מיצאד אונזערע קעגנער. דורך זייער פירונג ווערט באשטימט אונזער טאקטיק; אויסשליסלעך פון זיי הענגט אָפּ צי געבן דער אנטוויקלונג א פרידלעכן, אזוי צו זאָגן נארמאלן, גאנג, אָדער ארויסרופן א קאַטאסטראָפע. א ביטערן טאָעס מאכט דער, ווער עס מיינט, אז מע קאָן די מאסן אָפּזאָגן אין די בירגערלעכע און מענטשלעכע רעכט, אָדער אפילו אפּנעמען באַ זיי די מענשלעכע רעכט. דא וועלן ניט העלפן קיין שום טאָרמאזן. טאָרמאָזירט וויפל אייך געפעלט, דער טאָרמאַז וועט זיך ארויסווייזן אָנמעכטיק. מיר זעען וויטער, אז די בורזשואזע פּארטייען שליסן זיך אלץ ענגער צונויף, אז די סטירעם צווישן זיי ווערן אלץ מער פארגלעט. די בורזשואזע פּארטייען זאָגן זיך: אויב מיר זיינע ניט בעקויעך צו פארטרייבן פון אונזערע אויגן דעם מאָנסטער, וואָס פּאר-שאפט אונז טאָג און נאכט אזויפיל זאָרג און באאומרואיקט אונזער שלאָף, לאָמיר זיך לעכאָלאפּאָכעס פּארייניקן, קעדיי אָפּשלאָגן די אנפאלן. אָט מיט וואָס עס דערקלערט זיך די ענגע אייניקייט פון אונזערע קעגנער זינט דעם יאר 1903.

...אָט אזוי איז די לאגע. אזוי ווי די מיטלען, וואָס זיינען ביז איצט געוועז אין אונזער רעשוס, האָבן זיך ארויסגעוויזן פאר ניט גענוג אף צו מאכן אומעגלעך דאָס פארמעסטן זיך אף די רעכט פונם ארבעטער-קלאס דארף יעדער באדאכטער כאווער שטעלן זיך די פראגע: צי זיינען גענוג די טאקטישע און אגיטיר-מיטלען, וואָס מיר האָבן פארמאָגט ביז איצט, אָדער מיר דארפן זאָרגן וועגן אויסזוכן נייע מיטלען?

דעריבער איז געמאַכט געווארן דער פארשלאג וועגן א מאסן-שטרייק. א פּאָליטישן שטרייק, באמערקט מען אונז אף דעם, מאכט מען, אבער מען רעדט ניט וועגן דעם. עס איז נאריש צו מיינען, אז מע קאָן באזייטיקן די דיסקוסיע וועגן דערדאָזיקער פראגע מיט דעם, וואס מע וועט מאכן דעם אָנשטעל, אז מען באמערקט זי ניט. דאס איז א שטראוס-פאליטיק. וויבאלד וועגן דערדאזיקע פראגע שמועסט מען איצט אף יעדן טריט און שריט — אלציינס, צי ריכטיק אָדער ניט — דארף יעדער באדאכטער מענטש, און א פשיטע שוין א פירער פון דער פאַרטיי, וואָס וויל ווערט זיין דעמדאזיקן נאמען,

זיך א פרעג טאָן, צי איז ניט אנגעקומען פאר דער פארטיי די צייט צו פאר־נעמען זיך מיט דידאזיקע פראגן. קיין שום מאסמיטלען, בא װעלכע די גרויסע פאלקס־מאסן דארפן ארויסגעפירט װערן אף דער ארענע, זיינען ניט מעגלעך, קאלזמאן דידאזיקע מאסן זיינען ניט באקענט מיטן טאך פון דער זאך. אויב עס איז נויטיק, אַז די מאַסן זאָלן מיט באַגייסטערונג אויספירן אַ באַשטימטן טאַט, פאָדערן זיי, אַז מע זאָל זיי דערקלערן דעם זין און ציל פון דעמדאזיקן טאַט און זיי האָבן אַ רעכט דאָס צו פאָדערן. אויפגעקלערטע מאַסן װארפן זיך ביכלאַל ניט אונטער בלינד אַ באַפעל. דער פראָפעסיאָנעלער קאָנגרעס אין קעלן האָט אָבער געהאַט בעדייע צו מאַכן אַ סאָף מיט דער פראַגע װעגן אַלגעמיינעם שטרייק דורך אָנעמען בעמעלבורגס רעזאָלו־ציע. דער קאָנגרעס האָט אָפּגעװאָרפן דעם אַלגעמיינעם שטרייק אין דעם זין װי עס לייגן אים פאָר די אַנאַרכיסטן און אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן, און האָט געמאָלדן, אַז ער װינשט ניט פאַרזעצן די דיסקוסיע איבער דערדאָזיקער פראַגע. װאָס האָט מען דערגרייכט מיט דעם? פונקט דעם קעגנזעצלעכן רעזולטאַט. גראָד נאָכן אָנעמען בעמעלבורגס רעזאָלוציע, װעלכע ליידט פון אַ גרויסער אומקלאָרקייט מיצאַד דער פאָרם און אינהאַלט, האָט זיך אָנגע־הויבן די רעכטע פאָלעמיק. אַף װיפל דידאָזיקע אומקלאָרקייט איז גרויס זעט מען פון דעם, װאָס אַפילע פאָן־עלמאַנען װאַרפט מען פאָר, אַז ער פאַרשטייט פאַלש דידאָזיקע רעזאָלוציע; דעמזעלבן פאָן־עלמאַנען, װעמען איך האַלט, — ניט געקוקט אַף דעם, װאָס איך גיי זיך אָפּט פאַנאַנדער מיט אים אין די מיינונגען און האָב זיך מיט אים ניט איינמאָל אויסגעטוישט מיט קלעפּ, — פאַר אַ גאַנץ קאָמפּעטענטן אַף צו אורטיילן װעגן דעם פראָפעסיאָ־נעלן קאָנגרעס און װעגן דער באַדייטונג פון דער רעזאָלוציע, װאָס ער האָט אָנגענומען. מע דאַרף װירקלעך אונטער אַ מיקראָסקאָפּ באַטראַכטן דידאָזיקע רעזאָלוציע, קעדיי אויסלייענען אין איר, אַז זי איז קלאָר ניט אַװעק אַזױ װייט און האָט ניט פאַרװאָרט קיין דיסקוסיע װעגן אַלגעמיינעם שטרייק. באַם לייענען די רעזאָלוציע און איר מאָטיװירונג באַקומט זיך ניט װילנדיק דער איינדרוק, אַז די דיסקוסיע איבער דערדאָזיקער פראַגע איז אַן איבעריקע. אָבער אַזױ װי די רעזאָלוציע קאָן אויך אַנדערש אויסגעטייטשט װערן, און מיר אַלע זיינען פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז גראָד אין אָט דער פראַגע זאָלן מיר גיין האַנט־אין־האַנט מיט די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, דאַרפן מיר גאַנץ אָביעקטיװ זיך פאַרנעמען מיטן באַטראַכטן די פראַגע. נאָך איין אָרט אין עלמאַנס אַרטיקל איז מיר געװען צום האַרץ, דאָס איז דאָרט, װאו ער רעדט, אַז אַסאַך בעסער װאָלט געװען, װען אַנשטאַט אָט דער אומקלאָרער סויסערדיקער רעזאָלוציע, װאָלט אָנגענומען געװאָרן אַן ענערגישע רעזאָלוציע, װאו מען װאָלט די היינטיקע רעדלפירער אַף אַ ניט צװיידייטיקן אויפן גע־מאָלדן: אויב איר װעט װאַגן צו פאַרמעסטן זיך אַף דאָס אַלגעמיינע װאַל־רעכט, װעלן די פראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע אַרבעטער אָנװענדן זייער

גאַנצן עקאָנאָמישן קויעך, קעדיי ניט צו דערלאָזן דעמאָראַליזירן פאַרברעכן. אין
זיין אַרטיקל ווערט ווייטער געזאָגט: די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען
פאַרינטערעסירט אינם אַלגעמיינעם וואַל-רעכט אַסאַך מער איידער די פּאַרטיי,
ווייל צוזאַמען מיטן רעכט פון אַלגעמיינער אָפּשטימונג ווערט געשטעלט אין
געפאַר אויך דאָס רעכט פון פאַריינען, פאַרזאַמלונגען און קאָאַליציעס. עלם
זאָגט ווייטער, אַז די פּאָליטישע פירער וועלן קלאַל ניט אַריינפאַלן אין אַ
פאַרלעגנהייט אינם פאַל, אויב עס וועלן אַרויסגעגעבן ווערן נייע אויסנאַם-געזעצן,
זיי וועלן זיך דאַן אומקערן צו דער טאַקטיק פון 1878 יאָר. דאָס איז גאַנץ
ריכטיק. אין יענער צייט פלעגן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן אויסוואַקסן
געהיימע אָרגאַניזאַציעס. מיר פלעגן זיך שפּילן מיט דער פּאָליציי ווי אַ קאַץ
מיט אַ מויז. פאַר אַסאַך כאַוויירים איז דאָס געווען אַ פרייד, אַן עמעסער
פאַרגעניגן; ווען מיר געפינען זיך איצט אין אַן ענג כאַווערשן קרייז, פאַר-
שאַפט אונז מער פון אַלץ פאַרגעניגן צו דערציילן איינער דעם צווייטן, ווי
אַזוי מיר פלעגן אין יענער צייט פירן די פּאָליציי פאַר דער נאָז, ווי מיר
פלעגן זיך מיט איר שפּילן. און אויב אַנדערע כאַוויירים פלעגט אַמאָל אויס-
קומען אַוועקצוגיין אין טפיסע איז וואָס — מיר זיינען דאָרט קימאַט אַלע
אויסגעווען, און עס וועט זיין, כ'לעבן, אַ צייט, אַז דער, וואָס איז קיינמאָל
ניט געזעסן און טפיסע, וועט זיך רעכענען פאַר אַ כאַווער ניט אינם עמעסן
זינען פונם וואָרט. נעבעכדיק וואָלט אויסגעזען די פּאַרטיי, ווען צוליב דער
מוירע פאַרן פּראָקוראָר און פאַר די געזעצן, וואָלט זי אויפגעהערט צו פאַר-
טיידיקן אירע מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט. טויזנטער כאַוויירים אונ-
זערע אין אויסלאַנד זיינען פאַר אונז אין די אייגן מאַקרעוו זייער לעבן, איז
ניט שוין זשע וועט באַ אונז ניט קלעקן קיין מוט אָפּצוזיצן א פּאָר כאַדאָשים
אין טפיסע, אָדער אפּקומען אַן ערגערע שטראָף, אויב מע וועט דאַרפן פאַר-
טיידיקן אונזערע רעכט. אַלזאָ דער קעלנער-באַשלוס האָט געשאַפן אן אומ-
קלאָרקייט און אַ מישמאַש, און פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אן
ענדלאָזע פּאָלעמיק. אינם רעפּאַראַט, וואָס דאָרט האָט געהאַלטן כאַווער
ב ע מ ע ל ב ו ר ג, איז אינטערעסאַנט די מאָטיווירונג, פאַרוואָס מע האָט אָט
די פראַגע אַריינגעשטעלט אין דער פּראָגראַם פונם קאָנגרעס. דאָס איז גע-
מאַכט געוואָרן, ווי ער האָט געזאָגט, דערפאַר, ווייל אניט, וואָלט די פּראָפע-
סיאָנעלע פאַריינען שפּעטער אויסגעקומען אונטערצוּוואַרפן זיך אן איינזייטיקן
באַשלוס, וואָס עס וועט אָנגענומען ווערן פון דער אנדערער זייט. „די אַנדערע זייט“,
דאָס איז אונזער פּאַרטיי-טאָג. קעגן אונז זיינען באַצייטנס אָנגענומען געוואָרן
מאָסמיטלען, אף אונזער באַשלוס האָט מע געוואָלט מאַכן אַ דרוק...

און דערצו איז דאָ פאַראַן נאָך אַן אומשטאַנד. מיר קעמפן דאָך עפּעס
ניט פאַר אוטאָפּיסטישע פאַנטאַזיעס און ניט פאַר די פאָדערונגען פון דער
קינפטיקער מעלוכע. מיר מיינען ניט, אַז מיט דער הילף פון אן אַלגעמיינעם
שטרייק וועלן מיר צעשטערן די יעסוידעס פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט;

מיר קעמפן פאַר גאַנץ רעאַלע רעכט, וועלכע זיינען א לעבנס-באַדערפעניש פאַרן אַרבעטער-קלאַס, אויב נאָר ער וויל נאָך פּאָליטיש לעבן און אָטעמען. ווען אינם טאָג-סיידער וועט שטיין די פראַגע וועגן פאַרניכטן דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט, איז, ווי ניט פאַרדאָרבן עס זיינען די בורזשואַזע קרייזן, וועלן זיך דאָך צווישן זיי געפינען אַסאַך מענטשן, וואָס וועלן זאָגן, אַז דאָס איז ניט דערלאָזבאַר, אַז מע קאָן ניט אָפּנעמען בא די אַרבעטער די רעכט, מיט וועלכע זיי האָבן קיינמאָל ניט מיסבּרויכט, און אין אָט די קרייזן וועלן מיר אומבאַדינגט געפינען א געוויסן מיטגעפיל. כאָץ דעם, איז מיין קראַפט ניט לעפּיערעך גרעסער אין דעם פאַל, ווען איך פּאַרטיידיק דאָס רעכט, מיט וועלכן איך האָב זיך יאָרנלאַנג באַנוצט, איידער דאַן, ווען איך האָב בעדייע אויסקעמפן פאַר זיך נייע רעכט.

זאָל מע נאָר פּרוּאוון אָפּנעמען בא אונז דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט, זאָל מען נאָר ווידער אַמאָל וואַגן פּרוּאוון אָפּשאַפן דאָס רעכט פון קאָאַליציע· פּונקט אַזוי ווי די קאַטוילישע אַרבעטער האָבן אינם שטרייק פון די באַרג-אַרבעטער העלדיש געקעמפט האַנט-אין-האַנט מיט די פרייע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פּונקט אַזוי וועלן זיי זיך באַטייליקן אינם קאַמף אויך אין דעם פאַל, ווען עס וועלן שטיין אין געפאַר זייערע לעבנס-אינטערעסן אַלס מיט-גלידער פונם אַרבעטער-קלאַס. סאָפקאָלסאָף איז די קראַפט פון די אומשטענדן און פון די געשעענישן גרויוער דעם בעסטן באַשלוס עפּעס ניט צו טאָן.

## ב. פון א. בעבעלס רעדע אַפן צוזאַמענפאַר אין מאַנהיים אין 1906 יאָר

ווען מיר זיינען זיך פאַראַיאָרן פאַנאַנדערגעפאָרן אין יענא, האָט קוים אימיצער גערעכנט, אַז האַיאָר וועלן מיר שוין ווידער באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק. ווי אַזוי איז עס דערצו דערגאַנגען איז אייך, אַלעמען, רעכן איך, גוט באַוואוסט און איך וועל וועגן דעם ניט מאַירעך זיין: איך וועל זיך בלויז אָפּשטעלן אַף דער באַראַטונג פון אונזער פּאַרטיי-פאַר-וואַלטונג מיט דער גענעראַל-קאָמיסיע פון די געווערקשאַפטן, וואו מיר האָבן אַף אַן אומאָפיציעלן אויפן באַהאַנדלט די זאַכלאַגע און מיר האָבן פון אונזער זייט געמאָלדן, אַז די לאַגע איז לויט אונזער מיינונג אַזא, אַז בא איצטיקע באַדינגונגען קאָן מען גאָר בעשום אויפן ניט טראַכטן וועגן אַן אַלגעמיינעם שטרייק, ווייל אַזא שטרייק וואָלט זיך אומפאַרמיידלעך געענדיקט מיט א שרעקלעכער מאַפּאָלע פאַר אונזער פּאַרטיי (הערט! הערט!).

איך האָב אַף דערדאָזיקער באַראַטונג אַרויסגעזאָגט איבערהויפּט מיין מיינונג וועגן דעם, ווי אַזוי מען דאַרף איינאָרדענען אַן אַלגעמיינעם שטרייק, און דערביי האָב איך מיך באמת צו אַנאַליזירן גרונטלעך די היינטיקע לאַגע פון דייטשלאַנד, באַזונדערס פון פּרייסן. איך האָב דרינגענד אָנגעוויזן,

אז אן אלגעמיינער שטרייק אין דייטשלאנד, אָדער אין פרייסן שטעלט פון זיך בעליסאָפּעק פאר גאָר אן אנדער זאך, איידער אין וואָסערן עס איז אנדער לאנד, אז דאָרט וועט אונז אויסקומען צו באגעגענען זיך מיט אזעלכע קויכעס און אָרגאניזאציעס — פון איין זייט מיטן פרייסישן קעניגרייך און יונקערטום, פון דער אנדערער זייט — מיט די גוט אָרגאניזירטע אינדוסטריעלע בּאראנען וועלכע וועלן יעדן פּרואוו איינצואָרדענען אן אלגעמיינעם שטרייק זיך סטא-רען צו אונטערדריקן מיט אזעלכע אכזאָרישע מאָסמיטלען, אז מיר דארפן זיין אָרגאניזירט אסאך בעסער איידער איצט, אויב מיר ווילן האָבּן אן ערפאָלג באם דורכפירן דעמדאָזיקן שטרייק.

בּא אזעלכע באדינגונגען וואָלט דעריבער געווען לאכלוטן אומעגלעך צו טראכטן, אז מע קאָן דורכפירן אין לעבן אן אלגעמיינעם שטרייק; גיכער דארף מען בעפיירעש דערווארטן, אז דער שטרייק וואָלט זיך ניט איינגעגעבּן; און די רעאקציע וואָלט טייקעף באקומען די מעגלעכקייט אנצואווענדן וועלכע ניט איז אויסשליסלעכע מאָסמיטלען און געזעצן.

אף דער אויבנדערמאָנטער בּאראטונג האָבּן מיר דעריבּער געזאָגט, אז עס וואָלט געווען ביזן העכסטן גראד געווינסלאָז, ווען מיר וואָלטן בּא אזא זאכלאגע געמאכט אזא שריט. פארשטייט זיך, עס זיינען פאראן מאָמענטן אינם לעבּן פון די פעלקער, ווען עס קומט אויס צו זאָגן: coûte que coûte (מעג דאס קאָסטן וויפל עס וויל), און ווען מע דארף דעם קאמף פירן ביזן סאָף, אויב אפילע עס ווערט פאָרויסגעזען א זיכערע מאַפּאָלע. אָבער איך זאָג זיך ארויס אף אַן אנטשיידנסטן אויפן קעגן דעם, אינם איצטיקן מאמענט איז די לאגע אין פרייסן אזא, אז מע דארף אונטערנעמען אזא שארפן קאמף...

עס איז פּנדעסטוועגן גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די אָנפירער פון זיי גע-ווערקשאַפטן, האָבּן נאָכדעם, ווי איך האָב אַנטוויקלט מיינע מיינונגען, ניט דערזען אין זיי א באַשטעטיקונג פון זייער שטאַנדפּונקט, נאָר האָבּן מיט אַן אינערלעכער זעלבסטבאַפרידיקונג געמאַכט פון זיי די ווייטערדיקע אויספירן, אז איך בין קלוימערשט ביכלאַל קעגן אן אַלגעמיינעם שטרייק אין דער צו-קונפט און קעגן פּראָפּאַגאַנדירן אַזאַ שטרייק.

אַז אַזאַ פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג איז ריכטיק, איז נאָך געדרונגען אויך פון דעם, וואָס שוין אף דער באראטונג גופע האָבּן אייניקע אַרויסגע-זאָגט ענלעכע מיינונגען, אזוי אז איך בין אַפילע געווען געצוואונגען צו דער-קלערן אַפן אנטשיידנסטן אופן, אז איך שטיי אַפן זעלבן שטאנדפּונקט, ווי אין יענאַ, און נעם ניט צוריק קיין איין וואָרט פון מיין רעדע אין יענאַ. עס וואָלט געווען דורכויס פאלש אויסצוטייטשן די יענאַער רעזאָלוציע אין אַזאַ זין, אז מיר דארפן קלוימערשט בּאַ דער ערשטער פּאסיקער געלעגנהייט אָן שום טאינעס אונטערנעמען אן אלגעמיינעם שטרייק...

שוין איין בליק אַף די פריערדיקע אַלגעמיינע שטרייקן, ווייזט אונז, אז אָן דער האסקאָמע פון די פירער און מיטגלידער פון די געווערקשאַפטן איז

ניטאָ וואָס צו טראַכטן וועגן דורכפירן אַן אלגעמיינעם שטרייק. שוין דער פאקט אליין, וואָס פּאָליטיש-אָרגאַניזירטע אַרבעטער ציילן סאַבאַקל 400.000 מאַן, דארף איבערצייגן יעדן פאַרנינפטיקן מענטשן, אז א שטרייק בא אָט די אַרבעטער בלויז, ווען אפילע צו זיי וואָלטן צוגעשטאַנען איך אייניקע ניט-אָרגאַניזירטע, וואָלט זיך מיט גאָרניט אויסגעלאָזט. עס איז אן אומזין דורכצו-פירן אַן אלגעמיינעם שטרייק, אויב עס איז ניטאָ צו אים קיין אלגעמיינער מיטגעפיל אין די מאַסן (הילכיקע באַוויליקונגען). אזא מיטגעפיל אָבער קאָן מען קינסטלעך ניט ארויסרופן. דאָס האָבן מיר געזען, ווען אין מיטן אַווגוסט הײַיאָר האָבן די פירער פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַ-טיע מיט א מערהייט פון צוויי דריטל שטימען באשלאָסן דורכצופירן אַן אַל-געמיינעם שטרייק, וועלכער האָט זיך אָבער ניט איינגע עבן, ווייל דאָס ראָוו אַרבעטער און זייערע אָרגאַניזאציעס זיינען געווען קעגן דעם שטרייק. דאָס דארף דינען פאר אַ מוסר־השׂכל פאר די, וואָס מיינען, אז צו יעדן מאָמענט קאָן מען דורכפירן אן אלגעמיינעם שטרייק.

בא אונז אין דייטשלאנד איז די לאגע פונקט אזא, ווי אין אלע איבע-ריקע לענדער, אַכוץ רוסלאנד. עס האנדלט זיך ניט וועגן איבערבויען דעם גאנצן פּאָליטישן ביניען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט. דערביי איז בא אונז די אָנווענדונג פונם אלגעמיינעם שטרייק אף צו געווינען פּאָלי-טישע רעכט באגרענעצט בלויז מיט צאָפן-דייטשלאנד, און אויב דאָרט וועט דער אלגעמיינער שטרייק אָנגעווענדעט ווערן אלס דאָס לעצטע מיטל פאר דער דעראָבערונג פונם אַלגעמיינעם וואַל-רעכט, וועט דאָרעם-דייטשלאַנד צו דעמדאזיקן שטרייק ניט צושטיין. אינם בעסטן פאַל קאָן זי אונז מאָראַליש אָדער מיט געלט אונטערשטיצן. די האָפענונגען אף אַן אלגעמיינעם שטרייק אין דאָרעם-דייטשלאַנד צוליב דעם געפיל פון סאָלידאַרישקייט איז געבויט אַף זאמד. דאָס דאַרפן מיר פאַרצייכענען, אויב מיר ווילן ניכטער באַטראַכטן די זאַכלאַגע.

מעקייעך דעם, צי אינם פאַל פון אַן אַלגעמיינעם שטרייק קאָן דערגיין ביז אַ בלוט-פאַרגיסונג צי ניט, קאָן איך גאָר קיין באַשטימטס ניט זאָגן. ווי עס זאָל ניט זיין, דאַרף מען ניט מיינען, אז וויבאַלד אין רוסלאַנד האָט זיך די רעוואָלוציע אָנגעהויבן פון אן אלגעמיינעם שטרייק, דארף אויך בא אונז אַזוי זיין. גראָד אָט דער געדאַנק האָט דאָ ניט לאַנג געשטויסן אונזערע מאַינ-צער כאַוויירים, וואָס ווערן אָנגעפירט דורכן כאַווער דאַוויד, צו דערקלערן, אַז בא אונז קאָן מען אין קיין פאל ניט טראַכטן וועגן אַ בלוטיקער רעוואָלו-ציע. אַ מאַסן-שטרייק קאָן, לויט זייער מיינונג, דינען אַלס דאָס לעצטע מיטל, אָבער אַלנפאַלס שטענדיק אַלס פרידלעך קאַמפּס-מיטל.

צי קאָן מען אָבער אפריער אויסרעכענען וואָס אזוינס קאָן אונטערנע-מען די אומצופרידענע פאָלקס-מאסע. מיר פלעגן קיינמאָל ניט דערקלערן, אז

מיר וועלן מאכן א רעוואָלוציע. אַדעראַבע, מיר פלעגן שטענדיק באַהויפּטן, אַז די רעוואָלוציע ווערט, געמאכט פון אויבן דורך די ערשנדיקע קלאַסן, וואָס גיבן ניט נאָך דעם ווילן פון פאָלק. פארשטייט זיך אָבער, אַז מע קאָן ניט אויסשליסן די מעגלעכקייט פון פאָלקס-אויסברוך, אויב דער בעכער פון אומצופרידנקייט אינם פאָלק ווערט איבערפולט, דערביי מאַכן א ביטערן טאָעס יענע, וואָס מיינען, אַז דייטשלאַנד איז. אַדאנק די אייגנטימלעכקייטן פונם פאָלקס-כאַראַקטער, אַף אייביק פארהיט דורך עפּעס אַ קישעף פון רעוואָלוציאָנערער אויפברויזן. איך קאָן פארשטייט זיך ניט באַהויפּטן דעם הייפּעך. יעדנפאלס הענגט אלץ אָפּ פון די אומשטענדן און פון די פאָלקס-שטימונגען, וואָס זיינען דורך זיי באַדינגט. מיט גוטן אזוי ווייניק גרונט קאָן מען זאָגן, אַז אַ רעוואָלוציע וועט אין דייטשלאַנד יאָ זיין, ווי דאָס, אַז אין דייטשלאַנד וועט אין קיין פאַל צו געוואַ דעטעקיע אויסברויזן ניט קומען.

מעקויעך דער מעגלעכקייט אָבער אָ צואַוועוענדן באַ אונז דעם אלגעמיינעם שטרייק זיינען פאראַן געוויסע האַשאָרעס. די יענאַער רעזאָלוציע זאָגט, אַז אינם פאַל, ווען מע וועט זיך פארמעסטן אַף דאָס אַלגעמיינע גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַל-רעכט אָדער אַף דאָס רעכט פון פאראייגען, ליגט אָפּן גאנצן אַרבעטער-קלאַס דער כיוו צו באַנוצן זיך מיט יעדן טויגעוודיקן מיטל. און פאר אזא מיטל האַלטן מיר די אַלגעמיינע אפּשטעלונג פון דער אַרבעט. וויבאלד נאָר עס וועט זיך פראַקטיצירן דאָס פארמעסטן זיך אַף דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט, אָדער מע וועט וועלן אָפּנעמען באַ די אַרבעטער דאָס רעכט פון פאראייגען. קאָן שוין דאָ ניט זיין קיין פראגע צי ווילן מיר אָרגאניזירן אַן אלגעמיינעם שטרייק, דעמאָלסט זיינען מיר פאַרפּליכטעט צו מאַכן אים. די רעכט, וועלכע מיר האָבן דעראָבערט דורכן קאַמף, וועלן מיר ניט דערלויבן אָפּנעמען באַ אונז, אניט, וואָלטן מיר געווען די שאפלדיקסטע מענטשן (הילכיקע באַווילקוגען). דאָס איז אַזא פּונקט, איבער וועלכן עס קאָנען ניט זיין קיין שום כעלוקעדייעס, קיין שום ריידערייען. דאן דארפן מיר אלע גיין אין פייער, ווען אפילע מיר וואָלטן אלע אומגעקומען! (ניע הילכיקע באַווילקונגען). אויב אונזערע קעגנער פרואוון זיך פאַרמעסטן אַף אונזערע רעכט, איז זאָלן זיי אויך טראָגן די גאנצע פאראַנטוואָרטלעכקייט דערפאַר. דאן וועלן מיר אלע געצוואונגען זיין צו באשיצן אונזערע מענטשלעכע רעכט, וואָס אָן זיי קאָן ניט עקזיסטירן קיין איין פאָלק. און מיר וועלן אַלץ טאָן אַף אָפּצושלאָגן אָט די פארמעסטונגען, ווי טייער דאָס זאָל ניט קאָסטן. איך בין פעסט איבערצייגט, אַז דעמאלט וועט דער גאַנצער אַרבעטער-קלאַס, ווייט איבער די גרענעצן פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און געווערקשאפטן, צושטיין אכדעסדיק צו אָט דעם קאַמף, אַף וויפל ער דענקט און פילט פּאָליטיש, אַף וויפל ער פארשטייט ביכלאל די גאַנצע קאָלאָסאַלע ווערטפולקייט פון אָט די רעכט"...

## ג. רעזאָלוציע פונם יענאער פאַרטייטאג וועגן אלגעמיינעם שטרייק

(שלוס-טייל)

„...דער פאַרטייטאג דערקלערט, אַז באזונדערס אינם פאל, ווען מע פאַרמעסט זיך אפן אלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן און געהיימען וואַל-רעכט אָדער אפן רעכט פון קאָאַליציעס, איז די פליכט פון גאנצן אַרבעטער-קלאַס צו באנוצן זיך מיט אַלע פאסיקע שוץ-מיטלען.

איינס פון די ווירקזאמסטע קאמף-מיטלען אַף אפצושלאָגן ענלעכע פּאָ-ליטישע פארברעכנס קעגן דעם ארבעטער-קלאס אָדער אַף צו דעראָבערן די נויטיקע גרונט-רעכט אין די אינטערעסן פון זייער באַפרייאונג, אנערקענט דער פארטייטאג אין פאסיקע פאלן די ברייטסטע אָנווענדונג פון מאַסנווייזן אָפּ-שטעלן די אַרבעט.

קעדיי די אָנווענדונג פון דעמדאזיקן קאמף-מיטל זאָל זיין מעגלעך און וואָס מער ווירקזאם, איז אומבאדינגט נויטיק אַ וואָס גרעסערע פארשפרייטונג פון דער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער אָרגאניזירונג פונם ארבעטער-קלאס און די אנאויפהערלעכע דערציאונג און אויפקלערונג פון די מאסן דורך אר-בעטערשער ליטעראטור און דורך מונדלעכער און פּרעסע-אגיטאציע.

אין דעראָזיקער אַגיטאציע דארף מען אָנווייזן אַף דער וויכטיקייט און נויטווענדיקייט פון די פּאָליטישע רעכט פונם ארבעטער-קלאס, באזונדערס פון אלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן און געהיימען וואל-רעכט און פון דער פול-שטענדיקער פרייהייט פון קאָאליציעס, אונטערשטרייכנדיק דעם קלאסן-כאראק-טער פון דער מעלוכע און פון דער געזעלשאפט און די טאָגטעגלעכע אונ-טערדריקונג פונם ארבעטער-קלאס דורך די הערשנדיקע קלאסן און דורך דער מאכט מיט דער הילף פונם אויסשליסלעכן באזיצן די פּאָליטישע מאַכט.

יעדער פארטיי-מיטגליד איז מעכויעוו, אויב זיין פאַך פארמאָגט א פּראָ-פעסיאָנעלע אָרגאניזאציע, אריינטרעטן אין איר און אונטערשטיצן די אויפגאבן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען. אָבער אַף יעדן באוואוסטזיניקן מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן פאריין ליגט אויך די פליכט צוזושטיין צו דער פּאָליטישער אָרגאניזאציע פון זיין קלאס — דער סאָציאל-דעמאָקראטיע און מיטהעלפן דער פאַרשפרייטונג פון דער סאָציאל-דעמאָקראטישער פרעסע".

# 11. רעזאָלוציע פונם מאַנהיימער פאַרטייטאג וועגן אלגעמיינעם שטרייק

(אין דער ענדגילטיקער פאָרם)

## I

„דער פאַרטייטאג באַשטעטיקט די באַשטימונג פונם י ע נ א ע ר פאַרטיי-טאג וועגן דעם פּאָליטישן מאַסן-שטרייק און, פעסטשטעלנדיק, אַז די באַשטי-

מונג פון קעלנער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז ניט סויסער דער יענאער באַשטימונג, האלט ער אַלע שטרייטן וועגן דעם זין פון קעלנער באַשטימונג פאַר אויסגעשעפּט.

דער פּאַרטייטאָג רעקאָמענדירט באַזונדערס דרינגנד נאָכאַמאָל אָפּצוהיטן די באַשטימונגען, וואָס פאָדערן די פאַרפעסטיקונג און די פאַרברייטערונג פון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, די פאַרשפּרייטונג פון דער פּאַרטיי-פּרעסע און דאס אַריינטרעטן פון די פּאַרטיי-מיטגלידער אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פון די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס.

ווי נאָר די פּאַרטיי-פאַרוואַלטונג אנערקענט, אַז עס איז פאַראַן א נויטיקייט אין אַ פּאָליטישן מאַסן-שטרייק, דאַרף זי אַריינטרעטן אין פאַרבינדונגען מיט דער גענעראַל-קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אָנעמען אלע מאָסמיטלען אַף דורכצופירן ערפאָלגרייך דיזאָזיקע אַקציע.

## II

די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען אומבאַדינגט נויטיק, קעדיי צו פאַר-בעסערן די קלאַסן-לאַגע פון די אַרבעטער אין די ראַמען פון דער בורזשוא-זער זעזעלשאַפט. זיי זיינען ניט ווייניקער וויכטיק, איידער די סאָציאַל-דעמאָק-ראַטישע פּאַרטיי, וועלכע דאַרף פירן דעם קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פונם אַרבעטערקלאַס און פאַר זיין גלייכבאַרעכטיקונג אַפן פּאָלי-טישן באָדן מיט די איבעריקע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט און וועלכע דער-שלאָגט זיך, כוץ אָט דער נאָענטסטער אויפגאַבע אירער, די באַפרייאונג פונם אַרבעטער-קלאַס פון יעדע אונטערדריקונג און עקספּלואטאציע דורך דער פאַר-ניכטונג פון דער לוין-סיסטעם און דורך דער אָרגאַניזירונג פונם פּראָדוציר- און אויסטויש-אויפן, וואָס איז געגרינדעט אַף דער אַלגעמיינער סאָציאַלער גלייכ-הייט, ד. ה. פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. דעמדאָזיקן ציל דאַרפן זיך דערשלאָגן אויך די אַרבעטער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס באַזיצן דעם קלאַסן-באַוואוסטזיין.ביידע אָרגאַניזאַציעס, הייסט עס, דאַרפן אין זייער קאַמף אָנווענדן די געמיינזאַמע איינפאַרשטענדיקונגען און געמיינזאַמע טאַטן.

קעדיי צו דערגרייכן אַן איינסקייט אין די האַנדלונגען, וואָס רירן אין א גלייכער מאָס אָן די אינטערעסן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פון דער פּאַרטיי, דאַרפן די צענטראַלע אנשטאלטן פון די ביידע ארגאַניזאַציעס זיך באַ-מיען צונויפריידן איינער מיטן צווייטן.

אבער קעדיי צו זיכערן דידאָזיקע איינסקייט פון געדאַנק און טאַט מיצאַד דער פּאַרטיי און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס בילדעט דעם נויטיקן באַדינג פון דער זיגרייכער אנטוויקלונג פונם פּראָלעטאַרישן קלאַסן-קאַמף, איז אומבאַ-דינגט נויטיק, אַז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג זאָל זיין דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דעריבער איז דער כויוו פון יעדן פּאַר-טיי-מיטגליד צו האַנדלען אין דערדאָזיקער ריכטונג".

# 12. ר. לוקסעמבורג וועגן אַלגעמיינעם שטרייק

(פראגמענט פון „דעם אלגעמיינעם שטרייק אין די ס.-ד.")

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז דער אנטוויקלסטער, באַוואוסטזיניקסטער, פאָרגעשריטנסטער אטריאד פונם פראָלעטאַריאַט. זי קאָן ניט און וואגט ניט פאַטאל צו ווארטן מיט צונויפגעלייגטע הענט אַפן אָנקומען פון דער „רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע", זי קאָן ניט און וואגט ניט אויסצורעכענען, א דיזאָזיקע סטיכישע פאָלקס-באַוועגונג וועט אַראָפּפאַלן פונם הימל. פאַרקערט, זי דאַרף אויך אין דעמדאזיקן פאַל גיין, ווי שטענדיק, פאָרויס פון די געשעענישן, זיך באַמיען צו פארשנעלערן זיי. אבער דערגרייכן דאָס קאָן זי ניט דורך דעם, וואָס זי וועט אין א גינסטיקן אדער אומגינסטיקן מאָמענט געבן פון דער העלער הויט „דעם לאָזונג" פון א מאַסן-שטרייק, נאָר קודעמקאָל דורך קלאָר מאכן אין די ברייטסטע פראָלעטארישע שיכטן דעם אומפארמיידלעכן אָנקומען פון אָט דעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד, די אינערלעכע סאָציאַלע מאָמענטן, וואָס פירן צו אים, און זיינע פּאָליטישע רעזולטאַטן. אויב די ברייטסטע פראָלעטאַרישע שיכטן דארפן צוגעצויגן ווערן צו פּאָליטישער מאסן-אקציע פון דער סאָציאל-דעמאקראטיע, און אויב, פארקערט, באַ דער מאסן-באוועגונג דארף די סאָציאל-דעמאָקראטיע דעראָבערן די ווירקלעכע אָנפירונג און איינהאלטן זי, אויב זי דארף אין פּאָליטישן זין אונטערוואַרפן די גאנצע באוועגונג זיך, דארף זי מיט דער פולער קלאָרקייט, אויסגעהאלטנקייט און אנטשלאָסנהייט איינפלאנצן אינם דייטשישן פראָלעטאַריאט די טאקטיק און די צילן פונם פעריאָד פון די קומענדיקע שלאכטן...

אין די פריערדיקע בורזשואזע רעוואָלוציעס, וואו פון איין זייט, האָבן געזאָרגט די בורזשואזע פארטייען וועגן דער פּאָליטישער דערציאונג פון דער רעוואָלוציאָנערער מאסע און וועגן דער אָנפירונג מיט איר, און וואו, פון דער צווייטער זייט, פלעגט זיך אויסלאָזן מיטן געוויינלעכן אראָפּוואַרפן די אלטע רעגירונגס-פאָרם — איז דער קורצדויערנדיקער באריקאַדן-שלאכט געווען די פאסיקע פאָרם פונם רעוואלוציאָנערן קאמף. איצט, ווען אין דער צייט פונם רעוואלוציאנערן קאמף דארף זיך דער ארבעטער .זיך אליין אנטוויקלען, זיך אליין אויפזאמלען, און מיט זיך אליין אָנפירן, ווען די רעוואָלוציע איז פונקט אזוי געווענדעט קעגן דער אלטער מעלוכישער מאכט, ווי קעגן דער קאַפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע, איז דער מאַסן-שטרייק דאָס נאטירלעכע מיטל אין דער ארבעט גופע פון רעקרוטירן, רעוואָלוציאָניזירן און אָרגאניזירן די ברייטסטע שיכטן פונם פראָלעטאריאט. אבער אין דערזעלבער צייט צעטרייסלט ער און קערט איבער די אלטע מעלוכע-מאכט און באגרענעצט די קאַפּיטאליסטישע עקספּלואַטאציע. די נעשאָמע פון דער רעוואלוציע איז איצט אין רוסלאנד דער שטאָטישער אינדוסטריעלער פראָלעטאריאט.

אָבער קעדיי דורכצופירן אַ וואסערע עס איז דירעקטע פּאָליטישע מאַסן-

אקציע, דארף דער פּראָלעטאריאט פריער פאר אלץ זיך צונויפזאמלען אין א מאסע. דערצו דארף ער קוידעמקאָל ארויסגיין פון די פאבריקן און ווארשטאטן, פון די שאכטעס און שטיבלעך. ער דארף באקעמפן זיין צעשפּליטערטקייט, זיין צעווארפנקייט איבער די באזונדערע ווארשטאטן, וואָס צו דעם, איז ער פארמישפּעט דורכן טאגטעגלעכן יאָך פונם קאפּיטאל. א מאסן-שטרייק איז דעריבער די ערשטע נאַטירלעכע פאָרם, וואָס אין איר גיסט זיך אויס יעדע גרויסע רעוואלוציאָנערע אקציע פונם פּראלעטאריאט; און לויט דעם, ווי די אינדוסטריע הויבט אָן צו ווערן די דאָמינירנדיקע פאָרם פון דער געזעלשאפטלעכער ווירטשאפט, לויט דעם, ווי עס וואקסט די ראָלע פונם פּראָלעטאריאט אין דער רעוואלוציע, לייט דעם, ענדלעך, ווי עס אנטוויקלען זיך די סטירעס צווישן דער ארבעט און קאפּיטאל, — דארפן די מאסן-שטרייקן ווערן אלץ מעכטיקער און אנטשלאָסענער. די דאמינירנדיקע פאָרם פון די פריערדיקע בורזשואַזע רעוואָלוציעס — דער באַריקאַדן-קאַמף, — דער אָפענער צוזאַמענשלוס מיט דער באַוואָפנטער קראַפט פון דער מעלוכע, איז אין דער מאָדערנער רעוואָלוציע בלויז דער לעצטער פונקט, בלויז אַ באַזונדערער מאָמענט אינם אַלגעמיינעם פּראָצעס פונם פּראָלעטאַרישן מאַסן-קאמף.

דערמיט ווערט דערגרייכט אין דער נייער פאָרם פון דער רעוואָלוציע אויך יענע קולטורעלקייט, יענע מילדערונג פונם קלאַסן-קאמף, וואָס עס האָבן נעוויאיש פאָרויסגעזאָגט די אָפּאָרטוניסטן פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, די בערנשטיינס, דאווידס און אנדערע. עמעס, פאַר דידאָזיקע הערן האָט זיך אויסגעמאָלט די געוואונשענע קולטורעלקייט אין דער מילדערונג פונם קלאַסן-קאַמף אין דער געשטאַלט פון קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטישע אילוזיעס. זיי האָבן זי געזען אין דער באַגרענעצונג פונם קלאַסן-קאַמף, אויסשליסלעך אינם געביט פון פאַרלאַמענטאַריזם, אין דער אַבסאָלוטער פאַרשווינדונג פון די גאַסן-רעוואָלוציעס. די געשיכטע האָט געלייזט דידאָזיקע פראַגע אַף אַ ביסל אַ טיפערן און דעליקאַטערן אויפן: דורך דער אנטשטייאונג פונם רעוואָלוציאָנערן מאַסן-שטרייק. פאַרשטייט זיך, אַז אָט דער רעוואָלוציאָנערער מעטאָד פאַרבייט לאכלוטן ניט די אומיטלבאַרע גאַסן-צו אַמעשטויסן און מאכט זיי ניט פאַר א בעריק. אָבער ער מאכט זיי בלויז פאַר באַזונדערע מאָמענטן אינם לאנגן פעריאָד פון פּאָליטישן קאַמף און אין דערזועלבער צייט פאַרבינדט ער מיט אָט דעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד א קאָלאָסאַלע קולטור-אַרבעט אין בוכשטעבלעכן זין פונם וואָרט, די באַרבאַרישע פאָרמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואטאציע ווערן מער „קולטורעלע” און אַזוי ארום ווערט דערגרייכט דער מאַטעריעלער און גייסטיקער אויפשטייג פונם גאנצן אַרבעטערקלאַס.

אַף אַזאַ אויפן ווייזט זיך אַרויס דער מאַסן-שטרייק ניט אַלס א ספּעציפישער רוסישער פּראָדוקט, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורך די פּאָליטישע באַדינגונגען אין רוסלאנד. פאַרקערט, ער איז די אלגעמיינע פאָרם פונם פּראָ-

לעטאַרישן קלאַסן-קאַמף, וואָס דרינגט אַרויס פונם מאָדערנעם ניווא פון דער
קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג, פון די מאָדערנע קלאַסן-פאַרהעלטנישן. די
דריי בורזשואַזע רעוואָלוציעס: די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, די מארט-
רעוואָלוציע אין דייטשלאנד און די איצטיקע רעוואָלוציע אין רוסלאנד בילדן
פון אָט דעם שטאנדפונקט אן אומצערייסבאַרע קייט פון א נאכאנאנדיקער
אנטוויקלונג און שפיגלען אָפּ אין זיך דעם אויפבלי און דעם אומקום פון דער
קאַפּיטאַליסטישער טקופע. אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אנט-
פלעקן זיך אינם לאנגן פעריאָד פונם שרעקלעכן קאמף די נאָך גאָרניט אנט-
וויקלטע אינערלעכע סטירעס פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט. ערשט אין
רעכטן ברען פון דער רעוואָלוציע ווערן די אנטשטייענדיקע און רייף-ווערנדי-
קע סטירעס פארענטפערט אומגעשטערט, אבסאָלוט פריי מיט א ראדיקאַליזם,
וואָס ווייס ניט קיין האַנאָכעס. אין א האלביאָרהונדערט ארום, אף א העלפט
וועג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג, ברעכט אויס די רעוואָלוציע פון
דער דייטשישער בורזשואזיע. זי רייסט זיך איבער, ניט דערגרייכנדיק די גאנ-
צע פולקייט, אדאנק דעם ווידערשפרוך פון די אינטערעסן און דעם גלייכגע-
וויכט פון די קרעפטן פון קאַפּיטאַל און אַרבעט; זי קומט אום א דערשטיקטע
דורכן בורזשואַזי-פעאָדאַלן קאָמפּראָמיס און געבראַכט צו דער מאַדרייגע פון א
קורצן קלעגלעכן עפּיזאָד, וואָס איז פאַרשוויגן געוואָרן אין מיטן וואָרט. נאָך
א האלביאָרהונדערט — און די הייַנטצייטיקע רוסישע רעוואָלוציע שטייט אַפן
וועגד-פונקט פונם היסטאָרישן וועג, וואָס געפינט זיך שוין אף יענער זייט
באַרג, הינטערן אַפּאָגיי פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. די בורזשואזע
רעוואָלוציע קאָן שוין ניט דערשטיקט ווערן דורכן ווידערשפרוך צווישן דער
בורזשואזיע און פראָלעטאָריאט. פאַרקערט, זי גייט אַריבער אין א נייעם לאנגן
פעריאָד פונם קאָלאָסאַלסטן סאָציאַלן קאַמף, וואו די ליקווידירונג פונם אלטן
כעשבן מיטן מעלוכע-רעזשים איז א פוסטע זאַך אין פארגלייך מיט דער אנדערער
ריי נייע כעשבוינעס, וואָס ווערן אַרויסגעשטעלט אין דער צייט פון דער רע-
וואָלוציע גופע. אין די ספּעציעלע פּאָליטישע באדינגונגען אין רוסלאנד רעא-
ליזירט אף אזאַ אויפן די רוסישע רעוואלוציע די אַלגעמיינע רעזולטאטן פון
דער אינטערנאציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג און איז גיכער דער
ערשטער אנזאגער פון א נייע סעריע פראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס אין מאַי-
רעוו, איידער דער לעצטער אָפּקלאנג פון די פריערדיקע בורזשואזע רעוואָלו-
ציעס. דאָס סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע לאנד, גראד דערפאַר, וואָס זי האָט אזוי
אומפארציילעך פאַרשפּעטיקט מיט איר בורזשואזער רעוואָלוציע, ווייזט אָן דעם
פּראָלעטאַריאט אין דייטשלאנד און אין די אַמייסטן פאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליס-
טישע לענדער די וועגן און מעטאָדן פונם ווייטערדיקן קלאַסנקאַמף.

דעריבער איז אויך פון אָט דער זייט איינגאַנצן אַ טאָעס צו קוקן פון
דערוויטנס אף דער רוסישער רעוואָלוציע ווי אַף אַ שיינעם ספּעקטאַקל, ווי
אף עפּעס ספּעציפיש „רוסישעס” און באַוואונדערן בלויז די העלדישקייט

פון די קעמפער, ד. ה. די אויסערלעכע אַקצעסואַרן. עס איז אסאַך וויכטיקער, אז די דייטשישע ארבעטער זאָלן זיך צוגעוואוינען קוקן אַף דער רוסישער רעוואָלוציע, ווי אַף זייער *אייגענער זאַך*, ניט בלויז אין דעם זינען פון אינטערנאַציאָנאַלער קלאַסן-סאָלידארישקייט מיטן רוסישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַז זיי זאָלן קוידעמקאָל זען אַ *קאַפּיטאַל פון זייער אייגענער סאָציאַלער און פּאָליטישער געשיכטע*. יענע אָנפירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, יענע פאָרשטייער פון פּאַרלאַמענטישן קאַמף, וואָס האַלטן דעם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט פאַר א „צו שוואַכן” און די דייטשישע באַדינגונגען אַלס ניט גענוג רייפע פארן רעוואָלוציאָנערן מאַסן-קאַמף, קאָנטיק, אַז זיי פאַרדעכטיקן, ניט אַפילע, אַז דער קריטעריי פאַר דער רייפקייט פון די קלאַסן-פאַרהעלטענישן און פון דער מעכטיקייט פונם פּראָלעטאַריאַט אין דייטשלאַנד ליגט ניט אין די ציפער-אָנגאַבן פון די דייטשישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אָדער אין דער וואַל-סטאַטיסטיק, נאָר אין די געשעענישן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פּונקט אַזוי, ווי די רייפקייט פון די פראנצויזישע קלאַסן-סטירעס אין דער צייט פון דער יולי-מאָנארכיע און אין די פּאַריזער יוני-טעג האָט זיך אָפּגערופן אַף דער מאַרט-רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד אַף איר אַנטוויקלונג און אַף איר פיאַסקאָ, פּונקט אַזוי שפּיגלט זיך אפּ די רייפקייט פון די דייטשישע קלאַסן-סטירעס אף די געשעענישן, אַף דער מעכטיקייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. און די ביוראָקראַטן פון דער דייטשישער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס נראָבן זיך אין די שופלאָדן פון זייערע קאָנטאָרן, קעדיי צו געפינען אין זיי אַ באַווייז פון איר קראַפט און רייפקייט, זעען ניט אַז דאָס, וואָס זיי זוכן, געפינט זיך פאַר זייערע אויגן אין דער פאָרם פון דער גרויסער היסטאָרישער אַנטפּלעקונג, ווייל אינם היסטאָרישן זין איז די רוסישע רעוואָלוציע א רעפלעקס, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און מעמיילע קוידעמקאָל פון דער דייטשישער אַרבעטער-באַוועגונג.

דער רעזולטאַט פון דער רוסישער רעוואָלוציע וואָלט דעריבער געווען אַ צו טרויעריקער און ביז צו כויזעק נישטיקער, ווען דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט וואָלט זיך, ווי דאָס ווילן *פּראָמע, עלם* און אַנדערע, באַנוצט מיט איר נאָר צוליב דעם, קעדיי אָנצוכאַפּן זיך בלויז פאר איר אויסערלעכער קאַמפּס-פּאָרם, פארן מאַסן-שטרייק, און מאַכן פון אים אַ רעזערוו-האַרמאט פאַר דעם פאַל, ווען עס וואָלט אָפּגעשאַפט געוואָרן דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט, דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, ברענגען אים צו דער נידעריקער מאַדרייגע פון א פּאַרלאַמענטישן פארטיידיקונגס-קאַמף. „אויב מע וועט בא אונז אָפּנעמען דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט, וועלן מיר זיך פארטיידיקן”. דאָס איז א גאַנץ פארשטענדלעכער באשלוס. אָבער קעדיי צו קומען צו אים, דארף מען זיך קלאַל ניט אוועקשטעלן אין דאַנטאָס העלדישע פּאָזע, ווי דאָס האָט, לעמאָשל, געטאָן כאַווער *עלם* אין *יענאַ*. ווייל פאַרטיידיקן די קליינע צאָל פּאַרלאַמענטישע רעכט, וועלכע מע האָט

שוין געהאַט, איז פּאָשעט דער ערשטער גרונט-כּיוו פון יעדער אָפּאָזיציאָנעלער פּאַרטיי און קלאַל ניט עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער נייער אויפטו, פאַר וועלכן עס וואָלטן נויטיק געווען שוידערלעכע בערג מיט טויטע קערפּער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אָבער די פּאַרטיידיקונג אַליין קאָן קיינמאָל ניט אויסשעפּן די גאַנצע פּאָליטיק פונם פּראָלעטאַריאַט אינם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד. עמעס עס איז שווער פאָרויסצוזאָגן מיט זיכערקייט, צי עס וועט פאָרקומען די אָפּשאַפונג פונם אַלגעמיינעם וואַל-רעכט אין דייטשלאַנד אין אַזאַ מאָמענט, ווען זי וועט אומבאַדינגט אַרויסרופן אַ באַלדיקע אַלגעמיינע שטרייק-באַוועגונג. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז קיין ספק ניט, אַז ווי נאָר בײַ אונדז אין דייטשלאַנד וועט זיך אָנהייבן דער פּעריאָד פון אַ שטורמישער מאַסאָווער שטרייק-טעטיקייט, וועט פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיין אומעגלעך צו באַגרענעצן איר טעטיקייט אויסשליסלעך מיט אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פּאַרטיידיקונג. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קאָן ניט פאָרויס באַשטימען די סיבּע און דעם מאָמענט, ווען עס וועלן דאַרפן אויסבּרעכן אין דייטשלאַנד מאַסן-שטרייקן, ווייל זי קאָן ניט מיט די באַשלוסן פון אירע צוזאַמענפאָרן שאַפן אַ היסטאָרישע סיטואַציע. אָבער דערפאַר קאָן זי און דאַרף דערקלערן און פאָרמולירן אין אַנטשיידענע און אויסגעהאַלטענע פאַקטישע גרונט-האַנאָכעס די פּאָליטישע ריכטונג, וואָס דער-דאָזיקער קאַמף וועט אָננעמען בעשאַס זיין אָנקומען. מיט היסטאָרישע געשעענישן קאָן מען אָנפירן, ניט דיקטירנדיק איר די קלאָלים, נאָר שטודירנדיק פאָרויס זייערע וואַרשיינלעכע פאָלגן, וואָס לאָזן זיך אויסרעכענען, און צופּאַסנדיק צו זיי די אייגענע האַנדלונגען.

די מעלוכע-איבערקערעניש, דורך וועלכער די רעאַקציע וועט זיך באַמיען אָפּנעמען בײַ די ברייטסטע שיכטן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג דאָס וויכטיקסטע פּאָליטישע רעכט, דאָס רעכט צו וויילן אין פּאַרלאַמענט, אָט דאָס איז די דירעקטע דראָענדיקע פּאָליטישע געפאַר, וואָס מיטן געדאַנק וועגן איר האָט זיך שוין די דייטשישע אַרבעטער-באַוועגונג צוגעוואוינט אין משך פון עטלעכע יאָר. ווי עס איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן, איז ניט געקוקט אַף דער גאַנצער קאָלאָסאַלער באַדייטונג פון דער מעגלעכער געשעעניש, קאָנען מיר ניט באַשטימט באַווייזן, אַז נאָך דערדאָזיקער מעלוכע-איבערקערעניש וועט טייקעף נאָכפאָלגן אַן אָפענע פאָלקס-באַוועגונג אין דער פאָרם פון מאַסן-שטרייקן. דערצו פעלט אונדז דאָס באַנעמען יענע אַלע אָן אַ שיר אומשטענדן און מאָמענטן, וואָס דער גאַנצער סכום זייערער באַשטימט די סיטואַציע בײַ דער מאַסן-באַוועגונג. אויב אָבער מיר וועלן נעמען אין אַכט די אומגעהויערע פאַרשאַרפונג פון די הייַנטיקע פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד און אויך די פאַרשיידנאַרטיקע אינטערנאַציאָנאַלע ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פונם קומענדיקן באַנייטן רוסלאַנד, וועט אונדז קלאָר ווערן, אַז די איבערקערעניש, וואָס וועט פאָרקומען אין דער דייטשישער פּאָליטיק צוליבן אָפּשאַפן דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט, וועט זיך ניט באַגרענעצן

מיטן קאַמף פאַר אויפשטעלן אים. פאַרקערט, דידאָזיקע מעלוכע-איבערקערעניש וואָלט מיט אַ סטיכישער קראַפט געבראַכט אין א מער-ווייניק דויערנדיקן טערמין צו אַ קאָלאָסאַלער אַלגעמיינער פּאָליטישער ליקווידירונג פון די כעשבוינעס פון די אויפגעוואַכטע פאָלק-מאַסן מיט דער רעאַקציע. דאָ וואָלט מען זיך אָפּגערעכנט פאַר דער ספּעקוליאַציע אַפן ברויט-יאַקרעס פאַרן קינסטלעכן אויפהויבן דעם פרייז אַף פלייש, פאַרן באַגאַזלענען די פאָלקס-מיטלען צוליב דעם אומזעטלעכן מיליטערישן- און יאַם-ביודזשעט, פאַר די פאַרשווענדונגען צוליב דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, פאַר דער נאַציאָנאַלער שאַנד פונם קעניגסבערגער פּראָצעס, פאַרן פעלן פון סאָציאַלע רעפאָרמען, פאַר דער רעכטלאָזיקייט פון די אייזנבאַנער, פּאָסט-באַאַמטע און פון לאַנדווירטשאַ טלעכע אַרבעטער, פאַר דאָס נויקעם זיין זיך איבער די קוילנגרעבער, פאַרן אורטייל פונם געריכט אין לעבטאַו, און פאַר דער גאַנצער קלאַסן-יוסטיץ, פאַר דער אַכזאָרישער לאָקאַוט-סיסטעם, מיט איין וואָרט — פאַר דער גאַנצער 20-יאָריקער אונטערדריקונג פונם פאַרייניקטן קאַפּיטאַל, אָסט-עלבער יונקערטום און פונם גרויס-קאַפּיטאַל, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אַ פאַריין.

אָבער ווי נאָר עס וועט זיך א ריר טאָן די לאַווינע פון דער פאלקס באַוועגונג, וועט מען זי ניט קאָנען אָפּשטעלן, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי וועט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועלן אָדער ניט וועלן. די קעגנער פון די מאַסן-שטרייקן אנערקענען ניט געווײנלעך פאר דייטשלאַנד די באַדייטונג פון די לעקציעס און ביישפּילן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איבערהויפּט דערפאַר ווייל רוסלאַנד דאַרף דאָך קוידעמקאָל דורכמאַכן אַ קאָלאָסאַלן שפּרונג פון דער מיזרעכדיקער אַווטאָקראַטיע צו דער מאָדערנער בורזשואַזער רעכטלעכער אָרדנונג. די פאָרמעלע דיסטאַנץ צווישן דער נייער און אַלטער פּאָליטישער אָרדענונג דאַרף אין אַ גענוגנדיקער מאָס דערקלערן די ניטאָפּהאַלטבאַרקייט און דעם קויעך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אין דייטשלאַנד האָבן מיר שוין לאַנג די נויטיקסטע פאָרמען און גאַראַנטיעס פון א רעכטלעכער מעלוכע און דעריבער איז דאָ אומעגלעך אַזאַ סטיכישער אויפרייס פון סטיכישע סטירעס. די, וואָס דענקען אַזוי, פאַרגעסן, אַז דערפאַר וועט אין דייטשלאַנד, אויב עס וועט שוין דערגיין צו אַן אָפענעם פּאָליטישן קאַמף, דער היסטאָריש-נויטווענדיקער ציל זיין אינגאַנצן אַן אַנדערער, איידער איצט אין רוסלאַנד. די בורזשואַזע רעכטלעכע אָרדענונג עקזיסטירט שוין לאַנג אין דייטשלאַנד. זי האָט שוין באַוויזן אויסצושעפּן זיך ביזן סאָף און אַוועקלאָזן זיך באַרג אַראָפּ, די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע און דער ליבעראַליזם האָבן באַוויזן אויסצושטאַרבן. און טאַקע צוליב דעם אַלעמען קאָן אין דייטשלאַנד מער קיין רייד ניט זיין וועגן אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע. דעריבער קאָן אינם פעריאָד פון אָפענעם פּאָליטישן קאַמף אין דייטשלאַנד זיין אַ רייד בלויז וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווי וועגן דעם לעצטן היסטאָריש-נויטווענ-

דיקן ציל. און די דיסטאַנץ צווישן אָט דעם ציל און די מאָדערנע באַדינגונגען אין דייטשלאַנד איז אַסאַך גרעסער, איידער די דיסטאַנץ צווישן דער בורזשואזער רעכטלעכער אָרדענונג און דער אומבאַגרענעצטער מאָנאַרכיע. דעריבער קאָן אָט דער ציל אויך ניט דערגרייכט ווערן מיט איין קלאַפּ; דאָ איז אויך נויטיק אַ לאַנגער פּעריאָד פון אַ גיגאַנטישן סאָציאַלן קאַמף.

אָבער צי איז דען ניטאָ קיין הימלשרייענדיקער ווידערשפּרוך אין די פּערספּעקטיוון, וואָס מיר האָבן אויסגעמאָלט? מיר האָבן געזאָגט, אַז פון איין זייט, וועט אינם מעגלעכן קומענדיקן פּעריאָד פון דער פּאָליטישער מאַסן-ארויסטרעטונג קוידעמקאָל דעראָבערט ווערן דאָס רעכט פון פאַריינען דורך די אָפּגעשטאַנענסטע שיכטן פונם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט, דורך די לאַנדווירטווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, באַן-אַרבעטער, דורך די קנעכט פון פּאָסטאַמט און עס וועלן דאַרפן באַזייטיקט ווערן די אומדערטרעגלעכע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע. פון דער צווייטער זייט, אָבער, וועט שוין די פּאָליטישע אויפגאַבע פון אָט דעם פּעריאָד זיין צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט. פון איין זייט — דער עקאָנאָמישער פּראָפעסיאָנעלער קאַמף פאַר די נאָענטסטע אינטערעסן, פאַרן פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פונם אַרבעטער-קלאַס, פון דער צווייטער זייט — דער לעצטער ענדגילטיקער ציל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע! דאָס זיינען, פאַרשטייט זיך, הימלשרייענדיקע ווידערשפּרוכן, אָבער זיי זיינען אָפּהענגיק ניט פון די טאָעסן פון אונזער דענקען, נאָר פון די אינערלעכע באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. די אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם באַוועגט זיך ניט אין קיין גראדער ליניע, נאָר אין שאַרפע בליצנעלעכע זיגזאַגן. פונקט אַזוי, ווי די פאַרשיידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער גיבן אונז אַ בילד פון די פאַרשיידנסטע אנטוויקלונגסטאַדיעס, אַזוי אויך אינעווייניק אין יעדן לאַנד געפינען זיך די פאַרשיידענע שיכטן פון איין און דעמזעלבן אַרבעטער-קלאַס ניט אַף איין ניוואָ. אָבער די געשיכטע וואַרט ניט געדולדיק ביז די אָפּגעשטאַנענע לענדער און שיכטן וועלן דעריאָגן די מער פאָרגעשריטענע, קעדיי דעמאָלט אַ לאָז טאָן סימעטריש ווייטער די אָרדענונגס פולע קאָלאָנעס. זי רופט ארויס אויפרייסן אין די פאָדערשטע, מער געפּערלעכע פונקטן, אזוי שנעל ווי עס ווערן רייף די אומשטענדן. און דער וויכער פונם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד פאַרענדיקט שוין אין אַ פּאָר טעג און כאַדאָשים דאָס ניט דערמאַכטע, פאַרגלעט די אומגלייכהייט, ברענגט ביט איין שטויס דעם גאַנצן סאָציאַלן פּראָגרעס און קאַמף-באַוועגונג.

אין דער רוסישע רעוואָלוציע גיסט זיך צונויף די גאַנצע סקאַלע פון דער אַנטוויקלונג און פון די אינטערעסן פון די פאַרשיידענע פאָלק-שיכטן אין איין אַלגעמיינע פּראָגראַם פון דער רעוואָלוציע, און די אַלע טיילווייזע קאַמף-אויסערונגען אין דער אלגעמיינער גרויסער קלאַסן-אַקציע פונם פּראָלעטאַריאַט. דאָסזעלבע וועט אויך פּאַסירן אין דייטשלאַנד, ווען עס וועלן דערצו

רייף ווערן די אומשטענדן. און די פליכט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט דעמאָלט זיין צופּאַסן איר טאַקטיק ניט צו די אָפּגעשטאַנענסטע, נאָר צו די פאָרגעשריטנסטע אַנטוויקלונגס-פאַזן.

## 13. פון פאָליטישן שטרייק צום אויפשטאַנד

(נ. לענין: „וואָס לערנט אונז דער מאָסקווער אויפשטאנד”)

„...עס איז ניטאָ קיין קורצזיכטיקערע זאַך, איידער פלעכאנאָווס שטאנדפונקט, וועלכן עס האָבן אונטערגעכאַפּט אלע אָפּאָרטוניסטן, אז עס איז ניט געווען וואס אנצוהויבן דעם ניט צייטמעסיקן שטרייק, אז „מע האָט זיך ניט געדארפט נעמען פאַרן געווער”. פאַרקערט, מע האָט געדאַרפט מער אנט-שלאָסן, מער ענערגיש און אנגרייפעריש זיך נעמען פארן געווער, מע האָט געדאַרפט אויפקלערן די מאַסן די אומעגלעכקייט פונם פרידלעכן שטרייק אליין און די נויטיקייט פון א שרעקלאָזן און אומבעראַכמאָנעסדיקן באַוואָפנטן קאמף. און איצט דארפן מיר, ענדלעך, אנערקענען אפן, ביפני קאָל-אַם וואָאיידאָ, אַז די פּאָליטישע שטרייקן זיינען ניט גענוג, מיר דארפן אגיטירן אין די ברייטסטע מאַסן פאַר א באוואָפנטן אויפשטאנד, און ניט פארדעקן דידאָזיקע פראַגע מיט קיין שום „פאָרשטופעס” און ניט אנווארפן קיין שום שלייער. בא-האלטן פון די מאַסן די נויטיקייט פון א שרעקלעכער, בלוטיקער און פאַרטיי-ליקונג-מילכאָמע, אלס די דירעקטע אויפגאַבע פונם קומענדיקן ארויסטריט, הייסט אָפּנארן, אי זיך, אי דאָס פאָלק.

אָט דאָס איז די ערשטע לעקציע פון די דעקאַבר-געשעענישן. די צווייטע לעקציע איז נויגייע דעם כאַראַקטער פונם אויפשטאַנד, דעם מעטאָד ווי אזוי אים צו פירן, די באדינגונגען, בא וועלכע דאָס מיליטער וועט איבערגיין אף דער זייט פונם פאָלק. בא אונז אינם רעכטן פליגל פון דער פאַרטיי איז שטארק פאַרשפרייט א זייער איינזייטיקער קוק אף אָט דעם איבערגאנג. מע קאָן, קלוימערשט, ניט קעמפן קעגן דעם מאָדערנעם מיליטער, עס איז נויטיק, אז דאָס מיליטער זאָל ווערן רעוואלוציאָנער. פאַרשטייט זיך, אויב די רעוואָלוציע וועט ניט ווערן קיין מאַסאָווע, און וועט ניט פאַרכאפּן דאָס מיליטער גופע, קאָן דאָך גאר קיין רייד ניט זיין וועגן אן ערנסטן קאמף. פאַרשטייט זיך, די אַרבעט צווישן דעם מיליטער איז נויטיק. אָבער מע קאָן זיך ניט פארשטעלן דעמדאָזיקן איבערגאנג פונם מיליטער אין דער פאָרם פון עפּעס א געוויינלעכן איינצלנעם אקט, וואָס איז א רעזולטאט פון איבערצייגונג, פון איין זייט, און פון באוואוסטזיין, פון דער צווייטער זייט. דער מאָסקווער אויפשטאנד באווייזט אונז אנשוילעך די שאבלאָנישקייט און טויטקייט פון אָט אַזא מיינונג. די וואקלעניש פונם מיליטער, וואָס איז אין דערווירקלעכקייט אומפאַרמיידלעך בא יעדער עמעסער פאָלקס-באוועגונג, רופט ארויס, בעשאס עס ווערט פאר-שארפט דער רעוואָלוציאָנערער קאמף, א ווירקלעכן קאמף פארן מילי-

טער. דער מאָסקווער אויפשטאנד ווייזט אונז גראד דעם פאַרצווייפלטן, פאר-ביטערסטן קאמף פון דער רעאקציע און רעוואָלוציע פארן מיליטער.

דובאַסאָוו אליין האָט דערקלערט, אז פון די 15 טויזנט מאָסקווער מי-ליטער זיינען בלויז 5 טויזנט זיכערע. די רעגירונג האָט פאר זיך איינגעהאלטן די וואקלדיקע מיט די פארשיידנארטיקסטע, מיט די סאַמע פארצווייפלסטע מאָסמיטלען: מע פלעגט זיי איבערצייגן, אונטערכאַנפענען, אונטערקויפן, מע האט זיי געטיילט זייגערס, געלט א. ד. ג., מע פלעגט זיי אָנשיקערן מיט בראָנפן, מע פלעגט זיי אָפּנאַרן, אנשרעקן, מע פלעגט זיי פארשליסן אין די קאזארמעס, אנטוואפענען, דורך פאראט און געוואלדטאט פלעגט מען ארויסכאפן פון זיי די סאָלדאטן, וועלכע מע האָט געהאלטן פאר ניט קיין זיכערע. און מע דארף האבן מוט צו אנערקענען קלאר און אָפן, אז אין דעמ-דאָזיקן פראט זיינען מיר אָפּגעשטאנען פון דער רעגירונג. מיר זיינען ניט גע-ווען בעקויעך אויסצונוצן די קרעפטן, וואָס מיר האָבן געהאט פאר פונקט אזא אקטיוון געוואגטן, אונטערנעמונגפעאיקן אנגרייפנדיקן קאמף פאר דעם וואקל-דיקן מיליטער, וועלכן עס האָט געפירט און דורכגעפירט די רעגירונג. מיר האָבן געגרייט און וועלן נאָך מער אקשאָנעסדיק גרייטן די אידייאישע „באַ-ארבעטונג" פונם מיליטער. מיר וועלן אָבער בלייבן נעבעכדיקע פעדאנטן, אויב מיר וועלן פארגעסן, אז אינם מאָמענט פונם אויפשטאנד איז אויך נויטיק א פיזישער קאמף פארן מיליטער.

...דעקאבר האט אנשוילעך באשטעטיקט מארקס נאך איין טיפע גרונט-האנאָכע, וועלכע די אפּארטוניסטן האבן פארגעסן, אַז אן אויפשטאנד איז א קונסט, און אז דער איקער-קלאל פון אָט דער קונסט איז א פארצווייפלט-דרייסטער, פעסט-אנטשלאָסענער אנגריף. מיר האבן ניט גענוג באנומען אָט דעם עמעס. מיר אליין האבן זיך ניט גענוג געלערנט און האבן די מאסן ניט געלערנט דידאָזיקע קונסט, דעמדאזיקן קלאל פון אנגרייפן פאר יעדן פרייז. מיר דארפן מיט דער גאנצער ענערגיע אניאָגן דאָס, וואס מיר האבן דורכ-געלאָזט. עס איז ווייניק גרופּירונגען בענויגייע צו די פּאָליטישע לאָזונגען, עס איז נאך נויטיק א גרופּירונג בענויגייע דעם באוואָפנטן אויפשטאנד. ווער עס איז קעגן אים, ווער עס גרייט זיך ניט צו אים, — דעם דארף מע אָנ-ראכמאנעסדיק ארויסווארפן פון די אנהענגער פון דער רעוואָלוציע, ארויס-ווארפן צו איר קעגנער, פארעטער אדער פּאכדאנים, ווייל עס דע נעענ-טערט זיך דער טאָג, ווען דער קויעך פון די געשעענישן, ווען די באדינ-גונגען פונם קאמף ווילן אונז צווינגען איינטיילן די סאָנים און פריינט לויט אָט דעם סימען. ניט קיין פאסיווקייט דארפן מיר פריידיקן, און ניט פּאָשעט „אויסווארטן", ווען וועט „אריבערגיין" דאס מיליטער, — ניין, מיר דארפן קלינגען אין אלע גלאקן וועגן דער נויטיקייט פון א העלדישן אנגריף און אנפאל מיט געווער אין די הענט, וועגן דער נויטיקייט אויסצוראטן דערביי די נאטשאלניקעס און צו פירן דעם ענערגישסטן קאמף פארן וואקלדיקן מיליטער,

די דריטע גרויסע לעקציע, וואס מאסקווע האט אונז געגעבן, איז נוי-
גייע די טאקטיק און ארגאניזירונג פון די קויכעס פארן אויפשטאנד. די מילי-
טערישע טאקטיק הענגט אָפּ פונם ניוואָ פון דער מיליטערישער טעכניק —
דעמדאָזיקן עמעס האט ענגעלס צעקייט און ארייגעלייגט אין מויל די מארק-
סיסטן. די מיליטערישע טעכניק איז איצט ניט די, וואס איז געווען אין מיטן
19-טן יאָרהונדערט. קעגן ארטילעריע ארויסטרעטן מיט א האמוין און פארטיי-
דיקן מיט רעוואלווערן די באריקאַדן וואלט געווען א נארישקייט און קאאוטסקי
איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געשריבן, אז עס איז צייט נאָך מאָסקווע
איבערצוקוקן ענגעלס אויספירן, אז מאָסקווע האָט ארויסגערוקט „א נייע
באַריקאַדן-טאַקטיק". דידאָזיקע טאַקטיק איז געווען די טאַקטיק פון
פאַרטיזאַנישער מילכאָמע. די אָרגאַניזאַציע, וועלכע אזא טאַקטיק האָט געמאכט
נויטיק, זיינען געווען די באַוועגלעכע און אויסערגעוויינלעך קליינע אָטריאַדן:
צענדלינגער, דריילינגער, אפילע צוויילינגער. בא אונז קאָן מען איצט אָפט בא-
געגענען סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע לאכן אין די הויפנס, ווען עס קומט
אויס צו ריידן וועגן פינפלינגער און דריילינגער. אבער לאכן איז בלויז א בי-
ליק מיטל און פאַרמאכן די אויגן אף דער נייער פראַגע וועגן דער טאַקטיק
און אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט בא דער מאדערנער מיליטערישער טעכניק
אַרויסגערופן דורכן גאַסן-קאַמף. לייענט, מיינע הערן, אויפמערקזאַם די דער-
ציילונג פונם מאָסקווער אויפשטאנד — און איר וועט פאַרשטיין, וואָסער
פאַרבינדונג עס האָבן די „פינפלינגער" מיט דער פראַגע, וועגן דער „נייער
באַריקאַדן-טאַקטיק".

מאָסקווע האָט זי אַרויסגערוקט, אָבער ווייט ניט אנטוויקלט, ווייט ניט
פאַנאַנדערגעוויקלט אין א וויפל ניט איז ברייטער, ווירקלעך, מאַסאָווער מאס.
דרוזשיניקעס זיינען געווען ווייניק, די אַרבעטער-מאַסע האָט ניט באַקומען
דעם לאָזונג פון געוואַגטע אָנפאַלן און האָט אים ניט אָנגעווענדעט. דער כא-
ראַקטער פון די פאַרטיזאַנישע אָטריאַדן איז געווען צו איינארטיק, זייער גע-
ווער און זייערע מעטאָדן ניט גענוגנד, זייער פעאיקייט אנצופירן מיטן המון —
קימאַט ניט אנטוויקלט. מיר דארפן דאָס אלץ אניאָגן און מיר וועלן אָנ-
יאָגן, און מיר וועלן זיך לערנען פונם מאָסקווער עקספּערימענט, ווען מיר
וועלן דעמדאָזיקן עקספּערימענט פאַרשפּרייטן אין די מאַסן, ווען מיר וועלן
ארויסרופן די שעפערישקייט פון די מאַסן גופע, קעדיי ווייטער צו אנטוויקלען
אט דעם עקספּערימענט. און יענע פאַרטיזאַנישע מילכאָמע, יענער מאַסן-
טעראָר, וואָס קומט פאָר אין רוסלאנד אומעטום קימאַט אָן אויפהער פון דע-
קאַבר אָן, וועט בעליסאָפּעק העלפן אויסלערנען די ריכטיקע טאַקטיק אינם
מאָמענט פונם אויפשטאַנד. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דארף אנערקענען און
אנעמען אָט דעם מאַסן-טעראָר אין איר טאַקטיק, ארגאניזירנדיק אים,
פאַרשטייט זיך, און קאָנטראָלירנדיק, אונטערוואַרפנדיק אים די אינטערעסן און
די באַדינגונגען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג און דעם אַלגעמיינעם רעוואָלו-

ציאָנערן קאַמף, באַזייטיקנדיק און אָפּהאַקנדיק יענע „באַסיאַקישע“ פאַרקריפּלונגען פון דערדאָזיקער פאַרטיזאַנישער מילכאָמע, מיט וועלכע עס האָבן אַזוי אָנגעכאַנאָנעסדיק געמאַכט א סאַך די מאָסקווער אין די טעג פונם אויפשטאַנד און די לעטן בעאַיס דער באַרימטער לעטישער רעפּובליק.

די מיליטערישע טעכניק מאַכט נאָך אין דער גאָר לעצטער צייט נייע שריט פאָרויס. די יאַפּאַנישע מילכאָמע האָט געשאַפן די האַנט-גראַנאַטע. די ביקס-פאַבריקן האָבן ארויסגעלאָזט אַפן מאַרק אַן אוטאָמאַטישן ביקס. סאַי די און סאַי יענע הויבן שוין אָן מיט ערפאָלג צו ווערן באַנוצט אין דער רוסישער רעוואָלוציע, אָבער ווייט ניט אין א גענוגנדיקער מאָס. מיר קאָנען און דאַרפן זיך באַנוצן מיט דער פאַרפולקאָמונג פון דער טעכניק, אויסלערנען די אַרבעטער-אָטריאַדן צו מאַכן מאַסנווייז באָמבעס, העלפן זיי און אונזערע קאַמף-דרוזשינעס צו באַזאָרגן זיך מיט אויפרייס- און אנצינד-מאַטעריאַלן און מיט אוטאָמאַטישע ביקסן. באַם אנטיילנעמען פון די אַרבעטער-מאַסן אינם שטאָטישן אויפשטאַנד, באַם מאַסן-אנפאַלן אַפן סוינע, באַם אנטשלאָסענעם געשיקטן קאַמף פאַרן מיליטער, וואָס וואַקלט זיך נאָך מער נאָך דער דומע, נאָך סוועאַבאָרג און קראָנשטאַט, באַם געזיכערטן אנטיילנעמען אינם אלגעמיינעם קאַמף מיצאַד דעם דאָרף, — וועט דער זיג זיין אונזערער אינם קומענדיקן אלרוסלענדישן באַוואַפנטן אויפשטאַנד.

לאָמיר דעריבער ברייטער פאַנאַנדערוויקלען אונזער אַרבעט און דרייסטער שטעלן אונזערע אויפגאַבן, דורך באַנעמען די לעקציעס פון די גרויסע טעג פון דער רעוואָלוציע. אינם יעסאָד פון אונזער אַרבעט ליגט דער ריכטיקער דיסקאָנט פון די קלאַסן-אינטערעסן און באַדערפענישן פון דער אַלגעמיינער פאָלקס-אנטוויקלונג אינם געגעבענעם מאָמענט ארום דעם לאָזונג: אראָפּוואַרפן די צאַרישע מאַכט, צונויפרופן דורך א רעוואָלוציאָנערער רעגירונג די גרינדונג-פאַרזאַמלונג, גרופירן מיר און וועלן גרופירן אלץ א גרעסערן טייל פּראָלעטאַריאַט, פּויערטום און מיליטער. די אנטוויקלונג פונם באַוואָסטזיין פון די מאַסן בלייבט, ווי שטענדיק, די באַזע און הויפּט-אינהאלט פון אונזער גאַנצער אַרבעט. אָבער לאָמיר ניט פאַרגעסן, אז צו אָט דער אלגעמיינער, שטענדיקער און גרונט-אויפגאַבע זיינען אַזוינע מאָמענטן, ווי רוסלאַנד לעבט איבער, מויסעף באַזונדערע ספּעציעלע אויפגאַבן. לאָמיר זיך ניט פאַרוואַנדלען אין פּעדאַנטן און פּיליסטערן, לאָמיר זיך ניט ארויסדרייען מיט טערוצים פון אָט די באַזונדערע אויפגאַבן פונם מאָמענט, פון אָט די ספּעציעלע אויפגאַבן, פון די געגעבענע פאָרמען פון דער באַוועגונג דורך אינהאַנטלאָזן פאַרופן זיך אַף אונזערע שטענדיקע און, באַ אלע באַדינגונגען און צייטן, אומענדערלעכע פליכטן.

לאָמיר געדענקען, אַז עס דערנעענטערט זיך דער גרויסער מאַסן-קאַמף. דאָס וועט זיין דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד. ער דאַרף זיין, ווי ווייט מעגלעך, איינצייטיק. די מאַסן דאַרפן וויסן, אז זיי גייען אַף א באַוואָפנטן,

בלוטיקן, שרעקלעכן קאַמף. די פאַראַכטונג צום טויט דאַרף פאַרשפּרייט ווערן אין די מאַסן און זיכערן דעם זיג. דער אָנגריף אַפן סוינע דאַרף זיין דער ענערגישסטער; אָנפאַלן, אבער ניט פאַרטיידיקן זיך, — דאַרף ווערן דער לאָזונג פון די מאַסן, אָנראַכמאָנעסדיק אויסראָטן דעם סוינע וועט ווערן זייער אויפגאַבע; עס וועט זיך אויסבילדן א באַוועגלעכע און בויגעוודיקע קאַמף-אָרגאַניזאַציע; די פאַרטיי פונם באַוואוסטזייניקן פראָלעטאַריאַט דאַרף אויספילן איר כויוו אין דעמדאזיקן גרויסן קאַמף.

נ. לענין. באנד VII, טייל II. „וואָס לערנט אונז דער מאָסקווער או פשטאנד".
(29/VIII 1926 יאָר)

# 14. רעזאָלוציע פונם קעלנער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען וועגן אלגעמיינעם שטרייק

„דער פינפטער קאָנגרעס פון די דייטשישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָט אנערקענט פאר אן אומאפּלייגבארע פליכט פון די פראפעסיאָנעלע פאריי-נען זיך צו דערשלאָגן מיט אלע קויכעס די פארבעסערונג פון אלע געזעצן, וואָס אַף זיי איז געגרינדעט זייער עקזיסטענץ און וואָס אָן זיי זיינען זיי ניט בעקויעך אויסצופילן זייערע אויפגאבן, און קעמפן מיט דער גאנצער אנט-שלאָסנקייט קעגן די פּרואוון צו פארשמעלערן די עקזיסטירנדיקע רעכט פונם פאָלק.

אינם דאָזיקן קאַמף, ווי אויך אין אלע אנדערע פאלן, דאַרף די טאַקטיק צוגעפּאסט ווערן צו די באדינגונגען פונם מאָמענט.

דעריבער ווארפט אָפּ דער קאָנגרעס אויך אלע פּרואוון איינצושטעלן פאַרויס א באשטימטע טאַקטיק, פּראָפּאגאנדירנדיק דעם מאסן-שטרייק; ער רעקאָמענדירט די אָרגאניזירטע ארבעטער צו קעגנשטעלן זיך דידאָזיקע פּרואוון.

דער קאָנגרעס האלט ניט פאר נויטיק צו באהאנדלען די אידייע פונם אלגעמיינעם שטרייק, וועלכע עס פאַרטיידיקן די אנארכיסטן און די לייט, וואָס האָבן ניט קיין שום דערפאַרונג אינם געביט פונם עקאָנאָמישן קאַמף; דער קאָנגרעס איז מאסרע די ארבעטער ניט צו פארנאכלעסיקן די קליינע אַלטעגלעכע ארבעט אַף צו פארפעסטיקן די ארגאניזאציע צוליב דער פּראָפּאגאנדע פון דער אידייע פונם אלגעמיינעם שטרייק.

# 15. די פאַרטיי און די פּראָפאַריינען

די אפּגעזונדערטקייט פונם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף און זייער אומאָפּהענגיקייט איינער פונם אנדערן איז ניט מער, ווי א קינסטלעכער, האגאם היסטאָריש נויטוועןדיקער פּראָדוקט פונם פּאַרלאמענטישן פּעריאָד.

פון איין זייט ווערט, בא דערדאזיקער רואיקער „נאָרמאלער“ אנטוויקלונג פון דער בורזשואזער געזעלשאפט דער עקאנאמישער קאמף צעשפאלטן, צעפאלן אף אסאך באזונדערע קאנפליקטן אין יעדער אונטערנעמונג, אין יעדן צווייג פין דער אינדוסטריע. פון דער אנדערער זייט, ווערט דער פאליטישער קאמף געפירט ניט דורך דער דירעקטער אקציע פון דער מאסע גופא, פארקערט, ער פאסט זיך צו צו די פארמען פון דער בורזשואזער מעלוכע און ווערט געפירט דורך דער פארטרעטערשאפט, דורכן דרוק אף די געזעצגעבערישע ארגאנען. ווי נאָר עס קומט אן א פעריאד פון רעוואלוציאנערן קאמף, מיט אנדערע ווערטער, ווי נאר אפן שלאכט-פעלד באווייזט זיך די מאסע אליין, ווערט טייקעף פארשוואונדן, סאי די צעוואָרפנקייט פונם עקאנאמישן קאמף, און סאי די אומדירעקטע פארלאמענטישע פארם פונם פאליטישן קאמף. אין דער רעוואלוציאנערער מאסן-אקציע גיסן זיך צונויף דער פאליטישער און עקאנאמישער קאמף אין איין גאנצע און די קינסטלעכע מעכיצע, וואס ווערט אויפגעשטעלט צווישן דעם פראפעסיאנעלן פאריין און דער סאציאל-דעמאקראטיע, ווי צווישן צווי באזונדערע לעגאמרע אומאפהענגיקע פארמען פון דער ארבעטער-באוועגונג, — ווערט פאשעט פארשוואונדן. אבער דאס, וואס עס ווייזט זיך אנשוילעך ארויס בעאייס דער רעוואלוציאנערער מאסן-באוועגונג, עקזיסטירט פאקטיש אויך אינם פארלאמענטישן פעריאד. דער עקאנאמישער און פאליטישער קאמף זיינען ניט קיין צווי דורכויס פארשיידענע מינים קלאסנקאמף פונם פראלעטאריאט, עס איז פאראן בלויז איין קלאסנקאמף וואס איז איינצייטיק געווענדעט אף צו פארשמעלערן די קאפיטאליסטישע עקספלואטאציע אינעווייניק אין דער בורזשואזער ארדענונג, און צו פארניכטן אויך די עקספלואטאציע צוזאמען מיט דער בורזשואזער געזעלשאפט.

אויב בעאייסן פארלאמענטישן פעריאד טיילן זיך אף דידאזיקע צווי זייטן פונם קלאסנקאמף איינע פון דער אנדערער אפן גרונט פון טעכנישע טאימים, זיינען זיי דאך ניט קיין צווי פאראלעלע טאט-זאכן, נאר בלויז צווי פאזיסן. צווי שטופעס פונם קאמף פונם ארבעטער-קלאס פאר זיין עמאנסיפאציע. דער פראפעסיאָנעלער קאמף כאפט ארום די אינטערעסן פונם איצטיקן מאמענט פון דער ארבעטער-באוועגונג, דער פאליטישער קאמף — די אינטערעסן פון דער צוקונפט... די פראפעסיאנעלע פאריינען זיינען די פארשטייער פון די גרופן-אינטערעסן און פון איין באשטימטער אנטוויקלונגס-שטופע פון דער ארבעטער-באוועגונג. די סאציאל-דעמאקראטיע פארטרעט דעם ארבעטער-קלאס אין זיינע באפרייאונגס-אינטערעסן אינגאנצן גענומען. די פראפעסיאנעלע פאריינען באציען זיך אף אזא אויפן צו דער סאציאל-דע-מאקראטיע, ווי א טייל צום גאנצן. אויב די אנפירער פון די פראפעסיאנעלע פאריינען באציען זיך מיט אזא סימפאטיע צו דער טעאריע וועגן דער „גלייכ-בארעכטיקונג“ פון די פראפעסיאנעלע פאריינען און פון דער סאציאל-דעמא-קראטיע, נעמט זיך דאס פונם טיפן ניטפארשטיין דעם סאמע מעהוס פון די פרא-

פעסיאָנעלע פאַריינען און פון זייער ראָלע אינם אַלגעמיינעם באַפרייאונג-קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס.

דידאַקטיקע טעאָריע וועגן דער פּאַראַלעלקייט פון די אַקציעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און וועגן זייער „גלייכבאַרעכטיקונג“ האָט פונדעסטוועגן ניט פּאַשעט אינדערלופט, נאָר זי האָט אירע היסטאָרישע יעסוידעס. זי האַלט זיך אַף דער אילוזיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם פרידלעכן „נאָרמאַלן“ פּעריאָד פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, אַז דער פּאָליטישער קאַמף פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווערט קלוימערשט איינגעשלונגען דורכן פּאַרלאַמענטישן קאַמף. אין דערווירקלעכקייט אָבער איז דער פּאַרלאַמענטישער קאַמף, וואָס דערגאַנצט דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף און דינט אים אַלס קעגנגעוויכט, — אויך אַ קאַמף אויסשליסלעך אַפן באָדן פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. לויט זיין נאַטור פאַרנעמט ער זיך מיט פּאָליטישע רעפאָרמעס אינם עקאָנאָמישן געביט. ער שטעלט מיט זיך פאָר די פּאָליטישע אַרבעט פונם לויפנדיקן מאָמענט, אין דער צייט, ווען די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען שטעלן מיט זיך פאָר זיין עקאָנאָמישע אַרבעט. אויך זי איז בלויז אַ באַזונדער פּאַ-זיס, אַ באַזונדערע אַנטוויקלונגס-שטופע אינם אַלגעמיינעם בילד פונם פּראָלע-טאַרישן קלאַסנקאַמף, וואָס זיינע צילן גייען אין אַ גלייכער מאָס אַרויס פון די גרענעצן, אי פונם פּאַרלאַמענטישן, אי פונם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף. סיי די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט און סיי דער פּאַרלאַמענטישער קאַמף באַציען זיך צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק, ווי אַ טייל צום גאַנצן. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע גופא אָבער איז נעמלעך אַ קאָמבינאַציע פון דער פּאַרלאַמענ-טישער און פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט אין איין קלאַסנקאַמף, וואָס איז גע-ווענדעט אַף צו פאַרניכטן די בורזשואַזע אָרדענונג.

די טעאָריע פון דער „גלייכבאַרעכטיקונג“ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אַף אַזא אויפן ניט קיין פּאַשעטע טעאָרעטישע מיספאַרשטייעניש, קיין פּאַשעטער מישמאַש. און איר געפינט איר אויסדריק די באַקאַנטע טענדענץ פון יענעם אָפּאָרטוניסטישן פליגל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס וויל ווירקלעך איינשליסן דעם פּאָליטישן קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס אין די ענגע ראַמען פונם פּאַרלאַמענ-טישן קאַמף און פאַרוואַנדלען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון אַ רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי אין אַ פּאַרטיי פון קלייַנבירגערלעכע רעפאָרמעס*.

* געוויינלעך ווערט אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון אַזאַ טענדענץ אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. מיר דאַרפן דעריבער באַגריסן יענע אָפנאַרציקייט, מיט וועלכער די אָפּאָר-טוניסטישע ריכטונג האָט דאָ ניט לאַנג פאָרמולירט אירע עמעסע צילן און וואונטשן. אין מאַינץ איז אַף אַ פּאַרטיי-פאַרזאַמלונג דעם 10 סעפּטעמבער י. י. לויט דאַווידס פאָרשלאָג אָנגענומען גע-וואָרן אַט אַזאַ רעזאָלוציע:

„נעמענדיק אין אכט, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פאַרשטייט די „רעוואָלוציע“ ניט

ווען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אָנגענומען די טעאָריע פון „גלייכבאַרעכטיקונג“ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָלט זי דערמיט גופא אף אן אומדירעקטן אויפן, שווייגנדיק, מאַסקים געווען אַף דער איבעראַנדערשונג צו וועלכער עס שטרעבן אַזוי לאַנג די פאָרשטייער פון דער אָפּאָרטוניסטישער ריכטונג...

די איינהייטלעכקייט פון דער פראָפעסיאָנעלער און סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר דעם פאָרשטייענדיקן מאַסן-קאַמף אין דייטשלאַנד, איז ווירקלעך פאַראַן, דעהיינע — זי איז פאַרקערפערט אין יענער ברייטער מאַסע, וועלכע דינט אַלס דער

---

אין דעם זין פון א געוואלדזאמע איבערקערעניש, נאר אינם פרידלעכן זין פון דער אנטוויקלונג, ד. ה. פון אַ ביסלעכווייזן דורכפירן דעם נייעם ווירטשאַפטלעכן פרינציפ, וואַרפט אָפּ די עפנטלעכע פאַרטיי-פאַרזאמלונג אין מאַינץ יעטווידע רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק.

„די פאַרזאַמלונג זעט ניט קיין שום אַנדער זאַך אין דער דעראָבערונג פון דער פאָליטישער מאַכט, כוץ דאָס צוציען די מערהייט פונם פאָלק אַף דער זייט פון די אידייען און פאָדערונגען פון דער סאָציאַל-דעמאקראַטיע. אַט די צוציאונג קאָן דערגרייכט ווערן ניט דורך גוואלדזאמע מיטלען, נאָר בלויז דורך דער רעוואָלוציאָניזירונג פון די מויכעס מיט דער הילף פון אידייאישער פראפאגאַנדע און פראַקטישן דורכפירן די רעפאָרמעס אין אַלע געביטן פונם פאָליטישן, עקאָנאמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

„אַרויסגייענדיק פון דער איבערצייגונג, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אנטוויקלט זיך אַסאַך בעסער מיט דער הילף פון געזעצלעכע, איידער פון אומגעזעצלעכע מיטלען און פונם פרינציפ פון א גוואלדזאַמער איבערקערעניש, וואַרפט אָפּ די פאַרזאַמלונג די „דירעקטע אויפווירקונג פון די מאסן“ אַלס טאַקטישן פרינציפ, און דריקט אויס איר אָנהענגערשאפט פונם פרינציפ פון פארלאמענטישער רעפארמאטאָרישער טעטיקייט. מיט אנדערע ווערטער, זי דריקט אויס דעם ווונש, אַז די פאַרטיי זאָל, ווי פריער, שטרעבן צו בעהאדראגיקער דערגרייכונג פון אונזערע צילן מיט דער הילף פון געזעצגעבונג און אָרגאנישער אנטוויקלונג.

„די גרונט-פאָרהאנאָכע פון אָט דעם רעפאָרמאטאָרשן שלאכט-מעטאָד ליגט, פארשטייט זיך, אין דעם, אז דער אַנטייל פון די ניטפארמעגלעכע פאלקס-מאסן אין דער געזעצגעבונג פון דער דייטשישער אימפעריע און פון די באזונדערע דייטשישע מעלוכעס זאל ניט פאַרשמעלערט ווערן, נאָר זאל פאַרברייטערט ווערן ביז דער דערגרייכונג פון פולער גלייבארעכטיקונג. אַף אט דעם גרונט אנערקענט די פאַרזאַמלונג אלס א אומבאַשטרייטבאר רעכט פונם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס צו קעמפן קעגן די פאַרמעסטונגען אַף זיינע געזעצלעכע רעכט און פאַר דער דעראבערונג פון דער ווייטערדיקער פארברייטערונג פון זיינע רעכט דורך אָפּשטעלן די אַרבעט אַף א מער-וויניקער לאנג-דויערנדיקן טערמין, אויב די איבעריקע מיטלען וועלן זיך אַרויסווייזן פאר אומעטיק.

„אַזוי ווי דער פאָליטישער מאסן-שטרייק קאן אָבער נאר דעמלט ברענגען דעם ניצאכן פון די אַרבעטער, ווען ער ווערט געפירט אין שטרענג-געזעצלעכע ראמען און ווען די שטרייקער גיבן ניט קיין געזעצלעכע געלעגנהייט פאַרן אַריינמישן זיך פון דער באוואפנטער קראפט, זעט די פאַרזאמלונג די איינציקע נויטיקע און ווירקלעכע צוגרייטונג צום באנוצן דאסדאָזיקע שלאכט-מיטל אין דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער פאליטישער, פראָפעסיאנעלער און באַלמעלאכישער אָרגאַניזציע, ווייל נאר אף אַזאַ אויפן קאנען אין די ברייטע פאלקס-מאַסן געשאפן ווערן יענע באַדינגונגען, וואס זייער פארלויפיקע עקזיסטענץ גאראַנטירט דעם ערפאָלגרייכן גאנג פונם מאַסן-שטרייק.

אַלגעמיינער באַזיס, אי פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אי פון די פּראָפעסיאָ-
נעלע פאַריינען און וואָס אין איר באַוואוסטזיין זיינען ביידע זייטן פון דער
באַוועגונג צונויפגעגאָסן אין איין גייסטיקע גאַנצע. דער קלוימערשטער אנטא-
גאָניזם צווישן דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע און די פּראפעסיאנעלע פאריינען באַ-
שטייט בא אזא זאכלאגע אינם אנטאגאניזם צווישן דער סאציאלדעמאקראטיע
און דעם אויבערשטן שיכט באאמטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען; דער-
דאָזיקער אנטאַגאָניזם אָבער איז גלייכצייטיק אויך דער אַנטאַגאָניזם אין די
פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען גופע צווישן זייערע פירער און דער פּראָפעסיאָנעל-
אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַרישער מאסע.

דער שטאַרקער וואוקס פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג אין דייטש-
לאַנד פאַר די לעצטע 15 יאָר, באַזונדערס אינם פּעריאָד פון דער הויכער
עקאָנאָמישער קאָניונקטור אין די יאָרן 1895—1900, האָט מיט זיך גופע גורעם
געווען דעם שטאַרקן וואוקס פון די זעלבסטעטיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע
פאַריינען, די ספּעציאַליזירונג פון זייערע קאַמף-מעטאָדן, פון זייער אָנפירונג
און, לעסאָף, דעם אויפקום פונם עכטן באאמטנטום פון די פּראָפעסיאָנעלע
פאַריינען. אָט די אַלע דערשיינונגען זיינען דערקלערבאַרע און זיינען אַ
נאטירלעכער היסטאָרישער רעזולטאַט פונם עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד און
פּאָליטישן שטילשטאַנד אין דייטשלאַנד. אָט דאָס אַלץ, באַזונדערס דאָס
באאמטנטום אין די טיפּענישן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, איז א היס-
טאָריש-נויטוועגדיקע בייז. אָבער די דיאלעקטיק פון דער אַנטוויקלונג פירט
גראָד דערצו, אַז די נויטיקע מיטלען פונם פּראָגרעס און פונם וואוקס פון דער
פּראָפעסיאָנעלער-באַוועגונג ווערן בא אַ געוויסער הויך פון אָרגאַניזאציע און
באַ א געוויסער שטופע פון דער רייפקייט פון די פאַרהעלטענישן, פארוואנדלט
און זייער הייפּעך, אין מעניעס פארן ווייטערדיקן וואוקס.

דאס ספּעציאַליזירן די טעטיקייט פון די אָנפירער פון דער פּראָ-
פעסיאָנעלער באַוועגונג אין א באַזונדערע פּראָפעסיע, און אויך די נאַטירלעכע
באַגרענעצקייט פון דער וועלט-אָנשויאונג, וואָס איז אין א רואיקן פּעריאָד
פאַרבונדן מיט דער צעבּרעקלטקייט פונם עקאָנאָמישן קאמף אַף באַזונדערע
צוזאַמענשטויס, ברענגען גאַנץ אומפאַרמיידלעך דאָס באמטנטום פון די פּראָ-
פעסיאָנעלע פאַריינען צו ביוראָקראטיזם און צו דער באַגרענעצטקייט פונם
אַלגעמיינעם באַנעם (פון דער באוועגונג איינגאַנצן גענומען). אי דאָס, אי
יענס געפינט זיין אויסדריק אין אַ גאנצע ריי טענדענצן, וועלכע קאָנען ווערן
זייער פאטאל פאַר דער צוקונפט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען גופע. אהער
געהערט קודעמקאָל דאָס איבערשאצן די אָרגאניזאציע, וואָס ווערט פון א
מיטל פארן ציל ביסלעכווייז פארוואנדלט אין א זעלבשטענדיקן ציל, אינם
העכסטן גליק, וועמען עס ווערן פילפאך אונטערגעוואָרפן די אינטערעסן פונם
קאמף. פון דאנען דערקלערט זיך אויך יענע אָפן אנערקענטע באַדערפעניש
אין רואיקייט, וואָס צוליב איר טרעט מען מיט שרעק אָפּ פאר דער גרויסער

ריזיקע, פאַר די קלוימערשע געפאַרן פאַר דער עקזיסטענץ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פאַר דער אומבאוואוסטקייט פון די ברייטע מאַסן-אַרויסטרעטונגען; פון דאַנען נעמט זיך, ווידער, דאָס איבעשאַצן דעם פּראפעסיאָנעלן קאַמף, זיינע פּערספּעקטיוון און זיינע ערפאָלגן. די פירער פון דער פראָפעסיאָנעלער-באַוועגונג, וואָס ווערן קעסיידער אַריינגעטאָן אין דער קליינער עקאָנאָמישער מילכאָמע און שטעלן זיך די אויפגאַבע איינצופּלצן אין די אַרבעטער-מאַסן דעם געדאַנק, אַז יעדע אפילו אומבאַדייטנדיקע עקאָנאָמישע דעראָבערונג, יעדע העכערונג פונם אַרבעטלוין אָדער פאַרקלענערונג פונם אַרבעטס-טאָג האָט אַ היפּכן ווערט, דערגייען ביסלעכווייז דערצו, וואָס זיי אַליין פאַרלירן דעם באַוואוסטזיין פון די וויכטיקע קעגנזייטיקע פאַרהעלטענישן און דעם באַנעם פון דער אַלגעמיינער זאַכלאַגע. בלויז מיט דעם קאָן מע לעמאָשל, דערקלערן דאָס, וואָס די פירער פון די דייטשישע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען ווייזן אָן מיט אַזאַ צופרידנהייט אף די דעראָבערונגען פאַר די לעצטע 15 יאָר און אף די מיליאָנען העכערונגען פונם אַרבעטלוין, אַנשטאָט דעם, זיי זאָלן אַדעראַבע, ענערגיש אָנווייזן אף דער צווייטער זייט פונם מעדאַל: אף דעם, וואָס, אַדאַנק די טוואָרע-וואַכערער, אַדאַנק דער גאַנצער פּאָליטיק פון די שטייערן און גרענעץ-אָפּצאָלן, אַדאַנק דער ערד-וואַכעריי, וואָס האָט אויפגעשרויפט דאָס דירע-געלט אף אַזאַ אומגעהערטע הויך, — איז גלייכצייטיק פאָרגעקומען דאָס אויסערגעוויינלעכע פאַלן פונם לעבנס-ניוואָ פונם פּראָלעטאַריאַט, — קורצער גערעדט — אף יענע אַלע אָביעקטיווע טענדענצן פון דער בורזשואַזער פּאָליטיק, וועלכע מאַכן ווידער צונישט אַלע דעראָבערונגען פונם 15-יאָריקן פראָפעסיאָנעלן קאַמף. פונם ג א נ צ ל ע כ ן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן עמעס, וועלכער שטרייכט אונטער די אַרבעט פונם היינטיקן טאָג און איר אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט און טראָגט גלייכצייטיק אַריבער דעם שווערפּונקט אף דער ק ר י ט י ק, אָפּן איינשטעלן די גרענעצן פון דערדאָזיקער אַרבעט, ווערט אויסגעקריסטאַליזירט אַ באַזונדערער עמעס פון דער פראָפעסיאָנעלע-באַוועגונג, אַ האַלביקער עמעס, וואָס פאַרצייכנט בלויז די פּאָזיטיווע זייט פון אָט דעם אַלטעגלעכן קאַמף. אין לעסאָף אָט דאָס פאַרשווייגן די אָביעקטיווע גרענעצן, וואָס זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן דעם פראָפעסיאָנעלן קאַמף דורך דער בורזשואַזער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, ווערט פאַרוואַנדלט מאַמעש אין אַ פיינטלעכער באַציאונג צו יעדער טעאָרעטישער קריטיק, וואָס ווייזט אָן אף דידאָזיקע גרענעצן אין צוזאַמענהאַנג מיט די ענדגילטיקע צילן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. יעדער „פריינט פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג" ווערט אומבאַדינגט פאַרפּליכטעט צו אַן אַבסאָלוטער מאַיאָפעס-באַציאונג און צו אַ גרענעצלאָזן אָפּטימיזם. אַזוי ווי די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָזיציע שטייט אָבער גראָד אין קאַמף מיטן ניטקריטישן אָפּטימיזם בענוגייע צו דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, פונקט אַזוי, ווי זי שטייט אין קאַמף קעגן דעם ניטקריטישן פאַרלאַמענטישן אָפּטימיזם,

קומט סאָפקאָלסאָף פאַר אַן אפקער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טעאָריע:
די באַאמטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זוכן, טאַפּנדיק אין דער פינ-
סטערניש, „א נייע טעאָריע”, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן זייער באַדערפעניש און
זייערע אַנשויאונגען, דערהויפּט: אַזא, וואָס זאָל, לעהייפעך צו דער סאָציאַל-
דעמאָקראַטישער, עפענען פאַרן פּראָפעסיאָנעלן קאַמף אַבסאָלוט-אומבאַגרע-
נעצטע פּערספּעקטיוון פון עקאָנאָמישן אַיפּבלי אין די ראַמען פון דער
קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אַזא טעאָריע עקזיסטירט, פאַרשטייט זיך, און
שוין ניט ווייניק צייט. דאָס איז די טעאָריע פון פּראָפּ. זאַמבאַרדט, וואָס
האָט זי אַרויסגעשטעלט מיט א בעפּיירעש-אויסגעדריקטער קאַוואָנע אַריינצו-
האַקן א קלין צווישן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און דער סאָציאַל-דעמאָ-
קראַטיע אין דייטשלאַנד און אַריבערצונאַרן די פאַריינען אַפן בורזשואַזן באָדן.

אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט אָט דעם טעאָרעטישן קער אין די
רייען פון די פירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג שטייט — און דאָס
שטימט ביז גאָר מיט זאַמבאַרדטס טעאָריע — דער קער אין דער באַציאונג
פון די פירער צו דער מאַסע. דאָס אָרט פון קאָלעגיאַלער אומגעצאָלטער אַגי-
טאַציע דורך די קאָמיסיעס פון די אָרטיקע כאַוויירים, פון דער אַגיטאַציע,
וואָס ווערט געפירט צוליבן דראַנג פונם ריינעם אידעאַליזם, — פאַרנעמט די
פּראָפעסיאָנעלע ביוראָקראַטיש-איינגערעגולירטע געשעפט-פירונג מיט דער
הילף פון באַאמטע, וואָס ווערן מייסטנס געשיקט מינהאַצאַד. אַדאַנק דעם,
וואָס אַלע פעדעם פון דער באַוועגונג זיינען קאָנצענטרירט אין זייערע הענט,
ווערט די פעאיקייט גופע פון באַנעמען די פראַגן פון דערדאָזיקער באַוועגונג
זייער פּראָפעסיאָנעלע ספּעציאַליטעט. אַסאַך כאַוויירים ווערן גערעכט צו
דער לאַגע פון א מאַסע, וואָס איז ניט פעאיק צו האָבן איר אייגענע מיינונג,
פון א מאַסע, ווען מע מאַכט פאַר א פליכט הויפּטזאַכלעך די גוטע מידע
פון „דיסציפּלין”, ד. ה. די פּאַסיווע געהאָרכזאַמקייט. לעהייפעך צו דער סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע, אין וועלכער, טראָץ דער טענדענציעזער באָבע-מאַיסע וועגן
דער „בעבעלשער דיקטאַטור”, עס הערשט אין דער ווירקלעכקייט דער העכסטער
דעמאָקראַטיזם, אַדאַנק דעם, וואָס די געשעפט-פירונג איז געגרינדעט אַף די
פּרינציפּן פון געוויילטקייט און קאָלעגיאַלקייט, אַזוי, אַז די פּאַרטיי-פאַרוואַלטונג
איז אין דער ווירקלעכקייט בלויז א פאַרוואַלטונג-אָרגאַן, — איז אין די פּראָפע-
סיאָנעלע פאַריינען טראָגט די באַציאונג צו דער אונטערגעוואָרפענער מאַסע
אין אַסאַך א גרעסערער מאָס דעם כאַראַקטער פון סובאָרדינאַציע. דער אויפ-
בלי פון אָט די פאַרהעלטענישן — אָט דאָס איז די אַרגומענטאַציע, וואָס מיט
איר הילף צאַמט מען זיך אַרום פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער
קריטיק פון די ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון און מעגלעכקייטן פון דער
פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, ווייל דידאָזיקע קריטיק איז קלוימערשט
אַ געפאַר פאַר דער געהעריקער שטימונג פון די מאַסן בענויגייע
צו די פאַריינען. דערביי דינט אַלס אויסגאַנג-פּונקט די אַנשויאונג, אַז

די ארבעטער-מאסע קאָן ארייגעצויגן און איינגעהאלטן ווערן אין די אָרגאניזאציעס נאָר דעמאָלט, ווען זי האָט דעם קינדערשן בלינדן גלויבן, אז דער פראָפעסיאָנעלער קאמף איז מסוגל צו ברענגען די גאולה. אין קעגנזאץ צו דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, וועלכע באַזירט איר איינפלוס דאַפקע אַף דעם, אז די מאסע זאָל באנעמען די סטירעס פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, אף איר באנעמען די גאנצע קאמפליצירטע נאטור פון דער אנטוויקלונג פון אָט דער אָרדענונג, אַף דער קריטישער באציאונג פון דער מאסע צו אלע מאָמענטן פון איר אייגענעם קלאסנקאמף, — איז דער איינפלוס און די מעכטיקייט פון די פראָפעסיאָנעלע פאריינען שטיצן זיך — לויט דערדאזיקער טעאָריע — אף דער אומפעאיקייט פון דער מאסע צו קריטיק און צו זעלבשטענדיקן דענקען. „אינם פאָלק דארף אָפגעהיט ווערן דער גלויבן“ — אָט דאָס איז די גרונט-האנאָכע, וואָס פון איר ארויסגייענדיק, שטעמפלען די באאמטע פון די פאריינען יעטווידע קריטיק פון דער אָביעקטיווער ניטגענוגנדיקייט פון דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג, אלס א פארמעסטן זיך אף דער באוועגונג גופא. לעסאָף, אַלס פויעליוצע פון אָט דער ספעציאליזירונג און פון אָט דעם ביוראקראטיזם פון די פאריין-באאמטע איז אויך די שטארקע אפגעזונדערטקייט און „נייטראליטעט“ פון די פאריינען בענויגייע צו דער סאָציאל-דעמאָקראטיע. די אויסערלעכע זעלבשטענדיקייט פון די פראפעסיאָנעלע ארגאניזאציעס האָט זיך, מיט זייער וואוקס, ארויסגעוויזן אלס נויטיקער באדינג, וועלכער וואקסט אויס, אזוי צו זאגן, אפן באָדן פון דער טעכנישער ארבעט-צעטיילונג צווישן דער פאליטישער און עקאנאמישער קאמף-פארמען. די „נייטראלקייט“ ווידער, פון די דייטשישע פראפעסיאנעלע פאריינען איז א פויעליוצע פון דער רעאקציאנערער געזעצגעבונג וועגן די פאריינען פון דער פרייסיש-דייטשישער פאליצייאישער מעלוכע. מיט דער צייט האט, סאי די און סאי יענע באציאונג געענדערט איר אינהאלט. אפן גרונט פונם פאליצייאיש-געצוואונגענעם צושטאנד פון דער פאליטישער „נייטראליטעט“ מיצאד די פראפעסיאנעלע פאריינען איז נאכדעם געשאפן געווארן די טעאריע פון פרייוויליקער נייטראלקייט, אלס נויטווענדיקייט, וואס איר מאקער שטאמט קלוימערשט פון דער נאטור גופע פונם פראפעסיאנעלן קאמף. די טעכנישע זעלבשטענדיקייט אבער פון די פאריינען, וועלכע וואלט זיך געדארפט אנשפארן אף דער פראקטישער ארבעט-צעטיילונג אין די טיפענישן פון אן איינהייטלעכן סאציאל-דעמאקראטישן קלאסנקאמף, איז פארוואנדלט געווארן אין דער אומאפהענגיקייט פון די פראָפעסיאָנעלע פאַרייינען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אין דער אומאָפהענגיקייט אי פון אירע אנשויאונגען, אי פון איר אָנפירונג, אין דער אַזויגערופענער „גלייכבאַרעכטיקונג“ מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

דידאָזיקע אילוזיע פון אומאָפהענגיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז הויפטזאַכלעך פאַרקערפערט אין די באַאַמטע פון די פאַריינען, און געפינט פאַר זיך שפייז אינם פאַרוואַלטונג-אַפּאַראַט

פון די פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. פון דער אויסערלעכער זייט האָט די עקזיסטענץ פון אַ גאַנצן שטאַט באַאַמטע פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, די עקזיסטענץ פון די לאַכלוטן אומאָפהענגיקע צענטראַלע אַנשטאַלטן, פון דער צאָלרייכער פראָפעסיאָנעלער פרעסע און, ענדלעך, פון די קאָנגרעסן פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען געשאַפן אַן אילוזיע פון אַ דורכויסיקער פאַראַלעלקייט בענויגייע צום אָרגאַניזאַציאָנס-אַפּאַראַט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, צו דער פאַרטיי-פאַרוואַלטונג, פאַרטיי-פרעסע און צום פאַרטייטאַג. אָט די אילוזיע פון פאַראַלעלקייט צווישן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און די פאַריינען האָט אַגעוו געבראַכט צו דער אומפערלומפערטער דערשיינונג, וואָס אי אפן פאַרטייטאַג, אי אַף די קאָנגרעסן פון די פאַריינען ווערן באַטראַכט אין א געוויסן טייל גאָר אַנאַלאָגישע פראַגן און איבער איין און דערזועלבער פראַגע ווערן אָנגענומען פאַרשיידענע און אַפילע מאַמעש קעגנזועצלעכע באַשטימונגען. פון דער אַרבעט-צעטייקלונג צווישן דעם פאַרטייטאַג, וואָס פאַרטרעט די אַלגעמיינע אינטערעסן און אויפגאַבן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, און די קאָנפערענצן פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס באַהאַנדלען די ספעציעלע פראַגן פון א מער ענגערן געביט פון די אינטערעסן פון אַלטעגלעכן עקאָנאָמישן קאַמף, — איז קאָנסטרואירט געוואָרן די קלוימערשטע צווייאיקייט פון דער פראָפעסיאָנעלער און סאָציאַל-דעמאָקראטישער וועלטאַנשויאונג בענויגייע צו איינע און דיזעלבע אלגעמיינע פראַגן און אינטערעסן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. און וויבאַלד עס איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ אומנאָרמאַלע זאַכלאַגע, האָט זי אין זיך די נאַטירלעכע טענדענץ אַלץ מער און מער זיך צו פאַרברייטערן און פאַרשאַרפן. איצט נאָכדעם ווי עס איז געשאַפן געוואָרן דער אומנאָרמאַלער מינהעג פון פאַראַלעלע טאָג-אָרדענונגען אַף די קאָנגרעסן פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פאַרטייטגן, איז די עקזיסטענץ גופע פון אָט די קאָנגרעסן אַ נאַטירלעכער פאַקטאָר, וואָס שטויסט צו אַלץ א מער און מער שטאַרקערע אָפגרענעצונג און דערווייטערונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. קעדיי צו דערווייזן זיך און אַנדערע די אייגענע „זעלבשטענדיקייט“, קעדיי דורך פאָשעטן איבערכאַזערן די באַשטימונגען פון די פאַרטייטאַגן ניט צו באַווייזן די אייגענע איבעריקייט אָדער אונטערגעוואָרפנקייט, — דאַרפן די קאָנגרעסן — וואָס פאַרטרעטן, ווי באַוואוסט, הויפּטזאַכלעך די באאַמטע, קעסיידער אינסטינקטיוו שטרעבן צו אונטערשטרייכן די פאנאנדערטיילנדיקע מאָמענטן, אַלץ, וואָס איז „ספעציפיש פראָפעסיאָנעל“. דעריקער איז די עקזיסטענץ גופע פון אַ פאַראַלעלער און אומאָפהענגיקער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען פירט פסיכאָלאָגיש צו דעם, אַז מע זאָל אַף יעדן טריט און שריט לאָזן פילן די אומאָפהענגיקייט בענויגייע צו די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, קעדיי צו באַטראַכטן יעטווידער באַריר מיט דער פאַרטיי קוידעמקאָל פונם שטאַנדפונקט פון די „קאָמפעטענץ-גרענעצן“.

אַף אַזאַ אויפן האָט זיך געשאפן אן אייגנאַרטיקע זאכלאגע, בא װעלכער דיזעלבע פראָפעסיאָנעלע באַװעגונג, װאָס געפינט זיך אין אירע אונטערשטע שיכטן, צװישן דער ברייטער פראָלעטאַרישער מאַסע, אין פולשטענדיקער איינהייטלעכקייט מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איז אויבן, אינם אָרגאַניזאציאָנעלן אויבערבוי, טיילט זי זיך שאַרף אָפּ פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און באפעסטיקט זיך זייט בא זייט מיט איר אַלס א צװייטע אומאָפּהענגיקע גרויס-מאַכט. די דייטשישע פּראָפעסיאָנעלע באַװעגונג באקומט אזוי ארום אן אייגנארטיקע פאָרם פון א טאָפּעלער פּיראמידע, װאָס איר פונדאמענט און קאָרפּוס באשטייען פון איין שטיק, נאָר די שפּיצן אירע גייען זיך װייט פאַנאַנדער איינער פונם אנדערן...

(ר. לוקסעמבורג. „דער אלגעמיינער שטרייק און די דייטשישע ס. ד.״)

# די פראַנצויזישע אַרבעטער - באַװעגונג

## 16. פּראָגראם פון דער פראַנצויזישער אַרבעטער-פּאַרטיי

(באשטעטיקט דורך דעם נאציאנאלן קאָנגרעס אין האַװר, אין 1880 יאר)

„נעמענדיק אין באַטראַכט:

אַז די באַפרייאונג פון דעם פּראָדוצירנדיקן קלאס איז די באפרייאונג פון אַלע מענטשלעכע באשעפענישן אָן אונטערשייד פון געשלעכט און ראַסע;

אַז די פּראָדוצירער קאָנען זיין פריי נאָר אַף װיפל זיי װעלן זיין די באַלעבאַטים פון די פּראָדוציר-מיטלען (ערד, זאװאָדן, שיפן, בענק, קרעדיט און אַז. װ.);

אַז עס זיינען פאראן בלויז צװיי פאָרמען, אין װעלכע די פּראָדוציר-מיטלען קאָנען זיי געהערן:

1) די אינדיװידועלע פאָרם, װאָס האָט אין דער מעלוכע, װי אַן אַלגעמיינער פאַקט, קיינמאָל ניט עקזיסטירט און װאָס װערט אלץ מער און מער פאַרניכטעט דורך דעם אינדוסטריעלן פּראָגרעס;

2) די קאָלעקטיװע פאָרם, װאָס די מאַטעריעלע און אינטעלעקטועלע עלעמענטן אירע זיינען באַשאַפן געװאָרן דורך דער אַנטװיקלונג גופא פון דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט;

נעמענדיק אין אַכט:

אַז די פיזיקע קאָלעקטיװע פאָרם קאָן קומען נאָר װי א רעזולטאַט פון

דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון דעם פּראָדוצירנדיקן קלאַס — דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער פּאָליטישער פּאַרטיי;

אַז אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע דאַרף געשאַפן ווערן מיט דער הילף פון אַלע מיטלען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אין זיין רעשוס, אַריינגערעכנט אויך דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט, אַ פאַרוואַנדלטע פון אַ געצייג פון אָפּנאַרעריי, ווי דאָס איז געווען ביז איצטער, אין אַ געצייג פון באַפרייאונג, —

האָבן די פראַנצויזישע אַרבעטער-סאָציאַליסטן, שטעלנדיק פאַר אַ ציל פון זייערע שטרעבונגען פּאָליטיש און עקאָנאָמיש צו עקספּראָפּריאירן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן און אומקערן דער געזעלשאַפט אַלע פּראָדוציר-מיטלען, באַשלאָסן אויסנוצן די וואַלן ווי אַ מיטל פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף און באַטייליקן זיך אין זיי מיט דידאָזיקע נאָענטסטע פאָדערונגען.

## א. דער פּאָליטישער טייל

1. אָפּשאַפן אַלע געזעצן וועגן פּרעסע, פאַרזאַמלונגען און פאַריינען און דעריקער דעם געזעץ קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד. אָפּשאַפן די דינסט-ביכלעך אין אַלע אַרטיקלען פון דעם געזעץ קאָדעקס, וואָס מאַכן אונטערגעוואָרפן דעם אַרבעטער צום באַלעבאָס און די פרוי צום מאַנס-פּאַרשוין.

2. אָפּשאַפן דעם ביודזשעט פון די עמוגעס און אומקערן דער נאַציע די אַזוי גערופענע גיטער „פון טויטער האַנט", באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע, וואָס געהערן די רעליגיעזע קאָרפּאָראַציעס (דעקרעט פון דער קאָמונע פון 2-טן אַפּרעל 1871 יאָר), אַריינגערעכנענדיק אַלע אינדוסטריעלע און האַנדלס-גיטער פון דידאָזיקע קאָרפּאָראַציעס.

3. באָטל מאַכן דעם נאַציאָנאַלן כויוו.

4. אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמיי און אַריינפירן די אַלגעמיינע באַוואָפענונג פון פאָלק.

5. די קאָמונע האָט צו שאַפן איבער איר אַדמיניסטראַציע און איר פּאָליציי.

## ב. דער עקאָנאָמישער טייל

1. איין רו-טאָג אין מעשעך פון דער וואָך אָדער געזעצגעבעריש פאַרווערן דער אַדמיניסטראַציע צו לאָזן אַרבעטן מער פון זעקס טעג אין דער וואָך. געזעצגעבעריש פאַרקלענערן דעם אַרבעטס-טאָג פאַר דערוואַקסענע ביז 8 שאָ. פאַרווערן קינדער אונטער פערצן יאָר צו אַרבעטן אין פּריוואַטע וואַרשטאַטן און פאַרקלענערן דעם אַרבעטס-טאָג ביז 6 שאָ אין דעם עלטער פון 14 ביז 18 יאָר.

2. די אַרבעטער-קאָרפּאָראַציעס דאַרפֿן אַכטונג געבן אַף די לער-אינגלעך.

3. אַ געזעצגעבערישער מינימום פֿון אַרבעט-לוין, וואָס ווערט באַ-שטימט יערלעך אַפֿן יעסאָד פֿון די אָרטיקע מעקאָכים אַף לעבנס-פּראָדוקטן דורך די סטאַטיסטישע קאָמיסיעס פֿון די אַרבעטער.

4. געזעצגעבעריש פֿאַרווערן די באַלעבאַטים צו דינגען אויסלענדישע אַרבעטער פֿאַר ני̇דעריקערע סכירעס, איידער די סכירעס פֿון פֿראַנצויזישע אַרבעטער.

5. גלייכע סכירעס פֿאַר גלייכע אַרבעט פֿאַר אַרבעטער פֿון ביידע גע-שלעכטן.

6. טעאָרעטישע און פּראָפֿעסיאָנעלע בילדונג פֿאַר אַלע קינדער אַפֿן כעשבן פֿון דער מעלוכע און פֿון די קאָמונעס.

7. אויסהאַלטן אַלטעלייט און אַרבעט-אינוואַלידן אַף קאָהאָלשן כעשבן.

8. פֿאַרווערן די אונטערנעמער אַריינצומישן זיך אין דער פֿאַרוואַלטונג מיט די אַרבעטערשע קאַסעס פֿון קעגנזייטיקער הילף, פֿאַרזיכערונג און אַז. וו' וואָס דאַרפֿן איבערגעגעבן ווערן אויסשליסלעך אין רעשוס פֿון די אַרבעטער.

9. פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון די אונטערנעמער פֿאַר אומגליק-פֿאַלן, וואָס דאַרף זיין גאַראַנטירט דורך אָרוועס-געלט, וואָס די אונטערנעמער טראָגן אַריין אין די אַרבעטערשע קאַסעס פּראָפּאָרציאָנעל דער צאָל באַשעפֿ-טיקטע אַרבעטער און דער געפֿאַר, וואָס עס איז דאָ אויסצושטיין אין דער אונטערנעמונג.

10. די אַרבעטער באַטייליקן זיך אין דער איינשטעלונג פֿון ספּעציעלע קלאָלים אין פֿאַרשיידענע וואַרשטאַטן; באָטל מאַכן דאָס רעכט, וואָס די אונ-טערנעמער האָבן אוזורפּירט, צו באַשטראָפֿן די אַרבעטער אין דער פֿאָרם פֿון געלט-שטראָפֿן אָדער אָראָפּרעכענונגען פֿון סכירעס (דעקרעט פֿון דער קאָמונע פֿון 27-טן אַפּרעל 1871 יאָר).

11. אָפּשטעלן אַלע קאָנטראַקטן, וואָס האָבן שאַיכעס צום איבערגעבן אין אַן אַנדער רעשוס געזעלשאַפֿטלעך אייגנטום (בענק, אייזנבאַנען, מעטאַל-גרובן און אַז. וו.) און איבערגעבן די עקספּלואַטאַציע פֿון אַלע מעלוכע-אונ-טערנעמונגען אין די הענט פֿון די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן דאָרט.

12. אָפּשאַפֿן אַלע אומדירעקטע שטייערן און פֿאַרוואַנדלען אַלע דירעקטע שטייערן אין אַ פּראָגרעסיוון אָפּצאָל פֿון די האַכנאָסעס, וואָס זיינען העכער פֿון 3.000 פֿראַנק. אָפּשאַפֿן יערושע אַף העכער 20.000 פֿראַנק לויט דער דירעק-טער ליניע".

# 17. דעקלאראציע פון דער פאַרייניקונג פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען

(דעקאַבר 1904 יאָר)

„די דעלעגאַטן פון די פראַנצויזישע אָרגאַניזאַציעס: פון דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-פאַרטיי, פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי פון פראַנקרייך, פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, פון די אויטאָנאָמע פעדעראַציעס — בוש-דיו-ראָן, ברעטאַן, עראָ, סעווער, סאָמאַ, און ראָנאַ, וואָס זיינען באַפולמעכטיקט דורך זייערע אַנטשפּרעכנדיקע פאַרטייען און פעדעראַציעס אָף דורכצופירן אינם לעבן די פאַרייניקונג אָף די יעסוידעס, וואָס זיינען אנגעוויזן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין אמסטערדאַם, — דערקלערן, אַז די פאַרייניקטע סאָציאַליסטישע פאַרטיי דאַרף זיך האַלטן אין איר אַרבעט באַ די פּרינציפּן, וואָס זיינען איינגעשטעלט דורך די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, באַזונדערס דורך די, וואָס זיינען דאָ ניט לאַנג פאָרגעקומען: אין פאַריז אין 1900 יאָר און אין אמסטערדאַם אין 1904 יאָר.

זיי קאָנסטאַטירן, אַז די ביז איצטיקע פאַרשיידנהייטן אין די מיינונגען און אינם באַנעמען די טאַקטיק דאַרף מען צושרייבן הויפּטזאַכלעך די אומשטענדן, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַר פראַנקרייך, און דעם פעלן פון אַן אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע.

זיי באַשטעטיקן דעם קעגנזייטיקן ווילן צו גרינדן אַ קלאַסאָווע קאַמפּס-פאַרטיי, וועלכע, אויב אַפילו זי וועט אויסנוצן לטובֿת די אַרבעטנדיקע די צווייטראַנגיקע קאָנפליקטן פונם הערשנדיקן קלאַס, אָדער זי וועט באַ אַ געלעגנהייט פאַרייניקן איר טעטיקייט מיט אַן אַנדערער פּאָליטישער פאַרטיי אַזאַ, מיטן צוועק צו באַשיצן די רעכט און אינטערעסן פונם פראָלעטאַריאַט, — בלייבט זי דאָך אַ גרונט-פאַרטיי און איז אין אַן אומפאַרענדלעכער אָפּאָזיציע צום בורזשואזן קלאַס אינגאַנצן גענומען און צו דער מעלוכע, וואָס איז זיין געצייג.

אט דערפאַר דערקלערן די דעלעגאַטן, אַז זייערע אָרגאַניזאַציעס זיינען גרייט דירעקט מיטצואַרבעטן אין אָט דער זאַך פון פאַרייניקן די סאָציאַליסטישע קויכעס אָף פאָלגנדיקע איינמוטיק-אויסגעאַרבעטע און אָנגענומענע יעסוידעס:

1) די סאָציאַליסטישע פאַרטיי איז אַ קלאַסן-פאַרטיי, וואָס האָט דעם ציל צו סאָציאַליזירן די פּראָדוציר-און אויסטויש-מיטלען, ד. ה. פאַרוואַנדלען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט אין אַ קאָלעקטיוויסטישע אָדער קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, און אַלס מיטל דערצו — די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרגאַניזירונג פונם פראָלעטאַריאַט. לויט איר ציל, לויט איר אידעאַל און לויט די

מיטלען, וואָס זי ווענדעט אָן, איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, ווען זי שטרעבט דורכצופירן די דרינגענדיקע רעפאָרמעס, וועלכע עס פאָדערט דער אַרבעטער-קלאַס, דאָך ניט קיין פּאַרטיי פון רעפאָרמעס, נאָר א קלאַסאָווע, רעוואָלוציאָ-נערע, שלאכט-פּאַרטיי.

2) די אויסגעוויילטע דעפּוטאַטן אינם פּאַרלאַמענט בילדן אן אייניקע גרופּע קעגן אַלע בורזשואַזע פּאָליטישע פּראַקציעס. די סאָציאַליסטישע גרופּע אינם פּאַרלאַמענט דאַרף אָפּזאָגן דער רעגירונג אין אַלע מיטלען, וואָס זיכערן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און דאָס איינהאַלטן דורך איר די מאַכט, און דאַרף זיך מעמיילע אָפּזאָגן פון וואטירן די מילכאָמע-קרעדיטן, די קרעדיטן אַף צו דעראָבערן די קאָלאָניעס, די געהיימע פאָנדן און דעם ביודזשעט אינ-גאנצן גענומען.

אַפילע באַ אויסנאַמס-אומשטענדן קאָנען ניט די דעפּוטאַטן פּאַרפליכטן צו ווען די פּאַרטיי אָן איר האַסקאָמע אַף דעם.

אינם פּאַרלאַמענט דאַרף די סאָציאַליסטישע גרופּע אָפּגעבן זיך מיט פּאַרטיידיקן און פאַרברייטערן די פּאָליטישע פרייהייטן און רעכט פון די אר-בעטנדיקע, אויסקעמפן און דורכפירן רעפאָרמעס, וואָס פאַרבעסערן די אַרבעט-און קאַמף-באַדינגונגען פונם אַרבעטער-קלאַס.

די דעפּוטאַטן דאַרפן, ווי אַלע אויסגעוויילטע, זיך געפינען אין רעשוס פון דער פּאַרטיי צוליב איר טעטיקייט אינם לאַנד, פאַר איר אלגעמיינע פּראָ-פּאַגאַנדע, ארגאַניזירונג פונם פּראָלעטאַריאַט און פאַרן ענדגילטיקן ציל — פאַרן סאָציאַליזם.

3) אינדיווידועל געפינט זיך דער דעפּוטאַט אינגאַנצן אונטערן קאָנטראָל פונם צענטראַל-אָרגאַן. אין אַלע שטרייט-פראַגן ווערט דער ענדגילטיקער באַ-שלוס אַרויסגעטראָגן דורכן קאָנגרעס, אלס די העכסטע אינסטאַנץ.

4) עס ווערט געגעבן די פולע פרייהייט פון דיסקוסיע אין דער פּרעסע איבער אַלע פראַגן פון דער פּראָגראַם און טאַקטיק. אָבער אין די האַנדלונגען דאַרפן אַלע סאָציאַליסטן פּינקטלעך זיך האַלטן באַ די באַשלוסן פונם קאָנגרעס, לויט די אויסטייטשונגען פונם צענטראַל-אָרגאַן פון דער פּאַרטיי.

די צייטונגען, וואָס געהערן, סאַי דער פּאַרטיי אלס גאַנצע, סאַי אויך אירע פעדעראַציעס, און אויך יענע, וואָס וועלן זיי געהערן, געפינען זיך, נאַ-טירלעך, אדער וועלן זיך געפינען אונטערן קאָנטראָל און אָנפירונג פון א שטענדיקן אַפּאַראַט, וואָס ווערט צו דעם ציל געגרינדעט דורך דער פּאַרטיי אָדער דורך די פעדעראַציעס.

די צייטונגען, וואָס געהערן ניט דער פּאַרטיי, און האַלטן זיך באַ דער סאָציאַליסטישער ריכטונג, דאַרפן אין זייער טעטיקייט פּינקטלעך זיך האַלטן באַ די באַשלוסן פונם קאָנגרעס, לויט די אויסטייטשונגען פון די פעדעראַלע

אָדער צענטראַלע פּאַרטיי-אָרגאַנען, און פּאַרעפּנטלעכן זייערע אָפיציעלע מי-טיילונגען.

דער צענטראַל-אָרגאַן פון דער פּאַרטיי קאָן אויפאָדערן דידאָזיקע צייטונגען צו פּצוהיטן די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, אָדער, אויב דאָס וועט נויטיק זיין, פּאָרלייגן דעם קאָנגרעס צו דערקלערן וועגן אייגרייסן מיט זיי אַלע באַציאונגען.

5) די פּאַרלאַמענטישע דעפּוטאַטן קאָנען ניט דעלעגירט ווערן אינדיווידועל אינם צענטראַלן אנפירנדיקן פּאַרטיי-אָרגאַן. זיי דאַרפן דאָרט ווערן פאַרטראָטן דורך אַ קאָלעקטיווער דעלעגאַציע, וואָס איר צאָל באטרעפט א צענטעלעק פון איר צוזאַמענשטעל, אָבער בעשום אויפן ניט ווייניקער פון פינף.

אינם פּאַל, ווען עס וועט געשאַפן ווערן אן אויספיר-קאָמיטעט, קאָנען זיי אין אים ניט באטייליקן זיך.

די פעדעראַציעס האָבן דאָס רעכט צו דעלעגירן אלס אמטלעכע פערזאָנען אינם צענטראַלן אָרגאַן כאַווירים, וואָס וואוינען אין די גרענעצן פון דער פעדעראַציע".

# 18. די אמיענער כאַרטע

(אָקטיאָבר 1906)

„דער קאָנגרעס פון דער אַלגעמיינער אַרבעט-קאָנפעדעראַציע אין דער שטאָט אַמיען באַשטעטיקט דעם צווייטן פּאַראַגראַף פון סטאטוט, וואו עס שטייט: די אַלגעמיינע אַרבעט-קאָנפעדעראציע פאַרייניקט אומאָפּהענגיק פון יעדער פּאָליטישער פּאַרטיי אלע אַרבעטער, וואָס אנערקענען די נויטיקייט צו קעמפן פאַר דער פאַרניכטונג פון דער סיסטעם פון לוין-אַרבעט און קאַפּיטאַל...

דער קאָנגרעס האלט, אז דידאָזיקע באַהויפּטונג באטייט די אנערקענונג פון דעם קאמף פון קלאַסן, וואָס שטעלט איינס קעגן דאָס אנדערע, אַפן עקאָנאָמישן באָדן, די קעמפנדיקע אַרבעטער אנקעגן אלע פאָרמען פון עקספּלואטאַציע און אונטערדריקונג, סאַי מאַטעריעלע, סיי גייסטיקע, וואָס דער קלאַס קאַפּיטאליסטן ווענדט אָן בענויגייע צו דעם אַרבעטער-קלאַס.

אָט די אַלגעמיינע טעאָרעטישע האַנאָכע טייטשט אויס דער קאָנגרעס דורך די ווייטערדיקע פּונקטן:

אין דעם אַלטעגלעכן קאַמף שטרעבט דער סינדיקאַליזם צו ברענגען אין איינשטימונג די אנשטרענגונגען פון די אַרבעטער, צו פאַרגרעסערן דעם וואויל-שטאַנד פון די אַרבעטער דורך דער דערגרייכונג פון באַלדיקע אויסבעסערונגען, דעהאַינע: פּארקירצן דעם אַרבעטס-טאָג, פאַרגרעסערן דעם ארבעט-לוין און אז. וו.

דידאָזיקע אַרבעט אָבער איז נאָר איין זייט פון דעם סינדיקאַליזם; דער סינדיקאַליזם גרייט צו די פולע באפרייאונג פון דעם פּראָלעטאריאט, וואָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורך דער עקספּראָפּריאירונג פון די קאַפּיטאַ-ליסטן; דאָס מיטל צו דערגרייכן דאָסדאָזיקע ציל, האלט דער סינדיקאַליזם, איז דער אַלגעמיינער שטרייק. ער האלט, אז דער סינדיקאט — איצטער א פארבאנד פון קאמף — וועט אין דער צוקונפט ווערן דער אָרגאַן, וואָס האָט צו שאַפן איבער דער פּראָקדוציע און דער צעטיילונג פון פּראָדוקטן, — דער יעסאָד פון דער סאָציאלער איבערבויאונג.

דער קאָנגרעס דערקלערט, אז אָט די צווייפאכע טעטיקייט, — דער אלטעגלעכער קאמף און דער קאמף פאַר דער צוקונפט, — דרינגט ארויס גופא פון דער לאגע פון דעם אַרבעטער, ווי א מענטש, וואָס לעבט פון לוין, — פון דער לאגע, וואס דריקט דעם ארבעטער-קלאס און איז מעכאיעוו אלע אר-בעטער, וואָס פאר א מיינונגען און פּאָליטישע צי פילאָזאָפישע איבערצייגונגען זיי זאָלן ניט האבן, צו געהערן צום סינדיקאט — דערדאָזיקער גרונט פאָרם פון אָרגאניזאציע.

וואָס איז שאיעך איטלעכן יאָכיד באזונדער, אנערקענט דער קאָנגרעס די פולע פרייהייט פאר איטלעכן מיטגליד פון סינדיקאט צו באטייליקן זיך מיכוץ דער פּראָפעסיאָנעלער ארגאניזאציע אין יענער פאָרם פון קאמף, וועלכע שטימט אמערסטן מיט זיינע פּאָליטישע און פילאָזאָפישע מיינונגען, מיטן טנאי, ער זאָל ניט אריינברענגען אין דעם סינדיקאט די מיינונגען, בא וואָ-סערע ער האלט זיך אויסער אים.

וואָס איז שאיעך ארגאניזאציעס, באשטימט דער קאָנגרעס, אז אין די אינטערעסן פון גרעסטן ערפאָלג פון דעם סינדיקאליזם מוז דער עקאָנאָמישער קאמף געפירט ווערן דירעקט קעגן דעם קלאַס באלעבאטים, און די קאָנפעדע-ראלע אָרגאניזאציעס, ווי גרופּעס סינדיקאַלע, דארפן שטיין אויסער פארטייען און סעקטעס, וואָס קאָנען, פון זייער זייט, אומאָפּהענגיק פון די פּראָפעסיאָנעלע ארגאניזאציעס שטרעבן צו סאָציאלע איבערענדערונגען".

## 19. דער סינדיקאליזם און דער אלגעמיינער שטרייק

(דער קאנגרעס אין מארסעל 1892-טן יאָר)

„נעמענדיק אין אַכט:

אַז די פארהאסטע קאַפּיטאַליסטישע אָרגאניזאציע האָט געמאכט פאַר אומעגלעך און אומזיסט אַלע פרידלעכע פּרואוון, וואס די סאָציאַליסטישע דע-מאָקראַטיע האט אונטערגענומען אין מעשעך פון אַ גאנצן האלביאָרהונדערט, אַז די אינטערעסן פון אַרבעט און קאפּיטאל זיינען קעגנזעצלעך אַזוי, אַז אַפילע די אַזויגערופענע ליבעראַלע געזעצגעבער קאָנען זיי ניט באַזייטיקן;

אַז נאָך די צאָלרייכע און נוצלאָזע ווענדונגען צו דער מעלוכע-מאַכט ווענען זיכערן די רעכט אַף עקזיסטענץ און וואוילשטאנד האט די אַלוועלטלעכע און קאָלאָסאַלע אַרבעטער-מישפּאָכע באַקומען אַ טרויעריקע און אַכזאָרישע דערפאַרונג, אַז בלויז די רעוואָלוציע פון אַ ר ב ע ט קאָן זיי געבן עקאָנאָמישע פרייהייט און מאַטעריאַלן וואוילשטאנד,

אַז צווישן די געזעצלעכע מיטלען, וואס געפינען זיך אין די הענט פון די ארבעטער, איז פאַראן איינס, וואס דארף, ווען עס ווערט פראקטיש און דרייסט אויסגענוצט, ברענגען צו אַן עקאָנאמישער איבערקערעניש און צום טריומף פון די געזעצלעכע שטרעבונגען פונם פּראָלעטאריאַט;

אַז דאסדאזיקע מיטל איז דאס אַלגעמיינע און איינצייטיקע אָפּשטעלן די אַרבעט אין אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע, ד. ה. דער אלגעמיינער שטרייק, וואס וועט ווען ער וועט אַפילו באגרענעצן מיט אַ קורצן צייט-פּעריאָד, אומפאַרמיידלעך פירן די אַרבעטער-פּארטיי צום טריומף פון אירע פאָדערונגען,

נעמט דער קאָנגרעס אָן דעם פּרינציפּ פונם אַלגעמיינעם שטרייק און לאַדט איין די פעדעראציע פון די ארבעט-בירזשעס פארשפרייטן און פּראָפּאַגאנדירן צווישן די אַרבעטער די אידייע פונם אַלגעמיינעם שטרייק".

# 20. די באַציִאונג פון די סינדיקאליסטן צו פּאָליטיק

(קאנגרעס אין ניצא אין 1901 יאר)

„נעמענדיק אין אַכט, אַז דער פאָרשלאג, וואס באשטייט אין דעם אַז מע זאל פאראייניקן די סינדיקאַלע באוועגונג מיט דער פּאָליטישער, וועט האבן אַלס פּאָלג די צעטיילונג פון אונזערע רייען אַף פונקט אַזויפיל פראקציעס, וויפל פּאָליטישע פארטייען עס עקזיסטירן,

אַז דער סינדיקאט וואָלט ניט אנטשפּראָכן זיין עמעסער ראָלע, וואס באַשטייט אין דעם, אַז ער זאָל גרופירן אַלע עקספּלואטירטע אָן אונטערשייד פון ראַסע, נאַציאָנאליטעט, פילאָזאָפישן און רעליגיעזן געדאנק און פּאָליטישע מיינונגען,

באַשטימט:

אַז די סינדיקאלע באוועגונג דארף אָפּהיטן איר אייגן לעבן און ווענדן אינגאנצן איר טעטיקייט אַף אויסצופירן א אייגענע ראָלע, אומעטום דערקלערן זיך אויסער יעדן פּאָליטישן איינפלוס, און, כוץ דעם, געבן די באזונדערע מיטגלידער דאס רעכט צו באטייליקן זיך אין יענער פאָרם פון פּאָליטישן קאמף, וועלכע זיי האלטן פאר מער צוועקמעסיק".

# די ענגלישע אַרבעטער - באַוועגונג

## 21. די פּראָגראַם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פעדעראַציע (טעאָרעטישער טייל)

(געגרינדעט אין 1893-טן יאָר)

„די סאָציאַליזירונג פון די פּראָדוציר-, פאַרטיילונג- און אויסטויש-מיטלען אונטערן קאָנטראָל פון אַ דעמאָקראַטישער מעלוכע אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און די פולשטענדיקע באַפרייאונג פון דער אַרבעט פון אונטער דער הערשאַפט פונם קאַפּיטאַליזם און לענדלאָרדיזם (גרויסע ערד-באַזיצערײַ) און דאָס איינשטעלן סאָציאַלע און עקאָנאָמישע גלײַכהייט צווישן ביידע געשלעכטן.

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, ווערט כאַראַקטעריזירט דורך דער מער אָדער ווייניקער פולשטענדיקער הערשאַפט פונם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר-אופן אין אַלע צווײַגן פון דער מענטשלעכער אַרבעט.

דער קאַפּיטאַליסטישער אופן, וואָס זײַן איינציקער ציל איז צו שאַפן רעוואָכים, איז גיגאַנטיק פאַרן גרויס-קאַפּיטאַל און איז געגרינדעט אַפן אָפּטיילן די מערהייט פאָלק פון די פּראָדוציר-מיטלען און אַף דער קאָנצענטרירונג פון דידאָזיקע מיטלען אין די הענט פון דער מינדערהייט. אַזוי אַרום טיילט זיך איין די געזעלשאַפט אין צוויי קעגנזײַטלעכע קלאַסן: איינער—די קאַפּיטאַ-ליסטן און זייערע שווייגנדיקע כאַווײרים — די גרויסע ערדבאַזיצער און וואָכערס, וואָס האַלטן אין זייערע הענט די פּראָדוציר-פאַרטיילונג און אויסטויש-מיטלען, און וואָס האָבן דעריבער די מעגלעכקייט זיך שאַפן מיט יענעמס אַרבעט; דער צווייטער-קלאַס — דער אַרבעטער-קלאַס, די לוין-אַרבעטער — דער פּראָלעטאַ-ריאַט, וואָס האָט גאָרניט, אַכוץ זײַן אַרבעט-קראַפט, און וואָס איז דעריבער געצוואונגען אַף אַ נויטוועגדיקן אופן צו אַרבעטן אַפן ערשטן קלאַס.

די סאָציאַלע פאַנאַנדערטיילונג, וואָס איז אַזוי אַרום געשאַפן געוואָרן, ווערט ברייטער און טיפער בײַ יעדן נײַעם פּראָגרעס אין דער אָנווענדונג פון די מאַשינעס, וואָס שפּאָרן איין די אַרבעט. באַזונדערס שאַרף ווײַזט זי זיך אַרויס אין די פּעריאָדן פון אינדוסטריעלע און האַנדל-קריזיסן, ווען צוליב די מאָדערנע כאַאָטישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס ווערט געפירט די נאַציאָ-נאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אינדוסטריע, קומט פּעריאָדיש אָן אין דער פּראָ-דוקציע אַ שטילשטאַנד, און אַ געוויסער טייל פון די ניט פיל פאַרבליבענע זעלבשטענדיקע פּראָדוצירער ווערט אַרײַנגעוואָרפן אין די רייען פונם פּראָלע-טאַריאַט.

הייסט עס, אין דער צייט, ווען פון איין זייט קומט פאָר אַן אָנאויפ-

הערלעכע אנזאמלונג פונם קאַפּיטאַל, רייכטום און קויכעס אין די הענט פון אַ גרופּע מענטשן, וואס האלט זיך אין איין פאַרקלענערן, מערקט זיך פון דער צווייטער זייט אַן אלץ וואַקסנדיקע ניט פאַרזאָרגטקייט פון דער עקזיסטענץ פון די מאַסן לוין-אַרבעטער, און אלץ וואַקסנדיקע דיסהארמאָניע צווישן די מענטשלעכע באַדערפעניש און דער אומעגלעכקייט צו דערווערבן מיטלען פאַר זייער באַפרידיקונג און אַ קעסיידערדיקע פיזישע און גייסטלעכע דעגענעראַציע צווישן דעם טייל באַפעלקערונג, וועמען עס האט מער פאַר אלעמען געטראָפן די נויט.

אָבער וואס מער עס פאַרברייטערט זיך אָט דער סאָציאַלער טעהאָם, אלץ מער וואַקסט די אויפרעגונג פונם פּראָלעטאַריאַט, וואס איז אין אַנדערע לענדער מער באַוואוסטזיניק איידער בא אונז, קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג פון דער געזעלשאַפט, וואו עס זיינען אַנטשטאַנען און געפינען אַזאַ פרוכטבארן באָדן דער סאָציאַלער אַנטאַגאָניזם אין אַלע זיינע פאָלגן. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוציר-אויפן, וואס פאַרייניקט מאַסן אַרבעטער אין די גרויסע פאַבריקן און שאַפט אַ קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט ניט נאָר צווישן די פאַרשיידענע פּראָדוקציעס און אינדוסטריע-צווייגן אינעווייניק אין לאַנד, נאָר אַפילע צווישן די נאַציאָנאַלע אינדוסטריעס פון די באַזונדערע נאַציעס, גרייט צו דעם באָדן און גיט מאַטעריאַלן פאַרן אַלוועלטלעכן קלאַסנקאַמף. אָט דער קלאַסנקאַמף קאָן געווענדעט ווערן, אַזוי ווי אין אונזער לאַנד, פריער קעגן די מיסברויכן פון דער סיסטעם, אָבער ניט קעגן דער סיסטעם גופע; אָבער פריער אָדער שפּעטער ווען די אַרבעטער פאַרשטיין, אַז קיין אַנדערע מאָס-מיטלען, אַכוץ דער עקספּראָפּריאירונג פונם קאַפּיטאַליסטן-קלאַס, אַכוץ דאָס איבערגעבן דער געזעלשאַפט דאָס אייגנטום-רעכט אָף די פּראָדוציר-פאַרטיילונג און אויסטויש-מיטלען, קאָנען ניט מאַכן קיין סאָף צו זייער שרעקלעכער עקאָנאָמישער לאַגע; און דאַן וועט דער קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס פאַרוואַנדלט ווערן פון אַן אומבאַוואוסטזיניקן אין אַ באַוואוסטזיניקן, און דער ענדגילטיקער ציל פונם פּראָלעטאַריאַט וועט זיין אַראָפּצוּוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. אין דערזעלבער צייט דאַרף דער קלאַסנקאַמף, אַדאַנק דעם, וואס דער קאַפּיטאַליסטן-קלאַס האלט אין זיינע הענט און באַנוצט זיך מיט דער מעלוכע-מאַכט אָף אָפּצוהיטן זיין לאַגע און אָף אָפּצושלאָגן אַלע אָנגריפן אָף אים, — אָננעמען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאַמף פון די אַרבעטער פאַר דעראָבערן דעם פּאָליטישן מעכאַניזם.

און אָט דעם קאַמף אָף צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מעלוכע-מאַכט מיטן ציל גרינטלעך איבערצובויען די סאָציאַל, פירט אין נאָמען פונם אַרבעטער-קלאַסן און אין זיינע אינטערעסן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דעריבער איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע די איינציקע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואס איז מעגלעך פאַרן פּראָלעטאַריאַט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פעדעראַציע איז אַ טייל פון

אַט דער וועלטלעכער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. הייסט עס, זי האַלט זיך בײַ די אויסגערעכנטע פּרינציפּן און גלויבט:

1) אַז די באַפרייאונג פונעם אַרבעטער-קלאַס קאָן נאָר דערגרייכט ווערן דורך דער סאָציאַליזירונג פון די פּראָדוציר-פּאַרטיילונג און אויסטויש-מיטלען און דורך אַ נאָכקאָנטראָל איבער זיי מיצאַד דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט אין די אינטערעסן פונעם גאַנצן פאָלק;

2) אַז אַזוי ווי דער פּראָלעטאַריאַט איז דער לעצטער קלאַס, וואָס דאַרף דעראָבערן די פרייהייט, וועט זיין באַפרייאונג באַדייטן די באַפרייאונג פון דער גאַנצער מענטשהייט, אָן אונטערשייד פון ראַסע, נאַציאָנאַליטעט, גלויבן און געשלעכט;

3) אַז די דאָזיקע באַפרייאונג קאָן זיין בלויז די זאַך פונעם אַרבעטער-קלאַס גופא, וועלכער איז אָרגאַניזירט, סײַ אין אַ נאַציאָנאַלע, סײַ אויך אין אַ אינטערנאַציאָנאַלע באַשטימטע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס שטרעבט באַוואוסט-זיניק צו פאַרווירקלעכן זייערע אידעאַלן, און, ענדלעך;

4) אַז קעדיי צו געבן דעם אַרבעטער-קלאַס אַ מאַטעריעלע און גייס-טיקע מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן זיך פאַרן קלאַסנקאַמף, דאַרפן טייקעף דורכ-געפירט ווערן די רעפאָרמעס"...

## 22. פּראָגראַם פון דער ענגלישער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער-פּאַרטיי (1903—1904-טן יאָר)

(די פּאַרטיי איז געגרינדעט אין 1892—1893-טן יאָר)

„ד ע ר  נ אָ מ ע ן. אומאָפּהענגיקע אַרבעטער-פּאַרטיי.

ד ע ר  צ וו ע ק. אַן אינדוסטריעלע רעפּובליק אַפן יעסאָד פון סאָציאַלי-ליזירונג פון ערד און קאַפּיטאַל.

ד י  מ י ט ל ע ן. דערציען די געזעלשאַפט אַף די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם.

פּראָפעסיאָנעל און פּאָליטיש אָרגאַניזירן די אַרבעטער.

אומאָפּהענגיקע פאָרשטייערשאַפט פון די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן אין אַלע געוויילטע אינסטיטוציעס.

### ד י  פּ ר אָ ג ר אַ ם

אַזוי ווי דער עמעסער צוועק פון אינדוסטריע איז צו פּראָדוצירן אַלץ וואָס איז נויטיק צום לעבן, דאַרף עס די געזעלשאַפט נעמען אַף זיך קאָלעק-טיוו, און דעריבער איז אַזוי:

די ערד, ווי דער אויצער פון אַלע עלעמענטן וואָס זיינען נויטיק צום

לעבן, דאַרף אנערקענט ווערן און עקספּלואַטירט ווערן ווי א געזעלשאַפטלעך-אייגנטום,

דער קאַפּיטאַל, וואָס איז נויטיק צוליב אינדוסטריעלע טעטיקייט, דאַרף זיין אין קאָהאַלשן רעשוס און באַנוץ,

די אַרבעט און די פּראָדוקטן איר — דאָס רייכטום — דאַרפן זיין ריכטיק פאַנאַנדערגעטיילט צווישן דער באַפעלקערונג.

אַלס מיטלען, וואָס פירן צום דאָזיקן ציל פאָדערן מיר דורכצופירן:

1. אַ מאַקסימאַלן אַכט-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג, אַרבעטן 6 טעג אין וואָך, איינהאַלטנדיק אַלע עקזיסטירנדיקע יאָנטויוויס, און איינשטעלן דורכן געזעץ דעם יאָנטעוו פון 1-טן מאַי.

2. געבן אַרבעט אַלע אַרבעטפעאיקע דערוואַקסענע לויט דער טאַקסע פון סכירעס, וואָס די טרעד-יוניאָנס שטעלן איין, מיט אַ מינימום פון 6 פענס אַ שאָ.

קעדיי צו שאַפן אַרבעט פאַר אַלע וואָס ווילן, דאַרפן די דאַרפישע געגנטלעכע ראַטן, די ראַטן פון די שטעטלעך און גראַפשאַפטן האָבן אַ רעכט:

אַ) צו אָרגאַניזירן אַזעלכע ווירטשאַפטלעך-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זיי געפינען פאַר געוואָרנשן;

ב) קריגן ערד דורך צוואַנג-מיטלען; קויפן, בויען און פאַרטיק מאַכן בינ-יאָנים, שפּייכלערס און פּראָדוציר-געצייג פאַר די אַנגעוויזענע אונטערנעמונגען;

ג) באַשטייערן די ווערטזאַכן אין דער געגנט וואָס טראָגן אַריין האַכנאָסע, לייען געלט פאַרלייגנדיק, פאַר אַ מאַשקן די דאָזיקע שטייערן, צוליב די אויבנ-דערמאָנטע צילן.

3. מעלוכע-פענסיעס פאַר אַלעמען, וואָס זיינען עלטער פון 50 יאָר און זאָרגן פאַר אַלע אַלמאָנעס, יעסוימים, קראַנקע און ניט אַרבעטספּעאיקע אַרבעטער.

4. פרייע וועלטלעכע אָנפאַנג-בילדונג, מיטל- און הויך-בילדונג מיט אום-זיסטן אויסהאַלט אין שול און אוניווערסיטעט.

5. העכערן דעם עלטער פון קינדער-אַרבעט, קעדיי ענדגילטיק צו פאַר-ניכטן עס.

6. מוניציפּאַליזירונג און געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל איבערן פאַרקויף פון ספּירט געטראַנקען.

7. מוניציפּאַליזירונג און געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל איבער אַלע שפּי-טאָלן און הייל-אַנשטאַלטן.

8. אָפּשאַפן די אומדירעקטע שטייערן און ביסלעכווייז אַריבערטראָגן די גאַנצע שווערקייט פון באַשטייערונג אויף ניט-אַרבעט-האַכנאָסעס, קעדיי ענד-גילטיק צו פאַרניכטן זיי.

די אומאָפּהענגיקע אַרבעטער-פּאַרטיי שטייט פאַר יעדן פאָרשלאַג, וואָס פאַרברייטערט דאָס וואַלרעכט פאַר מענער און פרויען און וואָס דעמאָ-קראַטיזירט די סיסטעם פון פאַרוואַלטונג."

## 23. די פרינציפּן פון דער פּאַביאַנער-געזעלשאַפט

„די פּאַביאַנער געזעלשאַפט באַשטייט פון סאָציאַליסטן.

דעריבער שטרעבט זי צו אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט דורך באַפרייען די ערד און דעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל פון דער הערשאַפט פונם פּערזענלעכן און קלאַסן-אייגנטום און דורך איבערגעבן זיי דער גאַנצער געזעלשאַפט לע-טויוועס האַקלאַל. בלויז אַף אַזאַ אויפן קאָנען די נאַטירלעכע און באַקומענע פּריווילעגיעס פונם לאַנד יוישערדיק צעטיילט ווערן צווישן דעם גאַנצן פאָלק.

בעהעסקעם מיט דעם, שטרעבט די געזעלשאַפט פאַרניכטן דעם פּריוואַט-אייגנטום אַף דער ערד און, וואָס עס דרינגט דערפון אַרויס, די אינדיווידועלע צואייגענונג אין דער פאָרם פון רענטע, פון סומען וואָס ווערן באַצאָלט פאַר דער דערלויבעניש זיך באַנוצן מיט דער ערד, און פאַר די נוצן, וואָס מע באַקומט פון בעסערן באָדן און פון דער דיספּאָזיציע פון די ערד-פּלעצער.

ווייטער שטרעבט די געזעלשאַפט איבערצוגעבן אין די הענט פון דער געזעלשאַפט אַזוינע אינדוסטריע-קאַפּיטאַלן, וואָס קאָנען באַקוועם עקספּלואטירט ווערן אַף סאָציאַלע יעסוידעס. עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס צוליב דער מאָנאָפּאָל אַף די פּראָדוציר-מיטלען אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן די אינ-דוסטריעלע דערפינדונגען און דאָס פאַרוואַנדלען דעם הויסאָפּע-פּארדינסט אין קאַפּיטאַל באַרייכערט הויפּטזעכלעך בלויז דעם קלאַס אייגנטימער, און די ארבעטער זיינען איצט אָפּהענגיק פון אָט דעם קלאַס אין דער מעגלעכקייט צו פאַרדינען עקזיסטענץ-מיטלען.

אויב דידאָזיקע מאָסמיטלען וועלן דורכגעפירט ווערן אָן אויסקויף (האַגאַם די עקספּראָפּריאירטע פּערזאָנען זאָלן באַקומען אַ געוויסע קאָמפּענסאַציע, וועלכע וועט אויסזען פּאַסיק פאַר דער געזעלשאַפט), וועלן די רענטע און די פּראָצענטן צוגערעכנט ווערן צום אַרבעטס-לוין; דער ניט אַרבעטנדיקער קלאַס, וואָס לעבט איצט פון פרעמדער האָרעוואַניע, וועט אַף אַ נויטווענדיקן אויפן פאַרשוואונדן ווערן, און איינע און דיזעלבע גלייכהייט פון די לעבנס-פּערספּעקטיוון וועט אונטערשטיצט ווערן דורך דער ספּאָנטאַנער ווירקונג פון די עקאָנאָמישע קויכעס, באַ אַסאַך אַ קלענערן אריינמישן זיך אין דער פּערזענ-לעכער פרייהייט, ווי דאָס קומט פאַר באַ דער עקזיסטירנדיקער סיסטעם.

קעדיי צו דערגרייכן דידאָזיקע צילן, האָט די פּאַביאַנער געזעלשאַפט בעדייע צו פאַרשפּרייטן די סאָציאַליסטישע אָנשויאונגען און שטרעבט צו די סאָציאַלע און פּאָליטישע רעפאָרמעס, וואָס זיינען מיט זיי פאַרבונדן. זי סטאַ-רעט זיך דורכצופירן דידאָזיקע רעפאָרמעס דורך דער אַלגעמיינער פאַרשפּריי-טונג פון יעדיעס וועגן די באַציאונגען פון דער פּערזאָן צו דער געזעלשאַפט און אירע עקאָנאָמישע, עטישע און פּאָליטישע אויסדריקן.

די פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט דריקט זיך איצט אויס אין אָט די פאָרמען:

1. פֿאַרזאַמלונגען אַף צו באַהאַנדלען די פֿראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום סאָציאַליזם.

2. אַנאַליזירן ווייטער די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און זאַמלען פֿאַקטן, וואָס העלפֿן מיט זייער קלאָר מאַכן.

3. ארויסגעבן בראָשורן, וואו עס ווערן געגעבן יעדיעס וועגן סאָציאַלע פֿראַגן און עס ווערן געגעבן די אַרגומענטן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום סאָציאַליזם.

4. מיטהעלפֿן די סאָציאַליסטישע פּאַרטראגן און דעבאַטן אין אנדערע געזעלשאַפֿטן און קלובן.

5. ארויסטרעטן אין נאָמען פֿון דער געזעלשאַפֿט אַף עפֿנטלעכע קאָנפֿערענצן און דיסקוסיעס איבער סאָציאַלע פֿראַגן.

די געזעלשאַפֿט ווערבירט אָנהענגער אין אַלע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, ווייל זי רעכנט, אַז ניט נאָר די פּערזאָנען, וואָס ליידן פֿון דער איצטיקער סיסטעם, נאָר אויך די, וואָס האָבן פֿון איר נוצן, זעען די גאַנצע מאַסע עקזיסטירנדיקע סאָציאַלע בייזן און וואָלטן באַגריסט זייער באזייטיקונג.״

# 24. די פּרינציפּן פֿון דער „אַרבעטער-פּאַרטיי״

(אויסצוגן פֿונם סטאַטוט)

„1. דער רעפּרעזענטיר-קאָמיטעט פֿון די אַרבעטער איז אַ פֿעדעראַציע, וואו עס גייען אריין די טרעיד-יוניאָנס און זייערע פֿאַריייניקונגען, די אומאָפּהענגיקע אַרבעטער-פּאַרטיי און די פֿאַביאַנער-געזעלשאַפֿט. די קאָאָפּעראַטיוון ווערט געגעבן דאָס רעכט צוצושטיין צו אים.

2. דער ציל פֿונם קאָמיטעט איז אייַנצושטעלן א אייַנהייט אין די פּאָליטישע אַקציעס מיצאַד די אָנגערופֿענע אָרגאַניזאַציעס און אויך דורכצופֿירן בא די וואלן יענע קאַנדידאַטן פֿון אירע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע וועלן זיך פֿאַרפֿליכטן: צו שאַפֿן אין פּאַרלאַמענט א באַזונדערע פֿראַקציע; האָבן אייגענע סעקרעטאַרן און אַן אייגענע פּאָליטיק איבער די פֿראַגן פֿון אַרבעט; ניט פֿאַרזעלביקן די אינטערעסן פֿון דער ליבעראַלער אָדער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי מיט די אייגענע און ניט מיטהעלפֿן זיי; ניט אָפּאָנירן די קאַנדידאַטן, וואָס ווערן ארויסגעשטעלט דורכן קאָמיטעט. אַלע אזוינע קאַנדידאַטן דאַרפֿן זיך פֿאַרפֿליכטן אָנצונעמען אָט די קלאָלים, אונטערוואַרפֿנדיק זיך די באַשלוסן פֿון דער פֿראַקציע (אין קעגנפֿאַל אַנטזאגן זיך פֿון די פֿולמאַכטן) און ארויסטרעטן קעגן זייערע ווײַלער אויסשליסלעך אַלס אַרבעטער-קאַנדידאַטן״.

## 25. דער סטאַטוט פונם פאַריין פון די גאַז-אַרבעטער

(1889 יאָר)

„1) דער ציל פונם דאָזיקן פאַריין באַשטייט אין פאַרקירצן דעם אַרבעטס-טאָג, זיך דערשלאָגן אַן 8-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג, אָדער 48 שאָ אין וואָך, וואָס זאָל זיין איינגעשטעלט דורכן געזעץ, 2) פאַרניכטן, וואו עס איז נאָר מעגלעך די איבערשאָעדיקע און זונטיקדיקע אַרבעט און, וואו עס איז מעגלעך, — זיך דערשלאָגן אַ העכערע באַלוינונג פאַר איר; 3) פאַרניכטן שטיק-אַרבעט; 4) העכערן דעם אַרבעטס-לוין און אויסגלייכן דעם אַרבעטס-לוין פון די פרויען, וואו זיי פילן אויס דיזעלבע אַרבעט, ווי די מענער; 5) פאַרניכטן די איצטיקע סיסטעם פון קאָנטראַקטן און אָפּמאַכן צווישן די אונטערנעמער און די אַרבעטער; 6) אויסגלייכן די סיכסוכים מיט די באַלעבאַטים מיר דער הילף פון פלאַנישע אָפּמאַכן שטענדיק, ווען דאָס איז מעגלעך; 7) זיך דערשלאָגן די גלייכהייט פון די אונטערנעמער און די אַרבעטער פאַרן געזעץ; 8) זיך דערשלאָגן געזעצן אַף צו פאַרבעסערן די וואוינונגס-באַדינגונגען פונם אַרבעטער-קלאַס; 9) זיך דערשלאָגן דאָס אויסוויילן מיטגלידער אין די פאַראָפישע, אָפּעקונישע און שול-ראַטן, אין די מוניציפּאַליטעטן און אין פאַרלאַמענט, ביטנאַי, אַז די קאַנדידאַטן זאָלן זיך פאַרפליכטן צו שטיין פאַרן קאָלעקטיוון אייגנטום פון די פּראָדוציר-, פאַנאַנדערטייל- און אויסטויש-מיטלען; 10) אָפּלייגן יעדן יאָר אַ סומע (מאַקסימום 2000 פ. ס.), וואָס איז באַשטימט אויסשליסלעך אַף די הויצאָעס פון אויסוויילן און אויסהאַלטן די מיטגלידער פון די עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען פון די פאָרשטייער; 11) העלפן די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן דיזעלבע צילן, וואָס דער פאַריין."

## דער II אינטערנאַציאָנאַל

## 26. די אָרגאַניזירונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ

(באַשטימונג פונם פאַריזער קאנגרעס אין 1900 יאָר)

„דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין פאַריז, נעמענדיק אין אכט:

אַז פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, וואָס זיינען פאָרויס באַשטימט געוואָרן צו ווערן מיט דער צייט דער פאַרלאַמענט פונם פּראָלעטאַריאַט, איז

נויטיק אָנצונעמען באַשטימונגען, וואָס זאָלן אָנמערקן דעם פּראָלעטאַריאַט דעם וועג אין זיין באַפרייאונגס-קאַמף;

אַז דידאָזיקע באַשטימונגען דאַרפן אלס רעזולטאַט פונם אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך צונויפגעשטעלט ווערן אין דער פאָרם פון אַקטן, —

באַשטימט אָנצואווענדן אָט די מאָסמיטלען:

1. אויסוויילן ווי וויית מעגלעך שנעלער אַן אָרגאַניזיר-קאָמיטעט מיט דער הילף פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון יענעם לאַנד, וואו עס איז באַשטימט דער פאָלגנדיקער קאָנגרעס;

2. שאַפן אַ שטענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָמיטעט, צונויפגעשטעלט פון דעלעגאַטן — צו איינעם פון יעדן לאַנד, און וואָס באַזיצט די נויטיקע מיטלען. דער קאָמיטעט באַשטעטיקט דעם טאָג-סדר פונם פאָרשטייענדיקן קאָנגרעס און פאַדערט ארויס פאָרטראַגן פון די באַפולמעכטיקטע פון יעדער נאַציע, וואָס באַטייליקן זיך אינם קאָנגרעס.

3. דערדאָזיקער קאָמיטעט וויילט אויס אַן אַלגעמיינעם באַצאָלטן סעקרעטאר, וואָס ווערט פאַרפליכטעט:

א) צושטעלן די נויטיקע אינפאָרמאַציעס;

ב) צונויפשטעלן אַ דערקלערנדיקע זאַמלונג פון די באַשטימונגען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אַף די פריערדיקע קאָנגרעסן;

ג) פאַנאַנדערטיילן די פאָרטראַגן וועגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון יעדן לאַנד מיט צוויי כאַדאָשים פריער פאַרן נייעם קאָנגרעס;

ד) צונויפשטעלן אַן אלגעמיינעם איבערבליק פון די צוגעשטעלטע פאָרטראַגן וועגן די פראַגן, וואָס דארפן באַהאַנדלט ווערן דורכן קאָנגרעס;

ה) פון צייט צו צייט אַרויסגעבן בראָשורן און מאַניפעסטן וועגן די מאדערנע און אַלגעמיין אינטערעסאַנטע פראַגן, מעקויעך די גרעסערע רעפאָרמעס, און אויך מעקויעך די אויספאָרשונגען וועגן די וויכטיקסטע פאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן;

ו) אָנעמען די נויטיקע מאָסמיטלען אַף צו פאַרלייכטערן די געמיינזאַמע אַקציעס און די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזירונג פונם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער.

די שטענדיקע אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ און דער אלגעמיינער סעקרעטאַר וועלן זיך געפינען אין בריוסעל.

די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ דאַרף אויפאָדערן פון די פאַרלאמענטאַרישע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, עס זאָל אָרגאַניזירט ווערן א ספּעציעלע אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע, קעדיי צו פאַרגרינגערן די מעגלעכקייט פון אלגעמיינע טאַטן איבער וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע און פאָליטישע פראַגן.

דידאָזיקע קאָמיסיע וועט זיין פאַרייניקט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ.

דעם אינטערנאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, וואָס געפינט זיך אין בריוסעל, ווערט איבערגעגעבן צו אָרגאַניזירן אינטערנאַציאָנאַלע ארכיוון איבער די פראגן פון סאָציאַליזם, קאָנצענטרירנדיק אין זיי ביכער, דאָקומענטן, באַריכטן, וואָס האָבן א שייכות צו דער אַרבעטער-באַוועגונג פון פאַרשיידענע לענדער.

## 27. דער סטאַטוט פון די קאָנגרעסן און פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראַ פונם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל

(אָנגענומען פונם שטוטגאַרטער קאָנגרעס)

„I. צו די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן ווערן דערלאָזט

א. אַלע פאַרייניקונגען, וואָס זיינען מאַסקים מיט די הויפּט-יעסוידעס פונם סאָציאַליזם: מיט דער סאָציאַליזירונג פון די פּראָדוציר- און אויסטויש-מיטלען; מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרייניקונג און האנדלונג פונם ארבעטער-קלאַס; מיטן דעראָבערן די מעלוכע-מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אַ קלאַסן-פּאַרטיי.

ב. אַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אפן באָדן פונ-קלאַסן-קאַמף און אנערקענען די נויטיקייט פון פּאָליטישער און מעמיילע פום געזעצגעבערישער און פּאַרלאַמענטישער טעטיקייט, נאָר וואָס נעמען ניט קיין דירעקטן אנטייל אין דער פּאָליטישער באַוועגונג (פּאַריזער קאָנגרעס 1900 יאָר).

II. א. די פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע פון יעדן לאַנד בילדן אַ סעקציע, וואָס לייזט די פראַגע וועגן דערלאָזן אַלע פאַרייניקונגען און אָרגאַניזאַציעס פון די פאַראַנענע דאָרט נאַציאָנאַליטעטן.

די פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע, וואָס זיינען ניט דערלאָזט געוואָרן דורך דער געהעריקער סעקציע, האָבן רעכט צו אַפּעלירן צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, וועלכע איז די לעצטע אינסטאַנץ צו לייזן דידאָזיקע פראַגע;

ב. דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פון יעדער סעקציע אָדער, אינם פאַל ווען אַזאַ סעקציע איז ניטאָ, דער סעקרעטאַריאַט פון יעדער אָנגעשלאָסענער פּאַרטיי דאַרף פאַנאַנדערשיקן איינלאַדונגען צו באַטייליקן זיך אינם קאָנגרעס די סאָציאַליסטישע ארגאַניזאַציעס און אַנדערע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס און מיטיילן זיי די באַשלוסן, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ האָט אָנגענומען.

ג. דער טעקסט פון אַלע פאָרשלאָגן דאַרף צוגעשטעלט ווערן דער ביוראָ מיט פיר כאַדאָשים פריער איידער עס ווערט פעסטגעשטעלט דער טערמין, ווען עס קלייבט זיך צונויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס, און אין אַ כוידעש אַרום נאכן באַקומען אים דאַרף ער פאַנאַנדערגעשיקט ווערן צו די סעקציעס.

נייע פאָרשלאָגן, וואָס זיינען ניט צוגעשטעלט געוואָרן אין דער איינגע-שטעלטער אָרדענונג, ווערן ניט אָנגענומען, ניט פאַנאַנדערגעשיקט און דאַרפן ניט באַהאַנדלט ווערן, מיטן אויסנאם פון עקסטרע פאַלן. דער אינטערנאַציאָ-נאלער סאָציאַליסטישער ביוראָ אַליין בלויז איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו אורטיילן וועגן די עקסטרע פאָרשלאָגן, אָבער אויסבעסערונגען און רעזאָ-לוציעס דאַרפן אַריינגעטראָגן ווערן אין אַ שריפטלעכער פאָרם דער אינטער-נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, וועלכע באַשליסט צי זיינען די אויסבע-סערונגען אָנעמבאַר אָדער ניט אָנעמבאר און צי ווערן ניט געמאַכט פרואוון אַריינצוטראָגן נייע פאָרשלאגן אונטערן אויטרייד פון אויסבעסערונגען.

III. דער אויפן פונם שטימען אַף די אינטערנאַציאָנאלע קאָנגרעסן איז אַזאַ:

א. דאָס שטימען קומט פאַר דורך אויפהויבן די הענט. דאָס ווערט געמאַכט לויט די נאַציאָנאַליטעטן, אויב דריי סעקציעס פון די, וואס זיינען אַף אים פארטראָטן, וועלן אַרויסזאָגן אַזאַ וואונש.

ב. יעדע סעקציע באַקומט אַ געוויסע צאָל שטימען אין די גרענעצן פון 2 ביז 20, לויטן צעטל, וואָס דאַרף צונויפגעשטעלט ווערן פון דער ביוראָ, וואָס פונקציאָנירט אין 1906—1907 יאר. דערדאָזיקער צעטל דאַרף איבער-געקוקט ווערן פעריאָדיש אָדער לויט די אומשטענדן.

ג. פאַר יעדער סעקציע ווערט פעסטגעשטעלט די צאָל שטימען, וואָס איר קומט:

א) לויט דער צאָל צאָלנדיקע מיטגלידער אירע, נעמענדיק אין אַכט די צאָל איינוואוינער;

ב) אָפּהענגיק פון דער וויכטיקייט פון דער נאַציאָנאליטעט.

ג) אָפּהענגיק פון דער קראפט פון די סאָציאַליסטישע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן;

ד) אָפּהענגיק פון דער פאָליטישער קראפט פון די סאָציאליסטישע פאר-טייען אָדער פון די פארטייען.

די אָנגעהעריקייט פון די צאָלער דאַרף דערוויזן ווערן מיט אלע דאָקו-מענטן און קאַבאָלעס, וועלכע די ביוראָ קאָן פאדערן.

די סעקציע דאַרף פאַרטיילן די צאָל שטימען, וואָס קומט אויס אַף יעדער סעקציע. אין די פאַלן, ווען די אַלגעמיינע צאָל פאַרטייען און אָרגאַ-ניזאַציעס, וואָס שטעלן צונויף די סעקציע, קאָן ניט קומען צו א פאַרשטענ-

דעניש וועגן פֿאַרטיילן די שטימען, מאַכט דידאָזיקע פֿאַנאַנדערטיילונג די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ.

IV. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט אָפֿן גרונט פֿון דער פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון די נאַציאָנאַלע סעקציעס אַף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, פֿירט דורך די אויפֿגאַבן פֿון דידאָזיקע קאָנגרעסן. יעדע סעקציע קאָן שיקן צוויי באַפֿולמעכטיקטע דעלעגאַטן אין דער ביוראָ. די דעלעגאַטן קאָנען פֿאַרביטן ווערן מיט שטעלפֿאַרטרעטער, וואָס זיינען באַפֿולמעכטיקט פֿון די אָנגעשלאָסענע פֿאַרטייען.

V. די ביוראָ האָט אַ שטענדיקן סעקרעטאַר, וואָס זיינע פֿונקציעס זיינען באַשטימט פֿונם פּאַריזער קאָנגרעס אין 1900 יאָר. דער סעקרעטאַריאַט געפֿינט זיך אין בריוסעל, און די בעלגישע דעלעגאַציע פֿילט אויס די פֿליכטן פֿונם אויספֿירקאָמיטעט;

VI. די אָפּצאָלן פֿון יעדער אָנגעשלאָסענער פֿאַרטיי ווערן אויפֿגעמאָנט אין יאַנוואַר פֿון יעדן יאָר לויטן צעטל, וואָס די ביוראָ דאַרף צונויפֿשטעלן פֿון צייט צו צייט."

# 28. דער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל און די נאַציאָנאַלע פֿאַרטייען

(פּאַריז 1889 יאָר)

„דער קאָנגרעס דערקלערט:

1. אַז עס דאַרף איינגעשטעלט ווערן אַ קעסיידערדיקע פֿאַרבינדונג צווישן די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון די פֿאַרשיידענע לענדער; אָבער דידאָזיקע פֿאַרבינדונג דאַרף בשום אופֿן ניט שאַדן דער אומאָפּהענגיקייט פֿון די אָרגאַניזאַציעס פֿון די באַזונדערע לענדער, ווייל דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען די בעסטע ריכטער אין די טאַקטישע פֿראַגן פֿון זייער לאַנד.

2. אַז מע דאַרף זיך ווענדן צו די סינדיקאַלע פֿאַלאַטעס און קאָרפּאַראַטיווע גרופּן מיטן פֿאָרשלאַג צו פֿאַראייניקן זיך לויט די נאַציאָנאַליטעטן און אינם אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

3. אַז עס איז נויטיק ארויסצוגעבן אַן אינטערנאַציאָנאַלן ביולעטען (אינפֿאָרמיר-בלעטל) אַף עטלעכע שפּראַכן אַף צו שטודירן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿון די פֿאַרשיידענע לענדער.

4. אַז עס איז נויטיק צו פֿאָדערן פֿון יעדער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, אַז זי זאָל באַזאָרגן אירע מיטגלידער, וואָס בייטן זייער וואוין-אָרט, מיט ספּעציעלע בילעטן, לויט וועלכע זייערע כאַווערים אין אַלע לענדער וואָלטן זיי געקאָנט דערקענען.

5. אז מע דארף גרינדן נאציאָנאַלע קאָמיטעטן אין יענע לענדער, וואו זיי זיינען נאָך ניטאָ, קעדיי איינצושטעלן אן אינטערנאציאָנאַלע פארבינדונג אין דער קאָאָפּעראַטיווער, פּאָליטישער און סאָציאַלער הינזיכטן.

6. אז דער נאציאָנאַלער קאָמיטעט פון יעדן לאַנד פּילט אויס יעדן יאָר און בלויז אף א יאָר די פּליכטן פונם צענטראַלן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבינדונגס-אָרגאַן און שטעלט צו א יערלעכן באַריכט, דערביי ווערט פאַרווערט דעמדאָזיקן קאָמיטעט אָנצונעמען באַשלוסן, וואָס טרעט אַריבער די גרענעצן פון דער ראָלע, וואָס אים איז אָנגעטרויט.

הויסאָפּע-פּונקט. בעטן דעם קאָמיטעט אָדער די קאָמיטעטן איבער-צוזעצן און צושטעלן די פּאַרטייען אַלע נויטיקע ידיעות וואָס האָבן אַ שאַיכעס צו די געזעלשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע לעבנס-באַדינגונגען פונם אַרבעטער-קלאַס.

אַ קאָפּיע פון דערדאָזיקער באַשטימונג וועט אָוועקגעשיקט ווערן דעם סעקרעטאַר פונם פּאַרלאַמענטישן קאָמיטעט פונם קאָנגרעס פון די טרעיד-יוניאָנס מיט אַ באַקאָשע צושטעלן דידאָזיקע באַשטימונגען אָפן יערלעכן קאָנ-גרעס, וואָס איז באַשטימט אף סענטיאַבר 1889 יאָר".

# 29. די פּאָליטישע אויפגאַבן פונם אַרבעטער-קלאַס

(לאָנדאָן 1896 יאר)

„1. אונטער פּאָליטישע אַקציעס פאַרשטייט דער קאָנגרעס דעם קאַמף, וואָס ווערט אָרגאַניזירט אין אַלע זיינע אויסדריק-אָרמעפן אף צו דע-ראָבערן דורכן אַרבעטער-קלאַס די פּאָליטישע מאַכט אין דער ספערע פון דער געזעצגעבערישער און אדמיניסטראַטיווער טעטיקייט אין דער מעלוכע און אין דער געמיינדע.

2. דער קאָנגרעס דערקלערט, אז די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט איז פאַר די אַרבעטער דאָס בעסטע מיטל אף צו דערגרייכן די פול-שטענדיקע באַפרייאונג, מענטשלעכע און בירגערלעכע פרייהייט, אדאנק וועל-כער זיי וועלן קאָנען איינשטעלן די סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

דער קאָנגרעס ווענדעט זיך צו די אַרבעטער פון אַלע לענדער און רופט זיי צו פאַרייניקן זיך אין איין פּאַרטיי, וואָס אונטערשיידט זיך פון אַלע בורזשואזע פּאַרטייען, און אַרויסשטעלן פאָלגנדיקע פאָדערונגען:

אַלגעמיינע שטימרעכט פאַר אַלע דערוואַקסענע;

דאָס רעכט אויסגעוויילט צו ווערן פאַר יעדן דערוואַקסענעם;

אויסוויילן דורך באַלאָטירונג;

דאָס רעכט פון אָרטיקע און נאַציאָנאַלע פעדעראַציעס און רעפערענדומס.

3. דער קאָנגרעס דערקלערט אויך, אז אזוי ווי די באַפרייאונג פון דער פרוי איז אומאָפּטיילבאַר פאַרבונדן מיט דער באַפרייאונג פונם אַרבעטער,

רופט ער די פרויען פון אַלע לענדער צו אָרגאַניזירן זיך פּאָליטיש צוזאַמען מיט די איבעריקע אַרבעטנדיקע.

4. דער קאָנגרעס זאָגט זיך אַרויס פאַר דער אַ ו ט אָ נ אָ מ י ע פון אַלע נאַציעס. ער דריקט אויס זיין מיטגעפיל די אַרבעטער פון אַלע לענדער, וואו זיי ליידן נאָך אדהאיאָם אונטערן יאָך פונם מיליטערישן, נאַציאָנאַלן און יעדן אנדערן דעספּאָטיזם; ער רופט די אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער צו קעמפן האנט אין האנט מיטן אַרבעטער-קלאַס פון אלע לענדער און זיך אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט אים, קעדיי אַראָפּצואווארפן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַליזם און איינשטעלן די הערשאַפט פון דער אינטערנאציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

5) דער קאָנגרעס דערקלערט, אז וואָסער אויסרייד עס זאָל ניט זיין פאַר דער ק אָ ל אָ נ י אַ ל ע ר פּ אָ ל י ט י ק — א רעליגיעזער אָדער ציוויליזאטאָרישער — איז זי לויט איר מעהוס בלויז א פאַרברייטערונג פונם פעלד פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואטאציע אין די אויסשליסלעכע אינטערעסן פונם קלאַס פון די קאַפּיטאַליסטן.״

# 30. די עקאָנאָמישע אויפגאַבן פונם ארבעטער-קלאַס

(לאָנדאָן 1896 יאר)

ד ע ר ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר א ו ן ס י נ ד י ק א ל ע ר ק א מ ף פון די אַרבעטער איז נויטיק, קעדיי צו צעברעכן די מאכט פונם קאפּיטאַל און פאַרבעסערן די לאגע פון די אַרבעטער אין דער היינטיקער געזעל-שאַפט. אז עס איז ניטאָ קיין אַרבעטער-סינדיקאַטן, איז ניטאָ קיין באַ-פרידיקנדיקער ארבעט-לוין, איז ניטאָ קיין פאַרקלענערונג פונם אַרבעטס-טאָג. אָבער דערדאָזיקער עקאָנאָמישער קאַמף קאָן ניט פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואטאציע, ער מילדערט זי בלוז. צו דער עקספּלואטאציע פון די אַרבע-טער וועט ניט זיין קיין סאָף, אויב די געזעלשאַפט גופע וועט ניט דעראָבערן די פּראָדוציר-מיטלען, אריינרעכענענדיק דאָ אי די ערד אי די פאַרקער-מיט-לען. אָבער ד ע ר נ ו י ט י ק ע ר ב א ד י נ ג פאַר דער פארגעזעלשאפטלעכונג איז אַ גאַנצע ריי געזעצגעבערישע מאָסמיטלען. דידאָזיקע מאָסמיטלען קאָנען פאַר-ווירקלעכט ווערן גאָר ביטנאי, ווען דער אַרבעטער-קלאַס וועט באזיצן די פּאָ-ליטישע מאכט, און די פּאָליטישע מאכט קאָן דעראָבערט ווערן בלויז דאַן, ווען דער אַרבעטער-קלאַס וועט זיין פולקאָם אָרגאַניזירט. מיטן ארגאניזירן די אַרבעטער, שאַפן פון זיי די סינדיקאַטן א פּאָליטישע מאכט. די אָרגאַניזירונג פונם ארבעטער-קלאַס איז ניט קיין פולשטענדיקע און ניט קיין גענוגנדע, אויב זי איז געגרינדעט בלויז אַפן פּאָליטישן באָדן.

אָ ב ע ר ד ע ר ס י נ ד י ק אַ ל ע ר ק אַ מ ף פאדערט א ו י ך פּ אָ ל י ט י ש ע אַ ק צ י ע ס מיצאד דעם ארבעטער-קלאַס. דאָס, וואָס די ארבעטער האָבן דער-

וואָרבן, קעמפנדיק דורך די סינדיקאַטן קעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרן, דאַרפן זיי צוליב דער ענדגילטיקער באַפעסטיקונג פאַרפיקסירן דורך געזעצגעבערישע אַקטן. פין דער צווייטער זייט, באַפרייען די דעראָבערטע געזעצגעבערישע רעפאָרמען פון עקאָנאָמישע צוזאמענשטויסן. דער אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך און די געמיינזאַמע אַקציעס מיצאַד דעם ארבעטער-קלאַס פון אַלע לענדער סאַי אינם פראַט פונם עקאָנאָמישן און סינדיקאַלן קאַמף, סאַי אויך אינם פראַט פון דער געזעצגעבונג, וואָס באַשיצט די אַרבעטער, ווערן נאָך מער נויטיק, ווייל די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פונם צווישנפעלקערלעכן קאַפּיטאַליסטישן מאַרק אַנטוויקלען זיך אַלץ מער און מער און צוזאַמען מיט זיי פאַרגרעסערן זיך אויך די אינדוסטריעלע צוזאמענשטויסן.

הייסט עס, לעהאבע זיינען נויטיק געמיינזאַמע אַקציעס פונם פּראָלעטאַריאַט אין אָט די הינזיכטן:

1) אָפּשאַפן די טאַריפן פון גרענעץ-אָפּצאָל, די שטייערן אף עסנווארג און די פּרעמיעס פאַרן ארויספירן סכוירעס.

2. איינשטעלן אַן אינטערנאַציאָנאַלע געזעצגעבונג, וואָס באַשיצט די אַרבעט.

אונטערשטיצנדיק די אַנטשפּרעכנדיקע באַשטימונגען פונם אינטערנאַציאָנאַלן פּאַריזער קאָנגרעס, רעקאָמענדירט דער קאָנגרעס צו קאָנצענטרירן זיינע קויכעס קוידעמקאָל אף צו דערגרייכן אָט די רעפאָרמעס:

א) געזעצגעבעריש איינשטעלן דעם אכטשאָעדיקן ארבעטס-טאָג,

ב) אַפּשאַפן די שוויץ-סיסטעם, איינשטעלן א ווירקלעכע געזעצגעבונג, וואָס זאָל באַשיצן די אַרבעט פון די ארבעטער און ארבעטערינס אין דער הויז-אינדוסטריע.

ג) דאָס לאַכלוטן אומבאַגרעניצטע רעכט אף פאַרייניגן, אַסאָציאַציעס און פאַרזאמלונגען פאַר די פּערזאָנען פון ביידע געשלעכטן.

קעדיי צו פאַרווירקלעכן אָט די רעפאָרמעס, איז נויטיק דער סינדיקאַלער און פּאָליטישער קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט. דעריבער, באַשטעטיקנדיק די באַשטימונג איבער דערדאָזיקער פראַגע פונם בריוסעלער און ציוריכער קאָנגרעסן, דערקלערט דער קאָנגרעס:

די אָרגאַניזירונג פון די ארבעטער און די אָרגאַניזירונג פון די סינדיקאַטן איז זייער נויטיק פאַרן באַפרייאונגס-קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט.

דער קאָנגרעס רעכנט, אַז אַלע ארבעטער, וואָס ווילן באַפרייען די אַרבעט פונם קאַפּיטאַליסטישן יאָך, זיינען פאַרפּליכטעט צוצושטיין צו די סינדיקאַטן פון זייערע פאַך-כאַווייריםס.

קעדיי צו מאַכן מעגלעך און פאַרלייכטערן די באַדינגונגען פון פאַרשטאַרקטן עקאָנאָמישן קאַמף, דאַרפן די סינדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס זיך פאַריי-ניקן אין פעדעראַציעס, וואָס זאָלן ארומכאַפּן אַלע לענדער. די גאַנצע קרעפטן-

פאַרשווענדונג אַף קלײנינקע אַפּגעזונדערטע אָרגאַניזאַציעס ווערט געטאַדלט. אינם עקאָנאָמישן קאַמף דאַרפן די פּאָליטישע איבערצײגונגען פון די אַרבעטער ניט דינען אַלס א גרונט פון אָפּגעזונדערטקײט. אָבער די פליכט פון אַלע אַרבעטער, וואָס דרינגט אַרויס פונם מעהוס פונם פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף, איז צו מאַכן פון זײערע מיטגלידער איבערצײגטע סאָציאַליסטן. כּוח דעם דאַרפן די סינדיקאַטן אַנעמען אַלס מיטגלידער די פּריצן, וואָס אַרבעטן אין דער פּראָדוקציע פונם אַנטשפּרעכנדיקן סינדיקאַט, און שטרעבן צו פאַרווירקלעכן דעם פּרינציפּ פון גלײכן אַרבעטסלוין פאַר די פּערזאָנען פון בײדע געשלעכטן בא א גלײכער אַרבעט.

צוגלײך מיטן קאַמף פאַר פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען און העכערן דעם אַרבעטסלוין, דאַרפן די סינדיקאַטן אַכטונג געבן, אַז עס זאָלן ריכטיק אַנגעווענדעט ווערן די געזעצן, וואָס באַשיצן די אַרבעט; זײ דאַרפן שטרעבן, אַז עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן: — די פּראָדוציר־אויפּאַנים, וואָס זײנען שעדלעך פאַרן געזונט, די שוויץ־סיסטעם, און דאָס אויסצאָלן דעם אַרבעטסלוין מיט סכוירעס. דער קאָנגרעס האַלט דעם שטרײק און דעם באָיקאָט אַלס נויטיקע מיטלען אַף צו דערגרײכן די אויפגאַבן פון די סינדיקאַטן. ער האַלט אָבער ניט פאַר מעגלעך דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַלגעמײנעם שטרײק. עס איז אומגעהויער וויכטיק צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער־מאַסן אין סינדיקאַטן, ווײל פון דעם גראַד אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזאַציע הענגט אָפּ דער פאַרנעם פון די שטרײקן, וואָס כאַפּן אַרום גאַנצע צווײגן פון דער אינדוסטריע און אַפילע גאַנצע לענדער.

קעדײ צו מאַכן מעגלעך די אינטערנאַציאָנאַלע סינדיקאַלע אַקציעס, דאַרף מען אײנאָרדענען אין יעדן לאַנד א צענטראַלן סינדיקאַלן קאָמיטעט*.

די דאָזיקע קאָמיטעטן דאַרפן ווי ווײט מעגלעך צונויפשטעלן סטאַטיסטישע טאַבעלן וועגן דעם אַרבעטער־מאַרק. זײ דאַרפן מיטײלן אײנער דעם אַנדערן די דאָזיקע סטאַטיסטישע ידיעס, און הויפּטזאַכלעך זיך אויסטוישן מיט פאָרטראַגן וועגן אַלע געשעענישן פון זײער לאַנד, וואָס זײנען וויכטיק פאַר די סינדיקאַטן.

איבערהויפּט אָבער ליגט אַף די פליכטן פון די סינדיקאַטן פון אַלע לענדער די זאָרג וועגן דעם, אַז די אויסלענדישע אַרבעטער־איבערוואַנדערער זאָלן צושטײן צו די סינדיקאַטן פונם לאַנד, וואו זײ האָבן זיך באַזעצט און זאָלן ניט אַרבעטן פאַר א נידעריקער פּרײז, אײדער די אָרטיקע אַרבעטער. בא שטרײקן, לאָקאַוטן און באָיקאָטן זײנען די סינדיקאַטן פון אַלע לענדער פאַרפליכטעט צו העלפן אײנער דעם אַנדערן לויט זײערע קויכעס".

* צוזאַמענשטעל פון אויסגעווײלטע פּערזאָנען אַף צו פירן די לויפנדיקע אַרבעט פון די אַר־עטער־פאַרײנען

# 31. די אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציע פונם 1-טן מאַי

## א

„עס ווערט באַשטימט אַ גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציע אין אַ דאַטע איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעשטעלטע אַזוי, אז די אַרבעטנדיקע זאלן מיטאמאָל אין אלע לענדער און אין אַלע שטעט אין אַ באַשטימטן טאָג ארויסשטעלן די געזעלשאַפטלעכע מאַכט־אָרגאנען די פּאָדערונגען צו באַגרענעצן דורכן געזעץ דעם אַרבעטס־טאָג ביז אַכט שאָ און אויך אויספילן אלע אנדערע באַשטימונגען פונם אינטערנאַציאנאַלן קאָנגרעס אין פּאַריז.

אַזוי ווי אן ענלעכע מאַניפעסטאציע האָט שוין באַשטימט אפן ערשטן מאַי די אמעריקאַנישע ארבעטער־פעדעראציע אפן קאָנגרעס פון דערדאָזיקער פעדעראציע אין סען־לואי אין דעקאַבר 1888 יאָר, איז דידאָזיקע דאַטע אָנגענומען אויך פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער מאַניפעסטאַציע.

די ארבעטנדיקע פון די פאַרשיידענע נאַציעס אָרגאַניזירן דידאָזיקע מאַניפעסטאציע, אזוי ווי דאָס וועלן זיי אונטערזאָגן די באַדינגונגען פון זייער לאַנד.“

(אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער קאנגרעס אין פּאַריז דעם 14—21 יוני 1889 יאר)

## בּ

„די סאציאַל־דעמאָקראַטיע פון יעדן לאַנד איז פאַרפליכטעט צו טאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך, קעדיי ווירקלעך אפּצושטעלן די אַרבעט און קעדיי העלפן יעדן פּרואוו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אָט דער ריכטונג דורך די פאַרשיידענע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

די באַשטימונג פונם קאָנגרעס איז אַזאַ:

די מאַניפעסטאציע פונם 1-טן מאַי פארן אַכט־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג דאַרף אין דערזועלבער צייט אויפמונטערן צו אקציע דעם מעכטיקן ווילן פונם אַרבעטער־קלאס און פאַרפעסטיקן די האפענונג אף דער דערנעענטערונג פון דער סאָציאַלער איבערקערעניש און פונם אינטערנאַציאָנאלן שאָלעם.“

(קאנגרעס אין ציוריך אין 1893 יאר)

## 32. דער פּאַריזער קאָנגרעס וועגן מיניסטע-ריאַליזם

„... אין אָט דעם באַשלוס * איז נישטומעם צו ווערן קוידעמקאָל פון זיין ערשטן טייל, וואָס ווייזט אָן אַף דעם, אז דאָס דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט קאָן ניט זיין קיין פּאָשעטע זאַך פון אַ וואָסער ניט איז גוואלדטאַט, נאָר ער דאַרף האָבן אַ לאַנגע און שווערע צוגרייטונגס-אַרבעט. דער געדאנק, וואס איז דאָ אויסגעדריקט, איז אַ גאנץ ריכטיקער. אָבער צו וואס האט דער קאָנגרעס געדארפט אַרויסזאג, דעמדאזיקן געדאנק? צי זיינען דען אַפּן קאָנגרעס געווען מענטשן, וואס האבן אָפּגעלייקנט זיין גערעכטיקייט? ניין, אַזעלכע מענטשן זיינען אַפּן קאָנגרעס ניט געווען. אָדער, עפּשער האבן אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פון די ציוויליזירטע לענדער גענומען אַרויסטרעטן „קריטיקער”, וואס דערוויזן, אַז צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאכט דורכן פּראָלעטאַריאַט איז גענוג איין בראַווער „Coup de main“? ניין, וועגן אַזעלכע קריטיקער איז אויך גאָרניט געהערט געוואָרן, מע האט זייער אַסאַך געהערט וועגן קריטיקער, וואס האבן באַשטרייט די ריכטיקייט פון מאַרקס אומשטרייטבאַרער האַנאָכע, אַ די קראפט איז שטענדיק געווען די העבאם פון דער אַלטער געזעלשאפט, וואס איז שוואנגער מיט דער נייער **. אַ מארקסיסט, וואס האט זיך אונטערגענומען אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון א באשלוס; האט קוידעמקאָל געדאַרפט אויסדריקן זיין נעגאַטיווע שטעלונג צו אָט די קריטיקער און נאָכדעם איבערגיין צום אָנווייזן אַף יענע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וואס אנטשטייען בלויז ביסלעכווייז, באַ וועלכע דער קויעך פונם אַרבעטער-קלאס קאָן שפּילן די ראָלע פון אַ העבאָם אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. ער האט זיך געדארפט האלטן באַ אַן אָנגרייפנדיקער טאקטיק. קאוטסקי האט ניט אַזוי געהאנדלט. ער האט זיך דערמאָנט, אַז „די קריטיקער” באשולדיקן אונז אין „בלאנקיזם” און קעדיי צו פאַרטיידיקן זיך פון די קריטיקער, האט ער איינגעלאַדן דעם קאָנגרעס אַרויסצוזאָגן זיך קעגן די לייט, וואס מיינען, אַז עס איז גענוג איין גוואלד-טאַט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל דעראָבערן די פּאָליטישע מאכט.

אַזאַ קריטיק איז געווען ניט אַמפּלאַץ און ניט געבוגנד. ניט

---

* עס האנדלט זיך וועגן קאוטסקיס רעזאלוציע. באמערקונג א. ס.

** ווי עס איז צו זעען פון ענגעלסעס בריוו צו לאַפאַרגן, וואס זיינען אָט דאָ ניט לאַנג פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאריזער „Socialiste“, האט מארקס איבערגעגעבענער פריינט און געטרייער אָנהענגער ביז זיין סאמע טויט ניט געצווייפלט אין דער ריכטיקייט פון אָט דער גרונט-האנאָכע. איך וועל פארבייגייענדיק באמערקן, אַז די דאזיקע בריוו באשטעטיקן פולקאָם די ריכטיקייט פון מיין אויסטייטשונג, די באדייטונג פון דער בארימטער ענגעלסעס האקדאמע צו מארקס בוך „די קלאסנקאמפן אין פראנקרייך” (זע מיין האקדאמע צו דער נייער זשענעווער אויסגאבע „דער קאָמוניסטישער מאניפעסט”).

אַמפּלאַך דערפאַר, ווייל דער באשלוס, וואָס קאַוטסקי לייגט פאָר האט געקאָנט זיין און טיילווייז איז ער ווירקלעך אויסגעטייטשט געוואָרן אַלס אַ שטיין, וואס ער האט אַריינגעוואָרפן אינם גאָרטן פון די פראנצוזישע בלאַנקיסטן, וואס אָנפאַלן אַף זיי האט מען לעכאָלאַפּאָכעס ניט געדאַרפט. און ניט געענוגנד איז דידאָזיקע טאקטיק געווען דערפאר, ווייל זי האט אַריינגעטראָגן צופיל מילדקייט בענויגייע צו די „קריטיקער" קעגן וועלכע מע האט זיך געדארפט אנטשלאסן און שאַרף אַרויסזאָגן*.

ווען איך האב איבערגעלייענט דעם טייל באשלוס, וואָס איך דאָ באטראַכט, האָב איך געמאַכט אויפמערקזאַם קאַוטסקין, אַז דער עוואָלוציע-שטאַנדפונקט שליסט קלאַל ניט אויס די אנשויאונג אַף גוואלדטאט אַלס אַף איינעם פון די פאַקטאָרן פונם דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט. ער האָט מיר געענטפערט, אָנווייזנדיק אַף די ווערטער: „די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאכט קאָן ניט דערגרייכט ווערן פּאָשעט מיט דער הילף פון וואָסער ניט איז גוואַלדטאַט" (און אין דייטשישן פּראָעקט פונם באשלוס: einen blossen Handstreiches). ער איז געווען גערעכט: זאָגן, אַז פאר דעם געגעבענעם ציל איז ניט גענוג די ווירקונג פון איין פאַקטאָר, באַדייט ניט דאָס אָפּלייקענען די מעגלעכקייט אָדער אמפּלאצקייט פון טאַט. אָבער, ווי עס זאָגן די פראנצויזן: די מוזיק מאַכט דער טאָן. און מיר האט זיך געדוכט, אַז „דער טאָן" פונם פּראָעקט, וואס קאוטסקי האט פאָרגעלייגט, האט געקאנט אָרויסרופן אַסאַך מיספארשטייעניש. די דערפארונג האט באוויזן, צו מיין גרויס באַדויערונג, אַז איך בין געווען גערעכט.

אין דער פראנצויזישער איבערזעצונג פונם דאָזיקן פּראָעקט האבן אנשטאָט די ווערטער: „עס קאָן ניט דערגרייכט ווערן „פּאָשעט מיט דער הילף פון אַ וואָסער ניט איז טאַט", זיך אַרויסגעוויזן די ווערטער: „עס קאָן ניט דערגרייכט ווערן מיט דער הילף פון אַ וואָסער ניט איז טאַט", און אַדאנק אָט דער באזייטיקונג פון איינעם זייער אַ „פּאָשעטן" ווערטל איז די אַקושערישע ראָלע פון קראַפט דערקלערט געוואָרן פאר איבעריק אין דער ווענדונג צו דער „היינטצייטיקער דעמאָקראטישער געזעלשאפט". איך ווייס ניט, צוליב וועמעס שולד (אָדער צוליב וועמעס איניציאטיוו) איז פאָרגעקומען אָט די פארקריפּלונג פונם דייטשישן אָריגינאל, נאָר אז זי איז געווען ווי געוואונשן פאר די אָנהענגער פונם „נייעם מעטאָד", דערין האָבן מיר זיך איבערצייגט, ווייניקער ווי אין צוויי וואָכן ארום נאָכן קאָנגרעס.

* דערביי האט אויך קאוטסקי פארגעסן צוגעבן, אַז „די מאדערנע דעמאקראַטישע מעלוכע, וועלכע ער האט געהאט אין זינען, עקזיסטירט ווייט ניט אין אלע לענדער פון מאַירעוו-אייראפּע — אַן אומשטאנד וואס קאן ניט פארבלייבן אן דער שטארקסטער ווירקונג אַף דער טאקטיק פון די סאציאליסטן.

זונטיק דעם 7-טן אָקטיאבר האט מיליעראן געהאלטן אין לאַנס (צאָפּן-פראַנקרייך) אַ רעדע, וואו ער האט מיט דער געשיקטקייט פון אַן אַדוואָקאט, מיט וועלכער ער צייכנט זיך אַזוי אוים, באַוויזן, קימאַט וואָרט באַ וואָרט איבערכאַזערנדיק קאוטסקים באַשלוס (אין זיין פאַרקריפּלטן אויסזען), פאַרור-טיילן „די גוואלדטאַט״ אַלס א מיטל פון סאָציאַלער איבעראַנדערשונג״ און צוזאמען מיט דער גוואלדטאַט פאר איינוועג אויך דעם קלאַסנקאַמף. פאַר-שטייענדיק אויסגעצייכנט די פּרינציפּיעלע און טאַקטישע באַדייטונג פון אָט דער מיניסטארישער דעקלאַראציע, האט מיליעראנס טרייער פּאַרטיידיקער זשאָרעס געפונען פאר נויטיק פּריינטלעך אַ קיבעץ צו טאָן דעם ה׳ מיניסטער פאר זיין נעגאַטיוועד שטעלונג צו גוואַלדטאַט; אָבער אין דערזעלבער צייט האט ער זיך צוגעאיילט צו פאַרופן זיך אָפן באַשלוס פונם פּאַריזער קאָנגרעס (ווייטער אין זיין פאַרקריפּלטן אויסזען) ווי אַף אַ באַווייז, אַז די מאַרקסיסטן גופא זיינען אין דעם פאַל ניט ווייט אַוועק פון מיליעראַנען*. אורטיילט אליין, כאַ-ווירים, צי איז גוט אַזא הימלשרייענדיקער באַגריפן-פּלאָנטערניש.

דער איבעריקער טייל פון קאוטסקים פּראָעקט, וואס איז געווידמעט דער פראַגע וועגן דער אנטייל פון די סאָציאַליסטן אין די בורזשואזע מיניס-טעריומס, האָט געזינדיקט מיט אַ באַשיימפּערלעכער ניט אויסגעהאַלטנקייט. פון איין זייט, האָט ער קלוימערשט אינגאַנצן ניט באַרירט די מאדערנע פראנצוי-זישע פארהעלטענישן, לאָזנדיק אונזערע פראנצויזישע כאוויירים אַליין פאַ טיק ווערן מיט „מאַיסע מיליערען״ (le cas Millerand) ווי זיי ווילן און ווי זיי קאָנען. פון דער צווייטער זייט, האט ער אין זיך אַנטהאלטן א גאנצע ריי אומדירעקטע אָנווייזונגען אַף די אומשטענדן, וואָס האבן באגלייט מיליעראנס אריינטרעטן אין וואלדעקס מיניסטעריום. מיטן אָנעמען אים האט דער קאָנגרעס, פון איין זייט, פאַרורטיילט קלוימערשט מיליעראַנען און פון דער צווייטער זייט, האט ער דערקלערט, אַז ניט ער קאָן אורטיילן מיליעראַנען. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַרלאמענט פונם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט איז געוועזן מעכויעוו אָפנהאַרציקער און אַנט-שלאָסענער זיך אַרויסזאָגן וועגן דעמדאָזיקן מענטשן, וואָס האָט מיט זיין אַקשאָנעסדיקן ניט וועלן פּאַרלאָזן דעם ווייכן מיניסטערשן שטול אַזוי פיל שאָדן געבראַכט דער פאַרייניקונגס-זאַך פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן. איך בין געוועזן איבערצייגט, אַז מיטן פאַרורטיילן מיליעראַנען אין קלאָרע און ניט צווייַדייטיקע אויסדריקן וואָלט דער קאָנגרעס אויפגעטאָן פאַר דערדאָזיקער פאַרייניקונג אָן אַן ערעך מער, איידער עס האבן אויפגעטאָן זייערע אנטייל-נעמער מיט די שיינע אבער פּרוכטלאָזע רעדעס וועגן די פאַרגעניגנס פון קעגנ-זייטיקער ליבע און וועגן דער זיסקייט פון איבערבעטן זיך. דערביי האָט

* זע „La Petite Respublique“ פון 10 אקיאבר 1900-טן יאר. דארט טאַקע איז אויך אפּגעדרוקט די רעדע, וואס מיליעראן האט געהאלטן אין לאַנס.

די טעאָריע וועגן דעם, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס קאָן ניט מישפּעטן מיליעראַנען, מיר אויסגעשיינט (און שיינט אויס) אַלס צווייפלהאַפטע, אויב ניט לעגאַמרע פעלערהאַפט אינם געגעבענעם פאַל. עס האָט זיך אייגנטלעך געהאַנדלט ניט וועגן דעם, אַז מע זאָל מישפּעטן מיליעראַנען, נאָר וועגן דעם, אַז מע זאָל אַרויסלאָזן אַ מיינונג וועגן זיין האַנדלונג, וואס איז אַלעמען באַקאַנט. און איך קאָן אַדהאַיאָם ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס זאָל דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס ניט האָבן דאָס רעכט אַרויסצוזאָגן זיך וועגן דעמדאָזיקן איניען, דאָס איז נאָך ווייניקער פאַרשטענדלעך, ווייל שיר ניט יעדערער פון די רעדנער, וואס איז אַרויסגעטראָטן וועגן קאַוטסקיס באַשלוס, האַט געהאַלטן פאַר זיין כוויוו צו זאָגן עטלעכע ווערטער פאַר מיליעראַנען אָדער קעגן אים."

(פלעכאַנאָוו. „וועגן דעם לעצטן פאַרי-זער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס" ב. XII)

# 33. דער אינטערנאַציאָנאַל וועגן די רעוויזיאָניסטן

(אמסטערדאם 1904-טן יאָר)

## די דרעזדענער רעזאָלוציע

„דער קאָנגרעס פאַרורטיילט אַפן שאַרפסטן אויפן די רעוויזיאָניסטישע שטרעבונגען אומצוענדערן אונזער אויסגעפּרואוועטע און מיט דערפאָלג געקרוינטע טאַקטיק, וואס איז געגרינדעט אַף קלאַסנקאַמף, אין אַזאַ ריכטונג, אַז אנשטאָט אויסצוקעמפן די פאָליטישע מאַכט דורך אַ ניצאָכן איבער אונזערע קעגנער, זאָל מען זיך נעמען פאַר אַ פאָליטיק פון קאָמפּראָמיסן מיט דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג.

דער פּויעל-יויצע פון אַזאַ מין רעוויזיאָניסטישער טאַקטיק וואָלט געווען, אַז די פּאַרטיי, וואס שטרעבט צו אַ מעגלעך גיכער איבערענדערונג פון דער עקזיסטירנדיקער בורזשואַזער אָרדענונג אין אַ סאָציאַליסטישער, אַ פּאַרטיי, הייסט עס, אַ רעוואָלוציאָנערע אין בעסטן זינען פון דעם וואָרט, — זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּאַרטיי, וואס באַנוגנט זיך מיט אַ רעפאָרמירונג פון דער בורזשואַזער אָרדענונג.

דעריבער, דריקט אויס דער קאָנגרעס זיין איבערצייגונג, לעהייפעך צו די רעוויזיאָניסטישע שטרעבונגען, אַז די קלאַסן-סטירעס איז ניט נאָר זיי ווערן ניט אָפּגעשוואַכט, פאַרקערט, זיי ווערן גאָר אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט, און ער דערקלערט:

1. אַז די פּאַרטיי וואַרפט פון זיך אַראָפּ יעדע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואס דרינגען אַרויס פון דעם קאַפּיטאַליסטישן אויפן פון פּראָדוקציע, און אַז דעריבער קאָן זי ניט באַוועכ-

טיקן אַזעלכע מיטלען, וואס זיינען פארבונדן מיט דער אונטערשטיצונג פון דעם הערשנדיקן קלאס בײַ דער מאַכט;

2. אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, בעהעסקעם מיט קאַוטסקיס רעזאָלוציע אויפן אינטערנאציאָנאלן קאָנגרעס אין 1900-טן יאָר אין פּאַריז, קאָן ניט שטרעבן צו באטייליקן זיך אין דער רעגירונגס-מאַכט אין די גרענעצן פון דער בורזשואַזער געזעלשאפט.

ווייטער פאראורטיילט דער קאָנגרעס יעדע שטרעבונג צו פארשמירן די פאַראנענע קלאַסן-סטירעס, וואס פארגרינגערט די דערנעענטערונג מיט די בורזשואַזע פאַרטייען.

דער קאָנגרעס דריקט אויס זיין האָפענונג, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פראַקציעס וועלן ווי פריער אויסנוצן דעם גוואלדיקן קויעך, וואס זיי האבן דערגרייכט, — סײַ מאַכמעס דער פארגרעסערונג פון דער צאָל מיטגלידער פון פארטיי, סײַ מאַכמעס דעם שטארקן וואוקס פון די וויילער, וואס שטייען הינטער זיי, — קעדיי קלאָר צו מאכן די צוועקן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, און וועלן זיך באַנוצן מיט די געהעריקע גרונט-האנאָכעס פון אונזער פּראָגראַם, קעדיי אַפן סאַמע ענערגישן און איבערצייגנדיקן אויפן אומעטום איינשטעלן זיך פאר די אינטערעסן פון דעם ארבעטער-קלאַס, פאר דער פארברייטערונג און פאַרזיכערונג פון דער פּאָליטישער פרייהייט און פאַר אַנדערע רעכט; קעדיי צו פירן אַ קאמף קעגן מיליטאריזם, קעגן מאַריניזם, קעגן קאָלאָניאַל-פּאָליטיק, קעגן רעכטלאָזיקייט, אונטערדריקונג און עקספּלואטאציע אין אַלע אירע פאָרמען, נאָך מער ענערגיש ווי דאס איז פאר איר געווען מעגלעך ביז איצטער; ענדלעך, קעדיי ענערגיש צו ווירקן לעטויוועס דער באַשאַפונג פון אַ סאָציאַלער געזעצגעבונג און דער אויספירונג פון די פּאָליטישע און די קולטורעלע אויפגאבן פון דעם אַרבעטער-קלאס.“

# 34. די איינהייט פון דער פּארטיי

## I

## באשטימונג פונם אמסטערדאמער קאנגרעס אין 1904-טן יאָר

„דער קאָנגרעס דערקלערט:

קעדיי דער אַרבעטער-קלאַס זאָל קאָנען אַרויסווייזן זיין גאנצן קויעך אינם קאמף קעגן דעם קאפּיטאליזם, איז נויטיק, אַז אין יעדן לאנד זאָל עקזיסטירן אַלס קעגנגעוויכט צו די בורזשואזע פּארטייען בלויז איין סאָציאליסטישע פּארטיי, אַזוי ווי עס עקזיסטירט איין פּראָלעטאריאט. דעריבער זיינען אַלע כאַווירים און סאָציאַליסטישע אָרגאניזאציעס פארפליכטעט צו באמיען זיך מיט אַלע קויכעס צו דערגרייכן אָט די איינהייט פון דער פּארטיי אַפן יעסאָד פון די פּרינציפּן, וואס זיינען פעסטגעשטעלט געווארן דורך די אינטערנאציאָנאלע

קאָנגרעסן — די איינהייט, וואס איז נויטיק אין די אינטערעסן פונם פּראָלעטאריאט, קעגן ווען זיי זיינען פאראנטוואָרטלעך פאר אַלע פאטאלע פאָלגן פון שפּאַלטונגען.

קעדיי צו העלפן דערגרייכן אָט דעם ציל, וועלן סאַי די אינטערנאציאָנאלע סאָציאַליסטישע ביוראָ, סאַי אויך די פּארטייען פון אַלע לענדער, וואו די דאָזיקע איינהייט איז פאַראַן, מיט דער פולער גרייטקייט טאָן אַלץ, וואס זיי וועלן זיין בעקויעך אין דערדאָזיקער ריכטונג.

II

## די רעזאלוציע פונם קאפּענהאגענער קאָנגרעס

„סוימעך זייענדיק זיך אַף די באַשטימונגען פונם אַמסטערדאמער קאָנגרעס וועגן איינהייט פון דער פּאַרטיי.

נעמענדיק אין אַכט, אַז דער פּראָלעטאריאט איז איינער, אַז דעריבער דאַרף יעדע סעקציע פונם אינטערנאציאָנאל פאָרשטעלן מיט זיך אַן איינהייטלעכע גרופּע, וואס איז מעכויעוו אין די אינטערעסן פונם פּראָלעטאריאַט פון זיין לאנד און פון דער גאנצער וועלט אָפּוואַרפן אָן אַ זייט יעדן מין אינערלעכע כעלוקע-דייעס,

נעמענדיק אין אַכט, אַז דער וואוקס פון די קויכעס און ווירקונג פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג אין פראנקרייך הענגט אָפּ בלויז פון דער איינהייט,

רופט דער אינטערנאַציאָנאלער קאָנגרעס אין קאָפּענהאגען

אַלע נאציאָנאַלע סעקציעס פונם אינטערנאציאָנאַל, וואָס געפינען זיך נאָך אַדהאַיאָם אין אַ צושטאנד פון צעשפּאַלטונג, ווי ווייט מעגלעך שנעלער אויפשטעלן די איינהייט,

און ער באַאויפטראגט די אינטערנאַציאָנאלע סאָציאַליסטישע ביוראָ פאָרצולייגן איר הילף אינם איניען פון דורכפירן דידאזיקע איינהייט.‟

# 35. די קאָלאָניאלע פּאליטיק און די סאָציאל-דעמאָקראטיע

## א. פונם באריכט פארן אינטערנאציאנאלן אמסטערדאמער סאציאליסטישן קאנגרעס פונם פארשטייער פון דער האלענדישער סאציאל-דעמאקראטישער פּארטיי וואַן-קאָל

„די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק וועט ארויפלייגן איר שטעמפּל אַף דער געשיכטע פון אונזער צייט. זי איז ענג פארבונדן מיט דער עקאָנאמישער אָרגאניזירונג פון XX יאָרהונדערט און איר איז באַשערט צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין

דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. די שטרעבונג פון קאָלאָניאַלע פארכאפונגען איז אוניווערסאַל; זי איז אַ רעזולטאט פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאפט.

די סאָציאַל-דעמאָקראטיע וועט זיך דארפן אריינמישן אין דער לייזונג פון אָט דער פּראָבלעם, וואָס האָט אַן אויסעראָרדנטלעכע באַדייטונג. פאַר איר איז וויכטיק צו פאַרנעמען אַ באַשטימטע פּאָזיציע אין אָט דעם קאַמף פאַר דעראָבערן דעם ערד-קיילעך — וויכטיק צוליב די מאָטיוון, וואס מיר רעכענען אונטן אויס.

„דער אינטערנאַציאָנאלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם דערקלערט, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראטן זיינען מעכויעוו אָנצואווענדן אין דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק אַ באשטימטע פּאָזיציע צוליב אָט די סיבעס:

1. די היסטאָרישע אנטוויקלונג האָט געגעבן אַסאַך לענדער עקאָנאָמישע קאָלאָניעס, וואָס זיינען ענג פארבונדן מיט דער מעטראָפּאָליע און זיינען פּאָליטיש אינגאנצן אָפּגעוויינט פון זעלבסטפאַרוואלטונג; איבערלאָזן זיי אין זייער אייגענעם רעשוס איז אומעגלעך, אַפילע פונם שטאנדפונקט פון די אינטערנאציאָנאלע פארהעלטענישן".

די קאָלאָניעס* עקזיסטירן און וועלן נאָך עקזיסטירן אין מעשעך פון אַסאַך יאָרהונדערטער: זיי זיינען פעסט איינגעפלאָכטן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, און אין יעדן ספּעציעלן פאַל וועט אויסקומען צו באשליסן, צי דארף דאס אָדער יענס לאנד איינהאלטן באַ זיך זיינע טעריטאָריעס פון יענער זייט יאַם. דאָס וועט זיך ווענדן אָן די היסטאָרישע פאַרהעלטענישן פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג אָדער פון די קויכעס-פארהעלטענישן אין די קאָלאָניעס און מעטראָפּאָליעס. אין דאסראָוו פאַלן וועט מען זיך ניט קאָנען פּאָשעט אָפּזאָגן פון די אַלטע קאָלאָניעס, וועלכע וועלן אַדאנק דעם, וואס זיי האָבן ניט קיין רעגילעס צו זעלבסטפארוואַלטונג און זיינען אָפּגעשוואַכט דורך דער אייביקער אַפּעטראָפּסעס, אריינגעשליידערט ווערן אין אַנאַרכיע און דאַלעס. פאַרלאָזן אינגאַנצן אַ שוואַך אָדער אומבאוואוסטזיניק קינד, וואס איז ניט פעאיק צו באַגיין זיך אָן אונזער הילף, וואָלט באַדייט צו מאַכן עס פאַר אַ קאָרבן פון ווילדער עקספּלואַטאַציע אָדער פון וועמעט עס איז נייער מעמשאָלע.

די געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט צווינגט אונז צו באַציען זיך זאָרגזאַם צו די אינטערעסן פון די אָרטגעבורטיקע, וואס זיינען צו לאַנג עקספּלואַטירט געוואָרן דורכן קאַפּיטאליזם, וועלכער ווייסט ניט פון קיין ראַחמאָנעס. דער סאָציאַליזם וועט דאַרפן פריער שאַפן באַדינגונגען, באַ וועלכע דער מער

* אונטער דעמדאזיקן געוויינלעכן נאָמען פארשטייען מיר אין דעמדאָזיקן פּאָרטראַג, ניט די קאָלאָניזאַציע אינם אייגנטלעכן זין פון וואָרט און ניט קיין מיליטערישע אָדער שטראָף-קאָלאָניעס, נאָר בלויז די אונטערגעוואָרפענע טעריטאָריעס אין די טראָפּישע לענדער.

ווייניקער ווילדער צושטאנד וועט קאָנען אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר דער העכער קולטור, פאַר דער ווירקלעכער ציוויליזאַציע.

אין געוויסע פאַלן שטייט פאַר אויסצופילן אַ הייליקן מאָראַלישן כויוו. אַזוי איז די לאַגע פון האָלאַנד בענוגייע צו דער קאָלאָניע יאַוואַ, וועלכע האט געראַטעוועט האָלאַנד פון באַנקראָט, האָט באַזאָרגט איר רעגירונגס-קאַסע מיט הונדערטער מיליאָנען (די פרוכטן פון דער צוואַנגס-אַרבעט) און וועמען האָלאַנד האט צו פאַרדאנקען דעם גרעסטן טייל פון איר נאַציאָנאַלן פארמעגנס, אין אַ היפשער מאָס די אַנטוויקלונג פון איר האַנדל און יאַם-שווימעריי און אויך דעם פרעכטיקן אויפבלי פון איר אינדוסטריע. טאַקע יאַוואַ האט הויפּטזאַכלעך געשאַפן האָלאַנדס גרויסקייט און האט איר דערלויבט צו פאַרנעמען אַ אָנגעזעען אָרט צווישן די איבעריקע מעלוכעס; יאַוואַ איז געווען די איינציקע קאָלאָניע אין דער וועלט, וואס האט אין מעשעך פון דריי יאָרהונדערטער געגעבן קאָלאָסאַלע רעוואָכים דער מעטראָפּאָליע, בעאייס די מעטראָפּאָליע האָט יאַוואַ בעדילהאַדאַל געשטעלט. אָט די העפקערדיקע עקספּלואַטאציע רופט צו נעקאָמע. האָלאַנד וועט דאַרפן לעכאָלאַפּאָכעס טיילווייז באַצאָלן איר ערן-כויוו, זי וועט דאַרפן אונטערשטיצן דעם שוואַכן, אויפהויבן דעם אונטערדריקטן, געבן וואוילשטאנד דער געגנט, וואו זי האט פארזייט דאַלעס! די שאַנד פון דער פארגאנגענהייט וועט פארגלעט ווערן בלויז דאַן, ווען האָלאַנד וועט זיכערן אַ בעסערע צוקונפט פאַר דידאזיקע מיליאָנען אומגליקלעכע, בלויז דאַן ווען דאסדאָזיקע קינד וועט, ווערנדיק אַ דערוואַקסענער, קאָנען עקזיסטירן אַלס פרייער און זיין זעלבשטענדיק.

2. דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם שטויסט די ציוויליזירטע לענדער צו אַן אָנאויפהערלעכער עקספּאַנסיע סאַי אַף אויסצוזוכן נייע מערק פאַר זייערע פּראָדוקטן, און סאַי, צו געפינען אַ געביט פאַרן שנעלן וואוקס פון קאַפּיטאַליזם. קעגן אָט דער דעראָבערישער פּאָליטיק, וואס ווערט אָפט באַגלייט מיט פאַרברעכנס און רויבערייען, וועמענס איינציקער ציל איז צו באַפרידיקן די אומדערזעטלעכע זשעדנעקייט פונם קאַפּיטאַליסט צו גאָלד און וואס רופט אַרויס אַלץ נייע און נייע אויסגאַבן אַפן מילטאַריזם, דארף מען אומבעראַכמאָנעסדיק קעמפן. זי פירט די מעלוכעס אַפן וועג פון פּראָטעקציאָניזם און שאָוויניזם, וואס איז אַן אייביקער מאָקער פון אינטערנאציאָנאַלע קאָנפליקטן אַפן גאַנצן ערד-קיילעך, פארשטארקט די מאַכט פון די הערשנדיקע קלאַסן, פאַרגרעסערט דעם יאָך, וואס דריקט אַפן פּראָלעטאַריאַט און פארהאַלט זיין באפרייאונג.

דער שנעלער וואוקס פון די פּראָדוציר-קרעפטן, די אנאויפהערלעכע פאַרפולקאמונג פון די מאַשינעס, די אָנווענדונג פון דאַמף און עלעקטריע

אין דער אינדוסטריע, די גיגאנטישע אנטוויקלונג פון די טראנספּאָרט- און פאַרקער-מיטלען, די קרעדיט-באַדינגונגען, וואָס האַלטן זיך אין איין פאַרבע-סערן — דאָס אלץ האָט באַ דער קאפּיטאַליסטישער אָרדענונג געדארפט ברענגען צו איבערפלוס, צו גיגאנטישער איבערפּראָדוקציע.

די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פּראָדוצירן אסאך מער, איידער זיי קאָנען פאַרקויפן, און די רייכטימער וואַקסן אסאך שנעלער, איידער די מעגלעכקייט צו פאַרברויכן זיי מיט רעוועך אין געשעפט. די אנארכיע פון אונזער געזעל-שאפטלעכער אָרגאניזאציע טרעט ארויס בוילעטער, ווי ווען עס איז פריער.

די ציווילעזירטע וועלט איז געוואָרן צו קליין, אין איר האָט זיך אויס-געבילדעט אן איבערפלוס פון ארבעטער און מאשינעס, פון סכוירעס און קאַפּיטאַלן, וואָס זוכן פאַר זיך אן אָנווענדונג אין די ווייטע לענדער, קעדיי אויסצומיידן דעם קעסיידער דראָענדיקן קריזיס. די פאַבריקן דארפן אפילע ארבעטן מיט העזעק, קעדיי ניט צו פארגרעסערן ביז א געפערלעכער מאָס די ארמיי ארבעטלאָזע, קעדיי ניט ארויסצורופן א גוואַלדטעטיקע רעוואַ-לוציע.

דער קאַפּיטאַליזם פירט צו אימפּעריאַליזם, דער לעצטער אָבער שטויסט אומפארמיידלעך צו מיליטאַריזם, וואָס רואינירט די פעלקער און זויגט ארויס פון זיי די גאַנצע זאַפט. און אָט פארוואָס מיר דערקלערן אן אָנראַכמאָ-נעסדיקע מילכאָמע דער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, וועלכע פארשטארקט נאָך מער די הערשנדיקע קלאַסן, פארגרעסערט די מעגלעכקייט צו עקספּלואַטירן די פּראָדוצירער, העלפט מיט דער אנטוויקלונג פונם מילי-טאַריזם און אנשטאָט די נישטיקע גונסטן, גיט זי בלויז נייע שוועריקייטן, וואָס זיינען אומדערטרעגלעך פארן ארבעטער-קלאַס, וועמעס באַפרייאונג זי פארהאַלט.

דידאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע שטרעבונגען גיבן צו א נייעם ווערט די קאָלאָניאַלע לענדער. און דער אלטער רעזשים פון דער האנדלס-מאָנאָפּאָל ווערט טיילווייז ווידער געבוירן פונם אש. די קאָלאָניאַלע פארכאַפּונגען וועלן פארשטארקט ווערן און וועלן פארגרעסערן די לאַסט, וואָס ליגט אף די ארבעטער-קלאַסן, ווייל דער רעוועך וועט אריינפאַלן צו די גרויסע אונטער-נעמער, צו די האנדלס-הייזער, צו די סובסידירטע נאַוויגאַציע-געזעלשאַפטן, צו די קאָנצעסיעס-ספּעקוליאַנטן, צו די גרויסע באַאַמטע. די קאָלאָניעס — דאָס איז ווירקלעך „א צו טייערער לוקסוס” (מאַלינאַרי) פאַר אלע אייראָפּע-אישע נאַציעס.

דער קאָלאָניאַלער ביודזשעט פון פראנקרייך האָט זיך פון 1858 יאָר ביזן 1900 יאָר פארגרעסערט פון 20 מיליאָן ביז 100 מ.; צוזאַמען מיט די עקספּעדיציע-הויצאָעס גיט אויס די מעטראָפּאָליע אף די קאָלאָניעס 175 מיליאָן פראַנק יערלעך, ארויספירנדיק אהינצו בלויז 170 מיליאן יערלעך (45 פּראָצ. פונם גאַנצן עקספּאָרט). דייטשלאַנד איז אויסגעקומען צו דעקן אין 1903 יאָר דעם

קאָלאָניאלן דעפיציט פון 39.300.000 פראנק, אלס קאמפענסאציע פאר די גאר נישטיקע פארדינסטן פון איר האנדל און אינדוסטריע)*. גיט צו אהער די הויצאעס אפן פלאט און ארמיי, און מע וועט מוזן מודע זיין, אז די הויצאעס אפן אימפעריאליזם האָבן אָנגענומען מאמעש אן דריקנדיקן פאר־נעם פארן פראָלעטאריאט און אז דער אימפעריאליזם איז א מעניע פאר די סאציאלע רעפאָרמען.

און ניט געקוקט אף דעם אלעם, צי דארף מען פארורטיילן יעווידן קאלאניאלן באזיץ אין יעטווידן פאל שטענדיק און אומעטום?

3. די נייע באדערפעענישן, וואָס ווען אנקומען נאכן זיג פונם ארבעטער־קלאס און נאָך זיין עקאָנאָמישער באפרייאונג, וועלן שאפן די נויטיקייט אין קאָלאניאלע לענדער אפילע בא דער סאָציאליסטישער אָרדענונג פון דער צוקונפט.

די מאָדערנע לענדער קאָנען זיך שוין ניט באַגיין אן די געגנטן, וואס שטעלן צו געוויסע רוישטאָפן און טראָפישע־פראדוקטן, וואָס זיינען נויטיק פאר דער אינ־דוסטריע און פאר דער באפרידיקונג פון דער מענטש־הייט — און וועלן ניט קאנען אזוי לאנג, קאלזמאן עס וועט ניט זיין קיין מעגלעכקייט צו באַקומען אַלץ, וואָס איז נויטיק דורך דעם אויסטויש פון די פראָדוקטן פון דער אָרטיקער אינדוסטריע און האַנדל.

הייסט עס, אַז אַפילע דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט אויסקומען צו פירן אַ קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, רעגולירן די באַציאונגען צווישן די לענדער, וואָס האָבן דערגרייכט אַ העכערע שטופע פון עקאָנאָמי־שער אַנטוויקלונג אין פאַרגלייך מיט די אָפּגעשטאַנענע ראַסן.

אין דעם קלאַל ניט אומעגלעכן פאַל, ווען די קלימאַטיש־מעסיקע זאנעס וואלטן זיך אַרויסגעוויזן באַפעלקערט איבער דער מאָס און עס וואָלט זיך אויסגעלאָזט, אַז די טראָפּישע לענדער זיינען נויטיק דער אַלטער וועלט, קעדיי צו באַקומען פון דאָרטן עקזיסטענץ־מיטלען און רוויוואַרג, וועט דער מענטשהייט אויסקומען צו לייזן נייע פראָבלעמען. פון 1870 יאָר ביז 1900 יאר האָבן העכער 20 מיליאָן מענטשלעכע נעפאַשעס פאַרלאָזן אייראָפּע, וואָס איר באַפעלקערונג פאַרגרעסערט זיך פונדעסטוועגן אַף 0,88 פראָצענט יערלעך.

די ציוויליזירטע פעלקער, וואָס האָבן דעראָבערט די סאָציאַלע גלייכ־הייט, קאָן זיך אויסוויזן צו ענג אין די שמאָלע גרענעצן פון דער אַלטער

* דער האנדלס־אומזאַץ פון די דייטשישע קאלאניעס האט דערגרייכט אין 1901 יאר בלויז 71 מיליאן פר.; א היפשער טייל דערפון קומט אויס אף ספירט פאַר די ארטגעבירטיקע און אף די שפייז־פראדוקטן פאר די רעגירונגס־באאמטע.

וועלט, אין דער צייט ווען אין די אַנדערע וועלט-טיילן וועט זיך אונטער דער זון געפינען אָרט פאַר מיליאָנען מענטשלעכע נעפאַשעס *

צי וועלן מיר דאַן זיין בעקויעך איבערצולאָזן אַ העלפט ערד-קוגל אין רעשוס פון די פעלקער, וועלכע געפינען זיך נאָך אינם קינדער-פעריאָד, וועלכע לאָזן אומבאַרירט די קאָלאָסאַלע אונטערערדישע רייכטימער אין די סאַמע פרוכטבאַרע טיילן פון אינזער פלאַנעטע? אָדער מיר וועלן דאַרפן אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער מענטשהייט זיך אַריינמישן, קעדיי די ערד,—דאָס אייגנטום פונם גאַנצן מענטשלעכן מין, זאָל צושטעלן אַלע אירע איינוואוינער עקזיסטענץ-מיטלען? צי דאַרפן מיר דען ניט פאַרשטיין אונטער דער סאָציאַליזירונג פון די פראָדוציר-מיטלען, אַז אַלע מיטלען צום לעבן און אַרבעט וועלן אַ ל ע מ ע ן געהערן?

די צוקונפט וועט לייזן די דאָזיקע פראַגע. אָבער אויך פאַר דער היינט-צייטיקער געזעלשאַפט איז אומפאַרמיידלעך דאָס באַהערשן די קאָלאָניעס. דער מאָדערנער מענטש קאָן ניט עקזיסטירן אָנם רויוואַרג, וואָס איז נויטיק פאַר דער אינדוסטריע (בוימוואָל, וואַלד, קאוטשוק, עלפאַנט-ביין א. א. וו.), אָן שפייז-פראָדוקטן, וואָס מע קאָן אין ערגעץ ניט באַקומען, אַכוץ אין די דאָזיקע לענדער, און אויב מען קאָן, איז בלויז מיט גרויסע שוועריקייטן (קאַווע, טאַבאַק, טיי, כינין, מוסקאַט-ניס א. א. וו.). דער גרעסטער טייל פונם ערד-קיילעך טויג ניט פאַר באַאַרבעטונג און ווייל די ציוויליזירטע לענדער קאָנען דעריבער זיך אַרויסוויייזן אומפעאיק צו באַפרידיקן זייער באַפעל-קערונג, וועט אַפילע אויסקומען שטערן די פרימיטיווע פעלקער צו פאַרניכטן אָן אַ זין די קאָלעקטיווע רייכטימער: פאַרברענען די וועלדער, אויסצערן דעם באָדן, פאַרניכטן די באַלעכאַיעם.

„די קאָלאָניאַלע פאָליטיק — זאָגט וו. ליבקנעכט, — וואָס באַזעצט די וועלט, וואָס באַוועגט פאָרויס די ציוויליזאַציע און דעם פראָגרעס פון דער מענטשהייט, איז פולקאָם באַרעכטיקט” (רעדע אינם רייכסטאָג אין 1889 יאָר), אָבער ליבקנעכט האָט דעמאָלסט אויסגעדריקט די מוירע, אז פאַר אַזאַ קאָלאָ-ניאַלע פאָליטיק איז נאָך ניט אָנגעקומען די צייט.

עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך אָדער מעגלעך, אַז די עקזיסטענץ פון די קאָלאָניעס וועט זיך אַרויסוויייזן בלויז פאַר א צייטווייליקע אין דער געשיכטע פון דער וועלט. ווען די קאָלירטע ראסן וועלן דערגרייכן די העכסטע שטופע פון ציוויליזאַציע, פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג; ווען עס וועלן זיך אַנטוויק-לען די אינדוסטריע און ערדאַרבעט און עס וועט ווערן מעגלעך דער אויסטויש לויט אָפּמאַכן, וועלן זיי האָבן דאָס רעכט אַף אַווטאָנאָמיע. אָבער זייער א

* 1,550 מיליאָן, וואָס באפעלקערן די ערד, זיינען צעזייט אַף א שעטעך פון 137 מיליאָן קוו. קילאָמעטער, ד. ה. אַף איין קילאָמעטער קומט אויס 11,6 נעפאַשעס. אייראָפּע ציילט 40,5 איינ-וואוינער אַפן זעלביקן שעטעך, און באַ דער איצטיקער פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג, וועט זיך די דאָזיקע צאָל צום 1900 יאר פאַרטאָפּלען.

לאַנגער טערמין טיילט אונז נאָך אָפּ פון דעמדאָזיקן פעריאָד פון דער מענטש־לעכער סאָלידאַריטעט, ווען די גאַנצע ערד וועט בילדן אן איינהייטלעכן וועלט־פאַרבאַנד פון קאָאָפּעראַציעס און אַסאָסיאַציעס פון די פּראָדוציר־קויכעס, אן אוניווערסאַלע אָרגאַניזאַציע פון דער ברידערלעכקייט פון די פעלקער. עס וואָלט געווען אוטאָפּיש אָפּצוזאָגן זיך פון פאַרברייטערן די קאָלאָניעס ביז מע וועט זיך דערוואַרטן אַף אַזאַ אָרדענונג, ביזן אָנקומען פון דער סאָציאַליסטישער ערע.

אַדעראַבע, מיר דאַרפן אין יעדן ספּעציעלן פאַל אָפּוועגן דעם נוץ אָדער דעם שאָדן פון דעם אָדער יענעם קאָלאָניאַלן באַזיץ און באַטראַכטן די פראגע פון די פאַרשיידענע אויבנאויסגערעכנטע זייטן. (די אָדער יענע קאָלאָניע קאָן זיין נוציק, אָבער אויך שעדלעך; ווען אַ קאָלאָניע איז א צו שווערע לאַסט פאַר דער מעטראָפּאָליע, קאָן די דאָזיקע מעטראָפּאָליע אויך ווערן צעדריקט פון דער דאָזיקער לאַסט). ביכלאַל גערעדט, איז די בורזשואַזיע מעגאַזעם די נוצן פון די קאָלאָניעס, און פאַרגעסט, אַז אין דאָסראָוו פאַלן קאָנען דיזעלבע נוצן באקומען ווערן אָן פאַרכאַפּן די קאָלאָניעס, ד. ה. אָן דעראבערשע מיל־כאָמעס, אָן אויפבּרויזן פון ראַסן־האַס, וואָס זיינען א רעזולטאַט פון אַזוינע פאַרכאַפּונגען.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס די גרונט־פּאָליטישע טעטיקייט אירע איז צו אנטוויקלען די קלאסן, זייער קאַמף, און וואָס בעהעסקעם מיט אירע פּרינציפּן, ציל און שטרעבונגען, פאַרורטיילט זי שטרענג אַלע מינים עקספּלואַטאציע, סאַי פון באַזונדערע אינדיווידומען סאַי אויך פון קלאַסן, ראסן און פעלקער,—האַלט זיך אין איר קאָלאָניאלער פּאָליטיק באַ אָט די קלאָלים:

אַזוי ווי דער קאַפּיטאַליזם איז אן אומפארמיידלעכע סטאַדיע פון דער עקאָנאָמישער עוואָלוציע, וועלכע עס וועלן אויך דאַרפן דורכגיין די קאָלאניעס, איז נויטיק אויך אין די קאָלאָניעס, צו מאַכן מעגלעך דעם וואוקס פונם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם, ווען אפילע דערצו וואָלט נויטיק געווען מאקרעוו צו זיין די אלטע פאָרמען פון אייגנטום (קאָלאָניאלע און פעאָדאלע).

אָבער אין דערזעלבער צייט דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קעמפן מיט אלע קויכעס קעגן דער דעגענערירנדיקער ווירקונג פון דער־דאָזיקער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג אפן קאָלאָניאלן פּראָלעטאריאט. איבערהויפּט נאָך, ווען דער לעצטער וועט, ווי מע קאָן דאָס פאָרויסזעען, ניט זיין בעקויעך צו פירן דעמדאָזיקן קאמף מיט די אייגענע קרעפטן.

ק. מאַרקס היפּאָטעזע, אז אייניקע לענדער וועלן קאָנען, זאָל זיין אפּילע טיילווייז, אויסמיידן דעם קאפּיטאליסטישן פּעריאָד אין זייער עקאָנאָמישער עוואָלוציע, איז ניט מעקוייעם געוואָרן; די פּרימיטיווע פעלקער וועלן קומען צו דער ציוויליזאציע ערשט דעמאָלט, ווען זיי וועלן דורכגיין דידאָזיקע גאלגאפּע. אונזער כּיוון הייסט עס איז ניט צו פאַרהאַלטן די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם — דעם נויטיקן רינג אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט; מיר קאָנען אפּילע מיטהעלפן זיין געבורט, פאַרלייכטערנדיק די געבורט-ווייען.

קיינמאָל דאַרף מע ניט ארויסלאָזן פון אויג דעם אונטערשייד, וואָס דאַרף זיין אין דער טאַקטיק פון די סאָציאליסטן, בענויגייע צום אנטשטייענדיקן קאפּיטאליזם און בענויגייע צום קאפּיטאליזם, וואָס דערנעענטערט זיך צו זיין טויט. דער איבערגאנג פון דער אגראַרער אָרדענונג, וואָס עקזיסטירט נאָך אין דאָסראָוו קאָלאָניעס, צום אינדוסטריעלן קאפּיטאליזם, איז אומפאַרמיידלעך: די פעאָדאלע אָרדענונג וועט פאַרשוואונדן ווערן אין די קאָלאָניעס ווי זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין אייראָפּע און אין אנדערע ערטער; קיינער וועט דעם ניט קאָנען שטערן.

ניט פאַרהאַלטנדיק דעם פּראָגרעס, קאָנען מיר אזוי ארום לינדערן די ווייען פון דער עוואָלוציע, אויסמיידן יענעם דאַלעס, וואָס באווייזט זיך שוין אין אינדיע אין דער פאָרם פון שרעקלעכע הונגער-נויטן. אזוי ווי מיר באַגייען זיך אין אייראָפּע בענויגייע צום קליינעם ערד-אייגנטום, פּונקט אזוי, איז ניטאָ קיין שום נויט צו פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון דער פּראָלעטאַריזאציע און אָפּנעמען די ערד בא די ארטגעבורטיקע. אדעראַבע, עס איז נויטיק צו פאַרקלענערן די שוועריקייטן, וואָס ליגן אף זיי, קעמפן מיט דער וואכעריי ניט דערלאָזן דאָס אָפּנעמען זייער ערד פאַר דעם פרעמדן עלעמענט; אזא פּאָליטיק איז נאָך מער נויטיק, ווייל עס איז צווייפלהאַפט, צי די ארטגעבורטיקע, בא וועמען מע האָט צוגענומען די ארבעט-מאכשירים, זאָלן ווען עס איז (אָדער לעכאָלאַפּאָכעס אין א וואָסער עס איז נאָענטער צוקונפט) בילדן א באוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאט; די ראַסע, די ווירקונג פון דער געשיכטע וועלן זיך לאָזן פילן. באַשיצנדיק זיי, וועלן מיר געווינען זייערע סימפּאטיעס; מיטהעלפנדיק זייער פּראָלעטאַריזאציע, וועלן מיר בלויז זיך שאַפן סאָנים, א מאַסע דעגענערירטע קנעכט, וואָס זיינען ניט פעאיק צו וועלכער עס איז ענערגישער טעטיקייט, דעמאָראַליזירטע דורך דער אָרעמקייט, פולשטענדיק אויסגעצערטע פיזיש און גייסטיק. די אָרטגעבורטיקע פון די קאָלאָניעס, וואָס זיינען די קאָרבאָנעס פון דער ווילדער עקספּלואטאציע, וועלן קיינמאָל בא אזעלכע באַדינגונגען ניט שאַפן קיין אָרגאַניזירטן ארבעטער-קלאַס, וועלכער אליין איז נאָר בעקויעך דערשלאָגן זיך די באַפרייאונג. שטערן דער אנטוויקלונג פון די פאַרקריפּלטע פאָרמען פון דער עקספּלואטאציע, באשיצן די ארטגעבורטיקע, איינצוימען

די רויבעריי פון די קאפּיטאַליסטן, שאפֿן ווי ווייט דאָס איז נאר מעגלעך, א באַוואוסטזיניקן און סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער וועט מיט דער צייט קאָנען באַהערשן זיין זעלבשטענדיקייט, אָט דאָס איז דער כיוון, וואָס אונז שטעלט די געשיכטע, דאָס איז די אויפגאַבע, וואָס מיר קאָנען אויספילן.״

## ב. די רעזאָלוציע פון אמסטערדאמער קאנגרעס פון 1904 יאר

„נעמענדיק אין אַכט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע פונם קעסיידער וואַקסנדיקן קאָלאָניאַלן געביט ווערט אַלץ שטאַרקער און אָרדע-בונגסלאָזער. אַז זי צערט אויס די נאַטירלעכע רייכטימער פון די קאָלאָניעס און וואַרפט אונטער די ארטגעבוירטיקע אונטער דער שווערסטער, אָפּטמאָל בלוטיקער, אונטערדריקונג, אַז דידאָזיקע עקספּלואַטאַציע ברענגט דעם פּראָלע-טאַריאַט נאָך אַ גרעסערע אָרעמקייט, — דערמאָנט דער קאָנגרעס וועגן דעם באַשלוס פונם פּאַריזער קאָנגרעס אין 1900 יאָר וועגן דער קאָלאָניאַלער פראַגע און דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק און דערקלערט, אַז אין דער פליכט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פּאַרלאַמענטישע פראַקציעס פון די פאַרשיידענע לענדער גייט אַריין: 1) אומבאַדינגט זיך קעגנשטעלן אלע אימפּעריאַליסטישע און פּראָטעקציאָניסטישע פּראָיעקטן, די קאָלעריי קאָלאָ-ניאַלע דעראָבערונגס-מילכאָמעס און די קאָלעריי קריגס-הויצאָעס אַף די קאָלאָניעס, 2) קעמפן קעגן די קאָלעריי מאָנאָפּאָלן און קעגן די קאָלעריי גרויסע ערד-קאָנצעסיעס און שטרענג אַכטונג געבן, אַז די רייכטימער פון די קאָלאָניעס זאָלן ניט צעשלעפּט ווערן דורכן קלאַס פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטן, 3) אָנראכמאָנעסדיק אויפדעקן אין דער פּרעסע אַלע אַכזאָרישע גוואלד-טאַטן, וואָס אַלס קאָרבן זייערע זיינען די אָרטגעבוירטיקע; פאָדערן פאַר זיי ענערגישע מאָסמיטלען אַף צו באַשיצן זיך פון דער מיליטערישער באר-בעריי און פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און איבערהויפּט אכטונג געבן אַף דעם, אַז עס זאָל דורך שווינדל אָדער גוואלדטאַט ניט פּאָרקומען קיין רויבעריי בענויגייע צום אייגנטום פון די אָרטגעבוירטיקע, 4) פאַרלייגן און אונטערשטיצן די מאָסמיטלען, וואָס קאָנען פאַרבעסערן די לאַגע פון די אָרטגעבוירטיקע, ווי לעמאָשל, אַלגעמיין-נוציקע אַרבעט, היגיענישע מאָסמיטלען, איינאָרדענען שולן א. א. וו. שטרעבן דערצו, אַז מע זאָל פּאַראַליזירן די שעדלעכע ווירקונג פון די מיסיאָנערן, 5) פאָדערן פאַר די אָרטגעבוירטיקע יענע פרייהייט אין זעלבשטענדיקייט, וואָס אַנטשפּרעכט דעם ניוואָ פון זייער אַנטוויקלונג, האָבנדיק אין זינען, אַז דער ציל, צו וועלכן מע דאַרף שטרעבן, איז די פולשטענדיקע עמאנסיפּאַציע פון די קאָלאָניעס, 6) פאָדערן אַ פּאַרלאַמענטישן קאָנטראָל איבער דער אויסערן-פּאָליטיק, ווייל אַדאַנק דער נאַ-טירלעכער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרלאַמענטישער סיסטעם, וואַרפט זיך דידאָזיקע פּאָליטיק מער און מער אונטער דער באַהאַלטענער ווירקונג פון דער פּלוטאָ-קראַטישער קנופּיע״.

## ג. רעזאלוציע פונם שטוטגארטער קאנגרעס

„דער קאָנגרעס האַלט זיך באַ דער מיינונג, אַז די קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פירט, אַדאַנק דעם סאַמע מעהוס אירן, צו פאַרקנעכטונג, צו צוואנג-אַרבעט, אָדער צו דער אויסראָטונג פון דער אָרטגעבורטיקער באַפעלקערונג אין די קאָלאָניאַלע געגנטן. די ציוויליזאַטאָרישע מיסיע, וואָס אַף איר פאַרופט זיך די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, דינט בלויז אַלס צודעק פון די דעראָבערישע און עקספּלואַטאַטאָרישע באַגערן. בלויז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט גיט אַלע פעלקער די מעגלעכקייט צו דערגרייכן די העכסטע שטופע פון דער קולטור. אָנשטאָט צו פאַרגרעסערן דעם סכום פּראָדוציר-קויכעס, פאַרניכטעט די קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניאַל-פּאָליטיק די נאַטירלעכע רייכטימער פונם לאַנד, וואו זי פירט איין אירע פאראנדקעס דורך דער פאַרקנעכטונג און רואינירונג פון די אָרטגעבורטיקע און דורך מערדערישע פאַרוויסטונגס-מילכאָמעס. אַזוי אַרום פאַרלאַנגזאמט זי און פאַרהאַלט אַפילע די אַנטוויקלונג פונם האַנדל און דעם אפזאַץ פון די פּראָדוקטן פון דער אינדוסטריע פון די ציוויליזירטע לענדער.

דער קאָנגרעס פאַרורטיילט די בארבארישע מעטאָדן פון דער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניזאַציע און פאָדערט אין די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר-קרעפטן, אַזאַ פּאָליטיק, וואס זאָל זיכערן די פרידלעכע קולטורעלע אַנטוויקלונג, און באַ וועלכע די נאַטירלעכע רייכטימער פון דער ערד זאָלן דינען דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט אינגאַנצן גענומען.

דער קאָנגרעס באַשטעטיקט די רעזאָלוציעס וועגן דער קאָלאָניאַלער פראגע, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אַפן פאַרטייאישן (1900 יאָר) און אַמסטערדאַמער (1904) קאָנגרעסן, און וואַרפט נאָכאַמאָל אָפּ דעם איצטיקן קאָלאָניזיר-מעטאָד, וועלכער איז לויט זיין מעהוס אַ קאַפּיטאַליסטישער און פאַרפאָלגט בלויז איין ציל — דעראָבערן פרעמדע ערד און איינעמען די אויסלענדישע פעלקער, קעדיי זיי אומדערבאַרעמדיק צו עקספּלואטירן אין די אינטערעסן פון א נישטיקער מינדערהייט, דערביי פאַרגרעסערט זיך נאָך די לאסט, וואָס ליגט אַפן פּראָלעטאַריאַט אין די מעטראָפּאָליעס.

אַלס סוינע פון יעדן מין עקספּלואַטאַציע פונם מענטשן, אַלס פאַרטיידיקער פון אַלע אונטעודריקטע, אָן אונטערשייד פון ראסע, פארורטיילט דער קאָנגרעס דידאָזיקע פּאָליטיק פון רויבערייי און דעראָבערונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר פאָשעט אַ ציניש באַנוצן זיך מיטן רעכט פונם שטארקן און זאָס צעטרעטן די רעכט פון די באזיגטע פעלקער.

די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פארגרעסערט די געפאַר פון די מיליטערישע קאָמפּליקאציעס צווישן די מעלוכעס, וואָס פארנעמען זיך מיט דער קאָלאָניזאַציע, און די הויצאָעס אפן מיליטער און פלאָט פאלן אף זיי מיט נאָך א גרעסערער לאָסט.

אינם פינאנציעלן פּראט איז נויטיק, אַז די קאָלאָניאַלע הויצאָעס..., סאַי די, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך דער אנטוויקלונג פונם אימפּעריאַליזם, און סאַי די, וואָס ווערן געמאַכט אין די אינטערעסן פון דער עקאָנאָמישער אנט-וויקלונג פון די קאָלאָניעס, זאָלן פאַלן אף די, וואָס באקומען אליין די נוצן פונם באַרויבן פרעמד'ע לענדער, און שעפּן פון דאָרט זייערע רייכטימער.

דער קאָנגרעס מעלדעט ענדלעך, אַז די סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן זיינען פאַרפליכטעט צו פירן אין זייערע פּאַרלאַמענטן אַן אומבעשאָלעמדיקן קאַמף מיטן דאָזיקן מעטאָד פון עקספּלואַטירן און פאַרקנעכטן, וואָס הערשט אין אַלע עקזיסטירנדיקע קאָלאָניעס. צוליב אָט דעם ציל דאַרפן זיי זיין פאַר רעפאָרמעס, וואָס זיינען מעסוגל צו פאַרבעסערן דעם שיקזאַל פון די ארטגע-בורטיקע, דאַרפן מאַכן אַ סאָף מיט אויוועך זיין זייערע רעכט, מיט יעדער עקספּלואַטאַציע און מיט זייער פאַרקנעכטונג און זיך באַמיען מיט אַלע מיט-לען, וואָס געפינען זיך אין זייער רעשוס, צו דערציען און די אָרטגעבורטיקע אומאָפּהענגיקייט."

# 36. דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנ-גרעס אין שטוטגאַרט וועגן מילכאָמע און די פליכטן פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען

(1907 VIII 24 — 18)

„דער קאָנגרעס באַשטעטיקט די רעזאָלוציעס פון די פריערדיקע אינטער-נאַציאָנאַלע קאָנגרעסן איבער דער פראַגע וועגן קאַמף מיטן מיליטאַריזם און אימפּעריאַליזם און דערמאָנט, אַז דער קאַמף מיטן מיליטאַריזם קאָן ניט אָפּגעטיילט ווערן פון דער טעטיקייט פונם סאָציאַליסטישן קלאַסנקאַמף אינגאַנצן גענומען.

די מילכאָמעס צווישן די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס זיינען אין אַלגעמיין גענומען אַ פּועלייוצע פון זייער קאָנקורענץ אַפן וועלט-מאַרק, ווייל יעדע מעלוכע שטרעבט, ניט נאָר צו זיכערן פאַר זיך אַ געוויסן מאַרק, נאָר צו דערוועדבן נייע מערק, הויפּטזאַכלעך דורך פאַרקנעכטן אַן אַנדער פאָלק און דורך אָפּנעמען זיין טעריטאָריע.

דידאָזיקע מילכאָמעס זיינען אַ רעזולטאַט פון דער אנאויפהערלעכער קאָנקורענץ, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך די מיליטאַריסטישע באַוואָ-פענונגען, וועלכע שטעלן פון זיך פאָר איינס פון די הויפּט-מיטלען פון דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און פון דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן פאַרקנעכטן דעם אַרבעטער-קלאַס.

די מילכאָמעס ווערן אונטערשטיצט דורך די נאַציאָנאַליסטישע פאָרור-טיילן, וועלכע ווערן סיסטעמאַטיש קולטיווירט אין די אינטערעסן פון די

הערשנדיקע קלאַסן, קעדיי אַזוי אַרום אָפּצוציען דעם פּראָלעטאַריאַט פון זיינע קלאַסן-פליכטן און פון זיין כויוו כון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט.

אַף אַזאַ אויפן טראָגן די מילכאָמעס אַ קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער און וועלן אויפהערן בלויז צוזאַמען מיטן פאַלן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אָדער דעמאָלט, ווען דער שלאַל מענטשלעכע און געלט-קאָרבאָנעס, וואס זיינען נויטיק אַף צו אַנטוויקלען די מיליטערישע טעכניק, און דער שטורמישער פּראָטעסט, וועלכן די באַוואָפענונגען וועלן אַרויסרופן, וועלן צווינגען די פעלקער אָפּצוזאָגן זיך פון דערדאָזיקער סיסטעם.

דער אַרבעטער-קלאַס, וואס הויפּטזאַכלעך פון זיין סוויווע ווערן ווערבירט די סאָלדאַטן, און וועלכער טראָגט מער פון אַלעמען די גאַנצע מאַטעריעלע לאַסט פון דער מילכאָמע, איז אַ נאַטירלעכער קעגנער פון דער מילכאָמע, ווייל זי איז סויסער דעם צ״ל, וואס ער פאַרפאָלגט, ד. ה. שאַפן אַ נייע עקאָנאָמישע אָרדענונג, וואס איז געגרינדעט אַף סאָציאַליסטישע אָנשויאונגען און וואָס האָט אין זינען צו פאַרווירקלעכן בעפּויעל די סאָלידאַרישקייט פון די פעלקער.

דעריבער האַלט דער קאָנגרעס פאַרן כויוו פון אַלע אַרבעטער און פון זייערע פאָרשטייער אין די פּאַרלאַמענטן צו קעמפן מיט אַלע מיטלען קעגן די באַוואָפענונגען סײַ אַף דער יאַבאָשע און סײַ אַפן יאַם, און אויפדעקן דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און די מאָטיוון, צוליב וועלכע זי שטיצט אונטער דעם נאַציאָנאַלן אַנטאַגאָניזם, און אויך אָפּזאָגן אַזאַ פּאָליטיק אין יעדער געלט-שטיצע און באַמיען זיך, אַז די פּראָלעטאַרישע יוגנט זאָל דערצויגן ווערן און די סאָציאַליסטישע אידייען פון ברידערלעכקייט פון די פעלקער און אַז אין איר זאל קעדיידער אונטערשטיצט ווערן א״ר קלאסנבאוואוסטזיין.

דער קאָנגרעס קוקט אַף דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזיר-סיסטעם פון דער מיליציע, וואס דאַרף מיט זיך פאַרבייטן די שטענדיקע אַרמייען, אַלס אַף אַ רעאַלע גאַראַנטיע, וואס וועט מאַכן אומעגלעך אַגרעסיווע מילכאָמעס און וועט מיטהעלפן דער פאַרשווינדונג פונם נאַציאָנאַלן אַנטאַגאָניזם.

דער אינטערנאַציאָנאַל קאָן ניט אָנצייכענען פאַרויס אין שטרענג באַשטימטע ראַמען די טעטיקייט פון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, וועלכע מוזן אַף א נויטווענדיקן אויפן זיין פאַרשיידן, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען, אָרט און צייט. ער האַלט אָבער פאַר זיין כויוו, ווי ווייט מעגלעך צו פאַרשטאַרקן און קאָאָרדינירן די אָנשטרענגונג פונם אַרבעטער-קלאַס, וואס זיינען געווענדעט קעגן מיליטאַריזם און מילכאָמע.

און ווירקלעך, זינט דעם בריוסעלער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס האט דער פּראָלעטאַריאַט, פירנדיק אַן אומאויפהערלעכן קאַמף מיטן מיליטאַריזם דורך ניט געבן קיין דערלויבעניש אַף די מיליטערישע און יאַם-קרעדיטן און דורך דער שטרעבונג צו דעמאָקראַטיזירן די אַרמיי, — אָנגעווענדעט מיט א וואַקסנדיקער ענערגיע און קראַפט די פאַרשיידנאַרטיקסטע מיטלען, קעדיי אויסצו-

מיידן מילכאמעס אָדער קעדיי אויפהערן זיי, אָדער צו אויסצונוצן לעטויוועס דער אנטקנעכטונג פונם ארבעטער-קלאס יענע דערשיטערונגען, וועלכע די מילכאָמע האט ארויסגערופן אין אלע שיכטן פון דער געזעלשאפט. אזוי לעמאָשל, זיינען עס: דער אָפּמאַך צווישן די ענגלישע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פראַנצויזישע אַרבעטער-סינדיקאַטן, וואס איז געשלאָסן געוואָרן נאָכן אינצידענט אין פאַשאָד, קעדיי צו זיכערן דעם שאָלעם און איינשטעלן גוטע באַציאונגען צווישן פראנקרייך און ענגלאַנד; דאָס אויפירן זיך פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אינם פראַנצויזישן פאַרלאמענט און אינם דייטשישן רייכסטאג באַם מאַראָקאַנער קריזיס, די פאָלקס-מאניפעסטאַציעס, וואס זיינען צוליב דעם אָרגאניזירט געוואָרן דורך די פראנצויזישע און דייטשישע סאָציאַ-ליסטן; די קאָאָרדינירטע טעטיקייט פון די עסטרייכישע און איטאַליענישע סאָציאַליסטן, וואס האבן זיך פארזאמלט אין טריעסט, מיטן צוועק פארויסצו-מיידן דעם צוזאַמענשטויס פון ביידע מעלוכעס; דאס ענערגישע אַריינמישן זיך פונם אַרבעטער-קלאַס אין שוועדן מיטן צוועק צו שטערן דעם אָנפאַל אַף נאָרוועגיע; לעסאָף דער העלדישער און מעסירעס-נעפעשדיקער מאַסן-קאַמף פון די סאָציאַליסטן, פון די רוסישע און פוילישע פויערים און אַרבעטער אַף שטערן דעם צאַריזם צו פירן אַ פארביטערטע מילכאָמע, קעדיי צו מאַכן מיט איר אַ סאָף, און קעדיי צווישן אָט דעמצוזאַמענשטויס וואַרפן די רוסישע פעלקער און דעם פראָלעטאריאַט אַ רוף צו פרייהייט. אָט די גאַנצע טעטיקייט ווייזט אָן אַף דער וואַקסנדיקער מעכטיקייט פונם אַרבעטער-קלאַס און אַף זיין קעסיידערדיקער שטרעבונג אונטערצושטיצן דעם שאָלעם דורך אַן ענערגישן אַריינמישן זיך. פאַרן ערפאָלג פון אָט דער טע-טיקייט איז נויטיק, אַז אַ קעסיידערדיקע פראָפּאגאנדע זאָל צוגרייטן די מענטשן צו מעכטיקע אַרויסטרעטונגען, און די טאַטן פון די באזונדערע נאַציאָנאלע פאַרטייען זאָלן קעסיידער אַרויסגערופן און קאָאָרדינירט ווערן דורכן אינטער-נאציאָנאַל. דער קאָנגרעס איז, כוץ דעם, איבערצייגט, אַז אונטערן דרוק פונם פראָלעטאריאַט וועט די ערנסטע אָנווענדונג פונם אינטערנאציאָנאלן אַרביטראַזש אין דער פראַקטיק פאר אַלע כעלוקע-דייעס, פארבייטן מיט זיך די נעבעכדיקע פרואוון פון די בורזשואַזע רעגירונגען און, אַף אַזאַ אויפן, וועט דעם פאָלק געזיכערט ווערן די מאַזלבראָכעדיקע אַלגעמיינע אַנטוואָפענונג, וועלכע וועט געבן אַ מעגלעכקייט צו פארווענדן לעטויוועס דער ציוויליזאציע די אומגע-הויערע רעזערוון ענערגיע און רייכטימער, וואס ווערן איינגעשלונגען דורך די באַוואָפענונגען און מילכאָמעס. דער קאָנגרעס דערקלערט: אויב עס דראָט אויסצוברעכן אַ מילכאָמע, איז די פליכט פון יעדן אַרבעטער-קלאס אין אַלע פאַרינטערעסירטע לענדער און דער כויוו פון זייערע פאָרשטייער אין די פאַר-לאַמענטן אָנצואווענדן, מיט דער הילף פון דער אינטערנאציאָנאלער ביוראָ, דורך ענערגישע און קאָאָרדינירטע אַקציעס, אַלע מעגלעכע אָנשטרענגונגען, קעדיי צו שטערן דער מילכאָמע מיט אַלע מיטלען, וואס זיי וועלן אנערקענען,

פאַר די פּאַסיקטטע, און וואָס קאָנען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זיין פאַרשיידן בעהעסקעם מיטן גראַד פאַרשאַרפטקייט פונם קלאַסנקאַמף און פון דער אַלגע-מיינער פּאָליטישער לאַגע.

אויב אָבער די מילכאָמע איז, ניט געקוקט אַף דידאָזיקע אַלע מיטלען, שוין אַנטשטאַנען, זיינען זיי פאַרפליכטעט אָנצוּואוּוענדן אַלע קרעפטן, קעדיי וואָס פריער מאַכן אַ סאָף מיט איר און אויסנוצן מיט אַלע קויכעס דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער מילכאָמע, קעדיי אויפצורודערן די טיפסטע געזעלשאַפטלעכע שיכטן און פאַר-גיכערן דאָס פאַלן פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט".

## 37. דער באַזעלער מאַניפעסט (1912-טן יאָר)

אַף די קאָנגרעסן אין שטוטגאַרט און קאָפּענהאַגען האָט דער אינטערנאַ-ציאָנאַל שוין פאָרמולירט די קלאָלים פון דער טעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַ-ריאַט אין אַלע לענדער פאַרן קאַמף קעגן מילכאָמע.

(דאָ גייען די לעצטע צוויי באַשטימונגען פון דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס)

מער איידער ווען עס איז אַנדערש דיקטירן איצטער די אומשטענדן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אַריינצוטאָן אין זיין קאָאָרדינירטער טעטיקייט די גאַנצע מעגלעכע מעכטיקייט און ענערגיע. פון איין זייט, די ווילדע יאָגעניש נאָך באַוואָפענונג, פאַרגרעסערנדיק דעם יאָקרעס, האָט פאַר-שאַרפט די קלאַסן-סינע און האָט דערפירט די אַרבעטער צו אַן אומדערטרעג-לעכער לאַגע. די אַרבעטער האָבן באַשלאָסן מאַכן אַ סאָף צו דעמדאָזיקן רעזשים פון אומזיניקער אויסבערענגעניש פון מיטלען און פון פּאַניק. פון דער אַנדערער זייט, די געפאַר פון מילכאָמע, וואָס ווייזט זיך פּעריאָדיש, רייצט אויף דאָס פאָלק אַלץ מער און מער. די גרויסע אייראָפּעאישע פעלקער שטייען שטענדיק פאַר דער מעגלעכקייט געוואָרפן צו ווערן איינס אַף דעם אַנדערן, דערביי קאָן אָט אַזאַ מין אויווער זיין אַף אַלע פּרינציפּן פון מענטשנליבע און פאַרשטאַנד בעשום אויפן ניט באַרעכטיקט ווערן דורך די אינטערעסן פון די פעלקער גופע. דער באַלקאַנישער קריזיס, וואָס האָט שוין אָנגעטאָן אַזויפיל צאָרעס, קאָן ווערן, אויב ער זאָל זיך נאָר פאַרשפּרייטן, די שרעקלעכסטע געפאַר פאַר דער ציוויליזאַציע און דעם פּראָלעטאַריאַט. דערביי וואָלט אַזאַ מין זאַך געווען אַ שענדלעכע היסטאָרישע געשעעניש, מאַכמעס דעם, וואָס די אומגעהויערע קאַטאַסטראָפע וואָלט בעכאָל-אויפן ניט געשטימט מיט דער ניש-טיקייט פון די אינטערעסן, וואָס האָבן זי אַרויסגערופן. דעריבער פאַרצייכנט דער קאָנגרעס מיט גרויס צופרידנקייט די פולשטענדיקע איינשטימיקייט צווישן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען און פאַראייניקונגען אין אַלע מילכאָמע-פירנדיקע

לענדער אין זייער נעגאַטיווער באַציאונג צו מילכאָמע. דער פּראָלעטאַריאַט איז אומעטום און איינצייטיק אויפגעשטאנען קעגן דעם אימפּעריאַליזם, און יעדע סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האט ארויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד דער רעגירונג פון איר לאַנד און האט אויפגעהויבן די געזעלשאפטלעכע מיינונג פון פאָלק קעגן די אַלע קריגערישע פאַנטאזיעס. אַף אַזא אויפן איז פארווירקלעכט געוואָרן די גראנדיעזע מיטארבעטערשאפט פון די ארבעטער פון אַלע לענדער, וואס האט שוין פיל אויפגעטאָן צו איינהיטן דעם שאָלעם. די מוירע פון די רעגירנדיקע קלאסן פאר א פּראָלעטארישער רעוואָלוציע, וואס וואָלט געקומען ווי אַ רעזולטאט פון אַן אלגעמיינער מילכאָמע, איז אַ גאנץ פעסטע גאראנטיע פארן שאָלעם. דער קאָנגרעס פאָדערט פון די סאָציאַליסטישע פּארטייען זיי זאָלן ענערגיש פאָרזעצן זייער טעטיקייט און אָנווענדן די אַלע מיטלען, וואס זיי וועלן געפינען פאר נויטיק.

אין אָט דער אַלגעמיינער טעטיקייט באשטימט דער קאָנגרעס פאר איט-לעכער סאָציאַליסטישער פּארטיי איר ספּעציעלע אויפגאבע.

די סאָציאַליסטישע פּארטייען פון דעם באלקאנישן האלבאינזל דארפן דורכפירן אַ שווערע ארבעט. די גרויסע אייראָפּעאישע מעלוכעס האבן זיך אַסאך געמיט, קעדיי סיסטעמאטיש צו פארציען די איינפירונג פון די נויטיקע רעפאָרמעס, קעדיי צו באשאפן אין טערקיי אַ פּאָליטישן און עקאָנאָמישן כאַאָס און קעדיי אויפצורייצן די נאציאָנאלע ליידנשאפטן, וואס מוזן אומפארמיידלעך ברענגען צו א מילכאָמע און צו אינעווייניקסטע אומרועו. קעדיי ניט צו דערלאָזן, אז דידאָזיקע לאגע זאָל אויסגענוצט ווערן לטויוועס דער דינאסטיע און דעם בורזשואזן קלאַס, האבן די באלקאנישע סאָציאליסטן מיט א וואונדערבאַרער מוטיקייט ארויסגעלאָזט די פאָדערונג פון א דעמאָקראטישער פעדעראציע. דער קאָנגרעס בעט זיי פאָרזעצן זייער ענערגישע טעטיקייט. ער פארהאָפט, אז די באלקאנישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע וועט נאָך דער מילכאָמע אויספּרובירן אלע מיטלען, קעדיי ניט צו דערלאָזן די דינאסטיעס, דעם מיליטאַריזם און די באַל-קאנישע בורזשואזיע, וואָס דאָרשט נאָך דערוועדבונגען, צו פארכאפּן די מאכט אין זייערע הענט און צו פארקריפלען די רעזולטאטן, וואָס האָבן זיך באקומען אדאנק אזעלכע שרעקלעכע קאָרבאָנעס. דעריקער רופט דער קאָנגרעס די באלקאנער סאָציאליסטן, זיי זאָלן מיט אלע מיטלען ניט דערלאָזן, ניט נאָר עס זאָלן זיך איבעראנייס אָנהויבן די פריערדיקע פיינטלעכע באציאונגען צווישן די סערבן, באָלגארן, רומענער און גריכן, נאָר אויך יעדער אונטערדריקונג פון די באלקאנישע פעלקער, וואס געהערן אינם איצטיקן מאָמענט צו דעם אנדערן לאגער, דעהאינע, די טערקן און אלבאנער. די באלקאנישע סאָציאליסטן זיינען מעכויעוו צו שטעלן זיך קעגן יעדן אויוועך זיין אַף די רעכט פון דידאזיקע פעלקער און קעמפן מיטן שאָוויניזם און די צעלאָזטע נאציאָנאליסטישע ליידנ-שאפטן דורך דער פארפעסטיקונג פון ברידערלעכקייט צווישן אלע באלקאנישע פעלקער, ניט אויסשליסנדיק די אלבאנער, טערקן און רומענער.

די סאָציאַליסטן פון עסטרייך, אונגארן, קראָאַציע און סלאוואָניע, באָסניע און הערצעגאָווינע דארפן מיט אלע קויכעס שטעלן זיך קעגן יעדער אטענטאט פון דער דונאישער מאָנארכיע אף סערביע. זייע כיוון איז צו שטערן, ווי זיי האָבן עס געטאָן ביז איצטער, דער פּאָליטיק, וואָס האָט בעקאוואנע צו בארויבן סערביע מיט דער הילף פון באוואָפנטער קראפט און דורך די שווערע רעזולטאטן פון מילכאָמע, צו פאַרוואנדלען זי אין אן עסטרייכישער קאָלאָניע און אָנברענגען, אין די אינטערעסן פון דער דינאסטיע, אף די פעלקער פון עסטרייך, און איניינעם מיט זיי אויך אף אלע פעלקער פון אייראָפּע, די גרעסטע צאָרעס. די סאָציאַליסטן פון עסטרייך-אונגארן דארפן, אכוץ דעם, קעמפן אין דער צוקונפט, אז די באזונדערע דאָרעם-סלאווישע פעלקער, וואס זיינען איצטער אונטער דער הערשאפט פון דעם האבסבורגישן הויז, זאלן קריגן, אפילע איבערבלייבנדיק אין דעם צוזאמענשטעל פון דער עסטרייך-אונגארישער מאָנארכיע, דאס רעכט אף דעמאָקראטישער זעלבסטפארוואלטונג.

די סאָציאַליסטן פון עסטרייך-אונגארן און אויך די סאָציאַליסטן פון איטאַליע וועלן א באזונדערע אויפמערקזאמקייט שענקען דער אלבאנישער פראגע. דער קאָנגרעס אנערקענט דאס רעכט פונם אלבאנישן פאָלק אף אווטאָנאָמיע, ער וויל אָבער ניט, אז אונטערן אויסרייד פון אווטאָנאָמיע זאל אלבאניע ווערן א קאָרבן פון עסטרייך-אונגארישע און איטאליענישע פּרעטענציעזע פארלאנגען. דער קאָנגרעס זעט איין אין דעם ניט נאָר א געפאר פאר אלבאניע אליין, נאָר אויך א סאקאָנע אין דער נאָענטער צוקונפט פארן שאָלעם צווישן עסטרייך-אונגארן און איטאליע. אלבאניע קאָן אומאָהפענגיק עקזיסטירן נאָר ווי אן אווטאָנאָמער מיטגליד פון א דעמאָקראטישער באלקאנישער פעדעראציע. דעריבער רופט דער קאנגרעס די עסטרייך-אונגארישע און איטאליענישע סאָציאַליסטן, זיי זאָלן זיך שטעלן אקעגן יעדער פרואוו פון זייערע רעגירונגען אריינצוציען אלבאניע אין דער ספערע פון זייער איינפלוס. ער בעט זיי פאָרזעצן זייער ארבעט צו פארזיכערן פרידלעכע באציאונגען צווישן עסטרייך-אונגארן און איטאליע.

מיט גרויס צופרידנקייט באַגריסט דער קאָנגרעס די פּראָטעס-שטרייקן פון די רוסישע אַרבעטער. ער זעט איין אין דעם, אַז דער רוסישער און פּוילישער פּראָלעטאַריאַט הייבט אָן צו קומען צו זיך נאָך די קלעפּ, וואָס ער האָט געקראָגן פון דעם קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן צאַריזם. דער קאָנגרעס זעט איין אין אָט דער אַרויסטרעטונג פון די ארבעטער די ווירקלעכסטע גאראנטיע קעגן די פאַרברעכערישע אינטריגעס פון דעם צאַריזם, וואָס נאָכדעם ווי ער האָט דערטרונקען אין בלוט די פעלקער פון זיין אימפעריע און האָט פיל מאָל פאַרעטעריש ארויסגעגעבן די באַלקאַנישע פעלקער צו זייערע סאָנים, וואקלט ער זיך איצטער צווישן דער מוירע פאַר די רעזולטאַטן, וואָס א מילכאָמע קאָן פאַר אים ברענגען, און דער שרעק פאַר דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס ער אַליין האָט באשאפן. אף אזא אויפן, ווען איצטער פרואווט דער צאַריזם

אַרויסטרעטן אין דער ראָלע פון א באַפרייער פון די באַלקאַנישע פעלקער, איז דאָס נאָר צוליב דעם, ער זאָל אונטער א צוויעסדיקן אויסרייד און דורך אַ בלוטיקער מילכאָמע קריגן אן איבערוועגנדיקן איינפלוס אַפן באַלקאַן. דער קאָנגרעס האָפט, אז דער שטאָטישער און דאָרפישער פראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד, פינלאנד און פוילן וועט זיך באַנוצן מיט זיין וואַקסנדיקער קראַפט, וועט אַראָפרייסן די פאַלשע מאַסקע און וועט אַרויסווייזן א ווידערשטאַנד קעגן יעדער קריגערישער אַוואַנטיורע פון דעם צאַריזם, קעגן אן ארויסטריט אַף אַרמעניע אָדער קאָנסטאַנטינאָפּאָל און וועט קאָנצענטרירן אלע זיינע קוי־כעס אין א נייעם באפרייאונגס-קאַמף קעגן דעם צאַרישן דעספּאָטיזם. דער צאַריזם איז אן אָנהאלט פאר אלע רעאקציאָנערע רעגירונגען אין איירָאָפּע און דער שרעקלעכסטער סוינע פון דעם רוסישן פאָלק. דער אינטערנאציאָנאַל האלט פאַר איינער פון זיינע הויפּט-אויפגאַבן אראָפּצוואַרפן אים.

אָבער אין דער אלגעמיינער אינטערנאציאָנאַלער טעטיקייט פאַלט אויס די וויכטיקסטע אויפגאַבע אַפן כיילעק פון די אַרבעטער אין דייטשלאנד, פריינקרייך און ענגלאנד. אין דעם איצטיקן מאָמענט דאַרפן די אַרבעטער פון דידאָזיקע לענדער פאָדערן פון זייערע רעגירונגען, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון יעדער הילף פאַר עסטרייך-אונגאַרן און רוסלאנד, אָפּהאַלטן זיך פון יעדער אריינמישונג אין די באלקאנישע סיכסוכים און אָפּהיטן אַבסאָלוטן נייטראליטעט. אויב צווישן די דריי גרויסע מעלוכעס, וואָס שטייען בעראָש פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, וואָלט אויפלאקערן א מילכאָמע איבער די סערביש-עסטרייכישע כעלוקע-דייעס אין דער פראַגע וועגן א פאָרט, וועט עס זיין א פארברעכערישע מעשוגאַעס. די ארבעטער פון דייטשלאנד און פראַנקרייך וועלן ניט דערלאָזן, אז געהיימע אָפּמאכן זאָלן ווען עס איז קאָנען שאפן פאַר זיי א פליכט אריינצומישן זיך אין דער באלקאנישער מילכאָמע. אויב אין רעזולטאט וועט א מיליטערישער כורבן פון טערקיי אונטעררייסן איר הערשאפט אין קליינאזיע, וועט זיין דער כויוו פון די סאָציאליסטן אין ענגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד מיט אלע קויכעס ניט דערלאָזן צו פירן א דעראָבערונגס-פּאָליטיק אין קליין-אַזיע, וואָס וועט אומפאַרמיידלעך ברענגען צו אן אלגעמיינער מילכאָמע. דער קאָנגרעס האַלט, אז די סינע צווישן גרויס-בריטאניע און דער דייטשישער אימפעריע, וואָס ווערט קינסטלעך אויפגעהאַלטן, איז די גרעסטע סאַקאָנע פאר דעם שאָלעם אין איירָאָפּע. ער באַגריסט די פרואוון פון דעם אַרבעטער-קלאַס פון אָט די צוויי מעדינעס צו פאַרניכטן דעמדאָזיקן אנטאגאָניזם. ער האלט, אז דאָס בעסטע מיטל אין דעם פראט איז צו שליסן אַן אָפּמאַך צו באַגרענעצן די יאם-באַוואָפּענונגען און באָטל מאכן די יאם-פריזן. דער קאָנגרעס רופט די ענגלישע און דייטשישע סאָציאליסטן, זיי זאָלן פאַרשטאַרקן זייער פראָפּאגאַנדע וועגן שליסן אזא מין אָפּמאַך. די לינדערונג פון דעם אַנטאַגאָניזם צווישן דייטשלאנד, פון איין זייט, און ענגלאנד מיט פראַנקרייך, — פון דער אנדערער, וועט באזייטיקן די גרעסטע סאַקאָנע פאר

דעם אַלגעמיינעם פרידן. דאָס וועט א טרייסל טאָן די מעכטיקייט פון דעם צאַריזם, וואָס עקספלואטירט דעמדאָזיקן אנטאַגאָניזם צוליב זיינע אייגענע אינטערעסן. דאָס וועט מאַכן פאַר אומעגלעך אַן אָנפאַל מיצאַד עסטרייך אף סערביע און וועט פאַרזיכערן די אלגעמיינע רואיקייט. אַלע אָנשטרענגונגען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל דאַרפן זיין געווענדט צום דאָזיקן ציל. דער קאָנגרעס קאָנסטאטירט, אז דער גאנצער סאָציאַליסטישער אינטערנאציאָנאַל אנערקענט אייגשטימיק דידאָזיקע וויכטיקע פרינציפן פון אויסערלעכער פאָליטיק. ער פאָדערט, אז די ארבעטער פון אלע לענדער זאָלן אַרויסשטעלן אַנקעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן אימפעריאַליזם די מאַכט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פון דעם פראָלעטאריאט. ער וואָרנט די רעגירנדיקע קלאַסן פון אלע מעלוכעס, זיי זאָלן מיט מילכאָמע-אקטן ניט פאַרגרעסערן נאָך מער די צאָרעס, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס שטייט אויס אדאנק דעם קאַפיטאליסטישן אויפן פון פראָדוקציע. ער פאָדערט שאָלעם, ער באשטייט דערויף. זאָלן די רעגירונגען גוט געדענקען, אַז בא דעם היינטיקן צושטאנד פון אייראָפע און באַ דעם געמיט-צושטאנד אין דעם ארבעטער-קלאַס וועט די אנטשטייאונג פון א מילכאָמע זיין גאנץ געפערלעך פאַר זיי גופע. זאָלן זיי זיך דערמאָנען, אז די פראנצויזיש-דייטשע מילכאָמע האָט ארויסגערופן דעם רעוואָלוציאָנערן אויסבראָך פון דער קאָמונע, אז די רוסיש-יאַפּאָנישע מילכאָמע האָט אויפגעוועקט די באוועגונג פון די רעוואָלוציאָנערע קויכעס פון דעם רוסישן פאָלק. זאָלן זיי ניט פארגעסן, אַז די שוועריקייטן, וואָס זיינען ארויסגערופן געוואָרן דורך דער קאָנקורענץ פון די מעלוכעס צווישן זיך, און די אומגעהויער ווילדע הויצאָעס אף מיליטערישע און יאַם-באַוואָפענונגען, האָבן גוירעם געווען, אז די סאָציאלע קאָנפליקטן אין ענגלאנד און אַפן קאָנטינענט האָבן אָנגעהויבן צו ווערן פאַרוויקלט דורך שטרייקן אין אן אומגעהערטער מאָס. מעשוגאָיעם זיינען זיי, אויב זיי פאַרשטייען ניט, אז דער איינער געדאַנק נאָר וועגן דער שרעקלעכער מילכאָמע רופט ארויס באַ דעם פראָלעטאריאט פון אַלע לענדער א געפיל פון קאַעס און צאָרן. די אַרבעטער האלטן פאַר א פאַרברעך צו שיסן איינער אין דעם אַנדערן צוליב דעם נוצן פון קאַפיטאליסטן, צוליב דער קאָוועד-זוכעניש פון דינאַסטיעס אָדער צוליב די קונצן פון געהיימע אָפּמאכן. אויב די רעגירונגען דערשטיקן יעדע מעגלעכקייט פון א רעגלמעסיקער עוואָלוציע און צווינגען דעם פראָלעטאריאט פון גאנץ אייראָפע אננעמען פאַרצווייפלטע באַשלוסן, וועט נאָר אף זיי פאַלן די גאנצע פאראנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם קריזיס, וואָס זיי האָבן ארויסגערופן. דער אינטערנאציאָנאַל וועט פאַרדאָפּלען זיינע אָנשטרענגונגען ניט צו דערלאָזן צו א מילכאָמע דורך זיין פאַרשטאַרקטער פראָפּאגאנדע, זיין אומבעשאָלעמדיקן און שטענדיקן פּראָטעסט. צוליב דעמדאָזיקן צוועק לייגט ארויף דער קאָנגרעס אף דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאליסטישער ביוראָ אכטונג צו געבן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אף די געשעענישן, און בא אלע באדינגונגען אויפהאלטן

דעם פּאַרקער און פֿאַרבינדונג מיט די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען פֿון אַלע לענ־דער. דער פּראָלעטאַריאַט ווייס, אַז נאָר פֿון אים הענגט אָפּ באַ איצטיקן מאָ־מענט די גאַנצע צוקונפֿט פֿון דער מענטשהייט, און ער וועט אָנווענדן זיין גאַנצע ענערגיע, קעדיי ניט צו דערלאָזן מע זאָל פֿאַרניכטן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע באַ אַלע פֿעלקער, פֿאַר וועלכע עס שטייט די סאַקאָנע פֿון אַלע שרעקן פֿון אַן אַ שיר בלוט־פֿאַרגיסונגען, הונגער און קרענק. דער קאָנגרעס ווענדט זיך צו אייך, פּראָלעטאַריער און סאָציאַליסטן פֿון אַלע לענדער, אַז אין דעמדאָזיקן אַנטשיידענעם מאָמענט זאָלט איר ניט בלייבן שטיל שווייגן זאָגט אַרויס אייער ווילן אומעטום און מיט אַלע מיטלען. דריקט אויס מיט אַלע קויכעס אייער איינשטימיקן פּראָטעסט אין די פּאַרלאַמענטן, פֿאַראייניקט זיך אין מאַניפֿעסטאַציעס און מאַסן־אַרויסטרעטונגען, נוצט אויס אַלע מיטלען, וואָס עס גיט אייך די אָרגאַניזאַציע און די מאַכט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַזוי אַז די רעגירונגען זאָלן שטענדיק זען פֿאַר זיך דעם ווילן פֿון דעם אויפֿמערקזאַמען און טעטיקן אַרבעטער־קלאַס, וואָס באַשטייט שאַרף אף דעם, אַז דער שאָלעם זאָל איינגעהיט ווערן. שטעלט אַזוי אַרויס קעגן דער קאַפּי־טאַליסטישער וועלט פֿון עקספּלואַטאַציע און מאַסן־פֿאַרטיליקונג די פּראָלעטאַ־רישע וועלט פֿון שאָלעם און אַכדעס צווישן פֿעלקער".

## 38. פֿראַגן פֿון מעלוכע און רעוואָלוציע פֿונם שטאַנדפּונקט פֿון 2־טן אינטערנאַציאָנאַל

### א. בערנשטיין וועגן דעמאָקראַטיע און מעלוכע

„אין דייטשלאַנד זיינען מאַרקס און ענגעלס אַפּן באָדן פֿון דער ראַדיקאַ־לער העגעלשער דיאַלעקטיק דערגאַנגען ביז דער לערע, וואָס איז קרויוויש דעם בלאַנקיזם...

„דער בלאַנקיזם איז ניט בלויז קיין טעאָריע פֿון מעטאָד; זיין מעטאָד איז גיכער בלויז דער אויסדריק, דער פּראָדוקט פֿון זיין טיפֿער פּאָליטישער טעאָריע. דאָס איז פּאָשעט אַ טעאָריע פֿון אומגעהויער שעפֿערישער קראַפֿט פֿון רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער מאַכט און פֿון איר אויסדריק — דער רעוואָ־לוציאָנערער עקספּראָפּריאַציע. דער מעטאָד איז טיילווייז אָפּהענגיק פֿון די באַדינגונגען. וואו די געזעלשאַפֿטן און די פּרעסע האָבן ניט קיין פֿרייהייט, דאָרט אַנטשטייען פֿון זיך אַליין געהיימע געזעלשאַפֿטן, און וואו אין די רע־וואָלוציאָנערע אירונגען הערשט פּאַקטיש איבערן לאַנד דער פּאָליטישער צענטר, ווי דאָס איז געווען אין פֿראַנקרייך ביזן 1848 יאָר, דאָרט איז די מערידע, אויב נאָר עס זיינען גענומען געוואָרן אין אַכט די אויספֿירונגען פֿון דער

דערפֿאַרונג, גאָרניט אַזוי ניט ראַציאָנעל, ווי עס שטעלן זיך פֿאָר די דייטשן", דאָס באַזייטיקן די מערידע באַפֿרייט נאָך דעריבער ניט פֿון בלאַנקיזם. און קלערער פֿון אַל'ץ איז דאָס צום זעען באַם לייענען מאַרקס און ענגעלס ווערק, וואָס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אין דער עפּאָכע פֿונם קאָמוניסטישן פֿאַרבאַנד. אויב מע זאָל אויסשליסן די אָפּלייקענונג פֿון מערידעס, ווייעט אין זיי דער בלאַנקיסטישער גייסט. עס איז מערקווירדיק, וואָס די קריטיק פֿונם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט" האָט פֿון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור ניט באַרירט באַבעפֿס ווערק. וועגן זיי איז בלויז געזאָגט געוואָרן, אַז זיי האָבן בעאייס דער גרויסער רעוואָלוציע אויסגעדריקט נאָר די פֿאָדערונגען פֿונם פּראָלעטאַריאַט — אַ כאַראַקטעריסטיק, וואָס איז יעדנפֿאַלס אין ווידערשפּרוך מיט דער צייט. די רעוואָלוציאָנערע פּראַקטישע פּראָגראַם פֿון מאַניפֿעסט איז אין־גאַנצן דורכגעזאַפּט מיטן בלאַנקיזם...

„אָבער קיינמאָל האָט זיך נאָך דער גייסט פֿונם בלאַנקיזם ניט אַרויסגעוויזן אַזוי שאַרף און אומאָפּהאַלטבאַר ווי אינם צירקוליאַר פֿון דעם קאָמוניסטישן פֿאַרבאַנד, וואָס איז דערשינען אין מאַרט 1850 יאָר; דאָ ווערט פֿעסטגעשטעלט, ווי אַזוי די קאָמוניסטן דאַרפֿן בעאייס דעם פֿאַרשטייענדיקן נייעם אויפֿברויז פֿון דער רעוואָלוציע ווענדן זייערע קרעפֿטן אַף דעם, קעדיי צו מאַכן די רעוואָלוציע אומאומטערבראָכן. אַלע טעאָרעטישע אָנשויאונגען אַף דער מאָדערנער עקאָנאָמיק, אַלע וויסנשאַפֿטן וועגן דעם איצטיקן צושטאַנד פֿון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון דייטשלאַנד (און דערדאָזיקער צושטאַנד איז געווען אַסאַך נידעריקער פֿונם צושטאַנד פֿונם דעמאָלדיקן פֿראַנקרייך וואָס וועגן אים האָט מאַרקס בעשאַיטע געשריבן, אַז אין איר איז „דער קאַמף פֿונם אינדוסטריעלן אַרבעטער קעגן דעם אינדוסטריעלן בורזשואַ בלויז אַ פּריוואַטער פֿאַקט"), דער גאַנצער עקאָנאָמישער באַנעם ווערט צעפּליגן אין שטויב פֿאַר אָט דער פּראָגראַם, וואָס מער פֿאַנטאַסטיש, ווי זי איז, האָט ניט געקאָנט צוטראַכטן אַפֿילע דער סאַמער פֿאַרברענטער קלוב־רעוואָלוציאָנער. מאַרקס און ענגעלס האָבן אַליין פּראָקלאַמירט דאָס, פֿאַר וואָס מאַרקס האָט אין זעקס כאַדאָשים אַרום געטאַדלט ווייליך שאַפּערן: אָנשטאָט די באַדינגונגען פֿון דער ווירקלעכקייט, האָבן זיי פּראָקלאַמירט „בלויז דעם ווילן פֿון דער באַוועגנדיקער קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציע". זיי האָבן לאַכלוטן איגנאָרירט די באַדערפֿענישן פֿונם מאָדערנעם עקאָנאָמישן לעבן, האָבן איבערגעלאָזט אָן שום אויפֿמערקזאַמקייט די קויכעס־פֿאַרהעלטענישן און דעם אַנטוויקלונגס־צושטאַנד פֿון די קלאַסן. אָ ב ע ר דער פּראָלעטאַרישער טעראָריזם איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס וואונדערבאַרע קראַפֿט, וועלכע דאַרף דערהויבן די פּראָדוציר־פֿאַרהעלטעניש ביז אַזאַ הויך, וואָס האָט זיך גערעכנט אַלס פֿאָרבאַדינג פֿון דער סאָציאַליסטישער איבערבויאונג פֿון דער געזעלשאַפֿט; אָבער דער פּראָלעטאַרישער טעראָריזם האָט באַ יענער לאַגע פֿון דייטשלאַנד געקאָנט האָבן בלויז אַ צעשטערנדיקע ווירקונג און, זייענדיק אַזוי אַרום גע־

ווענדעט קעגן דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, האט ער שוין אינם ערשטן טאג געמוזט האָבן אי אין דער פּאָליטישער אי אין דער עקאנאמישער הינזיכט א רעאַקציאָנערן איינפלוס...

„אין דער מאדערנער סאָציאַליסטישער באוועגונג קאָן מען באַמערקן צוויי הויפּט-שטרעמונגען; אין פאַרשיידענע צייטן באַווייזן זיי זיך פאַרשיידן געקליידעט און אָפּטמאָל גאַנץ קעגנזעצלעך איינע דער אַנדערער. איינע איז פארבונדן מיט די רעפאָרמעס-פּראיעקטן, וואס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך די סאציאַליסטישע דענקער און זיינען געווענדעט אַף צו שאַפן; די צווייטע ווערט געשפּייזט דורך די רעוואלוציאנערע פאלקס-אומרוען; זי שטרעבט דעריקער צו צעשטערן. אָפּהענגיק פון די אומשטענדן נעמט אָן די ערשטע אדער א אוטאָפּישן כאראקטער אדער אַ סעקטאַנטישן אדער א פרידלעך-עוואלוציאנערן, די צווייטע — אַ קאנספּיראַטיוון, דעמאגאגישן אדער טעראריסטישן. וואס מער מיר דערנענטערן זיך צו אונזער צייט, אלס דייטלעכער זיינען מיר פון דער ערשטער זייט דעם לאזונג: עמאַנסיפּאַציע מיט דער הילף פון עקאנאמישער ארגאַניזאַציע, און פון דער צווייטער: עמאַנסיפּאציע מיט דער הילף פון פּאליטישער עקספּראָפּריאציע. אין די אַמאליקע צייטן זיינען אַלס פארשטייער פון דער ערשטער ריכטונג געווען מערסטנטיילס בלויז איינצלנע דענקער. די צווייטע האט זיך אויסגעדריקט אין כאַאָטישע פאלקס-באוועגונגען. אין דער ערשטער העלפט פונם לויפנדיקן יאָרהונדערט האָבן ביידע זייטן יעדע איר קעסיידער-ווירקנדיקע גרופּע; די ערשטע — די סאציאַליסטישע סעקציעס, פארשיידענע ארבעטער-קאָאפּעראַציעס און קאלערליי רעוואלוציאנערע פאריינען. ניט איינמאל זיינען געמאכט געוואָרן פּרואוון צו פאַרייניקן זיך און ניט שטענדיק האבן די קעגנזאצן געהאט אַן אומבאַדינגטן כאַראַקטער. אַזוי איז דער אויסדריק פונם קאמוניסטישן מאניפעסט, אז די פראַנצויזישע פוריעריסטן טרעטן אַרויס קעגן די אַרטיקע רעפאָרמיסטן, און די ענגלישע אָוועניסטן — קעגן די טשאַרטיסטן, — איינגאַנצן אָנווענדבאַר בלויז צו די עקסטרעמען פון די און יענע. די אָוועניסטן זיינען אין זייער הויפּט-מאסע געווען פולשטענדיקע אָנהענגער פון פּאָליטישער רעפאָרם — עס איז גענוג צו דערמאָנען בלויז אַזוינע מענטשן, ווי לאָיד-דשאָנס — זיי פלעגן בלויז אויפשטיין קעגן דעם קולט פון קויעך, אין דער פאָרם, ווי עס האבן אים געפּריידיקט די ראַדיקאַלערע טשאַרטיסטן — „phisical force men" — און זיינען אפּגעטראָטן דאָרט, וואו די לעצטע האָבן געהאט די איבערהאַנט. דאס זעלבע איז פארגעקומען אויך אין פראַנקרייך מיט פוריעס אָנהענגער.

„מאַרקס טעאָריע האָט געשטרעבט צו פאַרייניקן אין גרונט ביידע ריכטונגען. באַ די רעוואָלוציאָנערן האָט זי גענומען די פאַרשטעלונג וועגן דער באַפרייאונג-אַרבעט פון די אַרבעטער, ווי וועגן דעם פּאָליטישן קלאַסנקאַמף,

באַ די סאָציאַליסטן — דאָס אַריינמישן זיך אין די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאָרבאַדינגונגען פון דער אַרבעטער-עמאַנסיפּאַציע...

„דער מאַרקסיזם האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַכט פונם בלאַנקיזם בלויז אין איין פּראַט, דעהאַינע בענויגייע צום מעטאָד. וואָס איז שאַיעך דעם צווייטן עלעמענט, דער גוזמעדיקער אָפּשאַצונג פון דער שעפערישער באַדייטונג פונם רעוואָלוציאָנערן קויעך אינם געביט פון איבערבויען די היינטיקע געזעלשאַפט אַפן סאָציאַליסטישן שטייגער, איז אין אָט דעם פּראַט האָט זיך דעם מאַרקסיזם קיינמאל ניט איינגעגעבן אינגאַנצן צו באַפרייען זיך פון די בלאַנקיסטישע אָנשויאונגען. יענע אויסבעסערונג, וואָס ער האָט אין זיי אַריינגעטראָגן, דעהאַינע די אידייע וועגן פאַרשטאַרקן די צענטראַליזירונג פונם רעוואָלוציאָנערן קויעך, באַרירט גיכער די פאָרם, איידער דעם טאָך...

„וואָס איז אזוינס דעמאָקראַטיע?

„פון אויבן-אויף איז דער ענטפער אף דערדאָזיקער פראַגע א גאַנץ פּאָשעטער. אַפן ערשטן בליק קאָן מען אים אויסדריקן מיט די ווערטער: די „הערשאַפט פונם פאָלק". אָבער, אַז מיר ווען אַ טראַכט טאָן, וועלן מיר דערזעען, אז דאָס איז אַן אויסערלעכע, ריין פאָרמעלע וואָרט-באַשטימונג; קימאַט אַלע, וואָס באַנוצן דאָס וואָרט „דעמאָקראַטיע", פאַרשטייען אונטער דעם עפּעס מער, איידער בלויז די איינע פאָרם פון דער הערשאַפט. מיר וועלן נעענטער צוקומען צום ציל, ווען מיר וועלן באַנוצן דעם נעגאַטיוון אויסדריקאויפן און וועלן דעפינירן די דעמאָקראַטיע אַלס דאָס פעלן פון קלאַסן-הערשאַפט, אלס אַזאַ צושטאנד פון דער געזעלשאַפט, וואָס שליסט אויס די פּאָליטישע פּריווילעגיע פון איין קלאַס בענויגייע דער גאַנצער געזעלשאַפט. דאָס מאַכט קלאָר, פאַרוואָס איז די מאָנאָפּאָליסטישע קאָרפּאָראַציע אין פּרינציפּ אַן אַנטידעמאָקראַטישע. כויך דעם באשטייט די מאַילע פון אַזאַ נעגאַטיווער דעפיניציע (וואָרט-באַשטימונג) אין דעם, וואָס אין איר איז ווייניקער, ווי אין די ווערטער פאָלקס-הערשאַפט פאַראַן אָרט פאַר דער אידייע פון אונטערדריקן דעם יאָכיד דורך דער מערהייט, פון דער אידייע, וועלכע איז בעפיירעש אַ ווידערשפּרוך מיטן מאָדערנעם באוואוסטזיין. דאָס אונטערדריקן די מינדערהייט דורך דער מערהייט האַלטן מיר אינם איצטיקן יאָרהונדערט ניט „דעמאָקראַטיש", האַגאַם פריער האָט דאָס זייער האַרמאָנירט מיט דער פאָלקס-הערשאַפט. די מאָדערנע וועלטאָנשויאונג פאַרייניקט דעם באַגריף פון דעמאָקראַטיע מיט דער רעכטלעכער פאָרשטעלונג, מיט גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. אזא פאָרשטעלונג שטעלט אַוועק גרענעצן דער מערהייט-הערשאַפט, אין וועלכער עס פאַרוואַנדלט זיך אין יעדן קאָנקרעטן פאַל די פאָלקס-הערשאַפט. וואָס מער בירגער-רעכט עס באַקומט די אידייע פון גלייכבאַרעכטיקונג און דרינגט אַריין אין אַלעמענס באַוואוסטזיין,

אַלץ מער פאַלט צונויף די דעמאָקראַטיע לויט איר באַדייטונג מיט דער העכסטער מעגלעכער שטופּע פון פרייהייט פאַר אַלעמען.

„איבעריקנס איז דעמאָקראַטיע און געזעצלאָזיקייט קלאַל ניט איינס און דאָסזעלבע. ניט דאָס פעלן פון יעדן געזעץ אונטערשיידט די דעמאָקראַטיע פון אַלע איבעריקע פּאָליטישע סיסטעמען, נאָר דאָס פעלן בלויז פון די געזעצן, וועלכע שאַפן און אנערקענען די אויסנאַמען, וועלכע זיינען געגרינדעט אף אייגנטום, אָפּשטאַמונג און עמונע; ניט דאָס אַבסאָלוטע פעלן פון געזעצן, וואָס באַגרענעצן די רעכט פון די באַזונדערע פּערזאָנען, נאָר די אָפּשאַפונג פון יעדן געזעץ, וואָס באַגרענעצט די אַלגעמיינע גלייכבאַרעכטיקונג, דאָס גלייכע רעכט פאַר אַלעמען. דעמאָקראַטיע און אנאַרכיע זיינען אף אזא אויפן דורכויס פאַרשיידענע זאַכן, און דעריבער איז אָנווענדן צו דעמאָקראַטיע, ווי צו א געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, אזוינע אויסדריקן, ווי דעספּאָטיזם, טיראַניע א. אז. וו., בלויז דערפאַר, ווייל אין איר באַזיצט די מערהייט די מאַכט צו באַשליסן און יעדערער איז מעכויעוו צו אנערקענען די געזעצן, וואָס זיינען איינגעשטעלט דורך דער מערהייט, — הייסט שפּילן זיך אָן א זין מיט באַגריפן. פאַרשטייט זיך, אז די דעמאָקראַטיע איז ניט קיין אַבסאָלוטער שוץ קעגן די געזעצן, וועלכע זעען אויס טיראַניש פאַר איינצלנע פּערזאָנען. אָבער אין אונזער צייט קאָנען מיר קימאַט אָרעוו זיין, אז די מערהייט פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט וועט ניט אַרויסגעבן קיין געזעץ, וואָס זאָל קעסיידער דריקן די פּערזענלעכע פרייהייט, מאַכמעס די היינטיקע מערהייט קאָן מאָרגן ווערן אַ מינדערהייט, און יעדער געזעץ, וואָס דריקט די מינדערהייט, קאָן זיין א געפאַר פאַר דער צייטווייליקער מערהייט גופע. צווישן די מאָסמיטלען, וועלכע די טיראַנישע מערהייט האָט אָנגעווענדט אין די צייטן פון ווירקלעכע בירגער-קריגן, און דער הערשאַפט פון דער מערהייט אין דער היינטצייטיקער דעמאָקראַטיע עקזיסטירט א גרונטלעכער אונטערשייד. אין דער פּראַקטיק האָט זיך גיכער אַרויסגעוויזן, אַז וואָס לענגער עס האָבן אין דער מאָדערנער מעלוכע עקזיסטירט דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטן, אַלץ א גרעסערע אויפמערקזאַמקייט און אַכטונג האָבן באַקומען די רעכט פון דער מינדערהייט, אַלץ מער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די פאַרביסנקייט אינם פּאַרטייאישן קאַמף. יענער, וואָס איז ניט בעקויעך פאַרצושטעלן זיך די פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם אָן א געוואַלטזאַמען אקט, קאָן אים אַרויסשטעלן אַלס אַרגומענט קעגן דער דעמאָקראַטיע, און ווירקלעך, אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור זיינען ניט איינמאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען אין אָט דעם זינען. אָבער דער, וואָס איז פריי פון דער אוטאָפּישער האָפענונג, אַז די מאָדערנע נאַציעס וועלן קלוימערשט אונטערן איינפלוס פון דער לאַנגדויערנדיקער רעוואָלוציאָנערער קאַטאַסטראָפע צעפאַלן ווערן אַף אַן אומגעהויער גרויסע צאָל אַבסאָלוט אומאָפּהענגיקע איינע פון דער אנדערער גרופּן, פאַר יענעם איז די דעמאָקראַטיע עפּעס מער, ווי א פּאָליטיש מיטל, וואָס איז גוט בלויז אף אַזוי-

פיל, אף וויפל עס דינט אין די הענט פונם ארבעטער-קלאַס אַלס געצייג אף צו צעשמעטערן דעם קאַפיטאל. די דעמאָקראַטיע איז א מיטל און א ציל איינצייטיק. זי איז א מיטל פונם ניצאָכן אין די הענט פון אונזער לערע; זי איז אויך די פאָרם פון איר פארווירקלעכונג...

„די דעמאָקראטיע איז אין פרינציפּ די פאַרניכטונג פון דער קלאַסן-הערשאַפט, אויב ניט די פאַקטישע פארניכטונג פון די קלאַסן.

„אָבער דאָס אלגעמיינע וואַל-רעכט איז בלויז א טייל פון דער דעמאָ-קראטיע, דאָך איז עס אזא טייל, וועלכער דארף מיט דער צייט צוציען צו זיך אויך אַנדערע, ווי דער מאַגניט ציט צו דאס אייזערנע זעגעכץ. עמעס, דאָס קומט פאָר לאנגזאמער, איידער עמעצער וואָלט דאָס געוואונשן, אָבער דאָס איז א פאקט. און דאָס בעסטע מיטל, מיט וועלכן די סאָציאל-דעמאָקראטיע קאָן דערצו מיטווירקן, באשטייט אין דעם, אז זי זאָל אויך אין איר דאָקטרין שטעלן זיך אפן באָדן פון דעמאָקראטיע מיט אלע פאָלגן, וואָס דרינגען דער-פון ארויס פאר איר טאקטיק.

„אין דער פראַקטיק, ד. ה. אין אירע מאַיסים, האָט זי סאָפקאָלסאָף שטענדיק אזוי געהאנדלט. אין די אַרטיקלען אָבער פון אירע ליטעראַרישע פאָרשטייער פלעגט זיך אָפט הערן א פּראָטעסט קעגן אזא פּאָליטיק, ער לאָזט זיך אויך איצט הערן. די פראַזן, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער עפּאָכע, ווען איבער גאַנץ אייראָפּע האט די אומבאגרענעצטע מעמשאָלע געהערט דעם אייגנטום, און וועלכע האָבן בא דידאָזיקע באדינגונגען געהאט א געוויסע בארעכטיקונג, און אינם איצטיקן מאָמענט זיינען זיי א פוסטער קלאַנג, — אָט די פראזן ווערן נאָך אינם איצטיקן מאָמענט אייפעריק איבער-געכאַזוערט, פונקט אזוי ווי דער ערפאָלג פון דער באוועגונג הענגט אָפּ פון זיי, און ניט פונם לעבעדיקן באַנעמען דאָס, וואָס מע קאָן און וואס מע דארף טאָן. וואָס, לעמאָשל, פאר א זינען האט די פראַזע וועגן דער דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט. אין אונזער צייט איז אומעטום, וואו דאס איז מעגלעך, שטעלן זיך די סאָציאל-דעמאָקראטן פאַקטיש אפן באָדן פון פאַרלאַמענטישער ארבעט, פון פראָפּאָרציאָנעלער פאָלקס-פאָרשטייערשאפט און פאָלקס-געזעצגעבונג, און דאס אלץ איז סויסער די דיקטאַטור. זי האָט שוין אף אזויפיל אָפגעלעבט, אז מע קאָן זי פאַרבינדן מיט דער ווירקלעכקייט בלויז דעמאָלט, ווען מע וועט באַם וואָרט דיקטאטור אָפנעמען זיין ווירקלעכע באַדייטונג און מע וועט אים צוגעבן א געמילדערטן זינען. די גאנצע פראקטישע טעטיקייט פון דער סאָציאל-דעמאָקראטיע שטרעבט צו שאַפן אזא לאגע און אזוינע באדינגונגען, וואָס זאָלן מיטהעלפן דער מאדערנער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג ארי-בערצוגיין פריי אָן קאָנוואולסיווע איבערייסלונגען צו אַ העכערער אָרדענונג. דער באוואוסטזיין, אַז זיי זיינען פּיאָנערן פון א העכערער קולטור צינדט אָן אין אירע אָנהענגער אַ באַגייסטערונג און פלאַם און איז סאָפקאָלסאָף דער מאָרא-לישער און יורידישער באַזיס פון דער געזעלשאַפטלעכער עקספּראָפּריאציע. די

קלאַסן-דיקטאַטור אָבער געהערט דער קולטור פון א נידעריקערן ראַנג, און פאַרבייגייענדיק די פראַגע וועגן דער צוועקמעסיקייט און פאַרווירקלעכבאַרקייט פון דער זאַך, דאַרף מען זי באַטראַכטן פאַר א טריט צוריק, פאַר פאָליטישן אַטאַוויזם, אויב מע זאָל דערלאָזן דעם געדאנק, אז דער איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט מוז אומפאַרמיידלעך פאָרקומען בא די אַנטוויקלונג-פאָרמען פון יענער צייט, וועלכע האָט נאָך ניט געוואוסט אָדער געוואוסט אין א ניט פולקומער פאָרם די איצטיקע מעטאָדן פון פּראָפּאַגאַנדע און פון דורכפירן געזעצן און האָט ניט געהאט קיין אָרגאַנען, וואָס זיינען צוגעפּאַסט צו אָט דעם ציל".

(ע. בערנשטיין: „סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען")

## ב. פּאַנעקוק. „מאסן-אַקציעס און רעוואָלוציע"

(„נייע צייט", נומ. 41, 1912 יאר)

„די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אנטוויקלונג פון די לעצטע יאָרן האָט אלץ מער אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט די פראַגע וועגן מאַסן-אַקציעס אַדאַנק דער דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע האט זיי די פאַרטיי אין 1905 יאָר טעאָרעטיש אנערקענט אלס מעטאָד פון קלאַסנקאַמף; זיי האָבן זיך ארויסגעוויזן פאַר אויסגעצייכנט אויך טאַקטיש אינם פּרייסישן קאַמף פאַרן וואַל-רעכט אין די יאָרן 1908 און 1910; פון דעמאָלט אָן האבן זיי געדינט אלס אָביעקט פון גענויע פאָרשונגען און דיסקוסיעס, און בלויז די באַדערפעניש פונם וואל-קאַמף האָבן זיי צייטוויייליק אָפּגעשטופּט אין הינטערגרונט. און דאָס איז ניט קיין צופעליקייט. פון איין זייט איז דאס א רעזולטאט פונם וואוקס פונם קויעך פונם פּראָלעטאַריאַט, פון דער צווייטער זייט, איז דאָס א נויטווענדיקער רעזולטאַט פון דער נייער אויסדריק-פאָרם פונם קאַפּיטאליזם, וואָס איז באקענט אונטערן נאָמען איפּמעריאַליזם.

מיר האָבן זיך דאָ ניט וואָס צו פאַרנעמען מיט די סיבעס און באַוועגנג דיקע קרעפטן פונם אימפּעריאַליזם: מיר פאַרגלייכן בלויז דעם אויפן, ווי אַזוי ער מאַניפעסטירט זיך אין זיינע רעזולטאַטן: די פּאָליטיק פון א וועלט מעלוכע, די מיליטערישע האַכאנעס, באַזונדערס די אויסבויאונג פון פלאָט די קאָלאָניאַלע דעראָבערונגען, דער שטייערן-וואוקס, די מילכאָמע-געפאַר, די פאַרשטאַרקונג פונם גייסט פון גוואַלדזאַמקייט און פון שטרעבונג צו מאַכט בא דער בורזשואזיע, די רעאַקציע אין לאַנד, דער אויפהער פון סאָציאַלע רעפאָרמעס, די פאַרקלענערונג פון די אונטערנעמונגען, די שוועריקייטן פונם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף, דער יאַקרעס. דאָס אלץ שטעלט דעם אַרבעטער-קלאס אין נייע קאַמף-באַדינגונגען. פריער האָט ער געקאָנט האָבן אַ האָפענונג צו גיין לאַנגזאַם, זיכער פאָרויס, פּראָפעסיאָנעל — אַדאַנק דער פאַרבעסערונג פון די אַרבעט-באַדינגונגען, פּאָליטיש — מיט דער הילף פון סאָציאלע רעפאָרמעס

און פון פאַרבּרייטערן זיינע פּאָליטישע רעכט. איצט קומט אים אויס אָנצו-שטרענגען אַלע קרעפטן, קעדיי איינצוהאַלטן זיך אַף דער דערגרייכטער הויך פונם לעבּנס-ניוואָ און פון זיינע רעכט. זיין אָנפּאַל איז קוידעמקאָל פאַרוואנדלט געוואָרן אין א פארטיידיקונג. דאָס פאַרשאַרפט און פאראַלגעמיינערט דעם קלאסנקאַמף; אָנשטאָט דער רייצנדיקער פּער-ספּעקטיוו פון פארבּעסערן די לאַגע דורך דער בּאַוועגנדיקער קראַפט פונם קאַמף, קומט אלץ מער די טרויעריקע נויטיקייט צו קעמפן קעגן דער פארער-גערונג פון דער לאַגע. דער אימפּעריאַליזם דראָט די פּאָלקס-מאַסן מיט נייע געפארן און קאַטאסטראָפעס — סאַי דעם קליינבּירגערטום און סאַי די אַרבּע-טער און שטויסט זיי אונטער צו א ווידערשטאַנד; די שטייערן, דער יאַק-רעס, די מילכאָמע-געפאַר רופן אַרויס די נויטיקייט פון א פארבּיטערטער פארטיידיקונג. אָבּער זייער מאָקער ליגט נאָר טיילוויַיז אין די פּאַרלאמענטישע בּאַשלוסן, און דעריבּער קאָן מען מיט זיי טיילוויַיז קעמפן אין פּאַרלאמענט. בּא די מאַסן גופע דארף אַנטשטיין דער געדאַנק, וועגן דירעקטער אקציע און וועגן מאַכן א דרוק אַפן הערשנדיקן קלאַס. צו אָט דער נויטיקייט קומט צו די מעגלעכקייט, אַדאַנק דעם וואוקס פונם קויעך פונם פּראָלעטאַריאַט; אלץ שטאַרקער דעקט זיך אויף די סטירע צווישן דער אָנמעכטיקייט פונם פּארלא-מענט, ווי אויך פון אונזער פּארלאמענטישער פּראקציע, צו קעמפן קעגן אָט די דערשיינונגען און דעם וואוקס פונם בּאַוואוסטזיין פון זיין קראַפט בּאַם אַרבּעטער-קלאַס. דעריבּער זיינען די מאַסן-אַקציעס אַ נאַטירלעכער פּויעליוצע פון אימפּעריאַליסטישער אַנטוויקלונג פונם מאָדערנעם קאפּיטאליזם און זיי בּילדן אלץ מער די נויטיקע פאָרם פון קאַמף מ׳ט אים.

דער אימפּעריאליזם און די מאַסן-אקציעס בּילדן נייע דערשיינונגען, וואָס זייער בּאַדייטונג און מעהוס קאָן מען בּלויז בּיסלעכוויַיז בּאַנעמען און בּייקומען. דאָס איז מעגלעך בּלויז מיט דער הילף פון פּאַרטיי-פּאָלעמיק, און דערמיט איז פאַרנומען דער גרעסטער טייל פון דער פּאַרטייאישער פּאָלעמיק אין די לעצטע יאָרן. זי האָט געמאַכט אן איבּערקערעניש אין די געדאַנקען און געפילן, האָט ארויסגערופן א נייע אָריענטאציע פון די מוי-כעס, וועלכע גייט אַסאך ווייטער פונם קעגנזאץ צווישן ראדיקאליזם און רעוויזיאָניזם, וואָט נעמט זיך פון דער פּארלאמענטישער קאמף-טאַקטיק. זיי צעשיידן צייטוויַיליק אָדער אף לאַנג יענע, וואָס זיינען בּיז איצט געווען ענג צוזאַמענגעבּונדן דורכן געמיינזאמען קאמף און האָבּן ניט געוואוסט פון קיין שום כלוקעדייעס, דעריבּער איז ווי נאָר זיי אנטשטייען, שטעלן זיי מיט זיך פאר מיספארשטייענישן וואָס רופן ארויס בּאדויערונג, א׳ן אַזוי ארום בּאקומען דידאָזיקע דעבּאטן אַ בּאזונדערע שארפקייט. דעריבּער, איז אף קלאָר צו מאכן די כלוקעדייעס נאָך מער נויטיק אָפּצושטעלן זיך אויספירלעך אַף די פּרינציפּן פון דער שלאַכט-טאַקטיק פונם פּראָלעטאַריאַט. ווייטער וועלן מיר דעריבּער קוידעמקאָל אָנהויבּן די פּאָלעמיק פון קאוטסקיס צוויי ארטיקלען פאראיאָרן.

## 1. דער קריעג פון דער בורזשואזיע און פונם פראָלעטאריאט

די מעלוכע-מאכט איז יענער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַן, וועלכער גע-וועלטיקט איבערן רעכט און געזעץ. דעריבער דאַרף די פּאָליטישע הערשאַפט, די דעראָבערונג פון דער מעלוכע-מאַכט ווערן דער ציל פון יעדן רעוואָלוציאָ-נערן קלאס. די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאכט איז דער פּאָרבאדינג פונם סאָציאַליזם. איצט שאַפט די בורזשואזיע מיט דער מעלוכע-מאכט און נוצט זיך אויס מיט איר אַף אויסצודריקן און אָפּהיטן די רעכט און געזעצן אין אירע קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן. אָבער זי ווערט אַלץ מער א מינדער-הייט, וועלכע פארלירט נאָך דערצו אַלץ מער איר עקאָנאָמישע באַדייטונג, איר וויכטיקייט פארן פּראָדוציר-פּראָצעס. דער ארבעטער-קלאס בילדעט א קעסיי-דער-וואקסנדיקע מערהייט פון דער באפעלקערונג, וואס אין אירע הענט געפינט זיך די וויכטיקסטע עקאָנאָמישע פונקציע; דערין ליגט די אָרוועס פון דעם, אז ער וועט זיין מעסוגל צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט.

מיר דאַרפן אויספירלעכער באטראכטן די באדינגונגען און מעטאָדן פון דעררדאָזיקער פּאָליטישער רעוואָלוציע. פארוואָס האָט דער ארבעטער-קלאס ביז איצט נאָך ניט געקאָנט דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, ניט געקוקט אף דעם, וואָס לויט דער צאָל און לויט דער עקאָנאָמישער באַדייטונג שטייגט ער איבער די בורזשואַזיע? מיט דער הילף פון וואָס איז די נישטיקע עקספּלו-אַטירנדיקע מינדערהייט קימאט שטענדיק פאַר דער צייט פון דער געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע געוועזן בעקויעך צו הערשן איבער דער גרויסער עקס-פּלואטירטער פּאָלקס-מאַסע? דערפאַר, ווייל דאָ געפינען זיך נאָך אויך אַסאַך אנדערע מאַכט-פּאַקטאָרן.

דער ערשטער פון אָט די מאַכט-פּאַקטאָרן איז דאָס, וואָס די הערשנ-דיקע מינדערהייט שטייט גייסטיק העכער...

דער צווייטער און וויכטיקסטער פּאַקטאָר פון דער מאַכט פונם הערשנ-דיקן קלאַס באַשטייט בוין דעם אין זיין שטרענגער, פעסטער ארגאַניזאַציע. אַ גוט אָרגאַניזירטע קליינע גרופּע איז שטענדיק בעסער, איידער א גרויסע ניט-אָרגאַניזירטע מאַסע. אָט די אָרגאַניזאַציע פונם הערשנדיקן קלאַס איז די מעלוכע-מאַכט. זי טרעט אַרויס אַלס אַ פאַרייניקונג פון טשינאָווניקעס, וואָס זיינען צעשפּרייט צווישן די פּאָלקס-מאַסן אין דער פאָרם, פון די מאַכט-אָרגאַנען און ווערן אַף א באַשטימטן אויפן אנגעפירט דורך דער צענטראַלער רעגירונג. די איינהייט פון ווילן, וואָס קומט פונם צענטער, בילדעט די איבערלעכע קראַפט און דעם מעהוס פון דעררדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. דאָס גיט איר די מאָראַלישע איבערהאַנט איבער די ניט אָרגאַ-ניזירטע מאַסן, וואָס דריקט זיך אויס אין דער זעלבסטזיכערקייט פון אירע אַרויסטרעטונגען. אזוי ווי א גיגאַנטישער פּאליפּ, וואָס דרינגט אריין אין יעדן ווינקל פונם לאנד מיט דער הילף פון זייגע דינסטע אנטענעס, וועלכע ווערן

געבראַכט אין באַוועגונג פונם צענטראַלן מאָרך, פונקט אַזוי בילדעט זי אַן איינהייטלעכן אָרגאַניזם, וואָס לעגאַבע אים זיינען די איבעריקע מענטשן, ווי צופעליק זיי זאָלן ניט זיין, בלויז אָנמעכטיקע אטאָמס. יעדערער, וואָס וואַרפט זיך ניט אונטער אונטערטעניק, כאַפּט אים אונטער אויטאָמאַטיש דער קונציקער מעכאַניזם און דריקט אים. און אָט דער באַוואוסטזיין יאָגט אָן אַן אימע אַף די מאַסן.

נאָר אויב די מאַסן באַהערשט דער בונטאַרישער גייסט און עס ווערט פאַרשוואונדן דער יראַס-האַקאָוועד פאַר די העכערע מאַכט-אָרגאַנען, דאַן פאַרייניקן זיך די אַטאָמס און געדאַנקען, און זיי קאָנען זיך לייכט ספראַווען מיט עטלעכע טשינאָווניקעס; דעמאָלט געפינען זיך נאָך בא דער מעלוכע-מאַכט נאָך שטאַרקערע צוואַנגס-מיטלען — די פּאָליציי און אַרמיי. האָבן זיי אַליין בילדן אויך קליינע גרופּעס, מינדערהייטן, זיינען זיי אָבער באַזאָרגט מיט מאָרד-געצייג און זיינען צונויפגעשמידט דורך אַ שטאַרקער מיליטערישער דיסציפּלין אין אומבארירלעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אַרבעטן ווי אויטאָמאַטישע מאַשינעס אין די הענט פון די שעפן. קעגן זייער קראַפט איז די פאָלקס-מאַסע שוצלאָז ווען אַפילע זי פּרואווט זיך באַוואָפענען.

דער זיך דערהויבנדיקער קלאַס קאָן דעראָבערן און איינהאַלטן די מעלוכע-מאַכט צוליב איר עקאָנאָמישער באַדייטונג און קראַפט; אַזוי, לעמאָשל, איז עס די בורזשואַזיע אַלס אָנפירער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און אַלס דער געלט-באַזיצער. אָבער אַף וויפל עס ווערט איבעריק אירווירטשאַפטלעכע פונקציע און זי לאָזט זיך אַראָפּ ביז דער ראָלע פון אַ פּאַראַזי-טישן קלאַס, פאַרשווינדט דערדאָזיקער מאַכט-פאַקטאָר איר. דעמאָלט פאַרשווינדט אויך איר באַדייטונג און איר גייסטיקע אויבערהאַנט, און סאָף-קאָלסאָף בלייבט בא איר דער איינציקער גרונט פון איר הערשאַפט — דער באַזיץ פון דער מעלוכישער מאַכט מיט אַלע אירע צוואַנגס-מיטלען. אויב דער פּראָלעטאַריאַט וויל דעראָבערן די הערשאַפט, דאַרף ער באַזיגן די מעלוכישע מאַכט, די פעסטונג, אין וועלכער עס האָט זיך באַהאַלטן דער פאַרמעגלעכער קלאַס. דער קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט איז ניט קיין פּאָשעטער קאַמף מיט דער בורזשואַזיע פאַר דער מעלוכע-מאַכט, אַלס אָביעקט, נאָר איז אַ קאַמף קעגן דער מעלוכע-מאַכט. די פּראָבלעם פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע לויטעט בקיצער: אַף אַזויפיל פאַרשטאַרקן די מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט, אַז זי זאָל זיין העכער פון דער מעלוכע-מאַכט; און דער מעהוס פון אָט דער רעוואָלוציע איז די פאַרניכטונג און דעזאָרגאַניזירונג פון די געצייג פון דער מעלוכע-מאַכט דורכן געצייג פון דער מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט.

## 2. די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאכט

די אילוזיע פון פּאַרלאַמענטישן דעראָבערן די מאַכט באַזירט זיך אַף יענעם גרונט-געדאַנק, אַז דער פּאַרלאַמענט, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן דורכן פאָלק, איז דער וויכטיקסטער אָרגאַן פון דער געזעצגעבונג. באַ דער הערשאַפט פון פּאַרלאַמענטאַריזם און דעמאָקראַטיע, ווען דער פּאַרלאַמענט הערשט איבער דער גאַנצער מעלוכישער מאַכט, און די מערהייט פונם פאָלק איבערן פּאַרלאַמענט, וואָלט דער פּאָליטיש-פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף, ד. ה. די ביסלעכווייזע דעראָבערונג פון דער מערהייט פונם פאָלק מיט דער הילף פון פּאַרלאַמענטאַרישער פּראַקטיק, אויפקלערונג און וואַל-קאַמף געווען דער גלייכער וועג צום דעראָבערן די מעלוכע-מאַכט. אָבער דידאָזיקע פאָרבאַדינגונגען זיינען ניטאָ, זיי זיינען אין ערגעץ ניטאָ און אַמווייניקסטן זיינען זיי פאַראַן אין דייטשלאַנד. זיי דאַרפן נאָך ערשט איינגעשטעלט ווערן מיט דער הילף פונם קאָנסטיטוציאָנעלן קאַמף, דורכן דעראָבערן קוידעמקאָל דאָס דעמאָקראַטיש וואַל-רעכט. פון דער פאָרמעלער זייט באַשטייט די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט פון צוויי טיילן: ערשטנס, פון איינ-שטעלן די קאָנסטיטוציאָנעלע פּרינציפּן, וואָס זיינען פאַר דעם נויטיק, פון דעראָבערן פּאָליטישע רעכט פאַר דער מאַסע און, צווייטנס, פונם אויסנוצן די-דאָזיקע רעכט אַף אַ געהעריקן אופן, פון דעראָבערן די מערהייט פונם פאָלק פאַרן סאָציאַליזם. דאָרט, וואו עס הערשט שוין די דעמאָקראַטיע, איז דער צווייטער טייל דער סאַמע וויכטיקסטער; אָבער דאָרט, וואו, פאַרקערט, די ברייטע מאַסן האָט מען שוין דעראָבערט, נאָר עס זיינען קיין רעכט ניטאָ, ווי דאָ אין דייטש-לאַנד, ליגט דער שווער-פּונקט פונם קאַמף פאַר דער מאַכט ניט אינם קאַמף מיט דער הילף פון די פאַראַנענע רעכט, נאָר אינם קאַמף פאַר די פּאָלי-טישע רעכט.

דידאָזיקע באַדינגונגען זיינען דאָ ניט קיין צופעליקע. דאָס פעלן פון קאָנסטיטוציאָנעלע יעסוידעס פאַר דער פאָלקס-הערשאַפט אין אַ לאַנד מיט אַ הויך-אַנטוויקלטער אַרבעטער-באַוועגונג איז די נויטיקע פאָרם פון דער הער-שאַפט פונם קאַפּיטאַל. דאָס הייסט, אַז די פּאָליטישע מאַכט געפינט זיך אין די הענט פונם פאַרמעגלעכן קלאַס. קאָל-מאַן דידאָזיקע מאַכט איז ניט צעקלאַפּט, קאָן אונז די בורזשואַזיע אַפילע ניט געבן קיין פאָרמעלע מיטלען אַף צו באַזיי-טיקן זי אַף אַ פרידלעכן אופן. זי מוז צעקלאַפּט ווערן, איר מאַכט מוז צעבראָכן ווערן. די קאָנסטיטוציע דריקט אויס די פאַרהעלטענישן פון די קלאַסן-קויכעס. אָבער דידאַזיקע קראַפט דאַרף זיך אויסדריקן אין קאַמף. די ענדערונג און פאַנאַנדערגרענעצונג פון די קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון די קלאַסן איז מעגלעך נאָר ביטנאַי, אַז די מאַכט-געצייג פון די קעמפנדיקע קלאַסן שטויסן זיך צונויף איינס מיטן אַנדערן אין קאַמף. דאָס וואָס פון דער פאָרמעלער זייט איז עס דער קאַמף פאַר די וויכטיקסטע פּאָליטישע רעכט, איז

אין עצעם אין דער ווירקלעכקייט די אָנשטרענגונג פונם גאנצן קויעך פוןביידע קלאַסן, דער קאַמף פון זייערע שטאַרקסטע מאַכט-געצייג, וואס שטרעבן אָפּצושוואכן איינס דאס אַנדערע און סאָפּקאָלסאָף צו פארניכטן. דערדאָזיקער קאַמף קאָן פירן אַמאָל צו ניצכוינעס, אַמאָל צו מאַפּאָלעס, אַמאָל צו האַנאָכעס, אַמאָל צו פעריאָדן פון רעאַקציע. ער קאָן האָבן בלויז איין סאָף. ווען איינער פון די קעמפנדיקע קעגנער וועט באַזיגט ווערן, דעמאָלט וועלן זיינע מאַכט-מיטלען פאַרניכטעט ווערן און די פּאָליטישע מאכט וועט אַריבערגיין אין די הענט פונם זיגער.

ביז איצט האָט נאָך קיינער פון ביידע קלאסן נאָך ניט געקאָנט ארויסשטעלן אין קאַמף זיינע שטארקסטע מאכט-געצייג. דער הערשנדיקער קלאַס האט, צו זיין גרעסטן פארדרוס, ניט געקאָנט אויסנוצן אינם פארלאמענטישן קאַמף זיין שטארקסטע געווער, זיין מיליטערישע קראַפט, און ער איז געווען געצוואונגען רואיק צו קוקן, ווי דער פארלאמענט פלעגט פארגרעסערן זיין מאַכט, און האט ניט געהאט קיין מעגלעכקייט צו שטערן אים. דערין איז די היסטאָרישע באדייטונג פונם פארלאמענטישן קאמף-אויפן אין דער צייט, ווען דער פראָלעטאַריאַט איז נאָך שוואַך און הויבט ערשט אָן זיך אויפצוהויבן. אָבער אויך דער פראָלעטאריאט האט נאָך ניט באַנוצט זיינע שטארקסטע מאַכט-געצייג. דערביי האבן זיך אויפגעדעקט בלויז זיינע אָנשויאונגען און זיין קאַמוס; אָבער דערביי האבן ניט געווירקט ניט זיין באדייטונג אינם פראָצעס פון דער פראָדוקציע, ניט זיין קאָלאָסאַלער אַרגאַניזיר-אַפּאראט, וועלכער פלעגט זיך אַרויסווייזן בלויז אינם פראָפעסיאָנעלן קאַמף און ניט אינם פּאָליטישן קאַמף קעגן דער מעלוכע. ביז איצט האט דער קאמף פאָרגעשטעלט מיט זיך בלויז צוזאמענשטויסן אַף די אַוואַנפּאָסטן, די הויפּט-קרעפטן אָבער אין ביידע זייטן זיינען פארבליבן אין רעזערוו. אין די קינפטיקע שלאכטן פאַר דער מאַכט וועלן ביידע קלאסן דארפן באנוצן זייער שטארקסטע געווער, זייערע שטארקסטע מאַכט-געצייג: *קיין שום אנטשיידענע ענדערונג פון די קרעפטן-פארהעלטענישן איז ניט מעגלעך אָן זייער צוזאמענשטויס*. דער הערשנדיקער קלאס וועט זיך סטאַרען צו דערשטיקן מיט בלוט די אַרבעטער-באַוועגונג. דער פראָלעטאריאַט וועט זיך ווענדן צום באנוץ פון מאַסן-טעטיקייט, אָנהויבנדיק פון דער איינפאכסטער פאָרם פון פארזאמלונגען ביז גאַסן-דעמאָנסטראַציעס און ביזן שטארקסטן מאַסן-שטרייק.

די רעגירונג וועט זיך פרואוון אַמאָל צו אונטערדריקן דידאזיקע באַוועגונג מיט גוואַלד און דעמאָלט וועט איר דערפאָלג זיין אָפּהענגיק פון דער אנטשלאָסנקייט פונם פראָלעטאריאַט, און אַמאָל וועט זי זיך באמיען איינשלעפערן די מאַסן מיט האַנאָכעס און האַפטאָכעס — דעמאָלט וועט דער קאַמף פון די מאַסן טיילווייז און אינגאנצן פירן צום ניצאָכן. דערמיט, פארשטייט זיך, ענדיקט זיך נאָך ניט דער איניען. אויב עס איז דעראָבערט געוואָרן אַ וויכטיק רעכט, קאָן אָנקומען אַ פעריאָד פון בארואיקונג, ווען דאסדאזיקע רעכט

קאָן אויסגענוצט ווערן ביז די גרענעצן פון זיין פּראָדוקטיווקייט. אָבער שפּע-טער דאַרף זיך ווידער פאַנאַנדערפלאַקערן דער קאַמף; די רעגירונג קאָן ניט געבן רואיק די פּאָליטישע רעכט, וועלכע עס גיט די מאַסן די אנטשיידנ-דיקע קראַפט, אָדער זי וועט זיך פּרואוון שפּעטער אָפּנעמען זיי, ווייל אין קעגנפאַל, וועלן די מאַסן ניט אויפהערן זייער קאַמף, קאָלזמאַן זיי וועלן ניט האַלטן אין זייערע הענט די שליסלען צו דער מעלוכע-מאַכט. אַזוי אַרום וועט זיך ווידעראַמאָל אָנהייבן אַ קאַמף, עס וועלן אַרויסטרעטן די אָרגאַניזירטע קרעפטן איינע קעגן דער אַנדערער, ווידעראַמאָל וועט די מעלוכישע מאַכט אַרונטערפאַלן אונטער דעם דעמאָראַליזירנדיקן, דעזאָרגאַניזירנדיקן איינפלוס פון די מאַסן-אַקציעס. דער קאַמף וועט אויפהערן ערשט דעמאָלט, ווען די מעלוכע-מאַכט וועט סאָפּקאָלסאָף אינגאַנצן צעשמעטערט ווערן. די *מערהייט-אָרגאַניזאַציע וועט דעמאָלט אַרויסווייזן איר איבערהאַנט אין דעם זין, וואָס זי האָט פאַרניכטעט די אָר-גאַניזאַציע פון דער הערשנדיקער מינדערהייט.*

די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז אַ פּראָצעס פון בעהאַדראָגיקער נאָכ-אַנאַנדיקער צעפאַלונג פון אַלע מאַכט-געצייג פונם הערשנדיקן קלאַס, דעריקער פון דער מעלוכע, אַ פּראָצעס פון קעסיידערדיקער אויסבויאונג פון דער מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט ביז דער פולער האַשלאָמע. ביזן אָנהויב פון אָט דעם פּעריאָד דאַרף שוין דער פּראָלעטאַריאַט דערגרייכן אַ גענוג הויכע שטופע פון קלאַסנבאַוואוסטזיין, גייסטיקער קראַפט און פעסטער אָרגאַניזאַציע, קעדיי צו זיין פעאיק צום ווייטערדיקן שווערן קאַמף; דאָס אַלץ אָבער איז נאָך ווייט ניט פולקאָם. דער דערעכערעך פאַר דער מעלוכע און פאַרן הערשנדיקן קלאַס באַ די מאַסן, וואָס באַציען זיך צו זיי פייַנטלעך, איז שוין פאַרשוואונדן, אָבער די מאַטעריעלע קראַפט זייערע איז נאָך ניט פאַרניכטעט געוואָרן. צום סאָף פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָצעס בלייבט שוין גאָרניט פון דערדאַזיקער מאַכט; אַלע אַרבעטנדיקע זיינען ביזן העכסטן גראַד אָרגאַניזירט, ווי אַ מאַסע, וועלכע באַשליסט מיטן פולן באַוואוסטזיין איר אייגענעם שיקזאַל, וועלכע איז פעאיק צו מאַכט און קאָן דרייסט נעמען אין אירע הענט די אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע.

## ג. קאַוטסקי, „די דעראָבערונג פון דער מעלוכע-מאַכט"

(פונם אַרטיקל: „נייע טאַקטיק", „נייע צייט" נומ. 46)

„בעהעסקעם מיט אונזער גאַנצער פּאָליטיק ביז איצט האַלט פּאַנעקוק אויך אַלס דעם העכסטן ציל פון דער פּראָלעטאַרישער טעטיקייט די *דעראָ-בערונג פון דער מעלוכע-מאַכט*.

אָבער אויך דאָ מאַכט ער עטלעכע אויסריידן, ער באַהויפּטעט:

„דער קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט איז ניט פּאָשעט אַ קאַמף פאַר דער מעלוכע-מאַכט, אַלס אָביעקט, נאָר אַ קאַמף *קעגן* דער מעלוכע-מאַכט".

דאס קאָן זיך פון אָנהויב אויסדרוקטן אַלס פּאַשעטע טאַלמודישע קאַזו-איסטיק, אָבער ווייטער זאָגט ער:

„דער מעהוס פון דער רעוואלוציע איז די פארניכטונג און דעזאָרגאני-זירונג פון די מאכט-געצייג פון דער מעלוכע דורך די מאכט-געצייג פונם פּראָלעטאריאַט„

און ווייטער:

„דער קאמף וועט אויפהערן ערשט דעמאָלט, ווען סאָציאַלסאָף וועט די מעלוכע - אָרגאניזאציע איינגאנצן צעשמעטערט ווערן, די אָרגאניזאציע פון דער מערהייט וועט דעמאָלט ארויסווייזן איר אויבערהאנט אין דעם פּראַט, וואס זי האט פארניכטעט די אָרגאניזאציע פון דער הערשנ-דיקער מינדערהייט".

ביז איצט איז דער אונטערשייד צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראטן און אַנארכיסטן באשטאנען אין דעם, וואס איינע האבן געוואָלט דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, און די אנדערע האבן זי געוואָלט פארניכטן. פּאנעקוק וויל אי דאס אי יענס. דאסזעלבע באמערקן מיר אויך דאָ, אָן ווייטערדיקע דערקלע-רונגען. אַף וויפל ער איז אויספירלעך, ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם באווייז פון זיין נייער טאַקטיק, אַף אזוי פיל איז ער — דער נייער הערבאָקליט — קורץ און טונקל דאָרט, וואו מע דארף איבערגעבן דעם מעהוס און דעם ציל פון דער נייער טאַקטיק.

אַזוי צווינגט ער אונז צו ברעכן דעם קאָפּ איבער דעם, וואס אייגנטלעך האָט ער געהאט אין זינען. דאס איז שווער שוין דערפאר, ווייל ער ווייזט ערגעץ ניט אָן אויספירלעך, וואס אייגנטלעך פארשטייט ער אונטער מעלו-כע-מאכט.

אין איין אָרט זאָגט ער:

„די אָרגאניזאציע פונם הערשנדיקן קלאס איז די מעלוכישע מאכט. זי טרעט ארויס ווי א פאריייניקונג פון טשינאָווניקעס, וועלכע זיינען צעשפּרייט צווישן די פאלקס-מאסן אין דער פאָרם פון מאכט-אָרגאנען און ווערן אַף אַ געוויסן אויפן אָנגעפירט דורך דער צענטראלער רעגירונג. די איינהייט פונםווילן, וואס קומט פונם צענטר, בילדעט די אינערלעכע קראַפט און דעם מעהוס פון דעראזיקער אָרגאניזאציע".

וואס וויל צעשטערן פּאנעקוק אין דער כאראקטעריזירטער אַף אַזא אויפן אָרגאניזאציע? דעם צענטראליזם? איז דאָך אבער אויך די פעדעראטיווע רעפּובליק אַ מעלוכע און האט די מעלוכע-מאכט. אָדער מיר דארפן שטרעבן צו פאנאנדערלייגן די מעלוכע אַף זעלבשטענדיקע קאָמונעס?

אָדער עפּשער וויל ער באזייטיקן די מעלוכישע פונקציעס פון די באאמטע? אָבער אין דער פּארטיי און אין דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג באגייען מיר זיך ניט אָן אנגעשטעלטע, נאָך מער איז דאס אוממעגלעך אין דער מעלוכע-פּארוואלטונג. און אונזער פּראָגראם פאָדערט דערוויל ניט צו באזייטיקן די

מעלוכע-באַאַמטע, זי פאָדערט בלוז, אַז די מאכט-אָרגאַנען זאָלן אויסגע-
ווײלט ווערן דורכן פאָלק. און דידאָזיקע פאָדערונג קאָן זיך באַציען בלויז צו
דער אויסוויילונג פון די העכערע אמט-פערזאָנען. מע קאָן דאָך ניט איינאָר-
דענען וואַלן אַף אויסצואוויילן אַ קאַנצעליאַריסט.

מיר דארפן בעלי-סאָפעק שטרעבן צו אויסנוצן דאס באאמטנטום אין
דער מעלוכע ניט אזוי, ווי איצט. אָבער עס איז א סאָפעק, צי מיר וועלן
פארקלענערן זייער צאָל אין באדייטונג, לעכאָלאַכאָכעס ניט אין די ראמען פון
היינטיקער געזעלשאפט. אין אונזער איצטיקער פאָרשונג האנדלט זיך ניט וועגן
דעם, וואס פארא כאראקטער עס וועט האבן דער פארוואלטונגס-אפאראט פון
דער „צוקונפטיקער מעלוכע", נאָר וועגן דעם, צי דעזאָרגאניזירט אונזער
פּאָליטישער קאמף די מעלוכע-מאכט נאך איידער מיר האבן זי
דעראָבערט.

וואָסער מיניסטעריום מיט זיינע באַאַמטע וואָלט געקאָנט באַזייטיקט
ווערן? דאָס בילדונגס-מיניסטעריום? פאַרשטייט זיך, אַז ניט. מיר פאָדערן נאָך
אַסאַך מער שולן און לערער, איידער די היינטיקע מעלוכע, און מיר ווילן
ניט פאַרוואַנדלען די שולן אין פריוואטע שולן. ענדערן ווילן מיר בלויז דאָס,
וואָס די שול איז אָפּהענגיק פון דער קירך און פון די היינטיקע הערשנ-
דיקע קלאסן — אָבער דאָס דאַרף זיין אַ רעזולטאט ניט פון דער צעשטערונג
פון דער מעלוכע-מאכט, נאָר פון דעם, וואָס די געצעבונג און די רעגירונג
וועלן אונטערגעוואָרפן ווערן דעם פּראָלעטאַריאַט.

אָדער עפשער דאָס יוסטיץ-מיניסטעריום? מיר דאַרפן שטרעבן צו מאַכן
א סאָף מיט דער איצטיקער קלאַסן-יוסטיץ, אָבער ניט צו מאַכן א סאָף מיט
דער יוסטיץ בכלל. די ציווילע פּראָצעסן וועלן ניט פארניכטעט ווערן, ווען
דער פּראָלעטאַריאַט וועט שטאַרקער ווערן, עס וועלן אָבער אויך ניט אויפ-
הערן די געוויינלעכע פאַרברעכנס אזוי לאנג, קאלזמאן עס עקזיסטירט דער
קאַפּיטאַליזם און עס זיינען קענטיק זיינע פאלגן.

עפשער דאָס פינאנץ-מיניסטעריום? ניין, מיר קאָנען ניט פאַרניכטן די
שטייערן. אדרעבע, וואָס שטאַרקער עס איז דער פּראָלעטאַריאַט, אלץ מער
פאָדערט ער סאָציאַלע רעפאָרמעס, אף וועלכע עס איז נויטיק געלט און מע-
מיילע שטייערן. אונזער ציל איז ניט אָפּצושאַפן די שטייערן, נאָר אנדערש
פאַנאַנדערטיילן זיי, צום ברייטסטן באַשטייערן די רייכע. און דאָס וועט ווערן
איינס פון די ווירקלעכסטע מיטלען אף צו עקספּראָפּריאירן די עקספּראָפּריאירער.
אף אזא אויפן קאָנען מיר זיך אויך ניט באַגיין אָן די באַאַמטע, וואָס זיינען
פאַרנומען אינעם שטייערן-אַפּאַראַט. און דאָס אינערן-מיניסטעריום, די פּאָליצײ?
אויך דאָ שטרעבן מיר ניט צו באַזייטיקן זיי, נאָר בלויז צו ענדערן זייערע
פונקציעס. אונז איז, פאַרשטייט זיך, ניט נויטיק קיין פּאָליטישע פּאָליצײ אָדער
אַ פּאָליצײ איבער די זיטן, אָבער דערפאַר דאַרפן מיר האָבן א סאַניטאַרע
פּאָליצײ, א וואוינונגס-פּאָליצײ, אַ פּאָליצײ אַף צו רוידעפן פאַר פאלסיפיצירן

פראָדוקטן, אף אכטונג צו געבן איבער די פאַבריקן, אף דורכצופירן די געזעצן וועגן אַרבעט-שוץ קעגן די רייכע, און ניט קעגן די אָרעמע.

בלייבט איבער דאָס קריגס-מיניסטעריום. אָבער צו פאָדערן מיר דען ניט קיין מיליציע? און ווי אזוי איז זי מעגלעך אָן באאמטע, וואָס וועלן זאָרגן וועגן באַוואָפענונג, אָן אַ גענעראַל-שטאַב, אָן אינסטרוקטאָרן פאַר די סאָלדאטן און אָפיצערן?

ניין, קיין איינס פון די היינטיקע מיניסטעריומס וועט ניט אָפגעשאַפט ווערן דורך אונזער פּאָליטישן קאמף קעגן דער רעגירונג. אויב עס זיינען פאַראַן באַזונדערע רעגירונגס-פונקציעס, וועלכע מיר וועלן פאַרניכטן, וועלן מיר אָבער דערפאַר צוגעבן ניט ווייניקער נייע צו די שוין עקזיסטירנדיקע פונקציעס. איך כאַזער איבער, קעריי אויסצומיידן מיספאַרשטייעניש: דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן פאָרמירן די מעלוכע דורך דער צוקונפטיקער זיגרייכער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, נאָר וועגן דעם כאַראַקטער פון דער היינטיקער מעלוכע בא דער אָפּאָזיציע פון אונזער זייט.

פאַנעקוק גייט אַרויס פון דעם, אז אין די קינפטיקע שלאַכטן וועט די מעלוכע-מאַכט קוידעמקאָל צעשטערן די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. דעמאָלט וועט דער פאַרביטערטער פּראָלעטאריאט מיט זיינע מאַסן-אַקציעס פאַרניכטן די מעלוכע-אָרגאַניזאַציע, און אף אזא אויפן, מיט דער הילף פון דער צעשטערונג פון יעדער אָרגאַניזאַציע וועט אויסגעבויט ווערן די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע!

פאנעקוק פאַרגעסט, אז אויך אין דער צוקונפט וועלן די מאַסן-שטרייקן זיין בלויז עפּיזאָדן פונם פּראָלעטארישן קלאַכנקאמף און וועלן אים קיינמאָל ניט קאָנען אינגאנצן פאַרפילן. דער מאַסן-שטרייק קאָן, עמעס, זיין ערפאָלג-רייך בלויז, ווען ער פאַראַליזירט דעם קויעך פון דער מעלוכע-מאכט, אָבער דאָס קאָן זיין בלויז א צייטווייליקע דערשיינונג, פונקט אזוי ווי דער מאַסן-שטרייק גופע. ער קאָן זיך ניט שטעלן פאַר קיין ציל צו צעשטערן די מעלוכע-מאַכט, ער שטרעבט בלויז צו צווינגען די רעגירונג צו מאכן האַנאָכעס אין אַ געוויסער פראַגע אָדער צו פאַרבייטן די רעגירונג, וואָס איז פיינטלעך דעם פּראָלעטאַריאַט, מיט אַ רעגירונג, וואָס קומט אים אנטקעגן...

---

דער פּראָלעטאַריאַט האָט דעם פולן גרונט צו שטרעבן צו מאכן די געזעצגעבערישע אָרגאַנען פאַר די באַלעבאַטים סאַי פון דער רעגירונג אין סאַי פון די געריכטן, אָבער צוזאמען מיט דעם אויך צו פאַרגרינגערן פאַר זיינע פאָרשטייער דעם צוטריט צו די געזעצגעבערישע אָרגאנען און באזייטיקן יענע געזעצגעבערישע אָרגאַנען, פון וועלכע ער איז אויסגעשלאָסן (די אויבערשטע פּאַלאַטעס, סענאַטן).

אין דעם, און ניט אין דער צעשטערונג פון דער מעלוכע-מאַכט באשטייט

די פּאָליטישע אויפגאַבע פונם פּראָלעטאַריאַט. באַם לייזן זי קאָן ער אַמאָל באַגעגענען מעניעס, וועלכע קאָנען באַזיגט ווערן בלויז דורך מאַסן-אַקציעס. דערביי קאָן אַמאָל באַזייטיקט ווערן די רעגירונג, וואָס איז פּיינטלעך דעם פּראָלעטאַריאַט. אָבער דאָס קאָן קיינמאָל ניט פירן צו דער צעשטערונג פון דער מעלוכע-מאַכט, דאָס קאָן בלויז ברענגען צו דער ענדערונג פון די קויכעס-פאַרהעלטענישן אינעווייניק אין דער מעלוכע-מאַכט...

---

פון וואַנען שטאַמט די אַזויגערופענע דעגענערירונג פונם פּאַרלאַמענטאַריזם? אויב די פּאַרלאַמענטן באַרעכטיקן זיך אַלץ ווייניקער אַלס געזעצגעבערישע אָרגאַנען, נעמט זיך עס ניט דערפון, וואָס זייער מעכאַניזם הויבט אָן אַלץ ווייניקער צו טויגן אַף אויסצופילן גרויסע געזעצגעבערישע פּלענער, נאָר פון דעם, וואָס די בורזשואַזע פּאַרטייען, וועלכע בילדן אינם איצטיקן מאָמענט זייער מערהייט, האָבן פאַרלאָרן דעם אינטערעס צו אַזאַ אַרבעט. זייער רעוואָלוציאָנערע צייט איז שוין לאַנג פאַרביי, זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ מעלוכע לויט זייערע באַדערפענישן. די בורזשואַזע מערהייט פּאַלט זיך פאַנאַנדער אין פאַרשיידענע גרופּן מיט פאַרשיידענע קעגנזעצלעכע אינטערעסן, וואָס זיינען איינע די אַנדערע פּיינטלעך.

אָבער קיין איינע פון זיי האָט ניט קיין גרויסע, נייע, ברייטע פּאָליטישע אויפגאַבן. די קעגנזעצלעכקייט פון זייערע אינטערעסן קאָן נאָך באַקומען אַ באַדייטונג דאָרט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן שטערן אַ גרויסער נייערונג, וועלכע קאָן זיין נוציק איינער פון די הערשנדיקע קליקעס. אָבער אין ערגעץ זיינען שוין ניט די סטירעס אינעווייניק אין די הערשנדיקע קלאַסן קיין גרויסע באַוועגנדיקע קראַפט פון ענערגישער באַוועגונג לעטויוועס גרויסע נייערונגען. אַזאַ באַוועגנדיקע קראַפט איז אינם איצטיקן מאָמענט, סיי אין די פּאַרלאַמענטן, און סיי אין דער געזעלשאַפט, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט. דידאָזיקע לאַגע שפּיגלט זיך אָפּ אין די פּאַרלאַמענטן, ווייל דער פּאַרלאַמענטאַריזם איז בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער שטענדיקער פאַרהעלטעניש פון די אינטערעסן און קרעפטן פון דער הייַנטיקער געזעלשאַפט. ניט ער באַרעכטיקט זיך ניט אַלס מעכאַניזם, נאָר די בורזשואַזע מערהייט שטעלט אַלץ מער מעניעס זיין פונקציאָנירונג. מע דאַרף בלויז ענדערן די מערהייט און דער מעכאַניזם וועט ווידער קומען אין באַוועגונג.

## ד. לענין וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אין 1906 יאָר

„...אין וואָס איז באַשטאַנען דער הויפּט-אונטערשייד צווישן דעם פּעריאָד פונם „רעוואָלוציאָנערן שטורם" און דעם איצטיקן קאַדעטישן פּעריאָד פונם שטאַנדפּונקט פון די פאַרשיידענע מעטאָדן פון פּאָליטישער טעטיקייט? פונם

שטאַנדפּונקט פון פאַרשיידענע מעטאָדן פון היסטאָרישער פאָלקס-שאַפונג? קוידעמקאָל און הויפּטזאַכלעך אין דעם, וואָס אינם „שטורם"-פּעריאָד זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן אייניקע ספּעציעלע מעטאָדן פון אָט דער שאַפונג, וועלכע זיינען פרעמד אַנדערע פּעריאָדן פונם פּאָליטישן לעבן. אָט זיינען די וועזנטלעכסטע פון אָט די מעטאָדן: 1) דאָס „פאַרכאַפּן" **דורכן פאָלק די פּאָליטישע פרייהייט**, — איר פאַרווירקלעכונג אָן שום רעכט און גרע-נעצן און אָן שום באַגרענעצונגען (פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, זאָל זיין אַפילע אין די אוניווערזיטעטן די פרייהייט פון פרעסע, פון פאַריינען, צוזאַמענפאָרן און א. וו.); 2) דאָס שאַפן נייע אָרגאַנען פון **רעוואָלוציאָנערער מאַכט**, — די ראַטן פון אַרבעטערשע, סאָלדאַטישע, אייזנבאַנערשע, פּויערשע דעפּוטאַטן, נייע דאָרפישע און שטאָטישע מאכטן. א. א. וו. א. א. וו. די דאָזיקע אָרגאַנען זיינען געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך דורך די **רעוואָלוציאָנערע** שיכטן פון דער באַפעלקערונג, זיי זיינען געשאפן געוואָרן אויסער יעדע געזעצן און נאָרמען, אַלס פּראָדוקט פון דער אָריגינעלער פאָלקס-שאַפונג, אַלס אויסדריק פון דער פאָלקס-זעלבסטעטיקייט, וועלכע האט זיך באַפרייט אָדער באַפרייט זיך פון די אַלטע פּאָליציייאישע פּענטעס. דאָס זיינען געווען ענדלעך, בעפּיירעש מאַכט-אָרגאַנען, ניט געקוקט צַף זייער עמבריאָנעלישקייט אַף זייער סטיכישקייט, ניט אויסגעפאָרמיטקייט, צעשוואומענקייט אינם באַשטאַנד און אין דער פונקציאָנירונג, זיי האָבן געהאנדלט ווי אַ מאכט, פאַרכאַפּנדיק, לעמאָשל, די דרוקערייען (פּעטערבורג), אַרעסטירנדיק די פּאָליציי, וואס האט געשטערט דעם רעוואָלוציאָנערן פאלק צו פאַרווירקלעכן זיינע רעכט (ביישפּילן זיינען אויך געווען אין פּעטערבורג, וואו דער אַנטשפּרעכנדיקער אָרגאַן פון דער נייער מאַכט איז געווען דער שוואַכסטער און די אַלטע — די סאַמע שטאַרקסטע). זיי האבן געהאנדלט ווי אַ מאַכט און האָבן זיך געווענדעט צום גאַנצן פאָלק מיט אַ צורוף ניט צו געבן קיין געלט דער אַלטער רעגירונג. זיי האָבן קאָנפיסקירט דאס געלט פון דער אַלטער רעגירונג (די אייזנבאַנערישע שטרייק-קאָמיטעטן אין דאָרעם) און האבן עס פאַרווענדט אַף די נויטן פון דער נייער פאָלקס-רעגירונג, — יאָ, דאס זיינען בעלי-סאָפעק געווען די עמבריאָנען פון אַ נייער פאָלקס-, אָדער אויב איר ווילט רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. לויט איר סאָציאַל-פּאָליטישן כאַראַקטער איז דאָס געווען, אין עמבריאָן, די דיקטאַטור פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פונם פאָלק, — איר וואונדערט זיך ה' בלאַנק און ה' קיזעוועטער? איר זעט דאָ ניט קיין „פאַרשטאַרקטע שמירע", וועלכע האָט פאַרן בורזשואַ דיזעלבע באַדייטונג וואס דיקטאַטור? מיר האבן אייך שוין געזאָגט, אַז איר האט ניט קיין שום האַסאָגע וועגן דעם וויסנשאַפטלעכן באַגריף: „דיקטאַטור". מיר וועלן אים אייך באַלד דערקלערן, אָבער פריער וועלן מיר אָנווייזן דעם דריטן „אַקציאָנס-מעטאָד" פון דער עפּאָכע פונם „רעוואָלוציאָנערן שטורם": **דאס באַנוצן דורכן פאָלק גוואַלדטאָט בענוגייע צו די גוואַלדטוער איבערן פאָלק**.

די מאַכט-אָרגאַנען, וואָס מיר האבן באַשריבן, זיינען געווען, עמבריאָנעל, אַ דיקטאַטור, ווייל אָט די מאַכט האָט ניט אנערקענט קיין שום אַנדער מאַכט, און קיין שום געזעץ, קיין שום נאָרמע פון וועמען זי זאָל ניט שטאַמען. די אומבאַגרענעצטע, איבערגעזעצלעכע מאַכט, וואס שטיצט זיך אַף קראַפט, אינם סאַמען פאַשעטן זין פונם וואָרט — אָט דאס איז דיקטאַטור. אָבער די קראַפט, אַף וועלכער אָט די נייע מאַכט האט זיך געשטיצט און האט געשטרעבט זיך צו שטיצן, איז געווען ניט דער קויעך פונם באַגנעט, וואס איז פארכאפט געוואָרן דורך אַ הייפל מיליטער-לייט, ניט דער קויעך פונם „צירקל", ניט דער קויעך פונם געלט, ניט דער קויעך פון וואָסער ניט איז פריערדיקע, איינגעשטעלטע אַנשטאלטן, אַבסאָלוט ניט. קיין געווער, קיין געלט, קיין אַלטע אַנשטאלטן זיינען באַ די נייע מאכט-אָרגאנען זיינען ניט געווען. זייער קויעך — קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, ה' בלאַנק און ה' קיזעוועטער? — האט קיין שום געמיינזאמעס ניט געהאט מיט די אַלטע קראַפט-געצייג, קיין שום געמיינזאמעס מיט „פארשטארקטן שוץ", אויב מע זאָל ניט רעכענען דעם פארשטארקטן שוץ פונם פאָלק קעגן זיין אונטערדריקונג פון די פּאָליצייאישע און אנדערע אָרגאַנען פון דער אַלטער מאַכט.

אַף וואס זשע האט זיך געשטיצט אָט דער קויעך? ער האט זיך געשטיצט אַף דער פאָלקס-מאסע. אָט דאס איז דער גרונט אונטערשייד צווישן דערדאזיקער נייער מאַכט און די אַלע פריערדיקע אָרגאנען פון דער אַלטער מאַכט. יענע זיינען געווען מאַכט-אָרגאנען פון דער מינדערהייט איבערן פאָלק איבער דער ארבעטער און פויערים מאַסע. און די, זיינען געווען מאַכט-אָרגאנען פון די ארבעטער און פויערים איבער דער מינדערהייט, איבער אַ הייפל פּאָליצייאישע גוואלדטוער, איבער אַ הייפל פריווילעגירטע אַדל-לייט און באַאַמטע. אָט דאָס איז דער אונטערשייד פון דער דיקטאַטור איבערן פאָלק פון דער דיקטאטור פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק. פארגעדענקט דאס גוט, ה' בלאנק און ה' קיזעוועטער! די אַלטע מאַכט, אַלס די דיקטאטור פון דער מינדערהייט, האט זיך געקאָנט האלטן אויסשליסלעך מיט דער הילף פון פּאָליצייאישע שפיצלעך. אויסשליסלעך מיט דער הילף פון דערווייטערן און באַזייטיקן די פאָלקס-מאסע פונם באטייליקן זיך אין דער מאַכט, פון אַכטונג געבן איבער דער מאַכט. די אַלטע מאַכט האט סיסטעמאטיש ניט געטרויט דער מאַסע, האט מוירע געהאט פאר לופט און האט זיך געהאלטן אַף שווינדל. די נייע מאכט, אַלס דיקטאטור פון דער קאָלאָסאלער מערהייט, האט זיך געקאנט האלטן און האט זיך געהאלטן אויסשליסלעך מיט דער הילף פונם צוטרוי מיצאַד דער קאָלאָסאַלער מאַסע, אויסשליסלעך דורך דעם, וואס זי האט צוגעצויגן די גאנצע מאַסע אַפן פרייסטן, שטארקסטן און ברייטסטן אויפן צו באַטייליקן זיך אין דער מאַכט. קיין שום באַהאלטענעס, קיין שום געהיימעס, קיינע רעגלאמענטן, קיינע פאָרמאַליטעטן. דו ביסט אַן אַרבעטער-מאַן? דו ווילסט קעמפן פאַר באפרייען רוסלאַנד פון אַ הייפל גוואַלד-טוער — ביזטו אונזער כאַווער. ווייל אויס דיין

דעפוטאַט. גלייך, טייקעף ווייל אויס, ווי דו האלסט פאר באקוועם — מיר וועלן אים געבן און מיט פרייד צונעמען אַלס גלייכבארעכטיקטן מיטגליד פון אונזער ראַט פון אַרבעטער דעפוטאטן, פונם פויערים-קאָמיטעט, פונם ראַט פון סאָלדאטישע דעפוטאטן און אנד., א. ד. גל. דאס איז די מאַכט, וואס איז אָפן פאר אַלע, וואס טוט אַלץ אין די אויגן פון דער מאַסע, וואס איז צוגענגלעך דער מאַסע, וואס גייט ארויס דירעקט פון דער מאַסע און פ׳ן איר ווילן. אָט אַזא איז געווען די נייע מאכט, אָדער ריכטיקער, איר עמבריאָן, ווייל דער זיג פון דער אַלטער מאכט האט צעטראָטן זייער פרי די שפּראָצן פונם נייעם געוויקס.

איר וועט עפשער פרעגן, ה׳ בלאנק און ה׳ קיזעוועטער, צו וואס איז דאָ „דיקטאטור“, צו וואס איז „גוואלדטאט“? צי נויטיקט זיך דען די קאָ-לאָסאַלע מאסע אין גוואלדטאט קעגן אַ הייפל, צי קאָנען דען צענדליקער און הונדערטער מיליאָנען זיין דיקטאטאָרן איבער טויזנט, איבער אַ צען טויזנט?

דידאָזיקע פראַגע שטעלן געוויינלעך מענטשן, וואס האבן צום ערשטן מאָל דערזעען די אָנווענדונג פונם טערמין דיקטאטור אין אַ נייער באדייטונג פאר זיי. די מענטשן זיינען געוואוינט געווען צו זעען בלויז די פּאָליצייאישע מאכט און בלויז די פּאָליצייאישע דיקטאטור, זיי דוכט זיך אויס מאָדנע, אַז עס קאָן זיין אַ מאכט אָן שום פּאָליציי, אז אַז עס קאָן זיין א דיקטאטור ניט קיין פּאָליצייאישע. איר זאָגט, אז מיליאָנען דארפן ניט קיין גוואלדטאַט איבער טויזנטער? איר האט א טאָעס, און איר האט אַ טאָעס דערפאר, ווייל איר באטראכט די דערשיינונג ניט אין איר אנטוויקלונג. איר פארגעסט, אַז די נייע מאכט פאלט ניט אראָפּ פונם הימל, נאָר זי וואקסט אויס, אנטשטייט צוגלייך מיט דער אַלטער, קעגן דער אַלטער מאכט, אינם קאמף קעגן איר. אָן גוואלד-טאט בענויגייע די גוואלד-טוער, וואס האבן אין זייערע הענט די געצייג און מאכט-ארגאנען, קאָן מען ניט באפרייען דאס פאָלק פון די גוואלד-טוער.

---

דער וויסנשאַפטלעכער באַגריף פון דיקטאַטור באַטייט ניט קיין אַנדער זאַך, אַכוץ די מאַכט, וואָס איז מיט גאָרניט באַגרענעצט, מיט קיין שום געזעצן, מיט קיין שום אַבסאָלוטע קלאָלים ניט געשטערט, וואס שטיצט זיך דירעקט אפן געוואַלדטאַט. קיין שום אנדערע זאך, אכוץ אָט דאָס, באַטייט דער באַגריף: „דיקטאַטור“, — פארגעדענקט דאָס גוט, ה״ה קאַדעטן. ווייטער, אינם ביישפּיל, וואָס מיר האָבן גענומען, זעען מיר בעפּיירעש די דיקטאַטור פונם פאָלק, ווייל דאָס פאָלק, די מאסע באפעלקערונג, וואס איז ניט אויס-געאָרמירט, וואס האָט זיך „צופעליק“ אויפגעזאַמלט אינם געגעבענעם אָרט, טרעט ארויס אליין און אומיטלבאַר אף דער סצענע, מישפּעט אליין און באַשטראָפט; ווענדעט אָן די מאַכט, שאַפט דאס נייע רעוואָלוציאָנערע רעכט. ענדלעך, דאס איז בעפּיירעש די דיקטאטור פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק. פארוואָס בלויז פונם רעוואָלוציאָנערן, און ניט פונם גאַנצן פאָלק? ווייל אינם

גאנצן פֿאָלק, וואָס ליידט קעסיידער און אפֿן סאַמע אַכזאָרישן אויפֿן פֿון די צוואָרהאָמס גוואורעס, זיינען פֿאַראַן מענטשן פֿיזיש דערשלאָגענע, איבער-געשראָקענע, מענטשן גייסטיק נידערגעשלאָגענע, לעמאָשל, דורך דער טעאָריע פֿון ניט קעגנשטעלן זיך געוואַלדטאַטן, קעגן שלעכטס, אָדער פּאַשעט דער-שלאָגענע ניט דורך דער טעאָריע, נאָר דורכן אבערגלויבן, מינעג, רוטינע, מענטשן גלייכגילטיקע, דאָס, וואָס ווערט אָנגערופֿן באַלעבעסלעך, קליינבירגער, וועלכע זיינען מער פֿעאיק אָפּצוטראָגן זיך פֿונם שאַרפֿן קאַמף, פֿאַרבייגן אָדער אפֿילע באַהאַלטן זיך (מע קאָן נאָך אין אָט דעם געשלעג כאַפּן א קלאַפּ). אָט פֿאַרוואָס עס פֿאַרווירקלעכט די דיקטאַטור ניט דאָס גאנצע פֿאָלק, נאָר בלויז דאָס רעוואָלוציאָנערע, וואָס האָט אָבער קלאָל ניט מוירע פֿאַרן גאנצן פֿאָלק, וואָס עפֿנט פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק די סיבעס פֿון זיינע האַנדלונגען אין אַלע דעטאַלן זייערע, וואָס ציט צו גערן, דאָס גאַנצע פֿאָלק צו באַטייליקן זיך ניט בלויז אין דער „פֿאַרוואַלטונג" מיט דער מעלוכע, נאָר אויך צו דער מאַכט און צום באַטייליקן זיך אין דער מעלוכע-אייַנאָרדענונג גופֿע...

די בערנשטייניאַנער האָבן אָנגענומען און נעמען אָן דעם מאַרקסיזם, אַ כ ו ץ זיין אומיטלבאַר-רעוואָלוציאָנערער זייט. דעם פּאַרלאַמענטישן קאַמף באַטראַכטן זיי ניט אַלס איינס פֿון די קאַמף-מיטלען, וואָס קומט צונוץ באַזונ-דערס אין באַשטימטע היסטאָרישע פּעריאָדן, נאָר אַלס די וויכטיקסטע און קימאַט אויסשליסלעכע קאַמפּס-פֿאָרם, וואָס מאַכט פֿאַר ניט נויטיק די „געוואַלד-טאַט", די „פֿאַרכאַפּונגען", די „דיקטאַטור". אָט די באַנאַלע, קליינבירגערלעכע פֿאַרקריפּלונג פֿונם מאַרקסיזם טראָגן טאַקע איצט אַריבער קיין רוסלאַנד די ה״ה בלאַנקס און די איבעריקע פּלעכאַנאָוו לויבער. זיי האָבן זיך אַזוי צוזאַ-מענגעלעבט מיט אָט דער פֿאַרקריפּלונג, אַז זיי האַלטן אפֿילע ניט פֿאַר נויטיק צו דערווייזן, אַז זיי האָבן פֿאַרגעסן די מאַרקסיסטישע פּרינציפּן און אידייען אינם פּעריאָד פֿונם רעוואָלוציאָנערן שטורעם.

פֿאַרוואָס האָט געדאַרפֿט אַנטשטיין אַזאַ מיינונג? ווייל עס אַנטשפּרעכט אַפֿן טיפּסטן אויפֿן דער קלאַסן-לאַגע און די אינטערעסן פֿון דעם קליינביר-גערטום. דער אידעאָלאָג פֿון דער „געריייניקטער" בורזשואַזער געזעלשאַפֿט דערלאָזט אַלע קאַמף-מעטאָדן פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אויסער גראָד יענע, וועלכע עס באַנוצט דאָס רעוואָלוציאָנערע פֿאָלק אין דער שטורעם-עפּאָכע, און וועלכע די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע באַווילקט און העלפֿט אָנצואווענדן. די אינטערעסן פֿון דער בורזשואַ-זיע פֿאָדערן דעם אנטייל פֿונם פּראָלעטאַריאַט אינם קאַמף מיט דער זעלבסט-הערשונג, אָבער בלויז אַזאַ באַטייליקונג, וואָס זאָל ניט איבערגיין אין דער אָנפֿירונג פֿונם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, בלויז אַזאַ אַנטייל, וואָס זאָל ניט אײַנגאַנצן באַזייטיקן די אַלטע זעלבסטהערשערישע, לייבאייגנטימערישע און פּאָליצייאישע מאַכט-אָרגאַנען. די בורזשואַזיע וויל אייַנהאַלטן אָט די אָרגאַ-נען און בלויז אונטערוואַרפֿן זיי זייער אומיטלבאַרן קאָנטראָל, — זיי זיינען

איר נויטיק קעגן דעם פראָלעטאריאט, ווען די פאַרניכטונג פון אָט די אָרגאַנען וואלט צופיל פאַרלייכטערט זיין פּראָלעטארישן קאמף. אָט פאַרוואָס די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע אלס א קלאל, פאָדערן, אַז די מאָנאַרכיע, אַז די אויבערשטע פּאַלאַטע, פאָדערן ניט צו דערלאָזן די דיקטאטור פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק. קעמף מיט דער זעלבסטהערשונג, זאָגט די בורזשואזיע דעם פּראָלעטאריאט, אָבער ריר ניט אָן די אַלטע מאַכט-אָרגאַנען, — זיי זיינען מיר נויטיק. קעמף, „פּאַרלאמענטאריש", ד. ה. אין יענע גרענעצן, וועלכע איך וועל דיר בּאַשטימען מיט דער מאָנאַרכיע פאַרשרייבן, קעמף מיט דער הילף פון אָרגאַניזאציעס, אָבער ניט אזוינע, ווי אלגעמיינע שטרייק-קאָמיטעטן, ראטן פון אַרבעטער און סאָלדאטישע דעפּוטאטן א. ד. גל., נאָר מיט דער הילף פון אזוינע, וועלכע דאס געזעץ, וואס איך גיב ארויס בעהעסקעם מיט דער מאָנאַרכיע, אנערקענט און באַגרענעצט, מאכט פאַר אַ שעדלעך בעוויגייע צום קאפּיטאל".

(לענין. „דער זיג פון די קאדעטן און די אויפגאבע פון דער ארבעטער-פּארטיי", באַנד VII, ז. I).

## 39. דער קראַך פונם צווייטן אינטערנאציאָנאל

..."דער קראַך פונם צווייטן אינטערנאציאָנאל האָט זיך צום בוילעטסטן אויסגעדריקט אינעם הימלשרייענדיקן פאַראַט מיצאַד דער מערהייט אפיציעלע ס. ד. פּאַרטייען אין איירָאָפּע קעגן זייערע איבערצייגונגען און פייערלעכע רעזאָלוציעס אין שטוטגאַרט און באַזעל. אָבער דערדאָ יקער קראַך, וואָס באַדייט דעם פולשטענדיקן זיג פון אָפּאָרטוניזם, די פאַרוואנדלונג פון די ס. ד. פּאַרטייען אין נאצאָנאַל-ליבעראַלע אַרבעטער-פּאַרטייען, איז בלויז א רעזולטאט פון דער גאנצער היסטאָרישער עפּאָכע פונם II אינטערנאַציאָנאַל אין סאָף 19-טן, אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט. די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון אָט דער עפּאָכע — דער איבערגאנגס-עפּאָכע פון דער ערע וואָרפונג פון די בורזשואזע און נאַציאָנאַלע רעוואָלוציעס אין מאַירעוו-איירָאָפּע ביזן אָנהויב פון די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציעס — האָבן געבוירן און געשפּייזט דעם אָפּאָרטוניזם. אין אייניקע לענדער פון איירָאָפּע זעען מיר פאַר אָט דער צייט א שפּאלטונג אין דער אַרבעטערשער און סאָציאליסטישער באַוועגונג, וואָס גייט — אין אלגעמיין און אינגאַנצן גענומען — נעמלעך לויט דער ליניע פונם אָפּאָרטוניזם (ענגלאנד, איטאַליע, האָלאַנד, בולגאַריע, רוסלאנד, שווייץ). דער קריזיס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער גרויסער מילכאָמע האָט ארָאָפּגעריסן די שלייערס, האָט אוועקגעשליידערט די קאָנווענציאָנעלקייטן, האָט געעפנט דעם געשוויר, וואָס איז שוין לאנג רייף געוואָרן און האָט געוויזן דעם אָפּאָרטוניזם אין זיין ווירקלעכער ראָלע, אלס דעם פאַרבינדעטן פון דער בורזשואזיע. עס איז געוואָרן נויטיק פולשטענדיק אָפּצוטיילן אָרגאַניזאציאָנעל דעמדאָזיקן עלעמענט פון די אַרבעטער-פּאַרטייען. די אימפּעריאליסטישע עפּאָכע שטימט ניט איין מיט דעם, וואָס אין איין פּאַרטיי זיינען פאַראַן די פאָרויסגייענדיקע עלעמענטן פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט און די האלב-בירגערלעכע ארי-

סטאָקראַטיע פונם אַרבעטער-קלאַס, וואָס נוצט זיך אויס מיט די ברעקלעך פון די פּריווילעגיעס פון דער „גרויסמעכטיקער” לאגע פון „זייערע” נאציעס. די אַלטע טעאָריע וועגן דעם אָפּאָרטוניזם, ווי וועגן אַ „געזעצלעכער שאטירונג” פון אַן איינהייטלעכער פּאַרטיי, וועמען עס זיינען פרעמד „עקסטרעמען”, האָט זיך איצט פאַרוואנדלט אין דעם גרעסטן באַשווינדלען די אַרבעטער און אין דער גרעסטער שטערונג פאַר דער ארבעטער-באוועגונג. עס איז ניט אזוי שרעקלעך און שעדלעך דער אָפענער אָפּאָרטוניזם, וואָס שטויסט פון זיך גלייך אָפּ די אַרבעטער-מאַסע, ווי אָט די טעאָריע פונם גאָלדענעם מיטן, וואָס באַרעכטיקן די אפּאָרטוניסטישע פּראַקטיק מיט מארקסיסטישע ווערטלעך, וואָס באַווייזט מיט אַ ריי סאָפיזמען די ניט צייטמעסיקייט פון רעוואָלוציאָנערע אַקציעס און א. וו. דער אָנגעזעעענסטער פאָרשטייער פון אָט דער טעאָריע און צוזאַמען מיט דעם דער אָנגעזעענסטער אווטאָריטעט פונם II אינטערנאציאָנאַל, קאַאוטסקי, האָט זיך ארויסגעוויזן אלס ערשט-קלאַסישער צוואוואק און ווירטואָז אינם געביט פונם פּראָסטיטואירן דעם מארקסיזם. אין דער מיליאָניקער דייטשישער פּאַרטיי זיינען ניט געבליבן קיין וויפל ניט איז ערלעכע, באוואוסטזיניקע און רעוואָלוציאָנערע ס. ד., וואָס זאָלן זיך ניט אָפּקערן מיט צאָרן פון אזא „אווטאָריטעט”, וועמען עס פאַרטיידיקן הייס די זיודעקומס און שיידעמאַנס

„די פּראָלעטאַרישע מאַסן, וואָס באַ א $^{9}/_{10}$, מיסטאָמע, פון דער אלטער אָנפירערשאַפט איז פון זיי אַוועקגעגאַנגען צו דער בורזשואזיע, האָבן זיך אַרויסגעוויזן צעבראָקלט און הילפלאָז קעגן דעם צעבושעוועטן שאָוויניזם, קעגן דעם דרוק פון די קריגס-צושטאנדן און פון דער מיליטערישער צענזור. אָבער די אָביעקטיווע רעוואָלוציאָנערע סיטואציע, וואָס איז באשאפן געוואָרן דורך דער מילכאָמע און וואָס האלט זיך אין איין פאַרברייטערן און פאַרטיפן, רופט אַרויס אומפאַרמיידלעך אַרויס רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און פאַרהארטעוועט און קלערט אויף אלע בעסטע און באוואוסטזיניקסטע פּראָלעטאַריער. אין דער שטימונג פון די מאַסן איז ניט בלויז מעגלעך, נאָר עס ווערט אַלץ מער און מער ווארשיינלעך א שנעלע ענדערונג, וועלכע איז ענלעך צו דער, וואָס אין רוסלאנד איז זי געווען פאַרבונדן אין אָנהייב פון 1905 מיט דער „גאַפּאָנאַדע”, ווען פון די אָנגעשטאַנענע פּראָלעטאַרישע שיכטן איז אין איינצעע כאַדאָשים, אויב ניט וואָכן, אויסגעוואקסן א מיליאָניקע אַרמיי, וואָס גייט נאָכן רעוואָלוציאָנערן אוואנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאט. מע קאָן ניט וויסן, צי עס וועט זיך אנטוויקלען די מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איינגיכן נאָך אט דער מילכאָמע, בעאייס דער מילכאָמע, א. ד. ג., אָבער אלנפאַלס איז בלויז די אַרבעט אין אָט דער ריכטונג פאַרדינט דעם נאָמען: סאָציאַליסטישע אַרבעט. דער לאָזונג, וואָס פאַראלגעמיינערט און פירט אָן מיט דער אַרבעט, וואָס העלפט פאַראייניקן און באהעפטן יענע, ווער עס וויל העלפן דעם רעוואָלוציאָנערן קאמף פונם פּראָלעטאַריאט קעגן זיין רעגירונג און זיין בורזשואזיע, איז דער לאָזונג פונם בירגער-קריג”. (לענין, דער קראַך פונם II אינטערנאציאָנאַל, אקט. 1915)

# אינהאַלט

זייט